יצחק פיעקאַרסקי

# דער ווערטלויף צום לעבן



ה. לייוויק־פאַרלאַג
ביים פאַראיין פון יידישע שרייבער און זשורנאַליסטן אין ישראל
תל־אביב — 1988 — תשמ״ח

# אַרײַנפֿיר

װעגן דער אַפּאָקאַליפּטישער תּקופֿה — סעפּטעמבער 1939 — מײַ 1945 — װאָס האָט גורם געװען דעם ייִדישן פֿאָלק דעם גרעסטן חורבן אין זײַן געשיכטע, זענען ביז איצט געשריבן געװאָרן הונדערטער ביכער: מאָנאָגראַפֿיעס, אינדיװידועלע זכרונות, און יזכּור־ביכער פֿון לאַנדמאַנשאַפֿטן פֿון חרובֿ־געװאָרענע קהילות, און אויך קאָלעקטיװע באַריכטן, שילדערונגען און גבֿית־עדות, װי "דאָס שװאַרצע בוך" און דאָס לעצטנס דערשינענע בוך "אַזױ איז עס געשען" פֿון דער פֿאַרבאַנד פֿון די בערגען־בעלזענער אין ישׂראל.

אײַנגעקלעמט אין געטאָס, צװישן אַ פֿײַנטלעכער נישט־ייִדישער באַפֿעלקערונג װאָס איר מערהייט האָט אַקטיװ און פּאַסיװ קאָלאַבאָרירט מיט די נאַציס קעגן די ייִדן; אײַנגעקלעמט אין אַרבעט־ און קאָנצענטראַציע־לאַגערן אויף אומצוברענגען די ייִדן; פֿאַרגעסענע פֿון דער פֿרײַער װעלט און פֿאַרגעסענע אויך פֿון די ייִדן אין די פֿרײַע לענדער, איז די מיליאָנען ייִדן אונטער דער נאַצישער אָקופּאַציע כּמעט נישט געבליבן קיין שאַנסן איבערצולעבן. אויב באַװאָפֿנטע אַרמייען פֿון סוװערענע מדינות זענען געפֿאַלן אונטער דעם נאַצישן כּח װי זאַנגען אונטער דער שאַרף פֿון אַ סערפּ — װי האָבן אומבאַװאָפֿנטע און באַלאַגערטע ייִדישע ישובֿים געקענט זיך קעגנשטעלן דער נאַצישער מאָרד־מאַשין?

אויב ייִדן זענען אויפֿגעשטאַנען קעגן די נאַציס אין טרעבלינקע, אין אױשװיץ, אין בירקענאַו, אין װילנע, אין ביאַליסטאָק, אין װאַרשע, אין בעלזשעץ און אין אַנדערע פּלעצער, האָבן זײ זייער העלדישן קאַמף געפֿירט אָן דער מינדסטער אילוזיע אַרויסצוקומען פֿון דעם קלעם. דער קאַמף און גראַנגל איבערצולעבן איז דעריבער געװען אַן אינדיװידועלער, פֿון קליינע גרופּן און יחידים איבערגעבליבענע פֿון פֿאַרצװײַגטע משפּחות, נאָך

דעם ווי די געטאָס זענען ליקווידירט געוואָרן און די ייִדישע מאַסן זענען אומגעבראַכט געוואָרן.

די מערהײַט פֿון די הונדערטער ביכער אויף דער טעמע פֿור־נעם חורבן באַשרײַבט דאָס געפּײַניקטע לעבן און דעם אומקום אין די געטאָס, אין די קאָנצענטראַציע־ און פֿאַרניכטונג־לאַגערן, בײַ עבודת פּרך; זיי באַשרײַבן די אכזריות פֿון די נאַציס און פֿון די קריסטלעכע (צו אונדזער חרפּה אויך ייִדישע) עלעמענטן וואָס האָבן קאָלאַבאָרירט מיט די נאַציס — אוקראַיִנער, פּאָליאַקן, לעטן, עסטאָנער און ייִדישע מיליציאַנטן. זייער ווייניק פֿון די הונדערטער ביכער דערציילן וועגן דעם לעבן פֿון ייִדן אויף דער אַזוי גערופֿענער אַרישער זײַט. דער אויסשפּאַן פֿון דער קליינער צאָל ביכער איז אַ באַגרענעצטער אין שטח; זיי דערציילן וועגן ייִדישע ציגעראַטען־ און בלומען־פֿאַרקויפֿער, וועגן דער טעטיקייט פֿון די ייִדישע שליחים פֿון דער ייִדישער אונטערגרונט־באַוועגונג אין די געטאָס אויף דער פּוילישער זײַט, וועגן ייִדישע פֿרויען מיט ״גוטע פּנימער״, וואָס האָבן זיך אײַנגעאָרדנט אויף דער פּוילישער זײַט אָן, חלילה, צו עקספּאָנירן זייער לעבן.

אָן שום גוזמה האָבן טויזנטער ייִדן מיט ״גוטע־ פּנימער״ געפּרוּווט זיך ראַטעווען אויף דער אַרישער זײַט און זיי האָבן געפֿירט אַן אַקטיוו־פֿאַרצווייפֿלטן געראַנגל איבערצולעבן. די ווײַט גרעסטע מערהײַט פֿון אַזעלכע ייִדן איז אומגעקומען, די לעבנגעבליבענע האָבן נישט געהאַט די מעגלעכקייט אַרויסצוברענגען זייער אינדיווידועלע מלחמה אין בוך־פֿאָרם.

איינער פֿון אָט די יחידים, וואָס האָט איבערגעלעבט און דערלעבט, איז דער מחבר פֿון דעם בוך וואָס ליגט פֿאַר אונדז — ״דער וועטלויף צום לעבן״ — יצחק פּיעקאַרסקי.

ערשט מיט פֿערציק יאָר שפּעטער ווי ער האָט איבערגעלעבט זײַן וועטלויף צום לעבן האָט ער זיך אָנגעגורט מיט כּוח און אַרויסגעבראַכט אין שריפֿט זײַן אינדיווידועלע מלחמה, אַ מלחמה וואָס איבערשטײַגט יעדע מענטשלעכע פֿאַנטאַזיע. במשך די פֿערציק אָפּגעלאָפֿענע יאָרן האָט פּיעקאַרסקי נישט אויפֿגעהערט צו

דערציילן פאַר יעדן וואָס איז גרייט געווען צו הערן זײַן אָדיסעע. זײַנע איבערלעבונגען האָבן אַרויסגעשפּאַרט פון אים, ווי אַ קוואַל וואָס זוכט אַן אַרויסגאַנג צו דער אויבערפלאַך פון דער ערד. אָן שום ספק האָט זײַן אָפּט איבערחזרן זײַנע איבערלעבונגען בעל־פּה — אויסער זײַן פענאָמענאַלן זכרון — גורם געווען ער זאָל געדענקען נעמען, דאַטעס און קוריאָזן (צוזאַמען מיט הומאָר, ווי עס איז דער שטייגער אין טראַגישע פאַלן).

יצחק פּיעקאַרסקי, אַ געבוירענער אין סאָקאָלאָוו פּאָדליאַסקי, איז אַ זון פון עקסטרעם־פרומע עלטערן און פון דורות תּלמידי חכמים. ביז 19 יאָר האָט ער געטראָגן אַ לאַנגע קאַפּאָטע און אַ קײַלעכדיק יידיש היטל. ווי די מערהייט סאָקאָלאָווער יידן האָט ער גערעדט אַ פעלערהאַפטן פּויליש, מחמת דאָס יידישע לעבן האָט זיך קולטורעל נישט צוזאַמענגעטראָפן מיט די פּאָליאַקן פון דעם שטעטל. אָבער יצחק פּיעקאַרסקי איז געקומען אויף דער וועלט מיט אַ פּנים, וואָס שפּעטער, אונטער דער אָקופּאַציע פון די נאַציס, איז עס געווען אַ סגולה און אַ ברכה — אַ פּנים פון אַ גוי. אויב ער האָט, דער שד ווייסט פון וועלכע עלטערזיידעס צי עלטערבאָבעס, געגנעטיש געירשנט זײַן סלאַוויש פּנים, האָט ער פון זײַנע אַנדערע זיידעס און באָבעס געירשנט שטאַרקע יידישע וויטאַליטעט, לעבנס־חכמה און די אויסערגעוויינטלעכע פלינקייט זיך אויסצוגעפינען אין דעספּעראַטיווע סיטואַציעס. ער איז אויך געבענטשט מיט דער אינטויציע, וואָס מיר רופן אָן "זעקסטער חוש".

אָט דאָס חסידישע בחורל, ווי נאָר עס האָט זיך אײַנגעבראָכן דער נאָרמאַלער יידישער שטייגער לעבן אונטער דער נאַצישער אָקופּאַציע, האָט ער זיך גלײַך איבערגעשטעלט אויף די רעלסן פון נײַ־געשאַפענעם מצבֿ און געוואָרן אַ שליח צבור.

דער יונגיטשקער יצחק פּיעקאַרסקי געפינט די מיטלען און דאָס לשון צו רעדן מיט פאַנאַטישע נאַציס, צי מיט ווילדע, פרימיטיווע אוקראַינער, און מיט דער הילף פון שוחד באַקומט ער פון זיי אַרויס — ווען אַפילו בלויז אויף אַ מינוט — אַ פונק פון מענטשלעכקייט.

עס איז קוים צו גלויבן, אַז דאָס אַלץ וואָס פּיעקאַרסקי דערציילט אינעם בוך, האָט איבערגעלעבט איין מענטש אין קאָשמאַרע פֿינף יאָר אין געטאָ, אין באַהעלטענישן, אין פֿריצישע הייף, און מיט זיך ראַטעוועט ער זײַן פֿרוי און שוועגערין. צו זײַן גויִיש פּנים ווערט ער אַ קריסט אויף פֿאַלשע פּאַפּירן — ווערט אַ דאָקטער לעוואַנדאָווסקי — און זײַן פֿרוי און שוועגערין ווערן גויִהס מיט אַנדערע נעמען. צום סוף, נאָך אומאויפֿהערלעכע סכּנות, ראַטעווען זיך די דרײַ קיין וואַרשע צו אַ קריסטלעכער פֿאַמיליע, ווו דאָס לעבן באַשטייט פֿון בלויז געפֿאַרן.

מיטן אויסברוך פֿון דעם פּוילישן אויפֿשטאַנד אין וואַרשע, ווערט יצחק אָפּגעזונדערט פֿון זײַן ווײַב און שוועגערין — זיי ווערן פֿאַרשיקט, און ער הייבט אָן צו לעבן אַ "נײַ" לעבן פֿון סכּנות נפֿשות און פֿון אַן אַוואַנטוריזם וואָס איבערשטײַגט יעדע פֿאַנטאַזיע. ער ווערט לסוף פֿאַרטראָגן אין דער פּראָווינץ צווישן שיכּורים און גלחים, צווישן נאַצישע אָפֿיצירן און סיטואַציעס וואָס זענען גוטע טעמעס פֿאַר הומאָרעסקעס...

יצחק פּיעקאַרסקי האָט אויסגעפּאָלגט די צוואה פֿון זײַן טאַטן צו דערלעבן און איבערלעבן די נאַציס. און נאָך דעם ווי די דײַטשן ווערן פֿאַרטריבן פֿון פּוילן און די סאָוויעטן פֿאַרנעמען זייער פּלאַץ — הייבט זיך אָן אַ נײַ קאַפּיטל, אין וועלכן עס איז נויטיק די זעלבע וויטאַליטעט און דערפֿינדערישקייט, כּדי צו לעבן, הגם אָן יענע קאָשמאַרע סכּנות.

דאָס בוך "דער וועטלויף צום לעבן" איז פֿון געוואַלדיקער וויכטיקייט. אומדירעקט גיט דאָס בוך אַן ענטפֿער די יידישע רשעים, וואָס האָבן אויסגעטראַכט דעם בלבול, אַז יידן זענען געגאַנגען צו דער שחיטה ווי שעפּסן. די יצחקס, די אברהמס און די דודס פֿון די שטעט און שטעטלעך אין מזרח־אייראָפּע האָבן געפֿירט אַ העלדישע מלחמה, וואָס געהער צו די דערהויבנסטע קאַפּיטלעך אין אונדזער גאַנצער געשיכטע.

**מ. צאַנין**

# דער וועטלויף צום לעבן

מײַן קינדער זענען מיר געווען בײַ אונדזערע עלטערן — פינף זין און פיר טעכטער. מיר זענען דערצויגן געוואָרן אין טיפער פרומקייט, מיט פּאַטריאַרכאַלער דיסציפּלין און מיט דעם באַוווּסטזײַן, אַז סײַ פון דעם טאַטנס צד און סײַ פון דער מאַמעס צד זענען מיר פון רבנישן יחוס, און דאָס איז מחייב צו זײַן אָרנטלעך, זײַן אָפּגעהיט אין דער מאָראַל און עטיק. מײַן פאָטער איז געווען אַ תּלמיד־חכם, וואָס יידן זענען געקומען צו אים פרעגן עצהס סײַ אין ענינים פון משפחה און סײַ אין ענינים פון פרנסה. אַן עצה פון ר׳ משה פּיעקאַרסקי איז געווען זייער וויכטיק.

דער פאָטער משה, האָט געשטאַמט פון אַ ברייט־פאַרצווײַגטער פאַמיליע אין שעדלעץ, און די מוטער, אסתּר גיטל, איז געווען אַ טאָכטער פון אַ ברייט־פאַרצווײַגטער משפּחה אין סאָקאָלאָוו. פון הונדערטער קרובים — פעטערס, מומעס, קוזינעס, שוועסטערקינדער און גליד־שוועסטערקינדער זענען מיר נאָך דעם חורבן, וואָס די נאַציס האָבן אויף אונדז געבראַכט, געבליבן איינציקע. אין יאָר 1935 האָב איך חתונה געהאַט מיט העניאַ יאַדאָווסקאַ, וואָס אויך זי איז געווען אַ טאָכטער פון רבינישן יחוס.

מיט אַ גוטן נאָמען, מיט יחוס און דערצו פאַרמעגלעך, האָב איך מיט שווונג אָנגעהויבן בויען מײַן צוקונפט אין דער מאַנופאַקטור־בראַנזשע, אין וועלכער איך בין שנעל געוואָרן אַ ספּעציאַליסט. איך

האָב זיך פֿאַרמאָסטן פֿיל העכער, ווי מײַן פֿאָטער, וואָס איז געווען אין דער זעלבער בראַנזשע, אָבער אין קלענערע פֿאַרנעם.

די מלחמה, וואָס האָט אויסגעבראָכן ערב האַרבסט 1939, האָט צונישט געמאַכט אַלע מײַנע פּלענער און אַלע חלומות. דאָס טראַגישע און גורלדיקע באַשטייט אין דעם וואָס די מלחמה האָט נישט בלויז צונישט געמאַכט חלומות; זי האָט געבראַכט אויף אונדז אַ חורבן, וואָס עס איז נישט אין אונדזערע כּוחות צו באַגרײַפֿן זײַן פֿאַרנעם.

אין גאַנג פֿון דעם חורבן, וואָס האָט אויף טריט און שריט געדראָעט מיט טויט, האָב איך אָנגעהויבן אַ ווענדפּונקט צום לעבן, וואָס קיין שום ילוד אשה האָט, שײַנט מיר, אַזאַ נישט דורכגעמאַכט.

* * *

מער פֿון פֿיר צענדליק יאָר זענען אַוועק זינט איך האָב אָנגעהויבן דעם ווענדפּונקט צום לעבן. איך האָב נישט דעם מינדסטן ספֿק, אַז דער ווענדפּונקט איז מיר סטימולירט געוואָרן דורך דעם פֿײַערלעכן אָנזאָג פֿון מײַן פֿאָטער זכרונו לבֿרכה, וואָס האָט מיר באַפֿוילן אַזוי:

"זון מײַנער, זײַ שטאַרק כּדי איבערצולעבן און דערלעבן היטלערס מפּלה. און זאָלסט געדענקען וואָס איך זאָג דיר אָן: טאָמער וועסטו האָבן אַ שוואַכן קעגן זיך — לאָז אים געווינען, נאָר טאָמער וועט קעגן דיר שטיין אַ שטאַרקער, זאָלסטו זײַן שטאַרקער פֿון אים".

אָט דער אָנזאָג האָט מיך באַגלייט אַלע יאָרן זינט איך האָב זיך געזעגנט מיט מײַן פֿאָטער, און דער מאָראַלישער אויסקלאַנג פֿון דעם אָנזאָג באַוועגט אַלע מײַנע מעשׂים ביזן הײַנטיקן טאָג. וואָרום ווי דען אַנדערש איז געווען מעגלעך איך זאָל דורכמאַכן דאָס אַלץ וואָס איך האָב דורכגעמאַכט אונטער דער נאַצישער אָקופּאַציע פֿון פּוילן אין די מלחמה־יאָרן 1939 — 1945?

ווען איך קער זיך אום צו מײַנע איבערלעבונגען און אומצאָליקע לעבנס־געפֿערלעכע אַוואַנטורעס אין אָט די גורלדיקע יאָרן, קומט־

אויף פֿאַר מיר אַליין די פֿראַגע: צי האָב איך טאַקע פּערזענלעך דורכגעמאַכט דאָס אַלץ? צי איז בכלל מעגלעך איין מענטש זאָל דאָס אַלץ האָבן אויסגעהאַלטן און ער איז אַרויס פֿון דעם וועטלויף אַזוי ווי מײַן פֿאָטער האָט מיר באַפֿוילן?

אַ באַווײַז דערויף, אַז דאָס אַלץ האָב איך איבערגעלעבט פּערזענלעך און אויף מײַן אייגענעם גוף איז דאָס, וואָס די סיטואַציעס, וועלכע איך האָב איבערגעלעבט, ווערן מיט דער צײַט נישט אָפּגעטעמפּט, זיי בלײַבן אין מיר מיט דער זעלבער שאַרפֿקייט, און זיי קומען מיר אָפּט קאַפּויער מיט דעם כּוח פֿון דערמאָנונג און מאָנונג. זיי לאָזן מיך נישט רוען. און אפֿשר איז דאָס די סיבה וואָס איך ברענג אַרויס מײַנע איבערלעבונגען אויפֿן פּאַפּיר ערשט איצט, נאָך פֿיר צענדליק יאָר?

חדשים פֿאַרן אויסברוך פֿון דער מלחמה האָבן ייִדן אין די פּוילישע שטעט און שטעטלעך געפֿילט, אַז עס דערנענטערט זיך אַ בלוטיקער שטורעם, וואָרום וועלכער אַנדער פֿאָלק לײַדט אַזוי פֿון מלחמות, ווי עס לײַדן ייִדן?

געדענקענדיק די דײַטשע אָקופּאַציע אין דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָבן ייִדן זיך נישט געקענט טרייסטן דערמיט, אַז דעמאָלט איז די באַציִונג פֿון די דײַטשע אָקופּאַנטן צו ייִדן נישט געווען קיין אַנדערע ווי צו די פּאָליאַקן. דאָס מאָל זענען די דײַטשן געווען דורכגעפּרעסן פֿון דעם נאַצישן גיפֿט, וואָס האָט אויך פֿאַרסמט די פּאָליאַקן, הגם די פּאָליאַקן זענען אַן אָן פֿאַר זיך געווען פֿאַרדאָרבן פֿון זאָאָלאָגישן אַנטיסעמיטיזם. דעריבער האָבן ייִדן געהאַט אַ גרונט צו שרעקן זיך מער פֿון פּאָליאַקן, כאָטש די פּאָליאַקן האָט געדראָעט די באַלדיקע סכּנה צו פֿאַרלירן די פּאָליטישע אומאָפּהענגיקייט, פֿון וועלכער זיי האָבן גענאָסן קוים אַ צוואַנציק יאָר. איז דער אינוואַזיע־שטורעם פֿון די נאַציס, דעם 1939 זטן סעפּטעמבער, געקומען פֿאַר די ייִדן אין די פּוילישע שטעט און שטעטלעך ווי אַ מוראדיקע דערשיטערונג.

איך מיט מײַן פֿרוי, העניאַ (פֿון דער היים האָט זי געהייסן יאַדאָווסקאַ), האָבן דעמאָלט געלעבט אין דעם שטעטעלע יאַדעווע

(אויף פויליש: יאַדווו), אַ פופציק קילאָמעטער דערוויַיטערט פון דער הויפטשטאָט וואַרשע. יאַדעווע איז אָקופּירט געוואָרן דורך דער 217טער דיוויזיע פון דער ווערמאַכט. די דיוויזיע איז הויפטזעכלעך באַשטאַנען פון זעלנער, וועלכע האָבן געשטאַמט פון אָלשטין, מזרח־פּרײַסן. די מעסיקע באַציִונג פון די זעלנער האָט פון אָנהייב געשאַפן די אילוזיע, אַז דער טײַוול איז נישט אַזוי שלעכט ווי ער ווערט געשילדערט. אויך די אין שטעטל בולטע דײַטשע אָפיצירן, מאַיאָר פאָן רײַכעל און ריטמײַסטער פאָן באָשווינג, האָבן זיך באַצויגן קאָרעקט צו דער יידישער באַפעלקערונג; זיי זענען איבערהויפּט נישט געווען קיין נאַציס. אָבער באַלד דערנאָך איז באַשטימט געוואָרן אַ קאָמענדאַנט פאַר דעם שטעטל, און ער איז געווען אַ ווילדער נאַצי און אַן אכזר. ער האָט אָנגעהויבן אָנטאָן די יידן צרות צרורות.

ווען דער מצבֿ פאַר יידן האָט אָנגעהויבן צו ווערן אומדערטרעגלעך, בין איך, דעמאָלט אַ יונגערמאַן, אַוועק צום מאַיאָר פאָן רײַכעל און אים דערציילט וועגן די ווילדקייטן פון סאָקאָלאָסקי, דעם שטאָט־קאָמענדאַנט, קעגן דער פרידלעכער יידישער באַפעלקערונג, וועלכער האָט באַפוילן אויך אַרויסצונעמען אַלע ספר־תורהס זיי צו פאַרברענען. פאָן רײַכעל האָט, זעט אויס, זיך איבערגענומען מיט מײַנע שילדערונגען וועגן די צרות וואָס דער שטאָט־קאָמענדאַנט טוט אָן די יידן, און ער האָט אים באַזײַטיקט. אויף זײַן פּלאַץ איז געקומען אַ צווייטער, וואָס האָט דערווײַל באַהאַלטן זײַנע נאַצישע נעגל. אַ צײַט איז אין יאַדעווע געווען רויִק — אַ רויִקייט פאַר אַ שטורעם. אין אָט דער רויִקייט האָבן די נאַציס צוגעגרייט אַ ראַפינירטן פּלאַן צו פײַניקן יידן, וואָס זײַן מוסטער האָבן מיר דערפילט מיט דעם שטראָם פון פּליטים קיין יאַדעווע פון אַנדערע שטעט און שטעטלעך.

דאָס יידישע שטעטל ווישקאָוו האָבן די נאַציס אונטערגעצונדן און פאַרברענט ביז די פונדאַמענטן. זיי האָבן די אָרטיקע יידישע באַפעלקערונג פאַרטריבן אין מוראדיקע באַדינגונגען. אַפילו פון דעם דערווײַטערן קאַליש זענען קיין יאַדעווע אָנגעקומען יידישע

פּליטים. די פּליטים זענען געקומען בחוסר־כּל און פאַרצווייפלטע, ווי מען אַנטלויפט פון אַ פּלוצימער פאַרפלייצונג אָדער שׂריפה.

די קהלה אין יאַדעווע איז פון אַלע מאָל געפירט געוואָרן פון די אָרטאָדאָקסן אויף דעם שטייגער פון אַלטע ייִדישע קהילות. קיין איינער פון די ראשי־קהל איז נישט געווען פעיק און אויך נישט צוגעגרייט צו רעדן מיט די נײַע הערשער, וואָס האָבן פאַר יידן געהאַט אַ גאַנץ באַזונדער לשון, פון וועלכן הענט און פיס זענען אָפּגענומען געוואָרן.

אין איינעם אַ טאָג איז געקומען אַ פאַראָרדענונג פון דער נאַצישער מאַכט, די ייִדן זאָלן אָרגאַניזירן אַ "יודענראַט". איך בין דעמאָלט אַלט געווען 29 יאָר. דערצויגן אין אַ פאַרמעגלעכער משפּחה — און פאַרמעגלעכקייט שטאַרקט די זעלבסטזיכערקייט פון מענטשן — בין איך דעמאָלט געווען זעלבסטזיכער און ענערגיש. האָבן די פאַרזאַמלטע אין דער שול אויסגעוויילט מיך, איך זאָל ווערן דער פּרעזעס פונעם "יודענראַט". מײַן שווער זכרונו לברכה, הענעך יאַדאָווסקי, פון די אָנגעזעענסטע בעלי־בתּים אין שטעטל, האָט מיך שטאַרק צוגערעדט איך זאָל דעם אַמט אָננעמען. אָבער מײַן אינטויִציע, און אפשר אַ זעקסטער חוש האָט מיר געוואָרנט איך זאָל דעם אַמט נישט אָננעמען. איך האָב דעריבער פאָרגעשלאָגן, אַז אַ צווייטער ייד, מאיר זבאַנאָוויטש, זאָל ווערן פּרעזעס פונעם "יודענראַט" און ער זאָל זיך צוקלײַבן אַנדערע מיטגלידער צו דער אינסטיטוציע, וואָס וועט פאַרטרעטן די יידישע באַפעלקערונג פאַר דער דײַטשער מאַכט.

אין יענער ערשטער צײַט האָט קיינער נישט געהאַט קיין אַנונג וואָס פאַר אַן אויפגאַבן די נאַציס וועלן אַרויפלייגן אויף די "יודענראַטן". מאיר זבאַנאָוויטש (ער האָט איבערגעלעבט די נאַציס און לעבט הײַנט אין רעננה, אין ישׂראל) האָט דעם אַמט אָנגענומען און איך האָב אים צוגעזאָגט אַז ווי מײַנע כּוחות וועלן סטײַען וועל איך אים העלפן, און צוזאַמען מיט אַנדערע מיטגלידער פון דעם "יודענראַט" וועלן מיר זוכן מיטלען און וועגן צו פאַרלײַכטערן דעם גורל פון די יאַדעוועוער ייִדן.

מאיר זבאַנאָוויטש האָט זיך געראַטעוועט בעת דער ליקווידאַציע פון די יאַדעווער ייִדן, וואָס זענען טראַנספּאָרטירט געוואָרן קיין טרעבלינקע. אים, ווי דעם פּרעזעס פון דעם "יודענראַט", צוזאַמען מיט דער ייִדישער פּאָליציי, האָבן די נאַציס אָפּטראַנספּאָרטירט אין וואַרשעווער געטאָ.

זבאַנאָוויטש האָט געהאַט אַ זייער שיינע שוועגערין. אויך זי איז געווען אין יאַדעווער געטאָ. האָט זיך אין איר פֿאַרליבט אַ פּוילישער פּאָליציאַנט — מאַסאַן האָט ער געהייסן. ווײַזט אויס, אַז ער האָט געוווּסט פֿריער וואָס עס גייט געשען מיט די ייִדן, וואָרום פֿאַר דער ליקווידאַציע האָט ער זי אַרויסגענומען פון געטאָ און זי אויסבאַהאַלטן בײַ זיך. באַלד נאָך דער ליקווידאַציע פונעם געטאָ האָט ער רעזיגנירט פון צו זײַן אַ פּאָליציאַנט און צוזאַמען מיט דער שיינער לאה איז ער אַוועק צו זײַנע עלטערן אין גאַליציע.

סוף חודש דעצעמבער 1942 האָט דער זעלבער מאַסאַן אַרויסגעפֿירט פון דעם במעט ליקווידירטן וואַרשעווער געטאָ זבאַנאָוויטשן מיט זײַן זון (וואָס לעבט הײַנט אין ישראל) און זיי אויסבאַהאַלטן אין אַ קעלער בײַ זײַנע עלטערן.

נאָך דעם ווי די רויטע אַרמיי האָט באַזעצט וואַרשע, דעם 17טן יאַנואַר 1945 (די שטאָט איז געווען פולשטענדיק צעשטערט) איז זבאַנאָוויטש געקומען קיין פּראַגע. ער איז געווען אין גאַנצן געשוואָלן. איך האָב אים גלײַך אַוועקגעפֿירט אין דעם שפּיטאָל אין יאַדעווע אויף קוראַציע.

דרך אגב, הגם מ. זבאַנאָוויטש איז אַן אָרנטלעכער און סאָלידער מענטש און ער האָט געשטרעקט זײַן לעבן צו פֿאַרלײַכטערן דעם מצבֿ פון די יידן אין יאַדעווער געטאָ, דאָך, ווען ער איז עולה געווען קײַן ישראל צוזאַמען מיט זײַן זון, האָט אַ צוריקגעקומענער פון רוסלאַנד געפֿירט קעגן אים אַ העץ־קאַמפּאַניע; ער זאָל האָבן קאָלאַבאָרירט מיט די נאַציס לרעה די יאַדעווער ייִדן. אַזוי ווי די אָנפֿירערשאַפֿט פון דער יאַדעווער לאַנדסמאַנשאַפֿט האָט נישט געהאַט קיין מעגלעכקייט צו פֿאָרשן וואָס עס איז אמת און וואָס איז שקר, האָט זי זבאַנאָוויטשן אַרײַנגעלייגט אין חרם. ווען איך האָב זיך

דערוווּסט וועגן אָט דער עוולה אין דער צײַט פון מײַנעם אַ באַזוך אין ישׂראל, בין איך אַוועק צו די אָנפירער פון דער יאַדעווער לאַנדסמאַנשאַפט און פאַר זיי אויפגעקלערט דעם אמת: נישט בלויז האָט מאיר זבאַנאָוויטש נישט קאָלאַבאָרירט מיט די נאַציס לרעה די יאַדעווער יידן, נאָר ער האָט מיט אַלע זײַנע כוחות זיך באַמיט נישט אויסצופירן די גזירות פון די דײַטשן און ער האָט געהאָלפן ייִדן ווי ווײַט עס איז געווען מעגלעך אין די שרעקלעכע באַדינגונגען, וואָס האָבן אין יענער צײַט געהערשט.

הײַנט, אין דער פערספּעקטיוו פון די אָפּגעלאָפענע צענדליקער יאָרן, איז מיר שווער צו באַנעמען פון וואַנען עס האָט זיך דעמאָלט צו מיר גענומען דער גײַסטיקער כּוח אײַנצושטעלן מײַן לעבן און גיין ממש אויף קידוש־השם אין מײַנע באַמיונגען, די יאַדעווער ייִדן זאָל קיין שלעכטס נישט געשען.

ווי איך האָב שוין פריִער דערמאָנט זענען די ערשטע דײַטשן אָנגעקומענע קיין יאַדעווע נישט געווען באַזונדער שלעכט צו יידן. אין דער נאַצישער מאַכט־הערארכיע אין שטעטל האָט זיך געפונען איינער אַ וואַכמײַסטער מיט דעם נאָמען דודע. פון וואַנען ער האָט געשטאַמט האָב איך נישט געקענט דערגיין. וואָרשײַנלעך איז ער געווען אַן אָלשטינער. איך האָב זיך מיט דעם וואַכמײַסטער באַפרײַנדעט ווי ער וואָלט נישט געווען קיין נאַצי, און ס'איז קלאָר אַז די פרײַנדשאַפט איז נישט געווען קיין פּלאַטאָנישע. ווי אַלע נאַציס איז אויך דודע געווען קאָרופּט ביז אין די ביינער און זײַן קאָרומפּירטקייט האָט מיר צוגעשפּילט.

פון פאַר דער מלחמה האָב איך אין וואַרשע געהאַט אַ היפּשן לאַגער מאַנופאַקטור. אַזוי ווי אין וואַרשע האָבן די נאַציס אויסגערויבט די יידישע געשעפטן און מאַגאַזינען, און דער זעלבער רויב־גורל האָט אויך געדראַעט מײַן מאַנופאַקטור־לאַגער, האָב איך באַשלאָסן די סחורה צו ברענגען קיין יאַדעווע. אין דעם האָט מיר געהאָלפן דער וואַכמײַסטער דודע.

מען דאַרף געדענקען אַז דאָס איז געווען נאָך אין די לעצטע חדשים פון דעם יאָר 1939. דודע האָט צו מײַן דיספּאָזיציע

געשטעלט אַ דײַטשן שאָפער — וואָלגעמוט האָט ער געהייסן — מיט אַ מאַשין. באַוואָרנט מיט אַלע נויטיקע פּאַפּירלעך און שײַנען זענען מיר געפאָרן קיין וואַרשע און געפונען מײַן לאַגער טעקסטיל נאָך נישט אויסגערויבט. איך האָב די גאַנצע סחורה געבראַכט קיין יאַדעווע.

פֿאַר אָט דער טובֿה האָב איך דעם וואַכמײַסטער דודע באַלוינט מיט ווערטפולע מתּנות און ווי אַ צולאָג אויפגענייט עלעגאַנטע מאַנטלען פֿאַר אים און זײַן פֿרוי. דערמיט האָב איך אויך געקויפט דערווײַליקע רויִקייט אין שטעטל.

בײַ אַ געוויסער געלעגנהייט האָט דער שאָפער וואָלגעמוט זיך פֿאַרטרויט פֿאַר מיר, אַז אין זײַן אײנהייט לײַדט ער צרות דערפֿאַר וואָס ער איז נישט קיין נאַצי. ער אַליין זעט פּאָראויס, אַז די דײַטשן וועלן אין דער מלחמה האָבן אַ גרעסערע מפּלה ווי זיי האָבן געהאַט אין דער ערשטע וועלט־מלחמה, אין 1918. אָבער דערווײַל דערגייען אים די נאַציס די יאָרן. טאָמער וואָלט ער געהאַט אַ העכערן ראַנג, וואָלט עס אין זײַן אײנהייט געשטאַרקט זײַן פּרעסטיזש אַפֿילו ווען ער איז נישט קיין נאַצי. די זאַך איז מיר אַרײַן אין קאָפּ. אויך פֿאַר מיר וואָלט בעסער געווען ווען דער מיליטערישער שאָפער וואָס פֿירט מײַן סחורה פֿון וואַרשע קיין יאַדעווע וואָלט געווען פֿון אַן העכערן ראַנג. בין איך אַוועק צו דודען דעם וואַכמײַסטער און אים צוגעזאָגט אַ פוטער־מאַנטל פֿאַר זײַן פֿרוי און דערפֿאַר זאָל ער געבן וואָלגעמוטן אַ העכערן ראַנג. ווי דערשטוינט בין איך געוואָרן ווען באַלד דערנאָך האָט וואָלגעמוט זיך געשטעלט פֿאַר מיר און מיר געוויזן אויף זײַנע עפּאָלעטן דרײַ בענדלעך; פֿון אַ געוויינטלעכן זעלנער האָט אים דודע דערהויבן צום ראַנג פֿון אַן אונטעראָפֿיציר. ווי אַן אויסדרוק פֿון דאַנק האָט מיר וואָלגעמוט געבראַכט עטלעכע פֿלעשער רום, מיר זאָלן טרינקען צוזאַמען. אַזוי ווײַט איז ער מיר דאַנקבאַר געווען, אַז ווען ער איז אַהיימגעפֿאָרן אויף אורלויב צו די ווײַנאַכטן, האָט ער מיר געבראַכט אַ מתּנה — אַ קוכן, וואָס זײַן פֿרוי האָט געבאַקן ספּעציעל פֿאַר מיר...

דער „יודענראַט" האָט זיך קאָנסטיטויִרט און ווערדליק זײַנע

מאַטעריעלע מעגלעכקייטן געזאָרגט פאַר די שטעטלשע יידן. איך פון מײַן זײַט און פון מײַן אייגענער איניציאַטיוו — און אויך פון מײַן אייגענער קעשענע — האָב אָרגאַניזירט אַן עפנטלעכע קוך. איך האָב אײַנגעקויפט פּראָדוקטן און אָנגעשטעלט, פרויען, זיי זאָלן קאָכן וואַרעמע שפּײַז פאַר די פּליטים פון די אַרומיקע און אַפילו ווײַטערע שטעט און שטעטלעך — זאָלן זיי כאָטש איין מאָל אין טאָג עסן וואַרעם געקעכץ.

באַלד האָבן די נאַציס באַפוילן דעם "יודענראַט" ער זאָל אויפשטעלן אַ יידישן שפּיטאָל. עס זענען געשאַפן געוואָרן מיטלען און דער שפּיטאָל איז אָרגאַניזירט געוואָרן, אָבער קיין יידישער דאָקטער איז אין יאַדעווע נישט געווען. בין איך אַראָפּגעפאָרן קיין וואַרשע זוכן אַ יידישן דאָקטער, וואָס זאָל זײַן גרייט זיך צו באַזעצן אין דעם קליינעם שטעטל. איך האָב אַזאַ דאָקטער געפונען. ער האָט געהייסן גאָלדבערג. אין זיין יוגנט איז ער געווען אַ ישיבה־בחור מיט אַ שטאַרקן דראַנג צו לערנען זיך. האָט ער פאַרלאָזט די ישיבה און זײַן היים און אַוועק קײַן בערלין, ווו ער האָט געלערנט און פאַרענדיקט מעדיצין.

באַלד ווי ד"ר גאָלדבערג האָט זיך איבערגעקליבן קיין יאַדעווע, איז דער שפּיטאָל געעפנט געוואָרן. פּאַציענטן פאַר דעם שפּיטאָל זענען געווען אַ סך מער ווי דער שפּיטאָל האָט געקענט אויפנעמען. דער באַגלייטער פון ענגשאַפט, מאַנגל אין סאַניטאַרע באַדינונגען און נויט, איז אַלע מאָל אין מלחמה־צײַט — דער טיפוס. צווישן די פּליטים פון די אַרומיקע שטעטלעך און במילא אויך צווישן די יידן אין יאַדעווע גופא איז אויסגעבראָכן אַ טיפוס־עפּידעמיע. מיר זענען נישט געווען צוגעגרייט טעכניש און מעדיציניש צו באַהערשן אַן עפּידעמיע אין דעם פאַרנעם ווי זי האָט אויסגעבראָכן, מיר האָבן נישט געהאַט גענוג מעדיקאַמענטן צו ראַטעווען אַלע קראַנקע, אָבער מיר האָבן אָנגענומען אַלע פּראָפילאַקטישע מיטלען די עפּידעמיע זאָל זיך נישט אויסשפּרייטן און די שטערבלעכקייט זאָל זײַן אַ וואָס קלענערע.

אָפּגעזונדערט פון דער נישט־יידישער באַפעלקערונג, האָבן

די נאַציס געהאַט אַן אינטערעס די שטערבלעכקייט צווישן ייִדן זאָל זײַן אַ וואָס גרעסערע. די לאַסט צו היטן דאָס געזונט פון די ייִדן אין יאַדעווע, סײַ פון די אײַנגעזעסענע און סײַ פון די פּליטים, איז געפאַלן אויף די ייִדן גופא. ייִדן האָבן דער מצבֿ אָנגענומען מיט אַ ״גם זו לטובה״, וואָרום קיין צוואַנג־אַרבעט, ווי אין אַנדערע ייִדישע שטעט און שטעטלעך, האָבן די נאַציס דערווײַל נישט אײַנגעפירט, און די ייִדישע באַפעלקערונג, האָט זיך צוגעפּאַסט צו די נײַע באַדינגונגען, געאַרבעט און געהאַנדלט און געפירט אַ פאַרהעלטנישמעסיק נאָרמאַל לעבן.

אין איינעם אַ טאָג האָט דער ״יודענראַט״ באַקומען אַ באַפעל צו שאַפן אַ געטאָ. מיט אָט דעם באַפעל האָבן זיך אָנגעהויבן שיטן גזירות איינע שאַרפער פון דער צווייטער. די ייִדישע באַפעלקערונג איז אײַנגעקלעמט געוואָרן אין אַ צוואַנג, וואָס מיט יעדן טאָג איז זי געוואָרן קלעמענדיקער און קלעמענדיקער. די רעלאַטיוו רויִקע צײַט האָט זיך לחלוטין פאַרענדיקט.

אין אָט דער תקופה איז פון דעם ״רײַכסאַרבײַטסאַמט״ אַראָפּגעקומען אַ מאַן, וואָס אויסערלעך איז ער געווען זייער ענלעך צו הימלערן. ער איז געווען דער שעף פון דעם אַרבעט־אַמט פאַר דעם גאַנצן וואַרשעווער דיסטריקט. זײַן נאָמען איז געווען קיסטנער.

כאַראַקטעריסטיש פאַר אָט דעם נאַצי איז דאָס וואָס אין דער נאַצישער פאַרטיי איז ער געווען דער 33טער מיטגליד. זײַן מערדערישער פּרעסטיזש איז לכן געווען אין לשער. ער איז אַראָפּגעקומען קיין יאַדעווע מיט אַ גרויסער סוויטע אָפיצירן פון די פאַרשיידנערליי נאַצישע פאָרמאַציעס, ווי געסטאַפּאָ, עס־עס, זשאַנדאַרמעריע און געסטאַפּאָ אין שוואַרצע מונדירן מיט טויטנקעפּ אויף די היטלען.

ווי שוואַרצע וואָלקנס זאָגן אָן אַ שטורעם און וואַרפן אָן אַ שרעק, אַזוי האָט דאָס אָנקומען פון דער מענגע נאַצישע אָפיצירן אָנגעוואָרפן אַ שרעק אויף די יאַדעוווער ייִדן. באַלד איז געקומען דער ערשטער שטורעם: די נאַציס האָבן געפאַנגען עטלעכע זיבעציק ייִדן און זיי פאַרשלעפּט קודם־כּל קיין וואַרשע, ווו זיי זענען אָנגעשלאָסן

געוואָרן אין אַ טראַנספּאָרט מיט וואַרשעווער ייִדן, און צוזאַמען אין אַ גרויסן טראַנספּאָרט אַוועקגעפיו־ט געוואָרן אויף אַ פּלאַץ נעבן הרוביעשאָוו. די פאַרכאַפּטע ייִדן האָבן געאַרבעט עבודת־פּרך בײַם בויען וועגן קיין רוסלאַנד. דאָס בויען די וועגן אויף מזרח איז געווען די צוגרייטונג צו דער נאַצישער אָפענסיווע אויף סאָוועט־רוסלאַנד דעם 21טן יוני 1941.

פון די פאַרכאַפּטע יאַדעווער ייִדן זענען אָנגעקומען האַרצרײַסנדיקע בריוו, וואָס האָבן דערציילט וועגן די שרעקלעכע לײַדן וואָס די צוואַנג־אַרבעטער האָבן אויסצושטיין נישט נאָר מחמת דער שווערער פּראַצע פון באַגינען ביזן אָוונט, נאָר אויך מחמת די פיזישע פּײַניקונגען פון די נאַצישע באַדריקער, מחמת הונגער, קעלט און ייאוש. די אומגליקלעכע האָבן געבעטן מען זאָל זיי ראַטעווען. איז זיך צוזאַמענגעקומען דער יאַדעווער ״יודענראַט״, כדי אויסצוגעפינען אַ מעגלעכקייט ווי אַזוי צו ראַטעווען די געפּײַניקטע. אָבער ווי האָט דער ״יודענראַט״ געקענט העלפן די פאַרשיקטע, אויב די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג אין יאַדעווע גופא האָט זיך געפונען אינעם נאַצישן קלעם פון שווערע גזירות. און דערצו פאַרשלאָסענע אין אַ געטאָ?

דער ״יודענראַט״, וואָס איז געווען געצוווּנגען אויסצופירן יעדע גזירה, איז געווען אומבאַהאָלפן און האָט גאָרנישט געקענט טאָן פאַר די פאַרשיקטע ייִדן.

בײַ אַזאַ מצב האָב איך איבערגענומען די איניציאַטיוו.

צווישן די פאַרשיקטע קיין הרוביעשאָוו זענען אויך געווען ייִדן פון קאַליש און פּליטים פון אַנדערע שטעט, און אַ גרויסער טייל פון מײַן משפּחה. האָב איך אויסגעפונען אַ מאַן, אַ פאָלקסדײַטש, וואָס האָט געאַרבעט אין שטאַב פון קיסטנערן, און איך האָב זיך מיט אים באַפרײַנדעט. פון מײַן פריערדיקער דערפאַרונג האָב איך שוין געוווּסט, אַז די נאַציס זענען קאָרופּט און אַז פאַר שוחד קען מען אַרויסבאַקומען אַ געוויסע פאַרלײַכטערונג, אַפילו ווען בלויז אויף אַ קורצער צײַט. האָב איך פאַר אַלעם איבערגעקויפט דעם פאָלקסדײַטש, וואָס האָט געאַרבעט בײַ קיסטנערן אין שטאַב, און אים

געבעטן ער זאָל מיך באַקענען מיט זײַן שעף — קיסטנערן.

מײַן ציל איז געווען איבערצוקויפן אויך דעם 33טן מיטגליד פון דער נאַצי־פּאַרטיי, דעם שעף פון דעם אַרבעט־אַמט פאַר דעם וואַרשעווער דיסטריקט, צו באַפרײַען די גרופּע ייִדן וואָס זענען פאַר׳כאַפּט געוואָרן אין יאַדעווע.

קיסטנער האָט געוווינט און געהאַט זײַן אַמט נישט אין יאַדעווע, נאָר אינעם שטעטל וואָלאָמין, נישט ווײַט פון יאַדעווע און אויך נאָענט צו וואַרשע. נאָך פון פריער האָב איך געוווּסט, אַז קיסטנער האָט אַ פּוילישע געליבטע. דער אינסטינקט האָט מיר אונטערגעזאָגט, אַז אויב איך וויל קאָרומפּירן קיסטנערן איז נייטיק אויך צו געווינען אויף מײַן זײַט זײַן געליבטע. און ווי עס זאָגט זיך אין ״קהלת״ — ״שלח לחמך על פני המים״ — האָב איך איר געקויפט ווי אַ מתנה אַ טײַערן מאַנטל, כדי אין אַן עת צרה זאָל איך זיך קענען ווענדן צו איר.

אויסגעפּלאַסטערט מיט שוחד דעם וועג, האָב איך זיך אָפּגעשמועסט מיט דעם פאָלקסדײַטש פון קיסטנערס שטאַב, אַז אין איינעם אַ זונטיק וועל איך אַראָפּקומען קיין וואָלאָמין מיט אַ דעלעגאַציע פונעם ״יודענראַט״, און ער זאָל צוגרייטן זײַן שעף, ער זאָל אונדז אויפנעמען.

די דעלעגאַציע איז באַשטאַנען פון זעקס מענטשן, צווישן זיי אויך דער פאָרזיצער פונעם ״יודענראַט״, זײַן פאַרטרעטער און איך. מיר זענען אָנגעקומען קיין וואָלאָמין גאַנץ פרי און צום ערשט האָבן מיר זיך פאַרבונדן מיט דעם ״יודענראַט״ אין וואָלאָמין. ווען זײַן פאָרזיצער האָט געהערט צו וואָס מיר זענען געקומען און צו וועמען, איז ער אַרײַנגעפאַלן אין בהלה. לויט אים זענען מיר געקומען גלײַך אינעם פּיסק פון אַ לייב, און די דעלעגאַציע שטעלט זיך אַליין אין גרויס סכנה. צי ווייסן מיר גאָרנישט וועגן דער אכזריות פון דעם נאַצי קיסטנער? ניין, מיר טאָרן נישט ריזיקירן מיט אונדזערע לעבענס. דער אכזר וועט אונדז אַלע אויסשיסן.

איך האָב געראַטן אונדזער דעלעגאַציע נישט צו הערן די עצה פון דעם פאָרזיצער פונעם וואָלאָמינער ״יודענראַט״. קיסטנער איז

אמת אַ פֿינצטערער נאַצי, אַן אכזר, אויב אָבער איך האָב דעם צוזאָג פֿון דעם פֿאָלקסדײַטש, וואָס אַרבעט אין דעם צוררס שטאַב, אַז ער וועט אונדז אויפֿנעמען, איז אַ סימן אַז ער איז גרייט צו לאָזן זיך איבערקויפֿן. מיט זײַן פּוילישער געליבטער האָט קיסטנער געוווינט אין אַ ווילע הינטער דעם שטעטל, אָבער דעם אַמט זײַנעם האָט ער געהאַט אין שטעטל גופֿא. צוזאַמען מיט דער דעלעגאַציע האָב איך מיטגענומען אַן ערשטקלאַסיקן שוסטער, וואָס איז געווען באַקאַנט דערפֿון, אַז ער מאַכט עלעגאַנטע שטיוול. לויט דער אויספּלאַנירטער טאַקטיק בין איך אַליין אַרײַן אין קיסטנערס קאַנצעלאַריע; די אַנדערע מיטגלידער פֿון דער דעלעגאַציע זענען דערווײַל געבליבן אין דרויסן. דער פֿאָלקסדײַטש האָט מיר געהייסן צוּוואַרטן און אַליין אָנגעקלאַפּט אין דער טיר פֿונעם קאַבינעט פֿון דעם נאַצי. ווען קיסטנער איז אַרויסגעקומען און דערזען צוויי ייִדן, מיך מיט דעם שוסטער, האָט זיך זײַן פּרצוף אָנגעפֿילט מיט בלוט און ער האָט אויסגערופֿן מיט רוגזה:

״וואָס טוען דאָ די ייִדן?״

אויף אַ רגע האָב איך זיך פֿאַרלוירן, כ׳האָב זיך דערמאָנט די וואָרנונג פֿון דעם פֿאָרזיצער פֿון וואָלאָמינער ״יודענראַט״ און געווען זיכער, אַז באַלד וועט זײַן מײַן סוף. שנעל אָבער בין איך געקומען צו זיך און געזאָגט פֿאַרטרווילער:

״הער דירעקטאָר, כ׳האָב וויכטיקע נײַס אײַך צו דערציילן״.

דערהערט ״וויכטיקע נײַס״, האָט זיך דער נאַצי באַרויקט. מסתּמא געטראַכט, אַז דער ייִד ברענגט אים קאָנפֿידענציעלע ידיעות, און מיט אַ טאָן פֿון נײַגער האָט ער מיך פֿאַרבעטן איך זאָל אַרײַנגיין מיט אים אין זײַן קאַבינעט. איך בין אַרײַן אַליין. דעם שוסטער האָב איך געלאָזט שטיין אין קאָרידאָר. באַלד ווי איך האָב זיך אַוועקגעזעצט, האָב איך געזאָגט טאַקע מיט אַ קאָנפֿידענציעלן טאָן, ווי עס וואָלט געווען אַ געהיימע ידיעה:

״הער דירעקטאָר, דער מאַן וואָס איז געקומען מיט מיר, איז אַ מײַסטער צו מאַכן עלעגאַנטע שטיוול, וואָס אַזעלכע זעט מען נאָר אין פּאַריז. אויב איר דאַרפֿט האָבן אַזעלכע עלעגאַנטע שטיוול, פֿון

וועלכער פאַרב אײַער האַרץ גלוסט, שוואַרצע, ברוינע, צי אַן אַנדער קאָליר, קענט איר זײַ האָבן אַזוי שנעל ווי מעגלעך".

דאָס בלוט פֿונעם פּרצוף פון דעם נאַצי איז אָפּגעפלאָסן און אין זײַנע אויגן האָט זיך באַוויזן אַ פונק פון מענטשלעכקייט. יאָ, אוודאי, דאַרף ער אויך האָבן אַ פּאָר שטיוול אַזוינע און אַזעלכע.

איידער איך האָב נאָך געהערט זײַן דיטלעכע הסכמה, האָב איך שנעל אַרײַנגערופן דעם שוסטער־דעם־מײַסטער. ער האָט שנעל אַראָפּגעצויגן די שטיוול, וואָס קיסטנער האָט געטראָגן, און גענומען זיך צו מעסטן. ער האָט אַרומגעטאַנצט אַרום דעם נאַציס פיס, ווי זיי וואָלטן געווען די גרעסטע מציאה אין דער וועלט, און פון וויכטיקייט אונטערגעסאָפּעט. קיסטנער איז געווען אויסער זיך פון צופרידנקייט. אַז איך האָב געזען: דער נאַצי האָט זיך אײַנגעבראָכן, ער איז געוואָרן רויק ווי אַ זאַטער הונט, האָב איך זיך אָנגעבויגן צו אים און געזאָגט:

"הער דירעקטאָר, איך פאָר קיין וואַרשע. אפשר דאַרף זײַן וויל־געבוירנקייט אַ שיינעם לעדערנעם מאַנטל צו די עלעגאַנטע שטיוול, וואָס אָט דער מײַסטער וועט אויספאַרטיקן?" האָב איך אָנגעוויזן אויפן שוסטער.

קיסטנער איז אויפגערודערט געוואָרן פון מײַן פאָרשלאָג.

נאָך זײַענדיק אין יאַדעווע האָב איך צוגעטראַכט דעם פּלאַן ווי אַזוי צו קאָרומפּירן דעם נאַצי מיט שטיוול און מאַנטלען און דערצו אַ לעדערנעם מאַנטל, זאַכן וואָס אין מלחמה־צײַט איז נישט געווען לײַכט זיי צו באַקומען. האָב איך מיטגענומען אין קעשענע אַ צעראַטענעם מעטער. ווי נאָר קיסטנער איז מסכים געווען, האָב איך אַרויסגענומען מײַן מאָס און זיך גענומען מעסטן דעם נאַצי אין דער הייך און אין דער ברייט. אַזוי ווי איך בין נישט געווען קיין שנײַדער און קיין מאָל נישט געמאָסטן אויף עמעצן, און אויך די הענט האָבן מיר געציטערט פון אויפרעגונג אַזוי אַז די מאָס־ציפערן האָבן מיר זיך נישט געשריבן, האָב איך אויסגעטאָן דעם רעגנמאַנטל, וואָס איך האָב דעמאָלט געטראָגן, און געהייסן, קיסטנער זאָל אים אָנטאָן, כדי איך זאָל קענען גענוי מעסטן די ריכטיקע מאָס. אַז קיסטנער האָט

אָנגעטאָן דעם רעגנמאַנטל מיט דער ייִדן־לענטע אויפֿן אַרבל, האָט זיך אין מיר דערוועקט חוצפּה און איך האָב דעם נאַצי אַ קלאַפּ געטאָן אין פּלייצע אויסרופנדיק:

״זי זינד יעצט יודע!״

ער האָט זיך צעלאַכט און געוואָרן גוט צו מיר, כאָטש לייג אים צו צו אַ מכּה.

אַז מיר זענען געוואָרן היימיש, האָב איך אים פֿאַרבעטן, מיר זאָלן צוזאַמען עסן מיטאָג און אין דער געזעלשאַפֿט זאָל אויך זײַן זאָשע, זײַן פּוילישע געליבטע. טאַקע בײַ דעם מיטאָג האָב איך זיך דערוווּסט, אַז זאָשע האָט אים געהאַט דערציילט, אַז איך האָב איר געקויפֿט אַ מתּנה אַ טײַערן מאַנטל. קיסטנער האָט באַוויליקט מיר זאָלן צוזאַמען עסן מיטאָג, נאָר מיטן באַדינג, איך זאָל זיך פֿאַרשטענדיקן מיט זײַן זאָשען, און ווי זי וועט באַשטימען אַזוי וועט עס זײַן. איך האָב זיך מיט איר פֿאַרשטענדיקט און זי האָט מסכּים געווען דער מיטאָג זאָל זײַן כּיד המלך. און ער איז געווען כּיד המלך: מיר זענען אַוועקגעפֿאָרן אין שטאָט אַרײַן, אײַנגעקויפֿט אַלע מעגלעכע מאכלים, וואָס זענען געווען בנמצא אין אַזאַ ״כּרך״ ווי וואָלאָמין. פֿאַרשטייט זיך, אַז איך האָב אײַנגעקויפֿט אויך בראָנפֿן, עס זאָל זיך גיסן כּיד המלך, און מיט דעם אַלעם גוטן איז אונדזער דעלעגאַציע געפֿאָרן צו דער ווילע פֿון קיסטנערן און זײַן געליבטער.

זאָשע האָט דווקא געוווּסט וואָס צו מאַכן פֿון דעם אײַנגעקויפֿטן. כאָטש גוטע מאכלים דערפֿרייען דעם מאָגן, וועל איך נישט זאָגן, אַז די רײַכע סעודה האָט פֿריילעך געמאַכט די לײַט פֿון אונדזער דעלעגאַציע. דאָס עסן איז זיי נישט באַקומען, זייערע מחשבֿות זענען געווען בײַ זייערע משפּחות אין יאַדעווע, וואָס גאָט דער איינציקער ווייסט וואָס דאָרט, אינעם געטאָ, געשעט.

איך האָב דעמאָלט געקענט טרינקען אַ סך און דאָך נישט ווערן שיכּור, האָב איך אַרײַנגעגאָסן אין זיך וואָס מער בראָנפֿן און אויך צוגערעדט קיסטנערן ער זאָל מיר נאָכהאַלטן. ער האָט געטאָן ווי איך האָב געוואָלט און ער איז שנעל געוואָרן שיכּור. אין צושטאַנד פֿון שיכּרות איז אַרויס פֿון אים די חיה און ער איז געוואָרן

פרײַנדלעך־סענטימענטאַל, נאָר ווי אַ שכור קען ווערן. ער האָט געפלאַפּלט צו אונדז ווי מיר וואָלטן זיך געקענט לאַנגע יאָרן...

אין דער מיט פון דער סעודה, ווען קיסטנערס צונג האָט פרײַנדלעך געפלאַפּלט צו מיר, האָט זיך דערהערט אַ קלאַפּ אין דער טיר. זאָשע, זי האָט ווייניק געטרונקען און געווען בײַם פולן זינען, איז אַוועק עפענען דער טיר, און ווי דערשיטערט זענען מיר אַלע געוואָרן, איבעריקנס מיר, די יידן, ווען אין צימער האָט זיך אַרײַנגעשטעלט דער שעף פון דער... געסטאַפּאָ.

אין דעם מאָמענט איז פאָרגעקומען אַן אויסטערלישע סצענע: דער שעף פון געסטאַפּאָ האָט אויפגעהויבן דעם אָרעם און אויסגערופן מיט אַ העכערער דעמאָנסטראַטיווער שטים: "הײַל־היטלער". האָט אויך קיסטנער אויפגעהויבן זײַן אָרעם און געענטפערט מיט אַ "הײַל היטלער", אָבער זײַן אָרעם איז געווען שיכּורלעך, במילא איז אויך זײַן אויסרוף געווען אַ בגלופנדיקער. דער שעף פון געסטאַפּאָ האָט זיך אַרומגעקוקט איבערן צימער, געקוקט אויף יעדן פון אונדז, אויפן טיש כּיד המלך, אויף קיסטנערן מיט די פאַרלאָפענע אויגן און אויף זאָשע, וואָס האָט נישט געוווּסט ווי זי דאַרף זיך האַלטן. פּלוצים האָט דער אומגעריכטער גאַסט געפרעגט מיט אַ חוצפּהדיקן טאָן:

"ווער זענען אָט די לײַט?" און געטיילט מיט אַ פינגער אויף אונדז, יידן, און אויף די יידן־לענטעם אויף די אַרבל.

נישט רירנדיק זיך פון פלאַץ, מחמת די פיס זענען אים שוין געווען שווערלעך, האָט קיסטנער געענטפערט ספּאָנטאַן:

"אָט די לײַט זענען מײַנע קאַמעראַדן".

זעט אויס אַז דער ענטפער האָט דעם שעף פון דער געסטאַפּאָ אויסגעזען אויסטערליש, וואָרום ער האָט געפרעגט זיך וווּנדערנדיק:

"האָסטו יידן קאַמעראַדן?"

קיסטנער איז אויפגעבראַכט געוואָרן הלמאי אים ווערט געפרעגט אַזאַ שאלה און ער האָט אויסגערופן:

"האַלט מאַל דײַן שווײַנעהונד שנאַוצע!"

ס׳האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז עס גרייט זיך אויף אַ גרויסער אַוואַנטורע צווישן צוויי נאַציס, בעת מיר, די יידן, קענען חלילה ווערן די קרבנות, אויב די אַוואַנטורע זאָל זיך אַרויסבאַקומען פון דער ווילע.

צום גליק זענען מיר, יידן, אָפּגעקומען בלויז מיט שרעק. זעט אויס, אַז קיסטנער האָט זיך געקענט דערלויבן צו דערנידעריקן דעם שעף פון דער אַלמעכטיקער געסטאַפּאָ אין די אויגן פון יידן, וואָרום דער מיט דעם ״שווייַנענהונדע שנאַוצע״, ווי קיסטנער האָט אים באַצייכנט, האָט די באַליידיקונג אַראָפּגעשלונגען אָן צו רעאַגירן מיט איין איינציק וואָרט. זאָשע האָט דעם געסטאַפּאָ-שעף באַגלייט צו דער טיר, און ער איז אַוועק.

אין אָט דער אויסטערלישער סיטואַציע האָבן אויך מיר נישט געטאָרט צופיל רעדן. קיסטנער האָט שיכּורלעך געשמייכלט, ווי ער וואָלט געוואָלט ווייַזן דער יאַדעוווער יידישער דעלעגאַציע ווי שטאַרק עס איז זייַן מאַכט אַז ער קען אַוועקשטעלן אין אַ ווינקל דעם שעף פון דער געסטאַפּאָ.

איך האָב געזאָגט דעם ״הערר דירעקטאָר קיסטנער״, אַז מיר וועלן זיך אין קורצן זען און מיר זענען אַוועק.

מיט איינציקע טעג שפּעטער בין איך אין דער באַגלייטונג פון דעם וויצע-פּרעזעס משה מייעראָוויטש פונעם ״יודענראַט״ נאָך אַמאָל געפאָרן קייַן וואָלאָמין און קיסטנער האָט מיר געגעבן אַ בריוו צו דער בוי-אַדמיניסטראַציע אין ווערעשין, נעבן הרוביעשאָוו, מיט דעם באַפעל צו באַפרייַען די יידן, וואָס אַרבעטן בייַם בויען דעם שאָסיי נעבן ווערעשין.

אין דער צייַט וועגן וועלכער עס רעדט זיך, האָבן מיר נישט געהאַט די מינדסטע אַנונג וואָס עס מיינט אַזעלכס אַ נאַצישער אַרבעט-לאַגער, וואָס באַשעפטיקט יידן בייַ עבודת-פּרך אין די שרעקלעכסטע באַדינגונגען וואָס מען קען קוים שילדערן. מען קען אַפילו נישט זאָגן, אַז די יידישע צוואַנג-אַרבעטער האָבן געאַרבעט ווי שקלאַפן. ניין, די אייגנטימער פון שקלאַפן האָבן אָפּגעהיט דעם כוח און דאָס געזונט פון דעם שקלאַף, ווייַל אַ שקלאַף האָט געקאָסט,

האָט מען אים געמוזט שפּײַזן און היטן זײַן געזונט ער זאָל זײַן אַרבעט־פֿעיִק. נישט אַזוי די נאַציס לגבי ייִדן: זיי האָבן די ייִדן געכאַפּט, ווי מען פֿאַנגט חיות, זיי אויסגענוצט בײַ עבודת פּרך פֿון פֿרימאָרגן ביזן אָוונט און אין באַדינגונגען פֿון הונגער. אויב אַ ייִד איז געפֿאַלן, איז ער פֿאַרטרעטן געוואָרן פֿון אַן אַנדער ייִד. מיר האָבן דעמאָלט וועגן דעם נישט געהאַט דעם מינדסטן באַגריף.

האָבנדיק אין דער האַנט קיסטנערס בריוו צו באַפֿרײַען די ייִדן האָבן זיך אָנגעהויבן אַנדערע שוועריקייטן: ווי אַזוי פֿאָרט מען קיין הרוביעשאָוו, ווען ייִדן איז פֿאַרבאָטן צו פֿאָרן מיט דער באַן, אָדער בכלל אַרויסצוגיין פֿונעם געטאָ?

האָב איך זיך פֿאַרשטענדיקט מיט דעם וויצע־פּאָרזיצער פֿון דעם "יודענראַט" אין יאַדעווע, און אים פֿאָרגעלייגט אַז אויב איך האָב אַרויסבאַקומען פֿון קיסטנערן דעם בריוו, זאָל ער, מייעראָוויטש, פֿאָרן מיט אונדז צו דער בוי־אַדמיניסטראַציע אין ווערעשין צו באַפֿרײַען די ייִדישע אַסירים. מייעראָוויטש איז מסכים געווען צו פֿאָרן, אָבער בתנאי מיר זאָלן אים דערפֿאַר באַצאָלן.

ווי מיר האָבן זיך איבערצײַגט פֿון קיסטנערס האַנדלונג מיט דעם שעף פֿון דער געסטאַפּאָ אין וואָלאָמין, איז ער געווען מעכטיק אין וואָלאָמין, יאַדאָוו און אין אַנדערע פּלעצער אין דעם דיסטריקט, אָבער ווי ווײַט גרייכט זײַן מאַכט ווען אַ ייִד פֿאָרט מיט דער באַן, אָדער מיט אַנדערע קאָמוניקאַציע־מיטלען בלויז אויפֿן סמך פֿון זײַנעם אַ בריוו? האָבן מיר באַשלאָסן, אַז מיר וועלן פֿריער צופֿאָרן קיין וואַרשע און קיסטנערס בריוו באַשטעטיקן מיטן האַקנקרײַץ־סטעמפּל פֿון דעם נאַצישן לאַנדראַט. דער לאַנדראַט האָט זיך געפֿונען אינעם זאַקסישן פּאַלאַץ אויף דעם היטלער־פּלאַץ, וואָס פֿאַר דער מלחמה האָט ער געהייסן יוזעף פּילסודסקי־פּלאַץ.

אויפֿן וועג צום לאַנדראַט זענען מיר פֿאַרהאַלטן געוואָרן פֿון פּאַטרולירנדיקע ציווילע געסטאַפּאָ־לײַט. מיט דער איבערצײַגונג פֿון קיסטנערס מעכטיקייט, האָבן מיר די געסטאַפּאָ־לײַט געוויזן דעם בריוו און זיי דערקלערט, אַז מיר נויטיקן זיך אין דער

באַשטעטיקונג פונעם לאַנדראַט, וואָס געפינט זיך דאָ נישט ווײַט, אויף דעם היטלער־פּלאַץ. די נאַציס האָבן איבערגעלייענט דעם בריוו און זיי האָבן זיך צו אים באַצויגן אַזוי ווי קיסטנער האָט זיך באַצויגן צום שעף פון דער געסטאַפּאָ אין זײַן רעזידענץ — מיט גרינגשעצונג. די געסטאַפּאָ־לײַט האָבן אונז צוריקגעגעבן דעם בריוו און אונדז באַפוילן מיר זאָלן אין דער אותו רגע נעלם ווערן, אויב נישט, וועלן מיר דערשאָסן ווערן אויף דעם פּלאַץ ווו מיר שטייען. דער באַפעל איז אונדז געגעבן געוואָרן מיט אַזאַ רוגזה, אַז מיר האָבן בפועל ממש דערפילט, אז מיר לעבן די לעצטע רגעס פון אונדזער לעבן. מיר האָבן אַוועקגעאײַלט, ווי מיר וואָלטן זיך געראַטעוועט פון די הענט פונעם מלאך המוות.

בלית ברירה האָבן מיר מוותר געווען אויף דעם האַקנקרײַץ־סטעמפּל פון דעם לאַנדראַט און געפּאָרן פּרוּוון אונדזערע מזל, צי דער בריוו פון קיסטנערן וועט ווירקן אינעם אַרבעט־לאַגער. לויט ווי עס ווערט באַשריבן די מעשה פון קריעת ים־סוף, איז אָט די מעשה געווען אַ גאָרנישט מיט נישט אַנטקעגן די שוועריקייטן אָנצוקומען קיין הרוביעשאָוו. בײַ דער מעשה קריעת ים־סוף האָט דער רבונו של עולם צוגעהאָלפן די יידן — געשפּאָלטן דעם ים, די יידן זאָלן קענען אַדורכגיין און בלײַבן טרוקן און דערנאָך דעם ים צוריק פאַרגאָסן, אַז די מצרים זאָלן דערטרונקען ווערן. אויף דעם וועג קיין הרוביעשאָוו האָט גאָט נישט פאַרטיליקט די נאַצישע זשאַנדאַרן, די געסטאַפּאָ, די עס־עס און אַנדערע משחיתים. מיר, איך און מייראָוויטש, האָבן געמוזט די נאַציס איבערכיטרעווען און זיי אויסמײַדן.

אין אַ מזלדיקער שעה זענען מיר ענדלעך אָנגעקומען קיין הרוביעשאָוו. כּדי זיך אויסצוגעפינען אין דער לאַגע האָבן מיר זיך קודם־כּל געוואָנדן צום דאָרטיקן "יודענראַט". אויב דער אַרבעט־לאַגער איז נאָענט צו הרוביעשאָוו, קען מסתּמא דער "יודענראַט" וועלן אונדז העלפן אַרויסראַטעווען די יידן פון אַרבעט־לאַגער.

מיר האָבן געמאַכט אַ טעות. אָנשטאָט אונדז העלפן האָט דער פאָרזיצער פונעם "יודענראַט" אונדז געעצהט, פאַר אונדזער טובֿה

וועגן, מיר זאָלן איבערהויפּט מוותר זײַן אויף אונדזער פּלאַן צו ראַטעווען די אַסירים פונעם לאַגער, ווײַל אַזאַ זאַך איז אוממעגלעך. ווי אַ צוגאָב צו די אַסירים אין לאַגער קענען אויך מיר אַליין ווערן קרבנות פון דעם נאַציזם ווילקיר. האָב איך געטענהט, אַז בשום אופן טאָרן מיר נישט רעזיגנירן פון אונזער פּלאַן. מיר האָבן אַ בריוו פון דעם שעף פון דעם אַרבעט־אַמט פונעם גאַנצן וואַרשעווער דיסטריקט, קיסטנער. קיין הרוביעשאָוו האָבן מיר דורכגעמאַכט אַ וועג וואָס איז שווערער פון קריעת ים־סוף. דער וועג, 400 קילאָמעטער לאַנג, איז געווען פול מיט סכנת נפשות. אויף יעדער סטאַציע — נאַצישע זשאַנדאַרן, געסטאַפּאָ־פּאַטרולן. צוויי יידן מיט יידן-לענטעס אויף די אַרבל זאָלן דורכמאַכן אַזאַ סכנהדיק וועג און צום סוף רעזיגנירן פון אַלץ, פון די ייִדישע אַסירים און אפשר פון זיך אַליין — ניין, מיר וועלן בשום אופן נישט הערן די עצה פון דעם פּאָרזיצער פון דעם הרוביעשאָווער "יודענראַט"!

אויב מיר האָבן אײַנגעביסן דעם נאַצי קיסטנער, דעם 33טן מיטגליד פון דעם נאַצי־פּאַרטיי, וועלן מיר פּרוּוון קאָרומפּירן אויך אַנדערע, פון דעם לאַגער אין ווערעשין.

אינעם "יודענראַט" אין הרוביעשאָוו האָב איך באַגעגנט אַ מיטגליד פון דעם ווערעשינער "יודענראַט". אויפן אַרבל פון זײַן מלבוש האָט ער געהאַט אַ גרינע לענטע. ער האָט מיר דערציילט, אַז אינעם ווערעשינער אַרעסט איז פאַרשפּאַרט אַ יידשער יונגער־מאָן אַן אָפּשטאַמיקער פון קאַליש, וואָס פאַר פּרוּוון צו אַנטלויפן פונעם לאַגער איז ער פאַראורטיילט געוואָרן צום טויט. זײַן נאָמען איז גראַבינאַ. מעגלעך אַז דער נאָמען גראַבינאַ האָט זיך מיר אײַנגעקריצט אין זכרון ווײַל מתוך נײַגעריקייט האָב איך נאָכגעקוקט די רשימה פון די וואָס איך האָב געזאָלט באַפרײַען, און דער דאָזיקער נאָמען איז געווען צווישן אַלע אַנדערע. איך האָב דעם אומגליקלעכן געזען ווען איך בין פאַרבײַגעפאָרן דעם אַרעסט. ער איז געהיטן געוואָרן פון עס.אַ. דאָס וואָס גראַבינאַ איז געווען אויף דער רשימה און דאָס בילד ווי דער פאַרמשפּטער צום טויט ווערט באַוואַכט פון עס.אַ. האָט מיך אַ שטויס געטאָן צו האַנדלען

ענערגיש: קודם כל אָפּראַטעווען דעם יונגנמאַן פון אַ זיכערן טויט. איך האָב געדונגען אַ דאָראָזשקע און מיר, דער וויצע־פּרעזעס מייעראָוויטש, דער מאַן פון דעם ווערעשינער "יודענראַט" און איך, זענען געפאָרן צום לאַגער, וואָס האָט זיך געפונען אויסער ווערעשין. אויפן וועג האָט דער מאַן פונעם ווערעשינער "יודענראַט" חרטה באַקומען און נישט געוואָלט מיטפאָרן צום לאַגער.

דער לאַגער איז געווען אַ נישט־געשלאָסענער און ער איז אויך נישט שטרענג געהיטן געוואָרן, דאָך דאָס וואָס דאָרט האָבן געאַרבעט ייִדן צוואַנג־אַרבעט האָט אָפּגעשראָקן. אויף אַ מרחק פון אַ זעקס קילאָמעטער פונעם לאַגער האָט אויך מייעראָוויטש חרטה באַקומען און ער האָט נישט געוואָלט זיך דערנעענטערן צום לאַגער. האָב איך זיך אָנגעגורט מיט מוט און זיך דערנעענטערט צו די אַרבעטנדיקע. האָב איך אָנגעטראָפן אויפן ייִדישן אַרבעט־אויפזעער און געפרעגט אויפן קאָמענדאַנט פונעם לאַגער. דער ייִד האָט מיר אָנגעוויזן אויף אַ הויז, אין וועלכן עס האָט זיך געפונען די לאַגער־קאָמענדאַנטור.

זענען מיר אַוועק צו דעם אָנגעוויזענעם הויז און נישט אָן דערשיטערונג האָב איך דערזען פאַר זיך דעם לאַגער־קאָמענדאַנט. ער איז געווען אַן אוקראַינער פון אַ ריזיקער הייך און דיקקייט, מיט געוואַלדיק גרויסע הענט, ווי לאָפּאַטעס, אויסטאַטוירטע אַזוי, אַז קיין צייכן פון דער נאַטירלעכער הויט איז נישט געווען צו זען. אין מיינע אויגן האָט ער אויסגעזען ווי אַ מאָנסטער וואָס איז נאָר וואָס אַרויס פון אַן אורוואַלד. איך האָב געזען אין אים אַן אומברחמנותדיקן מערדער, און עס איז מיר געוואָרן קלאָר פאַרוואָס דער אָרעמער און פאַרפּייניקטער גראַבינאַ איז דורך אים פאַרמשפט געוואָרן צום טויט.

אָן ספק דערוואַרט דער זעלבער גורל אַלע ייִדן, וואָס געפינען זיך אינעם לאַגער אונטער דער ווילדער מאַכט פון אָט דעם אוקראַינער.

דער סעקרעטאַר פון דער אוקראַינישן לאַגער־קאָמענדאַנט

איז געווען אַ ייִדיש ייִנגל פון וואַרשע. ער האָט זײַן ווילדן שעף דערציילט צוליב וואָס מיר זענען געקומען און דער אוקראַינער האָט באַוויליקט צו זעען דעם בריוו פון קיסטנערן. גלײַך ווי איך האָב פאַר אים אַוועקגעלייגט דעם בריוו, און טראַכטנדיק, אַז דער ווילדער אוקראַינער לייענט נישט קיין דײַטש, האָב איך אים דערקלערט וואָס עס שטייט דאָרט געשריבן. שיינט מיר, אַז ער האָט אַפילו נישט אַרײַנגעקוקט אין דעם בריוו, נאָר מער פון דעם וואָס איך האָב אים געזאָגט, האָט ער אַ בריל געטאָן ווי אַ ריזיקער בער, אַז אויב מיר טראָגן זיך גלײַך נישט אָפּ פון זײַן ביוראָ, דערשיסט ער אונדז אויפן פלאַץ. זײַן פּרצוף האָט זיך אָנגעפילט מיט בלוט. די אויגן זײַנע זענען געווען ווי פון אַ ווילדיקייט. מײַן באַגלייטער, דער וויצע־פּרעזעס פון דעם יאַדעווער "יודענראַט", איז פון פּחד געוואָרן בלייך, זײַנע אויגן פולע מיט אומבאַשרײַבלעכער שרעק. איך וועל נישט לייקענען, אַז אויך מײַן האַרץ האָט געפלאַטערט פון שרעק. כ'האָב, וואָס אַן אמת, נישט געזעען דער לאַגער־קאָמענדאַנט זאָל טראָגן אַ רעוואָלווער, אָבער ווען אַזאַ באַרג פלייש לאָזט אַראָפּ איינע פון זײַנע ריזיקע לאָפּאַטע־הענט איבער איינעם פון אונדז, וואָלט ער אים געטויט אויפן פלאַץ.

מיט אָט דער שרעק האָבן מיר פאַרלאָזט די קאַנצעלאַריע פון דעם אוקראַינישן לאַגער־קאָמענדאַנט. דער וויצע־פּרעזעס פונעם יאַדעווער "יודענראַט" האָט זיך אויפגעהויבן און אַוועק מיט דער דראָזשקע צוריק קיין הרוביעשאָוו, זאָגנדיק: "ס'איז נאָך גוט וואָס מיר האָבן אָפּגעשניטן, ווי מיר האָבן אָפּגעשניטן, און דער אוקראַינער האָט אונדז נישט דערשאָסן".

די ווערטער פון רעזיגנאַציע האָבן אין מיר דערוועקט דערווידער. צי הייסט עס אַז מײַן אײַנשטעלונג, אַז יעדן נאַצי קען מען אין אַ געוויסער סיטואַציע איבערקויפן, איז אַ פאַלשע אײַנשטעלונג?

סײַ ווי איז דער וועג צוריק קיין יאַדעווע פול מיט סכנות — וועל איך מחמת דער לעצטער סכנה נישט רעזיגנירן. איך האָב געהאַט דאָס געפיל, אַז אַן איבערנאַטירלעכער כּוח שטויסט מיך צו

קדוש־השם, און דאָס געפיל האָט מיך אָנגעפילט מיט אַן אויסטערלישער זיכערקייט. דער ווערעשינער וויצע־פּרעזעס האָט זיך פּשוט געזעגנט מיט מיר און איז אַוועק צו זיך אַהיים.

איך האָב צוגעזאָגט, סײַ דעם יאַדעוווער און סײַ דעם מאַן פֿו־נעם ווערעשינער "יודענראַט" צו טאָן אַלץ וואָס מעגלעך, איך זאָל מיט קיסטנערס בריוו באַפֿרײַען די יידן, וואָס געפינען זיך אויף אונדזער ליסטע.

סטימולירט פון דעם אָנזאָג פון מײַן פאָטער, אַז ווען איך וועל שטיין אַנטקעגן אַ שטאַרקן זאָל איך זײַן שטאַרקער, בין איך אַרײַן אין אַ געשעפט פון אַלקאָהאָל־געטראַנקען, געקויפט אַ ליטער בראָנפן און אײַנגעהאַנדלט גוטן קאָלבאַס און אַנדערע אַפּעטיטלעכע דעליקאַטעסן און צוגעגאַנגען צו דער קאָמענדאַנטור פונעם אַרבעט־לאַגער. מײַן געפיל פון סכנה האָט געהאַט אין זיך עפּעס פֿײַערלעכס, וואָס האָט מיך געטריבן פאָראויס.

איך האָב אָנגעקלאַפּט אין דער טיר פון דעם צימער ווו עס איז געזעסן דער באַנדיטישער אוקראַינער. אין דער האַנט האָב איך געהאַלטן די פלאַש בראָנפן און אַ ווורשט, אַזוי אַז ער זאָל די זאַכן זעען, און איך האָב געזאָגט מיט אַן ענערגישער שטים:

"הער קאָמענדאַנט, איך האָב באַשלאָסן צוריקצופאָרן אַהיים, אָבער אויף געזעגענען זיך מוזן מיר אויסטרינקען אַ גלעזל".

פון די אויגן פון דער אוקראַינער גאָרילע האָב איך געזען, אַז ער האָט באַמערקט סײַ די פלאַש בראָנפן און סײַ דעם ווורשט אויף אַ שטריקל. איך האָב דעם ווורשט בכיוון געהאַלטן נאַקעט, כדי ער זאָל פאַרשפּרייטן דעם ריח פון גערויכערט פלייש.

ווי אַ פיש שלינגט אײַן די לאָקונג אויף אַ הענגל, אַזוי האָט דער אוקראַינער אײַנגעשלונגען די לאָקונג פונעם בראָנפן און ווורשט און ער איז געוואָרן גאָר אַן אַנדער באַשעפעניש. נישט קיין מענטשלעך באַשעפעניש, נאָר אַ סאָרט הינטיש באַשעפעניש, וואָס דערפילט אַ געשמאַקן ביסן און ווערט קנעכטיש מילד, כדי צו געניסן פון דעם געשמאַקן ביסן. גלעזער האָט דער ווילדער מענטש געהאַט אין זײַן קאַנצעלאַריע, האָב איך אַפילו נישט געדאַרפט בעטן ער זאָל זיי

ברענגען. נאָך איידער איך האָב אָנגעדײַט זענען די גלעזער געשטאַנען אויפֿן טיש פּולע.

מיר האָבן צוזאַמען אויסגעטרונקען דעם גאַנצן ליטער בראָנפֿן און פֿאַרביסן מיט שטיקער וווּרשט. צו מײַן גליק האָב איך געקענט טרינקען נישט ערגער פֿון וועלכן עס איז גוישן שיכּור. איך בין נישט געוואָרן שיכּור, אָבער די אויגן פֿון "מײַן" אוקראַיִנער האָבן זיך נאָכן אויסטרינקען אַ האַלבן ליטער בראָנפֿן פֿאַרנעפּלט און פֿון זײַן אויסטערליש באַלעקן זײַנע ליפּן האָב איך באַמערקט, אַז ער איז צו ביסלעך בגלופֿין, אָבער לגמרי נישט שיכּור. האָב איך פֿון מײַן בוזעם־קעשענע אַרויסגענומען אַ פּעקל באַנקנאָטן פֿון צען טויזנט זלאָטעס און עס אַוועקגעלייגט פֿאַר זײַנע פֿאַרנעפּלטע אויגן.

"הער קאָמענדאַנט, דאָ האָסטו צען טויזנט זלאָטעס ווי אַ מתּנה פֿון מיר".

איך האָב אייגנטלעך די ווערטער נישט געדאַרפֿט זאָגן. דער אוקראַינער האָט דאָס פּעקל באַמערקט און דערויף אַרויפֿגעלייגט זײַן גאָרילישע לאַפּע.

אין אָט דער רגע איז אין דעם באַשעפֿעניש פֿאָרגעקומען אַ פֿולשטענדיקע מעטאַמאָרפֿאָזע: ס'איז, אמת, געווען דער זעלבער באַרג פֿלייש מיט טאַטווירטע הענט ווי לאָפּאַטעס, אָבער זײַן פּרצוף איז געוואָרן ווי פֿון אַ זאַטן בולדאָג, און ער האָט געזאָגט צו מיר אומגעריכט:

"איצט וועל איך באַשטעלן נאָך אַ ליטער".

ער האָט אַרײַנגערופֿן זײַן סעקרעטאַר, דאָס יידישע ייִנגל פֿון וואַרשע, און אים אַוועקגעשיקט ברענגען אַ ליטער בראָנפֿן.

אויב פֿריער האָב איך אָנגעגאָסן דעם בראָנפֿן אין די גלעזער, האָט דאָס מאָל מיר אָפּגעדינט דער אוקראַיִנער. ער האָט אָנגעגאָסן די גלעזער און אַרײַנגעגאָסן אין זיך דעם שאַרפֿן געטראַנק, ווי ער וואָלט געווען וואַסער. ער האָט פֿון מיר געמאָנט איך זאָל טאָן דאָס זעלבע. איך האָב געקענט מײַנע טרינק־מעגלעכקייטן. איך בין וואָס אַן אמת קיין מאָל נישט געוואָרן שיכּור ממש, אָבער נאָך אַ גרעסערער פּאָרציע אַלקאָהאָל פֿלעגט אין אַ געוויסער מאָס

אָפּגעשוואַכט ווערן מײַן אויפמערקזאַמקייט. אַז דער אוקראַינער רוצח האָט געפאָדערט איך זאָל טרינקען מיט אים, האָב איך אים נישט געקענט אָפּזאָגן. האָב איך יעדעס מאָל דאָס גלאָז צוגעלייגט צו מײַנע ליפּן און מער קיין טראָפּן נישט געטרונקען. און ווײַל ער איז געוואָרן שיכּור ווי לוט, האָב איך מײַן בראָנפן אויסגעגאָסן אונטערן טיש אויף דער שטיינערנער פּאָדלאָגע. און מערקווירדיק: כאָטש ער איז שוין געווען שיכּור האָט ער דאָך נישט פאַרלוירן דעם קאָפּ און געהאַלטן רעכבענונג נאָך וואָס איך בין געקומען און וואָס ער דאַרף טאָן. ער האָט אַרײַנגערופן זײַן סעקרעטאַר, דאָס וואַרשעווער יינגל, און אים באַפוילן אָנשרײַבן אַ דאָקומענט, אַז עס ווערן פונעם לאַגער באַפרײַט די אַלע יידן, וואָס זייערע נעמען געפינען זיך אויף דער בײַגעלייגטער רשימה.

און דער אוקראַינער האָט באַפוילן:

״מאָרגן אין דער פרי זאָלן דאָ, פאַר מײַן קאַנצעלאַריע, שטיין אַלע באַפרײַטע יידן און אויך אַ לאַסט־מאַשין, וואָס וועט די באַפרייַטע אָפּפירן צו דער באַן אין הרוביעשאָוו״.

צוזאַמען מיט דעם באַפרײַונג־דאָקומענט האָט מיר דער אוקראַינער אויך געגעבן אַ באַשטעטיקונג, אַז איך, צוזאַמען מיט די באַפרייַטע, מעגן פאָרן מיט דער באַן פון הרוביעשאָוו ביז דער סטאַציע אורלע נעבן יאַדעווע.

אַז איך האָב שוין געהאַט די דאָקומענטן אין מײַנע הענט, האָב איך געזאָגט צו דעם אוקראַינער:

״איך האָב צו דיר נאָך איין בקשה, וואָס דו טאָרסט מיר נישט אָפּזאָגן. באַפרײַ דעם צום טויט־פאַרמשפּטן גראַבינאַ. ער געפינט זיך אויף דער ליסטע פון די וואָס דו באַפרײַסט. ער געפינט זיך אין אַרעסט אין ווערעשין. אָן אים קען איך נישט אַהיימקומען״.

דער ווילדער אוקראַינער האָט געפּרוווט זיך בייזערן:

״וואָס ווילסטו, מען זאָל מיך דערשיסן?״

״חס וחלילה,״ האָב איך געטענהט צו אים, ״פאַרוואָס זאָל מען דיך דערשיסן? איך האָב אַן עצה: פאַראָרדן צו ברענגען דעם

פאַרמשפּטן צו דיר אין דער לאַגער־תּפיסה. מסתּמא האָסטו אַזאַ תּפיסה. דאָס קענסטו מאַכן. אַז דו וועסט אים האָבן ביַי דיר אין דער תּפיסה וועסטו קענען טאָן מיט אים וואָס דו ווילסט — באַפרײַען אים אָדער... פאַר באַפרײַען אים באַקומסטו דעם שענסטן מאַנטל וואָס דו האָסט ווען עס איז געהאַט און אַ פּאָר אָפּיצירישע שטיוול, וואָס מען קען זיך אין זיי שפּיגלען. אָט דאָ, זעסט, האָב איך אויף דער האַנט אַ גוטן און טײַערן זייגער״.

איך האָב אַראָפּגענומען דעם זייגער פון מײַן האַנט און אים אַוועקגעלייגט פאַר דעם אוקראַינער ווי אַ שטיק יצר־הרע:

״דאָס איז אַ קאָנטאָ פאַר דער באַלוינונג צו באַפרײַען דעם אָרעמען גראַבינאַ״.

ווי פאַר אַזאַ ווילדער חיה, ווי עס איז געווען דער אוקראַינישער לאַגער־קאָמענדאַנט, איז דער זייגער געווען אַן אויסגעצייכנטער יצר־הרע. אויפן פּלאַץ האָט ער מיר צוגעזאָגט, אַז ער וועט אַרויסשיקן צוויי פון זײַנע אוקראַינער, מען זאָל דעם פאַרמשפּטן גראַבינאַ איבערפירן פון דער שטאָטישער תּפיסה אין ווערעשין צו אים אין לאַגער — אין דער לאַגער־תּפיסה. וואָרום דער פאַראורטיילטער געהער דאָך צו זײַן לאַגער. פון דעם לאַגער האָט ער געפּרוווט אַנטלויפן — געהער ער צו דער לאַגער־עווידענץ און ער, דער לאַגער־קאָמענדאַנט, וועט מיט דעם ייד מאַכן ווערדליק זײַנע קאָמפּעטענצן.

ווען איך בין אויף צומאָרגנס אין דער פרי געקומען צו דער לאַגער־קאַנצעלאַריע זענען שוין דאָרט געווען אויסגעשטעלט די יידן צו באַפרײַונג און אויך אַ גרויסער לאַסט־אויטאָ. די אַלע, וואָס איך האָב געהאַט אין מײַן רשימה, זענען געווען גרייט אַוועקצופאָרן, אָבער איינער האָט מיר געפעלט — דער פאַרמשפּטער צום טויט, גראַבינאַ, וואָס דער אוקראַינער האָט מיר צוגעזאָגט צו ברענגען אים אין לאַגער און אים באַפרײַען צוזאַמען מיט אַלע.

נאָך אַ לענגערער רגע וואַרטן, בין איך געוואָרן אומרויִק. איך געפין זיך אין גאַנצן אין די הענט פון דעם ווילדן מענטש, דעם אוקראַינישן לאַגער־קאָמענדאַנט. מײַן זייגער האָט ער טאַקע

צוגענומען, דאָס פּעקל געלט — אויך, אָבער עס קען אים גראָד איַינפאַלן חרטה צו האָבן אויף דער גאַנצער מעשה און צוריקנעמען די גרופּע באַפּרײַטע יידן אין לאַגער אַרײַן. יידן זענען דאָך הפקר — איז יעדער ווילדער קאַפּריז קעגן זיי מעגלעך.

יעדע מינוט וואַרטן האָט זיך געצויגן אומענדלעך. אויך די באַפּרײַטע וואַרטנדיקע יידן זענען געוואָרן אומגעדולדיק. אויף וואָס וואַרט מען? אפשר איז דאָס גאַנצע וואַרטן בחינם? עס קען דאָך געמאָלט זײַן, אַז פון נעכטן ביז הײַנט האָט די געסטאַפּאָ דערשאָסן דעם אומגליקלעכן גראַבינאַ.

״מען דאַרף נישט וואַרטן״, האָבן איינִיקע פון די באַפּרײַטע געמורמלט.

איך בין באַוווּרקט געוואָרן פון דער קאָלעקטיווער נערוועזיטעט און באַשלאָסן: מיר פאָרן!

צווישן די באַפּרײַטע איז געווען אַ צאָל קראַנקע און צעבראָכענע. האָט מען זיי די ערשטע אויפגעלאָדן אויף דער לאַסט־מאַשין און דערנאָך זענען אַרויף די געזונטע, וואָס אויך זיי האָט געפעלט אַ סך צו זײַן געזונט. איך בין אײַנגעשטיגן אין דער שאָפערן־קאַבינע.

דאָ, אין דער שאָפערן־קאַבינע, איז מיר אײַנגעפאַלן, אַז עס וועט זײַן זיכערער ווען איך וועל פון מײַן אַרבל אַראָפּנעמען די יידן־לענטע. עס איז געזונטער אַז אַ טראַנספּאָרט יידן זאָל געפירט ווערן פון אַ נישט־ייד, וואָרום אויב דער פירער זייערער איז אויך אַ ייד — און יידן זענען הפקר — איז אויך דער יידישער טראַנספּאָרט־פירער הפקר. און ווי מײַן אינטויציע האָט מיר אונטערגעזאָגט אַזוי איז אויך געשען אין דער ווירקלעכקייט.

פאָרנדיק מיטן גלײַכן שאָסיי האָב איך דורך דעם ווינט־פענצטער פון דער לאַסט־מאַשין דערזעען פון דער ווײַטנס צוויי אין שוואַרצע מונדירן געקליידטע פאַרשוינען און נעבן זיי אַ דריטן, וואָס עס איז מיר שווער געווען זיך פאָרצושטעלן ווער דאָס קען זײַן. אַז די שוואַרצע מונדירן זענען פון נאַציס, איז געווען נישט שווער צו טרעפן, אָבער דער דריטער? אוודאי, עס קען זײַן אַ געפאַנגענער.

אין דער צײַט לויערן דאָך די נאַציס אויף מענטשן, ווי אויף חיות. וואָס נעענטער די מאַשין איז געקומען צו די דרײַ פאַרשוינען, אַלץ בולטער איז געוואָרן, אַז די צוויי אין שוואַרצע מונדירן פירן דעם מאַן, וואָס איך האָב אים געזעען דורך די קראַטן אין דער תּפיסה אין ווערעשין. ער איז געווען אָפּגעריסן און אָפּגעשליסן, און באָרוועס. גראַבינאַ! דער צום טויט־פאַרמשפּטער!

איך האָב באַפוילן צו פאַרהאַלטן די לאַסט־מאַשין, זיך דערנעענטערט צו די דרײַ — צו דעם קאָנוווי מיט דעם פאַרמשפּטן, און ווי איך וואָלט זיך פריִער געריכט, אַז איך וועל אים באַגעגענען, האָב איך אויסגעריטשטעט אויפן שטייגער ווי עס ריטשען די נאַציס:

״דו פאַרפלוכטער יודע, ווי לאַנג האָבן איך געדאַרפט וואַרטן אויף דיר, דאָננער וועטער. אַרויף אויף די מאַשין!״

איך האָב אים צוגענומען פון דעם קאָנוווי און אים אַ שטופּ געטאָן צום לאַסט־אויטאָ. די צוויי אוקראַאינער זענען פון דער פלוצימער סצענע געוואָרן אַזוי פריטשמעליעט, אַז איידער זיי האָבן זיך אָריענטירט וואָס דאָ קומט פאָר, האָט שוין די מאַשין געהאַט גערירט. וואָרשײַנלעך האָבן די צוויי אָנגענומען, אַז מײַן באַפעל איז געקומען פון דער העכערער מאַכט. זיי האָבן דאָך דעם פאַרמשפּטן געדאַרפט צושטעלן צום לאַגער־קאָמענדאַנט באַגינען...

איך בין אין דעם פאַל געווען די ״העכערע״ מאַכט. אַזוי איז אַ געוויסע צײַט געווען מיט די נאַציס: געוואַגטקייט, שנעלע אָריענטאַציִע אין דעם געשאַפענעם מצב, האָט באַווירקט די טעמפּקייט פון זייער קנעכטישער דיסציפּלין.

אויפן וועג, ביז יאַדעווע, האָט קיינער אונדז נישט פאַרהאַלטן. דאָס איז געווען פאַר מיר אַ סימן, אַז די צוויי שוואַרצע אוקראַאינער האָבן זיכער געמאָלדן דעם אוקראַאינישן לאַגער־קאָמענדאַנט און ער האָט צוגעשטימט צו דעם וואָס עס איז געשען אויפן וועג. איך האָב גראַבינאַן צוזאַמען מיט אַלע געבראַכט קיין יאַדעווע.

אין דער צײַט וועגן וועלכער עס רעדט זיך דאָ, האָט קיינער נישט געקענט וויסן, אויסער דעם נאַצישן מערדער־אַפּאַראַט, אַז עס

דערנעענטערט זיך דאָס שרעקלעכסטע און וואָס די נאַציס האָבן באַצייכנט מיט ״ענדגילטיקע לייזונג פון דער ייִדנפּראַגע״. דעריבער האָב איך דאָס באַפרײַען די ייִדן פון דעם אַרבעט־לאַגער און דאָס אָפּראַטעווען אַן איינציקן ייד פון אַ זיכערן טויט אויפגענומען ווי אַ נס.

וואָס אָנבאַלאַנגט טרוקענע צרות, האָבן זיי זיך ביז דעמאָלט געשאָטן פון אַלע זײַטן און טאָגטעגלעך. קעגן אָט די טרוקענע צרות האָב איך זיך פאַרמאָסטן און זיי בײַגעקומען דורך דעם דערמאָנטן קיסטנער, וואָס אַ דאַנק דער וויכטיקייט פון זײַן אַמט איז ער געווען דער כּל־יכול אין דעם ראַיאָן.

יידן פון דעם שטעטעלע לאַכעווע (אויף פּויליש: לאַכווו) האָבן איין מאָל אַלאַרמירט דעם יאַדעווער ״יודענראַט״, אַז געסטאַפּאָ האָט געכאַפּט יידן און קיינער ווייסט נישט צו וואָס פאַר אַ צוועק. אויב נישט אומצוברענגען וועלן די ייִדן פון די נאַצישע לאַפּעס סײַ ווי נישט אַרויס קיין גאַנצע. ווי נאָר די מעשׂה איז דערגאַנגען צו מיר האָב איך געאײַלט קיין וואָלאָמין צו קיסטנערן און ער האָט באַפוילן די לאַכעווער געסטאַפּאָ גלײַך די יידן צו באַפרײַען. איך האָב באַוווּנדערט זײַן פרײַנדשאַפט צו מיר. נאַטירלעך איז די פרײַנד־שאַפט געווען אַ געקויפטע. פאַר יעדער טובֿה האָב איך אים באַלוינט מיט אַ ברייטער האַנט, אויף וואָס נישט ער און נישט זײַן פּוילישע געליבטע זאָשע האָבן זיך געקענט באַקלאָגן...

קיסטנער האָט מיר געגעבן אַ בריוו צו דעם קאָמענדאַנט פונעם לאַגער, וואָס האָט געהערט צו דער געסטאַפּאָ אין לאַכעווע. אין איינעם אַ שבת אין דער פרי, איך האָב שוין דעמאָלט געוווּסט געענוי ווו די ייִדישע אַסירים געפינען זיך, האָבן מיר געדונגען דרײַ דאָראָזשקעס,און זיבן יידן פון דעם ״יודענראַט״, בתוכם אויך איך, זענען מיר געפאָרן אָפּראַטעווען און אַהיימברענגען די אומגליקלעכע.

אַ פּאָר צענדליק מעטער פאַר דער וואַך פונעם לאַגער האָבן זיך עטלעכע לײַט פונעם ״יודענראַט״ איבערלייגט, אַז ס׳איז בעסער נישט אַרײַנצוקריכן אין די פּיסקעס פון די נאַצישע וועלף, און זיי

האָבן זיך אָפּגעטראָגן. צו דער וואַך זענען מיר צוגעקומען צוויי פון די זיבן. אַ געסטאַפּאָ־אונטעראָפיציר האָט זיך דערנענטערט צו מיר און פרעך אויסגעשריגן: ״וויר האַבען נאָך יודען!״ איך האָב זיך געמאַכט אַ האַרץ און געזאָגט מיט שטאָלץ:

״מיר זענען נישט געקומען דאָ צו אַרבעטן. איך האָב אַ דאָקומענט פון דעם קאָמענדאַנט פון דעם אַרבעט־אַמט צו באַפרייַען אַרבעטנדיקע״. און מיט אַ פאַרטרווילעכן טאָן האָב איך צוגעגעבן: ״ווען דו ווילסט האָבן אַ פּאָר שיינע שטיוול, קום צו מיר אין ״יודענראַט״ אין יאַדעווע און דו באַקומסט אַזעלכע. איצט פיר מיך צום לאַגער־קאָמענדאַנט״.

גייענדיק צו דער לאַגער־קאַנצעלאַריע האָב איך געזען ווי אַ נאַצי שלאָגט די אַרבעטנדיקע אַסירים מכּות רצח מיט אַ נאַגייַקע וואָס בייַם שפּיץ האָט זי אַ בלייַ־קייַלעכל, ריטשענדיק אַז די ייִדן זאָלן אין דער בלאָטע טאַנצן שטאַרקער, כּדי די בלאָטע זאָל זיך אויסטרוקענען שנעלער. האָב איך צו דעם מערדער אַ געשריי געטאָן ער זאָל די מענטשן נישט שלאָגן. דער כוליגאַן האָט נישט פאַרשטאַנען מייַן חוצפּה, דאָך האָט ער אַראָפּגעלאָזט זייַן נאַגייַקע.

דאָס איז פאָרגעקומען ווען דער אונטעראָפיציר איז אַרייַן אין דער לאַגער־קאַנצעלאַריע אָנצומעלדן דעם קאָמענדאַנט וועגן אונזער אָנקומען.

דער לאַגער־קאָמענדאַנט האָט אונדז אויפגענומען אַן אָנגעבלאָזענער, אָבער ווי נאָר איך האָב אים דערלאַנגט דעם בריוו, איז ער געוואָרן מילדער. זעט אויס, אַז ער האָט גוט געוווּסט ווער קיסטנער איז און וואָס פאַר אַ מאַכט־כּוח ער פאַרמאָגט, וואָרום אָן אויסצורעדן אַ וואָרט האָט ער באַפוילן גלייַך באַפרייַען די ייִדן.

מיר האָבן די באַפרייַטע — קראַנקע, צעבראָכענע און פאַרווונדעטע — אַרויפגעזעצט אויף די דראָזשקעס און מיר זענען אַוועק קיין יאַדעווע.

אַ טאָג שפּעטער איז איינער פון די באַפרייַטע געשטאָרבן פון די קלעפּ, וואָס ער האָט באַקומען פון די נאַציס אינעם לאַגער.

* * *

פון צײַט צו צײַט פּלעגט קיסטנער קומען קיין יאַדעווע.
ער האָט גאָר שטאַרק ליב געהאַט דעם ביטערן טראָפּן און איך האָב געזאָרגט דערפאַר, ער זאָל קיין מאָל נישט זײַן שנאַפּס־דורשטיק. אַן ערך אַ יאָר פאַר דעם אָנהייב פון דעם טאָטאַלן חורבן, אין 1942, איז קיסטנער געקומען קיין יאַדעווע און מיר פאַרטרויט אַ "רײַכסגעהיימניס", אַז דער דריטער רײַך גרייט זיך מאַכן פּוילן פולשטענדיק "יודענריין". דאָס פאַרטרויטע האָב איך אי־בערגעגעבן אין "יודענראַט" און צו מײַנע פרײַנד און באַקאַנטע. קיינער האָט דערין נישט געוואָלט גלויבן. אויך איך אַליין, כאָטש קיסטנער איז געווען כלפּי מיר פולשטענדיק אויפריכטיק, האָב נישט געוואָלט גלויבן, אַז קיסטנער זאָגט מיר דעם אמת. מסתמא, האָב איך געטראַכט, וויל ער דורך אַזאַ ביטערע בשורה, אַרויסבאַקומען פון מיר וואָס מער. וואָרום אויב די ייִדן וועלן גלויבן אין דער שרעקלעכער בשורה — וואָס פאַר אַ ווערט האָט זייער פאַרמעגן? אַוודאי וועלן די נאַציס וואָס אַמאָל מער רודפן און באַרויבן די ייִדן פון אַלע זייער מענטשלעכע רעכט; פון איין זײַט די נויט, דער הונגער, און פון דער צווייטער זייט דער טיפוס, וועלן רײַסן שטיקער פון די מיליאָנען ייִדן אין די געטאָס און לאַגערן, אָבער פון דאַנען ביז טאָטאַלער פאַרניכטונג פון אַלע ייִדן אין פּוילן — דאָס לייגט זיך נישט אויפן מענטשלעכן שכל.

אין אָנהייב 1942, ווען עס האָבן אָנגעהויבן זיך דורכרײַסן קלאַנגען, אַז די נאַציס האָבן געשאַפן קאָנצענטראַציע־ און פאַרניכטונג־לאַגערן, ווי טרעבלינקע, מײַדאַנעק, בעלזשעץ, סאָביבאָר און זיי ענלעכע, האָבן ייִדן מער מיט דעם אינסטינקט ווי מיט דער קלאָרן שכל און לאָגיק פאָראויסגעפילט, אַז עס דער־נעענטערט זיך אַ גרויס אומגליק. ביז גאָר חשדימדיק איז געווען

די נאַצישע אַקציע אויסצולייזן זייערע זאַכן. די קליינע שטעטלעך, וואָס זיי האָבן פריער נישט אויסגעליידיקט, ווי זיי האָבן עס געטאָן אין ווישקאָוו און די שטאָט פאַרברענט, און די אַרויסגעטריבענע יידן איינגעזאַמלט אין וואַרשעווער געטאָ.

מיט אָט די גירושים קיין וואַרשע האָבן זיי ענדגילטיק חרוב געמאַכט יעדן עקאָנאָמישן אָנשפּאַר פאַר יידן. אין די אויסגעליידיקטע יידישע שטעטלעך איז געבליבן די פּראַצע פון דורות, געבליבן צום רויב פון די נאַציס און פון די אָרטיקע פּאָליאַקן.

צווישן וואַרשע און יאַדעווע האָט זיך געפונען אַ קליינטשיק שטעטעלע טלושטש. אין איינעם אַ טאָג האָבן די נאַציס צונויפגעזאַמלט אַלע יידן, וואָס האָבן זיך דעמאָלט געפונען אין טלושטש און זיי אַרויסגעפירט קיין וואַרשע. בלויז דעם רבֿ איז געלונגען זיך אַרויסצובאַקומען פון טלושטש. ער איז אַנטלאָפן קיין יאַדעווע און זיך אויסבאַהאַלטן ביים אָרטיקן ראש־ישיבה.

איז געשען אַן אומגליקלעכער צופאַל: פון וואַרשע איז געקומען אַ נאַצישער זשאַנדאַר־אָפיציר צו דער יאַדעווער פּאָליציי. איינער פון די פּאָליציי־לייט, וואָרשיינלעך איז ער געווען אַ פּאָלקסדייטש און געהייסן האָט ער ניעראַדקע, האָט דעם זשאַנדאַר־אָפיציר דערציילט, אַז אין יאַדעווע באַהאַלט זיך אויס דער רבֿ פון טלושטש, וואָס האָט זיך אַרויסבאַקומען פונעם שטעטל, ווען אַלע אָרטיקע יידן זענען טראַנספּאָרטירט געוואָרן אין וואַרשעווער געטאָ. איז דער זשאַנדאַר־אָפיציר אַוועק אין "יודענראַט" און באַפוילן, במשך פון אַן ערך צוויי שעה זאָל מען אים צושטעלן דעם טלושטשער רבֿ. אויב דער אולטימאַטום וועט נישט אויסגעפירט ווערן, ווי ער באַפעלט, וועט דערשאָסן ווערן דעם גאַנצער "יודענראַט". וועגן דעם אולטימאַטום איז גלייך איבערגעגעבן געוואָרן דעם טלושטשער רבֿ. דער רבֿ איז געקומען אין "יודענראַט", ווו עס האָט געוואַרט דער זשאַנדאַר־אָפיציר, און אָן שום שהיות דערקלערט, אַז בשום אופן וועט ער נישט מסכים זיין אַ מנין יידן זאָלן חלילה געטויט ווערן אָנשטאָט אים. אָט האָט ער זיך צוגעשטעלט און ער איז גרייט אַנטקעגנצוגיין זיין גורל. גלייך ווי דער רבֿ האָט געזאָגט וואָס ער

האָט געזאָגט, האָט דער נאַצי באַפוילן ער זאָל גיין מיט אים. דער מערדער האָט דעם רבֿ אַרויסגעפירט אין הויף פונעם "יודענראַט" און אַרויסגעצויגן זײַן רעוואָלווער. ווי דער רבֿ האָט געזעען וואָס עס גייט געשען מיט אים, האָט ער אָנגעשפּיגן אין פּרצוף פונעם זשאַנדאַר־אָפיציר. צוויי־דרײַ שאָסן און דער רבֿ איז געפאַלן אויף קדוש־השם. דער רוצח האָט צוריקגעקערט אין "יודענראַט" און באַפוילן, אַז אויף דעם זעלבן הויף ווו דער רבֿ איז דערשאָסן געוואָרן זאָל אויסגעגראָבן ווערן אַ גרוב און אין אים זאָל באַערדיקט ווערן דער דערשאָסענער. און אַזוי איז געטאָן געוואָרן.

מיט אַ חודש שפּעטער האָט מען געפונען ניעראַדקען אַ געהרגעטן נעבן אורלע. ווער עס האָט אים געהרגעט איז געבליבן אַ סוד.

דער פאַל מיט דעם טלושטשער רבֿ האָט מיך באַוויגן איך זאָל זיך באַפרײַען פון אַלע מעגלעכע אילוזיעס און אָננעמען פאַר אַ פאַקט, אַז נישט געקוקט אויף אַלע מײַנע מעגלעכקייטן און בראַוורע איבערצוקויפן נאַציס — איז דאָס לעבן פון מײַן משפּחה און פון מיר גופא אין גרויסער סכנה. אויב דאָס לעבן פון ייִדן איז געוואָרן אַזוי הפקר, ווי עס איז געוואָרן, און קיין שום טויט־גזירה קען מען נישט אָפּשרײַען — איז אויך מײַן לעבן אין געפאַר.

דער בירגערמײַסטער פון יאַדעווע, שרעדער האָט ער געהייסן, איז געווען מײַנער אַ גוטער פרײַנד, בין איך אַוועק צו אים און אים פאָרגעלייגט אַ "געשעפט":

אַזוי ווי די ערד הייבט אָן ברענען אונטער אונדזערע פיס און איך ווייס נישט ווען דאָס אומגליק וועט זיך דערנעענטערן צו יאַדעווע, בעט איך אים, ער זאָל פאַר מײַנעטוועגן אַרויסבאַקומען פון דעם לאַנדראַט אין וואַרשע אַן "אײַזערנעם" דאָקומענט, איך זאָל קענען פרײַ פאַרלאָזן די שטאָט. פאַר אַזאַ דאָקומענט וועל איך אים געבן אַ ברילאַנט פון דרײַ און אַ האַלבן קאַראַט. שרעדער האָט געהאַט אַ פוילישע געליבטע, האָט אים מײַן פאָרשלאָג זייער שטאַרק אַ נעם געטאָן. אָן וועלכע עס איז שהיות האָט ער זיך אַרײַנגעזעצט אין זײַן אויטאָ און געפאָרן קיין וואַרשע אין לאַנדראַט. אַליין אַ פאָלקס־

דייַטש, האָט שרעדער געהאַט גוטע באַציִונגען מיט די באַאַמטע פון דעם לאַנדראַט. ער איז צוריקגעקומען קיין יאַדעווע מיט אַזאַ דאָקומענט, וואָס איך האָב געדאַרפט האָבן. דער דאָקומענט, וואָס האָט מיר געגעבן די דערלויבעניש פריַי צו פאַרלאָזן יאַדעווע און פאָרן וווּהין איך וויל, איז געווען באַזיגלט מיט אַ זיגל מיט דעם האַקנקרייַץ, וואָס איז פאַר יעדן נאַצי געווען ווי אַ באַפעל פון גאָט אַליין.

דאָס איז געווען אין איינעם אַ טאָג פון דעם חודש מייַ 1942. האָב איך גענומען מייַן פרוי, העניאַ, וואָס האָט געהאַט אַ "גוט פּנים" — בלאָנדע האָר מיט אַ העלער הויט, און פויליש האָט זי גערעדט בעסער פון יעדן פוילישן אינטעליגענט — און מיר זענען אַוועק אין מייַן געבוירן־שטאָט סאָקאָלאָוו פּאָדליאַסקי.

דער פאָרזיצער פון דעם "יודענראַט" אין סאָקאָלאָוו איז געווען מייַן שוואָגער, נחום לעווין. פאַר טייַערע מתּנות צו די נאַציִשע הערשער אין שטאָט, האָט ער בייַ זיי אויסגעפּועלט פאַרלייַכ־טערונגען און אָפּגעשריגן אַקטן פון ווילקיר און הפקרות. איינער פון זייַנע "פרייַנד" איז געווען דער קאָמענדאַנט פון דעם לאַגער אין טרעבלינקע, אַ הויפּטשטורעמפירער. ער פלעגט אַרויפקומען צו מייַן שוואָגער אין הויז, דאָרט געגעסן און געטרונקען און זיך דערקלערט אין פרייַנדשאַפט.

די ייִדן אין סאָקאָלאָוו האָבן דעמאָלט נישט געוווסט וואָס פאַר אַ סאָרט לאַגער עס איז טרעבלינקע, הגם ער געפינט זיך סך־הכּל אַרום פערציק קילאָמעטער פון סאָקאָלאָוו. ייִדן האָבן געהערט אַז עס עקזיסטירן לאַגערן, נאָר דאָס זענען מסתּמא לאַגערן וווּ ייִדן ווערן געהאַלטן צו צוואַנג־אַרבעטן. עס איז זיי גאָר נישט איינ־געפאַלן, אַז דער לאַגער אין טרעבלינקע איז אַ נאַציִשע מאָרד־פאַבריק. אַזוי ווייַט האָט דער נאַצי, דער הויפּטשטורמפירער און קאָמענדאַנט פון טרעבלינקע, אויסבאַהאַלטן פון זייַן "פריינד", נחום לעווין, דעם כאַראַקטער פון טרעבלינקע, אַז בײדע פלעגן קומען צו מיר קיין יאַדעווע אויסקלייַבן שטאָפן אויף קליידער און דער נאַצי האָט מאַניפעסטירט זייַן גוטפרייַנדשאַפט ווי נאָר ער האָט געקענט.

מחמת דער ״פֿרײַנדשאַפֿט״ פֿון דעם הויפּטשטורעמפֿירער און דער מעגלעכקייט איבערצוקויפֿן די סאָקאָלאָווער נאַצישע מאַכט־האָבער, האָט מײַן שוואָגער געלעבט מיט ביטערע אילוזיעס. אָט די גוטע באַציִונגען צווישן אים און די נאַצישע הערשער האָבן דאָך געווירקט, אַז אויך איך זאָל אָנהייבן גלייבן, אַז אין סאָקאָלאָוו וועט דאָס לעבן פֿון יידן זײַן לײַכטער, און דעריבער האָב איך דאָך איבערגעקויפֿט דעם יאַדעוועער בירגערמײַסטער, שרעדער, מיט אַ ברילאַנט פֿון דרײַ און אַן האַלבן קאַראַט, ער זאָל פֿאַר מיר אַרויסבאַקומען פֿון דעם לאַנדראַט אין וואַרשע אַן ״אײַזערנעם בריוו״, איך זאָל קענען פֿרײַ איבערפֿאָרן פֿון יאַדעווע קיין סאָקאָלאָוו. אָבער פֿון די גרוסן וואָס זענען אָנגעקומען פֿון אַנדערע שטעט און שטעטלעך, האָב איך געמאַכט דעם אויספֿיר, אַז מײַן שוואָגערס ״פֿרײַנד״ וויגן אים אײַן מיט אילוזיעס. זיי וועלן דורך אים אויסצאַפּן דאָס לעצטע וואָס די סאָקאָלאָווער ייִדן האָבן פֿאַרהאָרעוועט במשך פֿון דורות און שפּעטער וועלן זיי אויך צורויבן זייער לעבן.

מיר האָט דאָך קיסטנער נאָך מיר אַ צײַט צוריק פֿאָרויסגעזאָגט, אַז די נאַציס וועלן מאַכן פּוילן ״יודענריין״. איך געדענקט זײַנע ווערטער:

״דו, פּיעקאַרסקי, — האָט ער געזאָגט — ביסט נישט קיין ייד, דו מוזט בלײַבן לעבן, אָבער אַלע אַנדערע ייִדן וועלן אומגעבראַכט ווערן ביז צום לעצטן״.

מײַן שוואָגער, וואָס עס איז אים גוט געווען מיט דער אילוזיע, האָט געהאַט אַ קעגן־אַרגומענט:

דער הויפּטשטורעמפֿירער, דער קאָמענדאַנט פֿון טרעבלינקע האָט אים פֿײַערלעך פֿאַרזיכערט, אַז אים און זײַן פֿאַמיליע וועט גאָרנישט געשען...

באַלד האָט די ביטערע ווירקלעכקייט אָנגעהויבן פֿונאַנדערוווייען אַלע אילוזיעס: די נאַציס זאַמלען צונויף טראַנספּאָרטן יידן און שיקן זיי אַוועק קיין טרעבלינקע אומצוברענגען זיי מאַסנווײַז. צי איז עס מעגלעך? טרעבלינקע ליגט

אַזוי נאָענט צו סאָקאָלאָוו, און ביז דעם טאָג איז פון דאָרט נישט דערגאַנגען קיין שום ידיעה. דער קאָמענדאַנט פון דעם לאַגער קומט קיין סאָקאָלאָוו צו זויפן און פרעסן ביַי זיַין "פריינד" דעם עלטסטן פון די ייִדן, ער פירט זיך אויף נאָרמאַל — איז ווי קענען זיַין מעגלעך די פינצטערע בשורות?

אין איינעם אַ טאָג, האָבן זיך אין סאָקאָלאָוו באַוויזן איינצלנע וואַרשעווער יידן, וואָס זיי איז געלונגען צו אַנטלויפן פון טרעבלינקע, און זיי האָבן דערציילט:

פון וואַרשע ווערן קיין טרעבלינקע געבראַכט ריזיקע טראַנספאָרטן יידן. די ייִדן ווערן פריִער באַרויבט פון זייער לעצט פאַרמעגן און דערנאָך ווערן זיי אַריַינגעטריבן אין גאַז־קאַמערן און אומגעבראַכט. זייערע קערפּערס ווערן שפּעטער פאַרברענט. זייערע קליידער ווערן פאַרפּאַקט אין באַלן און אַזוי אויך זייערע שיך. אַפילו די האָר פון פרויען, וואָס זייערע קעפּ ווערן אָפּגעשוירן איידער זיי ווערן געטריבן אין די גאַז־קאַמערן, ווערן פאַרפּאַקט אין גרויסע פּעק און דאָס אַלץ ווערט אַוועקגעשיקט מיט לאַסט־וואַגאָנען קיין דיַיטשלאַנד.

ווי אַזוי איז די איינצלנע יידן געלונגען צו אַנטלויפן פון טרעבלינקע?

אין טרעבלינקע זענען יידישע קרבנות געצוווּנגען געוואָרן אויך צו באַטייליקן זיך אין צוגרייטן זייערע ברידער זיי אומצוברענגען: אָפּצושערן די האָר פון די פרויען, סאָרטירן די קליידער און ווערטזאַכן, די זאַכן פאַרפּאַקן און זיי אָנלאָדן אין וואַגאָנען. אייניקע פון די יידן, וואָס זענען באַשעפטיקט געוואָרן ביַים אַריַינטראָגן די פּעק אין וואַגאָנען זיי אַוועקצושיקן קיין דיַיטשלאַנד, האָבן זיך באַהאַלטן אונטער די פּעק. שפּעטער, ווען די באַן האָט גערירט, זענען די יידן אַרויסגעשפּרונגען פון דער לויפנדיקער באַן און מיט וועגן און אומוועגן דערגרייכט צו דער נאָענטסטער שטאָט — סאָקאָלאָוו.

דאָס שילדערן די שרעקלעכקייטן וואָס די נאַציס טוען אָפּ צו ייִדן אין טרעַבלינקע האָט זיך בליץ־שנעל פאַרשפּרייט צווישן דער

יידישער באַפעלקערונג און זי אַרייַנגעטריבן אין ייאוש. די שטעטישע ייִדן האָבן דערפילט, אַז צו זיי דערנעענטערט זיך דער סוף. זיי זענען אַזוי נאָענט צו טרעבלינקע!

אין אָט די טעג פון ייאוש און אויסזיכטלאָזיקייט, ווען ווו צו אַנטלויפן איז נישטאָ און ווער עס זאָל העלפן איז אויך נישטאָ, איז מייַן פרוי קראַנק געוואָרן. כדי איר צו העלפן מיט דאָקטאָרישער און מעדיצינישער הילף, האָב איך זיך פאַרשריבן צו אַרבעטן. אַזוי אַרום האָב איך געקענט אַרויסגיין פונעם געטאָ און אויך זיך פאַרשטענדיקן מיט מייַן שוועגערין, מייַן פרויס שוועסטער, אין יאַדעווע. זייענדיק אויסער דעם געטאָ האָב איך טעלעפאָנירט צו אַ באַקאַנטן קריסטלעכן דאָקטער אין יאַדעווע. דער דאָקטאָר האָט גערופן צו זיך מייַן שוועגערין, איך האָב טעלעפאָניש גערעדט מיט איר און איר צוגערעדט זי זאָל קומען קיין סאָקאָלאָוו צו העלפן מיר מטפל זייַן זיך מיט מייַן פרוי.

ווי אַזוי האָט מייַן שוועגערין געקענט קומען קיין סאָקאָלאָוו, אויב פאַר אַ יידישן מענטש איז געווען פאַרבאָטן צו פאָרן סייַ מיט דער באַן און סייַ מיט וועלכע עס איז אַנדערע קאָמוניקאַציע־מיטלען, בפרט אַז מייַן שוועגערין האָט נישט געהאַט אַזאַ "גוט פנים" ווי מייַן פרוי? נאָר אין געפאַר, ווען דאָס לעבן הענגט אויף אַ האָר, האָט מיר געקענט אייַנפאַלן וואָס עס איז מיר געקומען אויף דער מחשבה, כדי צו ברענגען מייַן שוועגערין קיין סאָקאָלאָוו:

איך האָב זיך מיט איר אָפגעשמועסט, אַז איך וועל פון סאָקאָלאָוו אַרויסשיקן אַן אַמבולאַנס פון דער גיכער הילף, כדי זי צו ברענגען אַ "פאַרוווּנדעטע" קיין סאָקאָלאָוו. דער אַמבולאַנס וועט נאַטירלעך זיך געפינען אויף דער קריסטלעכער זייַט, ווייַל יידן טאָרן דאָך נישט געניסן פון דער אַלגעמיינער מעדיצינישער הילף. די אויפגאַבע פון מייַן שוועגערין איז: אַרויסבאַקומען זיך פון דעם געטאָ אין יאַדעווע און גיין צום פוילישן דאָקטער, מייַן באַקאַנטן. ער וועט זי אייַנוויקלען אין באַנדאַזשן אַזוי, אַז עס זאָל נישט בלייַבן דער מינדסטער סימן ,אַז די"פאַרוווּנדעטע" איז אַ יידישע. אַזוי אַרום וועט דער אַמבולאַנס זי ברענגען קייַן סאָקאָלאָוו. דאָ, אין סאָקאָלאָוו,

וועל איך שוין זאָרגן דערפֿאַר, זי זאָל זיך אַרײַנבאַקומען אין געטאָ.
צופֿעליק און על־פּי־נס איז אָט די אַראַנזשירונג, צו ברענגען מײַן שווגערין קיין סאָקאָלאָוו, פֿאָרגעקומען בלויז עטלעכע טעג פֿאַר דער פֿולשטענדיקער ליקווידאַציע פֿון דעם געטאָ אין יאַדעווע. אַזוי אַרום איז ווייניקסטנס מײַן שווגערין אָפּגעראַטעוועט געוואָרן פֿון אַ זיכערן טויט. אָבער דאָס אַלץ איז געווען אַ לייזונג בלויז אין דער הייסער שעה. קינד און קייט האָבן געפֿילט, אַז די שעה פֿון טויט־סכנה דערנעענטערט זיך.
וואָס ווײַטער? וואָס טוט מען כּדי ראַטעווען דאָס לעבן?
בלויז צוויי צווייפֿלהאַפֿטע ברירות זענען געבליבן: אַנטלויפֿן אין די אַרומיקע וועלדער, אָדער זיך אויסבאַהאַלטן בײַ פּאָליאַקן. די ברירות האָבן נישט אויסגעהאַלטן דעם מינדסטן פּרווו: אַפֿילו ווען די וועלדער זענען גרויסע און געדיכטע, איז אוממעגלעך זיך אויסצובאַהאַלטן אין זיי מיט פֿרויען און קינדער, אָן צו זײַן פֿאַרזאָרגט מיט לעבנסמיטלען און געווער. וויפֿל לעבנסמיטלען קען מען מיטנעמען, ווען מען אַנטלויפֿט בלויז מיטן נאַקעטן לעבן? און ווו קען מען קויפֿן געווער און וויפֿל? בפֿרט אַז די סבֿיבֿה פֿון די פּאָדליאַשער פּאָליאַקן איז פֿון דור־דורות אַ פֿאַרגיפֿטעטע פֿון אַנטיסעמיטיזם, און די פּאָליאַקן זענען צעיושעט פֿון דער מעגלעכקייט אויסצורויבן די יידישע הײַזער.
די צווייטע צווייפֿלהאַפֿטע ברירה איז אויסצובאַהאַלטן זיך בײַ פּאָליאַקן. אומעטום ווו די נאַציס האָבן אַרויסגעפֿירט די יידן, סײַ אין די אַרבעט־לאַגערן און סײַ זיי צו פֿאַרניכטן, האָבן זיי דורך באַקאַנטמאַכונגען געלאָזט וויסן, אַז פּאָליאַקן, וואָס וועלן אויסבאַהאַלטן יידן, אָדער זיי צוטיילן אַ נאַכטלעגער, אָדער געבן אַ שטיקל ברויט — וועלן דערשאָסן ווערן צוזאַמען מיט די יידן, און זייערע הײַזער וועלן פֿאַרברענט ווערן.
ווי לאַנג וועט אַפֿילו אַ הומאַנער פּאָליאַק מיט די מענטשלעכסטע געפֿילן אויסהאַלטן נערוועז דאָס אויסבאַהאַלטן אַ יידישע פֿאַמיליע ווען איין קריסטלעכער שכן קוקט נאָך דעם צווייטן מיט פֿאַרדאַכט?

מיר איז געבליבן נישט עפּעס אַנדערש ווי אַרויסבאַקומען זיך פון סאָקאָלאָוו בכלל.

אין וואַרשע האָבן מיר געהאַט אַ באַקאַנטע קריסטין, זי האָט אַ מאָל געהאַט אַ פּענסיאָנאַט אין אורלע, אַ וואַלדיקער דאַטשע־אָרט הינטער וואַרשע. זי איז געווען גוט באַפריַינדעט מיט מיַין פרוי. איר אַדרעס האָב איך נישט געקענט. האָב איך פאַר אַ גוטער באַלוינונג אַוועקגעשיקט קיין וואַרשע אַ פּאָליאַק, אַ באַן־אַרבעטער, ער זאָל אויסגעפינען די פאַמיליע פון דער פרוי — טשערוויעץ איז געווען איר נאָמען — און מיר ברענגען קיין סאָקאָלאָוו איר אַדרעס.

עס זענען געווען הייסע, סכנהדיקע טעג. קיין סאָקאָלאָוו איז אַנגעקומען די זאָנדערקאָמאַנדאָ פון דיַיטשן און אוקראַינער אין שוואַרצע מונדירן. די קאָמאַנדאָ איז געווען אויפן וועג קיין שעדלעץ, דערוויַיטערט פון סאָקאָלאָוו בלויז עטלעכע צוואַנציק קילאָמעטער, אָבער ביַי דער געלעגנהייט פון אַדורכפאָרן די שטאָט האָבן די דיַיטשן און אוקראַינער געמאָרדעט קינד און קייט, יעדן אָנגעטראָפענעם ייד אין געטאָ. זיי זענען וויַיטער געפאָרן כּדי צו ליקווידירן דאָס געטאָ אין שעדלעץ און די יידן אַוועקפירן קיין טרעבלינקע. די לעבנגעבליבענע יידן אין סאָקאָלאָוו זענען אַ־ריַינגעפאַלן אין טויט־בהלה.

דאָס אַלץ איז געשען אין איינעם אַ שבתדיקן טאָג.

ווי אַ רעגיסטרירטער צו אַרבעט אויסער דעם געטאָ, בין איך דעם טאָג אַרויס אויף דער פּוילישער זיַיט. גאַנץ צופעליק האָב איך באַגעגנט דעם פריץ פון דעם סאַבניער הויף. מאַניושקאָ האָט ער געהייסן. דאָס לעבן פון די פּאָליאַקן איז דאָך געפלאָסן נאָרמאַל. האָט מיר דער סאַבניער פריץ דערקלערט, אַז ער נויטיקט זיך אין פינף און דריַיסיק מענטשן צו לאַנדווירטשאַפטלעכער אַרבעט אין זיַין הויף. ער האָט אויסגעדריקט זיַין גרייטקייט צו גיין מיט מיר אין אַרבעט־אַמט, כּדי אַרויסבאַקומען אַ באַשטעטיקונג אַרויסצונעמען פונעם געטאָ 35 יידן צו דער אַרבעט, און צווישן זיי וועל אויך איך זיַין. אין אַרבעט־אַמט האָב איך געפונען אַ פּוילישן באַאַמטן, וואָס האָט פאַר אַ באַלוינונג מיר אַרויסגעגעבן אַ

דאָקומענט, אַז איך ווער צוגעטיילט צו אַרבעט אין דער ווירטשאַפט פון דעם סאַבניער הויף. האָבנדיק די הילף פון דעם פוילישן באַאַמטן האָב איך אייגנטלעך געקענט האַנדלען מיט עטלעכע דרײַסיק אַרבעט־פלעצער פאַר יידן פון געטאָ און אַזוי אַרום זיי ראַטעווען. נישט בלויז האָב איך חלילה פון דעם מצבֿ נישט געמאַכט קיין געשעפט, נאָר — אומגעקערט — איך האָב געדאַרפט אָנווענדן כל מיני תחבולות, יידן זאָלן מיט מיר גיין. וואָרום יידן אין געטאָ האָבן זיך געפונען אין אַזאַ מצבֿ פון ייאוש און בהלה, אַז ס׳איז זיי געווען שווער משיג צו זײַן וואָס איך לייג זיי פאָר.

די יידן האָבן גאַנץ פשוט פאַרלוירן יעדן צוטרוי און אמונה צו מענטש און גאָט. דעם זעלבן שבתדיקן טאָג האָב איך ענדלעך אָרגאַניזירט צו זיך נאָך פיר און דרײַסיק יידן. שבת־צו־נאַכט האָב איך געדונגען אַ לאַסט־אויטאָ און אַוועק פון סאָקאָלאָווער געטאָ אין סאַבניער הויף.

מײַן גאַנצע משפחה איז אַוועק קיין גראָדזשיסק. מײַן שוואָגער האָט מיט דעם גראָדזשיסקער פריץ אָפּגעמאַכט דאָס זעלבע וואָס איך האָב אָפּגעמאַכט מיט דעם סאַבניער פריץ — זיי וועלן פאַר אים אַרבעטן פולשטענדיק אומזיסט, גרייטע צו טאָן יעדע אַרבעט.

אין אַרבעטן אין פריציש‌ע פאָלוואַרקן האָב איך נישט געזען קײַן זיכערקייט איבערצולעבן. איך האָב כּסדר געדענקט די וואָרנונג פון קיסטנערן, אַז אַלע ייִדן וועלן לסוף פאַרניכטעט ווערן, ווײַל פוילן דאַרף זײַן "יודענריין".

אַרבעטן אין פריצישע הייף האָט געהייסן זײַן קאָנצענטרירט אויף אַ פּלאַץ, וואָס איז רעגיסטרירט אין דעם נאַצישן אַרבעט־אַמט. ווי די נאַציס ליקווידירן די געטאָס און פירן אַרויס די יידן, אַזוי וועלן זיי אויך ליקווידירן די אַרבעט־פּלעצער, ווו עס אַרבעטן ייִדן, און די יידן אומברענגען. איך בין דעריבער געקומען צו דער דעה, אַז כּדי איבערצולעבן מוזן מיר באַקומען אידענטיטעט־קאַרטן ווי קריסטן. ווי קריסטן וועלן מיר עווענטועל קענען ווינען בײַ קריסטן אָן צו ריזיקירן זייער לעבן, אַז זיי באַהאַלטן יידן. וואָרום אין פאַל פון אַ מסירה, וועט אַזאַ קריסט קענען טענהן, אַז ער האָט נישט געוווּסט,

אַז די קריסטן, וואָס וווינען בײַ אים זענען פּאַקטיש יידן; זיי האָבן אָפּגענאַרט אַז זיי זענען פּאָליאַקן־קאַטאָליקן...

זײַענדיק אין סאַבניער הויף האָב איך צוגעגרייט פֿאַר מיר, פֿאַר מײַן פרוי און מײַן שוועגערין פּאַלשע דאָקומענטן אַז מיר זענען קריסטן. צו די דאָקומענטן האָב איך געדאַרפט האָבן פּאַספּאָרטן־פּאָטאָס. אַזעלכע האָב איך נישט געהאַט. כדי צו מאַכן פּאָטאָס האָב איך פון גראָדזשיסק אַרויסגערופן אַ זון פון מײַן שוואָגער, וואָס האָט געהאַט אַ קליינעם פּאָטאָ־אַפּאַראַט. האָט ער געמאַכט קליינע בילדער אַזעלכע ווי נאָר ער האָט געקענט. פון סאָקאָלאָוו איז קיין סאַבניע געקומען אַ יונגער פּאָליאַק, וואָס האָט זיך אונטערגענומען אויסצופּאַרטיקן פֿאַר מיר, פֿאַר מײַן פרוי און שוועגערין ״קענקאַרטן״, אַז מיר זענען געבוירענע פּאָליאַקן־קאַטאָליקן. אַזוי אַרום בין איך אין איינעם אַ טאָג געוואָרן אויס ייד און פאַרוואַנדלט געוואָרן נישט בלויז אין אַ פּאָליאַק־קאַטאָליק, נאָך אויך אין אַ דאָקטער. מײַן נאָמען איז געווען: **דאָקטער עוגעניוש לעוואַנדאָווסקי**, אַ געבוירענער און סטאַבילער אײַנוווינער איז קראָקע, און די ״קענקאַרטע״ איז אַרויסגעגעבן דורך דער נאַצישער מאַכט אין קראָקע. מײַן פרוי און שוועגערין זענען אויך געוואָרן פּאָליאַקן־קאַטאָליקן, נאָר זייער פאַמיליע־נאָמען איז גע־ווען **סטעמירסקאַ**, געבוירענע אין ווישקאָוו בײַם טײַך בוג.

דער פּאָליאַק, וואָס האָט פֿאַר אונדז **צוגעגרייט** די ״קענקאַרטען״, איז צופעליק, אָדער נישט צופעליק געקומען אין סאַבניער הויף. עס איז מעגלעך, אַז ער האָט דערשנאַפּט אַז דאָרט באַהאַלטן זיך אויס יידן און ער וועט קענען בײַ זיי פאַרדינען געלט. ער איז געווען דער דאָקומענטן־פעלשער פאַר דער אַ.קאַ. (אַרמיאַ קראַיאָוואַ), וואָס האָט געדאַרפט האָבן פאַלשע דאָקומענטן פאַר אירע צוועקן.

מיט מײַן ״קענקאַרטע״ אַלס ד״ר עוגעניוש לעוואַנדאָווסקי פלעג איך קומען קיין סאָקאָלאָוו זעען מײַן איבערגעבליבענע

פֿאַמיליע, צווישן איר אויך מײַנע עלטערן. אַזוי בין איך אויך געקומען קיין סאָקאָלאָוו ערב יום־כּפּור.

כ׳האָב דעמאָלט געהאַט אַ זייער שלעכט פּאָרגעפֿיל. מסתמא האָבן אַן ענלעך פּאָרגעפֿיל חיות אין פֿעלד ווען עס רוקן זיך אָן שווערע וואָלקנס פֿאַר אַ שטורעם, און זיי הייבן אָן לויפֿן, כּדי זיך צו שיצן קעגן דעם שטורעם. מײַנע עלטערן האָבן מיר איבערגעגעבן אַז יום־כּפּור מאַכן זיי אַ מנין אין זייער הויז, און זיי האָבן מיך געבעטן, איך זאָל קומען צו די תּפֿילות. אַלץ אין מיר האָט זיך קעגנגעשטעלט קעגן דעם וואָס זיי האָבן געבעטן בײַ מיר. איך האָב זיי אויפֿריכטיק געזאָגט, אַז איך וואָלט גערן געקומען צו די תּפֿילות, נאָר פֿאַר אָט דעם יום־כּפּור האָב איך זייער שטאַרק מורא. דער יום־כּפּור שרעקט מיך. איך האָב דאָס געמוזט זאָגן, הגם מײַנע ווערטער האָבן מײַנע עלטערן פֿאַרשאַפֿט צער.

צו מײַן אומגליק איז מײַן פּאָרגעפֿיל פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין ביטערערווירקלעכקייט:

מוצאי יום־כּפּור איז דאָס געטאָ אין סאָקאָלאָוו אַרומגעשטעלט געוואָרן דורך דער זאָנדערקאָמאַנדאָ פֿון נאַציס און אוקראַאינער, פֿון פּוילישער פּאָליציי און פֿרײַוויליקע פּוילישע אַנטיסעמיטן. די ייִדן זענען אַרויסגעטריבן געוואָרן פֿון זייערע הײַזער צו אַן אײַנזאַמלונג־פּלאַץ. ווער עס האָט זיך נישט צוגעשטעלט ווי עס איז געווען דער באַפֿעל, איז דערשאָסן געוואָרן ווי נאָר אַזעלכער איז געפֿונען געוואָרן אין אַ באַהעלטעניש.

צו אָט דעם טראַגישן ספּעקטאַקל איז פֿון טרעבלינקע געקומען דער קאָמענדאַנט, דער הויפּטשטורעמפֿירער, וואָס האָט זיך גע־פֿרײַנדלט מיט מײַן שוואָגער נ. לעווין, דעם פּאָרזיצער פֿון דעם יו־דענראַט״, געפֿרעסן און געזויפֿט בײַ אים און אים פֿאַרוועבט מיט אילוזיעס. מײַן שוואָגער איז נאַטירלעך אַרויס צום זאַמל־פּלאַץ צוגלײַך מיט אַלע ייִדן, ווײַל אין דעם פֿאַל האָט דער ״יודענראַט״ פּאַקטיש אויפֿגעהערט עקזיסטירן.

ס׳איז געווען דער סוף פֿון אַלע אײַנרעדענישן און גוטע ווּנטשן. ס׳איז געווען דער פֿינאַל פֿון דער צוויי־און־דרײַ הונדערטיעריקער

עקזיסטענץ פון דער סאָקאָלאָווער קהילה.

אויפן זאַמל־פּלאַץ האָט זיך אַרומגעדרייט דער הויפּט־מחותן פון טויט, דער קאָמענדאַנט פון דעם לאַגער טרעבלינקע, און נאַטירלעך אַז ער האָט זיך צוזאַמענגעטראָפן מיט מײַן שוואָגער נחום לעווין, אָדער מסתמא האָט מײַן שוואָגער זיך צו אים געוואָנדן, ער זאָל האַלטן זײַן צוזאָג.

דער נאַצישער געמיינער יונג האָט באַהאַלטן זײַנע מערדערישע כוונות און געזאָגט צו מײַן שוואָגער:

"דיך וועט מען פון דאַנען נישט אַרויספירן. דו וועסט דאָ בלײַבן". און כדי מײַן שוואָגער זאָל זײַן איבערצײַגט, אַז ער בלײַבט, האָט אים דער הויפּשטורעמפירער אַרויסגעפירט פונעם אײַנזאַמלונג־פּלאַץ און מיט אים אַוועק אויף דער פּיענקנאַ גאַס. אין אַ געוויסן מאָמענט האָט דער נאַצי אַרויסגעכאַפּט זײַן רעוואָלווער און אַרײַנגעהאַקט אין מײַן שוואָגער דרײַ קוילן.

ער איזווירקלעך נישט אַרויסגעפירט געוואָרן פון סאָקאָלאָוו; ער איז געבליבן אויפן פּלאַץ — אַ טויטער.

נאָך אַ "סעלעקציע" — ווער קיין טרעבלינקע צום טויט און ווער פאַרשיקט צו ווערן אין אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער, כדי דאָרט אומצוקומען — איז די סאָקאָלאָווער יידישע עדה אַרויסגעפירט געוואָרן אין לאַסט־וואַגאָנען אויף תמיד. די אַלטע סאָקאָלאָווער קהילה איז פאַרשניטן געוואָרן מיט די וואָרצלען.

מײַנע עלטערן און מײַן גאַנצע משפחה האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין אַ קעלער אין אונדזער אייגן הויז. וועגן דעם אַז אין פאַל פון סכנה וועלן זיי זיך אויסבאַהאַלטן, האָב איך געוווּסט, איך האָב אָבער אויך געוווּסט, אַז אין דער באַהעלטעניש האָבן זיי נישט קיין לעבנסמיטלען. זייער גאַנצער שפּײַז־מאַגאַזין אין דעם קעלער איז געווען אַ פאַס מיט אײַנגעזײַערטע אוגערקעס. זייער מצב האָט מיר נישט געגעבן קיין רו. איך האָב אויך נישט געוווּסט ווי עס זעען אויס די באַדינגונגען אויף דעם שטח פון דעם געווענעם געטאָ, נאָך דעם ווי די יידן זענען אַרויסגעפירט געוואָרן. ווער באַלעבאַטעוועט דאָרט? צי ווערט דאָס אויסגעליידיקטע געטאָ געהיט פון נאַציס,

אָדער די אָרטיקע קריסטלעכע באַפעלקערונג האָט באַהערשט דאָס געטאָ און רויבט אויס דאָס פאַרמעגן וואָס די יידן האָבן איבערגעלאָזט?

הגם די פּאָליאַקן זענען בדרך כּלל געווען גלייַכגילטיק צו דעם וואָס די נאַציס טוען צו די יידן, האָט דאָך אין דער סבֿיבֿה געהערשט אַ געוויסע שפּאַנונג — מעגלעך אַז די שפּאַנונג האָט זיך געשאַפן מחמת דעם וואָס עס איז פאַראַן אַ געלעגנהייט צו רויבן יידיש גוטס, און דער רויב ווערט צוגענומען דורך די דייַטשן, אָנשטאָט ער זאָל אַרייַנפאַלן אין דער הענט פון זיי, פון די פּאָליאַקן.

עטלעכע טעג נאָך דעם ווי דאָס געטאָ איז ליקווידירט געוואָרן איז צו מיר קיין סאַבניע געקומען אַ קריסט און מיר פאַרטרויט, אַז מייַנע עלטערן צוזאַמען מיט נאָך משפּחה־מיטגלידער זענען באַהאַלטן אין אַ בונקער אונטער אונדזער אייגן הויז אין סאָקאָלאָוו. מייַנע עלטערן האָבן אים געשיקט מיר איבערצוגעבן, אַז זיי האָבן נישט קיין שפּייַז און נישט קיין וואַסער און אַז אויב זיי וועלן נישט אַרויס פון דעם בונקער, וועלן זיי דאָרט אומקומען.

אויסער מייַנע עלטערן זענען אין דעם בונקער געווען באַהאַלטן אַ זיבעצן־אַכצן נפשות, צווישן זיי: מייַן ברודער מיט זייַן פרוי און קינדער און מייַן פעטער פון וואַרשע מיט זייַן פרוי און קינדער. געהערט די בשורה, האָב איך געדונגען אַ וואָגן געשפּאַנט מיט צוויי פערד און דעם אייגנטימער פון דעם געשפּאַן האָב איך אַוועקגעשיקט קיין סאָקאָלאָוו צו דעם קריסט, וואָס האָט מיר געבראַכט די בשורה, דערמיט אַז ביידע זאָלן בייַנאַכט אַרויסנעמען אַלע וועלכע געפינען אינעם בונקער און זיי אַוועקפירן קיין גראָדזשיסק. אַזוי האָבן זיי געטאָן: בייַנאַכט זענען זיי צוגעפאָרן צו אונדזער הויז און אַרויסגענומען פונעם בונקער די פאַרהונגערטע, און דורך אונטערוועגן זיי אַוועקגעפירט קיין גראָדזשיסק. קלאָר, אַז איידער דער וואָגן איז אָנגעקומען קיין גראָדזשיסק בין איך שוין דאָרט געווען און אָפּגעוואַרט די מייַניקע.

איך בין דערשיטערט געוואָרן פון צוזעען אין וואָס פאַר אַ שרעקלעכן מצבֿ די געבראַכטע זענען געווען. זיי זענען געווען

אויסגעצערט און אויסגעבלייכט, ווי זיי וואָלטן לאַנג קיין ברעקל זון נישט געזען. סײַ פּיזיש און סײַ גײַסטיק זענען זיי געווען אויסגע־פּײַניקט. גאַנץ באַזונדער זענען מײַנע עלטערן געווען אָפּגעשוואַכט, אויך פון לעבן אָן דער מינדסטער פּיזישער באַוועגונג. אויך מײַן שוועסטער, דאָס ווײַב פון נחום לעווין, איז צוזאַמען מיט די קינדער געווען אין גראָדזשיסק. אויך זי, ווי איר מאַן נחום לעווין, האָט געהאַט זיך געשפּײַזט מיט די אילוזיעס פון דעם מערדער, דעם קאָמענדאַנט פון טרעבלינקע, וואָס האָט געפרעסן און געזויפט בײַ איר טיש, און צום סוף ״געהאַלטן זײַן וואָרט״, אַז אים, נחום לעווין און זײַן פאַמיליע וועט גאָרנישט געשען, און ער ״וועט בלײַבן אויפן אָרט״. אין דעם פּרט, ווי אויבן געזאָגט, האָט דער נאַצי געהאַלטן וואָרט — ער האָט נחום לעווינען נישט אַרויסגעפירט, נאָר דערשאָסן אים אין סאָקאָלאָוו, אויפן אָרט... אויך מײַן פעטער מיט זײַן פרוי און קינדער זענען פון וואַרשע געקומען קיין סאָקאָלאָוו, ווו זיי האָבן געהאָפט צו געפינען אַ זיכערן פלאַץ, וואָרום נחום לעווין איז דער פּרעזעס פון דעם ״יודענראַט״ און ער איז אויסגעקאָכט מיט דער נאַצישער מאַכט, און דערצו האָט ער די פאַרזיכערונג פון דעם קאָמענדאַנט פון טרעבלינקע; ער, נחום לעווין, שרײַט אָפּ גזירות וואָס אין אַנדערע שטעט און שטעטלעך זענען די זעלבע גזירות גורם גירושים און צעשיסונגען! קען דען זײַן אַ מער זיכערער פלאַץ ווי אין סאָקאָלאָוו?

מיטן ברענגען מײַנע נאָענטסטע אין גראָדזשיסקער הויף, ווו יידן האָבן געאַרבעט, האָב איך זיי אָפּגעראַטעוועט אויב נישט פון אַ הונגער־טויט, איז לכל הפחות פון דעם אומענדלעכן ייאוש, וואָס האָט זיי געהאַט באַהערשט. אָבער די פראַגע וואָס האָט זיך געשטעלט איז געווען: וואָס טוט מען ווײַטער? און בײַ וועמען באַהאַלט מען זיי? אַ פּאָליאַק וועט פאַר קיין שום אוצר נישט ריזיקירן מיט זײַן לעבן פאַר אויסבאַהאַלטן יידן. און אַפילו עס זאָל זיך געפינען אַן איינציקער צדיק אין סדום — וועלן די שכנים אים מסרן און דערפאַר וועלן זיי פון די נאַציס באַקומען אַ באַלוינונג פאַר העלפן זיי מאַכן פוילן ״יודענריין״.

ענלעכע באַדינגונגען הערשן אין די אַרומיקע דערפער: די פויערים זענען צעווילדעוועט. אַפילו ווען איך האָב געדונגען דעם געשפּאַן צו ברענגען די מײַניקע פון דעם בונקער אין סאָקאָלאָוו קיין גראָדזשיסק, האָט דער אייגנטימער פון דעם געשפּאַן געמיינט, אַז איך בין אַ פּאָליאַק — ד״ר לעוואַנדאָווסקי, און דאָס וואָס איך קלײַב זיך צו טאָן פאַר די אויסבאַהאַלטענע יידן איז מסתמא פאַר אַ גרויסער געלט־באַלוינונג.

אָבער אין סאָקאָלאָוו, צי אין גראָדזשיסק, זענען אומעטום די זעלבע פּאָליאַקן, די זעלבע אַנטיסעמיטן און בײַ אַלע הערשט אויך די זעלבע שרעק צו באַצאָלן מיטן לעבן און מיטן פאַרמעגן אַפילו פאַר דערלאַנגען צו אַ ייִד אַ שטיקל ברויט, אָדער אַ שעפּ וואַסער. און באָטש מײַן שוועסטער, די אַלמנה נאָך נחום לעווין — וואָס אויך זי מיט אירע קינדער זענען געווען אין גראָדזשיסק — האָט געהאַט אין אַ רימען אײַנגענייט אַ בריליאַנט פון גרויסן ווערט, איז נישט געווען קיין שום האָפענונג וועלכער עס איז פּאָליאַק זאָל אין די געגעבענע באַדינגונגען וועלן בײַ זיך אויסבאַהאַלטן אַ ייִדישע פרוי מיט קינדער.

ווי וועלף האָבן די נאַציס געלויערט אויף די רעשטלעך ייִדן אין גראָדזשיסק. די מערדער האָבן אויך געוווּסט וועגן מײַן שוועסטער, אַז זי איז די פרוי פון דער אומגעבראַכטן נחום לעווין און מסתמא האָט זי בײַ זיך אַ גרויס פאַרמעגן אין צירונג און אין באַרגעלט. ווי עס זאָל נישט זײַן — זיי האָבן מײַן שוועסטער מיט די קינדער אַרויסגעפירט, זיי אויסגעשטעלט בײַ אַ וואַנט און זיי אויסגעשאָסן ביזן לעצטן. זייערע גופים זענען באַערדיקט געוואָרן אויף אַ וויסטן פּלאַץ אין גראָדזשיסק, וואָס איז באַלד געוואָרן אַ יידישער בית־הקבֿרות.

פאַר מײַנע עלטערן האָב איך נישט געפונען קיין אַנדער פּלאַץ ווו זיי אויסצובאַהאַלטן ווי נאָר אין אַ סטויג שטרוי נישט ווײַט פון אַ שײַער. אין דעם דאָזיקן סטויג האָבן זיך אויך אויסבאַהאַלטן מײַן פעטער, מײַן טאַטנס ברודער, מיט דער פרוי. סײַ מײַן מאַמע און סײַ מײַן פאָטער זענען געווען אין אַ ביטערן פיזישן מצבֿ. דער פאָטער

איז געווען אַזוי אָפּגעשוואַכט און אַזוי צעבראָכן, אַז ווען איך פלעג קומען באַגינען און ברענגען פאַר זיי טיי מיט קיכלעך, כדי זיי צו דערהאַלטן בײַם לעבן, פלעגט מײַן פאָטער מיר בעטן איך זאָל אים העלפן אָנטון די תּפילין, ער זאָל דאַווענען פאַרן טויט זײַן דעם ערשטן ביסן...

אין איינעם אַ טאָג, ווען איך בין געקומען צו דעם סטויג שטרוי, אין וועלכן מײַנע עלטערן זענען געווען אויסבאַהאַלטן, האָט דער פאָטער געבעטן העלפן אים אָנטאָן די תפילין און דערנאָך האָט ער געזאָגט שוין מיט אַ גאָר שוואַכער שטים:

״הער זיך צו, מײַן זון, יעדן טאָג זענען מיר אויסגעשטעלט צו דער סכּנה געפינען צו ווערן און צו ווערן דערשאָסן. און מיר באַגערן אַזוי שטאַרק צו שטאַרבן מיט אַ נאַטירלעכן טויט, און נישט פון די טמאימדיקע נאַצישע רוצחים. איז כּל זמן איך לעב, זאָג איך דיר אָן און דו זאָלסט געדענקען: זאָלסט זײַן שטאַרק! מיט אַלע דײַנע כּוחות באַמי זיך צו דערלעבן היטלערס מפּלה. טו וואָס דו קענסט, כּדי דו זאָלסט איבערלעבן. געדענק, יצחק!״.

כאָטש די ווערטער זענען געזאָגט געוואָרן מיט אַ שוואַכער שטים, זענען זיי אין מיר אַרײַנגעדרונגען אַזוי טיף, אַז ביזן הײַנטיקן טאָג געדענק איך זייער שאַרפקייט. איך בין זיכער אַז אָט די ווערטער פון מײַן פאָטער האָבן מיר געגעבן דעם מעכטיקן כוח, וואָס איך האָב געדאַרפט האָבן, כדי צו בלײַבן לעבן אין דעם אומאיבער־רײַסלעכן פאַרמעסט מיטן טויט. דער טויט האָט געלויערט פון אַלע ווינקלען, אַפילו ווען איך, מײַן פרוי און מײַן שוועגערין האָבן געלעבט אויף דאָקומענטן פון פּאָליאַקן־קאַטאָליקן.

מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער, נאָך דעם ווי מײַן פאָטער האָט מיר אָנגעזאָגט וואָס ער האָט מיר אָנגעזאָגט, איז מײַן טאַטע אַוועק אין דער אייביקייט מיט אַ נאַטירלעכן טויט. ער איז אויסגעגאַנגען ווי אַ ליכט, וואָס ברענט אויס ביז צום סוף, ווײַל די קנויט האָט נישט מער פון וואַנען צו שעפּן זאַפט. די שווערע איבערלעבונגען במשך יאָרן, דער טויט פון זײַנע קינדער און אייניקלעך, און דאָס לעבן אין באַהעלטעניש מיט טויט־שרעק פאַר יעדן שאָרך — האָבן

אויסגעזויגן פון אים די לעצטע לעבנס־זאַפטן און ער איז איַינ־געשלאָפן אין דעם סטויג שטרוי הינטער אַ פויערישן שיַיער הינטער גראָדזשיסק.

און מערקווירדיק פאַר דער צוגעבונדנקייט פון מיַינע עלטערן צו אייננאַנדער און פאַר זייער געמיינזאַמען גורל איז דאָס, וואָס איז געשען מיט אַנדערט האַלבן שעה שפּעטער: מיַין פאָטער איז אויסגעגאַנגען 12.30 אַזייגער; באַלד דערנאָך — 2 אַזייגער — איז מיַין מאַמע אים נאָכגעגאַנגען אין דער אייביקייט אַריַין. ווי ער, איז אויך זי געשטאָרבן אין דעם סטויג שטרוי מיט אַ נאַטירלעכן טויט. זיי זענען געקומען צו קבֿורה אויף דעם זעלבן פּלאַץ אין גראָדזשיסקער הויף, ווו פריִער זענען באַערדיקט געוואָרן מיַין דערשאָסענע שוועסטער מיט אירע קינדער און אַנדערע מיטגלידער פון מיַין גרויסער משפּחה — אַ משפּחה־בית־עלמין.

אַן איינציקער עדות פון דעם וואָס עס איז געשען איז אַן אייניקל פון מיינעם אַ פעטער פון וואַרשע — אַן איינציק אייניקל וואָס איז געבליבן לעבן און געפינט זיך היַינט אין ישראל.

אויך זי, מיין פעטערס אייניקל, איז געווען אין גראָדזשיסק. זיַיענדיק אַן עדות פון דער אויסזיכטלאָזיקייט, וואָס האָט באַהערשט די אומבאַהאָלפענע יידן, האָט זי באַשלאָסן צו פאָרן קיין וואַרשע. זי האָט געהאַט אַ ״גוט פנים״ און געהאָפט אַז דאָרט, אין וואַרשע, וועט זי איבערלעבן. זי איז לסוף געפאַנגען געוואָרן דורך די נאַציס און פאַרשיקט געוואָרן צום ערשטן אין דעם קאָנצענטראַציע־ און פאַרניכטונג־לאַגער מיַידאַנעק און שפּעטער קיין אוישוויץ. אָבער איר האָפענונג איבערצולעבן און דערלעבן דעם סוף פון די נאַציס איז מקוים געוואָרן.

זי איז געבליבן אַן איין איינציקע פון איר ברייט־פאַרצוויַיגטער משפּחה, וואָס האָט געציילט הונדערטער מיטגלידער.

* * *

הגם מיר, איך, מײַן פרוי און מײַן שוועגערין, האָבן געהאַט דאָקומענטן ווי פּאָליאַקן־קאַטאָליקן, האָבן מיר זיך געפּילט ווי פאַרפאָלגטע חיות: ווי יידן, האָבן מיר נישט געהאַט קיין רעכט צו לעבן, און אויף אונדז האָבן געלויערט נישט בלויז די דײַטשן, נאָר אויך זייערע פוילישע קאָלאַבאָראַטאָרן מתוך אַנטיסעמיטיזם, אָדער מתוך דער מורא זיי זאָלן נישט באַשולדיקט ווערן אין אויסבאַהאַלטן, אָדער העלפן יידן. פון דער צווייטער זײַט האָב איך געקענט שפּילן די ראָל פון אַ פּאָליאַק־קאַטאָליק בלויז כלפּי די נאַציס וואָס האָבן נישט געקענט קיין פויליש, אָבער נישט כלפּי אַ פּאָליאַק, אַפילו מיט מיטעלער אינטעליגענץ.

אין דער צײַט ווען מײַן פרוי האָט גערעדט אַ פּערפעקטן פויליש און לויט איר שפּראַך וואָלט קיין שום פּאָליאַק זי נישט פאַרדעכטיקט אַז זי איז אַ יידישע, האָט מײַן פויליש מיך געמסרט, אַז איך בין נישט קיין געבוירענער פּאָליאַק. נישט איך האָב גערעדט אַן אינטעליגענטן פויליש און נישט קיין פאָלקסטימלעכן פויליש, וואָס אַפילו ווען ער איז פול מיט גרײַזן, זענען די גרײַזן אויטענטיש פוילישע, בעת מײַנע גרײַזן אין פויליש זענען געווען אויטענטיש יידישע. צו האָט דעם פּעלערהאַפּטן פויליש האָב איך געהאַט אַ "קענקאַרטע" אַלס פּאָליאַק־קאַטאָליק, געבוירן אין דער פויליש־אַריסטאָקראַטישער שטאָט קראָקע און דערצו אַ דאָקטער. כ'האָב דאָך אַפילן קיין טויב־שטומען נישט געקענט שפּילן, וואָרום ווי קען אַ טויב־שטומער מאַכן אַ דאָקטאָראַט? האָבן מיר זיך פאַרשטעקט ווי פּאָליאַקן, כדי אונדזערע פוילישע אויסבאַהאַלטער זאָלן אין פאַל פון אַן אַדורכפאַל האָבן אַ תירוץ, אַז זיי האָבן נישט געוווסט אַז מיר זענען יידן. אָבער אַליין זענען מיר געווען אויף גרויסע צרות. זענען דאָך געווען פאַלן ווען פּאָליאַקן, וואָס האָבן אויסבאַהאַלטן יידן, זענען פלוצים אַרײַנגעפאַלן אין בהלה און פאַרטריבן די אויסבאַהאַלטענע, ווײַל זיי האָט זיך בײַנאַכט געחלומט, אַז אַ שכן האָט זיי געמסרט פאַר דער געסטאַפּאָ, אָדער אַז געסטאַפּאָ־הינט האָבן דערשנאַפּט יידן אין דער באַהעלטעניש.

מיר האָבן נישט געוואָלט געשטעלט ווערן פאַר אַזאַ מצבֿ, וואָס וואָלט געווען אונדזער סוף.

נישט געקוקט אויף מײַן זעלבזיכערקייט און בראַוורע, וואָס האָט זיך נישט איין מאָל געגרענעצט מיט לײַכטזיניקייט, האָב איך דורכגעלעבט מינוטן פון פאַרצווייפלונג. אין אַזעלכע מינוטן האָב איך געטראַכט, אַז מיר זענען דערגאַנגען צום סוף פון אונדזער וועג: אונדזערע משפחות זענען אויסגעמאָרדעט געוואָרן; אונדזער האַב און גוטס איז צערויבט געוואָרן סײַ פון די נאַציס און סײַ פון די פּאָליאַקן; קיין היים האָבן מיר נישט מער און קיין פרײַנט האָבן מיר אויך נישט, איז צו וואָס דאָס קלאַמערן זיך בײַם פאַרפּײַניקטן לעבן?

דאָס זענען געווען מינוטן פון שוואַכקייט, וואָרום אין דערווירקלעכקייט האָט אין מיר דאָמינירט דער צוואה־אָנזאָג פון מײַן טאַטן: ״זאָלסט זיך שטאַרקן! באַמי זיך מיט אַלע דײַנע כּוחות צו דערלעבן היטלערס מפּלה!״, און דער ווירקלעכער דראַנג אין מיר איז געווען — דער מעכטיקער דראַנג צו לעבן, טאַקע דערפאַר ווײַל איך האָב געזען אַזוי פיל טויטן.

ווי איך האָב שוין אויבן דערמאָנט האָבן מיר אין וואַרשע געהאַט אַ באַקאַנטע קריסטין, וואָס האָט פאַר דער מלחמה געהאַט אַ פּענסיאָנאַט אין דעם קוראָרט אורלע. מײַן פרוי איז געווען מיט איר גוט אויפגעטראָגן. איר אַדרעס האָב איך נישט געקענט. האָב איך, ווי שוין דערמאָנט, אַוועקגעשיקט קיין וואַרשע אַ פּאָליאַק, אַ באַן־אַרבעטער, ער זאָל אויסגעפינען דעם אַדרעס פון דער פרויס פאַמיליע. ער האָט דעם אַדרעס געפונען און מיר אים געבראַכט. אָט די פרוי וועט זיכער טון פאַר מײַן פרוי אַלץ וואָס מעגלעך אין אירע כּוחות. אָבער די ערשטע פראַגע איז נישט, צי די פרוי וועט אונדז העלפן, צי נישט, נאָר די פראַגע איז: ווי אַזוי קומען מיר אָן קיין וואַרשע, נאַציס זאָלן אונדז אויפן וועג נישט פאַנגען, און אָנשטאָט קיין וואַרשע זאָלן מיר אָנקומען קיין טרעבלינקע, אָדער דערשאָסן ווערן אויף דעם פּלאַץ?

אין נאָרמאַלע צײַטן איז דער מרחק קיין וואַרשע אַ נישטיקער, אַ

וועלכע דריַי שעה פאָרן מיט דעם באַן. אָבער אין יענע באַדינגונגען פון סכּנת־נפשות איז דער מרחק געווען ווי צווישן צוויי פּלאַנעטן. אויף יעדער סטאַציע פּאַטראָלירן זשאַנדאַרן, געסטאַפּאָ־לײַט, פּוילישע פּאָליציי, וואָס איז דורשטיק נאָך יידיש בלוט נישט ווייניקער פון די נאַציס, און אומעטום לויערן "שמאַלצאָווניקעס", וואָס שאַנטאַזשירן יעדן איינעם, וואָס זעט אויס ווי אַ ייד און זיי באַרויבן אים, און אויב זיי האָבן ווירקלעך אָנגעטראָפן אויף אַ ייד, גיבן זיי אים איבער אין די הענט פון דער געסטאַפּאָ און ווי אַ צוגאָב צום רויב באַקומען זיי נאָך אַ באַלוינונג פאַר צושטעלן אַ ייד...

דער ענערגישער פּוילישער באַן־אַרבעטער, וואָס האָט פאַר אונדז אויסגעפונען דער אַדרעס פון דער באַקאַנטער פרוי אין וואַרשע, האָט מיר פאַרזיכערט, אַז ער וועט אונדז דורכפירן קיין וואַרשע אין פולער זיכערקייט:

נישט ווײַט פון סאַבניע, ווו מיר האָבן זיך אויסבאַהאַלטן, איז פאַראַן אַ קליינע באַן־סטאַציע מיט נאָמען "קאָסקי". פון אָט דער אָפּגעלעגענער סטאַציע וועלן מיר פאָרן קיין וואַרשע אין דעם טאָג און אין דער שעה, וואָס ער וועט אונדז פריער מודיע זײַן. אָבער פאַר דער אָפּגערעדטער צײַט איז דער באַן־אַרבעטער געקומען צו אונדז אין סאַבניע און דערקלערט, אַז דאָס מאָל איז אוממעגלעך אויסצופירן זײַן פּלאַן, אונדז אַרײַנצושטופן אין דעם אָנקומענדיקן צוג. אַרום סאַבניע לויערן נאַצישע זשאַנדאַרן. ס'איז צו די נאַציס דערגאַנגען, אַז אין דער סבֿיבֿה באַהאַלטן זיך אויס יידן.

ס'איז נישט שווער זיך פאָרצושטעלן וואָס מיר האָבן איבערגעלעבט נאָך אַזאַ ידיעה.

צי זאָל ווער פון די פּאָליאַקן האָבן אונדז געמסרט, אַז מיר באַהאַלטן זיך אויס אין סאַבניע? צי וועלן די נאַציס דערגיין צו אונדז? פון דאַנען איז נישטאָ וווהין צו אַנטלויפן. זענען מיר אַרײַנגעטריבן געוואָרן אין אַ שרעק, וואָס האָט אָן איבעררײַס אָנגעהאַלטן יעדע סעקונדע פונעם טאָג און פון דער נאַכט.

אין איינער אַ נאַכט איז צו אונדז דערגאַנגען דער מאָטאָר־גערויש פון אַן אָנפאָרנדיקן אויטאָמאָביל. די שרעק האָט אונדז

דערפירט ביז ייאוש: ס'איז געקומען דער סוף. די לויערנדיקע געסטאַפּאָ איז געקומען אויף אונדזערע שפורן און באַלד וועלן מיר זײַן אין זייערע הענט. וואָס פֿאַר אַן אַנדער אויטאָמאָביל קען דאָ אַרומשמיַיען אין דער נאַכט, אין אַזאַ אָפּגעלעגענעם פּלאַץ ווי עס איז דאָס דאָרף סאַבניע?

מיר האָבן דעמאָלט זיך געפֿונען אין דעם צווייטן צימער פֿון דער דירה פֿון דעם סאַבניער פּריצס סטאַנגרעט. אונדזער ערשטע מחשבֿה איז געווען, אַז אויב מיר זענען שוין סײַ ווי פֿאַרפֿאַלענע, האָבן מיר דערמיט נישט קיין רעכט צו ריזיקירן דאָס לעבן פֿון דעם גוטן מענטש, דעם סטאַנגרעט. מיר מוזן זיך אַרויסבאַקומען פֿון זײַן דירה, כדי ער זאָל נישט ווערן קיין קרבן פֿון די נאַציס צוזאַמען מיט אונדז. אָבער אין דער רגע איז צו אונדז אין צימער אַרײַנגעקומען דער סטאַנגרעט און מיט אַ טאָן פֿון סוד מיר אָנגעזאָגט, אַז אין דער וווינונג פֿון דעם פּריץ וואַרט אויף אונדז אַ גאַסט: דעם זון פֿון דעם ד"ר פּערלאָווסקי.

אָט די בשׂורה האָט אונדז קודם־כּל אַנטשפּאַנט פֿון דער טויט־שרעק. בײַ דעם דאָקטער פּערלאָווסקי האָב איך מיט אַ צײַט צוריק געהאַט איבערגעלאָזט אַ גרויס פֿאַרמעגן אין גאָלד און אין אַנדערע ווערטפֿולע זאַכן.

ווען איך בין אַרײַנגעקומען אין דער וווינונג פֿון דער סאַבניער פּריץ, איז מיר אַנטקעגנגעקומען דאָקטער פּערלאָווסקיס זון און פֿאַרטרויליך מיר אָנגעזאָגט די בשׂורה, אַז זײַן פֿאָטער האָט פֿאַר אונדז אויסגעפֿונען אַ גוטן פּלאַץ, וווּ מיר וועלן קענען לעבן אַ פֿרײַ און זיכער לעבן, ווי פֿרײַ און זיכער עס קענען לעבן פּאַליאַקן. ער האָט זיך מיט מיר אָפּגערעדט, אַז ער וועט וואַרטן אויף אונדז מיט זײַן אויטאָמאָביל נעבן דעם וועלדל הינטער סאַבניע, פֿיר אַזייגער באַגינען. פֿון דאָרט וועט ער אונדז דירעקט אַוועקפֿירן אין דעם פּלאַץ, וואָס דערווײַל רופֿט ער נישט אָן זײַן נאָמען.

די נאַכט זענען מיר שוין מער נישט געשלאָפֿן. צום אָפּגערעדטן פּלאַץ זענען מיר אָנגעקומען פֿאַר פֿיר אַזייגער. אַרום איז אַלץ געשלאָפֿן, אויסער די שרעק אין אונדז. אַפֿילו די אַרומיקע שטילקייט

איז געווען אַ דראָענדיקע, אַ סכנהדיקע. מיט אומגעדולד האָבן מיר דערוואַרט דעם גערויש פון דעם מאָטאָר פון פערלאָווסקיס אויטאָמאָביל, אָבער אין דער זעלבער צײַט מורא געהאַט פאַר אַזאַ גערויש, וואָרום ער קען דאָך חלילה אויפוועקן די פינצטערע נאַצישע כוחות אין אָט דעם פאַרטאָג.

דער אויטאָמאָביל איז אָנגעקומען. מיט קלאַפנדיקע הערצער האָבן מיר פאַרמאַכט די טירן און דער אויטאָ איז אַוועק. איצט האָט פערלאָווסקיס זון אונדז דערקלערט, אַז ער פירט אונדז אין דער אָרטשאַפט ריביענקאָ. ווי עס האָט געקלאַפט דער מאָטאָר פון דעם אויטאָמאָביל, אַזוי האָבן געקלאַפט אונדזערע הערצער. אין די געגעבענע באַדינגונגען איז דער וועג אַ ווײַטלעכער, כאָטש פאַר דער מלחמה איז דער וועג געווען אַ קאַצנשפרונג. צי וועט די געסטאַפּאָ אָדער די זשאַנדאַרמעריע אונדז אָפּהאַלטן? צי האָט דער יונגער פערלאָווסקי אַן ענטפער אויף דער עווענטועלער פראַגע פון וואַנען ער פאָרט און ווהין ער פאָרט מיט זײַנע פּאַסאַזשירן? און ווער זענען זײַנע פּאַסאַזשירן?

אויפן וועג האָט אונדז קיינער נישט פאַרהאַלטן. דער אויטאָ האָט זיך געטראָגן דורך די שטעט סאָקאָלאָוו, ווענגראָוו, לאָכאָוו און אָפּגעלעגענע דערפער. די פריערדיקע יידישע שטעט האָבן געפּוסטעוועט. קיין איין און איינציקער ייִד איז אין זיי נישט געבליבן.

פון דער אויסגעליידיקטקייט האָט געבלאָזן מיט אבֿלות נאָך די פאַרשניטענע יידישע קהילות. אָט לויפט פאַרבײַ פאַר דעם פענצטער פון דעם אויטאָמאָביל דעם סאָקאָלאָווער רבינס הויף, ווו אין פראָנט האָט זיך געפונען דאָס הויז פון מײַנע פרומע עלטערן. אַרום דעם מאַרק, אין צענטער פון שטאָט, האָט זיך אָפּגעשפּילט אַ שעפעריש יידישע לעבן. אין די געסלעך אַרום דעם מאַרק האָט געקלונגען מיט יידישער קינדערישער פרייד. דאָס מאָל לויפט דער אויטאָמאָביל דורך אַ טויטער שטאָט מיט אָפענע צעהפּקרטע געוועלבער, וואָס זענען אויסגערויבט געוואָרן ביז צום לעצטן ברעקל. אַזוי אויך ווענגראָוו, די אַלטע שטאָט פון סופרי־סת״ם, וואָס

האָבן פֿאַרזאָרגט די ייִדישע וועלט מיט בתּים צו תּפֿילין, מזוזות און ספֿרי־תּורה, אַ שטאָט וואָס האָט אין דער ווײַטער פֿאַרגאַנגענהייט געמאַכט ייִדישע געשיכטע. דאָס מאָל פֿאָרט פֿאַרבײַ דער אויטאָמאָביל אַ שטאָט אַ בית־עולם אָן מצבֿות; בלויז די שילדן אויף די פּוסטע קראָמען דערמאָנען, אַז אין די קראָמען האָבן געהאַנדלט ייִדן. און אַזוי אויך דאָס קליינטשיקע שטעטעלע לאָכווע — ליידיק, אָן ייִדן, אָן לעבן. אויסגערויבטע שטעט און שטעטלעך.

מיר זענען אָנגעקומען אומגעשטערט קיין ריביענקאָ. דער יונגער פּערלאָווסקי האָט אונדז אַרײַנגעפֿירט אין אַ פּענסיאָנאַט. נאַטירלעך האָט ער אונדז פֿאָרגעשטעלט ווי פּאָליאַקן — איך, דאָקטאָר עוגעניוש לעוואַנדאָווסקי, און די צוויי פֿרויען, העניאַ און העלאַ סטעמירסקאַ, זענען מײַנע קרובֿהס. דער פּענסיאָן האָט געהערט צום אָרגאַניסט פֿון דער אָרטיקער קירך. מיר האָבן באַקומען אַ זייער באַקוועם צימער, ציכטיק און פֿײַן, ווי עס וואָלט גאָר קיין מלחמה אויף דער וועלט נישט געווען; ווי אין די שטעט און שטעטלעך אַרום רעביענקאָ וואָלט אין דער צײַט גאָרנישט מאַקאַבריש פֿאָרגעקומען; ווי עס וואָלטן נישט פֿאַרגאָסן געוואָרן קיין טײַכן אומשולדיק בלוט; ווי עס וואָלטן נישט חרובֿ געוואָרן הונדערטער ייִדישע קהילות, אײַנגעוואָרצלטע אין פּוילן זײַט הונדערטער יאָרן.

צו מיטאָג זענען מיר אַראָפּ אין עס־צימער, ווו צווישן די געסט זענען אויך געווען צוויי גלחים, און די שטימונג איז געווען אַ געמיטלעכע ווי עס איז געוויינטלעך אין אַ פּענסיאָנאַט, ווו מענטשן קומען אָפּרוען זיך און געניסן פֿון שלווה.

אונדזער פּענסיאָנאַטישע שלווה האָט לאַנג נישט אָנגעהאַלטן:

אויף צו מאָרגנס האָט די פֿרוי פֿון דעם פּענסיאָנאַט־אייגנטימער זיך געוואָנדן צו מיר, איך זאָל איר געבן אונדזערע "קענקאַרטען". די געסט אין פּענסיאָנאַט דאַרפֿן ווערן געמאָלדן אין מאַגיסטראַט, און רעביענקאָ געהערט צום מאַגיסטראַט אין ווישקאָוו. לויט דעם געזעץ דאַרפֿן די פּענסיאָנאַט־געסט אײַנגעמאָלדן ווערן ביז 24 שעה נאָך זייער אָנקומען.

איך האָב מיט גרויס שווערקייט קוים איינגעהאַלטן מײַן צעטומלונג. ווען מײַן "קענקאַרטע" בין איך געווען רויק. אין איר איז געווען געשריבן אַז זי איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אין קראָקע צו אַ דאָרט־געבוירענעם דאָקטער ע. לעוואַנדאָווסקי. ווען דער מאַגיסטראַט אין ווישקאָוו נישט פאָרן קיין קראָקע זיך אָנפרעגן, צי די "קענקאַרטע" איז אַ ריכטיקע, אָדער אַ געפעלשטע. ביטער איז געוואָרן בנוגע די "קענקאַרטעס" פון ביידע פרויען, די סטע־מירסקאַס. זייערע דאָקומענטן האָבן דערציילט, אַז מיין פרוי און שוועגערין זענען געבוירענע אין ווישקאָוו, זיי וווינען אין ווישקאָוו און די "קענקאַרטן" זענען אַרויסגעגעבן געוואָרן אין ווישקאָוו. אויב דעם איינמעלדונג־באַאַמטן אין ווישקאָווער מאַגיסטראַט זאָל איינ־פאַלן, אַז די צוויי "קענקאַרטען" זענען געפעלשטע, און ער וועט נאָכקוקן אין דער עווידענץ פון דער ווישקאָווער קריסטלעכער באַפעלקערונג, צי די נעמען פון די צוויי פרויען פיגורין דאָרט, וועט ער האָבן געפאַנגען צוויי יידישע פרויען, וואָס באַהאַלטן זיך אויס אונטער קריסטלעכע נעמען מיט פאַלשע דאָקומענטן. דער באַאַמטער וועט ווערן אַ העלד. ער וועט פון דער געסטאַפּאָ באַלוינט ווערן. לויט די נאַצישע געזעצן האָבן נישט אַזעלכע יידישע פרויען קיין רעכט צו לעבן, און מיר, אַלע דרײַ אין דעם פענסיאָנאַט, וועלן ווערן קרבנות. וואָרום דעמאָלט וועט אויך מײַן "קענקאַרטע" אַרויסרופן פאַרדאַכט און איר פאַלשקייט וועט לײַכט קענען פעסטגעשטעלט ווערן.

ווען איבערגעבן אונדזערע "קענקאַרטען" צו דער באַלעבאָסטע פון דעם פענסיאָנאַט האָט שוין נישט געקענט זײַן קיין רייד. אָבער ווו איז דער אויסוועג? וואָס זאָלן מיר טאָן ווײַטער? אויב מיר זאָלן גלײַך פאַרלאָזן דעם פענסיאָן וועלן מיר זיך אַליין מסרן, אַז מיר האָבן מורא זיך איינצומעלדן, און דאָס איז אַ סימן, אַז מיר זענען יידן. אויב אַפילו אַזאַ בהלהדיק פאַרלאָזן דעם פענסיאָן זאָל אַדורכגיין אָן יעדן פאַרדאַכט פון דעם מין — וווהין וועלן מיר גיין? וואָס וועלן מיר טאָן מיט זיך?

אַהער, אין דעם פּענסיאָן, האָט אונדז געבראַכט דער יונגער פּערלאָווסקי ווי אין אַ זיכערן פּלאַץ. איך האָב נישט געקענט אין ריביענקאָ נאָך אַ פּענסיאָנאַט, אָדער וועלכן עס איז האָטעל. דער פּלאַץ איז אַ קליינער און יעדער פרעמדער רופט גלייך אַרויס נײַגעריקייט, אָדער פאַרדאַכט, ווײַל די פּאָליאַקן ווייסן דאָך, אַז די נאַציס זוכן אויסבאַהאַלטענע יידן. און טאַקע דערפאַר ווײַל די פּערלאָווסקיס האָבן געהאַלטן דעם פּענסיאָן פון דעם אָרגאַניסט אַלס אַ זיכערן פּלאַץ פאַר אונדז, האָב איך נאָך אַ לאַנגן באַראַטן זיך מיט מײַנע צוויי פרויען באַשלאָסן צו רעדן מיט דער באַלעבאָסטע אָפענע דיבורים; דערציילן איר דעם אמת, אַז מיר קענען איר נישט געבן אונדזערע "קענקאַרטען" אײַנצומעלדן, ווײַל צוויי זענען אויסגעשטעלט כלומרשט אין ווישקאָוו און זיי זענען פאַלשע. מיר, אירע דרײַ געסט פון דער רעקאָמענדאַציע פון דאָקטער פּערלאָווסקי, זענען יידן.

איך ווייס נישט, צי די באַלעבאָסטע האָט מיט אונדזער אָנקומען צו איר אין פּענסיאָנאַט געהאַט אַ פאַרדאַכט, אַז מיר זענען יידן אויף פּוילישע דאָקומענטן. אָבער ווי נאָר זי האָט געהערט פון מיר, אַז מיר זענען יידן, איז איר פּנים געוואָרן ווײַס ווי קרײַד און זי האָט געפאָדערט מיר זאָלן אין דער אותו רגע פאַרלאָזן איר הויז. אַלע דרײַ האָבן מיר אָנגעהויבן בעטן רחמים בײַ דער פרוי, זי זאָל אונדז נישט פאַרטרײַבן. זאָל זי מיך אויסהערן און צוזאַמען וועלן מיר געפינען אַ וועג, אַז נישט מיר זאָלן ווערן אויסגעליפערט צום טויט און נישט זי און איר פאַמיליע זאָלן לײַדן צוליב אונדז.

מײַן טענה איז געווען, אַז זי ריזיקירט מיט גאָרנישט. מיר האָבן דאָקומענטן אַלס קריסטן, און נישט זי און נישט איר מאַן קענען זיך אויס אויף דאָקומענטן, צי זיי זענען געפעלשטע אָדער ריכטיקע. איר תּרוץ קען אויך זײַן אַז מיר זענען נאָר וואָס אָנגעקומען און זי האָט נאָך נישט באַוויזן צו פאָדערן פון אונדז אונדזערע "קענקאַרטען" אונדז אײַנצומעלדן אין ווישקאָווער מאַגיסטראַט. חוץ אַלעמען האָבן מיר סײַ ווי נישט געטראַכט צו בלײַבן אַ לענגערע צײַט אין איר פּענסיאָנאַט, וואָרום ריביענקאָ איז אַ קליינער פּלאַץ, ווו עס

באַגעגענען זיך אָפּט די זעלבע מענטשן און מיר זענען פּרעמדע. מײַן שוועגערין קלײַבט זיך סײַ ווי צו פאָרן קיין וואַרשע, ווו מיר האָבן אַ וווין־פּלאַץ בײַ אַ געוויסער פאַמיליע.

אויסגעהערט מײַנע ווערטער, האָט די פּענסיאָנאַט־אייגנטימערין זיך באַרויִקט. זי האָט פאַרשטאַנען אונדזער לאַגע און אויפריכטיק מיטגעפילט מיט אונדז. און אָט איז געקומען אַ פּלוצימע ווענדונג אין דעם געמיט פון דער פרוי. אויב — האָט זי געזאָגט — מײַן שוועגערין, האַנקע, קלייבט זיך קיין וואַרשע, וועט זי פאָרן צוזאַמען מיט איר, וואָרום אויך זי דאַרף זײַן אין וואַרשע. און אַזוי איז געשען.

מײַן שוועגערין האָט געהאַט מיט זיך דעם אַדרעס פון אונדזער באַקאַנטער קריסטלעכער פאַמיליע, וועמעס אַדרעס עס האָט אויסגעפונען און אונדז געבראַכט דער שוין דערמאָנטער באַן־אַרבעטער. די פאַמיליע האָט געהייסן **טשערוויעץ**. די פרוי טשערוויעץ האָט פאַר דער מלחמה געהאַט אַ פּענסיאָנאַט אין אורלע, און מײַן פרוי איז געווען גוט באַפרײַנדעט מיט איר.

כדי אָנצוצינדן די פאַנטאַזיע פון דער פרוי טשערוויעץ, צו העלפן אונדז געפינען אַ פּלאַץ, האָב איך אָנגעזאָגט מײַן שוועגערין, זי זאָל בסוד־סודות פאַרטרויען דער פרוי טשערוויעץ אַז איך, איר שוואָגער, האָב זייער אַ סך געלט און איך האָב בדעה דאָס געלט איר איבערגעבן צו באַהאַלטן, ווײַל איך האָב נישט ווו עס צו באַהאַלטן.

אויף דעם אַדרעס, וואָס מײַן שוועגערין האָט געהאַט מיט זיך, האָט זי געפונען די געזוכטע פאַמיליע. נאַטירלעך האָט די פרוי גוט געדענקט דעם מיידלשן נאָמען פון מײַן פרוי, העניאַ יאַדאָווסקאַ, אָבער קיין גרויס ענטוזיאַזם האָט דער גרוס בײַ איר נישט אַרויסגערופן. וואָרום אַלץ וואָס האָט געהאַט צו טאָן מיט יידן האָט דאָך געשמעקט מיט געפאַר, און וואָס קענען בעטן יידן בײַ אַ קריסטלעכער פאַמיליע אין אַזעלכע ווילדע צײַטן, אויב נישט הילף, אויב נישט זיי אויסצובאַהאַלטן? דאָך אַז מײַן שוועגערין האָט דער פרוי טשערוויעץ אײַנגערוימט דעם סוד, אַז איך האָב אַ סך געלט און אַז איך וויל דאָס געלט בײַ איר באַהאַלטן, האָט זיך — ווי איך האָב

זיך געריכט — אָנגעצונדן איר פֿאַנטאַזיע און זי האָט אויסגעדריקט איר גרייטקייט אונדז גלײַך צו העלפֿן.

מײַן שוועגערין איז צוזאַמען מיט דער באַלעבאָסטע פֿון דעם פּענסיאָנאַט אין ריבענקאָ אַרויסגעפֿאָרן מיט אַ באַן באַגינען. שוין פֿאַרנאַכט פֿון דעם זעלבן טאָג האָט זי צוריקגעקערט פֿון וואַרשע אין דער באַגלייטונג פֿון דער פֿרוי טשערוויעץ. לכבוד דעם גאַסט פֿון וואַרשע, אַ ריינע אַריערין, מיט וועלכער איך האָב געקענט שטאַרקן מײַן קריסטלעכן פּרעסטיזש, האָב איך געשטעלט אַן אָוונטברויט כיד־המלך.

מען דאַרף וויסן, אַז נישט געקוקט אויף די מלחמה־באַדינגונגען און די כסדרדיקע נאַצישע רעקוויזיציעס פֿון פּראָוויאַנט, האָט מען אין די שטעטלעך געקענט באַקומען פֿון די בעסטע שפּײַזן און געטראַנקען. די מיליאָנען יידן אין פּוילן זענען געווען קאָנ־סומענטן, אָבער אַז די יידן זענען אויסגעמאָרדעט געוואָרן, זענען ריזיקע שפּײַז־עודפים געבליבן בײַ די דאָרפֿישע און שטאָטישע פּאָליאַקן. אויב נאָר מען האָט געהאַט גענוג געלט צו קויפֿן אויפֿן ״שוואַרצן מאַרק״ — האָט מען באַקומען אַלץ וואָס דאָס האַרץ האָט געגלוסט.

בעתן אָוונטברויט האָב איך מיט אונדזער גאַסט, דער פֿרוי טשערוויעץ, נישט גערעדט וועגן דעם מטמון מיט געלט, וועגן וועלכן מײַן שוועגערין האָט איר געהאַט פֿאַרטרויט, אַז איך וויל אים באַהאַלטן בײַ איר. ערשט נאָכן אָוונטברויט, האָב איך דער פֿרוי טשערוויעץ פֿאַרבעטן צו אונדז אין צימער און איך האָב איר דערציילט אונדזער ביטערן מצבֿ: אַזוי ווי זי איז באַפֿרײַנדעט מיט מײַן פֿרוי פֿון פֿאַר דער מלחמה, דאַרף איך איר נישט דערציילן, אַז מיר זענען יידן. מיר זענען יידן. אָבער האָבן ״קענקאַרטען״ ווי פּאָליאַקן־קאַטאָליקן. דאָס איז אַ גרויסע פֿאַרלײַכטערונג פֿאַר דער פּוילישער פֿאַמיליע, וואָס וועט גרייט זײַן פֿאַר אַ געהעריקן לוין אונדז אויסצובאַהאַלטן. וואָרום טאָמער וועט געשען אַ דורכפֿאַל, וועט נישט זײַן עפּעס לײַכטערס ווי זיך צו פֿאַרטיידיקן, אַז די יידן

האָבן געהאַט "קענקאַרטען" אַלס קריסטן און קיינער אויסער די ייִדן זענען נישט שולדיק וואָס די דאָקומענטן זענען פאַלשע.

מײַנע ווערטער זענען אַרײַנגעדרונגען אין האַרץ פון דער פרוי טשערוויעץ, וואָס איז ווירקלעך געווען אַ פײַן־פילנדיקע און מענטשלעכע. אַז מיר האָבן געשמועסט אָפּנהאַרציק האָב איך איר אויך דערציילט, אַז וואָס שײַך דעם געלט וואָס איך וויל בײַ איר אויסבאַהאַלטן, האָב איך ווירקלעך אַ גרויסע סומע, נישט בלויז אין באַרגעלט נאָר אויך אין ווערטזאַכן. דאָס פאַרמעגן געפינט זיך בײַ איינעם אַ דאָקטער פערלאָווסקי אין סאָקאָלאָוו און בײַם סאַבאָניער פריץ מאָניושקאָ, וואָס איז גלײַכצײַטיק אויך אַ ריכטער אין סאָקאָלאָווער געריכט. ווי נאָר מיר וועלן האָבן אַ פאַר־העלטעניסמעסיק זיכערן פלאַץ צו וווינען, אַזוי וועלן די צוויי נאָבעלע מענטשן מיר שיקן מײַן פאַרמעגן.

צום סוף פון אונדזער שמועס איז די פרוי טשערוויעץ מסכּים געווען מיר זאָלן וווינען צוזאַמען מיט איר פאַמיליע אין איר דירה אויף הרוביעשאָווסקאַ גאַס נומער 8. מיר האָבן באַלד געמאַכט אַ פּלאַן ווי אַזוי צו פאָרן קיין וואַרשע, מיט אַ וואָס קלענערער סכּנה פאַר יעדן פון אונדז. אַזוי האָבן מיר אָפּגעשמועסט, אַז מיט דער באַן 5 אַזייגער באַגינען וועט יעדער פון אונדז פאָרן באַזונדער, ווי מיר וואָלטן זיך נישט געקענט. פרוי טשערוויעץ וועט זיך האַלטן מיט מײַן פרוי, איך וועל אײַנשטײַגן אין אַן אַנדער וואַגאָן און אַזוי אויך מײַן שוועגערין.

די רײַזע איז אַדורך בשלום. אויף דעם הויפּטוואָגזאַל אין צענטער פון וואַרשע איז אונדז געלונגען אויסצומײַדן די נאַצישע פּאַטרולן. מיר האָבן זיך אויך געהאַט אָפּגערעדט, אַז אַראָפּגייענדיק פון דער באַן וועלן מיר זיך נישט קענען. יעדער פון אונדז וועט באַזונדער אָנקומען אויף הרוביעשאָווסקאַ גאַס נומער 8, אין דער דירה פון דער פרוי טשערוויעץ. מיר, איך און מײַן שוועגערין, זענען אָנגעקומען פריִער און מיט אומגעדולד האָבן מיר געוואַרט אויף די צוויי פרויען, — מײַן ווײַב און פרוי טשערוויעץ. אין אַזאַ פאַל פון וואַרטן איז יעדע מינוט לאַנג ווי דער ייִדישער גלות. אין דעם פאַל

האָט זיך די צײַט באמת פאַרצויגן מחמת דעם ווײַטערדיקן סכּנהדיקן אינצידענט: מײַן ווײַב מיט דער פרוי טשערוויעץ זענען אַרויס פונעם הויפּט־וואָגזאַל צו נעמען אַ דאָראָזשקע וואָס זאָל זיי פירן אויף דער הרוביעשאָווסקאַ גאַס. איינער פון די פּיאַקערס האָט אָנגעוויזן אויף ביידע פרויען, אויך אויף פרוי טשערוויעץ, אַז זיי זענען יידישע און צוגערופן אַ פּוילישן פּאָליציאַנט. צום גליק האָט מײַן פרוי צו איר "קענקאַרטע" גערעדט אַ פּערפעקטן פּויליש. זי האָט זיך פאַר דעם פּאָליציאַנט פאַרקלאָגט הלמאי דער כוליגאַנישער פּיאַקער באַלעסטיקט זי מיט דעם געפערלעכן פאַרדאַכט אַז זי איז אַ יידישע. דער פּאָליציאַנט האָט קאָנטראָלירט מײַן ווײַבס "קענקאַרטע" און זי העפלעך איבערגעבעטן פאַר דער אומאָנגענעמלעכקייט.

ס'איז איבעריק צו זאָגן, אַז דאָס פאַרשפּעטיקן זיך פון די פרויען צו קומען אַהיים האָט אונדז געקאָסט אַ סך בלוט, און אויך דעם מאַן, באָלעסלאַוו טשערוויעץ, האָט די זאַך געקאָסט נערוון, וואָרום אַזאַ פאַל פון פאַרדאַכט צו זײַן אַ ייִד, איז עלול געווען צו שאַפן געפערלעכע קאָמפּליקאַציעס. ענדלעך האָבן מיר זיך אַלע דרײַ געפונען אין דער דירה פון דער פאַמיליע טשערוויעץ. אָבער צי איז אָט די דירה פאַר אונדז ווירקלעך אַ מקום מנוחה און אַ זיכערער פּלאַץ? מיך האָט די פראַגע נישט געלאָזט רוען. מײַן פּילבאַרקייט איז דעמאָלט געווען ענלעך צו אַן אָפּגעדעקטן נערוו, וואָס אַפילו דער לײַכטסטער באַריר מאַכט אויפשפּרונגען פון ווייטאָג.

די פאַמיליע טשערוויעץ האָט פאַר אונדז געשאַפן די בעסטע באַדינגונגען — נאַטירלעך, פאַר דעם בעסטן לוין וואָס איז אויך זעלבספאַרשטענדלעך. אָבער איך האָב נישט געהאַט קיין גײַסטיקע רו. סײַ די טאָכטער פון דער פאַמיליע טשערוויעץ, האַלינאַ, די פרוי פון זיגמונט רײַכערט, און סײַ דער זון, העניעק, פלעגן אַרויפקומען צו זייערע עלטערן און זיי האָבן געוווּסט ווער מיר זענען. אגבֿ, דער זון, העניעק טשערוויעץ, האָט געהערט צו דער אונטערערדישער פּוילישער אַרמיי — אַ. קאַ., אַן אָרגאַניזאַציע וואָס איז געווען דורכגעפּרעסן פון ווילדן יידנהאַס אָן גרענעצן. אָבער העניעק איז

געווען אַ ליבעראַלער יונגערמאַן און אַ גוט־האַרציקער, ווי זײַנע עלטערן.

איך האָב כּסדר מורא געהאַט פֿאַר אומגעריכטע געסט פֿון די טשערוויעצס, וואָס וואָלטן מסתּמא געשטעלט פֿראַגן בנוגע די נײַע סובלאָקאַטאָרן, און דאָס וואָלט אונדז געשטעלט אין סכּנה. דאָס הויז אויף הרוביעשאָווסקאַ גאַס איז אַ גרויס הויז, מיט אַ סך אײַנוווינער. צי וועט אַ מאָל נישט אײַנפֿאַלן איינעם פֿון די שכנים אַרײַנצוקומען צו דער פֿאַמיליע טשערוויעץ, אונדז באַמערקן און זיך פֿאַראינטערעסירן ווער מיר זענען און וואָס מיר טוען אין דער דירה?

ווו צו באַהאַלטן זיך אין אַן עת־צרה איז אין די דירה נישט געווען. די דירה איז באַשטאַנען פֿון צוויי נאָרמאַלע צימערן, ווו אַלץ איז געווען אָפֿן. מיר, איך מיט די צוויי פֿרויען, וווינען אין דעם לעצטן צימער. דאָס פֿאַרמאַכן די טיר צום לעצטן צימער איז אַ קנאַפּע זיכערקייט. איז מיר אײַנגעפֿאַלן איבערצורעדן מיט מײַנע שכנים וועגן אויפֿבויען אין דעם לעצטן צימער אַ דאָפּלטע וואַנט.

מיט אונדזערע באַלעבאַטים זענען מיר שוין געווען אין די פֿרײַנדלעכסטע באַציונגען. טשערוויעץ האָב ליב געהאַט צו טרינקען און ער האָט געקענט טרינקען, און איך האָב געליפֿערט גענוג בראָנפֿן און אַנדערע גוטע זאַכן, בפֿרט איך האָב שוין געהאַט בײַ זיך מײַן פֿאַרמעגן:

דאָקטער פּערלאָווסקי און דער סאַבניער פּריץ, מאָניושקאָ, האָבן מיר געבראַכט אַלץ וואָס איך האָב געהאַט ביי זיי אײַ־בערגעלאָזט. אַז אונדזערע באַלעבאַטים האָבן געפֿילט אין שטוב אַ גרויס פֿאַרמעגן, איז דער צוטרוי פֿון דער פֿאַמיליע טשערוויעץ צו מײַן שׂכל און לאָגיק געווען אין לשער. האָבן זיי צוגעשטימט צו בויען אין דעם לעצטן צימער אַ דאָפּלטע וואַנט, וואָס וועט זײַן גוט פֿאַר אונדזער און פֿאַר זייער זיכערקייט. דאָס הויז אויף הרוביעשאָווסקאַ גאַס נומער 8 איז אַן אַלט הויז מיט אַ סך שכנים. בויען אַ נײַע וואַנט מיינט ברענגען ציגל, צעמענט, זאַמד, קאַלך און

אָנשטעלן בוי־אַרבעטער. צי וועט דער אייגנטימער פון דער הויז דערלויבן בויען אין זיין הויז? צווייטנס, צי קען מען עמעצן פאַרטרויען אַזאַ מין אונטערנעמונג, וואָס וואָלט אונדז אַלעמען "פאַרשיט"? אַז מען בויט אַ וואַנט אין אַ הויז, וואָס שטייט שוין צענדליקער יאָרן און אפשער מער פון הונדערט יאָר, איז שווער צו פאַרמיידן פלעקן פון דעם צעמענט און טינק זאָלן זיך נישט אַרויסבאַקומען אויף די טרעפּ. אַזעלכע מין פלעקן וואָלטן בייַ די שכנים אַרויסגערופן פאַרדאַכטן. שכנים, ווי אַלע שכנים, זענען תמיד נייַגעריק צו וויסן וואָס עס הערט זיך און טוט זיך איבער דער וואַנט. וואָס וועלן די טשערוויעצעס ענטפערן אויף פראַגן פון די שכנים צי אַפילו פון דעם הויז־אייגנטימער? און צום סוף: ווי לאָזט מען אַרייַן אין דער דירה פרעמדע בוי־אַרבעטער צו בויען אַ דאָפּלטע וואַנט?

אַזוי ווי דער איידעם פון דער משפחה, זיגמונט רייַכער, איז אַ בוי־אינזשינער, איז מיר אייַנגעפאַלן פאָרצושלאָגן, אַז מיר וועלן אַליין בויען די וואַנט. און וואָס שייך ציגל, צעמענט, קאַלך און אַנדערע בוי־מאַטעריאַלן האָבן מיר באַשלאָסן צו ברענגען די מאַטעריאַלן ביסלעכווייַז, אין קוישלעך און אין טעקעס.

האָבן אַלע פינף: טאַטע, מאַמע, זון, טאָכטער און איידעם אָנגעהויבן ברענגען ציגל און זאַמד און קאַלך ביסלעכווייַז. צוויי ציגל, אַ טאָרבע זאַמד, אָדער אַ טאָרבע קאַלך, צי צעמענט. אַז מיר האָבן אין לעצטן צימער אָנגעזאַמלט גענוג בוי־מאַטעריאַל, האָבן מיר, די מענער, פאַרקאַטשעט די אַרבל און זיך געשטעלט צו דער אַרבעט: דער איידעם, דער בוי־אינזשינער, איז געווען אַ פלייַסיקער און אַזוי אויך העניעק טשערוויעץ, דער זון. אַזוי ווי דאָס לעצטע צימער איז נישט געווען איבעריק גרויס, האָט דער שטח צווישן די צוויי ווענט געמוזט זייַן אַ באַגרענעצטער, מען זאָל קענען ליגן בלויז אין דער לענג, פון דער וואַנט, דערקעגן אין דער טיף זאָל מען קענען זיצן מיט אייַנגעצויגענע פיס. דער בוי־אינזשינער האָט אויך צוגעטראַכט די דאָפּלטע וואַנט זאָל האָבן אַ קונציקע קלאַפּע, אַ סאָרט שיבער, וואָס זאָל פון זיך אַליין זיך אַראָפּלאָזן נידעריק צום

דיל, און אויב מען וועט בײַ דער וואַנט אַוועקשטעלן אַ בעטל, וועט אפילו קיינעם נישט אײַנפאַלן אַז הינטער דעם בעטל געפינט זיך אַ קלאַפּע.

דאָס בויען די דאָפּלטע וואַנט האָט געדויערט אַן אייביקייט. די אַרבעט האָט געמוזט זײַן אַ ריינע און ציכטיקע, מיר זאָלן מיט אונדזערע שיך נישט אַרויסטראָגן אויף די טרעפּ דעם מינדסטן צייכן, אַז בײַ די טשערוויעצס קומט פאָר אַ בוי־אונטערנעמונג. דעם אָפּפאַל פון די בוי־מאַטעריאַלן האָט מען געמוזט אַרויסטראָגן אויף דעם זעלבן שטייגער ווי די מאַטעריאַלן זענען געבראַכט געוואָרן — אין קוישלעך און אין טעקעס.

איך בין מסופק, צי די יידן אין גושן האָבן געאַרבעט אַזוי שווער בײַם קנעטן ציגל, ווי מיר האָבן געהאָרעוועט בײַם בויען די וואַנט. לייגן די ציגל איז נישט געווען באַזונדער שווער, אָבער די שוועריקייט האָט זיך אָנגעהויבן בײַם אויסטונקעווען אַזאַ דאָפּלטע וואַנט, זי זאָל זײַן גלאַטיק און גלײַך ווי אַלע ווענט אין דער דירה. אַנדערש וועט זי אַרויסרופן פאַרדאַכטן. טונקעווען אַ וואַנט פאָדערט פאַכמענישקייט און אײַנגעאיבטקייט און אפילו דעם בוי־אינזשינער איז אָנגעקומען מיט שוויס אַרויסצובאַקומען אַ שטיקל גלאַטיקע וואַנט. איך בין זיך מודה אַז איך האָב כמעט מיט דער צונג געלעקט דעם טינק, כדי אים אויסצוגלאַטיקן.

אײַנזאַמלען די בוי־מאַטעריאַלן ציגלווײַז און אין טאָרבעס האָט געדויערט אַ גאַנצן חודש. אַזוי לאַנג האָט אויך געדויערט דאָס בויען די וואַנט און זי אויסטינקעווען. די מי האָט געלוינט — ס׳איז פאַרטיק געוואָרן אַ וואַנט נאָר צום באַוווּנדערן. נאָכן אָפּקאַלכן זי און אָפּרייניקן יעדן סימן פון דער האָרעוואַניע, איז קיינער נישט געווען מסוגל צו דערקענען אַז אין דעם צימער איז עפּעס וואָס געענדערט געוואָרן.

בדרך כלל זענען מיר געזעסן אינעם לעצטן צימער און גענאָסן פון ליכט און לופט. די באַהעלטעניש צווישן די צוויי ווענט איז געווען באַשטימט פאַר אויסנאַמפאַלן — ווען דורך די פענצטער האָט זיך באַמערקט וועלכער עס איז אומרו אויף דער גאַס, אָדער

ווען אַ שכנותדיק הויז, צי דאָס הויז נומער 8, ווו מיר האָבן געווינט איז באַפאַלן געוואָרן פון נאַציס. אין אַזעלכע פאַלן האָבן מיר, די דרײַ "פאַליאַקן־קאַטאָליקן" געעפנט דער שיבער, זיך אַרײַנ־געריִטשט אין דער באַהעלטעניש; דער לעצטער האָט מיט אַן אויסגעשטרעקטער האַנט צוגערוקט דאָס אײַזערנע בעטל און דער שיבער האָט זיך אַליין אַראָפּגעלאָזט. מיר זענען געווען פולשטענדיק זיכער. אַז קיינעם וועט נישט אײַנפאַלן אַז פון יענער זײַט וואַנט ליגן מענטשן.

ס'איז אָבער געווען אַן אַנדער צרה, וואָס קיינער פון אונדז האָט נישט געקענט פאָראויסזעען, אַפילו נישט דעם בוי־אינזשינער. דער חלל צווישןביידע ווענט איז געווען זייער אַ שמאָלער, מען האָט געקענט אין אים זיצן אָדער ליגן אין זײַן לענג, אָבער מאַכן אַ באַוועגונג איז געווען אוממעגלעך. אויסער דעם איז צווישן ביידע ווענט נישט געווען — נישט קיין פענצטער און נישט קיין לופט־רער אויף אויסן. די מענטשן אויף דעם שמאָלן שטח האָבן שנעל געפּטרט דאָס ביסל זויערשטאָף פון דער אָפּגעשלאָסענער לופט און עס איז נישט געווען מיט וואָס צו עטעמען. ווי דער שטייגער, אַז ס'איז נישטאָ קיין לופט צו עטעמען הייבט מען אָן זיך צו שטיקן. דאָס שטיקעניש צווינגט צו הוסטן און הוסטן איז אַ גרויס אומגליק. מעג די וואַנט זײַן דאָפּלט דיק, וועט דער אָפּהילך פון הוסטן פון דרײַ מענטשן דערגיין צו דער צווייטער זײַט פון דער וואַנט און דאַן זענען מיר פאַרראַטן. האָבן מיר געמאַכט איבונגען צו עטעמען געלאַסענער, נישט באַוועגן מיט קיין האַנט, צי מיט אַ פוס און אַזוי אַרום אײַנשפּאָרן דעם טײַערן זויערשטאָף. צו אונדזער גליק האָבן מיר נישט געהאַט קיין סך פאַלן מיר זאָלן דאַרפן, ווי די מײַז, זיך אַרײַנריטשן אין אונדזער פינצטערער נאָרע און דאָרט ליגן אַ לענגערע שעה.

כּדי צו פאַרשטאַרקן די זיכערקייט אין דער דירה פון דער פאַמיליע טשערוויעץ, זענען צוגעטראַכט געוואָרן פאַרווײַלונגען: די פאַרווײַלונגען האָט אײַנגעאָרדנט דער זון, העניעק טשערוויעץ. זיי

פלעגן געפּראַוועט ווערן אין די זונטאָק־טעג. העניעק, וואָס האָט, ווי געזאָגט, געהערט צו דער פּוילישער אונטערערדישער לאַנד־אַרמיי, האָט צו די פאַרוויילונגען פאַרבעטן זײַנע פרײַנד און חבֿרים מיט זייערע מיידלעך. בײַ דער מוזיק פון אַ פאַטעפאָן האָבן די יונגטלעכע געטאַנצט רוישיקע טענץ, און כּדי די גאַס — עס הייסט פאַרבייגייענדיקע געסטאַפּאָ־ אָדער זשאַנדאַרן־פּאַטראָלן זאָלן הערן, אַז אויף אַן אויבערשטן שטאָק אין דעם הויז נומער 8 פאַרווײַלט זיך אַ פרײַלעכע פּוילישע יוגנט — זענען צעעפנט געוואָרן די פענצטער. די רוישיקע מוזיק האָט עדות־געזאָגט, אַז דאָרט אויבן טראַכט נישט די פּוילישע יוגנט וועגן סאַבאָטירן די נאַצישע מאַכט; זי טראַכט נישט וועגן בונט קעגן דער אָקופּאַציע, נאָר "זי מאַכט אַ לעבן" צו דער צופרידנקייט פון דעם דריטן רײַך.

הגם די פאַרווײַלונגען האָבן גוט געדינט אונדזער זיכערקייט, האָבן זיי אונדז קיין געזונט נישט צוגעגעבן. מיר זענען געווען אויף גרויסע צרות. עס איז אַ שווערע פּײַן צו ליגן אין דער פינצטער אָן יעדער באַוועגונג, כּדי נישט צו פאַרראַטן זיך, עטעמען אַ לופט אָן זויערשטאָף און דאָך זיך באַהערשן נישט צו הוסטן. דאָס איז אַ פּײַן וואָס איז אוממעגלעך צו באַשרײַבן.

נאָך אַזאַ זונטאָגדיקער פאַרווײַלונג זענען מיר אַרויס פון אונדזער נאָרע פאַרפּײַניקטע און מיט אַ געפיל ווי מיר וואָלטן וועלן אַרײַנעטעמען אין זיך די לופט פון דער גאַנצער וועלט. דערפאַר אָבער איז אונדזער אַלגעמיין געפיל פון זיכערקייט געווען שטאַרקער. אונדזערע באַלעבאַטים, די טשערוויעצס, זענען געווען צופרידן פון זייער זונס געניאַלן אײַנפאַל מיט די טענץ אין די זונטאָגס.

★ ★ ★

אין אָט אַזעלכע באַדינגונגען האָבן מיר געלעבט זײַט נישט לאַנג נאָך יום־כּפּור פונעם יאָר 1942, נאָך דער "אויסזידלונג" פון די

יידן פון סאָקאָלאָוו און פון אַלע שטעט און שטעטלעך אין דעם ראַיאָן, ביז דעם 1טן אויגוסט 1944.

דער אַלגעמיינער פּאָליטישער און מלחמה־מצבֿ איז דעמאָלט געווען אַן אָנגעשטרענגטער: די סאָוויעטישע אַרמיי איז געגאַנגען פּאָרויס כּמעט אומגעשטערט, און פּאָליאַקן האָבן געהאָפּט, אַז באַלד וועט זיך אָנהייבן די אָפּענסיווע אויף וואַרשע און די פּוילישע אונטערערדישע לאַנד־אַרמיי — אַ. קאַ. — וועט מאַכן אַן אויפשטאַנד קעגן די נאַציס און אַזוי אַרום נאָך מער באַשווערן די לאַגע פון די דײַטשע אָפּטרעטנדיקע כּוחות.

דער גענעראַל־שטאַב פון דער סאָוויעטישער אַרמיי איז נישט אַנטקעגנגעקומען דעם ווונטש פון דעם שטאַב פון דער אונטערערדישער פּוילישער לאַנד־אַרמיי. ער האָט געהאַט זײַן אייגענע פּאָליטיק און צילן: די רויטע אַרמיי האָט באַזעצט פּראַגע, אַ פאָרשטאָט פון וואַרשע, און געבליבן שטיין בײַם ברעג פון דער ווײַסל, כּדי די פּאָליאַקן און די נאַציס זאָלן זיך קאָכן אין זייער אייגענעם סאָוס און זיך קעגנזײַטיק אויסבלוטיקן. דאָס איז געשען נישט געקוקט דערויף וואָס צוזאַמען מיט דער רויטער אַרמיי איז פון יענער זײַט ווײַסל געשטאַנען אויך די פּוילישע אַרמיי, וואָס איז געשאַפן געוואָרן אין סאָוויעט־רוסלאַנד און זי האָט אָנטיילגענומען אין די קאַמפן אָפּצורייניקן פּוילן פון די נאַציס.

פון דעם וואָס איך האָב געהערט אין הויז פון די טשערוויעצס, זאָל די פּאָליטיק פון דער רויטער אַרמיי צו פאַרהאַלטן זיך אויף אַ צײַט אויפן ברעג פון דער ווײַסל, האָבן געווען אַ פּאָליטישע און סטראַטעגישע: די דײַטשן האָבן אין וואַרשע אײַנגעזאַמלט ריזיקע כּוחות, כּדי אָפּצוהאַלטן דעם סאָוויעטישן אָנגריף אויף דער פּוילישער הויפּט־שטאָט. פילנדיק דעם כּוח פון דער סאָוויעטישער אַרמיי פון יענער זײַט ווײַסל, וועלן די פּאָליאַקן אויפשטיין קעגן די נאַציס. פון איין זײַט וועט דער פּוילישער אויפשטאַנד אַנגאַזשירן גרויסע נאַצישע כּוחות און פון דער צווייטער זײַט וועלן די נאַציס אויסהרגענען וואָס מער יונגע פּאָליאַקן קעמפער אין דעם אויפשטאַנד, און אַזוי אַרום אָפּשוואַכן די פּוילישע רעאַקציע.

ס׳איז זיכער נישט געווען קיין סוד פֿאַר דער סאָוויעטישער אָנפירערשאַפֿט, אַז די אַרמיאַ קראַיאָוואַ האָט פֿײַנט די דײַטשן נישט ווייניקער ווי זי האַסט די רוסן.

אַזוי איז ווירקלעך געשען: דעם 1טן אויגוסט 1944 איז אויסגעבראָכן דער פּוילישער אויפֿשטאַנד און ער איז באַלד אין זײַן ערשטן טאָג געווען אַ בלוטיקער אין אַזאַ פֿאַרנעם, אַז די פּאָליאַקן זענען דערשיטערט געוואָרן. אַ גרויסן טייל פֿון דעם כּוח וואָס די נאַציס האָבן צוגעגרייט צו פֿאַרטיידיקן וואַרשע, האָבן זיי געוואָרפֿן קעגן די פּוילישע אויפֿשטענדלער און זיי אויסגעקוילעט מאַסנווײַז.

די באַריכטן, וואָס זענען צו אונדז דערגאַנגען, האָבן דערציילט. אַז די וואַרשעווער גאַסן זענען רויט פֿון דעם בלוט פֿון די פּוילישע קעמפֿער און אויך פֿון די דײַטשן. אין דעם ערשטן טאָג פֿונעם אויפֿשטאַנד איז אויך געהרגעט געוואָרן האַלינקאַ, די טאָכטער פֿון די טשערוויעצס. זי האָט געאײַלט צו אירע עלטערן אויף הרוביעשאָווסקע גאַס, וווּ ס׳האָט זיך געפֿונען איר פּיצל קינד. אויפֿן וועג איז זי געפֿאַלן פֿון אַ נאַציִשער קויל. די בשורה, אַז די טאָכטער איז דערשאָסן געוואָרן פֿון די דײַטשן האָט געבראַכט אַ שליח פֿון די אויפֿשטענדלער.

אָט דער טראַגישער פֿאַל, דער טויט פֿון האַלינקאַ, די זאָרגן פֿון זיידע־באָבע פֿאַר דעם עופֿעלע אין די געשאַפֿענע באַדינגונגען, האָט געמאַכט אַן איבערקערעניש אין דעם רוטינעם לעבן פֿון דער פֿאַמיליע טשערוויעץ. נאַטירלעך איז די נײַע לאַגע נישט געבליבן אָן השפּעה אויף אונדז, אויסבאַהאַלטענע.

מיט עטלעכע טעג שפּעטער איז דער הויף פֿון דעם הויז נומער 8, אין וועלכן מיר האָבן געלעבט, באַלאַגערט געוואָרן פֿון נאַציס. מיט געשרייען און ריטשערײַען האָבן זיי אויפֿגעפֿאָדערט, אַז אַלע אײַנוווינער אין דעם הויז זאָלן מיט קינד און קייט פֿאַרלאָזן זייערע דירות און זיך אײַנזאַמלען אין הויף. ווער עס וועט נישט אויספֿאָלגן דעם באַפֿעל און ער וועט געפֿונען ווערן אין וועלכן עס איז אַ פּלאַץ, וועט דערשאָסן ווערן. אונדזער באַלעבאָסטע, פּרוי טשערוויעץ,

האָט גענומען אין אירע אָרעמס איר פּיצל איינקל און אַראָפּ אין הויף, כדי אויסצופּאָלגן דעם באַפעל פון די נאַציס.

בעת דאָס הויז איז באַלאַגערט געוואָרן, האָבן זיך אין אונדזער דירה געפונען, אויסער אונדז דרייַ — מייַן פרוי, שוועגערין און איך — דער באַלעבאָס טשערוויעץ און אויך אַ שכן, וואָס איז געווען אַ געהיימאַגענט אין דער פּאָליציי. נישט מיר און נישט זיי האָבן געהאַט בדעה אַראָפּצוגיין אין הויף און אַרייַנפאַלן אין די הענט פון די נאַציס. דעריבער זענען מיר אַלע פינף אַרייַנגעקראָכן אין דער באַהעלטעניש הינטער דער דאָפּלטער וואַנט און אַראָפּגעלאָזט דעם שיבער. איצט האָט דאָס קאַרגע ביסל לופט צווישן די ווענט געמוזט סטייַען פאַר פינף. באַלד האָבן מיר געהערט דאָס קלאַפּן אין דער טיר און דאָס אויפרייַסן זי, און דעם אָפּהילך פון באַשטיוולטע טריט. די שווערע טריט האָבן זיך דאָ דערנענטערט און דאָ דערווייַטערט און באַלד ווידער זיך איבערגעחזרט נאָענט צו אונדזער וואַנט. אייַנ־האַלטן דעם אָטעם אין אַ רוים אָן לופט, ווי מיר האָבן געמוזט אייַנהאַלטן אונדזערע אָטעמס, איז אַ פּייַן וואָס איז, דאַכט זיך, נאָך נישט באַשריבן געוואָרן. אויפן זייגער האָבן די באַשטיוולטע טריט נישט לאַנג געדויערט; פאַר אונדז, פון יענער זייַט דאָפּלטע וואַנט, איז עס געווען אַן אייביקייט. אין אַ געוויסן מאָמענט האָבן זיך די טריט אָפּגעשטעלט און אַ מענערישע שטים האָט געמאָלדן: ״דאָ איז קיינער נישטאָ״. אונדזער שפּאַנונג האָט נאָכגעלאָזט, אָבער אויסדריקן די דערלייַכטערונג דורך אַ טיפערן אָטעם האָבן מיר נישט געטאַרט.

הגם עס איז געוואָרן פולשטענדיק שטיל, וואָס איז געווען אַ סימן, אַז די נאַציס זענען אַוועק, זענען מיר אין דער באַהעלטעניש נאָך געבליבן מער ווי אַ שעה צייַט, אָבער מיט דעם אָפּגעדעקטן שיבער, מיר זאָלן אין אונדזער באַהעלטעניש אַרייַנבאַקומען אַ ביסל לופט צו עטעמען. שפּעטער זענען טשערוויעץ און דער געהיימאַגענט אַרויס פון דער באַהעלטעניש און אַראָפּגעגאַנגען אין הויף. דערקעגן מיר, מייַן פרוי, שוועגערין און איך, זענען נאָך אַלץ געווען געליימט פון דער שרעק, וואָס עס האָט אויף אונדז

אָנגעוואָרפֿן די באַלאַגערונג פֿון הויף און דער "וויזיט" פֿון די נאַציס אַזוי נאָענט צו אונדזער באַהעלטעניש. זענען מיר פּשוט געבליבן ליגן אין דעם שמאָלן חלל צווישן די צוויי ווענט, מיר זאָלן ביסלעכווײַז קומען צו זיך.

דערווײַל איז צוגעפֿאַלן דער אָוונט. עס איז געווען גוט צו פֿילן אַז עס ווערט נאַכט און אַז מיר זענען נצול געוואָרן פֿון די נאַצישע נעגל. פּלוצים האָבן מיר זיך אין אונדזער באַהעלטעניש אָנגעהויבן שטיקן. דורך דעם ברייט־געעפֿנטן שיבער האָט זיך אין אונדזער באַהעלטעניש אַרײַנגעשפּאַרט אַ ביטערער רויך. מיר האָבן זיך אַרויסגעריטשט פֿון דער באַהעלטעניש און זיך געפֿונען אין אַ געדיכטן שטיקנדיקן רויך. דער רויך האָט אויסגעפֿילט די גאַנצע וווינונג. ער האָט אַרײַנגעשפּאַרט דורך די אָפֿענע פֿענצטער. מיר האָבן באַשלאָסן צו פֿאַרלאָזן די דירה, אָבער באַלד איז פֿאַר אונדז קלאָר געוואָרן, אַז מיר האָבן באַשלאָסן אָן צו וויסן אין וואָס פֿאַר אַ מצבֿ מיר האָבן זיך געפֿונען און דערווירקלעכקייט.

אונדזער דירה האָט זיך געפֿונען אויפֿן פֿערטן שטאָק. באַלד בײַם ערשטן פּרווו אַראָפּצוגיין פֿון די פֿיר שטאָק שטיגן האָבן מיר זיך איבערצײַגט, אַז מיר זענען אַרומגענומען דורך אַ שריפֿה. מיר האָבן געהערט דאָס קנאַקן פֿון פֿלאַמען און דורך דעם געדיכטן רויך האָבן זיך דורכגעריסן רויטע שריפֿה־צינגער.

איידער דאָס אַלץ איז זיך פֿאַרלאָפֿן, האָט מסתּמא די פֿרוי טשערוויעץ געבאָדן איר איינינקל אין אַ באַליע וואַסער. נאָך דעם ווי זי האָט פֿאַרלאָזט די דירה אויף דעם באַפֿעל פֿון די נאַציס, איז די באַליע וואַסער געבליבן. אין דער פֿינצטער האָב איך פֿון דעסטוועגן זיך שנעל אָריענטירט: איך האָב פֿון די בעטן געכאַפּט די וואָלענע דעקן, זיי אײַנגעטונקען אין דער באַליע וואַסער און מיט די דעקן אַרומגעוויקלט די קעפּ פֿון די צוויי פֿרויען. דאָס זעלבע האָב איך געטאָן מיט זיך גופֿא. האַלטנדיק זיך בײַ די הענט זענען מיר אויף דעם אופֿן אַראָפּ פֿון די טרעפּ צווישן די וואָלקנס רויך און פֿלאַמען.

דאָס האָבן די נאַציס, נאָך דעם ווי זיי האָבן אַרויסגעפֿירט די אײַנוווינער, אונטערגעצונדן דאָס הויז. דאָס הויז איז באַשטאַנען פֿון

פיר פליגלען, אויף דעם שטייגער ווי עס זענען געווען געבויט די הײַזער אין וואַרשע. די נאַציס האָבן אונטערגעצונדן אַלע פיר פליגלען, אָבער געברענט האָבן בלויז דרײַ. און דאָס איז געווען אונדזער מזל צו בלײַבן לעבן.

אין דעם נישט־ברענענדיקן פליגל פון דעם גרויסן הויז האָבן זיך פאַרזאַמלט די אײַנוווינער, וואָס האָבן בעת דער באַלאַגערונג פון די נאַציס באַוויזן זיך אויסצובאַהאַלטן. צווישן זיי איז אויך געווען אונדזער באַלעבאָס באָלעסלאַוו טשערוויעץ און דער געהיימאַגענט, וואָס האָט זיך פאַרשטעקט צוזאַמען מיט אונדז הינטער דער דאָפּלטער וואַנט. אין אָט דעם נישט ברענענדיקן פליגל פונעם הויז האָבן אַלע מענער שוין באַוויזן אין דער קורצער צײַט צו ווערן טויט־שיכּור און צוזאַמען מיט זיי אויך אונדזער באַלעבאָס.

אין שכנות פון דעם הויז, אין וועלכן מיר האָבן זיך געפונען, איז געווען אַ פאַבריק פון קאָניאַק. דערזעענדיק מיך אין דער טונקלקייט, איז עמעצער געלאָפן און געבראַכט אַ פלאַש קאָניאַק, אָנגעגאָסן פאַר מיר אַ פולע גלאָז און איך האָב אויפן פוילישן שטייגער אויסגערופן: "פאַרן געזונט!" און אַרײַנגעגאָסן אין זיך די גלאָז קאָניאַק.

דאָ דאַרף באַמערקט ווערן, אַז לעבנדיק בײַ דער פאַמיליע טשערוויעץ כּמעט צוויי יאָר, האָב איך, כּדי אויסצובעסערן מײַן פויליש לשון אויסגעלייענט אַ מאַסע פוילישע ביכער, זיך פאַראייגנט אַלע פאָלקסטימלעכע באַזונדערקייטן אינעם פוילישן לשון און אַפּילו אויך ניבול־פּה און זידל־ווערטער. צווישן די וואָס זענען געווען פאַרזאַמלט אין דעם נישט ברענענדיקן פליגל פון דעם הויז נומער 8 — עטלעכע פערציק פערזאָן מיט פרויען און קינדער — בין איך, וואָס שײַך דער פוילישער שפּראַך, געווען איינער צווישן אייגענע, אַ פּאָליאַק, וואָס האָט געקענט אַרײַנזאָגן אין טאַטנס טאַטן אַרײַן נישט ערגער פון יעדן פּרימיטיוון פּאָליאַק צי גאַסניינג. צוקוקנדיק זיך צום דעם שיכּורן געזינדל, האָב איך זיך דערנעענטערט צו טשערוויעצן און אים אײַנגערוימט אין אויער, אַז אונדזער פּלאַץ איז נישט דאָ ווו מיר געפינען זיך. מיר זענען דאָך אַלע געווען אויסבאַהאַלטן ווען די

נאַציס האָבן באַלאַגערט דאָס הויז, קען געשען, אַז די נאַציס זאָלן ווערן אויפמערקזאַם דערויף, אַז איין פליגל פון דעם אונטערגעצונדענעם הויז ברענט נישט און עס קען זיי זיך פאַרגלוסטן צוריקקומען און פאַרענדיקן זייער אַרבעט, און ביַי דער געלעגנהייט פאַרכאַפּן און אויסשיסן אונדז ביז איינעם. פון מיַינע ווערטער האָט טשערוויעץ גליַיך זיך אויסגעניכטערט און אָנגעהויבן זיך צוזאַמענרעדן מיט אַנדערע שכנים, מיר זאָלן פאַרלאָזן דאָס ברענענדיקע הויז און זוכן אַ זיכערן פּלאַץ.

אַזוי ווי עס האָט שוין געהאַט צוגעפאַלן דער אָוונט, איז מיַין עצה געווען, מיר זאָלן אויסגעפינען דעם שטח, וואָס טיילט אָפּ צווישן די נאַציס און די פּוילישע אויפשטענדלער און פּרוּוון זיך אָנשליסן צו די פּאָליאַקן. דער פּלאַן איז געווען אַ גוטער. לויט דעם זייגער איז טאַקע געווען אָוונט, אָבער האַלב וואַרשע איז געשטאַנען אין פלאַמען און דאָס ליכט פון די פלאַמען איז געפאַלן אַ מאָל שטאַרקער און אַ מאָל שוואַכער. זענען מיר, די גאַנצע גרופּע פון עטלעכע פערציק פּערזאָן, געגאַנגען פאָרויס זיך ריכטנדיק מיטן אינסטינקט. דאָס מאָל האָט אונדזער אינסטינקט פולשטענדיק אַנטוישט, וואָרום אין אַ געוויסן מאָמענט האָבן די נאַציס געעפנט אַנטקעגן אונדז אַ שיסעריי און צוויי מענער פון די, וועלכע זענען געגאַנגען פאָרויס זענען געפאַלן טויט. אין בהלה האָבן מיר אָנגעהויבן לויפן צוריק, און מיר זענען דאָך געלאָפן אין דעם שטח, וואָס איז געווען באַהערשט פון די נאַציס, און פאַר וועלן זיך אַרויסבאַקומען פון זייער קלעם זענען געפאַלן די צוויי מענער.

דער מצבֿ איז מיר געווען זייער נישט סימפּאַטיש. האַלטן זיך מיט פרויען און קינדער, בעת מיר דריַי, מיַין פרוי, מיַין שוועגערין און איך, זענען יידן אויף פאַלשע אַרישע דאָקומענטן, איז צו ריזיקאַליש. אויב די דיַיטשן האָבן געשאָסן אויף דער גרופּע און טויט געלייגט צוויי, איז עס אַ סימן, אַז זיי וועלן פאַרפאָלגן די איבעריקע, וויַיל די גרופּע געפינט זיך אין דעם שטח וואָס איז באַזעצט דורך זיי. פאַר מיר איז עס געווען אַ וואָרענונג אַז איך מוז גליַיך זוכן אַ באַהעלטעניש ביז דער מצבֿ וועט קלאָר ווערן.

הינטער דער הרוביעשאָווסקאַ גאַס האָט זיך געפֿונען אַ פֿאַבריק פֿון פֿאַרמאַצעווטישע פּרעפּאַראַטן פֿון דער פֿירמע ״קלאַווע״. האָב איך באַשלאָסן צוריקגיין און זען וואָס עס איז געשען מיט דער פֿאַבריק־געבײַדע, צי אויך זי איז אונטערגעצונדן געוואָרן, אָדער זי איז געבליבן אַ גאַנצע. דער שטח פֿון דער פֿאַבריק איז געלעגן אין פֿינצטערניש. דער אָפּשײַן פֿון די פֿלאַמען פֿון דער ווײַטנס איז אַהער נישט דערגאַנגען. איך האָב דאָ אויך נישט באַמערקט קיין צייכן, אַז אין דער סבֿיבֿה געפֿינען זיך דײַטשן. וואָס איך האָב יאָ באַמערקט איז דאָס, אַז דער פֿאַבריק־בנין שטייט אין וואַסער אויף אַ וועלכן מעטער טיף. זעט אויס, אַז די וואַסער־רערן אין דער סבֿיבֿה האָבן געפּלאַצט, אָדער זיי זענען אויפֿגעריסן געוואָרן און דאָס וואַסער פֿאַרפֿלייצט די פֿאַבריק. האָב איך גלײַך באַשלאָסן, אַז דער פֿאַרפֿלייצטער בנין קען דינען ווי אַ גוטע באַהעלטעניש. איך האָב צוריקגעקערט צו דער גרופּע מיט פּרויען און קינדער און געזאָגט:

״איך האָב אויסגעפֿונען אַ גוטן פּלאַץ צו באַהאַלטן זיך פֿון די שוואָבן. קומט מיט מיר״.

די מענער זענען נאָך געווען שיכור ווי לוט און זיי און זייערע ווײַבער און קינדער האָבן אויסגעפֿאָלגט וואָס איך האָב געזאָגט. נעבן דעם טיפֿן וואַסער אַרום דעם בנין האָב איך אויסגעטאָן מײַנע שטיוול און גענומען מײַן פּרוי אויף די פּלייצעס, ווײַל זי איז געווען פֿון נידעריקן וווקס, און זי דורכגעטראָגן בראָדזשענדיק ביז אין דער העלפֿט פֿון מײַן קערפּער אין דעם וואַסער, אַ מרחק פֿון אַן ערך פֿינף מעטער. אַנדערע האָבן געטאָן דאָס זעלבע.

גייענדיק אין דעם וואַסער באָרוועס האָב איך דערפֿילט, אַז איך האָב אָנגעטרעטן אויף דעם שפּיץ פֿון אַ שאַרפֿן טשוואָק, וואָס איז מיר גלײַך אין גאַנצן אַרײַן אין מײַן פֿוס. דער ווייטאָג איז געווען אין לשער. בלויז מיטן כּוח פֿון דעם אימפּעט האָב איך זיך באַוויזן ווײַטער און נישט געפֿאַלן אין וואַסער.

אַדורכגעגאַנגען דאָס וואַסער, האָב איך פֿון מײַנע פּלייצעס אַראָפּגעלאָזט מײַן פּרוי און מיט כּוח אַרויסגעצויגן דעם טשוואָק פֿון מײַן פֿוס. עס זאָגט זיך ״מיט כּוח אַרויסגעשלעפּט דעם טשוואָק״. עס

איז געווען נישט פון די לײַכטע זאַכן, ווײַל די לענג פונעם טשוואָק איז געווען עטלעכע צענטימעטער און ער איז געזעסן טיף אין מײַן לײַב. איך האָב נישט געהאַט קיין שום מכשיר, ווי אַ צווענגל אָדער אַ פינצעט, איך זאָל דעם קאָפּ פון דעם טשוואָק קענען אָנכאַפּן. איך האָב אָבער געפילט אַז איך מוז דעם טשוואָק אַרויסבאַקומען פון מײַן פוס, איך זאָל נישט באַקומען קיין אינפעקציע. קיין נײַעם טשוואָק האָט דאָך דאָ קײנער פאַר מיר נישט צוגעגרייט און דער וואָס זיצט אין מײַן פוס האָט אַ ברירה צו זײַן אַ פאַרזשאַ־ווערטער טשוואָק, וואָס איז גרייט מיך אַוועקצוהרגענען.

עס איז מיר לסוף געלונגען. איך האָב דעם טשוואָק אַרויסגעצויגן בײַ געוואַלטיקע ווייטאָגן, איך האָב אָבער געפילט אַז נאָך דעם אַרויסגעשלעפּטן טשוואָק שטראָמט בלוט. מײַנע פינגער זענען מיר געוואָרן קלעפּיק, אַ סימן, אַז דער בלוט־אָפּפלוס איז אַן ערנסטער און איך האָב נישט קיין מיטלען מיט וועלכע איך זאָל קענען פאַרהאַלטן דאָס בלוט. איך האָב אויך נישט קיין באַנדאַזש. האָב איך לסוף אַראָפּגעריסן פון מײַן לײַב דאָס העמד און מיט דעם העמד אַרומגעוויקלט דעם פוס. דער שטאַרקער ווייטאָג האָט כסדר אָנגעהאַלטן, קיין אַנטיסעפּטיש מיטל צו דער וווּנד האָב איך נישט געהאַט, האָב איך זיך געטרייסט אַז ס'איז מעגלעך, אַז דער בלוט־אָפּפלוס וועט פאַרמײַדן די אינפעקציע.

דער אונטערשטער טייל פון דער "קלאַוואַ"־פאַבריק איז געווען פולשטענדיק פאַרברענט. פון דעם וואָס די צעמענטענע טרעפּ צום העכערן שטאָק האָבן זיך געקרישלט, האָב איך פאַרשטאַנען, אַז דאָ האָט געפלאַקערט אַ שריפה וואָס איז אײַנגעלאָשן געוואָרן פון דער מענגע וואַסער, וואָס האָט געפלייצט פון די געפּלאַצטע, אָדער אויפגעריסענע רערן. האָבן מיר זיך מיט שוועריקייטן אַרויפבאַקומען אויף די העכערע שטאָקן דורך די שינעס לענגאויס די טרעפּ.

מיר האָבן דערגרייכט דעם בוידעם. דאָ האָבן מיר געפונען פלאַץ באַזונדער פאַר די פרויען און באַזונדער פאַר די מענער. די פרויען האָבן געפונען אַ מקום מנוחה אונטער דער שיפּוע פונעם

דאַך, און די מענער זענען אַרײַנגעקראָכן אין די גרויסע קאַנאַלן פון דעם קלימאַטיזירונג־סיסטעם פון דער פאַבריק. מיר זענען געווען עטלעבע און צוואַנציק מענער און פּאַר אַזאַ גרויסער צאָל מענטשן איז געווען שווער אַרײַנצושטופּן זיך אין די קאַנאַלן, אַפילו ווען זיי זענען אין דיאַמעטער גענוג גרויסע. אָבער נויט צווינגט צו דערגרייכן כּמעט דאָס אוממעגלעכע.

ווען אַנדערע האָבן זיך אַרײַנגעשטופּט אין די בעטאָנענע קאַנאַלן האָב איך אויפן בוידעם פון דער פאַרמאַצעווטישער פאַבריק געזוכט אַ מיטל ווי אַזוי צו ראַטעווען מײַן פוס, וואָס האָט נישט אויפגעהערט צו בלוטיקן און מיר פאַרשאַפט געוואַלדיקע ווייטאָגן. עס איז דאָך אוממעגלעך, האָב איך געטראַכט, אַז אין אַ פאַבריק פון פאַרמאַצעווטישע פּרעפּאַראַטן זאָל זיך נישט געפינען אַ וועלכס עס איז מיטל, וואָס זאָל דינען ווי אַן אַנטיסעפּטיק, אַפילו ווען די פאַבריק האָט אויפגעהערט אַרבעטן; אַפילו ווען דער אונטערשטער טייל איז פאַרבו־ענט געוואָרן.

דאָס מזל האָט מיר צוגעשפּילט: צופעליק האָב איך אין אַ גע־וויסן פּלאַץ אַנטדעקט אַ ריזיקן גאָנשער אין אַ געפּלאָכטענעם קויש און גרויסע פלעשער. טייל פון זיי זענען געווען לײַכטע — אַ סימן אַז זיי זענען ליידיקע, און אַ טייל זענען געווען זייער שווערע — אַ סימן אַז זיי זענען פולע? פולע מיט וואָס? דאָס זענען זיכער פליסיקע כעמיקאַליען און צווישן זיי קענען זיך געפינען אַזעלכע, וואָס זאָלן מיר דינען ווי אַ דיזינפעקציע־מיטל.

איך האָב נישט געמאַכט קיין טעות: איך האָב אויפגעריסן דעם מיט וואַקס־פאַרחתמעטן קאָרעק פון אַ גאָנשער און דערפילט אַלקאָהאָל. איך האָב אַרײַנגעשטעקט די האַנט אינעם האַלדז פונעם גאָנשער און זיך גלײַך איבערצײַגט, אַז נישט נאָר האָב איך אַנטדעקט אַ מטמון מיט אַלקאָהאָל, נאָר אַז דער אַלקאָהאָל איז ריינער ספּירט.

איך האָב געקענט דעם סאָרט גאָנשערס אין געפּלאָכטענע קוישן, ווי אַ ריזיק גלעזערן פעסל, און באַלד אָפּגעשאַצט, אַז איך האָב פאַר זיך אַ כּלי מיט אַ דרײַ הונדערט ליטער ספּירט. צי קען זײַן אַ גרעסערער נס אָפּצוראַטעווען מײַן פאַרוווּנדעטן פוס?

צווישן די פאַרשיידענע גראַטעס אויפֿן בוידעם האָב איך געפֿונען אַ בלעכענע כּלי, האָב איך זי אָנגעפּילט מיט ספּירט און געוויקט מײַן פֿוס. דער ווייטאָג איז געווען גרויס, אָבער ווען איך וואָלט געווען מסוגל וואָלט איך געטאַנצט פֿון פֿרייד. אָן דעם נס וואָלט איך אָן שום צווייפֿל געווען אַ פֿאַרפֿאַלענער: אַ ייִד צווישן צוויי פֿײַנטלעכע כּוחות — נאַציס און פּאָליאַקן, כאָטש ביידע, די נאַציס און פּאָליאַקן האָבן זיך פֿײַנט בתכלית השנאה. דערצו דראָעט מיר אַן אינפֿעקציע וואָס מיינט איך זאָל נישט קענען זיך באַוועגן אין אַ צײַט ווען די רעטונג איז אָפּהענגיק פֿון באַוועגלעכקייט. האָב איך דעם ווייטאָג אָנגענומען באהבה: איך בין פֿאַרזיכערט קעגן אַן אינפֿעקציע. דאָס האָט מיר געגעבן מוט צו נעמען זיך צו פּראַקטישע ענינים.

דאָרט ווו איך האָב געפֿונען איין בלעכענע כּלי, האָב איך געפֿונען נאָך צוויי אַזעלכע באַנקעס און אַ שעפֿער. האָב איך די בלעכן אָנגעפּילט מיט ספּירט און זיי פֿאַרשטעקט אונטער דעם אָנגעוואָרפֿענעם געהילץ, ווי איך וואָלט באַהאַלטן אַן אוצר. אַז איך האָב שוין געהאַט מײַנס באַהאַלטן, האָב איך געמאַכט אַ חשבון, אַז אין דעם גאָנשער זענען געבליבן אַ צוויי הונדערט ליטער ספּירט, מיט וועלכן עס איז גענוג איבערצוקויפֿן אַ וועלט!

כּדי זיך אײַנצוקויפֿן אין צוטרוי בײַ די פּאָליאַקן וואָס זענען געווען מיט מיר, האָב איך געלאָזט פֿאַלן אַ וואָרט, אַז איך האָב געפֿונען אַ פֿאַרמעגן מיט ספּירט. ווען איך וואָלט זיי אָנגעזאָגט די בשׂורה אַז דער פּוילישער משיח איז געקומען, וואָלטן זיי זיך אַזוי נישט געפֿרייט ווי זיי האָבן זיך געפֿרייט מיט דער בשׂורה, אַז איך האָב געפֿונען ספּירט. ערשטנס האָט מען צום ספּירט צוגעגאָסן וואַסער אוז פֿון אים געמאַכט בראָנפֿן, כּדי צו דערפֿרייען דאָס האַרץ אין אַזאַ שווערער צײַט. צווייטנס האָט דער ספּירט אונדז גוט געדינט ווי ברענשטאָף אויפֿצוזודן וואַסער אויף טיי, צו קאָכן זופּן פֿון קאָמפּאַקטע זופּן־פּרעפּאַראַטן און אַנדערע מאכלים, וואָס די פּרויען האָבן צוגעטראַכט, אויב נאָר זיי האָבן געהאַט מיט זיך די געהעריקע פּראָדוקטן.

דעם דוחק אין שפּײַז האָבן מיר שנעל דערפילט. דער בנין פון דער "קלאַוואַ"-פאַבריק האָט זיך געפונען אין דעם טייל פון וואַרשע, פון וועלכן די דײַטשן האָבן אַרויסגעפירט די פּאָליאַקן, אָדער דערשאָסן די וועלכע האָבן זיך אין דעם ראַיאָן אויסבאַהאַלטן בעת דעם גירוש און די נאַציס זיי אויסגעפונען. מיר, אַנטלויפנדיק פון דעם בנין הרוביעשאָווסקע נומער 8, זענען דאָך אײַגנטלעך אַנטלאָפן פון פײַער, במילא האָבן מיר געהאַט זייער ווייניק פּראָדוקטן. אָבער אין אָט דעם ראַיאָן, פון וועלכן די פּאָליאַקן זענען אַרויסגעפירט געוואָרן, איז געבליבן פון כּל טובֿ. און די מעשה איז געווען אַזוי:

דער אויפשטאַנד אין דעם פּוילישן טייל פון וואַרשע איז געקומען נישט צופעליק און נישט ספּאָנטאַן. די אונטערערדישע פּוילישע אַרמיי (אַרמיאַ קראַיאָוואַ — אַ. קאַ.) האָט זיך צו דעם אויפשטאַנד געגרייט פון אַ לענגערע צײַט, זינט ס'איז קלאָר געוואָרן דער פּאָראויסמאַרש פון דער רויטער אַרמיי. וואָס נעענטער די רויטע אַרמיי איז געקומען צו וואַרשע, אַלץ מער האָבן פּאָליאַקן זיך איבערגעגעבן פון מויל צו מויל, אַז עס גרייט זיך אַן אויפשטאַנד, די באַפעלקערונג, וואָס איז נישט באַשטימט צו נעמען אַן אַק־טיוון אָנטייל אין דעם אויפשטאַנד, דאַרף זיך פּאַסיוו גרייטן צו דעם טאָג. אָנגעלערנט פון דערפאַרונג אין די וואָכן פון דער באַלאַגערונג פון וואַרשע אין סעפּטעמבער 1939, ווען די הויפּשטאָט איז אַ חודש צײַט געווען אָן לעבנסמיטלען, האָבן די פּאָליאַקן דאָס מאָל זיך צוגעגרייט לאַנג צו זיצן אין די קעלערן, ביז וואַרשע וועט באַפרײַט ווערן פון די נאַציס און אויך אויף שפּעטער ווען די סאָוויעטישע אַרמיי וועט פאַרנעמען וואַרשע און קיין שפּע וועט דעמאָלט מסתמא נישט הערשן.

זענען אין די קעלערן פון די הײַזער צוגעגרייט געוואָרן שפּײַזן פון אַלע סאָרטן — רויע און קאָנסערווירטע, געררויכערטע פליישן און בראָנפן, און ליקערן פון אַלע מעגלעכע סאָרטן. אויסער שפּײַז־אַרטיקלען האָבן די פּאָליאַקן אַראָפּגעטראָגן אין די קעלערן

די בעסטע פון זייערע קליידער, וועש און וועדפולע זאַכן אַז טאָמער, אין פאַל פון אַ שריפה אָדער אַן אַנדער אומגליק, זאָלן זיי האָבן נעבן זיך זייער פאַרמעג.

דאָך געשעענישן פאַרלויפן זיך נישט ווי דער מענטש שטעלט זיך זיי פאָר און גרייט זיך צו צו זיי. אָפּטמאָל געשעט דאָס קאַפּויערדיקע פון דעם וואָס מ'האָט פאָראויסגעזען.

די פּוילישע אונטערערדישע אַרמיי האָט וואָרשײַנלעך זיך גע־גרייט אָנצוהייבן דעם אויפשטאַנד ווען די רויטע אַרמיי וועט פאַר־סירן די ווײַסל פון דער פראַגער זײַט. דעמאָלט וואָלטן די דײַטשן זיך געפונען צווישן צוויי פײַערן און דער מצבֿ אין וואַרשע וואָלט זיך אַנטוויקלט אַנדערש ווי ער האָט זיך אַנטוויקלט. אויב אָבער די סאָוועטישע אַרמיי האָט זיך פאַרהאַלטן בײַם ברעג פון דער ווײַסל און די פּאָליאַקן האָבן זייער אויפשטאַנד אָנגעהויבן, האָבן די דײַטשן מיט זייערע געווערן געהאַט פרײַע הענט צו טאָן מיט דער פּוילישער באַפעלקערונג וואָס זיי האָבן געוואָלט. און געוואָלט האָבן זיי פון איין זײַט אונטערדריקן דעם אויפשטאַנד און פון דער צווייטער זײַט אַרויספירן די נישט־קעמפנדיקע באַפעלקערונג, כּדי צו האָבן וואַרשע ווי אַ "ריין" שלאַכט־פעלד, אָן אַ פינפטער קאָלאָנע מצד די פּאָליאַקן. דעם זעלבן סיסטעם וואָס די דײַטשן האָבן אָנגעוואָנדן בײַם אַרויסטרײַבן די יידן פון די הײַזער אין די געטאָס, האָבן זיי אויך אָנגעוואָנדן כּלפּי די פּאָליאַקן בעת דעם אויפשטאַנד: זיי האָבן אויפגעפאָדערט די מענטשן זאָלן פאַרלאָזן זייערע הײַזער און זיך קאָנצענטרירן אין די הייף, און געדראָעט, אַז די וועלכע וועלן זיך אויסבאַהאַלטן וועלן דערשאָסן ווערן. נישט מער, די וועלכע האָבן פאַרלאָזט די הײַזער זענען אַרויסגעשיקט געוואָרן פון דער הויפּט־שטאָט אָבער, נישט ווי כּלפּי די יידן, וואָס די נאַציס האָבן זיי אויסגעמאָרדעט.

אויב אין אָנהייב פון דעם אויפשטאַנד האָבן די דײַטשן באַהערשט אַ טייל פון וואַרשע, האָבן זיי די פּוילישע באַפעלקערונג פון דעם טייל אַרויסגעשיקט, אָדער די אויסבאַהאַלטענע אויסגעהרגעט. די אַרויסגעשיקטע האָבן נישט באַוויזן מיטצונעמען

מיט זיך אַפּילו קיין ברוכטייל פון די פּראָדוקטן און זאַכן, וואָס זיי האָבן געהאַט פון פריער צוגעגרייט אין די קעלערן.

אויף דעם אופן זענען מיר, וואָס האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין דעם הויז נומער 8 אויף הרוביעשאָווסקע גאַס, און שפּעטער אַריבער אין דער פאַרפּלייצטער געבײַדע פון דער פאַרמאַצעווטישער פאַבריק, אַרײַנגעפאַלן אין אַ שמאַלץ־גרוב. דער טייל וואַרשע איז געווען אויסגעליידיקט פון פּאָליאַקן, די נאַציס זענען געווען אַנגאַזשירט מיט די קעמפנדיקע פּוילישע אויפשטענדלער, און מיר האָבן געהאַט פרײַע הענט צו מאַכן אַ "שפּאַציר" אין די קעלערן אָנגעפּולטע מיט כּל הגוטס.

די "שפּאַצירן" האָבן מיר געמאַכט אין די נעכט: מיר פלעגן זיך אַראָפּלאָזן אין די קעלערן פון די אויסגעברענטע, אָדער נישט דערברענטע הײַזער און בלויז טאַפּנדיק מיט די הענט האָבן מיר אָנגעקליבן אוצרות פון פּראָדוקטן — פאַרשיידנערליי ווורשטן, קאָנפיטורן פון אַלע מעגלעכע פּירות, וואָס וואַקסן אויף דער פּוילישער ערד, סוכאַרעס, געראויכערט חזיר־פעטס וואָס אויף דער פרײַ האָט מען עס געקענט קויפן בלויז אויפן "שוואַרצן מאַרק", און די טײַערסטע קליידער און שיכוואַרג. ס'איז געווען צו באַוווּנדערן פון וואַנען האָבן די פּאָליאַקן באַקומען אַזעלכע זעלטענע פּראָדוקטן אין אַ צײַט פון מלחמה, וואָס האָט שוין געהאַט אָנגעהאַלטן פינף פעליקע יאָר.

ס'איז קלאָר, אַז מיר האָבן נישט געטראַכט פון וואַנען און וואָס, נאָר מיר האָבן "געשאַברעוועט", געזוכט די פּראָדוקטן ווי נאָר מיר האָבן געקענט. האָבן מיר געקאָכט אויף דעם געפונענעם ספּירט און געפּרעגלט וואָס מען האָט געדאַרפט קאָכן און פּרעגלען, און געגעסן רוי, וואָס עס האָט געשמעקט צו עסן רוי. בראָנפן האָט נישט געפעלט און אויך נישט פון די טײַערסטע ווײַנען, וואָס מיר האָבן געפונען אין די קעלערן.

זיבעצן טעג האָבן מיר זיך אויפגעהאַלטן אין דער "קלאַוואַ"־געבײַדע; זיבעצן טעג פון שפע און שווילטאַג, הגם די וווינונגס־באַדינגונגען זענען געווען זייער ווײַט אָפּגעשטאַנען פון לוקסוס.

אָבער דאָס געפיל פון זאַטיקייט און אין אַ געוויסער מאָס אויך פון זיכערקייט, ווען נישט ווײַט פון דעם פלאַץ האָבן די נאַציס געקעמפט מיט די אויפשטענדלער, און פון ביידע זײַטן זענען געפאַלן קרבנות, האָט גורם געווען דער עולם זאָל צו ביסלעך פאַרגעסן אין וואָס פאַר אַ וועלט און אין וועלכע באַדינגונגען ער לעבט.

אין דער נאַכט פון דעם זיבעצנטן אויפן אַכצנטן טאָג פון "מאַכן אַ לעבן" אין דער "קלאַוואַ"־באַהעלטעניש, האָבן מיר אין אַ קעלער געפונען אַ נײַעם אוצר: פון די טײַערסטע אונדז ביז דעמאָלט אומבאַקאַנטע סאָרטן קאָניאַקן, ליקערן, שאַמפּאַניער און בראָנפן. ווי דער שטייגער איז ווען מען געפינט ביז איצט אומבאַקאַנטע אַלקאָהאָל־געטראַנקען, דאַרף מען פון יעדן סאָרט פאַרזוכן און פילן זײַנע חסדים. און אַז מען פאַרזוכט און עס שמעקט, דאַרף מען טרינקען. און אַז מען טרינקט און עס שמעקט פאַרגעסט מען זיך און מען ווערט שיכור.

אין שיכּרות ביזן פאַרגעסן זיך אין וועלכע באַדינגונגען מיר האָבן זיך געפונען, האָט זיך אין די פּאָליאַקן אויפגעוועקט אַ פלאַמיקער פּאַטריאָטיזם, און אַלע צוזאַמען האָבן אָנגעהויבן אויף אַ הויך קול צו זינגען דעם פּוילישן נאַציאָנאַלן הימן — "נאָך איז פּוילן נישט פאַרלוירן" ("יעשטשע פּאָלסקאָ ניע זגינעלאַ"). אין דעם אַרומיקן שטח איז געווען טויט־שטיל, ווײַל דער שטח איז געווען אויסגעליידיקט פון דער פּוילישער באַפעלקערונג. האָט דאָס ענטוזיאַזטישע פּאַטריאָטישע געזאַנג שיר נישט אויפגעהויבן דעם דאַך. וואָרשײַנלעך האָבן אין דער סבֿיבֿה פּאַטראָלירט נאַציס און צו זייערע אויערן איז דערגאַנגען דאָס געזאַנג פון פּוילישע פּאַטריאָטן, וואָס האָבן אין דעם שטח מער נישט געטאָרט זײַן. לויט דעם אָפּהילך פון דעם געזאַנג איז דער נאַצישער פּאַטרול דערגאַנגען ביז צו דער "קלאַוואַ"־געבײַדע און זיך געפונען פאַר דער וואַסער־פאַרפלייצונג. אויך די דײַטשן האָט נישט געשטערט די פאַרפלייצונג און זיי זענען אַרײַן אין דער געבײַדע.

מיר האָבן געהערט אַ הויך רעדן: "פאַרפלוכטע, פאַרפלוכטע!" אַלאַרמירטע זענען די מענער אַרײַנגעקראָכן אין דעם

קלימאַטיזירונג־קאַנאַל און די פרויען האָבן זיך פאַרשטעקט אויף זייער פלאַץ. די הערצער האָבן געקלאַפּט פון טויט־שרעק און די שיכּורע האָבן זיך אויסגעניכטערט. צי וועלן די שוואַבן אונדז געפינען? אויב יאָ, זענען מיר פאַרפאַלענע, וואָרום מיר זענען דאָך אויסבאַהאַלטענע פּאָליאַקן און ווי אַזעלכע קומט אונדז דערשאָסן צו ווערן אויפן פלאַץ. און אפשר וועלן זיי אונדז נישט געפינען?

צו אונדזער אומגליק האָבן זיי אונדז יאָ געפונען. די נאַציס זענען דערגאַנגען ביז צום בוידעם און אים דורכגענישטערט אין דעם ליכט פון עלעקטרישע לעמפּלעך. די ערשטע האָבן די נאַציס אויסגעפונען די פרויען און פון זיי געוואָלט וויסן ווו עס זענען באַהאַלטן די מענער. האָבן די פרויען געפּרוווט לייקענען, בכלל זענען דאָ נישטאָ קיין שום מענער. אָבער די נאַציס האָבן געהאַט אַ באַוויַז, אַז עס זענען יאָ פאַראַן מענער, וואָרום זיי האָבן געהערט דאָס געזאַנג פון מענערישע שטימען. כדי צו צווינגען די פרויען זיי זאָלן געבן לשון, האָבן זיי געדראָעט, אַז אויב זיי וועלן נישט אויסזאָגן ווו עס זענען באַהאַלטן די מענער, וועלן די פרויען דערשאָסן ווערן דאָ אויפן פלאַץ, אויפן בוידעם.

די פרויען האָבן שוין געוווּסט, אַז ווען עס האַנדלט זיך אין דערשיסן, האַלטן די נאַציס וואָרט. האָבן זיי אויסגעזאָגט, אַז מיר, די מענער, באַהאַלטן זיך אין דעם קלימאַטיזאַציע־קאַנאַל. האָבן די נאַציס מיט געשרייען און ריטשערייַען באַפוילן, מיר זאָלן אַרויסקריכן פון דער באַהעלטעניש, און אויב נישט — וועלן זיי אויפרייַסן דעם קאַנאַל און מיר אַלע וועלן אומקומען. בלית־ברירה זענען מיר אַלע אַרויסגעקראָכן אין אַ מצבֿ פון ייאוש.

די זיבעצן גוטע טעג און נעכט האָבן זיך געענדיקט.

וועלן זיי אונדז דערשיסן, אָדער זיי וועלן אונדז לאָזן לעבן? — די פראַגע האָט געעגבערט דעם מוח און אונדז צוגעגרייט צום ערגסטן.

צופעליק אָדער גאָרנישט צופעליק האָב איך אין מייַן טאַש געהאַט אַ פלאַש בראָנפן. איך בין שוין געווען אָנגעלערנט פון נסיון,

אַז בראָנפן אין די הפקר־באַדינגונגען איז די בעסטע וואַלוטע, אַ גוט מיטל צו קאָרומפּירן. בין איך קיין מאָל נישט געבליבן אָן אַ פלעשל בראָנפן בײַ זיך.

די נאַציס, וואָס האָבן אונדז אַנטדעקט, האָבן אונדז נישט באַזוכט פּערזענלעך. מיר זענען אַראָפּגעקראָכן פונעם ״קלאַוואַ״־בוידעם, די נאַציס האָבן אונדז אײַנגעשטעלט און אַוועקגעפירט אין שטאַב פון דער געסטאַפּאָ, וואָס האָט זיך געפונען אויף דער פּשיאַקופּאָוואַ־גאַס, נעבן דער וואָלסקע, סך־הכל אַ הונדערט מעטער פון דער ״קלאַוואַ״־פאַבריק. די געסטאַפּאָ האָט אונדז אויפגענומען ווי אַ גרויס געווינס, אַ קלייניקייט! מיט איין מאָל געכאַפּט לעבעדיק אַזאַ גרעסערע גרופּע פּאָליאַקן. פון וואַנען נעמען זיי זיך, אָט די פּאָליאַקן, אין דעם אויסגעליידיקטן שטח? דאָס זענען אַזעלכע, וואָס האָבן נישט געהערט דעם באַפעל צו פאַרלאָזן די הײַזער, נאָר זיי האָבן זיך אויסבאַהאַלטן. קומט זיי אויסצושיסן. האָבן די געסטאַפּאָ־לײַט אונדז אַרויסגעפירט אין הויף, אונדז אַלע מענער, פרויען און קינדער — אויסגעשטעלט בײַ אַ וואַנט און אַנטקעגן אונדז אָנגעשטעלט מאַשין־געווער אויף דרײַפוסן. צווישן אונדז האָט זיך געפונען אַ ״פאָזנאַניאַק״, אַ פּויזנער ־פּאָליאַק וואָס האָט גערעדט דײַטש ווי אַ געבוירענער דײַטש. ווען צום עקזעקוציע־פּלאַץ האָט זיך דערנענטערט אַ הויכער געסטאַפּאָ־אָפיציר (שײַנט מיר אַז ער איז געווען אין דעם ראַנג פון אַ מאַיאָר) האָט דער פּויזנער פּאָליאַק זיך געוואָנדן צו אים בזה הלשון:

״פאַרוואָס גייט מען אונדז שיסן צוזאַמען מיט די פרויען און קינדער? עס איז אמת אַז מיר האָבן זיך אויסבאַהאַלטן, אָבער גאָט באַהיט, נישט פון די דײַטשן האָבן מיר זיך אויסבאַהאַלטן, וואָרום קיין שום שלעכטס קעגן דער דײַטשער מאַכט זענען מיר נישט באַגאַנגען. מיר זענען נישט קיין אויפשטענדלער, מיר האָבן נישט קיין געווער און עס וואָלט אונדז קיין מאָל נישט אײַנגעפאַלן צו קעמפן קעגן די דײַטשע באַוואָפנטע כוחות. מיר האָבן זיך אויסבאַהאַלטן ווײַל מיר האָבן שרעקלעך מורא פאַר די רוסן. די מאָסקאַליעס האָבן פײַנט פּאָליאַקן, און טאָמער קומען זיי אַרײַן קיין

וואַרשע, וועלן זיי אַלע פּאָליאַקן אויסשעכטן. דעריבער האָבן מיר זיך באַהאַלטן״.

נאָך די דאָזיקע ווערטער האָט זיך דער פּויזנער פּאָליאַק פונאַנדערגעוויינט ווי אַ קינד, און אַז די פרויען האָבן געהערט דאָס געוויין פון דעם מאַן, האָבן זיי זיך אויך צעוויינט, און אַז די קינדער האָבן געזעען זייערע מוטערס וויינען, איז די יללה געוואָרן נאָך גרעסער. האָט דער געסטאַפּאָ־אָפיציר באַפוילן מען זאָל אונדז נישט שיסן און אויך נישט באַפרייען, נאָר אַוועקפירן צו דעם קאָנצענטראַציע־פונקט פון פּאָליאַקן.

דער קאָנצענטראַציע־פונקט איז געווען די קירך אויף דער וואָלסקע גאַס. דאָרט האָבן די נאַציס געהאַט איינגעזאַמלט אַ פינף טויזנט פערזאָן — באַזונדער פרויען מיט קינדער און באַזונדער מענער. מיט מײַן פלעשל בראָנפן אין דער האַנט בין איך אַריבערגעגאַנגען צו דעם טייל, ווו עס זענען געווען איינגעזאַמלט די פרויען, כדי זיך צו געזעגענען מיט מײַן ווײַב און שוועגערין, וואָס האָבן נישט געוווסט וואָס פאַר אַ גורל עס דערוואַרט זיי. ווי איך האָב זיך דערנענטערט צו די פרויען, האָט מײַן שוועגערין מיר איבערגעגעבן אַ פעקל שפּײַז פון דער וואָס דער ״רויטער קרײַץ״ האָט געטיילט בלויז פאַר פרויען און קינדער.

איך בין נישט צוריקגעגאַנגען צו דעם זעלבן פּלאַץ ווו איך בין פריער געשטאַנען, איידער איך בין אַריבערגעגאַנגען צו די פרויען, נאָר צופעליק האָב איך זיך אַוועקגעשטעלט אַ פּאָר טריט ווײַטער. אָט די ענדערונג האָט שיר נישט געקאָסט מײַן לעבן. אויף דעם פּלאַץ צו וועלכן איך בין צוריקגעקומען האָב איך דערזעען מײַן באַלעבאָס באָלעסלאַוו טשערוויעץ און זײַן שכן, דעם געהיימאַגענט, וואָס צוזאַמען האָבן מיר זיך אויסבאַהאַלטן הינטער דער דאָפּלטער וואַנט בעת דאָס הויז אויף הרוביעשאָווסקע גאַס איז באַלאַגערט געוואָרן פון די דײַטשן. ווי נאָר דער געהיימאַגענט האָט מיך באַמערקט מיט דעם פעקל שפּײַז פונעם ״רויטער קרײַץ״ און מיט דעם פלעשל בראָנפן אין דער האַנט, האָט ער אויסגערופן:

״מיט אים זאָלט איר נישט טרינקען. איך גיי אָנמעלדן דער געסטאַפּאָ, אַז ער איז אַ ייד!״

זיכער האָט ער פאַרשטאַנען אַז איך בין ייד דערפון וואָס מיר זענען געווען צוזאַמען באַהאַלטן הינטער דער דאָפּלטער וואַנט, ווען ווען ער האָט פריִער נישט געוווּסט.

מײַן גואל איז געווען איינער פון די מענער וואָס צוזאַמען מיט מיר האָבן זיי זיך אויסבאַהאַלטן אין דעם קלימאַטיזאַציע־קאַנאַל אין דער ״קלאַוואַ״־פאַבריק. ער איז געווען אַ פאָסט־אַרבעטער, אַ מאַן פון אַטלעטישן געבוי. אין די זיבעצן נעכט אין דער ״קלאַוואַ״־פאַבריק זענען מיר צוזאַמען געגאַנגען אין די קעלערן און ״געשאַבערעוועט״. מיר האָבן זיך גוט באַפרײַנדעט און אויך זיך פאַרשטאַנען. האָט דער מאַן אַרויסגענומען פון דער קעשענע אַ מעסער און געזאָגט צו דעם נפש, דעם געהיימאַגענט:

״זעסט דעם מעסער? איידער דו גייסט צו דער געסטאַפּאָ מעלדן, אַז ער איז אַ ייִד, וועל איך דיר איבערשנײַדן דעם האַלדז. מנוּבל דו, אַליין געפינסטו זיך אין אַ צרה, גייסטו מעלדן אַז ער איז אַ ייד?״

דאָס מעסער האָט אַ בלאַנק געטאָן פאַר די אויגן פון דעם געהיימאַגענט. ער האָט זיך דערשראָקן און אָנגעהויבן וויינען. ער איז געווען זיכער אַז עס קומט זײַן סוף. האָט ער פאַרזיכערט דעם מאַן מיטן מעסער פאַר זײַנע אויגן, אַז ער גייט נישט צו דער געסטאַפּאָ, ער וועט מיך נישט מסרן.

אַז די אַטמאָספער אַרום מיר האָט זיך צו ביסלעך באַרויקט האָב איך געעפנט דאָס פלעשל בראָנפן און געגעבן אַלע צו טרינקען און געטיילט אויך פון דעם פעקל שפּײַז, וואָס מײַן שוועגערין האָט מיר געגעבן.

אָט דער פאַל מיט דעם געהיימאַגענט האָט בײַ מיר צוגענומען דאָס לעצטע ביסל זיכערקייט, און איך האָב געזאָגט צו מײַן געוועזענעם באַלעבאָס:

״בלײַבן אויף דעם פּלאַץ, ווו אויך אַנדערע האָבן געהערט די דראָונג מיך צו מסרן פאַר דער געסטאַפּאָ, איז געפערלעך. קום מיט

מיר!״. טשערוויעץ איז מסכים געווען, מיר האָבן אויסגענוצט די געלעגנהייט וואָס די געסטאַפּאָ האָט כסדר געבראַכט נײַע גרופּן געפאַנגענע פּאָליאַקן, מיר האָבן זיך אָפּגעריסן פון דער גרופּע און אַוועק אויף דער צווייטער זײַט פון דער קירכע, ווו עס האָט געהערשט אַ גרויסע ענגשאַפט. דאָ בין איך געווען זיכער, אַז דער געהיימאַגענט וועט מיך מער נישט באַמערקן. און אַזוי איז געשען. איך בין פון אים פּטור געוואָרן.

עס איז נישט אין מײַן כוחות צו שילדערן דאָס איבער־לעבן דעם טאָג און די נאַכט אין דער קירכע. די ענגשאַפט איז געווען אַזאַ אַז עס איז געווען אוממעגלעך זיך אַוועקצוזעצן אויף דער ערד, אָדער זיך אַוועקלייגן, און עס איז אויך געווען אוממעגלעך צו גיין ערגעץ־ווו צו דערליידיקן דעם נאַטירלעכן געברוך. דערצו האָט געמאַטערט דער הונגער. נאָך די זיבעצן זאַטע טעג איז דער מעת־לעת פון הונגער געווען שווער איבערצוטראָגן. דערצו האָט די געסטאַפּאָ אָן אויפהער געבראַכט נײַע געפאַנגענע פּאָליאַקן און די ענגשאַפט איז געווען נישט איבערצוטראָגן, סײַדן צעשפּאַרן די ווענט פון דער קירך. אָנשטאָט די אַרום פינף טויזנט געפאַנגענע וואָס האָבן זיך דאָ געפונען בעת מען האָט געבראַכט אַהער אונדזער גרופּע פון דער ״קלאַוואַ״־פאַבריק, זענען אויף צו מאָרגנס שוין געווען צוזאַמענגעשטופּט אַרום צען טויזנט געפאַנגענע. קיין איינעם פון די מיט וועלכע איך בין געווען אין דער ״קלאַוואַ״־פאַבריק האָב איך מער נישט געזען.

אין דער פרי איז די אײַנגעזאַמלטע מאַסע אַרויסגעפירט געוואָרן פון דער קירך צו דרײַ אין אַ ריי און זי צוגעגרייט אַרויסצומאַרשירן פון דער שטאָט. אין וואָס פאַר אַן אָרדענונג מען האָט אַרויסגעפירט די פרויען אין אַ צאָל פון אַ פינף טויזנט, האָב איך נישט געזען. איך האָב מער נישט געזען — נישט מײַן ווײַב און נישט מײַן שוועגערין.

ווען עס איז געקומען די ריי צו מיר, צו פאַרמירן אַ שורה פון דרײַ. האָבן די נאַציס אָפּגעטיילט אַ צוועלף־דרײַצן שורות און אונדז

אַוועקגעפירט אָן אַ זײַט. די גרויסע מאַסע פון אַרום צען טויזנט מענער, פרויען און קינדער זענען אַרויסגעפירט געוואָרן רעכטס — טראַנספּאָרטירט צו ווערן קיין פּרושקאָוו. אונדז, די צוועלף־דרײַצן שורות צו דרײַ, האָט די געסטאַפּאָ אַוועקגעפירט לינקס. באַלד איז צו אונדז דערגאַנגען, אַז די וועלכע ווערן אָפּגעטיילט פון דער גרויסער מאַסע, זענען באַשטימט צו ווערן דערשאָסן. דאָס איז געווען נישט ריכטיק. זיי האָבן געדינט ווי אַ פאַרשטאַרקונג פון די קאָמאַנדאָס וואָס זענען געווען באַשטימט אָפּצורייניקן דעם שטח, ווו עס איז פריער געווען דאָס געטאָ.

אין יענער צײַט איז שוין קיין סימן פון דעם געטאָ נישט געבליבן. אויף דעם שטח זענען געבראַכט געוואָרן יידן פון אוישוויץ — פון פראַנקרײַך און פון גריכנלאַנד. פאַר זיי איז אויפן געטאָ־שטח אײַנגעאָרדנט געוואָרן אַ לאַגער. ווען עס האָט אויסגעבראָכן דער פוילישער אויפשטאַנד און די נאַציס זענען אַרומגעכאַפּט געוואָרן פון בהלה, זענען די יידישע שקלאַפן פון דער געטאָ־שטח אַנטלאָפן אויף דער פוילישער זײַט.

אונדז, די אָפּגעטיילטע צוועלף־דרייצן שורות, האָבן די נאַציס אַוועקגעפירט אויפן שטח פון דעם געוועזענעם געטאָ, מיר זאָלן צוזאַמענקלײַבן די קליידער און זאַכן, וואָס זענען געבליבן פון די אַנטלאָפענע יידן, וואָס האָבן דאָרט פריער געאַרבעט. נאָך די אַנטלאָפענע זענען געבליבן גרינע באַראַקן ווו די אומגליקלעכע האָבן "געלעבט", פולע מיט צוזאַמענגעקליבענע סמאַטעס און שמאָכטעס. כּדי די אַרבעט פון אַרויסנעמען די זאַכן פון די באַראַקן זאָל זײַן אַ לײַכטערע, האָב איך פאָרגעשלאָגן, אַז אַ טייל פון אונדז זאָל פון די באַראַקן אַרויסוואַרפן די זאַכן אויף אויסן און אַ צווייטער טייל זאָל די זאַכן אין דרויסן פאַרפּאַקן אין פעק, ווי עס איז דער שטייגער פון די נאַציס זיי אַוועקצושיקן קיין דײַטשלאַנד.

איך האָב דעמאָלט געטראָגן אַ טונקל־בלויען קאָסטיום. בײַם אַרויסדערלאַנגען די קליידער, דעקן און אַנדערע זאַכן, האָב איך באַמערקט אַן אויסטערלישע דערשײַנונג: די טונקל־בלויע פאַרב פון מײַן קאָסטיום האָט זיך געענדערט אויף ברוין און צוזאַמען מיט

דער פֿאַרב־ענדערונג האָט מיך אַרומגעכאַפּט אַ געוואַלדיק בײַ־סעניש אין אַלע טיילן פֿון מײַן גוף. איך בין באַפֿאַלן געוואָרן פֿון כמאַרעס אויסטערלישע פֿליי, וואָס אַזעלכע האָב איך נישט געזען אין מײַן לעבן. צוויי פֿאָליאַקן, וואָס האָבן געאַרבעט צוזאַמען מיט מיר, פֿעסטע יינגען, זענען אַזוי באַקראָכן געוואָרן פֿון די אינזעקטן, אַז ווען זיי האָבן זיך אויסגעטאָן נאַקעט, זענען זייערע לײַבער געווען באַדעקט מיט מאַסן קליינע רויטע פּונקטן, סימנים פֿון דעם ווי די פֿליי האָבן זיך אײַנגעביסן אין זייער הויט. מיר האָבן פֿון די אינזעקטן נישט געקענט זיך אָפּיאָגן. שפּעטער האָבן די נאַציס געבראַכט פֿאַר אונדז עסן — רײַז מיט בעבלעך. זענען אונדזערע שיסלען באַפֿאַלן געוואָרן פֿון די כמאַרעס פֿליי און דאָס עסן איז געוואָרן ברוין. מיר האָבן אין גאַנצן זיך געפֿונען אין אַ דיקן וואָלקן פֿון פֿליי. פֿאַרטרײַבן זיי איז געווען אַ ברכה לבטלה. פֿאַרקערט אַז מיר האָבן זיי געטריבן, זענען זיי געוואָרן נאָך מער צערייצט און זיי האָבן געביסן פֿון אונדז לעבעדיקע שטיקער.

פֿאַרנאַכט, נאָך דער אַרבעט, האָט מען אונדז אַרויסגעפֿירט פֿונעם געטאָ־שטח צו אונדזער "מקום־מקלט".

אויף סאָקאָלאָווסקע גאַס — אַ נאָמען וואָס האָט מיר ווייטאָגלעך דערמאָנט מײַן היימשטאָט — האָט זיך אין אַ דרײַ־שטאָקיק הויז געפֿונען אַן אַרבעט־לאַגער מיט באַזונדערע קאָמאַנדאָס און צו אַנדערע אויפֿגאַבן. אָט דער אַרבעט־לאַגער איז געוואָרן אונדזער "מקום־מקלט". אַהער האָט מען אונדז געבראַכט באַדעקטע מיט די מאַסן ברוינע פֿליי און צעביסענע ביז בלוט. אויסער וואָס איך, ווי אַנדערע, האָבן געליטן פֿון דער אומדערטרעגלעכער בײַסעניש צוליב וועלכער איך בין געווען געצוווּנגען צו קראַצן זיך ביז בלוט, האָב איך געליטן אויך פֿון אַ פּסיכיש בײַסעניש, עס האָט מיר געעקלט און עס האָט זיך מיר געגלוסט אויסברעכן דאָס פֿאַרפֿלייטע עסן, פֿון וועלכע איך האָב קוים טועם געווען.

אויפֿן הויף פֿון דעם לאַגער האָט זיך געפֿונען אַ וואַסער־פּלומפּ, בין איך אַראָפּ צו דער פּלומפּ און געלאָזט אויף זיך שטראָמען

וואַסער, כדי פטור צו ווערן פון די אינזעקטן. צוזאַמען מיט מיר האָבן אויך אַנדערע אַראָפּגעוואַשן פון זייערע לײַבער די פּאַראַזיטן. בײַם וואַשן זיך האָט אונדז געהיט דער ״קאַפּאָ״ פון דעם לאַגער.

און אָט איז געשען עפּעס, וואָס איך האָב דערויף נישט געקענט זיך ריכטן:

עס זענען צוגעקומען צוויי נאַציס אין שוואַרצע מונדירן מיט טויטן־קעפּ אויף די היטלען און זיי האָבן געפרעגט דעם קאַפּאָ צי ער ווייסט ווו מען קען באַקומען אַ ביסל בראָנפן. געהערט די פראַגע ״בראָנפן״, האָב איך זיך דערמאָנט, אַז אויפן בוידעם פון דער ״קלאַוואַ״־פאַבריק האָב איך ״אָפּגעשפּאָרט״ צוויי בלעכענע באַנקעס ספּירט פון דעם גרויסן קוישן־גאָנשער, און איך האָב די בלעכן געהאַט פאַרשטעקט קיינער זאָל זיי נישט געפינען. אַזוי ווי איך האָב געהאַט צו ביסלעך אַראָפּגעוואַשן פון זיך דעם ווילדן אומפלייט און עס איז מיר אײַנגעפאַלן, אַז מיט אַ ביסל ספּירט וואָלטן גוט געווען אײַנצורײַבן מײַן צעביסן לײַב, האָב איך געזאָגט צו די נאַציס:

״איר ווילט בראָנפן? ס׳איז דאָ פאַר אײַך בראָנפן. נעכטן האָט מען מיך אַהער געבראַכט פון אַ פּלאַץ ווו איך האָב פאַרשטעקט צוויי באַנקעס ספּירט. פון אַזאַ קוואַנטום ספּירט קען מען האָבן אַ פאַרמעגן מיט פלעשער בראָנפן. אויב איר זענט מסכים קען איך אײַך אַוועקפירן צו יענעם פּלאַץ ווו איך האָב באַהאַלטן דעם ספּירט״.

די נאַציס האָבן אויפן פּלאַץ מסכים געווען שוין צוצופאָרן צו יענעם פּלאַץ און געפינען דעם ספּירט, אָבער גלײַכצײַטיק האָבן זיי מיך געדראָעט, אַז אויב עס וועט זיך אַרויסווײַזן, אַז איך האָב זיי אָפּגענאַרט און איך וועל פאַר זיי נישט אויסגעפינען דעם צוגעזאָגטן ספּירט, וועלן זיי מיך דערשיסן. אויף דעם באַדינג בין איך נישט מסכים געווען. איך האָב זיי פאַרזיכערט, אַז די צוויי באַנקעס ספּירט האָב איך גוט באַהאַלטן און איך האָף אַז קיינער האָט זיי נישט אַנטדעקט און צוגענומען, אָבער גאַראַנטירן אַז די באַנקעס זענען דאָרט ווו איך האָב זיי פאַרשטעקט, קען איך נישט. אין אַזאַ צײַט ווען

לייַטן זענען אויסגעדורשט נאָך בראָנפּן, איז מעגלעך אַז עמעצער האָט דאָרט געגנישטערט אין דער באַהעלטעניש און געפונען דעם אוצר. האָבן מיר די נאַציס געזאָגט, אַז זיי גלויבן מיר. אַלץ וואָס איך זאָג איז אמת און אויב איך וועל דעם ספּירט נישט געפינען, וועלן זיי מיך נישט אַוועקהרגענען.

די שוואַרצע נאַציס האָבן מיך מיט דעם ״קאַפּאָ״ אַרויפגענומען אויף זייער אויטאָמאָביל און איך האָב זיי געפירט צו דער ״קלאַוואַ״־פאַבריק. מיר האָבן מיט די שינעס אַרויפגעקלעטערט אויפן בוידעם און אָן צו זוכן האָב איך געפונען ״מייַנע״ צוויי באַנקעס ספּירט. די נאַציס האָבן אַ שמעק געטאָן דאָ צו איין באַנקע, דאָ צו דער צווייטער באַנקע, דערנאָך געפּרוווט אויף די פינגער — ס׳איז אמת, אמתער ספּירט! די דרייַ, די נאַציס מיט די טויטן־קעפּ אויף די היטלען און דער ״קאַפּאָ״ האָבן מיך אַרומגעכאַפּט, געדריקט צו זיך און מיך געקושט, ווי איך וואָלט פאַר זיי אַראָפּגעצויגן דאָס טעלערל פון הימל. אין די צוויי באַנקעס זענען מסתּמא געווען אַ זעכציק־זיבעציק ליטער ספּירט. האָב איך זיי געבעטן אַז פון דעם ספּירט־אוצר זאָלן זיי מיר געבן אַ פּאָר ליטער, כּדי איך זאָל האָבן מיט וואָס אייַנצוריידן מייַן לייַב און עס אָפּרייניקן פון דעם בייַסעניש. זיי האָבן מיר צוגעזאָגט, אַז זיי וועלן מיר געבן אַ פּאָר ליטער און געהאַלטן וואָרט.

איך האָב געפילט, אַז איך האָב בייַ די נאַציס געוווּנען זייער צוטרוי און איך האָב זיי פאַרטרויט, אַז איך האָב פאַר זיי נאָך עפּעס גאָר וויכטיקס. און איך האָב זיי דערציילט, אַז ווען איך בין דאָ, אין דער געביידע, געווען מיט נאָך אַנדערע לייַט, האָבן מיר אין די קעלערן געזוכט אין די נעכט און געפונען פון די טייַערסטע מאכלים און פון די שענסטע זאַכן — פּאַר פרויען און פאַר מענער. אויב זיי, די ״חשובֿה הערן״, וועלן מיר דאָ, אויפן בוידעם, דערלויבן אָפּוואַשן מייַן לייַב מיט ספּירט און ענדערן מייַנע קליידער, כּדי איך זאָל פּטור ווערן פון די פליי, וועל איך זיי ווייַזן קליידער, וואָס זייערע אויגן האָבן נאָך אַזעלכע נישט געזען.

וכך הווה, איך האָב זיך אַרומגעוואַשן מיט ספּירט און

דערפרישט מײַן לײַב מער ווי אין אַ מרחץ.דערנאָך האָב איך פון דעם קלימאַטיזאַציע־קאַנאַל אַרויסגעצויגן דרײַ וואַליזעס מיט זאַכן וואָס האָבן געקענט אויסשטאַטן אַ קליידער־ און וועש־געשעפט: אין די וואַליזעס זענען געווען ריינע העמדער, אונטערהויזן, גוטע עלעגאַנטע מענער־און פרויען־קאָסטיומען און דערצו טײַערע פאַרשיידנאַרטיקע ווורשטן און געריכערט פלייש, און, ווי אַ חתן פאַר דער חופּה, האָב איך זיך אויפסנײַ באַקליידט פון קאָפּ ביז די פיס. פּטור געוואָרן פון די פאַרפלייטע קליידער.

איך האָב זיך געפילט ווי איך וואָלט נײַ־געבוירן געוואָרן. נאַטירלעך האָבן די נאַציס און דער ״קאַפּאָ״ גאַנץ פײַן נהנה געווען פון די עלעגאַנטע זאַכן — דער עיקר: זיי האָבן אַ ים ספּירט און אַ שטויס געריכערט פלייש צו פאַרבײַסן...

אין לאַגער האָב איך צוריקגעקערט אַ באַנײַטער און מיט דעם רעשט ספּירט. פון דעם קוואַנטום ספּירט האָב איך געמאַכט בראָנפן. מיט אָט דעם פאַרמעגן אין דער האַנט האָב איך געזאָגט צו מײַן געוועזענעם באַלעבאָס באָלעסלאַוו טשערוויעץ, וואָס איז געווען צוזאַמען מיט מיר אין דעם אַרבעט־לאַגער, ער זאָל איבעררעדן מיט די חברותא פּאָליאַקן, וואָס האָט געהאַלטן די מאַכט אין לאַגער, זי זאָל מיך באַהאַנדלען ווי עס געהער צו זײַן וועל איך זיי געבן בראָנפן און פון אַלדאָס גוטס צו פאַרבײַסן.

דערהערט דאָס וואָרט ״בראָנפן״, זענען די כוליגאַנעס געוואָרן גוט צו מיר, באָטש לייג זיי צו צו אַ מכּה. איך האָב באַלד באַקומען אַ גוטע פּריטשע צו קענען ווי געהעריק זיך אויסשלאָפן. איך בין די נאַכט געשלאָפן ווי אַ מלך, וואָס ווערט געהיט פון איבערגעגעבענע לײַב־גוואַרדייער...

זעקס אַזייגער באַגינען האָט מען אונדז אויפגעוועקט און אַרויסגעפירט צו דער אַרבעט. אונדזער אַרבעט איז געווען אַ זייער לײַכטע — גיין צום טויט.

מיר האָבן געדאַרפט גיין פאַר די דײַטשע טאַנקען און צעשטערן די באַריקאַדן, וואָס די פּוילישע אויפשטענדלער האָבן במשך דער

נאַכט אויפגעשטעלט. אייגנטלעך האָבן די טאַנקען געדאַרפט צעשטערן די באַריקאַדן, אָבער די פּאָליאַקן האָבן געשאָסן און געוואָרפן "מאָלאָטאָוו־פלעשער" אויף די טאַנקען. האָבן די נאַציס אונדז, די פּאָליאַקן, געשיקט פאָרויס מיט דעם חשבון, אַז די פּוילישע אויפשטענדלער וועלן נישט שיסן צו זייערע ברידער. די פּוילישע קעמפער האָבן זיך נישט גערעכנט מיט אונדז און ווי נאָר אונדזער רײַ פאַר די טאַנקען האָט זיך דערנענטערט צו אַ געוויסן דיסטאַנס פון די באַריקאַדן, האָבן זיי אויף אונדז געעפנט אַ העליש פײַער. די געטראָפענע זענען געווען נישט די נאַצישע טאַנקען, נאָר די פּוילישע ברידער. עטלעכע פון אונדז זענען באַלד געפאַלן טויטע.

מיך האָט די מעשׂה כּלל נישט געשמעקט. פון איין סכנה גיי איך אַרויס און אין דער צווייטער פאַל איך אַרײַן. צי האָב איך זיך געראַטעוועט פון אַזוי פיל געפאַרן, כּדי איך זאָל ווערן אַ קרבן סײַ פון די דײַטשן און סײַ פון די פּוילישע פּאַטריאָטן?

עס איז געווען פּשוט לעכערלעך ממשיך צו זײַן אין אָט דער פינצטערער לאַגע, ווען פון הינטן ווער איך באַדראָעט פון אַ טאַנק, וואָס אויב איך וועל נישט גיין פאָרויס אים וועל איך צעקוועטשט ווערן, און אַז איך וועל גיין פאָרויס וועט זיך אויף מיר אַראָפּלאָזן אַ רעגן פון פּוילישע קוילן.

עטלעכע טעג האָב איך מיטגעמאַכט די שפּיל צווישן לעבן און טויט. יעדן טאָג זענען געפאַלן קרבנות, וואָס זענען באַלד פאַרטרעטן געוואָרן פון אַנדערע און אויך זיי האָבן נישט צוריקגעקערט לעבעדיקע אין דעם אַרבעט־לאַגער.

האָב איך אָנגעהויבן שמועסן מיט דעם עולם אין "מײַן" קאָמאַנדאָ און פון אַ וואָרט צו אַ וואָרט בין איך דערגאַנגען, אַז אין דעם זעלבן לאַגער, אויפן דריטן שטאָק, איז פאַראַן אַ לוקסוס־קאָמאַנדאָ, וואָס אירע קנעכט האָבן אַ מעגלעכקייט זיך אויסצושלאָפן, ווײַל די "קאָמאַנדאָ" גייט אַרויס צו דער אַרבעט ערשט נײַן אַזייגער פאַר מיטאָג.

פאַרוואָס עפּעס האָבן די נאַציס געשאַפן אַ לוקסוס־קאָמאַנדאָ פאַר פּאָליאַקן און וואָס איז איר אויפגאַבע? האָט מען מיר געזאָגט,

אַז דאָס איז אַ ״פאַרברענונגס־קאָמאַנדאָ״. וואָס אַזעלכס ברענט די ״קאָמאַנדאָ״? צי צינדט זי אונטער הײַזער? צי פאַרברענט זי מיסט? הײַזער צינדן דאָך אונטער די נאַציס גופא. האָב איך באַשלאָסן נישט צו פיל פאָרשן און פרעגן, וואָרום עס האָט מיר אויסגעזען לאָגיש, אַז אַ ״פאַרברענונגס־קאָמאַנדאָ״ פאַרברענט נישט זיך אַליין, נאָר זי פאַרברענט עפעס אַנדערש, און דאָס איז שוין טויזנט מאָל בעסער ווי גיין פאַר די טאַנקען צו צעשטערן באַריקאַדן און דערשאָסן ווערן.

ווי דער שטייגער מיט ״קאַפּאָס״ איז אויך דער ״קאַפּאָ״ פון דער ״ברענונגס־קאָמאַנדאָ״ אויפן דריטן שטאָק געווען קאָרופּט ביז די טיפענישן פון זײַן נשמה, אויב אים איז נאָך בכלל געבליבן אַ פּיצל פון אַ מענטשלעכער נשמה. דער ״קאַפּאָ״ האָט זיך געלאָזט איבערקויפן, אָבער איך האָב שוין נישט געהאַט מיט וואָס אים איבערצוקויפן. דעם בראָנפן וואָס איך האָב געהאַט פון דעם ספּירט, האָט די חבֿרה פון מײַן ״טאַנקען־קאָמאַנדאָ״ געהאַט שוין אויסגעטרונקען ביז צום לעצטן טראָפּן. די טײַערע וווּרשטן, וואָס איך האָב געהאַט פון ״שאַבערעווען״ אין די קעלערן, האָבן זיי שוין געהאַט אויפגעפרעסן. בלויז איין זאַך: פאַרן אַרויספירן פון דער קירכע די טויזנטער פרויען, ווען מײַן שוועגערין האָט מיר דערלאַנגט דאָס פּעקל עסן פון דעם ״רויטן קרייץ״, האָט זי מיר אַרײַנגעשטופּט אין דער האַנט עטלעכע גאָלדענע קרוינען פון ציין און אַ גאָלדן רינגל.

איך בין געווען אין אַ מאָמענט פון פאַרצווייפלונג. דער אינסטינקט האָט מיר אונטערגעזאָגט, אַז די ״קאָמאַנדאָס״ אויפן ערשטן און צווייטן שטאָק וועלן קיין אַריכת ימים נישט האָבן. זייערע פּוילישע ברידער וועלן זיי אויסהרגענען, אָדער די נאַציס וועלן זיי צעמאָרשטשען מיט זייערע טאַנקען. האָב איך געזאָגט צו דעם ״קאַפּאָ״ פון דעם דריטן שטאָק:

״אָט דאָס וואָס די זעסט אין מײַן האַנט, איז אַלץ וואָס איך פאַרמאָג. ס׳איז גאָלד, עס איז עפּעס ווערט. נעם עס דיר און נעם מיך אַריין אין דײַן קאָמאַנדאָ. דער ״קאַפּאָ״ איז נאָכגעקומען מײַן פאָרשלאָג און איך צוזאַמען מיט מײַן באַלעבאָס באָלעסלאַוו טשערוויעץ, זענען אַריבער צו דער ״פאַרברענונגס־קאָמאַנדאָ״

אויפן דריטן שטאָק, נישט וויסנדיק וואָס אָדער וועמען איך גיי פאַרברענען...

באַלד ווי איך בין אַריבער אויפן דריטן שטאָק און באַקומען אַ פּלאַץ אויף אַ פּריטשע, האָב איך על רגל אחת געלערנט די גאַנצע תורה פון פאַרברענען.

די קאָמאַנדאָ האָט נישט געברענט די במאַרעס פליי און אַנדערע אינזעקטן אויפן שטח פון דעם געוועזענעם געטאָ, נאָר זי האָט געברענט מענטשן.

אין דעם אויפשטאַנד זענען געפאַלן מאַסן פּאָליאַקן און דייַטשן. באַגראָבן די דערשאָסענע איז געווען אוממעגלעך. מען קען דאָך נישט באַגראָבן קיין מאַסן טויטע אויף ברוקירטע גאַסן און עס איז דאָך אוממעגלעך זיי אַרויסצופירן פון דער שטאָט. די טויטע, וואָס האָבן זיך אַרומגעוואַלגערט אין די גאַסן, אויף די פּלעצער, אויף די סקווערן, אַרום די הייַזער און אויך אין די קעלערן, זענען געווען עלול גורם צו זייַן אַן עפּידעמיע. האָבן די נאַציס אויך אין דעם פאַל אָנגעווענדט זייער סיסטעם פון פאַרברענען מאַסנווייַז די אומגעבראַכטע.

די קאַמפן פלעגן אויסברעכן אין די באַגינענס אַזוי, אַז אַרום צען, עלף אַזייגער פאַר מיטאָג זענען שוין געווען פיל צענדליקער דערשאָסענע. איז די אויפגאַבע פון דער "פאַרברענונגס־קאָמאַנדאָ" געווען צונויפזאַמלען די טויטע און זיי צוגרייטן צו פאַרברענען, זיי זאָלן אָנקומען אין הימל אַרייַן מיטן רויך, אַ סאָרט "הימעלפאַרט", ווי די דייַטשן רופן אָן די פייַערונג לזכר דאָס אַרויפשטייַגן פון יעזוס כריסטוס אין הימל־אַרייַן.

מיר האָבן די טויטע אייַנגעזאַמלט טראָגנדיק זיי אויף טראָגבעטלעך און וועגעלעך. דער זאַמלפּונקט איז געווען אויפן ריזיקן הויף פון דער פאַרמלחמהדיקער "פראַזשעט"־פאַבריק, אויף כלאָדנע גאַס. פאַר דער מלחמה האָט די פאַבריק אויסגעאַרבעט באַשטעק און כלים פון האַלב־איידעלע מעטאַלן. אַז מיר האָבן אָנגעהויבן פירן די טויטע צו דעם גרויסן הויף, האָב איך שוין דאָרט געפונען אַ באַרג פון אַ פינף, זעקס הונדערט בר־מיננס. די טויטע

האָבן מיר געמוזט "ברענגען אין אָרדענונג". די דײַטשן האָבן שטאַרק ליב אָרדענונג... דאָס מיינט אויסלייגן די טויטע קערפּעס אין שיכטן אויף אַזאַ אופן אַז איין שיכט זאָל שטאַרקן די צווייטע. אויסלייגן די אונטערשטע שיכטן איז געווען נישט שווער, אָבער וואָס העכער דער שטויס איז געוואָרן האָט מען די טויטע געדאַרפט אַרויפשלעפּן העכער און העכער, און טויטע זענען שווער ווי בלײַ. ווען עס דערגייט צו אַ פינף, זעקס מעטער שיכטן פון בר־מינס, דאַרף מען האָבן אַטלעטישע כּוחות די קערפּערס אַרויפצוציען. די מערהייט טויטע קערפּערס זענען דאָך געווען פון מענטשן וואָס האָבן זיך פריער גוט דערנערט, במילא זענען זיי געווען שווער.

אַז דער שטויס קערפּערס איז געווען גענוג הויך, איז ער אַרומגעלייגט געוואָרן מיט געהילץ. דאָס האָלץ איז באַגאָסן געוואָרן מיט פּעך און דאָס פײַער פון איין שוועבעלע איז גענוג געווען עס זאָל זיך צעפלאַקערן אַ שריפה — אַ שריפה פון מענטשן, וואָס נעכטן־אייערנעכטן און אַפילו באַגינען פון דעם זעלבן טאָג האָבן זיי נאָך געגלויבט, געהאָפט, געהאַט אַמביציעס און לײַדנשאַפטן, און איצט ברענען זיי ווי דאָס געהילץ אַרום זיי...

כּדי צו פאַרברענען דעם שײַטער פון מענטשלעכע גופים האָט מען נישט געבראַכט קיין האָלץ פון אַ וואַלד; די שטיקער מעבל פון די אויסגעליידיקטע פון מענטשן הײַזער האָבן געדינט ווי ברענ־שטאָף. אַ טייל פון דער "פאַרברענונגס־קאָמאַנדאָ" איז געגאַנגען פון דירה צו דירה און דורך די פענצטער אַראָפּגעוואָרפן אין הויף אַרײַן דעמאָנטירטע קרעדענסן, טישן, בענק, אַלמערס — שטיקער מעבל, צו וועלכע מענטשן זענען געווען צוגעבונדן. דער רויך פון דעם שײַטער האָט זיך געטראָגן איבער די דעכער, געקנוילט זיך ווי עס וואָלט פאַרברענט געוואָרן אַ וועלט.

אין די ערשטע טעג אין דער "פאַרברענונגס־קאָמאַנדאָ" האָט זיך מיר געדאַכט, אַז איך גיי אַראָפּ פון זינען; אַז איך לעב אַ ווירקלעכקייט וואָס אין דער רעאַליטעט עקזיסטירט זי נישט. איך, ווי אַ ייִד, וואָס אַלס ייִנגל האָב איך נישט געקענט זיך צוקוקן ווי אַ שוחט שעכט אַ כּפּרה ערב יום־כּפּור, בין געווען געצוווּנגען צו

שלעפּן צום טויט דערשאָסענע מענטשן, קוקן אין זייערע מיט
ווייטאָג און צער אויסגעקרומטע פּנימער באַגאָסענע מיט בלוט,
שפּעטער די גופים אויסלייגן אין שיכטן אַהין און אַהער, ווי
סאַרדינען, זיך צוקוקן ווי זיי ברענען, פּילן דעם שרעקלעכן ריח
פון געברענט מענטשלעך לײַב.

כאָטש זײַט די מלחמה האָט אויסגעבראָכן האָב איך
איבערגעלעבט פײַנלעכע סצענעס פון די נאַצישע מערדערײַען,
כ'האָב געהאַט פאַרלוירן מײַן משפחה, געבליבן איינער אַליין — איך
ווייס אפילו נישט ווו מײַן ווײַב מיט מײַנע שוועגערין זענען
פאַרשלעפּט געוואָרן, און צי זיי לעבן בכלל — איז די אַרבעט אין
דער "פאַרברענונגס־קאָמאַנדאָ" געווען איבער מײַנע כוחות. איך
האָב גערעדט צו זיך אַליין אַז איך האָב דאָך געהאַט באַשלאָסן
אויסצופאָלגן די צוואה פון מײַן טאַטן איבערצולעבן און דערלעבן
דעם סוף פון דעם היטלעריזם — מוז איך אויך אָט גיהנום
איבערלעבן, שלעפּן די טויטע, זיי ברענען, ווײַל אויב נישט וועל איך
אַליין זײַן איינער פון די וואָס ברענען אויפן מאַסן־שײַטער. און דאָך
בין איך דערגאַנגען צו אַ פּונקט, אַז איך האָב מער נישט געקענט. און
לעבן האָב איך געוואָלט. אוי, ווי איך האָב געוואָלט לעבן! דווקא אין
אָנבליק פון אַזעלכע טויט־סצענעס ווערט דער ווילן צו לעבן
געוואַלדיק שטאַרק. און כאָטש די "סטאָלערישע" אַרבעט פון ברעכן
שענק, קרעדענסן, טישן, אַלמערס און שטולן און זיי אַראָפּשלײַדערן
דורך אַ פענצטער איז געווען אַ שווערע אַרבעט, האָב איך געבעטן
דעם "קאַפּאָ", ער זאָל מיך באַשטימען צו אָט דער צעשטערונגס־
אַרבעט און איך האָב די אַרבעט באַקומען.

אַ שײַטער צו ברענען מענטשן, אויב מען גרייט אים צו ווי
געהעריק, אַרומגעלייגט מיט שטיקער מעבל און גוט באַגאָסן מיט
פעך, וועט שוין ברענען פון זיך אַליין. מען דאַרף נישט דאָס פײַער
אויפבלאָזן. ער ברענט דעם טאָג און נאָך אַ נאַכט. האָב איך נישט
אַלע מאָל געקענט זײַן באַשעפטיקט נאָר ביים ברעכן מעבל. אין דער
פרײַער צײַט האָט מען מיך ווידער גענומען צו שלעפּן דערשאָסענע
פון די גאַסן און סקווערן, זאָגט מען בײַ יידן: הלוואי מען זאָל נישט

געפּרוווט ווערן מיט דעם צו וואָס מען קען זיך צוגעוווינען. איך האָב זיך צוגעוווינט! איך האָב געשלעפּט, אויך געבראָכן מעבל און געברענט — אויף דעם געהער איך דאָך צו דער "פאַרברענונגס־קאָמאַנדאָ" צו וועלכער איך האָב זיך אַליין אָנגעשלאָסן פאַרן פּרײַז פון אַ פּאָר גראַם גאָלד, כּדי נישט צו גיין פאָרויס פון די נאַצישע טאַנקען און ווערן אַ ציל פאַר די קוילן פון די פּוילישע אויפשטענדלער.

דעם צווייטן טאָג, ווען מען האָט זיך געגרייט צו נאָך אַ שײַטער, איז אויפן הויף פון דער "פּראַזשעט"־פאַבריק געבליבן נישט קיין הויך בערגל פון גרויען אַש — דער סך־הכּלדיקער איבערבלײַב פון אַ פינף, זעקס הונדערט מענטשן און פון אַ פּאָר דירות מעבל. בײַ דעם בערגל אַש האָב איך געלערנט אַ לעקציע פון מענטשלעכער גײַציקייט, וואָס אין מער־ווייניקער נאָרמאַלע צײַטן איז אוממעגלעך אַזאַ לעקציע צו לערנען:

מעגלעך, און ס'איז מער ווי וואָרשײַנלעך, אַז צווישן די דערשאָסענע זענען אויך געווען יידן, ווי איך, וואָס האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אויף דער פּוילישער זײַט און זיי זענען אַרײַנגעפאַלן אינעם אויפשטאַנד. אָבער אַלע דערשאָסענע זענען פאַרברענט געוואָרן אַלס פּאָליאַקן. מילא, ווען די דײַטשן האָבן אין די געטאָס געמאָרדעט די באַלאַגערטע יידן און אונטערגעצונדן זייערע היימען, זענען די פּאָליאַקן פון דער צווייטער זײַט געטאָ־מויערן געווען גלײַכגילטיק, אָדער אַנדערע זענען געווען צופרידן. אָבער אָט ווערן אין דעם פּוילישן אויפשטאַנד דערשאָסן צענדליקער טויזנטער פּאָליאַקן — דאָס איז אַן אויפשטאַנד פון פּאָליאַקן צו באַפרײַען זייער לאַנד פון דער דײַטשער אכזריותדיקער אָקופּאַציע. זעען מײַנע אויגן אַזעלכע סצענעס:

אויף צו מאָרגנס ווי עס האָט אויסגעברענט דער נעכטיקער שײַטער, ווערן געבראַכט פרישע דערשאָסענע, צו אַ נײַעם שײַטער. די פּאָליאַקן, וואָס ברענגען די טויטע, לייגן נישט אַריין די בר־מינַנס אין דער בערגל אַש וואָס איז געבליבן פון זייערע הונדערטער פאַרברענטע ברידער, נאָר זיי גראַבלען אין דעם אַש, זיי זוכן

גאָלדענע ציין, קאָראָנעס, רינגלעך אָדער גאָלדענע מטבעות, וואָס זענען געווען איינגענייט אין די קליידער פון די פאַרברענטע. דערנאָך האָט מען דאָס ביסל גאָלד פאַרקויפֿט פאַר בראָנפֿן, כּדי צו וויסן דעם טעם פון לעבן...

די אַכט הונדערט פּאָליאַקן אין דער אַרבעט־לאַגער האָבן נישט געריסן קיין קריעה אויף דעם טויט פון זייערע אויסגעמאָרדעטע ברידער.

דאָס זוכן אין דעם געבליבענעם בערגל אַש נאָך אַ פינף, זעקס הונדערט פאַרברענטע קערפּערס האָט געמוזט געמאַכט ווערן שנעל, ווײַל פון דער צווייטער זײַט פון דעם ריזיקן הויף פון דער ״פּראַזשעט״־פאַבריק האָבן שוין געוואַרט פרישע קופּעס טויטע, מען זאָל זיי אײַנסדרן און אויסלייגן אין שיכטן, און פון די גאַסן האָבן די וועגעלעך געליפערט נאָך און נאָך. דאַרף מען אָבער זאָגן אַז כאָטש די אַרבעט האָט געאײַלט, האָבן מיר, פון דער ״פאַרברענונגס־קאָמאַנדאָ״, זיך נישט געאײַלט. מיט יעדן טאָג האָט די אַרבעט אויסגעזעען צו ווערן לײַכטער. אַן איינטאָניקע אַרבעט, זי ווערט געמאַכט מעכאַניש. די מוסקלען געוווינען זיך צו דער רוטין און אויך די מענטשלעכע געפילן ווערן אָפּגעטעמפּט. מען ווערט אויס ״פילאָזאָף״ און מען טראַכט נישט מער, אַז נעכטן־אייערנעכטן זענען די טויטע געווען פול מיט אמונה, מיט גלוסטענישן, מיט אילוזיעס און אַלץ איז געוואָרן הבֿל הבֿלים; מען טראַכט נישט מער וועגן אַזוינע סענטימענטאַליזמען. אויך דער ״קאַפּאָ״ פון דער ״פאַרברענונגס־קאָמאַנדאָ״ האָט מער נישט געאײַלט מיר זאָלן די אַרבעט טאָן שנעלער; די טויטע האָבן זיך זיכער נישט געאײַלט צו ווערן שנעלער פאַרברענט. זייער צײַט איז אומבאַגרענעצט — ס׳איז די אייביקייט.

בלויז איין זאַך: דאָס אייגענע לעבן ווערט מיט אַ האָר נישט ביליקער און יעדער איינער היט עס און צאַפּלט און האָפט איבערצולעבן...

דאָס קלײַבן די געהרגעטע איז געווען ווערדליק דעם ראַיאָן ווו עס זענען פאָרגעקומען די קאַמפן. אַזוי זענען מיר מיט אונדזערע

מכשירים — לאָפּאַטעס, טראָגבעטלעך און טאַטשקעס דערגאַנגען ביז דעם היטלער־פּלאַץ, וואָס פאַר דער מלחמה האָט ער געהייסן יוזעף פּילסודסקי־פּלאַץ, אין פראָנט פון דעם זאַקסישן גאָרטן. אויף דעם פּלאַץ איז געשטאַנען אַ פּלאַטפאָרם געשפּאַנט מיט צוויי פערד און אויף דער פּלאַטפאָרם איז געשטאַנען אַ פעלדקיך, וואָס האָט פאַר אונדז און אונדזערע אויפזעער צוגעגרייט עסן. דאָ האָבן מיר זיך אָפּגערוט און אָפּגעגעסן און... נאָך דעם זענען מיר צוזאַמען מיט די דײַטשן אַראָפּ אין די קעלערן פון די אַרומיקע פּאַרלאָזטע הײַזער צו "ירשענען" אַלץ וואָס די פּאָליאַקן האָבן דאָרט איבערגעלאָזט.

אָט דער ראַיאָן איז פריער געווען באַוווינט פון פּוילישער אַריסטאָקראַטיע און פאַרמעגלעכן בירגערטום. זיי האָבן געהאַט וואָס איבערצולאָזן אין די קעלערן און מיר האָבן געהאַט וואָס צו "שאַברעווען". אין די קעלערן האָט זיך געפונען אַזוי פיל בראָנפן, קאָניאַק און ווײַן, און געוויכערטע פלײשן, און טײַערע קליידער און וועש — אַז די דײַטשן האָבן פון שווילטאָג דערלויבט אַז אויך מיר זאָלן אַ טייל פון דער רויב באַהאַלטן פאַר זיך און מיט דעם צוריקקערן אין דעם אַרבעט־לאַגער.

איין טאָג איז געשען אַ פאַל: אַ הויכן געסטאַפּאָ־אָפיציר האָט, זעט אויס, נישט געפּאַסט צו גיין מיט די פּוילישע צוואַנג־אַרבעטער צו אַ בשותפותדיקן רויב־שפּאַציר אין אַ קעלער. האָט ער גענומען אַלס באַגלייטער בלויז דעם "קאַפּאָ". ביידע זענען אַראָפּ אין אַ קעלער און זיי האָבן מער נישט צוריקגעקערט. זיי זענען ערגעץ־ווו נעלם געוואָרן.

דער קעלער איז שפּעטער דורכגענישטערט געוואָרן אין יעדן ווינקעלע און דאָס געביין פון דעם געסטאַפּאָ־אָפיציר און דעם "קאַפּאָ" האָט מען נישט געפונען. ווײַזט אויס, אַז אין דעם קעלער האָבן געלויערט פּוילישע אויפשטענדלער, האָבן זיי געכאַפּט די צוויי לײַט, זיי פאַרשלעפּט און וואָרשײַנלעך ליקווידירט.

אין איינע פון יענע טעג זענען מיר, די "פאַרברענונגס־קאָמאַנדאָ", אַרויסגעפירט געוואָרן צום טעאַטער־פּלאַץ פאַר דעם שטאָטראַט. מיר האָבן נאַטירלעך געהאַט מיט זיך אונדזערע אַרבעט־

כּלים צונױפֿצוזאַמלען די טויטע, וואָרום אין יענעם טייל פֿון דער שטאָט זענען פֿאָרגעקומען שווערע און בלוטיקע קאַמפֿן. איידער מיר האָבן זיך גענומען צו אונדזער רוטין־אַרבעט, האָבן מיר געדאַרפֿט עסן און זיך אָפּרוען. אָבער צום עסן, זיך אָפּרוען און זיך "נעמען צו דער אַרבעט" איז נישט דערגאַנגען.

פּלוצים איז אָנגעפֿלויגן אַ טשאַטע דײַטשע קאַמפֿס־עראָפּלאַנען און אַראָפּגעלאָזט אַ סעריע באָמבעס הינטער דעם בנין פֿון דער אָפּערע, אויף דער גאַס וואָס האָט געהייסן, אַזוי דאַכט זיך מיר, טראַוגוטאַ. נישט בלויז מיר זענען אויפֿגעציטערט געוואָרן פֿון דער פּלוצימער באָמבאַרדירונג, נאָר אויך אונדזערע נאַצישע באַגלייטער. צו אונדז, צו דער "פֿאַרברענונגס־קאָמאַנדאָ" אויף דעם טעאַטער־פּלאַץ, זענען אָנגעלאָפֿן געסטאַפּאָ־לײַט, איבערגעריסן אונדזער אָפּרו, ווײַל עסן איז שוין נישט געווען קיין רייד, און אונדז געטריבן צו דער גאַס ווו עס זענען געפֿאַלן די באָמבעס. אַ גאַנץ הויז איז געלעגן אין חורבות — שטיקער מויער, נאַקעטע ציגל און האָלץ־ברוכוואַרג. פֿון דער חורבה האָבן זיך געטראָגן הילף־רופֿן. די שטיקער מויער זענען געווען דורכגעוואָרפֿן מיט שטיקער פֿון מענטשלעכע גופֿים. דאָס צעשטערטע הויז איז געווען פּונקט הינטער די בנינים פֿון דער וואַרשעווער אָפּערע און דעם נאַציאָנאַלן טעאַטער, זייער נאָענט צום היטלער־פּלאַץ. אין דעם באָמבאַרדירטן הויז האָט זיך געפֿונען דער נאַצישער שטאַב, וואָס האָט אָנגעפֿירט מיט דעם קאַמף מיט די פּוילישע אויפֿשטענדלער.

ווײַזט אויס, אַז ערגעץ־ווו אין דער נאָענט פֿון דעם באָמבאַרדירטן הויז האָט זיך געפֿונען דער שטאַב פֿון די פּוילישע אויפֿשטענדלער. האָבן די נאַציס געצילט צו באָמבאַרדירן דאָס הויז פֿון די פּוילישע קעמפֿער, אָבער על־פּי טעות אין דער אינפֿאָרמאַציע האָבן די נאַצישע פֿליער באָמבאַרדירט דאָס הויז פֿון זייער אייגענעם שטאַב...

די אַרבעט אַרויסצושלעפֿן די נאַצישע טויטע און פֿאַרוווּנ־דעטע פֿון אונטער דעם צעשטערטן בנין, איז געווען אַן אויסערגעוויינטלעך שווערע. איבער דעם באַרג פֿון די שטיקער

מויער האָט זיך געהאַלטן אַ גערדיכטער וואָלקן שטויב, וואָס האָט גורם געווען אַז מיר האָבן נישט געזען איינער דעם צווייטן. עס איז געווען שווער אונטערצושיידן צווישן אַ טויטן און אַ פאַרוווּנדעטן. אונדזער "קאָמאַנדאָ" איז שוין געווען איינגעאיבט צו שלעפּן טויטע, אָבער קיינער האָט אונדז נישט געלערנט ווי אַזוי מען שלעפּט אַרויס פון אונטער חורבות צעשוונדענע נאַציס.

ס'איז געווען קורץ נאָך דער באָמבאַרדירונג, סך הכּל אַ האַלבע שעה און אפשר אפילו ווייניקער. אין אַזאַ קורצער צייַט לאָזן זיך נישט טויטע קערפּערס הערן, אָבער אין דעם פאַל האָט זיך פון צווישן די שטיקער מויער געטראָגן אַ שרעקלעך שווערער געשטאַנק פון פאַרברענט מענטשלעך לייַב. צוליב דעם שטויב האָבן די אויגן נישט געזען וואָס די הענט טוען, און צוליב דעם געשטאַנק האָט דער מוח נישט דיקטירט די הענט וואָס צו טאָן. מיר האָט געשווינדלט פאַר די אויגן און איך האָב געהאַט דאָס געפיל אַז איך עק זיך.

איבער דעם באַרג ברוכוואַרג האָבן זיך מענטשן באַוויגן ווי שאָטנס. איך האָב מער נישט געקענט. איך בין דערגאַנגען צום סוף. דאָך דער אינסטינקט צו לעבן איז געווען שטאַרקער פון מייַן פיזישער שוואַכקייט אין דער מינוט, און ער האָט מיך געטריבן איך זאָל זוכן אַ פּלאַץ ווו זיך אָפּצורוען. האָב איך זיך אומבאַמערקט אַוועקגערוקט אָן אַ זייַט אַרייַנצוגיין אין אַן אויסגעליידיקט הויז. אויפן קאָפּ האָב איך געטראָגן אַ ליציפּעדער־היטל. אַרייַנגייענדיק אין דעם זייַטיקן הויז האָב איך דערפילט אַ קיצל אין קאָפּ. האָב איך געטראַכט: אפשר אַ נייַע סעריע פליגער? ניין. איך האָב אַראָפּגענומען דאָס היטל און אין דעם פּלאַץ, ווו איך׳האָב דערפילט דעם קיצל, איז אין מייַן היטל אויף דעם פּלאַץ געווען אַ לאָך פון אַ דורכגעשאָסענער קויל. די קויל האָט בלויז באַרירט מייַנע האָר און פון דאַנען דער פּלוצימער קיצל. בין איך אַרייַן אין דעם הויז און זיך אַוועקגעזעצט אין אַ פּאָזיציע ווי איך וואָלט געטאָן מייַן נאַטירלעכן געברויך און באַטראַכט מייַן דורכגעשאָסן היטל. איך בין געווען זיכער, אַז אויב איך בין אין דעם מאָמענט נצול געוואָרן פון דער קויל, וואָס ווען זי וואָלט מייַן היטל דורכגעשאָסן מיט אַ האַלבן

צענטימענטער נידעריקער, וואָלט זי מיך אַוועקגעהרגעט, וועל איך איבערלעבן די מלחמה און דערלעבן דעם סוף פון דעם נאַציזם.

ביז דעם היַינטיקן טאָג היט איך ביַי מיר דאָס דורכגעשאָסענע היטל ווי אַ קמע.

אָט דער פאַל האָט כּהרף־עין אַוועקגענומען פון מיר דאָס געפיל אַז איך עק זיך. איך האָב זיך מער נישט געעקט, כאָטש קיין כּוח האָב איך נישט געהאַט. איך האָב צוריקגעקערט צו דער שווערער אַרבעט פון אַרויסשלעפן טויטע און פאַרוווּנדעטע פון אונטער די שטיקער מויער — אַ דערהויבענער דערפון וואָס איך בין נישט צווישן די טויטע...

טויט מידע און פאַרשוואַרצטע אַז איינער האָט דעם צווייטן נישט דערקענט, האָבן מיר זיבן אַזייגער אין אָוונט צוריקגעקערט צו אונדזער אַרבעט־לאַגער אויף סאָקאָלאָווסקע גאַס.

וועגן דעם וואָס די נאַציס האָבן געטאָן מיט זייערע טויטע פון אונטער דעם באָמבאַרדירטן נאַצישן שטאַב, אַן ערך אַכציק־ניַינציק אין צאָל — האָבן מיר נישט געהערט. ס'איז נישט געווען קיַין ציַיט דערויף, עס האָבן געוואַרט אויף אונדז הונדערטער און הונדערטער דערשאָסענע פּאָליאַקן, מיר זאָלן זיי פאַרברענען אין הויף פון דער "פּראַזשעט"־פירמע.

אַ שטיקל ציַיט שפּעטער האָט מען אונדזער "קאָמאַנדאָ" אַוועקגעפירט צום הויף פון דער ביר־ברויעריי פון דער פירמע "האַבערבוש", אויף קראָכמאַלנע גאַס, נישט וויַיט פון וואָלסקע. אויף דעם פּלאַץ האָבן די נאַציס געהאַט ציַיטוויַיליק באַגראָבן זייערע אייגענע, וואָס זענען געפאַלן פון די קוילן פון די פּוילישע אויפשטענדלער. וועלכע "קאָמאַנדאָ" עס האָט זיי דאָרט באַגראָבן, האָבן מיר נישט געוווּסט. אונזער אויפגאַבע איז געווען די קבֿרים אויפצוגראָבן און אַרויסצונעמען די קערפּערס.

דאָ, אויף דעם הויף פון דער ביר־ברויעריי, האָב איך ביַיגעוווינט אַ סצענע, וואָס איך קען זי נישט פאַרגעסן ביזן היַינטיקן טאָג: בעת מיר, די "פאַרברענונגס־קאָמאַנדאָ", האָט אויסגעגראָבן און עקסהומירט אַ פערציק־פופציק געהרגעטע דיַיטשן, איז אָנגעקומען

אַ גרופּע פון נאַצישע רופאים. זיי זענען געקומען פון קראָקע מיט אַ באַזונדער אויסשטאַטונג, וואָס פון אָנהייב האָבן מיר נישט פאַרשטאַנען צו וואָס די אויסשטאַטונג וועט דינען. באַלד האָבן מיר געזען ווי די רופאים שנײַדן אָפּ די קעפּ פון די עקסהומירטע, וויקלען זיי אין ברייטע לייוונט־בענדער און פּאַקן זיי אײַן אין קאַסטנס. די קאַסטנס מיט די קעפּ האָבן זיי מיטגענומען מיט זיך; די קערפּערס אָן די קעפּ זענען געבליבן אויפן פּלאַץ פון דער "האַבערבוש"־ברויערײַ אויפסנײַ צו באַגראָבן.

נאָך דעמאָלט, ווען מיר האָבן געאַרבעט אויפן טעאַטער־פּלאַץ, האָבן מיר אין איינעם אַ קעלער געפונען אַ מאַגאַזין מיט די טײַערסטע דעליקאַטעסן און אַלקאָהאָל־געטראַנקען. אַ גרויסן טייל פון דעם "אָנגעשאַברעוועטן" האָב און גוטס האָבן מיר פאַרנאַכט געבראַכט אין אונדזער אַרבעט־לאַגער אויפן דריטן שטאָק. אונדזער "קאָמאַנדאָ" איז באַשטאַנען פון אַן אַכציק מאַן, אײַנגעאָרדנט אין דרײַ צימערן. האָבן מיר געמאַכט אַ סעודה און געלאָזט זיך ווויל גיין כיד־המלך.

אָנגעפרעסן און שכור, איז דער עולם געוואָרן צעווילדעוועט. די וועלט איז הפקר און מעגלעך אַז דאָס איז די לעצטע סעודה. האָט זיך פּלוצים אויפגעשטעלט איינער פון דער קאָמאַנדאָ און אויסגערופן:

"חברה, מיר האָבן דאָ צווישן זיך צוויי זשידעס".

ווי אויף דעם ערשטן ייד האָט ער אָנגעוויזן אויף מײַן געוועזענעם באַלעבאָס טשערוויעץ:

"אָט ער איז אַ ייד!" האָט דער שיכורער געזאָגט און באַלד אָנגעוויזן אויף מיר: "און אָט ער איז דער צווייטער זשיד!"

אַן אויפגערעגטער האָט מײַן געוועזענער באַלעבאָס אַראָפּגעלאָזט די הויזן, געוויזן פאַר אַלע זײַן געשלעבט־גליד און אויסגערופן צו דעם וואָס האָט געזאָגט, אַז ער׳ איז אַ ייד:

"העי, דו, קורוועשער זון, קום אַהער, בייג זיך אײַן און טו אַ קוש, וועסטו פילן דעם טעם פון אַ ייד!"

אויף דעם בײַשפּיל פון טשערוויעצן האָב אויך איך

אַראָפּגעלאָזט די הויזן, כלומרשט זיך געגרייט צו ווײַזן פּאַר אַלע מײַן געשלעכט־גליד, און אויסגערופן צו דעם שיכּורן כּוליגאַן:

״העי, דו, גרויסער מבֿין, קום אַהער און גיב אים אַ קוש, ווײַסטו זעען אַז אויך איך בין אַ ייִד״.

די שיכּורע אין אַלע דרײַ צימערן האָבן אויסגעבראָכן אין אַ געלעכטער אויף אונדזערע ביידנס פּאַרשלאָג דער כּוליגאַן זאָל קושן אונדזערע געשלעכט־גלידער. זיי האָבן געוואָלט זען די סצענע, הגם פּאַר זייערע אויגן איז אַלץ געווען פאַרנעפּלט, זיי זענען געווען טויט־שיכּור.

אָט די סצענע האָט מיך אַלאַרמירט, אַז איך בין ווײַטער אין אַ סכּנה, אַז מען אָבסערווירט מיך. דער פּאַרדאַכט וואָס דערוועקט זיך בײַ דעם און יענעם איז אפשר מחמת מײַן איניציאַטיוו און וואָס איך געפין זיך אויס אין די פאַרשיידענע סיטואַציעס. הייסט עס, אַז עס דראָעט מיר אַן אומגליק.

אויף צו מאָרגנס אין דער פרי האָט זיך מײַן געוועזענער באַלעבאָס, באָלעסלאַוו טשערוויעץ, געמאַכט קראַנק און מען האָט אים אַוועקגעפירט אין דער ״קראַנקענשטובע״. כאָטש ער איז געווען אַ פּאָליאַק און אַ קאַטאָליק פון דור דורות, איז ער באַהערשט געוואָרן פון פחד. אויב דורך אַ צופאַל, אָדער דורך אַ מסירה פון דעם אָדער אַן אַנדער כּוליגאַן אין דער קאָמאַנדאָ, וועל איך אַנטדעקט ווערן אַלס אַ ייִד, און די געסטאַפּאָ וועט מיך פּײַניקן, וועל איך אויך דערציילן, אַז איך האָב זיך אויסבהאַלטן בײַ אָט דעם טשערוויעץ אויף הרוביעשאָווסקע גאַס נומער 8. דעמאָלט וועט ער דערשאָסן ווערן צוזאַמען מיט מיר דערפאַר וואָס ער האָט אויסבאַהאַלטן ייִדן. אין דעם פאַל וועלן ער און איך פאַרברענט ווערן אויפן שײַטער, אויף וועלכן מיר ברענען אַנדערע...

אַזוי ווי טשערוויעץ איז געווען אַן עלטערער מענטש און די אַרבעט בײַם שלעפּן די טויטע איז אים אָנגעקומען שווער און ביטער, האָט מען אים אויסגעשריבן פון דער ״קראַנקענשטובע״ און אַוועקגעשיקט קיין פּרושקאָוו, ווּהין די נאַציס האָבן עוואַקויִרט די נישט־קעמפנדיקע פּאָליאַקן. ווען איך בין יענעם פאַרנאַכט

צוריקגעבראַכט געוואָרן פון מײַן אַרבעט, האָב איך טשערוויעצן מער נישט געטראָפן. ער איז שוין געווען אַרויסגעשיקט. אָבער אַ סיורפּריז האָט מיך יאָ דערוואַרט:

פון דעם וואָס איך האָב ״אָנגעשאַברעוועט״ אין די קעלערן פון די רײַכע הײַזער אויף טעאַטער־פּלאַץ און אין די אַרומיקע גאַסן, האָב איך געהאַט אָנגעזאַמלט אַ וואַליזע מיט די טײַערסטע זאַכן. איך האָב געטראַכט אַז אָט די טײַערע זאַכן וועלן מיר צונוצקומען אין פאַל איך וועל דאַרפן עמעצן מיט עפּעס וואָס איבערקויפן, אָדער איך אַליין וועל זיי דאַרפן ווען די מלחמה וועט זיך ענדיקן. טשערוויעץ האָט געוווּסט וועגן מײַן ווערטפולער וואַליזע. ער איז דאָך געווען מיט מיר אין איינעם און דעם זעלבן צימער אויפן דריטן שטאָק, און איך האָב פאַר אים קיין סודות נישט געהאַט. האָט ער נישט אויסגעהאַלטן דעם נסיון.

אַזוי שנעל ווי מען האָט אים אויסגעשריבן פון דער ״קראַנקענשטובע״ דערמיט אַז ער ווערט אַרויסגעפירט קיין פּרושקאָוו, איז ער אַרויף אויפן דריטן שטאָק פון דעם אַרבעט־לאַגער צו נעמען זײַנע זאַכן און בײַ דער געלעגנהײט האָט ער אויך ״נישט פאַרגעסן״ מיטצונעמען מײַן וואַליזע מיט די טײַערע זאַכן. ער האָט מיר פון די אַלע גוטע זאַכן אַפילו קיין פאָדעם נישט איבערגעלאָזט.

אַזוי האָט דער פּאָליאַק פאַרענדיקט אונדזער פרײַנדשאַפט דורך לעבנסגעפערלעכע סיטואַציעס און איך בין ווידער געווען אַ וויסטער אביון... אויסער דעם וואָס איך האָב געהאַט אויף זיך, האָב איך גאָרנישט פאַרמאָגט.

טשערוויעץ האָט זיך באַפרײַט פון יעדן פאַרדאַכט אַז ער איז אַ ייד, אָבער מײַן פאַרדאַכט, אַז איך געפין זיך אין אַ סכנה, איז געוואָרן וואָס אַמאָל שטאַרקער. טשערוויעץ האָט דורך אַראָפּלאָזן די הויזן געקענט אויך מיך שיצן פון אַ פאַרדאַכט, אָבער אַז ער איז מער נישטאָ — בלײַב איך אויפן ערשטן פּלאַן און איך וועל נישט קענען מאַכן קיין קונצן מיט מײַנע הויזן.

אינעם לאַגער איז געווען איינער אַ קוכער, זיגמונט איז געווען

זײַן נאָמען, וואָס ער און זײַנע געהילפן האָבן צוגעגרייט פֿאַר אונדז געקאָכטע שפּײַז. אין איינעם אַ טאָג בין איך געבליבן אויפֿן דריטן שטאָק צוזאַמען מיט דעם "שטובנעלטעסטען" און מיט נאָך איינעם אַ פּאָליאַק. דער קובער האָט געוווּסט, אַז מיר, אויפֿן דריטן שטאָק, האָבן בראָנפֿן. אָן בראָנפֿן איז דעמאָלט געווען אוממעגלעך צו לעבן, ווי עס איז אוממעגלעך צו לעבן אָן לופֿט. דער קובער זיגמונט האָט צוליב עפּעס וואָס אָנגעהויבן חוזק צו מאַכן פֿון מיר. איך האָב געהאַט דעם אײַנדרוק, אַז ער האָט דערשנאַפּט אין מיר אַ ייד, און זײַן חוזק מאַכן פֿון מיר איז כּדי מיך צו פּראָוואָצירן. אויב איך וועל רעאַגירן, וועט ער מיך איבערגעבן צו דער געסטאַפּאָ.

האָב איך באַשלאָסן פֿאַר יעדן פּרײַז און מיט אַלע מעגלעכע מיטלען דערווײַטערן פֿון זיך יעדן פֿאַרדאַכט אַז איך בין אַ ייד. איז מיר אונטערגעקומען אַ זעלטענע געלעגנהייט וואָס קען זיך, שײַנט מיר, נישט איבערחזרן:

אין איינעם אַן אין דער פֿרי איז אונדזער קאָמאַנדאָ אַרויס צו איר טאָגטעגלעכער אַרבעט צונויפֿצוזאַמלען די דערשאָסענע. פֿאַר אונדז איז געפֿאָרן די געשפּאַנטע פּלאַטפֿאָרם מיט די אַרבעט־כּלים, בעטלעך, לאָפּאַטעס, טאַטשקעס און אַנדערע כּלי־זין. הינטער אונדז זענען געגאַנגען דער "קאַפּאָ" און די נאַצישע באַגלייטער. אַז אונדזער קאָמאַנדאָ מיט דעם קלאַפּערגעצײַג איז צוגעקומען פֿון דער סאָקאָלאָווסקע גאַס צו דער קירך, אין וועלכער די נאַציס האָבן צונויפֿגעזאַמלט פּאָליאַקן אַרויסצושיקן פֿון וואַרשע, איז אונדזער קאָמאַנדאָ פֿאַרהאַלטן געוואָרן. מיר האָבן נישט געקענט גיין ווײַטער. די נאַציס האָבן אַרויסגעפֿירט פּאָליאַקן פֿון דער אַלטשטאָט און זיי געפֿירט צו דער קירך, כּדי פֿון דאָרט צו עוואַקוירן זיי קיין פּרושקאָוו.

אונדזער קאָמאַנדאָ האָט דעמאָלט געציילט אַן אַכציק־נײַנציק פּערזאָן. ווען מיר זענען אָפּגעשטעלט געוואָרן אַנטקעגן דער מחנה אַוועקגעשיקט צו ווערן קיין פּרושקאָוו, האָב איך צווישן די אײַנגעזאַמלטע באַמערקט אַ גלח. ער איז געווען אָנגעטאָן אין זײַן גלחישן טראַכט — אין אַ שוואַרצער סוטאַנע מיט אַ ברייטן גאַרטל

אַרום די לענדן. אויסגעזען האָט ער ווי מען וואָלט אים אַרויסגעשלעפּט פון אַ קוימען, אָדער פון אַ זומפּ? ס׳איז געווען גאָטס רחמנות צו קוקן אויף דעם מענטש. איך האָב דעמאָלט געהאַט מיט זיך אין אַ טאָרניסטאָר אַ פּלעשל בראָנפן, ווורשט און אַנדערע מאכלים, כּדי בײַ דער אַרבעט נישט צו זײַן אויסגעשטעלט צו דער בידנער באַשפּײַזונג פון די נאַציס. קוקנדיק אויף דעם גלח אַנטקעגן מיר אין דער גרויסער מאַסע פּאָליאַקן, איז מיר אײַנגעפאַלן אַ געדאַנק און, נישט טראַכטנדיק מער קיין איין סעקונדע, האָב איך זיך דערנעענטערט צום ״קאַפּאָ״ און זײַנע נאַצישע באַגלייטער און אויסגערופן מיט גוט־געמאַכטער איבעראַשונג:

״אָט דאָ, אַנטקעגן, קוקט, שטייט מײַן ברודער, דער גלח. דערלויבט מיר צוגיין צו אים זיך געזעגענען און אים געבן עפּעס עסן״.

איך האָב מײַן ווענדונג געמאַכט מיט אַזאַ געררירטער שטים, אַז דער ״קאַפּאָ״ איז צעחושט געוואָרן און אַפילו אָן צו פרעגן זײַנע נאַצישע באַגלייטער געזאָגט:

״גיי, געזעגן זיך מיט אים, נאָר שוין זאָלסטו זײַן צוריק!״

און איך? — איך בין שוין געווען נעבן דעם גלח. די אַרומיקע פון דער מאַסע מענטשן האָבן געזען ווי איך כאַפּ אַרום דעם גלח, איך האַלדז אים און קוש אים, און ווי איך קוש אים — אַזוי קושט ער מיך; מיר האַלדזן זיך און צערטלען זיך. איך דערלאַנג אים מײַן טאָרניסטער מיט דעם פלעשל בראָנפן און אַלץ וואָס דאָרט איז פאַראַן צו עסן, און ער נעמט עס צו פון מיר. איך שרײַ אויס מיט אַ וויינענדיקער שטים:

״בראַציע דראָגי!״ — ״טײַערער ברודער!״

דער גלח איז צעטומלט און מיך אַרט זײַן צעטומלטקייט ווי דער פאַראַיאָריקער שניי. איך כּשר זיך אַלס קריסט ווי אַ ייד כּשרט ערבֿ פּסח אַ טעפּל. איך הער נישט אויף קושן דעם גלח און מסתּמא גיסן מיר זיך אויך טרערן פון די אויגן און מסתּמא גיסן זיך אויך טרערן פון זײַנע אויגן, און אַזוי אַרום ווערט מײַן פּנים אויסגעשמירט מיט דער

בלאָטע פון זײַן פּנים און אַ געבשרטער קער איך צוריק צו מײַן קאָמאַנדאָ.

איצט האָט זיך אָנגעהויבן די באַוווּנדערונג פון מײַנע חבֿרים אין דער קאָמאַנדע. זיי האָבן געוואָלט וויסן ווער עס איז דער גלח און וואָס איז ער צו מיר. האָב איך געענטפערט, אַז אַלע זאָלן הערן: ״דאָס איז מײַן טײַערער ברודער, זעט ווי דער הייליקער זעט אויס!״

נאָענט צו מיר און צו איינעם פון די פרעגער ״ווער דער גלח איז״, איז געשטאַנען דער כוליגאַן, וואָס אַנומלט, אויפן דריטן שטאָק פון דעם אַרבעט־לאַגער, האָט ער אָנגעוויזן אויף טשערוויעצן מײַן געוועזענעם באַלעבאָס און אויף מיר אַז מיר זענען ייִדן. ווי נאָר איך האָב געענטפערט דעם פרעגער, אַז דער גלח איז מײַן לײַבלעכער ברודער, האָט ער אויפגעהויבן אַ פויסט און דערלאַנגט דעם נישט־דערגאַנגענעם מסור אַזאַ זעץ אין פּרצוף, אַז דער האָט זיך גלײַך באַגאָסן מיט בלוט.

זײַט אָט דעם פרימאָרגן בין איך צווישן די אַרבעטער אין דער ״פאַרברענונגס־קאָמאַנדאָ״ געוואָרן אַ צערטלקינד, אַ בן־יחידל, חבֿרה האָט מיך געקושט, רק געוואָלט עפּעס טאָן פאַר מײַנעט וועגן. אַ קליינינקייט עפּעס! אַ ברודער פון אַ גלח וואָס די פאַרשאָלטענע שוואַבן האָבן מחלל געווען זײַן הייליקייט!

די הייליקייט פון ״מײַן ברודער״ האָבן די לײַט אין מײַן קאָמאַנדאָ איבערגעטראָגן אויף מיר. דער וואָס האָט געהאַט בדעה מיך אויסצוגעבן, אַז איך בין אַ ייִד, איז געוואָרן נידעריקער פון גראָז און שטילער פון וואַסער. ער האָט מורא געהאַט פאַר מײַן בליק און מיך אויסגעמיטן ווי אַ שד מײַדט אויס ווײַרויך...

ווידער דערוויַטערט אַ טויט־געפאַר.

אַ געוויסן טאָג פון יענע טעג האָט מען אונדז נישט אַרויסגעפירט צו אונדזער רוטינער אַרבעט — קלײַבן געהרגעטע און זיי פאַרברענען. די נאַציס האָבן פאַר אונדז געהאַט אַ בילכערע אַרבעט.

זיי האָבן זיך געגרייט צו שטורמען די פּוילישע קעמפער אויף

עטלעכע פראָנטן און זיי האָבן צו דעם צוועק קאָנצענטרירט געוואַלדיקע מאַסן אַמוניציע. האָט מען אונדזער קאָמאַנדאָ אַוועקגעפירט אין הויף פון דער "האַבערבוש"־ברויערײַ, אויף קראָכמאַלנע גאַס. מיר זענען שוין דעמאָלט געווען געניטע פאַכלײַט אין שלעפן און ברענגען דערשאָסענע, אָבער דאָ, אויפן הויף פון דער "האַבערבוש"־ברויערײַ, האָבן די נאַציס געוואָלט וויסן פון וועלכע פראָפעסיעס מיר זענען, אויסער דער "פאַרברענונגס־קאָמאַנדאָ".

אַז ס'איז געקומען די ריי צו מיר און דער נאַצי האָט געפרעגט וואָס איז מײַן פראָפעסיע, האָב איך אָן צו טראַכטן געענטפערט: "אַ שנײַדער". מילא, אַ שנײַדער — זאָל זײַן אַ שנײַדער. דערווײַל האָבן די נאַציס געהאַט פאַר מיר אַן אַרבעט פון אַן אַנדער פראָפעסיע:

זיך גרייטנדיק צו אַ גענעראַל־קאַמף מיט די פוילישע אויפשטענדלער, האָבן זיי געדאַרפט האָבן שיס־נעסטן פון די פענצטער פון די אויסגעליידיקטע הײַזער. די פענצטער האָט מען געדאַרפט פאַרמויערן מיט ציגל אויף אַזאַ אופן, אַז זיי, די נאַציס, זאָלן זעען די פאָליאַקן און שיסן צו זיי, בעת אַליין זאָלן זיי זײַן געשיצט. האָבן מיר געטראָגן ציגל און מיט די ציגל אויסגעפילט די פענצטער־ראַמען, די נאַציס זאָלן פאַר אונדזער קאָמאַנדאָ קענען ליפערן ווײַטערדיקע טויטע, עס זאָל זײַן וואָס צו פאַרברענען.

די פוילישע אויפשטענדלער האָבן פון דער ווײַטנס באַמערקט וואָס מיר טוען מיט די פענצטער פון די הײַזער אַנטקעגן זיי און זיי האָבן אונדז מכבד געווען מיט אַזאַ פײַער אַז מיר האָבן אַפילו קיין פינגער נישט געקענט אַרויסשטעקן. מיר האָבן אונדזער "בוי־אַרבעט" געמוזט טאָן ליגנדיק אויף דער פּאָדלאָגע און פאָרזיכטיק אַרויפלייגן אַ ציגל אויף אַ ציגל, אויפהייבנדיק אַ האַנט אין דער הייך. איז מיר אײַנגעפאַלן אַ מחשבֿה צו כאַפּן אַ קויל אין דער האַנט, איך זאָל אַזוי אַרום פּטור ווערן פון דער געפערלעכער אַרבעט און אָנקומען אין אַ שפּיטאָל, האָב איך אַרויסגעשטעלט איין האַנט, צו כאַפּן אַ קויל, אַרויסגעשטעקט די צווייטע האַנט, די קוילן האָבן געפּײַפט איבער מײַן קאָפּ, זיך אָנגעקלאַפּט אָן דער מויער, זיך אָנגעקלאַפּט אין די געלייגטע ציגל, אָבער בשום אופן נישט געטראָפן

אין איינער פון מײַנע הענט.

פלוצים איז אַרײַנגעלאָפן אַ נאַצי־אָפיציר און אויסגעשריגן: ״שנעלער, שנעלער, קומט!״

האָב איך הינטערוויַילעבץ זיך אַרויסגערוקט פון מײַן ״בוי־אַרבעט״, הגם איך האָב שוין געהאַט פאַרלייגט אַ האַלב פענצטער מיט ציגל. האָט דער נאַצי־אָפיציר געזאָגט צו מיר, אַז ער דאַרף אײַליק האָבן אַ שנײַדער צו פאַרריכטן מונדירן, צונייען קנעפּלעך, אָפּגעריסענע שליפעס און אַנדערע שנײַדערישע אַרבעטן, וואָס מען קען נישט אָפּלייגן און די אַרבעט דאַרף ברענען. האָב איך גענומען מיט זיך אַ יונגן פּאָליאַק, וואָס איז געווען צוזאַמען מיט מיר אין דער קאָמאַנדאָ און מיר זענען געגאַנגען מיט דעם אָפיציר. אָבער עס זאָגט זיך לײַכט: ״געגאַנגען״. די פּוילישע אויפשטענדלער האָבן אונדז פאַרשטעלט דעם וועג מיט אַ מבול קוילן. האָט דער אָפיציר געהייסן מיר זאָלן אַדורכלויפן דעם פײַער־שטח אײַנגעבויגענע וואָס נידעריקער צו דער ערד. איך האָב דערפילט דעם טויט אויף דער שפּיץ נאָז. בלית־ברירה האָב איך געטאָן ווי דער אָפיציר האָט באַפוילן און עס איז געלונגען — מיר זענען אַריבער דער פייער־שטח לויפנדיק ׳נידעריק צו דער ערד און אַרײַן אין אַ הויז.

אין דעם הויז האָט דער נאַצי־אָפיציר מיר אַרויסגעגעבן אַרבעט: צונייען צו מונדירן אָפּגעריסענע שליפעס און קנעפּלעך. פאַר דעם, זעט אויס, האָט געלוינט אײַנצושטעלן דאָס לעבן. מײַן שנײַדערישער טאַלאַנט האָט געגרייכט אַזוי ווײַט אַז די צוגענייטע שליפעס און קנעפּלעך האָבן זיך געהאַלטן. באַלד איז אַרײַנגעקומען אַ צווייטער אָפיציר מיט אַ שפּוגל נײַער ״באַשטעלונג״ — איך זאָל אויפנייען זעקעלעך.

וואָס פאַר אַ זעקעלעך דאַרף איך נייען?

דאָס דאַרפן זײַן זעקעלעך אָנצוטאָן אויף די לעדער־בײַטעלעך צו קוילן. לויט דעם מאָדעל וואָס דער נאַצי־אָפיציר האָט מיר דערלאַנגט, האָב איך גלײַך געזען אַז ס׳איז ביטער ווי גאַל. מילא, צונייען קנעפּלעך, שליפעס און אַנדערע נאַרישקייטן, מיט דעם גיב איך זיך אַן עצה, אָבער ממש נייען אויף אַ מאַשין, און לויט אַ

מאָדעל, עס זאָל פּאַסן צו דעם צוועק וואָס די זעקלעך דאַרפֿן דינען? — דאָס איז נישט פּאַר מײַנע "שנײַדערישע" כוחות. האָב איך געזוכט אַן אויסרייד און געזאָגט צום נאַצי:

"איך האָב נישט קיין ניי־מאַשין און אַזעלכע זעקעלעך דאַרף מען נייען נאָר אויף אַ ניי־מאַשין".

איז דער נאַצי נישט נתפּעל געוואָרן און געענטפֿערט, אַז ער האָט אַ ניי־מאַשין.

דער אָפֿיציר האָט מיך אַוועקגעפֿירט אויף אַ פּלאַץ און מיר אָנגעוויזן אויף אַ ניי־מאַשין. האָב איך "פּאַכמעניש" באַטראַכט די מאַשין, געמאַכט זיך געפֿגרט און געזאָגט:

"די מאָשין טויג אויף כּפּרות".

זאָגט דער נאַצי:

"וואָס מיינט עס, די מאַשין טויג נישט? ס'איז אַ נײַע מאַשין!"

דערווידער איך מיט עקשנות, אַז איך זע טאַקע אַז די מאַשין איז אַ נײַע, אָבער כּדי צו נייען אַזעלכע זעקעלעך לויט דעם מאָדעל וואָס דער אָפֿיציר ווייזט מיר, טויג זי אויף כּפּרות.

"כ'האָב אַן אַנדערע מאַשין", זאָגט דער נאַצי. ער פֿירט מיך צו צו אַ שפּוגל נײַער "זינגער"־מאַשין. די מאַשין איז געווען אַזוי נײַ אַז איך האָב נישט געקענט פּועלן בײַ זיך און זאָגן אַז זי טויג נישט. האָב איך געשוויגן. און דער אָפֿיציר האָט מיר געגעבן דעם געהעריקן האַקי־שטאָף און דעם מאָדעל דערמיט אַז איך זאָל צושנײַדן און אויספּאַרטיקן די זעקעלעך.

אַלץ האָב איך געהאַט: שטאָף, אַ שער, אַ מאַשין און פֿאָדעם. צושנײַדן די זעקעלעך האָב איך אויך געקענט. איך בין דאָך געווען אַ שניט־סוחר און געשניטן סחורה לויט דער מאָס. אויך אײַנפֿעדעמען די מאַשין איז אַ האַלבע צרה. די נאָדל האָט אַ לעכל, שטופּט מען אַדורך דעם פֿאָדעם און זי איז אײַנגעפֿעדעמט. אָבער אונטער דעם דעקל פֿון דער מאַשין איז פֿאַראַן אַ שפּולע און די שפּולע האָט אַ ציוּוקע און מיט דער שפּולע און מיט דער ציוּוקע האָבן זיך אָנגעהויבן מײַנע צרות: כּדי אַרויסצובאַקומען די ציוּוקע און זי אַרומוויקלען מיט פֿאָדעם דאַרף מען אַרויסנעמען די שפּולע און די

שפּולע האָט אַ קלעמערל, צו וועלכן מען דאַרף האָבן דינע פינגער. דינע פינגער האָב איך דווקא יאָ, אָבער זיי זענען נישט געווינט אַרויסצונעמען שפּולעס פון אונטער אַ "זינגער"־מאַשין; און נישט אַזוי אַרויסצונעמען די שפּולע ווי זי צוריק אַרײַנצופּאַסן מיט דעם קלעמערל.

אַז מען וויל לעבן, און איך האָב זייער שטאַרק געוואָלט לעבן און איבערלעבן און דערלעבן היטלערס מפּלה, קען מען אײַנפּעדעמען אַ "זינגער"־מאַשין אויך. איך האָב מיט אַ פינגער געבלאָנדזשעט אונטערן דעקל, געדרייט אַהער, געדרייט אַהין און איך האָב געהאַט אַן אײַנגעפּעדעמטע מאַשין. געראַטעוועט האָט מיך מײַן גוטער זכּרון.

ווי איך האָב שוין דערציילט, האָבן מיר אין דער היים, אין סאָקאָלאָוו, געהאַט אַ געשעפט פון מאַנופאַקטור־שטאָפן. פלעג איך פון צײַט צו צײַט אַרײַנקומען צו שנײַדער און בײַ דער געלעגנהייט, מתּוך נייגער, זיך צוקוקן צו זייער טעכניק. אָט די שנײַדערײַען זענען געווען מײַנע "אוניווערסיטעטן", איך זאָל שפּעטער, אין אַן עת־צרה, זיך אָנוועקזעצן נייען זעקעלעך פאַר קוילן־טעשלעך פון די נאַציס. און טאַקע פון יענע "אוניווערסיטעטן" האָב איך געדענקט די קונץ ווי אַזוי מען האַלט אַ שנײַדער־שער אין דער האַנט און אַז אונטערן דעקל פון אַ ניי־מאַשין געפינט זיך אַ שפּולע מיט אַ ציוויקע און די שפּולע האָט אַ קלעמערל...

קורץ: איך האָב פון דעם גרינלעכן האַקי־שטאָף צוגעשניטן טעשעלעך און זיי אויך אויפגענייט. אויב די ערשטע זענען נישט געווען אַזוי איי־איי־איי, האָב איך באַלד געכאַפּט די תּורה, און די ווײַטערדיקע טעשלעך זענען אַרויסגעקומען אַזוי ווי איך וואָלט אַ גאַנץ לעבן גאָרנישט געטאָן נאָר געזעסן און גענייט בײַטעלעך פאַר לעדערנע קוילן־טעשלעך. אין די אויגן פון די נאַציס איז מײַן שנײַדערישער פּרעסטיזש געוואַקסן אין לשער.

דאָס איז געשען אין איינעם אַ זונטאָגדיקן טאָג.

בדרך כּלל פלעגט מען זונטאָג נישט גיין צו קיין אַרבעט, פּונקט ווי די נאַציס וואָלטן זונטאָג נישט געשאָסן צו מענטשן. האָבן זיי

איינעם אַ זונטאָג געמאַכט אַן אויסנאַם און געגעבן אַ באַפעל, אַז דער גאַנצער אַרבעט־לאַגער, פון אַלע דריי שטאָקן, זאָלן אַראָפּגיין אויפן הויף צו אַן אַפּעל. עס האָבן זיך אויסגעשטעלט אַן אַכט־נייַן הונדערט מענטשן. איז געקומען אַ באַפעל, אַז שנייַדערס זאָלן אַרויסטרעטן. איך האָב געמאַכט דעם אָנשטעל ווי נישט מיך מיינט מען און נישט אַרויסגעטרעטן. איז געקומען דער יונגער פּאָליאַק, וואָס איך האָב אים מיטגענומען צו מייַן שנייַדערייַ און אים געמאַכט פֿאַר מייַן אַסיסטענט, כדי ער זאָל נישט געהרגעט ווערן פון זייַנע פּוילישע ברידערס הענט, און אויסגעשריגן בפני כל עם ועדה:

״שנייַדער!״ און ער האָט אָנגעוויזן אויף מיר. אויף אָט דער מסירה האָט זיך צו מיר דערנענטערט אַ נאַצישער אָפיציר מיט אַ פּרצוף פון אַ מערדער און אויף מיר אַ גרילץ געטאָן:

״הערויס!״

בלית ברירה בין איך אַרויס פון דער ריי און זיך אָנגעשלאָסן צו דער גרופּע, וואָס איז שוין געשטאַנען אָן אַ זייַט און זיך גערעכנט ווי שנייַדערס.

די גאַנצע גרופּע שנייַדערס איז אַרויפגעפירט געוואָרן אויפן ערשטן שטאָק פון דעם בנין, וווּ עס איז געווען דער אַרבעט־לאַגער. אין אַ גרויסן זאַל זענען געשטאַנען ניי־מאַשינען. האָב איך געגלויבט, אַז עס וועט זיך איבערחזרן די מעשה מיט די טעשלעך פון האַקי־שטאָף. ערשט איך זע: עס ליגן בערג מיט פעלעכלעך פון האָזן, צי פון קרוליקעס,און באַלן שטאָף. ס׳איז מיר געוואָרן קאָלעמוטנע אויפן האַרצן. ס׳איז דאָך אַן אמתע שנייַדערייַ־אונטערנעמונג מיט אַ שנייַדער־מייַסטער און אמתע שנייַדער־אַרבעטער. דאָ האָט מען פּראָדוצירט וועסטן, און די וועסטן זענען אונטערגענייט געוואָרן מיט פעלעכלעך. דער מייסטער האָט, וואָס אַן אמת, צוגעשניטן דעם שטאָף אויף די וועסטן, ער האָט צוגעקליבן שטיקלעך פעל צוזאַמענצונייען און מיט זיי אונטערשלאָגן די וועסטן. איז אויף מייַן גורל אויסגעפאַלן איך זאָל די פּיצלעך און שטיקלעך פעל צוזאַמענייען און מאַכן פון זיי גרויסע פעלעכלעך און זיי אַרייַננייען אין די צוגעגרייטע וועסטן.

אויב איך האָב זיך פריִער ווי עס איז אַן עצה געגעבן מיט די זעקעלעך אויף די קוילן־טעשלעך, ווײַל איך האָב אַמאָל געהאַט צו טאָן מיט שטאָפּן אויף מלבושים און איך פלעג אַרײַנקומען צו שנײַדערס, בין איך פאַר די שטיקלעך פעל געשטאַנען אין גאַנצן אַ צעטומלטער. איך בין קיין מאָל נישט אַרײַנגעקומען צו וועלכן עס איז פעלצנמאַכער, איך זאָל האָבן געזען ווי אַזוי מען טשעמפּערט צוזאַמען אַ שטיקל פעל צו אַ שטיקל פעל און פון די שטיקער "מאַכן אַ מענטש". האָב איך מורא געהאַט אַז איך גיי זיך דאָ אַרײַנדרייען אין אַ מיאוס עסק, וואָרום אויב איך בין קוואַליפיצירט ווי אַ שנײַדער און איך וועל דאָ צוליב מײַן אומקענטעניש קאַליע מאַכן פעלעבעלעך, אָדער זיי שלעכט אַרײַנגייען אין די קאַמזוילן, קען איך באַשולדיקט ווערן אין סאַבאָטירן דײַטשע פּראָדוקציע פאַר מלחמה־אָנשטרענגונג. אַזאַ באַשולדיקונג מיינט בײַ די נאַציס איין שטראָף — טויט־שטראָף.

האָב איך זיך געמאַכט געפגרט און געזאָגט צום אויפזעער פון דער שנײַדערײַ:

"איך ווייס נישט וואָס מען האָט געוואָלט פון מיר. איך בין קיין מאָל נישט געווען קיין שנײַדער, איך בין נישט קיין שנײַדער און איך ווייס נישט וואָס איך האָב דאָ צו טאָן".

האָט דער אויפזעער געזאָגט:

"אויב דו ביסט נישט קיין שנײַדער — וואָס זשע טוסטו דאָ? גיין אין דײַן קאָמאַנדע".

אויף אַזאַ זאַך האָב איך געוואַרט. האָב איך זיך אויפגעהויבן און אַרויפגעגאַנגען צו מײַן קאָמאַנדע אויפן דריטן שטאָק. אַזוי ווי עס איז געווען זונטאָג איבער דער וועלט, און זונטאָג קלײַבט מען נישט קיין דערשאָסענע און מען ברענט זיי נישט — איז דער עולם געווען אַרײַנגעטאָן אין שפּילן אין קאָרטן. דערזען מיך צוריק צווישן זיי, זענען זיי געווען אויסער זיך פון פרייד, וואָרום איך בין דאָך זייער גאַנצער יחוס — אַ ברודער פון אַ קאַטוילישן גלח, און דאָ האָבן די שוואַבן מיך אַוועקגעריסן פון זיי. האָב אויך איך זיך אַוועקגעזעצט צו שפּילן אין קאָרטן.

פלוצים זענען דערשינען די צוויי נאַצישע אָפּיצירן, וואָס זיי האָבן עס אויסגעקליבן די שנײַדערס, זיי האָבן מיט די בליקן דורכקאָנטראָלירט דעם עולם און זיי האָבן מיך צו מײַנע צרות דערקענט:

״יאַ, ער איז דאָ היער, דער קערל!״ האָט איינער אויסגערופן.

זיי האָבן מיך גענומען און צוריקגעפירט אין דער שנײַדעריי און געפאָדערט איך זאָל ווײַטער אַרבעטן. האָב איך געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז איך פאַרשטיי גאָרנישט וואָס זיי ווילן פון מיר. האָב איך געזאָגט אויף פויליש, אַז איך בין נישט אַנטלאָפן פון דער אַרבעט, איך האָב נישט דעזערטירט פון דער אַרבעט, נאָר פשוט: איך בין נישט קיין שנײַדער. האָבן די נאַציס גערופן אַן איבערזעצער, וואָס דורך אים האָבן זיי מיר געגעבן צו פאַרשטיין, אַז איך ביך יאָ אַ שנײַדער. זיי האָבן מיך גענומען ווי אַ שנײַדער און איך מוז אַרבעטן ווי אַ שנײַדער. האָב איך געבעטן דעם איבערזעצער, ער זאָל אויפקלערן פאַר די ״הערן אָפּיצירן״, אַז איך בין גאָט די נשמה שולדיק. זיי האָבן מיך וואָס אַן אמת גענומען ווי אַ שנײַדער, אָבער אַזוי איז אויך אמת, אַז איך בין נישט קיין שנײַדער.

האָט איין נאַצי געזאָגט צום צווייטן אַ פּסוק, וואָס האָט געמאַכט גליווערן מײַן בלוט:

״וויר מוססען נאַכזעהען ווער דער מאַן איזט!״

איך האָב דערפילט, אַז איך האָב פאַרקאָכט אַ קאַשע און אַז איך שטיי פאַר סכנה. די נאַציס פאָדערן איך זאָל זיי ווײַזן מײַן ״קענקאַרטע״. האָב איך זיי געוויזן די ״קענקאַרטע״. ביידע האָבן זיי בודק געווען פון דער און פון יענער זײַט און ביידע האָבן געפסקנט, אַז די פאָטאָגראַפיע אויף דער ״קענקאַרטע״ געפעלט זיי נישט. אויך מיר אַליין איז די פאָטאָגראַפיע נישט געפעלן, ווײַל זינט ציט, ווען די ״קענקאַרטע״ איז געמאַכט געוואָרן איז די פאָטאָגראַפיע אַרויסגעקומען ווי מײַן פנים וואָלט געווען פאַרנעפּלט. דעמאָלט האָט דער פאָליאַק דער פעלשער פון דאָקומענטן געאײַלט אַלץ זאָל געמאַכט ווערן בחפזון, איז די פאָטאָגראַפיע געמאַכט געוואָרן שנעל און זי האָט געטויגט אויף כפרות. האָט מיר ווידער צוגעשפּילט

דאָס מזל וואָס אויסער דער "קענקאַרטע" האָב איך אויך געהאַט אַ פּערזענלעבן דאָקומענט פון דעם וואַרשעווער מאַגיסטראַט. דער דאָקומענט מיט אַ פאָטאָגראַפיע איז געווען באַשטעטיקט מיט אַ סטעמפּל, מיט דעם האַקענקרייַץ. דעם דאָקומענט האָט מיר געהאַט באַזאָרגט דער זון פון מייַן באַלעבאָס, באָלעסלאַוו טשערוויעץ, וואָס האָט אָנגעהערט צו דער אַרמיאַ קראַיאָוואַ (אַ.קאַ.). אויף אָט דעם דאָקומענט איז מייַן פאָטאָגראַפיע געווען גראָד אַן אויסגעצייכנטע. איך האָב אויסגעזעען ווי אַ ברודער פון אַ רודאָלף וואַלענטינאָ, אַן אמתער פילם־אַקטיאָר. אין דער רגע ווי די צוויי נאַציס האָבן באַטראַכט מייַן "קענקאַרטע" מיט דער שלעכטער פאָטאָגראַפיע, און איינער האָט געזאָגט, אַז איך געפעל אים נישט, האָב איך אויסגערופן אויף פּויליש צו דעם וואָס איך בין אים נישט געפעלן, אַ לייַטנאַנט:

"דו שוואַב איינער, ווער מיינסטו בין איך?!"

איך האָב פון דעם בוזעם־קעשענע אַרויסגעכאַפּט דעם דאָקומענט פון דעם מאַגיסטראַט און אים אַרייַנגעשטופּט אין דער האַנט פון דעם לייַטנאַנט. ער האָט געלייענט, געקוקט אויף מייַן צאַצקעדיקער פאָטאָגראַפיע, געקוקט אויף מיר, צי איך בין דער זעלבער וואָס אויפן בילד, און דעם דאָקומענט איבערגעגעבן צום צווייטן נאַצי. אויך דער האָט איבערגעלייענט, אַז איך בין אַן אָנגעשטעלטער אין מאַגיסטראַט, און ער האָט געזאָגט זייַן קאָלעגע:

"וואָס ווילסטו פון אים, ער איז נישט קיין שנייַדער; אַן אָנגעשטעלטער אין מאַגיסטראַט איז ער".

אויף דעם האָט רעאַגירט דער לייַטנאַנט:

"קיין שנייַדער איז ער נישט, אָבער אַ שווייַנען־הונד איז ער!"

און ער האָט מיר צוריקגעגעבן דעם דאָקומענט. צוזאַמען מיט דעם דאָקומענט האָט ער מיר געגעבן אַ שטאַרקן קאָפּע אין הינטן און מיט אַ ריטש פון אַ חזיר מיך אַוועקגעטריבן פון זיך.

ווי געזאָגט איז די סצענע פאָרגעקומען אין דער שנייַדערייַ פון דעם אַרבעט־לאַגער אויפן ערשטן שטאָק. אין אָט די רגעס האָב איך געפילט אַז מייַן לעבן הענגט אויף אַ האָר און אַז אומזיסט איז געווען

מײַן ביז דעמאָלטדיקער געיעג פֿאַרן לעבן. אַזוי טיף און שאַרף איז געוועזן די איבערלעבונג, אַז ווען איך בין פֿון דער שנײַדערײַ אַרויפֿגעקומען צו מײַן "קאָמאַנדאָ" אויפֿן דריטן שטאָק, האָב איך נישט געקענט רעדן. איך האָב פֿאַרלוירן דאָס לשון און אַפֿילו נישט באַגריפֿן מיט וועלכע כּוחות איך בין אַרויף אויף די טרעפּ פֿון די צוויי שטאָק, ווען מײַנע הענט און פֿיס זענען מיר געווען געליימט.

כּדי קיינער זאָל נישט ווערן אויפֿמערקזאַם אויף מײַן צושטאַנד, וואָרום איך האָב געפֿילט אַז אין מײַן פּנים איז נישטאָ קיין טראָפּן בלוט, בין איך אַרײַן אין דער בית־הכּסא און דאָרט זיך אַוועקגעזעצט, כּדי צו קומען צו זיך נאָך דער שווערער איבערלעבונג. איך בין דאָרט געזעסן מער ווי אַ פֿערטל שעה, געריבן מײַן פּנים עס זאָל באַקומען אַ ביסל פֿאַרב, און געפּרוווט אַרויסברענגען ווערטער. ביסלעכווײַז האָב איך זיך באַרויקט און צוריק באַקומען אַ נאָרמאַלן אָטעם. די גאַנצע חבֿרה אין מײַן "קאָמאַנדאָ" האָט אַפֿילו נישט באַמערקט מײַן צושטאַנד — זי איז געווען אין גאַנצן אַרײַנגעטאָן אין שפּילן קאָרטן. ס'איז זונטאָג, אַ רו טאָג...

* * *

אינעם אַרבעט־לאַגער האָט זיך געפונען אַ דאָקטער, וואָס האָט מיר אויסגעזען צו זײַן אַ פּאָלקסדײַטש. האָב איך געטראַכט, אַז מיט אַ דאָקטער אין דעם אַרבעט־לאַגער דאַרף מען זײַן אין גוטע באַציִונגען, בפרט, אַז צו מיר האָט ער זיך באַצויגן מיט אָפענער סימפּאַטיע. דעמאָלט ווען איך האָב אין די פּאַרלאָזטע קעלערן פון די רײַכע פּאָליאַקן "געשאַברעוועט" גוטע און ווערטפולע זאַכן, האָב איך אַ טייל פון דעם רויב אַוועקגעגעבן צום דאָקטער און ער איז געוואָרן גוט צו מיר סכנת־נפשות. ער האָט נישט אויפגעהערט מיר צו פאַרזיכערן, אַז אויב עס וועט זיך מאַכן אַ געלעגנהייט מיך צו ראַטעווען, וועט ער מיר העלפן מיט פאַרגעניגן.

אין איינעם אַ טאָג האָט זיך מיר פאַרגלוסט נישט גיין צו דער אַרבעט. צוזאַמען מיט מיר האָט אויך אַ צווייטן אין מײַן קאָמאַנדאָ זיך נישט געגלוסט דעם טאָג אַרויסצוגיין קלײַבן מתים און זיי צוגרייטן צו פאַרברענען. דער מאָן איז געווען אַן אינזשיניער. כדי עס זאָל זײַן אַ סיבה נישט אַרויסצוגיין צו דער אַרבעט, האָב איך אים אײַנגעשניטן אַ פוס. די ווונד האָט שטאַרק געבלוטיקט און זי האָט געמאַכט דעם געהעריקן אײַנדרוק, אַז דער פּאַציענט קען באמת נישט גיין צו דער שווערער אַרבעט. איז ער געוואָרן באַנדאַזשירט און געבליבן צוזאַמען מיט מיר אינעם לאַגער ווי שטובזיצער...

אַנטקעגן דעם אַרבעט־לאַגער האָט זיך געפונען דער וואָלאַ־שפּיטאָל, וווהין מען האָט אָן אויפהער געבראַכט פאַרוווּנדעטע פרויען, וואָס די נאַציס האָבן צו זיי געשאָסן. די פאַרוווּנדעטע זענען געבראַכט געוואָרן אויף ענלעכע פּלאַטפאָרמעס, אויף וועלכע מיר האָבן געבראַכט די דערשאָסענע צו פאַרברענען. צופעליק, אָדער נישט צופעליק, איז נישט געווען ווער עס זאָל די פאַרוווּנדעטע אַראָפּנעמען פון די פּלאַטפאָרמעס און זיי אַרײַנפירן אין שפּיטאָל. האָט מען מיך מיט דעם אינזשינער, מיט דעם פאַרבאַנדאַזשירטן פוס, גענומען צו אָט דער אַרבעט. מאַכט זיך אַ מעשה און דער אינזשינער האָט אינעם שפּיטאָל אָנגעטראָפן אויף זײַנעם אַ קוזין, אַ דאָקטער,

האַגמײַער איז געװען זײַן נאָמען. האָט דער דאָקטער געזאָגט צו זײַן קרוב:

״באַמי זיך אָנצוקומען אין דעם שפּיטאָל. דאָ װעסטו האָבן אַ גן־עדן״.

דער צוגעזאָגטער גן־עדן האָט דעם אינזשינער געשמעקט, אָבער װי אַזױ קען ער אָנקומען אין דעם שפּיטאָל אין דער צײַט װען ער געהער צו דעם אַרבעט־לאַגער און ער איז דאָרט רעגיסטריט?

מײַנע מחשבות זענען כסדר געװען פֿאַרנומען מיט פּלענער װי אַזױ זיך אַרױסצובאַקומען פֿון דעם פֿאַרשאָלטענעם אַרבעט־לאַגער, און גאָרנישט איז מיר ביז דעמאָלט אײַנגעפֿאַלן.

בנוגע דעם פֿאַל מיט דעם אינזשיניער, װאָס אים האָט דערװאַרט אין שפּיטאָל אַ גן־עדן, װי זײַן קוזין דער דאָקטער האָט אים צוגעזאָגט, האָב איך גלײַך געהאַט אַן אײַנפֿאַל: ער, דער אינזשינער, װעט מאַכן דעם אָנשטעל אַז ער איז קראַנק. ער װעט געװאַלדעװען פֿון װײטאָג און שרײַען זאָל ער אַז ער האָט דעם װײטאָג פֿון דער רעכטער זײַט, װו עס געפֿינט זיך דער אַפּענדיקס. דער אײַנפֿאַל איז געפֿעלן דער דאָקטער.

אויף צו מאָרגנס האָט דער אינזשינער ״באַקומען װײטאָגן נישט אױסצוהאַלטן״. ער האָט געשריגן צו גאָט און צו יעזו, זײ זאָלן אים ראַטעװען און בײדע האָבן אים געהאַט אין בױבעריק... איך בין אַראָפּגעלאָפֿן אין דער ״קראַנקענשטובע״ פֿונעם אַרבעט־לאַגער און אַלאַרמירט דעם דאָקטער, אַז די בלינדע קישקע װעט דעם אינזשינער דערפֿירן צום קבֿר.

דער דאָקטער האָט אױסגעטאַפּט דעם בױך פֿון דעם אינזשינער און פֿעסטגעשטעלט דעם דיאַגנאָז: ס׳איז אַן אָנצינדונג פֿון דעם אַפּענדיקס און מען דאַרף דעם אינזשינער אָפּערירן. ער איז גלײַך איבערגעפֿירט געװאָרן אין שפּיטאָל אַרײַן. מאַכט זיך װידער אַ מעשׂה:

מיט עטלעכע טעג שפּעטער האָט זיך אין דעם אַרבעט־לאַגער אַרײַנגעשטעלט אַ גרופּע דײַטשע דאָקטױרים נאָכצוזען װיפֿל קראַנקע עס זענען פֿאַראַן צװישן די אַסירים און אויף װאָס זײ זענען

קראַנק. קראַנקע האָבן נישט געפעלט. אַ טייל האָט געליטן אויף שקאָרבוט, אַנדערע האָבן געפיבערט, בעת קיינער האָט זיך נישט פאַראינטערעסירט מיט דער סיבה פון זייער פיבער. דאָס מענטשלעכע לעבן איז דאָך געווען ביליקער פון וואַסער. דער לאַגער־דאָקטער, וואָס איך האָב אים געהאַלטן פאַר אַ פּאָלקסדײַטש און איך בין געווען מיט אים גוט אויפגעטראָגן, האָט מיר צוגערעדט איך זאָל זיך אָנמעלדן פאַר די דײַטשע דאָקטוירים, אַז איך בין קראַנק. אין דער מינוט בין איך געפאַלן אויף אַן אידיי. אַזוי ווי איך בין שוין געווען באַפרײַנדעט מיט דעם שפּיטאָל־דאָקטער, דעם קוזין פון דעם אינזשינער, און צופעליק האָב איך אויך באַקענט דעם אָנפירער פון דעם שפּיטאָל, האָב איך געבעטן בײַם דאָקטער פון דעם אַרבעט־לאַגער, ער זאָל מיר געבן אַ פּאָרציע שוואַרצן איכטיאָל־זאַלב, וואָס ווערט גענוצט אויפצוריײַסן געשווירן, טשיראַקעס און אַנדערע אָנשיקענישן אויפן לײַב. דער דאָקטער האָט מיר געטאָן די טובֿה און מיר געגעבן אַ גרעסערע פּאָרציע פון דער שוואַרצן זאַלב. דערמיט בין איך אַרויף צו מײַן קאָמאַנדע אויפן דריטן שטאָק, זיך פאַרמאַכט אין דעם בית־הכסא, אָנגעשמירט מײַן לײַב מיט דעם איכטיאָל־זאַלב און מיט דער האַרטער שטרוי־באַרשט, וואָס מען נוצט צו רייניקן קלאָזעטן, האָב איך אַזוי לאַנג צעקראַצט מײַן לײַב ביז הינטער דעם שוואַרצן זאַלב האָט זיך באַוויזן בלוט. דאָס בילד איז געווען אַ גענוג קלאָגעדיקס. איך האָב געוואַרט ביז די דאָקטוירים־קאָמיסיע וועט אַרויפקומען אויפן דריטן שטאָק און דערווײַל געביסן מײַנע ליפּן פון ווייטאָג, מחמת דאָס לײַב האָט מיר געברענט סכנת נפשות. איך האָב זייער שטאַרק געליטן און זיך דערוואַרט: די קאָמיסיע גייט, די קאָמיסיע איז שוין דאָ. איך מיט מײַן נעבעכדיק לײַב שטעל זיך אַוועק אַנטקעגן די דאָקטוירים. איינער פון זיי האָט דערזעען מיך מיט מײַן "פאַרמעג" און ער האָט אויסגערופן ווי עס וואָלט אויסגעבראָכן אַ שׂריפה:

"וועק מיט דער שווײַנערײַ!"

די נאַציס זענען געווען זיכער, אַז איך האָב די בײַסיקע און אָנשטעקנדיקע הויט־קראַנקייט (שוויעזשבעס). באַלד האָט מען מיך

ווי אַ מצורע באַפּוילן זיך אַוועקשטעלן אָן אַ זײַט, כּדי נאָך דעם ווי די קאָמיסיע וועט האָבן פאַרלאָזט דעם אַרבעט־לאַגער, זאָל איך זיך צוגרייטן צו גיין אין שפּיטאָל אַרײַן — איך זאָל חס חלילה נישט אָנשטעקן די גאַנצע וועלט מיט מײַן "שווײַנערײַ".

אין יענעם טאָג האָב איך שוין ווידער געהאַט אַ שטיקל פאַרמעגן — עטלעכע וואַליזעס מיט טײַערע זאַכן, וואָס איך האָב געהאַט "אָנגעשאַברעוועט" צוזאַמען מיט דײַטשן אין די קעלערן פון די פאַרלאָזטע הײַזער פון די פּאָליאַקן, און אויך געהאַט שטיקלעך גאָלד. וועגן דעם פון וואַנען עס זענען געקומען צו מיר גאָלד־שטיקלעך וועל איך דערציילן אַ ביסל ווײַטער. דערווײַל האָב איך געמאַכט אָרדענונג אין מײַנע וואַליזעס און צוזאַמען מיט נאָך אַבט קראַנקע האָב איך פאַרלאָזט דעם אַרבעט־לאַגער און אַריבער אינעם שפּיטאָל אַנטקעגנאיבער.

אין שפּיטאָל האָב איך געהאַט באַקענט אַ מאַן מיט דעם נאָמען שימאַנסקי. פאַר דער מלחמה איז ער געווען דירעקטאָר פון דער באַרימטער זייף־פאַבריק "שיכט". ער איז געווען אַן איידעלער און פײַנער מאַן. אין שפּיטאָל האָט ער אָנגעפירט מיט די אַדמיניסטראַטיווע ענינים. האָט ער פאַר מיר צוזאַמען מיט אַ פעלדשער פון דעם שפּיטאָל אויפן נאָמען פון דעם הייליקן ראָך — קאָסטשעשאַ איז געווען זײַן נאָמען — צוגעטיילט אַ גרויס און באַקוועם צימער. אין איינעם אַ טאָג האָט מיר שימאַנסקי געזאָגט, אַז ער האָט באַקומען אַ ידיעה, אַז זײַן פרוי לעבט און זי געפינט זיך לעבן פּרושקאָוו. דעריבער קלייבט ער זיך צו פאַרלאָזן דעם אַמט אין שפּיטאָל און פאָרן צו זײַן פרוי.

אין דעם שפּיטאָל איז געווען באַשעפטיקט אַ מאַן, וואָס פלעגט מיט אַ דײַטשן לאַסט־אויטאָ פאָרן אין די שטעטלעך אַרום וואַרשע און אײַנקויפן פאַרן שפּיטאָל פּראָוויאַנט. ער האָט געבראַכט פון די טײַערסטע פּרעס־מיטלען, וואָס זענען דעמאָלט געווען בשפע, און אויך שנאַפּס און ליקערן. אינעם קעלער פון שפּיטאָל האָט דער אײַנקויפער — יאַנעק איז געווען זײַן נאָמען — אײַנגעאָרדנט זײַן פּריוואַטן בופעט, אין וועלכן מען האָט געקענט עסן און טרינקען

ווי‏פל דאָס האַרץ האָט געגלוסט. האָבן מיר, איך און דער דערמאָנטער שימאַנסקי, געלאָזט זיך ווילגיין, און ווי דער שטייגער דורך עסן און טרינקען זענען מיר געוואָרן גוטע פריינד. דעם אמת זאָגנדיק האָט מײַן גוטפרײַנדשאַפט מיט שימאַנסקי געהאַט אַ ״גאָלדענעם באָדן״:

צוגעווווינט צו זוכן און נישטערן אין די קעלערן פון די פּאַרלאָזטע הײַזער, בין איך בײַ אַ געוויסער געלעגנהייט אַוועק צוזאַמען מיט דײַטשן פון דעם שפּיטאָל צו דער פאָרשטאָט זשאָליבאָזש צו ״שאַברעווען״ אין די דאָרטיקע קעלערן. אין אַ ווינקל פון אַ פינצ־טערן קעלער האָב איך אַנטדעקט אײַזערנע קאַסעטן. אַליין עפענען די קאַסעטן האָב איך נישט געקענט. כ׳האָב נישט געהאַט קיין מכשירים. אַפילו איך וואָלט יאָ געהאַט מכשירים, וואָלט איך די קאַסעטן נישט געקענט עפענען אָן די דײַטשן, מײַנע שותפים צו ״שאַברעווען״ זאָלן נישט ווערן אויפמערקזאַם דערויף און אַליין ווערן די באַלעבאַטים איבער די קאַסעטן. האָב איך מײַן אַנטדעקונג פאַרטרויט צו שימאַנסקין, וואָס איז געווען גוט אויפגעטראָגן מיט די דײַטשן, די אויפזעערס אין שפּיטאָל, און ס׳איז געקומען צו אַ שותפות: מיר האָבן אײַנגעשאַפט מכשירים און געעפנט די קאַסעטן. די טירחה האָט געלוינט: פון די אויפגעריסענע קאַסעטן האָבן זיך געשאָטן גאָלדשטיקלעך, וואָס זענען צווישן די שותפים אײַנגעטיילט געוואָרן גלײַך אויף גלײַך, ווי עס פּאַסט פאַר סאָלידע שותפים. איז די פרײַנדשאַפט צווישן מיר און שימאַנסקין געוואָרן כפל כפליים.

אויב אָט דער שימאַנסקי האָט געהאַלטן בײַם פאַרלאָזן דעם שפּיטאָל, איז ער צוגעקומען צו מיר און געזאָגט:

״אַזוי ווי איך פאָר אַוועק צו מײַן ווײַב, וועסטו איבערנעמען מײַן אַמט אַלס דער ווירטשאַפטלעכער אַדמיניסטראַטאָר פון דעם שפּיטאָל.

איך האָב געהאַט אַלע קוואַליפיקאַציעס צו ווערן דער ווירטשאַפטלעכער אַדמיניסטראַטאָר פון דעם שפּיטאָל: איך בין געווען אַ גוטער בראָנפן־טרינקער אָן צו ווערן שיכור; איך האָב געקענט גוט ״שאַברעווען״ אין די פאַרלאָזטע הײַזער, און איך האָב

אויך געהאַט אַן אינסטינקט צו זוכן אין אַזעלכע קעלערן, ווו מען האָט געקענט געפינען וואָס מען האָט געוואָלט געפינען. אַ דאַנק אָט דעם טאַלאַנט בין איך געווען אָנגעטאָן זייער עלעגאַנט ווי פאַר די באַדינגונגען פון מלחמה און פון דעם פוילישן אויפשטאַנד, מיט גלאַנציקע שטיוול וואָס האָבן אַרויסגערופן רעספּעקט און מען האָט זיך געקענט אין זיי שפּיגלען. אַ דאַנק אָט די אַלע טאַלאַנטן בין איך ווי געבוירן געוואָרן אָנצופירן מיט דער אַדמיניסטראַציע פון אַ שפּיטאָל.

האָט מיר שימאַנסקי געגעבן אַ ווײַסן דאָקטערישן פאַרטעך און איך בין געוואָרן וואָס ער האָט מיר פאָרגעלייגט צו ווערן. דער שפּיטאָל-פּערסאָנאַל איז געוואָרן נתפּעל פון מײַן דערשײַנען: אַ בלאַנק-ווײַסער דאָקטערישער פאַרטעך פון אונטער וועלכן עס קוקן אַרויס גלאַנציקע שטיוול, אין וועלכע מען קען זיך שפּיגלען. האָט דער פּערסאָנאַל אָנגעהויבן זיך ווענדן צו מיר מיט דער טיטל "פּאַניע דאָקטאָזשע" — "הער דאָקטער". איך האָב גאָרנישט געהאַט קעגן דעם: דאָקטער איז דאָקטער. ביסלעכווײַז האָב איך זיך אַזוי צוגעוווינט צום טיטל דאָקטער, אַז איך אַליין האָב אָנגעהויבן גלויבן, אַז איך בין עס. פאַרוואָס נישט?

אַ שטיקל "קאַריערע" אין שפּיטאָלוועזן האָב איך שוין געהאַט געמאַכט פריער, אין געטאָ יאַדעווע. ווי איך האָב שוין פריער דערציילט איז צום יאַדעווער "יודענראַט" געהאַט געקומען אַ באַפעל צו שאַפן אַ יידישן שפּיטאָל. אין הונגער, ענגשאַפט און נויט מערן זיך קראַנקייטן און אין דעם זין איז יאַדעווע נישט געווען קיין אויסנאַם. ס'האָט אויסגעבראָכן אַ טיפוס-עפּידעמיע. קיין יידישער דאָקטער איז אין שטעטל נישט געווען. בין איך דעמאָלט אַראָפּגעפאָרן קיין וואַרשע, זיך נאָכגעפרעגט און געקומען אויף אַ יידישן דאָקטער, וואָס איז גרייט געווען צו נעמען אויף זיך צו אָרגאַניזירן דעם שפּיטאָל און צו ווערן זײַן אָרדינאַטאָר. דער נאָמען פון דעם דאָקטער איז געווען גאָלדבערג. געשטאַמט האָט ער פון לאָדזש. די מלחמה און די יידישע וואַנדערונג פון שטאָט צו שטאָט האָט אים פאַרטראָגן קיין וואַרשע. אין דער יונגנט איז ער געווען אַ

ישיבה־בחור, שפעטער ״קאַליע געוואָרן״ און אַוועק קיין בערלין, ווו ער האָט געלערנט מעדיצין און באַקומען דער טיטל דאָקטער. זײַן ספּעציאַליטעט איז געווען אַלגעמיינע רפואה און אויף דעם געביט איז ער געווען אַן ערשטקלאַסיקער ספּעציאַליסט.

ווי אַ באַדינג צו קומען קיין יאַדעווע און שטיין בראש פון דעם יידישן שפּיטאָל האָט ד״ר גאָלדבערג געפּאָדערט, אַז מיט אים זאָלן מיטפאָרן זײַנע עלטערן און אויך אַ ברודער, וואָס זענען אַנטלאָפן פון לאָדזש קיין וואַרשע. איך האָב אים צוגעזאָגט, אַז ער וועט באַקומען אַ גאַנץ הויז פאַר זיך און פאַר זײַן משפחה.

דער שפּיטאָל איז געשאַפן געוואָרן און קיין קראַנקע האָבן נישט געפעלט. פון דער גאַנצער אַרומיקער געגנט, פון שטעט און שטעטלעך ווי ווישקאָוו, ראַדזין, קאַליש און אַנדערע, זענען קיין יאַדעווע אָנגעקומען מאַסן פּליטים. די צאָל פּליטים האָט איבערגעשטיגן די צאָל סטאַבילע יידישע אײַנוווינער אין יאַדעווע. געקומען זענען די פּליטים אין שרעקלעכע באַדינגונגען: אויסגעפּײַניקטע, אויסגעמאַטערטע, הונגעריקע און דורשטיקע. אַלץ וואָס זיי האָבן פאַרמאָגט האָבן זיי איבערגעלאָזט הינטער זיך. זייער גאַנצע פראַצע זײַט דורות איז אַוועק אין ניוועץ. אין יאַדעווע האָבן זיי געמיינט צו געפינען אַן אָפּרו־פּלאַץ. זיי האָבן געפונען נויט. דיווירטשאַפט פון דער יידישער באַפעלקערונג איז געווען צעשטערט. דאָך האָט דאָס אָרעמע יאַדעווע געהאָלפן די פּליטים מיט וואָס נאָר די קהילה האָט געקענט. איז אויך דער יידישער שפּיטאָל געווען איבערפולט. בפרט ווען עס האָט אויסגעבראָכן די עפּידעמיע פון פלעקן־טיפוס. די אָריגינעלע צאָל בעטן אין דעם שפּיטאָל איז געווען דרײַסיק, אָבער אַנטקעגן דער צאָל קראַנקע איז דאָס געווען כמעט אַ גאָרנישט, און יעדער שפּאַן באָדן אין שפּיטאָל איז געוואָרן באַשטעלט מיט נאָך אַ בעט און נאָך אַ בעט.

די באַציונגען צווישן מיר און דעם ד״ר גאָלדבערג זענען געווען ברידערלעכע אויף אַזוי ווײַט אַז איך בין געוואָרן זײַן אַסיסטענט בײַם וויזיטירן די קראַנקע. אַלע אונדזערע שמועסן זענען געווען פאַרבונדן מיט די פראַגן פון באַהאַנדלען די קראַנקע און וועגן

מעדיצין. און, ווי מען זאָגט ביַי ייִדן, אַז אַ שיקסע ביַי אַ רבֿ קען אויך פּסקענען שאלות, האָב איך זיך נעבן דעם דאָקטער אויסגעלערנט מאַכן איַינשפּריצונגען, מעסטן די היץ, מעסטן דעם בלוט־דרוק און אַנדערע געהילפס־אַרבעטן. אויסער דעם האָב איך אין דער אַטמאָספער פון דעם שפּיטאָל זיך דערמאָנט וואָס איך האָב געלערנט וועגן מעדיצין אין דער ישיבֿה אין שייכות מיט דעם רמב״ם. דאָס געביט פון מעדיצין האָט מיך תמיד אינטערעסירט.

אָט דאָס ביסל וויסן און פּראַקטיק פון פריִער איז מיר גוט ביַיגעשטאַנען אין דעם שפּיטאָל אַנטקעגן דעם אַרבעט־לאַגער. אויב צו מיַין דאָקטערשער זיכערקייט האָב איך נאָך געטראָגן אַ בלאַנק־וויַיסן פֿאַרטעך און גלאַנציקע שטיוול, האָט קיין שום דאָקטער אין שפּיטאָל נישט פֿאַרדעכטיקט, אַז איך בין נישט קיין דאָקטער. אויב דער גאַנצער פּערסאָנאַל און די קראַנקע האָבן זיך געוואָנדן צו מיר מיט דעם טיטל ״פּאַניע דאָקטאָזשע״, האָב איך נישט געהאַט בדעה

צו נעמען און אָפּלייקענען מיַין דאָקטערישקייט. אויסער דעם בין איך דאָך ווירקלעך געווען דאָקטער. אַזוי איז דאָך געשטאַנען שוואַרץ אויף וויַיס אין מיַין פֿאַלשער ״קענקאַרטע״ — ד״ר עוגעניוש לעוואַנדאָווסקי. דער טיַיוול ווייסט וועלכער רוח הקודש עס האָט צוגערעדט יענעם פּאָליאַק אין סאַבניע, אַז ביַים מאַכן פֿאַר מיר אַ פֿאַלשן דאָקומענט זאָל ער האָבן פֿאָרגעפּילט, אַז איך וועל ווערן דאָקטער און ער האָט מיך באַצייטנס געמאַכט פֿאַר אַ דאָקטער...

אין דעם שפּיטאָל האָב איך זיך אַזוי איַינגעאיבט אין דער מעדיצינישער רוטין, אַז איך האָב געוווּסט גענוי וואָס מען דאַרף געבן יעדן קראַנקן צו פֿאַרליַיכטערן זיַין קראַנקייט. דער עיקר איז געווען דאָס וואָס אַלץ וואָס איך האָב געגעבן צו אַ קראַנקן, אַ וואַסערל, צי אַ פּיל, צי יום־כּפּור־טראָפּנס, צי אַ פּשוט ביסל ריצינאייל, האָט עס געווירקט און דער קראַנקער איז געהאָלפן געוואָרן... אָט אַ דאַנק דעם צופֿאַל, אָדער אפשר מזל, אָדער דער טיַיוול ווייסט צוליב וועלכער אַנדער סיבה, בין איך אין דעם שפּיטאָל געוואָרן באַרימט ווי דער בעסטער דאָקטער.

עמעצער וועט פרעגן די שאלה ווי אַזוי איך האָב געשטעלט אַ דיאַגנאָז. אויך דאָס האָב איך געלערנט אין דעם יידישן שפּיטאָל דעמאָלט, אין יאַדרעווע. אַזוי ווי די צאָל קראַנקייטן אין יאַדרעווע איז געווען אַ באַגרענעצטע — פלעקן־טיפוס, דיזינטעריע, אונטערדערנערונג און בויך־ווייטאָג — האָב איך די קראַנקייט פעסטגעשטעלט לויט דעם פּנים פון דער קראַנקן. וואָרום קיין געזונטע ברענגט מען דאָך נישט אין שפּיטאָל אַריין צו באַהאַנדלען זיך.

אויך דאָקטער גאָלדבערג האָט געהאַט זיך אָנגעשטעקט מיט פלעקן־טיפוס און ער איז געוואָרן מײַן פּאַציענט. אין יענער צײַט האָט אַ סעריע פון אײַנשפּריצונגען קעגן פלעקן־טיפוס געקאָסט 500 דאָלאַר. האָב איך געקויפט צוויי פּאָרציעס פאַר מיר און פאַר מײַן ווײַב און איך בין געווען געשיצט קעגן דער קראַנקייט. האָב איך אין דעם וואָלסקאַ־שפּיטאָל נישט געדאַרפט לאַנג שטיין נעבן דעם בעט פון אַ קראַנקן כדי פעסטצושטעלן אין וואָס זײַן קראַנקייט באַשטייט, בפרט אַז קיין סך מעדיצינישע מיטלען האָט דער שפּיטאָל סײַ ווי נישט געהאַט און איך האָב געהאַט אַ שפּאָר ביסל מזל.

איין מאָל, אַרויסגייענדיק פון מײַן צימער אין שפּיטאָל, האָב איך זיך צונויפגעטראָפן מיט אַ מאַן, וואָס איך האָב געוווּסט, אַז ער איז אַ פּאַרביסענער ענדעק (פּוילישע נאַציאָנאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי) און ווי דער שטייגער פון אַן ענדעק — אַ פּאַרביסענער אַנטיסעמיט. ער האָט אָנגעפירט מיט דער ענדעקישער באַוועגונג אין אורלע, אַ דאַטשע פּלאַץ נישט ווײַט פון וואַרשע. איך פלעג אָפט קומען אַהין, מײַן ווײַבס עלטערן האָבן געהאַט געשעפטן סײַ אין יאַדרעווע און סײַ אין אורלע. פון צײַט צו צײַט פלעגן די ענדעקישע בוליגאַנעס מאַכן אַנטיסעמיטישע פּראָוואָקאַציעס מיט געשלעגן און אַנדערע "גוטע זאַכן" פון דעם ענדעקישן אַרסענאַל. אַז דער דערמאָנטער ענדעק איז מיר אַנטקעגנגעקומען בײַם אַרויסגיין פון מײַן צימער, בין איך געוואָרן אויסער זיך. אויך ער איז געווען אין אַ ווײַסן פאַרטעך, וואָרום אַלס סטודענט פון מעדיצין האָט ער פּראַקטיצירט אין דעם שפּיטאָל בײַ פאַרשיידענע אַרבעטן.

וואָס האָב איך געוואָלט טאָן אין דער געשאַפֿענעם מצבֿ? דערקענט ער מיך — בין איך אַ פֿאַרפֿאַלענער. אַזאַ אַנטיסעמיטישער כוליגאַן, ווי איך האָב אים געדענקט פֿון אורלע, וועט זיכער אויסנוצן די געלעגנהייט און מיך איבערגעבן אין די הענט פֿון געסטאַפּאָ.

אפֿילו אָן צו טראַכטן וואָס איך טו, האָב איך אים אַרומגעכאַפּט ווי אַן אָפּגעפֿונענעם ברודער, אים אַ פֿריינדלעך פּעטשל געטאָן אין פּנים און פֿריידיק אויסגערופֿן:

״געדענקסט מיך נישט, לעוואַנדאָווסקין, ווען אין אורלע האָבן מיר צוזאַמען געריבן די זשידעס אַ מאָרדע?״.

איך ווייס נישט וואָס דער כוליגאַן האָט געטראַכט, צי ער האָט מיך יאָ, אָדער נישט דערקענט אין דער ווירקלעכקייט. איך האָב איסגעזעען אַ ביסל אַנדערש ווי אַ מאָל, געהאַט פֿאַרלאָזט וואָנסעס. אויסער דעם קומט דאָך פֿאָר אויף דער וועלט אַ מלחמה־קאַטאַקליזם — איז מי יודע וואָס פֿאַר אַן איבערקערענישן עס קומען פֿאָר אין די מוחות פֿון מענטשן, און זיי, די איבערקערענישן, דיקטירן די האַנדלונגען פֿון מענטשן.

קורץ: דער ענדעק וואָס האָט אָנגעפּירט מיט דער אַנטיסימיטישער באַוועגונג אין אורלע, געהאַט איניצירט כוליגאַנישע איבערפֿאַלן אויף יידן און אָנטיילגענומען אין געשלעגן מיט יידן, איז געוואָרן מײַן בעסטער פֿרײַנד. אויף אַזוי ווײַט איז דערגאַנגען זײַן פֿרײַנדלעכקייט צו מיר אַז אין דער צײַט ווען אַליין האָט ער נישט גערויכערט, פֿלעגט ער זאָרגן פֿאַר מיר, דעם קייטן־רויכערער, און ברענגען דײַטשע ציגאַרעטן:

״נאַ — פֿלעגט ער זאָגן — איך האָב באַקאַנטע שוואַבן, גיבן זיי מיר ציגאַרעטן, און דו קענסט זיך אָן אַזעלכע נישט באַגיין״.

און אָט האָב איך אין יענע טעג איבערגעלעבט אַ פֿאַרקערטן פֿאַל פֿון סכּנה:

אין אַ בין־השמשות פֿון אַ שבתדיקן טאָג בין איך געשטאַנען אויפֿן באַלקאָן פֿונעם שפּיטאָל אַ פֿאַרקוקטער צום הימל, וואָס האָט מיר בענקשאַפֿטלעך דערמאָנט דעם הימל פֿון די אַמאָליקע שבתדיקע פֿאַרנאַכטן, ווען אונדזערע טאַטעס האָבן געפּראַוועט

שלוש־סעודות און אונדזערע פרומע מאַמעס און באָבעס האָבן זיך געגרייט צו זאָגן "גאָט פון אברהם" און בעטן פאַר געזונט און פרנסה. פלוצים האָט זיך באַוויזן פאַר מיר אַ מאַן אין אַ שפּיטאָל־פּיזשאַמע, מיט אַ באַנדאַזשירטן קאָפּ און פּנים. אין דעם ווײַסן קאָפּ־באַלעם זענען געווען צוויי לעכער פאַר די אויגן און אַן עפענונג פאַר די נאָזלעכער און מויל. אָן וועלכן עס איז אַרײַנפיר, אָדער ווענדונג האָט דער מאַן אָנגעבויגן צו מיר זײַן ווײַסן באַלם־קאָפּ און געזאָגט צו מיר שטיל־פּאַרטרוילעך און אויף פויליש: "פּאַן יעסט זשידעם" — "איר זענט אַ ייד".

איך בין דערשיטערט געוואָרן צו הערן די ווערטער, אָבער באַלד האָב איך זיך באַהערשט און אַרויס אויף דעם מאַן מיט אַ "מענה־לשון", וואָס די פוילישע אונטערוועלט וואָלט מיר פאַר דעם ניבול־פּה און קללות אַרײַנגענומען צו זיך ווי אַ קאָמפּאַן. ווי איך האָב דעם מאַן "געדעקט" מיט מײַן קערנדיק לשון, אַזוי האָב איך פלוצים באַמערקט ווי פון די אויגן־לעכער רינען אַרויס טרערן. ווי עס איז אין מײַן נאַטור, אַז טרערן אַנטוואָפענען מיך, האָבן אויך די טרערן פון צווישן דעם קאָפּ־באַנדאַזש מיך גערירט טאַקע ביז טרערן. אַז דער מאַן האָט געזען מײַן איבערגאַנג פון וויסטן ניבול־פּה און כפל־שמונהדיקע קללות צו פלוצימער שטילקייט, האָט ער ווידער אָנגעבויגן דעם קאָפּ צו מיר און געזאָגט אויף יידיש:

"גיי זאָג אַ ייד: אני שלמה".

איך האָב שטאַרק רחמנות באַקומען אויף דעם מאַן און אים געפרעגט וואָס ער וויל פון מיר. האָט ער מיר דערציילט זײַנע איבערלעבונגען אויף דער אַרישער זײַט: אין גאַנג פון דעם פוילישן אויפשטאַנד האָט אַ שפּליטער פון אַ שראַפּנעל אים אָפּגעריסן אַ שטיק פון זײַן שעדל. אויסער דאָס אומליק איז ער געבליבן בלויז אַזוי ווי איך זע אים — אין דער שפּיטאָל־פּיזשאַמע. אַזוי ווי קיין זאַכן האָבן מיר נישט געפעלט, כ'האָב געהאַט "אָנגעשאַנברעוועט" קליידער פון כל המינים און כל הסוגים, בין איך אַרײַן צו מיר אין צימער און אים אַרויסגעבראַכט קליידער צוזאַמען מיט אַ וואַליזע. צו דעם האָב איך אים דערלאַנגט טויזנט זלאָטעס. "דאָס איז אַלץ

וואָס איך קען טאָן פאַר אײַך", האָב איך אים געזאָגט און באַפוילן ער זאָל מיך מער נישט קענען און מיך אויסמײַדן. איז דער מאַן מסכים געווען, אָבער געהאַט צו מיר נאָך איין בקשה: זיין פרוי באַהאַלט זיך אויס בײַ אַ קריסט אין דער סבֿיבֿה פון פּרושקאָוו. מחמת דער איבערבאַפעלקערונג אינעם שפּיטאָל שיקט מען כמעט יעדן טאָג אַרויס קראַנקע צום שפּיטאָל אין פּרושקאָוו, וואָלט איך אים געמאַכט גליקלעך ווען איך זאָל אויספועלן מען זאָל אים איבערפירן אין פּרושקאָווער שפּיטאָל.

כ'האָב דער מאַן געפרעגט זײַן נאָמען. אויך ווי אַ פּאָליאַק האָט ער געהייסן דעם זעלבן נאָמען וואָס ער האָט געהאַט פון זײַנע עלטערן — קראַסוצקי. קראַסוצקי איז אַ טיפּיש פּוילישער נאָמען אַזוי אַז ער האָט דער נאָמען נישט געדאַרף ענדערן.

נאָך דעם זעלבן טאָג האָב איך געזאָרגט דערפאַר, אַז קראַסוצקי זאָל אַרויפגעשטעלט ווערן אויף דער ליסטע פון די קראַנקע, וואָס ווערן איבערגעפירט קיין פּרושקאָוו און אויף צומאָרגנס איז ער אַוועק מיטן שפּיטאָל־טראַנספּאָרט.

נאָך דער מלחמה האָב איך קראַסוצקין באַגעגנט אין פּראַגע. ער האָט זיך מיט מיר אַרומגעבאַפּט און נישט געוווסט וואָס צו טאָן מיט מיר. ער האָט מיר אָפּגעגעבן דעם חובֿ פון טויזנט זלאָטעס און געוואָלט מיר באַצאָלן פאַר די קליידער און פאַר דער וואַליזע. אַזוי ווי איך האָב זיך אָפּגעזאָגט פון באַצאָלט צו ווערן פאַר די קליידער, האָט ער געהאַט פאַר מיר אַ צווייטן פּאָרשלאָג:

זײַנער אַ חבֿר אין לאָדזש איז דער דירעקטאָר פון אַ ברויערײַ. ער האָט אים פאָרגעלייגט אַ טראַנספּאָרט ביר אין פעסער וויפל עס וועט אַרויף אויף אַ לאַסט־אויטאָ. האָט קראַסוצקי מיר פאָרגעשלאָגן איך זאָל ווערן אַ שותּף צו דעם טראַנספּאָרט. נו, אויב עס גייט אין געשעפטן, בין איך אַ סוחר, און מסכּים געווען צו ווערן אַ שותּף צום לאַסט־אויטאָ מיט פעסער ביר. מיר האָבן די פעסער ביר געבראַכט קיין פּראַגע און זיי פאַרקויפט פאַר הונדערט טויזנט זלאָטעס — פופציק טויזנט זלאָטעס קראַסוצקין און פופציק טויזנט פאַר מיר...

* * *

אין איינעם אַ טאָג איז צו דעם פעלדשער קאָס'טשעשאַ אין אונדזער בשותפותדיקן צימער געקומען אַ דאָקטער, וואָס האָט זיך פאָרגעשטעלט אַלס קאַלינאָווסקי, ד״ר קאַלינאָווסקי. אָט דער מאַן האָט מיר אויסגעזען שטאַרק ענלעך צו איינעם אַ דאָקטער רײַכערט, אַן אַסיסטענט פון דעם פּראָפעסאָר רובין אין וואַרשע, פאַר דער מלחמה. אין די זומערס פלעגט ד״ר רײַכערט קומען אויף דאַטשע קיין אורלע און ער האָט אין דעם דאַטשע־פּלאַץ אויך פּראַקטיצירט אַלס דאָקטער. זײַענדיק אויף דער אַרישער זײַט איז צו מיר דערגאַנגען, אַז ד״ר רײַכערט איז אומגעבראַכט געוואָרן, ער לעבט נישט מער. און אָט געפינט זיך אין אונדזער צימער, ווי דער גאַסט פון קאָס'טשעשאַן, אַ דאָקטער קאַלינאָווסקי, וואָס איז ווי צוויי טראָפּנס ענלעך צו ד״ר רײַכערט, וואָס לעבט נישט מער. איך בין דאָך מיט ד״ר רײַכערט געווען אַזוי שטאַרק באַפרײַנדעט פון יענער צײַט ווען ער פלעגט קומען אויף דאַטשע קיין אורלע.

איז געשען, אַז איין מאָל איז מײַן נײַער ״פרײַנד״, דער כוליגאַן פון אורלע, צוגעקומען צו מיר און מיר אָנגעזאָגט די בשורה, אַז ער האָט דערשנאַפּט אַ ייִד, וואָס איז אַ מאָל געווען אין אורלע. ער האָט בדעה צו גיין צו דער געסטאַפּאָ און מעלדן אַז ער האָט אויסגעפונען אַ ייִד און זאָלן אים די געסטאַפּאָ־לײַט אויספּאַרטיקן.

״ווי הייסט דער ייִד?״ האָב איך געוואָלט וויסן.

האָט מיר דער כוליגאַן געענטפערט, אַז דער ייִד באַהאַלט זיך אויס אונטערן נאָמען ד״ר קאַלינאָווסקי. הערנדיק דאָס, האָבן מיר זיך די גדערעם אין בויך איבערגעדרייט. אין יענעם טאָג האָב איך שוין געוווּסט, אַז ד״ר קאַלינאָווסקי איז אין דער ווירקלעכקייט ד״ר רײַכערט. איך האָב עס געוווּסט פון אַ מעשה וואָס איך גיי זי דערציילן און דעריבער אויף אַ רגע אָפּגעווײַכן פון מײַן ״פרײַנד״־אַנטיסעמיט און זײַן בשורה אַז ער האָט געפונען אַ ייִד.

די מעשה איז געווען אַזוי:

פון דעם שפּיטאָל־אויס בין איך צוזאַמען מיט דײַטשן און שפּיטאָל־אָנגעשטעלטע אַוועק קיין זשאָליבאָזש ״שאַברעווען״ אין די קעלערן פון די אויסגעליידיקע הײַזער. אין די קעלערן איז געווען אַ זייער רײַכער קוואַל פון טײַערע זאַכן. מיט אונדז איז אויך מיטגעגאַנגען אַ יונג מיידל, אַ שיינקייט — אַ שטיק זון פון הימל. ס׳איז נישט אויסצורעכענען וואָס אַלץ מיר האָבן דאָס מאָל געפונען אין די קעלערן — טײַערע פרויען־מאַנטלען, שפּוגל נײַע וועש פאַר פרויען, פוטער־מאַנטלען פאַר פרויען און אויך שטיוול, וואָס זענען נאָך נישט געהאַט אַראָפּגענומען געוואָרן פון די קאָפּיטעס. די שטיוול האָבן מיר אויסגעזוכט ווי זיי וואָלטן געווען געמאַכט פאַר מײַנעטוועגן. איך האָב אויך געפונען נײַע זשאַקעטן, מענער־וועש, נײַע הויזן און נאָך אַנדערע זעלטענע זאַכן — אַן אויס־ערגעווײנטלעכער צושטייער פאַר דער צײַט ווען די מלחמה וועט זיך ענדיקן. ביים ״שאַברעווען״ האָב איך, נישט קוקנדיק אויף די טויט־געפאַרן, געטראַכט וועגן דעם טאָג ווען די מלחמה וועט זיך ענדיקן. די רויטע אַרמיי וועט דאָך אויף אייביק נישט בלײַבן שטיין בײַם ווײַסל־ברעג אין פּראַגע. זיי ווילן דאָך באַזעצן בערלין, מוזן זיי פריער פאַרנעמען וואַרשע און פאַר מיר וועט די מלחמה זיך האָבן פאַרענדיקט. האָב איך באַשלאָסן זיך צוגרייטן צו יענעם גרויסן טאָג ווען די רויטע אַרמיי וועט באַזעצן וואַרשע און איך וועל קענען צוריק ווערן אַ מענטש מיט מענטשן גלײַך. און אַ מענטש דאַרף זײַן אָנגעטאָן, וואָרום אויף אַ לאַכודרע קוקט מען ווי אויף אַ לאַכודרע, און אַז מען איז עלעגאַנט אָנגעטאָן רופט עס אַרויס דרך־ארץ קודם־כּל פאַר דײַן קליידונג, פאַר דײַן פוטער־מאַנטל, פאַר די גלאַנציקע שטיוול. אַזאַ איז דער סאָרט מענטש.

אין די קעלערן אין זשאָליבאָזש האָב איך פאַר מײַנעטוועגן ״אָנגעשאַברעוועט״ זאַכן אין צוויי גרויסע וואַליזעס, און צו זיי האָב איך אויך געהאַט אַ ריזיקן פּאַק מיט זאַכן. די צוויי וואַליזעס האָב איך אַליין געשלעפּט און דעם פּאַק מיט זאַכן האָט פאַר מיר געטראָגן אַ דײַטש. איך בין דאָך מיטגעגאַנגען ״שאַברעווען״ ווי אַ דאָקטער,

האָט מען פאַר דער דאָקטער געהאַט דרך־ארץ און מען שלעפּט זײַן פּאַק רויב.

ווי אויבן געזאָגט איז אין דער גרופּע "שאַבראָוניקעס" געווען אַ יונג שיין מיידל, געווען אַ נחת אויף איר צו קוקן. אויך זי האָט "אָנגעשאַברעוועט" אַ שפּאָר ביסל זאַכן, און איינער פון די דײַטשן האָט געהאָלפן טראָגן איר רויב. מײַן רויב האָב איך אַוועקגעטראָגן אין שפּיטאָל, וואָס איז געווען מײַן היים, און דאָס מיידל האָט אירע זאַכן אַוועקגעטראָגן צו איר אַהיים.

בײַ דער ערשטער געלעגנהייט האָט זי מיר געזאָגט, אַז זי האָט "אָנגעשאַברעוועט" טײַערע זאַכן, ווי אַ שטייגער אַ טײַערן מענער־פוטער און אַ מענער־קאָסטיום, וואָס איר קענען זיי נישט נוצן. האָב איך איר געזאָגט: דאָס נעמלעכע צו הערן פון מיר, איך האָב "אָנגעשאַברעוועט" אויך וועש און קליידער פאַר פרויען, וואָס קענען מיר נישט צונוצקומען, און איך האָב איר פאָרגעלייגט אַ טויש־האַנדל: זי וועט מיר געבן די מענער־קליידער און איך וועל איר געבן די פרויען־קליידער. פאַר דער צוועק האָבן מיר געמאַכט אַ ראַנדעוווּ אין דער דירה פון דער דאָקטער קאַלינאָווסקי, בײַ וועמען זי האָט געהאַט אירע זאַכן.

ווי שיין דאָס מיידל איז געווען, אַזאַ אויסטערלישער טיפּ איז זי געווען. אין דער צײַט ווען זי האָט געהאַלטן אירע זאַכן — ווי זי האָט מיר געזאָגט — בײַ דער דאָקטער קאַלינאָווסקי, איז זי געווען גוט באַפרײַנדעט מיט דעם שעף פון דער געסטאַפּאָ, וואָס האָט אָנגעפירט מיט דער וואַרשעווער דיסטריקט. צי זי איז געווען די געליבטע פון דעם געסטאַפּאָ־מאַן, אָדער צווישן זיי האָט געהערשט אַן אַנדער פאָרם פון פרײַנדשאַפט — דאָס האָט מיר נישט אינטערעסירט. ווי עס זאָל נישט זײַן, פלעגט דאָס מיידל אָפּט זיך באַגעגענען מיט דעם געסטאַפּאָ־מאַן און פון אָט דער באַגעגעניש האָט זי פון אים אַרויסבאַקומען אַ זיכערקייט־דאָקומענט פאַר דעם דאָקטער קאַלינאָווסקי, אַז ער קען זיך באַוועגן פרײַ אין יעדן פלאַץ, קיינער טאָר אים נישט באַלעסטיקן און קיינער טאָר אים נישט פאַרהאַלטן — אַ פרײַער פויגל אין דער שטײַג פון טויט־סכנות.

דעם דאָקטער קאַלינאָווסקי האָט דאָס מיידל גערופֿן ״פּעטערל״ (״וואַשקו״ אויף פּויליש).

ווי עס איז געווען אָפּגערעדט בין איך מיט די אויסטויש־זאַכן אַראָפּ צו ד״ר קאַלינאָווסקי, כּדי צו פֿאַרענדיקן די טראַנזאַקציע.

אַראָפּגעקומען צו ד״ר קאַלינאָווסקי מיט מײַנע זאַכן, איז דאָס מיידל נאָך נישט געווען. האָט מיר דער דאָקטער געבעטן אין זאָל צוואַרטן. זי דאַרף גלײַך אָנקומען. וואַרטנדיק האָב איך זיך אײַנגעקוקט אין דעם פּנים פֿון דעם דאָקטער, זיך אײַנגעהערט אין זײַן שטים און, איידער וואָס ווען, האָב איך אַרויסגעפּראַלט כּמעט קעגן מײַן אייגענעם ווילן:

״צי הייסטו אויף אַן אמת קאַלינאָווסקי?״ האָב איך אים געפֿרעגט, און אין דער אותו רגע איז ער געוואָרן בלייך ווי אַ פֿריש געקאַלכטע וואַנט; ווילדע שרעק האָט אַרויסגעקוקט פֿון זײַנע אויגן און ער האָט אָנגעהויבן שטאַמלען, ווי ער וואָלט פּלוצים פֿאַרלוירן דאָס לשון.

האָב איך געפּרוּווט אים באַרויקן:

״האָב נישט מורא״, האָב איך גערזאָגט, ״איך הייס נישט לעוואַנדאָווסקי. מײַן נאָמען איז פּיעקאַרסקי. און דו הייסט רײַכערט, דו הייסט דאָקטער רײַכערט!״.

ווי איך האָב אים דאָס געזאָגט, זענען מיר ביידע צוגעפֿאַלן איינער צום צווייטן, זיך אַרומגעכאַפּט און זיך צעבלי־פּעט ווי קליינע קינדער.

איך האָב מײַנע טרערן נישט געקענט פֿאַרהאַלטן און אַזוי אויך ער. נאָך איידער מיר האָבן זיך ביידע באַהערשט, איז ער צוגעשטאַנען צו מיר און געזאָגט, נאָך מיט טרערן אין זײַן שטים:

״פּיעקאַרסקי, מיר האָבן זיך דערקענט און מיר קענען זיך נישט מער. אַז איינער פֿון אונדז וועט באַגעגענען דעם צווייטן — זע איך דיך נישט און דו זעסט מיך נישט.״

כּדי צו פֿאַרענדיקן די סצענע האָט ער פֿון אַ שענקל אַרויסגענומען אַ פֿלאַש ספּירט, אָנגעגאָסן אין צוויי גלעזער פֿאַר מיר און פֿאַר אים, אַוועקגעשטעלט אויפֿן טיש פֿאַרבײַסעכץ, און מיר

האָבן דעם ספּירט אויסגעטרונקען ביז צום לעצטן טראָפּן.

"מיר קענען זיך נישט מער!" האָט ער זיך פאַרזיכערט, "די געפאַר איז געוואַלדיק גרויס!"

דאָס מיידל איז אָנגעקומען. איך ווייס נישט, צי זי איז געוואָרן אויפמערקזאַם דערויף, אַז מיר זענען געווען פאַרווײנט, אָדער אפשר האָט דער ספּירט פאַרווישט יעדן סימן פון אונדזער איבערלעבונג.

די זאַכן וואָס דאָס מיידל האָט געבראַכט פאַר מיר צום אויסטוישן זענען געווען זעלטן גוטע. דער פעלץ־מאַנטל איז געווען ווי ער וואָלט אויפגעניייט געוואָרן ספּעציעל פאַר מײַ־נעטוועגן. אַזוי אויך די עלעגאַנטע זשאַקעטן און הויזן — באָטש טו זיי אָן און גיי טאַנצן. איך האָב איר אַוועקגעגעבן אַלע ווײַבערשע זאַכן, וואָס איך האָב געהאַט "אָנגעשאַברעוועט" און מיר זענען זיך צעגאַנגען, זיך ווינטשנדיק אַ גוטן תמיד.

איצט קער איך צוריק צו דעם מאָמענט ווען דער ענדעק פון אורלע, וואָס איז געוואָרן מײַן בוזעם־פרײַנד, האָט מיר מבשר געווען, אַז ער האָט אין שפּיטאָל דערשנאַפּט אַ ייִד — ער הייסט דאָקטער רײַכערט, אַ מאָל איז ער געווען אין אורלע; הײַנט באַהאַלט ער זיך אויס אונטער דער נאָמען קאַלינאָווסקי.

ווי נאָר איך האָב געהערט די ווערטער פון דעם כוליגאַן, האָב איך אים אָנגעכאַפּט בײַם גאָרגול און געזאָגט:

"דו ביסט אַראָפּ פון זינען. דער דאָקטער רײַכערט, וועלכן דו מיינסט, לעבט שוין לאַנג נישט. די שוואַבן האָבן אים אַוועקגעהרגעט. דו געדענקסט דאָך אים פון אורלע, און ער איז מער נישטאָ. דערקענען דעם דאָקטער קאַלינאָווסקי קען איך שוין זייער לאַנג, נאָך פון פאַר דער מלחמה. ער האָט געאַרבעט אין שפּיטאָל פון דעם הייליקן ראָך. מירביידע האָבן צוזאַמען שטודירט מעדיצין און איך קען אים ווי איך קען זיך אַליין. צי ווילסטו פאַרשאַפן אַ מענטש אומזיסטע צרות? פאָליאַקן לײַדן נישט גענוג פון די שוואַבן?"

איך האָב מײַנע ווערטער געזאָגט מיט אַזאַ פלאַם און מיט אַזאַ זיכערקייט, אַז דער שונאי ישראל האָט זיך פאַרלוירן און געפּרעפּלט:

״מײַן גאָט, דער קאַלינאָווסקי איז דאָך אַזוי ענדלעך צו יענעם זשיד, דעם דאָקטער רײַכערט אין אורלע״.

״איז וואָס אַז ער איז ענלעך? ווען דו וואָלסט געקענט דעם פעלדשער קאָסטשעשאַ פון דעם הייליקן ראָך־שפּיטאָל, וואָס ווײנט דאָ, אין דעם שפּיטאָל, וואָלסטו געזעען, אַז ער און דאָקטער קאַלינאָווסקי זענען ענלעך צו זיך ווי אַ צווילינג״, האָב איך אים אײַנגערעדט און דער אַנטיסעמיט האָט זיך נישט געקענט שענקען די עוולה וואָס ער וואָלט געטון צו אַ פּאָליאַק, וואָרום נאָך אין דער פרי האָט ער געוואָלט גיין אין דער געסטאַפּאָ אָנמעלדן, אַז קאַלינאָווסקי איז אַ ייד. דער כוליגאַן איז געווען צופרידן וואָס ער האָט מיר דערציילט די גאַנצע געשיכטע און דערמיט איז פאַר אים אַלץ קלאָר געוואָרן, און ער האָט אײַנגעשפּאָרט אַן אומשולדיקער פּאָליאַק זאָל לײַדן...

אַזוי אַרום איז דאָקטער רײַכערט ניצול געוואָרן פון אַ זיכערן טויט.

די געשיכטע מיט דעם אַנטיסעמיטישן כוליגאַן האָט געהאַט אַ המשך נאָך דער מלחמה:

אין יאָר 1946 בין איך מיט מײַן פרוי געקומען קיין וואַרשע צו באַזאָרגן זיך מיט פּאַספּאָרטן. דער דירעקטאָר פון דער פּאַספּאָרטן־אָפּטיילונג אין דעם אויסערן־מיניסטעריום איז געווען אַ ייד, שניאור האָט ער געהייסן. איינס און צוויי האָט מיר שניאור אַרויסגעגעבן פּאַספּאָרטן, פאַר מיר און מײַן פרוי, און מיר זענען אַוועק אין דעם גרויסן קאַפע־רעסטאָראַן אויף ירוזאַלימסקע אַלייע אַנטקעגן דעם הויפּוואָגזאַל, כּדי דאָרט צו עסן מיטאָג. דאָ האָב איך בײַם קלאַוויר באַמערקט דעם ענדעקישן כוליגאַן, ער האָט אונטערגעשפּילט פאַר די געסט. דערזעען דעם פּאַרשוין, האָב איך אים צוגערופן צו מײַן טיש, מיר זאָלן אויסטרינקען אַ גלעזל שנאַפּס. ער האָט גערן אָנגענומען די אײַנלאַדונג און זיך צוגעזעצט צו אונדזער טיש. איך האָב אים פאָרגעשטעלט פאַר מײַן פרוי און ער האָט זי געדענקט פון אורלע פון פאַר דער מלחמה.

אויסגעטרונקען צו צוויי גלעזלעך שנאַפּס האָט ער מיר און מײַן פֿרוי דערלאַנג די האַנט און ווען איך האָב אים באַגלייט צוריק צום קלאַוויר, האָט ער מיר געפֿרעגט פֿון וואַנען איך קען לאַמוווּנאַ (אַזוי האָט מען פֿאַר דער מלחמה גערופֿן מײַן פֿרוי אין אורלע). האָב איך אים געענטפֿערט, אַז לאַמוווּנאַ איז מײַן ווײַב. ווי ער האָט דאָס געהערט, האָט ער נישט געוואָלט גלויבן און באַמערקט, אַז איך האָב גענומען אַ ״זשידווואַ״ — אַ יידישע — פֿאַר אַ ווײַב, כדי צו זײַן געדעקט פֿאַר די מאָסקאַלעס, די רוסן. אויף דעם האָב איך אים געזאָגט:

״זײַ וויסן, אַז אויך איך בין אַ ייִד״.

דערהערט אַזאַ מין אַנטדעקונג, האָט ער נאָכגעשפּעט מײַנע ווערטער און איבערגעחזרט, אַז איך שפּיל די ראָל פֿון אַ ייִד, מיט אַ יידיש ווײַב אַלס עדות, ווײַל איך וויל זיך אײַנקויפֿן אין צוטרוי בײַ די רוסן...

עס וואָלט זיך געקענט אויסדאַכטן, אַז אין אָט די שרעקלעכע באַדינגונגען, ווען אַ ייִד האָט נישט געטאָרט לעבן, און נישט בלויז נאַציס האָבן געלויערט אים אומצוברענגען, איז די באַציִונג פֿון איין פּאָליאַק צום צווייטן געוווען אַ ברידערלעכע. הייבט זיך נישט אָן. יעדער איינער האָט געזאָרגט בלויז פֿאַר זײַן פּעל און ער איז גרייט געווען זײַן לעבן צו שיצן מיטן טויט פֿון זײַנעם אַ ברודער.

ווען איך האָב געאַרבעט אין דעם וואָלסקאַ־שפּיטאָל האָט זיך דאָרטן איינער אַ פּאָליאַק מתעסק געווען מיט באַגראָבן די געשטאָרבענע. אויב עס האָט זיך געמאַכט אַ טאָג און דער קברן האָט נישט געהאַט וועמען קובֿר צו זײַן, איז ער אַרומגעגאַנגען אַן אומעטיקער, ווי מען וואָלט אים בגזלט. דערקעגן ווען ער האָט געהאַט קליענטן צו באַגראָבן איז ער געווען מלא שמחה; ער האָט נישט אויפֿגעהערט טרינקען בראָנפֿן און ״געמאַכט אַ לעבן״.

פּאָליאַקן צו פּאָליאַקן זענען געווען אָן יעדן געפֿיל פֿון רחמנות. אַז מען האָט געפֿירט אונדזער ״קאָמאַנדע״ צו דער אַרבעט צוזאַמענצוקלײַבן דערשאָסענע און זיי ברענגען צום פֿאַרברענונגס־פּלאַץ, און אויב אויפֿן וועג איז דורכגעלאָפֿן אַ פּאָליאַק און דער

זשאַנדאַר, אָדער געסטאַפּאָ־מאַן האָט אים דערשאָסן, איז עס די פּאָליאַקן אָנגעגאַנגען ווי דער פּאַראַיאַריקער שניי. העבטנס איז צוגעקומען נאָך "אַ שטיקל אַרבעט" — אויף דעם אַוועקצופירן צו פאַרברענען. אויב פון אָנהייב האָב איך געזען ווי פּאָליאַקן נישטערן אין דעם אַש פון זייערע פאַרברענטע ברידער און איך בין פון דער סצענע דערשיטערט געוואָרן, האָבן די נישטערער אין אַש זיך געשלאָגן איבער אַ ברעקל גאָלד פון אַ צאָן...

* * *

אין אַ געוויסן טאָג איז געקומען אַ באַפֿעל איבערצופֿירן דעם וואָלסקאַ־שפּיטאָל פֿון וואַרשע קיין קאָוויעסי, נישט ווײַט פֿון סקערניעוויץ. פֿאַר דער מלחמה איז קאָוויעסי געווען אַ דאַטשע־רעסאָרט. דאָס איבערפֿירן דעם שפּיטאָל האָב איך אויסגענוצט צו מאַכן אַ ביסל געלט, וואָרום איך האָב נישט געוווסט וואָס פֿאַר אַ נײַע באַדינגונגען עס וועלן זיך שאַפֿן אין דעם נײַעם פּלאַץ און ווען מען וועט מען דאָרט דאַרפֿן איבערקויפֿן, כדי צו דערווײַטערן פֿון זיך טויט־סכנות, און איבערלעבן, איבערלעבן און דערלעבן דעם סוף פֿון דעם היטלעריזם.

אַזוי ווי דער שפּיטאָל איז געווען אַנטקעגן דעם אַרבעט־לאַגער, האָט זיך די חבֿרה אין דעם לאַגער דערוווסט אַז דער שפּיטאָל ווערט עוואַקוירט. זהאָבן זיך טייל באַמיט צו ווערן קראַנק, אָדער מאַכן זיך קראַנק, אָדער עמעצן איבערקויפֿן פֿאַר אַרײַנעמען אין שפּיטאָל און אַזוי אַרום זיך באַפֿרײַען פֿון וואַרשע און פֿון דעם אַרבעט־לאַגער. אין דער גרופּע, וואָס האָט זיך באַמיט אַרײַנצוקומען אין שפּיטאָל, איז צווישן אַנדערע אויך געווען אַ ייד מיטן נאָמען באָלעק, אַ דענטיסט, ער לעבט הײַנט אין חיפה. באָלעק איז געווען גוט באַפֿרײַנדעט מיט אַ דאָקטער־וועטערינאַר, אַ פּאָליאַק, סטעפּאַן האָט ער געהייסן. האָב איך איבערגעקויפֿט דעם ריכטיקן דאָקטער אין שפּיטאָל, ער זאָל דערקלערן פֿאַר קראַנק יעדן איינעם פֿון דעם אַרבעט־לאַגער, וואָס איך וועל אויפֿגעבן זײַן נאָמען.

פֿאַר מאַכן אַ געזונטן "קראַנק" און מאַכן פֿון אים אַ גרייטן צו עוואַקוירן אים, האָט מיר דער "קראַנקער" באַצאָלט מיט אַ גאָלד־שטיקל, אָדער מיט זלאָטעס, אָדער מיט אַ ווערט זאַך. דער האַנדל איז געגאַנגען. דעם פֿאַרדינסט, אָדער דעם שכר פֿאַר קראַנק־מאַכן האָב איך געטיילט אויף צוויי טיילן — מיר איין טייל און דער דאָקטער אַ צווייטן טייל. איך בין זיך מודה ומתוודא, אַז אין צעטיילן דעם פֿאַרדינסט בין איך נישט געווען צופֿיל סאָליד. איך האָב דעם שכר צעטיילט אויף צוויי חלקים, אָבער זיך האָב איך גענומען

דעם גרעסערן חלק. האָבנדיק געלערנט אין אַ ישיבֿה, האָט זיך מיר פון דעמאָלט אָן אײַנגעקריצט אין מוח די מימרא, אַז "עני חשוב כמת" — "אַן אָרעמאַן איז געגליכן צו אַ טויטן". און איך האָב נישט געוואָלט זײַן קיין טויטער. איך האָב שטאַרק געוואָלט לעבן. איך האָב עס צוגעזאָגט מײַן פאָטער עליו השלום. איך האָב אויך געוואָלט האָבן אַ שטיקל "אײַזערנעם קאַפּיטאַל" אויף שפּעטער, ווען דער מלחמה־קאָשמאַר וועט אַריבער מיטן אַרײַנמאַרש פון דער רויטער אַרמיי קיין וואַרשע. ווער קען וויסן וואָס פאַר אַ סיטואַציעס עס וועלן זיך שאַפן אונטער דעם סאָוויעטישן מיליטערישן רעזשים און זײַנע עקאָנאָמישע אַנטוויקלונגען? ווען מען האָט אַ גרעסערע מטבע אין דער קעשענע, איז אויך דאָס געפיל פון זעלבסטזיכערקייט אָן אַן ערך גרעסער. האָב איך, אַלזאָ, פון דעם אַרבעט־לאַגער איבערגעפירט אַ גרעסערע צאָל פאַרשווינען און אויך זיי זענען עוואַקוירט געוואָרן צוזאַמען מיט אַלע קראַנקע און מיטדעם פערסאָנאַל. מיט אונדז, דעם עוואַקוירטן געזינדל, איז אויך מיטגעפאָרן דער שוין דערמאָנטער פעלדשער פון דעם שפּיטאָל אויפן נאָמען פון דעם הייליקן ראָך — קאָסטשעשאַ.

דאָס דאַטשע־אָרט קאָוויעסי געפינט זיך אין אַ פאַסטאָראַלער וואַלדיקער סביבה, וואָס איר שיינקייט ווערט געהיט מיט טויזנט אויגן. אפשר דערפאַר האָט נישט דער פלאַץ קיין אייגענע לאָקאַלע באַן־פאַרבינדונג. כדי אָנצוקומען קיין קאָוויעסי האָט מען דעם שפּיטאָל געפירט מיט דער באַן פון וואַרשע קיין סקערניעוויץ, פון דאַנען, פון סקערניעוויץ, האָט מען די קראַנקע געדאַרפט פירן מיט אַן אַנדער קאָמוניניקאַציע־מיטל. אין סקערניעוויץ האָט מען די קראַנקע אָנגעלאָדן אויף לאַסט־אויטאָס צו טראַנספּאָרטירן זיי קיין קאָוויעסי.

אין סקערניעוויץ האָבן זיך מײַנע מחשבֿות צוזאַמענגעטראָפן מיט די מחשבֿות פון דעם דאָקטער־וועטערינאַר סטעפאַן און פון באָלעקן. נעמלעך, אַז עס האָט נישט קיין זין זיך ווײַטער צו האַלטן בײַם שפּיטאָל. זאָלן די קראַנקע זיך היילן און זאָלן די געזונטע זיך ראַטעווען פון די נאַצישע נעגל! די מחשבֿות פון סטעפאַן דעם

דאָקטער־וועטערינאַר, זענען געגאַנגען נאָך ווײַטער: נעבן דעם קליינעם שטעטעלע וואָלבוש, וואָס ליגט צווישן טאָמאַשאָוו און פיעטרקאָוו, האָט זײַן מוטער אַן אייגענע ווילע. ווער די ווילע אונדז דינען ווי אַן אידעאַלער פּלאַץ. אגבֿ, אין דעם שטעטל וואָלבוש האָט פאַר דער מלחמה געלעבט און געפּראַווועט רביסטווע אַ באַרימטער צדיק וואָס זײַן נאָמען האָט זיך צום באַדויערן נישט אויפגעהאַלטן אין מײַן זכרון.

זענען מיר דרײַ, סטעפאַן, באַלעק און איך, אַוועק צו די דײַטשע "בעהערדען" און געבעטן אַ דערלויבעניש צו פאָרן אין דער געגנט פון טאָמאַשאָוו. מיר האָבן די דערלויבעניש באַקומען, און אין נישט אַזאַ מזלדיקער שעה זענען מיר אָנגעקומען צו סטעפאַנס מוטער.

די ווילע איז געלעגן אין אַ ווונדערבאַרן פּלאַץ, אָן וועלכן עס איז צייכן פון מלחמה, סכנה און אַנדערע אומגליקן פון דער צײַט. איך און באַלעק האָבן זיך דערפילט טאַקע ווי בײַ אַ מאַמען אין הויז. האָט דאָך סטעפאַן געזאָגט זײַן מוטער, אַז מיר זענען זײַנע פרײַנד. זענען מיר געוואָרן אירע קינדער ווערדליק דער וואַרעמער באַציונג מיט וואָס זי האָט אונדז אויפגענומען. לכבוד סטעפאַנס צוריקקער אַהיים אַ לעבעדיקער און געזונטער און אויך לכבוד אונדז, זײַנע פרײַנד, האָט די מוטער אײַנגעאָרדנט אַ סעודה כּיד המלך, נאַטירלעך מיט בראָנפן וויפל נאָר יעדער איינער פון אונדז האָט געקענט אין זיך אַרײַנגיסן. צו אָט דער פּײַערלעכער סעודה האָט סטעפאַנס מוטער פאַרבעטן אירס אַ קוזין, אַ פּראָפעסאָר. האָט מען געגעסן, געטרונקען, זיך אונטערגעהאַלטן און ווי דער שטייגער אויך גערעדט וועגן עניני דיומא: ווען עס וועט נעמען אַ סוף צו דער דײַטשער הערשאַפט אין פּוילן און צו דער אומענדלעכער נאַצישער בלוט־פאַרגיסונג. אין וואַרשע איז דאָך אָנגעגאַנגען די בלוט־באָד פון דעם פּוילישן אויפשטאַנד.

איך מוז דאָ באַמערקן, אַז סײַ דער פּויליש פון באַלעקן און סײַ מײַן פּויליש האָבן נישט געקענט אַרויסרופן דעם מינדסטן פאַרדאַכט, אַז מיר זענען יידן. מיר האָבן גערעדט פונקט אַזאַ פּויליש ווי עס האָט גערעדט סטעפאַן און ווי יעדער אַנדערער פּאָליאַק.

וואָס אַן אמת האָב איך לעבנדיק אין סאָקאָלאָוו און שפּעטער אין יאַדעווע נישט גערעדט קיין פּערפעקטן פּויליש. אָבער במשך דער לאַנגער צײַט ווי מיר — איך, מײַן פֿרוי און מײַן שוועגערין, האָבן זיך אויסבאַהאַלטן בײַ דער פֿאַמיליע טשערוויעץ אין וואַרשע, האָב איך, ווי שוין דערמאָנט, אומאויפֿהערלעך געלייענט פּאָפּולערע פּוילישע ביכער, כּדי צו שלײַפֿן מײַן פּויליש. איך האָב אויך קיין אַנדער לשון נישט געטאָרט רעדן, נישט מיט מײַן פֿרוי, נישט מיט מײַן שוועגערין און נישט מיט דער פֿאַמיליע טשערוויעץ.

בײַ דער סעודה אין דער ווילע פֿון סטעפֿאַנס מאַמע האָט זיך נישט געשאַפֿן קיין סימן פֿון אַ סיטואַציע, מיר זאָלן ווערן פֿאַרדעכטיקט, אַז מיר זענען נישט קיין פּאָליאַקן־קאַטאָליקן. אַפֿילו דער אופֿן פֿון אונדזער אַרײַנגיסן אין זיך די מענגעס בראָנפֿן איז געווען פּויליש־קאַטויליש. מיר האָבן זיך געפֿילט גוט, זיכער, ווי מען קען זיך פֿילן אין אַ מאַמעס הויז אין רויקע צײַטן. דאָ — האָב איך געטראַכט — וועלן מיר ענדלעך אָנהייבן אַ נײַע לעבן...

ס'איז געווען נישט מער ווי אַן אילוזיע.

אויף צו מאָרגנס נאָך דער פֿײַערלעכער און פֿרעכטיקער וועטשערע, איז צו אונדז אין צימער אַרײַנגעקומען סטעפֿאַן. זײַן פֿאַרכמורעט פּנים האָט קיין גוטס נישט אָנגעזאָגט. ער האָט נישט געוווּסט פֿון וואָס אָנצוהייבן און צום סוף אָנגעהויבן ממש מיט טרערן אין די אויגן, און אונדז מגלה געווען מיט צער, אַז מיר קענען אין דער ווילע פֿון זײַן מאַמע נישט בלײַבן, און אַז עס איז אַפֿילו געזונטער מיר זאָלן שוין באַלד צוריק אײַנפּאַקן אונדזערע וואַליזעס און פֿאַרלאָזן דעם פּלאַץ וואָס שנעלער. און וואָס שנעלער אַלץ זיכערער און געזונטער פֿאַר אונדז און פֿאַר זײַן מאַמען.

וואָס אַזעלכע איז געשען איבער נאַכט? עס איז געשען אַז דער קוזין פֿון סטעפֿאַנס מאַמע, דער פּראָפֿעסאָר האָט אין אונדז ביידע, אין מיר און אין באַלעקן, דערשנאַפּט אַז מיר זענען יידן. מיט זײַן פֿאַרדאַכט איז ער באַגינען געקומען צו לויפֿן צו סטעפֿאַנס מוטער און זי אַרײַנגעטריבן אין אַזאַ בהלה פֿון שרעק, אַז די אָרעמע פֿרוי האָט שוין דערזען דעם טויט פֿאַר אירע אויגן. וואָרום פֿאַר

אויסבאַהאַלטן ייִדן זענען דאָך אויך די באַהאַלטער צוזאַמען מיט די יידן דערשאָסן געוואָרן און זייערע הײַזער זענען פאַרברענט געוואָרן. עס האָבן נישט געהאָלפן סטעפאַנס פאַרזיכערונגען, אַז מיר האָבן דאָקומענטן אַז מיר זענען פּאָליאַקן־קאַטאָליקן. סטעפאַנס מאַמע האָט זיך געפונען פאַר אַ נערוון־צוזאַמענברוך און זי האָט געוואַרט אויף דער מינוט, מיר זאָלן נעמען אונדזערע וואַליזעס און פאַרלאָזן ־איר הויז.

סטעפאַן האָט זיך געפילט שולדיק. אין דעם אַרבעט־לאַגער, אין דער ״פאַרברענונג־קאָמאַנדאָ״, איז ער געווען אויף גרויסע צרות. איך האָב אים אין זײַנע צרות געהאָלפן ווי נאָר איך האָב געהאַט אַ מעגלעכקייט. מיט באָלעקן איז ער געווען אין ברידערלעכער פרײַנדשאַפט. ער האָט אונדז ביידע געוואָלט אָפּדינען פאַר דעם אַלעם, וואָס מיר האָבן געטאָן פאַר אים, און בײַ זײַן מאַמען אין דער היים שאַפן פאַר אונדז אַזעלכע באַדינגונגען מיר זאָלן אין זיכערקייט קענען דערלעבן די מפלה פון די נאַציס.

אַליין געיאָגטע און געפּלאָגטע, האָבן מיר פאַרשטאַנען דאָס געמיט סײַ פון סטעפאַנס מוטער און סײַ פון אים אַליין. האָבן מיר אים געטרייסט:

״האָסט געוואָלט טאָן גוט פאַר אונדז, איז עס דיר נישט געלונגען. מיר פאַרשטייען דאָס געמיט פון דײַן מוטער, וואָס מיט אונדזער זײַן בײַ איר שטוב רויבן מיר אַוועק פון איר רו און שלווה. וועלן מיר גלײַך אײַנפּאַקן אונדזערע וואַליזעס און זיך געזעגענען. מיר האָפן, אַז ווען די מלחמה וועט זיך ענדיקן וועלן מיר זיך באַגעגענען ווידער״.

מיר האָבן געטאָן ווי מיר האָבן געזאָגט, אײַנגעפּאַקט די וואַליזעס און אַרויס צום הויפּט־שאָסיי אָפּוואַרטן אַ געלעגנהייט צו פאָרן קיין טאָמאַשאָוו. ס׳איז איבעריקנס נישט געווען ווײַט פון טאָמאַשאָוו, און מיר האָבן לאַנג נישט געוואַרט. מיר האָבן אָפּגעשטעלט אַ פאַרבײַפאָרנדיקע דײַטשע מאַשין און געפרעגט דעם שאָפער, צי ער איז גרייט אונדז מיטצונעמען קיין טאָמאַשאָוו. דער שאָפער האָט אונדז אַרײַנגענומען אין דער מאַשין און אונדז

אַראָפּגעלאָזט אין דעם נאָענטן טאָמאַשאָוו. דאָ האָבן מיר באַשלאָסן צוריקצופאָרן קיין סקערניעוויץ. האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז צווישן טאָמאַשאָוו און סקערניעוויץ איז נישטאָ קיין דירעקטע באַן־פאַרבינדונג. פון טאָמאַשאָוו דאַרף מען פאָרן צו דער אָרטשאַפט קאָלושקי, וואָס איז אַ באַן־קנופּ, און פון דאָרט איבערשטייַגן אין אַ באַן וואָס פאָרט קיין סקערניעוויץ. אין קאָלושקי איז אונדז קלאָר געוואָרן אַז אַ באַן קיין סקערניעוויץ וועט זייַן ערשט אויף צו מאָרגנס זעקס אַזייגער באַגינען. האָבן מיר אויף דער באַן־סטאַציע איבערגעלאָזט אונדזערע וואַליזעס אונטער דער השגחה פון אַ פּרוי אַ דאָקטערין, וואָס אויך זי האָט געוואַרט אויף דער זעלבער באַגינענדיקער באַן צו פאָרן קיין פּרושקאָוו.

פריַי פון אונדזערע וואַליזעס זענען מיר אַוועק אין אַ פּלאַץ ווו מען האָט געקענט אָפּעסן און טרינקען. אַוועקגעזעצט זיך צו אַ טיש, באַשטעלט אַ פלאַש בראָנפן, ווי עס איז דער פּוילישער שטייגער, און מיט פאַרבייַסעכץ, האָט זיך געעפנט די טיר און ס'איז אַרייַנגעקומען אַ מאַן פון צוויי מעטער די הייך און ברייט ווי אַ צעוואַקסענער בוים. דער מאַן האָט זיך אַרומגעקוקט, ער האָט זיך דערנעענטערט צו אונדז און געפרעגט, צי מיר דערלויבן אים זיך צוזעצן צו אונדזער טישל.

האָבן מיר אים פאַרבעטן, באַשטעלט פאַר אים נאָך אַ גלעזל און, ווי עס פאָדערט די העפלעכקייט, אים געבעטן ער זאָל מיט אונדז טרינקען. האָט דער פרעמדער מיט אונדז געטרונקען איין גלעזל, נאָך אַ גלעזל, און מתוך צופרידנקייט האָט ער געזאָגט:

״אויב איר זענט אַזוינע פייַנע מענטשן, באַשטעל איך נאָך אַ פלעשל״. וכך הווה: ער האָט באַשטעלט און מיר האָבן געטרונקען און דער פרעמדער איז געוואָרן בגילופין.

האָב איך דעם מאַן געפרעגט ווּהין ער פאָרט און זייַן ענטפער איז געווען, אַז ער פאָרט קיין פּיעטרקאָוו. נאָר אַזוי ווי ער האָט נישט די באַן, מוז ער דאָ וואַרטן ביז באַגינען. איז ער, ווי מיר, אַרייַנגעקומען עפּעס עסן און נעמען אַ גלעזל בראָנפן, און אָט איז ער איין אַן אָנגענומער געזעלשאַפט.

אונטער דער ווירקונג פון די אויסגעטערונקענע גלעזלעך בראָנפן איז דער מאַן געוואָרן שטאַרק באַרעדעוודיק און אויף עטלעכע שפּראַכן. אָט האָט ער אָנגעהויבן רעדן פראַנצייזיש און באַלד איז ער אַריבער צו ענגליש און אײדער וואָס־ווען רעדט ער אויך העברעיש. ער זאָגט באַלד, אַז אָט די שפּראַך, העברעיש, איז די שענסטע פון אַלע שפּראַכן אין דער וועלט...

איך האָב מורא געהאַט אַ קוק צו טאָן אויף באַלעקן, כדי נישט צו זעען ווי אַזוי איך אַליין זע אויס פון דער פּלוצימער דערשיטערונג פון הערן העברעיש לשון אין די באַדינגונגען פון סכנת־נפשות פאַר אַ ייד. אויף אַ רגע האָב איך געהאַט דאָס געפיל, אַז קאָלושקי איז מײַן לעצטע לעבנס־סטאַציע, דאָ וועט זײַן מײַן סוף. ס'האָבן זיך געענדיקט אַלע ראַנגלענישן און דער גאַנצער געלויף צו לעבן און איבערלעבן איז געווען אומזיסט. זיכער איז אָט דער פרעמדער אַ נאַצישער שפּיאָן און דער שד ווייסט ווי אַזוי ער האָט דערשנאַפּט אַז מיר זענען יידן. און אפשר האָט ער אונדז נאָכשפּיאָנירט דעם גאַנצן וועג? באַלד האָב איך געזען אין אים אַ טיפּישן דײַטש. מיט זײַן רעדן העברעיש אָבסערווירט ער אונדז ווי אַזוי די זאַך שפּיגלט זיך אָפּ אויף אונדזערע פּנימער, און אָט באַלד וועט קומען די פּראָוואָקאַציע, ער וועט אונדז דעמאַסקירן ווי יידן און אונדז איבערגעבן אין די הענט פון דער געסטאַפּאָ...

צו אונדזער גליק איז אַזוי נישט געשען. מיט אַלע מײַנע כוחות האָב איך געפּרוווט באַהערשן מײַן פּחד. פּלוצים רופט זיך אָפּ צו מיר דער מאַן:

״איך בין דער קאָנטראָלער פון דער באַנען־קאָמוניקאַציע אין דעם ראַיאָן. טאָמער דאַרפט איר עפּעס, וועל איך עס אײַך דערליידיקן. איך וווין אין פּיעטרקאָוו אויף גובערנאַטאָווסקע גאַס נומער 185״.

ביז דעם הײַנטיקן טאָג, מער פון פערציק יאָר נאָך יענער דערשיטערונג, געדענק איך דעם נאָמען פון דער גאַס און דעם נומער פון דעם הויז — אַ סימן אַז יעדעס וואָרט וואָס דער מאַן האָט דעמאָלט אַרויסגעזאָגט, בעת איך בין געווען אין צושטאַנד פון

דערשיטערונג, האָט זיך טיף איינגעקריצט אין מײַן זכרון.

מיט אַ שטיקל צײַט שפּעטער בין איך געקומען קיין פּיעטרקאָוו און דער מאַן האָט מיך פֿאַרבעטן, איך זאָל קומען צו אים אַהיים. איך האָב די אײַנלאַדונג גערן אָנגענומען און געוווינט בײַ אים צוויי טעג. ער האָט זיך אַרויסגעוויזן ווי אַ ליבער, גוטהאַרציקער מענטש. בײַ דער געלעגנהייט האָט ער מיר דערציילט, אַז דער געוועזענער פּוילישער מדינה־פּרעזידענט, וואויטשעכאָווסקי, איז זײַן קוזין. מיר זענען געוואָרן גוטע פֿרײַנד און אונדזער פֿרײַנדשאַפֿט האָט געהאַט אַ המשך, שפּעטער, נאָך דעם ווי די נאַציס זענען פֿאַרטריבן געוואָרן פֿון פּוילן.

מיר האָבן זיך צופֿעליק באַגעגנט אין לאָדזש, אין גראַנד־האָטעל. דאָ האָט ער מיר דערציילט, אַז פֿאַר דער מלחמה איז ער אַ צײַט געווען אין פּאַלעסטינע און דאָרט מיטגעאַרבעט אין רוטענבערגס עלעקטריציטעט־אונטערנעמונג. אין יענער צײַט האָט ער זיך אויסגעלערנט העברעיִש און זיך פֿאַרליבט אין דער שפּראַך, ווי די שענסטע צווישן שפּראַכן. דעמאָלט אין קאָלושקי, אין רעסטאָראַן, ווען איך האָב געטראַכט, אַז דער מאַן איז אַ פּראָוואָקאַטאָר, אַ נאַצישער אַגענט, האָט ער פֿאַר אונדז, פֿאַר מיר און באָלעקן, אויפֿגעקלערט פֿאַרוואָס העברעיִש איז די שענסטע שפּראַך. ווי אַ משל האָט ער געבראַכט דעם באַגריף ״נאַכט״: נאַכט איז אין פּויליש — נאָץ; אויף פֿראַנצייזיש — ״נוי״ אויף ענגליש ״נײַט״. אָט די קלאַנגען — נאָץ, נוי און נײַט דריקן נישט אויס דאָס בילד פֿון נאַכט. דערקעגן אויף העברעיִש איז נאַכט ״לײַלאַ״, ״לײַלאַ״ — דאָס וואָרט באַרויקט, דריקט אויס די שטימונג פֿון נאַכט...

דעמאָלט, נאָך אונדזער טרינקען און עסן צוזאַמען, און מײַן פֿאַרדאַכט אַז דער מאַן איז אַ דײַטשער שפּיאָן און פּראָוואָקאַטאָר, האָבן מיר זיך האַרציק געזעגנט. באַגינען זענען מיר, איך און באָלעק, געפֿאָרן קיין סקערניעוויץ, און דער פֿרעמדערער מאַן איז זיך געפֿאָרן זײַן וועג.

אויף דער באַן־סטאַציע אין סקערניעוויץ האָב איך געזאָגט צו

באַלעקן ער זאָל אַרײַנגיין צו דעם פעלדשער קאָסטושעשאַ, וואָס האָט געוווינט בײַ איינעם אַ מאַן מיטן נאָמען איגנאַצי קאָרנאַצקי און אים זאָגן, אַז מיר בלײַבן נישט אין דער שטאָט נאָר פאָרן ווײַטער. איך האָב געהאַט אַ מיין דערבײַ.

אויב קאָשטושעשאַ וועט אים פרעגן ווּהין מיר פאָרן, זאָל ער אים זאָגן אַז מיר פאָרן אין אַ פלאַץ נאָענט צו פּרושקאָוו.

וואָס איך האָב געמיינט מיט אָט דער שליחות איז מיר געלונגען: ווי נאָר קאָסטושעשאַ האָט געהערט, אַז מיר פאָרן ווײַטער, איז ער געקומען צולויפן צו דער סטאַציע און געכאַפּט אונדזערע וואַליזעס.

״ניין״, האָט ער זיך געעקשנט, ״איר פאָרט נישט ווײַטער. איר בלײַבט בײַ מיר! מיר וועלן וווינען צוזאַמען בײַ קאָרנאַצקין״.

אויף דעם האָב איך געוואַרט און דאָס האָב איך געוואָלט הערן. וואָרום פריִער האָב איך געהאַט פאַרטראַכט אַ פּלאַן, אַז כדי אויסצומײַדן די סכנות, וואָס האָבן געלויערט אויף שריט און טריט, וועל איך נישט בלײַבן זיצן אויף איין אָרט, כדי דער אייגנטימער פון דער פלאַץ זאָל נישט אָנהייבן פאַרדעכטיקן ווער איך בין און וואָס איך טו. איך וועל דעריבער לעבן אַ נע־ונד לעבן, נישט זיצן אויף איין פלאַץ, פאָרן אַהין און אַהער און צוריקקומען צו דעם זעלבן פלאַץ. אויב אָבער דער פעלדשער קאָסטושעשאַ, אַ פּאָליאַק־קאַטאָליק פון דור דורות, שטייט צו צו אונדז מיר זאָלן וווינען בײַ אים אין צימער, אין דער דירה פון אַ צווייטן פּאָליאַק־קאַטאָליק, וועלן מיר בײַ דעם באַלעבאָס איגנאַצי קאָרנאַצי און זײַנע שכנים זײַן געבשרט אָן אַרײַנצושמעקן אין אונדזערע דאָקומענטן.

אָט דער קאָרנאַצקי האָט גערעדט דײַטש ווי אַ ייד, וואָס רעדט יידיש און ער מיינט, אַז ער קען אויך רעדן דײַטש. פאַר דער מלחמה האָט ער געלעבט צווישן יידן, פאַרברענגט מיט יידן און גערעדט יידיש ווי אַלע יידן אין זײַן סבֿיבֿה. ער האָט געהאַט אַ געשעפט פון חזיר־פלייש און אין שעכטהויז געווען באַפרײַנדעט מיט די יידישע קצבֿים און שעכטהויז־אַרבעטער. איז ער געווען זיכער, אַז ער קען רעדן דײַטש און מיט זײַן קענטעניש האָט ער זיך געגרויסט. האָט ער אונדז, ווי ליבע געסט פון דער פעלדשער

קאָס'טזשעשאַ, אַרײַנגענומען צו זיך. מיר האָבן געוווינט אין דעם זעלבן צימער וואָס קאָסטזשעשאַ, און ווײַל אין דעם צימער איז נישט געווען קיין פלאַץ פֿאַר נאָך צוויי בעטן, זענען מיר, איך און באָלעק, געשלאָפֿן אין איין בעט. איבער אונדזער בעט איז געהאָנגען אַ גרויסער צלם און מיר זענען געווען כשר וישר ווי אַ געכשרט טעפּל נאָך אַ שאלה...

אין אָט דעם צימער האָב איך צוזאַמען מיט באָלעקן און קאָס'טזשעשאַ געוווינט אַ געוויסע צײַט.

בײַ קאָרנאַצקי אין דער דירה איז נישט געווען קײַן וואַנע און איך האָב געפֿילט אַ שטאַרקע באַדערפֿעניש זיך אויסצובאָדן אין אַ הייסער באָד. האָב איך אַרײַנגעלייגט פֿרישע וועש אין מײַן טעקע און אַוועק אין דעם עפֿנטלעכן באָד־אַנשטאַלט צו נעמען אַ הייסע וואַנע.

אָנגעטאָן בין איך געווען ווי אַ פּרינץ, אין אַ גוטן פֿוטערנעם מאַנטל, מיט געפּוצטע שטיוול, וואָס האָבן געגלאַנצט אויף אַ מײַל ווײַט, מיט אַ גרינעם קאַפּעלושל מיט אַ פּעדערל, ווי איך וואָלט נאָר וואָס געקומען פֿון די טיראָלער בערג. דערצו האָב איך אויף מײַן אָרעם געהאַט אַ לענטע פֿונעם "רויטן קרײַץ". איך האָב געוווּסט פֿון מײַן דערפֿאַרונג, אַז בלויז ווען מען איז אָנגעטאָן עלעגאַנט און מען האַלט זיך האָפֿערדיק־פֿאַרריסן, רופֿט מען אַרויס צו זיך דרך־ארץ, און כוליגאַנעס וועלן נישט וואַגן זיך דערנעענטערן צו דיר.

דער פֿאַרבײַגייענדיקער סקערניעוויצער עולם האָט געקוקט אויף מיר מיט באַוווּנדערונג ווי איך וואָלט אַראָפּגעקומען פֿון אַן אַנדער פּלאַנעט, אָדער ווער ווייסט וואָס איך שטעל מיט זיך פֿאָר. איך האָב זיך געהאַט אויסגעלערנט די ראָל צו שפּילן אַ האָפֿערדיק־פֿאַרריסענעם און מיט מײַן גאַנג צום באָד־אַנשטאַלט האָב איך דעם עולם געגעבן צו טראַכטן ווער איך בין און פֿון וואַנען עס איז מעגלעך איך זאָל האָבן געקומען קיין סקערניעוויץ...

ערשט איך זע: פֿון דער ווײַטנס קומען אָן אין מײַן ריכטונג צוויי דײַטשן. עס איז געווען גענוג ווײַט איך זאָל נישט זען זייערע פּנימער, אָבער גענוג נאָענט איך זאָל זען אַז איינער איז אין אַ

דײַטשן מונדיר. פון מײַן גאַנצער האָפּרדיקייט און פּאַרריסנקייט איז גאָרנישט געבליבן. איך האָב געפּילט אַ ציטערניש אין די פּיס. ווען עס וואָלט זיך דעמאָלט געעפנט די ערד, וואָלט איך מסתּמא אין איר אַרײַנגעשפּרונגען, כּדי אויסצומײַדן די אומגעריכטע סכּנה. אויך אויסדרייען זיך און אַוועקאײַלן אויף צוריק האָב איך נישט געטאָרט, ווײַל דעמאָלט וואָלט איך די סכּנה נאָך מער דערנענטערט. איך האָב אײַנגעהאַלטן דעם אָטעם און געגאַנגען ווי אַ מאַנעקין אין זייער ריכטונג. אַז מיר זענען געווען נאָענט צו זיך, האָב איך דערזען, אַז איינער פון די צוויי דײַטשן איז שרעדער — דער זעלבער שרעדער, וואָס איז אַ מאָל געווען בירגערמײַסטער אין יאַדעווע. אין יאַדעווע זענען מיר זײַנער צײַט געווען גוט באַפרײַנדעט און ער האָט מיר געטאָן אַ סך טובֿות; ער האָט מיר אויך געגעבן אַן אַרויספּאָרשײַן פון יאַדעווע. דער צווייטער איז געווען אין אַ מונדיר פון אַ מאַיאָר. אַז שרעדער האָט מיך דערזעען און דערקענט, האָט ער מיך אַרומגעכאַפּט. מיר האָבן זיך צעקושט ווי פרײַנד, וואָס האָבן זיך געהאַט פאַרלוירן און פּלוצים צוריקגעפונען זיך. איך האָב באַוויזן אים צו זאָגן, אַז דאָ, אין סקערניעוויץ, לעב איך אַלס דאָקטער.

אויב איך בין פריער געווען צעשראָקן און צעטומלט, אַזוי איז שרעדער געוואָרן צעטומלט און צעשראָקן ווען ער האָט מיך דערקענט און אויף מיר אַרויפגעפאַלן. ער איז געבליבן שטום ווי דאָס לשון וואָלט פון אָפּגענומען געוואָרן. אונדזער פרייען זיך איינער מיטן אַנדערן איז געווען אַ גענוג לענגערע כּדי צו געווינען צײַט מיר זאָלן בײדע קומען צו זיך און זיך באַהערשן. האָט שרעדער געזאָגט צום מאַיאָר, אַז ער בעט אים איבער. ער האָט מיך לאַנג געזוכט און נישט געוווּסט ווו מיך צו געפינען און איצט, דורך אַ גליקלעכן צופאַל, האָבן מיר זיך באַגעגנט. שרעדער האָט געבעטן דער מאַיאָר זיי זאָלן זיך ווידער באַגעגענען אין דעם עסקלוזיוון רעסטאָראַן פאַר דײַטשן.

פּטור געוואָרן פון דעם מאַיאָר, זענען מיר אַריין אין דעם רעסטאָראַן אויסטרינקען אַ כּוסע. דאָס איז געווען נאָך 9 אַזייגער אין

דער פּרי. מיר האָבן זיך געזעצט צו אַ טיש און ווי דער שטייגער באַשטעלט אַ פלעשל בראָנפן און פאַרבײַסעכץ.

אויסער פון דער אומגעריכטער באַגעגעניש אין דער אָנוועזנהייט פון דעם מאַיאָר, איז שרעדער געווען איבערראַשט, וואָס ער האָט מיך באַגעגנט אַ לעבעדיקן. לויט דעם פאַרלויף פון דער אויסטראָטונג פון ייִדן אין די פּוילישע שטעט און שטעטלעך, האָב איך שוין אייגנטלעך געדאַרפט זײַן אַ טויטער. ער האָט געקוקט אויף מיר און זיך קוים געגלויבט, אַז איך בין דער זעלבער, ווי ער האָט מיך געקענט אין יאַדעווע. איך האָב אים בקיצור דערציילט ווי אַזוי איך האָב אויסגעמיטן די געפאַרן אומצוקומען און אַלץ וואָס איך האָב דורכגעלעבט אין אָט די יאָרן.

שרעדער האָט מיך געפרעגט וועגן מײַן ווײַב און שוועגערין. האָב איך אים דערציילט בײַ וועלכע אומשטענדן איך בין אין אָנהייב פון דעם פּוילישן אויפשטאַנד אין וואַרשע, אָפּגעטיילט געוואָרן פון די צוויי פרויען און איך האָב נישט די מינדסטע אַנונג וואָס מיט זיי איז געשען און ווּ זיי געפינען זיך, אויב זיי לעבן בכלל. שרעדער האָט אויפריכטיק באַדויערט. טאָמער וואָלט איך געוווּסט ווו זיי זענען און אין וועלכע עס זאָל נישט זײַן באַדינגונגען, וואָלט ער מײַן פרוי און שוועגערין געראַטעוועט. ער האָט מיר געזאָגט:

„איך וווין אין לוּוויטש, דאָרט בין איך דער הויפּט־אָנפירער פון דער שטאָט און אַזוי ווי איך האָב די מאַכט — קען איך דערגרייכן אַלץ וואָס איך וויל".



בײַ האָט דעם צוזאַמענטרעף האָט שרעדער זיך פאַרטרויט פאַר מיר, אַז ער האָט באַצײַטנס צוגעגרייט פאַר זיך אַ "קענקאַרטע" אַלס פּאָליאַק. ער האָט געהאַט אַ געליבטע, אַ פּוילישע יונגע פרוי, וואָס האָט דעמאָלט אָנגעפירט מיט אַ שפּיטאָל. נאָך זײַענדיק אין יאַדעווע האָב איך אים געהאַט איבערגעגעבן אַ בריליאַנט, ער זאָל אים געבן זײַן געליבטער אַלס מתּנה. ער האָט דעמאָלטווירקלעך געטאָן פאַר מיר וויכטיקע טובֿות און מיר האָבן געהאַט זיך אויפגעטראָגן ווי ברידער. צום סוף האָט ער מיר פאַרבעטן איך זאָל קומען צו אים קיין לוטוויטש אויף אַ פּאָר טעג און זײַן זײַן גאַסט. איך האָב די אײַנלאַדונג גערן אָנגענומען. כאָטש אין דער דירה פון קאָרנאַצקי און צוזאַמען מיט דער שיכור דעם פעלדשער קאָסטזשעשאַ האָב איך זיך געפילט זיכער, איז אָבער זיכערער צו זײַן אַ פּאָר טעג אין הויז פון דעם דײַטשן הויפּט־אָנפירער פון דער שטאָט.

אין דעם עקסקלוזיוון רעסטאָראַן פאַר דײַטשן זענען געווען די אויסגעזוכטסטע שפּײַזן און אַלקאָהאָל־געטראַנקען. אַהער פלעגן יעדן טאָג קומען שיכורן און עסן די געסטאַפּאָ־לײַט, די עס.עס., די זשאַנדאַרן און אַנדערע נאַצישע הערשער איבער מענטשלעכע לעבנס. אין אַ געוויסן מאָמענט, ווען מיר, שרעדער און איך, זענען געזעסן איבער אַ פלעשל בראָנפן, האָט זיך געעפנט די טיר און עס האָט זיך אַרײַנגעלאָזט אַ גאַנצע כאָפּטע נאַצישע אָפיצירן אין מונדירן און אין ציווילער קליידונג. דאָס זענען געווען די סאַמע פּני פון דעם נאַצישן הערשער־געזינדל: דער שעף פון דער זשאַנדאַרמעריע, דער שעף פון דער אָרטיקער געסטאַפּאָ, דער נאַצישער הויפּט־קאָמענדאַנט פון דער פּאָליציי און זייערס גלײַכן — אַ גרופּע פון אַ פופצן פערזאָן, וואָס אין זייערע הענט איז געלעגן דאָס לעבן, אָדער דער טויט פון דער גאַנצער באַפעלקערונג אין דער שטאָט און אין דעם ראַיאָן.

די געזעלשאַפט האָט זיך אויסגעזעצט בײַ אַ לאַנגן טיש און צום טיש האָבן די קעלנערס אָנגעהויבן ליפערן קודם כל אַלקאָהאָל. אַזוי

שנעל ווי איין פּאַרטיע פּלעשער האָט זיך אויסגעליידיקט, איז באַלד נאָכגעקומען אַ צווייטע פּאַרטיע. דער טיש האָט זיך געבראָכן פון די טעלערס און שיסלען מיט אויסגעזױכטע פלייש־שפּײַזן. די כאָפּטע האָט געשוויצט, געטרונקען און געוואָרן פריילעך. באַלד איז אויך אַרײַנגעקומען דער מאַיאָר, וואָס איך האָב אים באַגעגנט מיט שרעדערן. ער האָט זיך אָנגעשלאָסן צו דער ״נעטער״ געזעלשאַפט און, ווי זיי אַלע, באַלד געוואָרן שיכּור. נאַטירלעך זענען מיר, שרעדער און איך, נישט געווען קיין אויסנאַם. אויך מיר זענען פאַרבעטן געוואָרן צו דער סעודה.

אין אָט דער געזעלשאַפט האָבן בלויז צוויי מיטגעהאַלטן אין אַרײַנגיסן אין זיך וואָס מער אַלקאָהאָל און נאָך נישט געוואָרן שיכּור, שרעדער און איך. שרעדער איז געווען פעיק אויסצוטרינקען ליטערס אַלקאָהאָל און דאָך בלײַבן בײַם קלאָרן זינען, אויף אַ רגע זיך נישט פאַרלירן ווי ער האַלט אין דער וועלט. דער צווייטער אין אָט דער כאָפּטע — בין איך געווען. אויך איך האָב געקענט טרינקען אַ סך, אָבער איך האָב געוווסט מײַן גרענעץ — עד כאן, אויב איך וויל זיך אַליין נישט אַרײַנטרײַבן אין אַ מצבֿ, וואָס קען זײַן פאַר מיר געפערלעך.

מײַן מוח איז תמיד געווען פאַרנומען מיט שאַפן פאַר זיך אַ כּסדרדיקע אַליבי, אַז איך בין אַ פּאָליאַק־קאַטאָליק. איך האָב זיך דעריבער כּסדר באַמיט. אַז די, וועלכע זעען אָדער אָבסערווירן מיך, זאָלן טראַכטן וועגן מיר וואָס זיי ווילן, אָבער נישט אַז איך קען פאַרדעכטיקט ווערן אַז איך בין אַ ייִד, וואָס האָט שוין פון לאַנג נישט געהאַט קיין רעכט צו לעבן.

סקערניעוויץ איז אַ קליינע שטאָט. אַ פרעמדער זעט זיך באַלד אָן בולט און עס קען דעם און יענעם אײַנפאַלן אַ מחשבֿה צו טראַכטן, אָדער נאָך ערגער — פרעגן: ״ווער איז אָט דער עלעגאַנטער מאַן מיט דעם גרינעם קאַפעלושל און מיטן פעדערל?״ אין אַזאַ פאַל איז זיכערער צו ווערן אינדענטיפיצירט מיט די נאַציס, איידער צו ווערן פאַרדעכטיקט אַז מען איז אַ ייִד. איז מיר אײַנגעפאַלן אַן אידיי, וואָס קען אײַנפאַלן בלויז אַ משוגענעם:

די סעודה און דאָס טרינקען אין דעם רעסטאָראַן האָט געדויערט פון ניַין אין דער פרי ביז פיר אַזייגער נאָך מיטאָג. די גאַנצע געזעלשאַפט בײַם טיש האָט שוין נישט געוווּסט וואָס עס טוט זיך מיט יעדן איינעם פון זיי. ווען עס וואָלט דעמאָלט אײַנגעפאַלן אַ וועלכן עס איז פּוילישן פּאַטריאָט זיך אָפּצורעכענען מיט די אָקופּאַנטן פון זײַן פאָטערלאַנד, וואָלט ער דעמאָלט מיט איין איינציקן רעוואָלווער געקענט אויסשיסן דאָס גאַנצע שיכּורע גע־זינדל אין דעם רעסטאָראַן.

אַזאַ פּאַטריאָט האָט זיך אין סקערניעוויץ נישט געפונען, אפשר פּשוט דערפֿאַר ווײַל פֿאַר אַזאַ אַטענטאַט וואָלטן די נאַציס אויסגעקוילעט די באַפעלקערונג און פֿאַרברענט די שטאָט.

צוויי פון דעם טויט־שיכּורן געזינדל, דער שעף פון געסטאַפּאָ און דער שעף פון דער זשאַנדאַרמעריע, האָבן זיך אויפגעשטעלט צו גיין. עס זאָגט זיך בלויז אַזוי — ״זיך אויפגעשטעלט צו גיין״. ווי האָבן זיי געקענט זיך אויפשטעלן אויף זייערע פיס, אויב זייערע פיס האָבן זיי נישט געפאָלגט? און ווי האָבן זיי געקענט גיין, אויב זיי האָבן נישט געקענט אַפילו שטיין? האָב איך ביידע גענומען אונטער די אָרעמס און זיי אַרויסגעפירט אין דרויסן: ערשטנס האָב איך געוואָלט די פּוילישע פֿאַרבײַגייער זאָלן זען אין וואָס פֿאַר אַ קאָמישן מצבֿ עס געפינען זיך זייערע הערשער און זאָלן זיי, די פּאָליאַקן, הנאה האָבן. צווייטנס זאָלן די פֿאַרבײַגייער זען מיך, דעם פֿרעמדן מיט דעם פוטער־מאַנטל און מיט די גלאַנציקע שטיוול, מיט דעם גרינעם קאַפּעלוש און מיט דעם פעדערל, און זאָלן זיי מיך ליבערשט אָננעמען אַז איך געהער צו די שיכּורע נאַצי־פירער, איידער עמעצען פון זיי זאָל אײַנפאַלן, אַז איך קען אַ מאָל זײַן אַ ייִד.

עס איז געווען גאָרנישט לײַכט צו פירן אונטער די אָרעמס אָט די צוויי שיכּורע נאַציס. מיט אַלע מײַנע כּוחות האָב איך זיי געמוזט האַלטן אויף זייערע פיס, זיי זאָלן נישט פאַלן, ווײַל דעמאָלט וואָלט די שולד פֿאַר זייער פאַלן געפאַלן אויף מיר. אין דער רגע פון פירן זיי, איז מיר אײַנגעפאַלן די אידיי פון אַ משוגענעם: אַזוי ווי ביידע האָבן זיך געוואַקלט אַהין און אַהער, האָב איך אין אַ געוויסן מאָמענט

ביידע צונויפגעקלאַפּט מיט די פּנימער און שטערנס. כאָטש דער זעץ פון דעם צוזאַמענשטויס איז געווען אַ שטאַרקער און ער האָט זיי געדאַרפט ווייטאָן, האָבן זיי ביי מיר געבעטן: ״פאַרצייַונג״.

איך האָב זיי ״פאַרציַיט״ און באַלד ווידער זיי צוזאַמענגעקלאַפּט מיט די שטערנס און זיי — ווידער אַ מאָל ״פאַרצייַונג״. איך האָב זיך מחיה געווען; שוין יאָרן ווי איך האָב אַזאַ הנאה נישט געהאַט: ביידע נאַציס צעהאַקן זיך קעגנזייַטיק די קעפּ און בעטן ביי דעם ייד יצחק פּיעקאַרסקי, ער זאָל זיי ״פאַרציַיען״...

* * *

דער הערשער איבער דער שטאָט און קרײַז לוויוויטש, שרעדער, האָט מיך אײַנגעלאַדן איך זאָל זײַן זײַן גאַסט. איך האָב גערן אָנגענומען די אײַנלאַדונג און פאַרבראַכט אין זײַן וווינונג דרײַ טעג אין אַבסאָלוטער זיכערקייט — אַ זעלטן געפיל וואָס איך האָב נישט געהאַט זײַט די מלחמה האָט אויסגעבראָכן.

איך האָב צו שרעדערן געהאַט דעם פולסטן צוטרוי, אַז ער וועט נישט פאַרראַטן זײַן פרײַנדשאַפט צו מיר. אַבער איך האָב נישט געקענט פאַרגעסן דעם גורל פון מײַן שוואָגער אין סאָקאָלאָוו, וואָס זײַן פרײַנד, דער קאָמענדאַנט פון טרעבלינקע האָט אים צוגעזאָגט, אַז ער וועט געראַטעוועט ווערן און בלײַבן לעבן און צום סוף האָט ער אים מיט זײַנע הענט אומגעבראַכט. האָב איך לגבי שרעדערן אָנגעווענדט דעם פרינציפּ פון כבדהו וחשדהו. איך בין אַזוי ווײַט געווען פאָרזיכטיק, אַז ווען ער האָט מיר געפרעגט, זײַענדיק אין סקערניעוויץ, ווו איך ווױן, האָב איך אויסבאַהאַלטן אַז איך וווין אין דער זעלבער שטאָט בײַ קאָרנאַצקי, נאָר געזאָגט האָב איך אים, אַז איך וווין אין קראָקע. איך האָב געהאַלטן אַז עס איז געזונטער פאַר מיר ער זאָל דעם גאַנצן אמת נישט וויסן. זענען דאָך די דײַטשן אַזאַ שקלאַפיש־דיסציפּלינירט פאָלק און אַזוי אינדאָקטרינירט פון דעם נאַצישן שגעון, אַז טאָמער וועט איינער אַזאַ באַקומען פון דעם מאַכט־האָבער אַ באַפעל צו שיסן זײַן אייגענע מאַמע, וועט ער דעם באַפעל אויספירן.

איך האָב געהאַט נאָך אַ רײַ פאַלן, אין וועלכע איך האָב זיך איבערצײַגט אין שרעדערס פרײַנדשאַפט צו מיר און אַז אין קיין שום פאַל וועט ער מיך נישט פאַרראַטן. שפּעטער, נאָך דער באַפרײַאונג, האָב איך אים אָפּגעדאַנקט פאַר אַלע זײַנע טובֿות דערמיט וואָס איך האָב אים אָפּגעראַטעוועט פון טויט אָדער לעבנסלענגלעכער טורמע.

נאָכן פאַרטרײַבן די נאַציס פון פוילן האָט זיך שרעדער אויסבאַהאַלטן מתּוך מורא, אַז אויך אים זאָל מען נישט אומברענגען בעת די נקמה־אַקטן קעגן נאַצישע פירער. ער האָט מורא געהאַט

פֿאַר דער ליכטיקער שיין. איך האָב אים איין מאָל צופֿעליק באַגעגנט אויף אַ גאַס אין פּראַגע. ער איז געווען צעבראָכן. ער האָט געזוכט עדות, דורך וועלכע ער זאָל קענען באַווײַזן, אַז ער האָט נישט אָנטייל גענומען אין די דײַטשע אכזריותן, נאָר פֿאַרקערט, ווי נאָר ער האָט געקענט האָט ער געהאָלפֿן, אָדער אַוועקגעקוקט. אַז ער האָט מיך דערזען האָט ער דעם פֿאַל אָנגענומען ווי אַ נס פֿון הימל. איך האָב אים געהאָלפֿן אַזוי ווי ער האָט מיך געהאָלפֿן, ווען איך בין געווען אין טויט־געפֿאַר:

מיט דער הילף פֿון מיכאל קאָסאָווער, פֿון די פֿאַרדינסטפֿולסטע ציוניסטישע מנהיגים אין נאָך־מלחמהדיקן פּוילן, מיטגליד פֿון דעם יידישן צענטראַל־קאָמיטעט אין פּראַגע אין יאָר 1945, און אַ דאַנק עמיל זאָמערשטיין, דעם דעמאָלטדיקן רעפּרעזענטאַנט פֿון די יידן אין פּוילן און מיטגליד פֿון דער צײַטווײַליקער פּוילישער רעגירונג, האָב איך פֿאַר שרעדערן אַרויסבאַקומען אַ פֿאַרזיכערונגס־בריוו, ער זאָל זײַן געשיצט אין זײַן לעבן, וואָרום ער האָט געטאָן פֿיל טובֿות פֿאַר יידן און אין אַ סך פֿאַלן האָט ער זיך אײַנגעשטעלט פֿאַר יידן און פֿון זיי פֿאַרמיטן פּײַן און טויט, אויף וויפֿל דאָס איז געווען אָפּהענגיק פֿון אים.

* * *

איין מאָל בין איך מיט שרעדערן אַרײַן אין אַ קליינעם רעסטאָראַן פון דער צווייטער זײַט באַן־ליניע, גאָר נאָענט צו קאָרנאַצקיס דירה, ווו איך האָב געוווינט. אויסגעטרונקען אַ ביר, דערנאָך אַ גלעזל בראָנפן, האָט זיך מיר פאַרגלוסט יינגלעריש אַ שפּיל צו טאָן, כּדי צו ווײַזן סײַ מײַן באַלעבאָס קאָרנאַצקי און סײַ מײַן צווייטן באַלעבאָס קאָסטזשעשאַ, אַז איך בין נישט אַבי ווער. שרעדער האָט געטראָגן מיט זיך אַ רעוואָלווער פון אַ גרויסן קאַליבער. האָב איך אים געבעטן ער זאָל מיר אויף אַ פּאָר מינוט אויסלײַען זײַן רעוואָלווער. אָן צו פאַרטראַכטן זיך און מיט דעם פולסטן צוטרוי האָט שרעדער מיר דערלאַנגט דעם רעוואָלווער. איך האָט געוווסט, אַז אין דער שעה איז קאָסטזשעשאַ אין דער היים, און אָן ספק איז אויך באָלעק אין דער היים. ס׳איז שוין געווען פינף אַזייגער נאָך מיטאָג. שיכּור בין איך נישט געווען, אָבער דער ריח פון בראָנפן האָט זיך געטראָגן פון מיר אויף אַ מרחק פון אַ צוויי מעטער. האָב איך דעם רעוואָלווער פון שרעדערן אַרונטערגענומען אונטער מײַן פוטער־מאַנטל און אַריין אין צימער ווו איך האָב געוווינט. טעאַטראַליש האָב איך אַרויסגענומען דעם רעוואָלווער, אויסגעשטרעקט אים אין דער ריכטונג צו באָלעקן און אויסגערופן:

״איצט מוז איך דיך אַוועקהרגענען!״

קאָסטזשעשאַ איז געוואָרן אַזוי צעטומלט פון דעם וואָס זײַנע אויגן האָבן געזען, אַז ער איז אַרויפגעפאַלן אויף מיר און מיט טרערן אין די אויגן געבעטן איך זאָל רחמנות האָבן אויף באָלעקן און אים נישט דערשיסן. האָב איך געמאַכט דעם אָנשטעל פון שטאַרקן כּעס און געזאָגט:

״איך קען אים נישט פאַרטראָגן. איך מוז אים דערשיסן!״.

אַז די שפּיל האָט אָנגעהויבן צו ווערן ערנסט, קאָסטזשעשאַ איז אַרײַנגעפאַלן אין היסטעריע בײַם פאַרטיידיקן באָלעקן, בין איך געווען געצוווּנגען צו איבערצײַגן דעם פעלדשער, אַז איך האָב געמאַכט אַ שפּאַס. כ׳האָב גענומען אַן איבעריקע כוסע און ס׳האָט זיך מיר פאַרגלוסט אַ שפּיל צו טאָן. איך האָב אַרונטערגענומען דעם

רעוואָלווער אונטער מײַן פּוטער־מאַנטל, צוריקגעקערט צו שרעדערן און אים צוריקגעגעבן זײַן געווער.

כאָטש איך האָב איבערצײַגט קאָסטושעשאַן, אַז מיט דער דראָונג צו שיסן באָלעקן האָב איך געמאַכט אַ שפּאַס, האָט זיך די סצענע מיט דעם אויסגעשטרעקטן רעוואָלווער אײַנגעקריצט אין זײַן זכּרון. ער האָט פּשוט נישט געוווּסט וואָס צו טראַכטן וועגן מיר. ווער בין איך? ווען שטעל איך פֿאָר מיט זיך? ער איז געווען זיכער, אַז איך בין אַ פּאָליאַק, אָבער וואָס פֿאַר אַ פּאָליאַק בין איך? צו וועלכן לאַגער געהער איך? אויב מען האָט אין סקערניעוויץ געמאַכט אַן אַטענטאַט אויף אַ פּאָליאַק, וואָס האָט קאָלאַבאָרירט מיט די דײַטשן ווי אַ שפּיאָן און אים אַוועקגעלייגט אַ טויטן, איז קאָסטושעשאַ געווען איבערצײַגט, אַז דאָס "שטיקל אַרבעט" האָב איך אָפּגעטאָן, און ער האָט פֿאַר מיר מורא געהאַט אימת מוות... איך פֿון מײַן זײַט האָב אַלץ געטאָן, כּדי צו האַלטן קאָסטושעשאַן אין אָט די פֿאַר מיר גוטע פֿאַרדאַכטן, וואָרום מיט אַזאַ שטייגער שיכּור האָט מען געדאַרפֿט זײַן זייער פֿאָרזיכטיק אַפֿילו ווען מען איז מיט אים אין גוטפֿרײַנדשאַפֿט.

כּדי זיך צו דעקן און פֿאַרבלענדן די אויגן פֿון דעם פֿעלדשער קאָסשטושעשאַ, ער זאָל מיינען מי יודע ווער איך בין, אָבער אין קיין שום פֿאַל נישט אַז איך בין אַ ייד — האָב איך פֿאַבריצירט פֿאַרשיידענע פּאַפּירלעך מיט טעקסטן, וואָס האָבן אויסגעזען ווי אַ געהיימער שיפֿער. כּדי די פּאַפּירלעך זאָלן אויסזען צו זײַן פֿון גרויס וויכטיקייט, האָבן זיי געמוזט זײַן געסטעמפּלט מיט סטעמפּלען, און וואָס מער און וואָס פֿאַרשיידנאַרטיקער די סטעמפּלען, אַלץ חשובֿער. פּאַפּיר איז געווען לײַכט צו באַקומען, אַזוי אויך טינט, אָבער פֿון וואַנען נעמט מען סטעמפּלען? אַזוי ווי איך האָב געהאַט גאָלדענע מטבעות פֿון פֿאַרשיידענער גרייס און יעדע גאָלד־מטבע האָט אויף דער צווייטער זײַט אַן אָדלער, האָבן מיר גאָלד־מטבעות געדינט ווי סטעמפּלען. אַזאַ מטבע אײַנגענעצט אין רויטן צי אין בלויען טוש און אַרויפֿגעקוועטשט אויף אַ פּאַפּירל מיט אַ שריפֿט וואָס זעט אויס ווי אַ געהיימער שיפֿער, מאַכט אַן אײַנדרוק, בפֿרט

אויף אַ פעלדשער אַ שיכּור ווי איז געווען קאָסטושעשאַ. האָב איך אָנפּאַבריצירט אַ צאָל אַזעלכע פּאַפּירלעך מיט סטעמפּלען, זיי אַריינגעלייגט אין אַ קאָנווערט און זיך אָפּגערעדט מיט באָלעקן אַזוי:
בעת קאָסטושעשאַ וועט זײַן אין דער היים, וועל איך אַרײַנקומען אין צימער און אין אַ געוויסן מאָמענט וועל איך כּלומרשט פאַרלירן פון דער קעשענע דעם קאָנווערט מיט מײַנע פּאַפּירן, וואָס איך האָב פריער געכאַפּט, קאָסטושעשאַ זאָל פון דער ווײַטנס זען מײַנע פּאַפּירלעך אָפּגעסטעמפּלטע ווי דאָקומענטן. מיט דעם מאָמענט ווי איך וועל "פאַרלירן" דעם קאָנווערט מיט די פּאַפּירלעך, זאָל מיר באָלעק דערויף מאַכן אויפמערקזאַם, וועל איך אין כּלומרשטער בהלה אויפהייבן דעם קאָנווערט, און אַזוי ווי אין צימער האָט געברענט אַ הייץ־אייוועלע, וועל איך די "דאָקומענטן" אַרײַנוואַרפן אינעם אייוועלע צו פאַרברענען.

די פאָרשטעלונג איז מיר געלונגען: איך האָב דעם קאָנווערט מיט די פּאַפּירלעך "פאַרלוירן", באָלעק האָט אַ צעשראָקענער מיר אויפמערקזאַם געמאַכט אויף דער אבֿידה, בעת קאָסטושעשאַ האָט אָנגעקוקט סײַ מיך און סײַ באָלעקן אָן צו פאַרשטיין די מיסטעריע ווען איך וואַרף אַריין אין פײַער געהיימע זאַכן... ער איז געווען צעטומלט און נישט אויפגעהערט קוקן אויף מיר, ווי ער וואָלט פון מײַן פּנים געוואָלט אַרויסלייענען ווער איך בין. וואָרשײַנלעך איז ער געווען איבערצײַגט, אַז איך בין דער הויפּט־אָנפירער פון דער פוילישער אונטערערדישער באַוועגונג אין דעם סקערניעוויצער ראַיאָן...
קאָסטושעשאַ האָט מער נישט געאַרבעט אין שפּיטאָל; ער האָט אָנגענומען דעם פּאָסטן פון אַ סאַניטאַר אויף דער באַן־סטאַציע פון סקערניעוויץ.

אין איינעם אַ טאָג איז אָט דער פאַרשוין אַהיימגעקומען אַ טויט־שיכּורער, גלײַך זיך דערנעענטערט צו באָלעקן און אים דראָענדיק געזאָגט:
"הער, דו, ביסט געשלאָפן מיט מײַן ווײַב. איך ווייס גענוי ווער דו

ביסט. מאָרגן גיי איך צו דער געסטאַפּאָ און וועל דיך אויסגעבן; זיי דערציילן דעם אמת ווער דו ביסט״.

אין אָט דער רגע ווי די ווערטער זענען געפאַלן, בין איך צעטומלט געוואָרן, אָבער ווי געוויינטלעך אין אַזעלכע פאַלן פון סכנה בין איך שנעל געקומען צו זיך און געזאָגט צו קאָסטוזשעשאַן מיט אַ דראָענדיקער שטים און מיט אַ כפל־שמונהדיקער פוילישער קללה:

״וועסט נישט באַוויזן צו גיין צו דער געסטאַפּאָ. וועסט פריער ליגן אַ דערשאָסענער״.

קאָסטוזשעשאַ איז געווען פון אַטלעטישן געבוי; ער האָט געקענט אַוועקהרגענען אַן אָקס, אָבער אַז ער האָט געהערט מײַנע דראָענדיקע ווערטער, האָט ער זיך תיכף אויסגעניכטערט, געוואָרן אין גאַנצן צעבראָכן, ווי אַ הונט געוואָרפן זיך צו מײַנע שטיוול און אין געוויין געבעטן איך זאָל אים לאָזן לעבן.

״עס וועט דיר גאָרנישט העלפן, בײַ מיר ביסטו שוין אַ פאַרשריבענער״. איך האָב די ווערטער געזאָגט רויק, אָבער דווקא מײַן רויִקייט האָט אים נאָך מער צעבראָכן און ער האָט זיך צעכליפּעט ווי אַ ייִנגל. איך האָב געפילט אַז ער זעט פאַר זײַנע אויגן די לופע פון שרעדערס רעוואָלווער, וואָס איך האָב אין שפּאַס געהאַט אויסגעשטרעקט צו באָלעקן...

איך האָב מורא געהאַט, אַז קאָרנאַצקי וועט דערהערן דאָס געוויין פון קאָסטוזשעשאַן, האָב איך אים באַרויקט און געזאָגט:

״הער זיך צו און געדענק: עס איז אמת אַז באָלעק איז אַ ייִד. ער האָט געאַרבעט מיט מיר אין וואַרשע און איך היט אים אָפּ ווי מײַן שוואַרצאַפּל פון אויג. זאָלסט געדענקען, אַז אים טאָר נישט אַראָפּפאַלן קיין האָר פון קאָפּ״.

קאָסטוזשעשאַ האָט פאַרלייגט די הענט און געזאָגט:

״איך שווער דיר, אַז איך וועל באָלעקן אָפּהיטן ווי נאָר איך וועל קענען״.

איך האָב זיך דערמיט נישט באַגענוגנט. איך האָב פון דער וואַנט אַראָפּגענומען דעם צלם, דערגעגענטערט אים צו קאָסטוזשעשאַס

ליפּן און אים באַפּוילן:
„שווער ביַי דעם צלם!“
האָט ער געשווווירן און זיך איבערגעצלמט.
האָב איך ווידער באַפּוילן:
„גיב אַ קוש דעם צלם!“
קאָסטוזשעשאַ האָט געטאָן ווי איך האָב אים געהייסן און ער האָט געזאָגט צו מיר:
„איצט לאָמיר גיין אויסטרינקען אַ גלעזל“.
די פריִערדיקע שיכּרות האָט צו אים צוריקגעקערט, אָבער אַז די שפּאַנונג אין וועלכער ער איז נאָר וואָס געווען האָט נאָכגעלאָזט, האָט ער זיך דערפילט שוואַך אין די פיס. האָב איך אים געזאָגט:
„היינט וועלן מיר נישט טרינקען. איך בין אויפגערעגט. מאָרגן וועלן מיר גיין טרינקען“. קאָסטוזשעשאַ האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ ווי אַ געהאָרכזאַמער קנעכט. ער האָט זיך געפילט שולדיק.

* * *

נישט ווילנדיק איז קאָסטושעשאַ געוואָרן באַלעקס אַ שדכן און ער האָט פֿאַרקאָכט אַ ביטערע קאַשע:

דער פּעלדשער האָט פֿון וואַרשע מיטגעבראַכט אַ סך ״אָנגעשאַבערעוועט״ לעדער. האָט ער גענומען שטיקער לעדער און אַוועק צו אַ שוסטער באַשטעלן אַ פּאָר נײַע שטיוול. אַז ביידע לײַט, קאָסטושעשאַ און דער שוסטער, האָבן זיך פֿונאַנדערגעשמועסט, האָט זיך דער פעלדשער באַרימט, אַז ער ווױנט מיט צוויי דאָקטוירים: איינער איז אַן אינערלעבער דאָקטער און דער צווייטער איז דאָקטער־דענטיסט.

דערהערט ״דענטיסט״ האָט דער שוסטער געזאָגט, אַז אויך זײַן טאָכטער איז אַ דענטיסטין. זי אַרבעט בײַ די דײַטשן. מסתמא האָט דער שוסטער דערציילט זײַן טאָכטער וואָס קאָסטושעשאַ האָט אים דערציילט, און די טאָכטער האָט זייער שטאַרק געוואָלט באַקענען דעם דאָקטער־דענטיסט. גראָד האָבן די דײַטשן געזוכט נאָך אַ דענטיסט און דאָ האָט זיך אונטערגערוקט אַ דאָקטער־דענטיסט.

איז באַלעק אַוועק מיט קאָסטושעשאַן צום שוסטער און ער האָט זיך באַקענט מיט דער מויד. באַלעק איז אַרײַנגעפאַלן נישט בלויז אין הויז פֿון דעם שוסטער, נאָר אויך אין האַרץ פֿון זײַן טאָכטער. זי האָט אים דערציילט, אַז אירע אַרבעט־געבער, די דײַטשן, זוכן נאָך אַ דענטיסט, וואָרום אַרבעט איז פֿאַראַן אַ סך און אָט האָט דער צופֿאַל אים צוגעשיקט. באַלעק האָט זיך אָנגעכאַפּט אָן דער געלעגנהייט. צי קען דען זײַן עפּעס בעסערס ווי געפֿינען שוץ דווקא בײַ זיי, בײַ די נאַציס?

האָט די מויד אַוועקגעפֿירט באַלעקן צו איר שעף. פּונקט ווי ער איז איר געפֿעלן, אַזוי האָט ער נושא חן געווען אין די אויגן פֿון דער מוידס שעף און ער, באַלעק, האָט אָנגעהויבן אַרבעטן אין זײַן פּראָפֿעסיע. ער האָט גלײַך אַרויסבאַקומען אַ זיכער־דאָקומענט, אַז ער מעג זיך באַוועגן פֿרײַ אין יעדער צײַט פֿון טאָג און נאַכט און קיין שום כּוח האָט נישט קיין רעכט אים צו באַלעסטיקן, אָדער שטערן אין זײַנע אַמטלעכע אויפֿגאַבן.

אויף אַזאַ דאָקומענט האָט יעדער אויסבאַהאַלטענער ייִד געוואַרט ווי אויף משיחן, און אָט האָט באָלעק אַזאַ דאָקומענט באַקומען. איז אָבער די מעשה, אַז דאָרט וווּ עס געפינען זיך אַן ער און אַ זי מישט זיך אַריין סעקס. די מויד האָט זיך פֿאַרליבט אין באָלעקן איבער די אויערן און אויך זי איז אים געפעלן, וואָרום מיט איר איז דאָך אַחוץ סעקס מיטגעגאַנגען זיכערקייט, אַ היים, אַ דאַך איבערן קאָפּ, און אויפהערן שלאָפן מיט מיר אין איין בעט.

אין איינעם אַ טאָג איז באָלעק געקומען צו מיר און מיר מבשׂר געווען די בשׂורה אַז ער פֿאַרלאָזט מיך. אויסער אַ דאַך איבערן קאָפּ, וועט ער אויך האָבן סעקס, ער וועט האָבן ווער עס זאָל זאָרגן פֿאַר אים. ער גייט אַריבער וווינען צום שוסטער אונטער איין דאַך מיט דער מויד.

אַ מויד איז אַ מויד, אויסער וואָס איר ליבע צו באָלעקן האָט געפֿלאַקערט מיט אַ העליש פֿײַער, האָט זי רק געוואָלט מיט אים חתונה האָבן. זי האָט געמאַכט אַ חשבון אַז זי איז אַ דענטיסטין, ער איז אַ דאָקטער־דענטיסט, זי האָט אים ליב, ער קלעפּט אויך צו איר איז עס אַ זיווּג פֿון הימל. און אויב חתונה האָבן איז טאַקע וואָס שנעלער, כּל־זמן די ליבע פֿלאַקערט און כּל־זמן דער חתן־בחור כאַפּט נישט ערגעץ אַן אַנדער מויד און פֿאַרליבט זיך אין איר.

אין איינעם אַ טאָג איז באָלעק געקומען צו מיר און מיר אָנגעזאָגט די בשׂורה, אַז ער גרייט זיך שרײַבן תּנאָים מיט דער מויד, דעם שוסטערס טאָכטער. האָב איך אים געווונטשן מזל־טובֿ און אין מזל זאָלן מיר לעבן. האָט באָלעק מיר געדאַנקט פֿאַר דער ווינטשעוואַניע און צוגעגעבן, אַז כּדי צו שרײַבן תּנאָים איז ווייניק דאָס צווווינטשן — דער גלח אין דער קירך וויל האָבן צוויי עדות, וואָס קענען פּערזענלעך דעם חתן, ווי עס איז דער שטייגער אַז קיינער קויפֿט נישט אַ קאַץ אין אַ זאַק.

ווער־זשע קענען זײַן די עדות, אויב נישט דער צווייטער דאָקטער — דאָקטער לעוואַנדאָווסקי און דער פֿעלדשער קאָסטוזשעשאַ. נאַטירלעך זענען מיר ביידע, איך און קאָסטוזשעשאַ,

מסכּים געווען, כאָטש דער פעלדשער האָט געוווּסט פון מײַן שטראָפן אים, אַז באָלעק איז אַ ייִד. אָבער ער האָט געשוווירן בײַם צלם, אַז ער וועט האַלטן דאָס מויל און פאַר מיר האָט ער מורא געהאַט, ווי איך וואָלט אין סקיערניעוויץ געווען אַ כּל־יכול — איז ער אַוודאי געוואָרן דער צווייטער עדות...

דער טערמין פון שרײַבן די תּנאָים איז אויסגעפאַלן גראָד אין דער ווײַנאַכט. אין דער קירך, בײַם גלח, האָבן די תּנאָים אונטערגעשריבן, ווי עדות, דער ייִד יצחק פּיעקאַרסקי, אין דעם פאַל דאָקטער לעוואַנדאָווסקי, און דער געוועזענער פעלדשער אין דעם באַרימטן שפּיטאָל אויפן נאָמען פון דעם הייליקן ראָך אין וואַרשע, קאָסטזשעשאַ. קיין מער חשובֿע עדות האָבן בכלל נישט געקענט זײַן, נעמענדיק אין באַטראַכט די מלחמה־צײַט, אונטער דער אָקופּאַציע פון די נאַציס.

באַלד האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער שוסטער האָט נישט בלויז אַ טאָכטער אַ דענטיסטין, נאָר ער האָט אויך אַ זון אַ גלח, אַ זייער חשובֿן גלח. עס הייסט אַז באָלעק איז מיט דעם שידוך אַרײַנגעפאַלן אין אַ שמאַלץ־גרוב, מיט אויסערגעוויינטלעכן יחוס...

די אייגנטלעכע פײַערונג לכּבוד דער געשעעניש פון אונטערשרײַבן די תּנאָים איז פאָרגעקומען אין הויז פון דעם שוסטער. צו דער פײַערונג איז פאַרבעטן געוואָרן די בעסטע און שענסטע געזעלשאַפט אין סקערניעוויץ. אַזוי ווי דער כּלהס ברודער איז געווען אַ גלח, איז געווען נאַטירלעך, אַז אין דער פײַערונג זאָלן אָנטיילנעמען זײַנע חבֿרים־גלחים, און זיי האָבן זיך צו דער סעודה צוגעשטעלט אין פולן קאָמפּלעט.

ס'איז מיר געווען אַ ביסל אויסטערליש וואָס אין אָט דער נעטער קאַטוילישער געזעלשאַפט מיט גלחים אין שוואַרצע סוטאַנעס, מיט צלמים אויף זייערע בריסטן, איז דער וויכטיקסטער פאַקטאָר — דער סאַמעראָדנער חתן — אַ ייִד, און זײַן באַגלויבטער עדות איז אַ ייִד. ווי איך האָב דאָס געוווּסט האָט עס אויך געוווּסט דער פעלדשער קאָסטזשעשאַ.

די טישן זענען געווען פולע מיט געשמאַקע שפּײַזן און פעטע

פליישן, און בראָנפן האָט זיך געגאָסן ווי וואַסער. קיינעם פון די אַלע געסט וואָלט גאָרנישט איַינגעפאַלן, אַז אויף דער דאָזיקער תנאים־פּיַערונג שפּילט זיך אָפּ אַ דראַמע, וואָס נאָר די ווילדעווירקלעכקייט האָט זי געקענט ״פאַרפאַסן״.

בעת דער סעודה, ווען דער עולם האָט די פעטע פליישן פאַרגאָסן מיט בראָנפן, איז נישט געווען דער מינדסטער צייכן, אַז ס׳איז מלחמה־צייַט; אַז פוילן געפינט זיך שוין פינף יאָר אונטער דער נאַצישער אָקופּאַציע; אַז סך־הכּל וויייניקער פון הונדערט קילאָמעטער צפונדיק פון סקיערניעוויץ שטייט די רויטע אַרמיי, און אין וואַרשע גייט אָן דער אויפשטאַנד, אין וועלכן עס פאַלן יעדן טאָג צענדליקער און צענדליקער פּאָליאַקן. דער עולם האָט געגעסן מיטביידע באַקן און געטרונקען ביז שיכּרות.

ערשט ווען דער עולם איז געווען גוט אָנגעגעסן און אָנגעטרונקען, איז ער אַריבער צו שמועסן וועגן פאַרשיידענע ענינים, און מען האָט גערעדט אַזוי לאַנג ביז דער און יענער איז אַרויפגעקומען אויף דער טעמע: יידן.

האָט איינער דערציילט, אַז נישט וויַיט פון סקערניעוויץ האָט מען געכאַפּט אַ ייד און מען האָט אים אַוועקגעלייגט אַ טויטן. די גלחים זענען געווען צופרידן. זיי האָבן דאָך אַן אַלטן חשבון מיט יידן און לויט זיי זענען דאָך יידן פאַרשאָלטן — איז געשען מיט זיי וואָס עס איז זיי געקומען און מען זעט נישט מער קיין יידן.

קאָסטזשעשאַ, וואָס איז געזעסן נאָענט צו מיר, און וואָס איך אַליין האָב אים געזאָגט, אַז באָלעק איז אַ ייד און ער דאַרף האַלטן די צונג צווישן די ציין, האָט מיך געקנופּט ביז ווייטאָג איך זאָל ווערן אויפמערקזאַם אויף דעם וואָס עס געשעט ביַים שוסטער אין שטוב. איצט איז אויך ער געווען אַן אַנגאַזשירטער: ער האָט דאָך עדות געזאָגט, אַז דער חתן איז אַ כּשרער חתן אין דער צייַט ווען ער האָט געוווסט, אַז ער איז אַ ייד.

דער גלח וואָס איז געזעסן נעבן מיַין צווייטער זיַיט, איז געווען דער קומענדיקער שוואָגער פון דעם ייד. און דאָ זענען די גלחים און

דער כּלהס ברודער בתּוכם צופרידן וואָס מען זעט נישט מער קיין ייִד פאַר די אויגן...

אין אַ מזלדיקע שעה זענען אַריבער די פײַערונגען פון די תּנאָים פון דעם "באַשערטן" זיווּוג. איך האָב ווײַטער געוווינט אין דעם זעלבן צימער וואָס קאָסטושעשאַ.

ערבֿ די ווײַנאַכטן האָב איך זיך געגרייט מאַכן אַ ווײַנאַכט־בוים אין הויז פון קאָרנאַצקין, כּדי צו שטאַרקן בײַם באַלעבאָס און אפֿשר אויך בײַ די שכנים די זיכערקייט, אַז איך בין אַ פּאָליאַק און אַ קאַטאָליק גלײַך ווי זיי. בין איך צוזאַמען מיט באָלעקן אַוועק אײַנקויפֿן די פֿאַרביקע באַלאָנעלעך, שטערנדלעך ליכטעלעך, גלעקעלעך און פֿליטערלעך אויף צו באַצירן דעם ווײַנאַכט־בוים. איך בין דעמאָלט געווען אָנגעטאָן אין מײַן גאַנצן גלאַנץ: אין מײַן גוטן פּוטערנעם מאַנטל, מיט גלאַנציקע שטיוול און מיט דעם גרינעם קאַפּעלוש מיט דעם פּעדערל. ערשט איך זע: דער פֿאַרקויפֿער פון די אַלע באַפּוצונגען פֿאַר די ווײַנאַכט־ביימער איז נישט קיין אַנדערער ווי זיגמונט, דער וואָס איז געווען קוכער אין דעם אַרבעט־לאַגער. ער האָט דעמאָלט געחוזקט פֿון מיר, און איך בין געווען זיכער, אַז ער שפּעט פון מיר, ווײַל ער פֿאַרדעכטיקט אַז איך בין אַ ייִד. איך האָב דעמאָלט אויסגעמיטן אַרײַנצוגיין מיט אים אין אַן אָפֿענעם קאָנפֿליקט, ווײַל וואָס עס זאָל דעמאָלט נישט האָבן אַרויסגעקומען פון אַזאַ קאָנפֿליקט, וואָלט איך געווען דער פֿאַרשפּילטער.

איצט, אין סקערניעוויץ, אין מײַן עלעגאַנטער קליידונג און מיט געשטײַגערטער זעלבסטזיכערקייט, האָב איך געזאָגט צו באָלעקן:

"קוק אָן דעם פֿאַרקויפֿער, ער איז געווען קוכער בײַ אונדז אין אַרבעט־לאַגער אין וואַרשע". און אויסדרייענדיק זיך האָב איך זיך געוואָנדן צום פֿאַרקויפֿער: "זיגמונט. יאָ, הייסט זיגמונט? געדענקסט ווי דו האָסט מיר דאָרט אין אַרבעט־לאַגער אין וואַרשע נאָכגעשפּעט? האָסט דעמאָלט אַוודאי געמיינט, אַז איך בין אַ ייִד, נישט אמת?

זיגמונט איז אַרײַן אין בהלה און אָנגעהויבן זיך פֿאַרטיידיקן: "איך האָב פון אָנהייב אָן געוווּסט, אַז דו ביסט אַ פּאָלקסדײַטש.

איך בעט דיך איבער. איך האָב דעמאָלט נישט געמיינט דיך צו באַליידיקן"...

זיגמונט איז מסתמא געווען זיכער, אַז איך וועל זיך דאָס מאָל מיט אים אָפּרעכענען פאַר אָפּשפּעטן פון אַ פּאָלקסדיַיטש. איז ער צוגעפאַלן צו מיר און געוואָלט מיך קושן און איבערגעבעטן נאָך אַ מאָל און נאָך אַ מאָל, איך זאָל אים מוחל זיַין. גרויסמוטיק האָב איך אים מוחל געווען און אַלס אַ זשעסט פון אַ האַר כלפּי זיַין קנעכט, האָב איך ביַי אים איַינגעקויפט אַ מאַסע באַפּוצונגען.

ביַי קאָרנאַצקין אין הויז איז שוין געשטאַנען גרייט דער בוים, מען זאָל אים באַפּוצן, און איך האָב זיך גענומען צו דער אַרבעט מיט פליַיס אַז דער ייִד־דער־גאָט־פון־די־פּאָליאַקן־קאַטאָליקן זאָל האָבן נחת פון דעם ייִד, וואָס שפּילט די ראָל פון אַ פּאָליאַק־קאַטאָליק.

איך האָב אין דעם בוים אַריַינגעלייגט מיַין גאַנצן טאַלאַנט צו באַפּוצן און אַז דער בוים איז געווען פאַרטיק, אָנגעקליידט פון קאָפּ ביז די פיס אין פאַרב, גלאַנץ און אין ליכט, איז דער באַלעבאָס קאָרנאַצקי געווען אויסער זיך פון התפעלות. ער האָט די אָנווועזנדיקע פאַרזיכערט, אַז ער האָט שוין אין זיַין לעבן געזען זייער פיל באַפּוצטע וויַינאַכט־ביימער, נאָר אַזוי ווי דער דאָקטער לעוואַנדאָווסקי האָט דאָס מאָל אויסגעסטרויעט דעם בוים, זעט ער צום ערשטן מאָל אין זיַין לעבן...

אויף צו מאָרגנס צו דער סעודה, האָבן מיר זיך געזעצט צום פיַיערלעך־געדעקטן טיש. די געזעלשאַפט איז באַשטאַנען פון אַ פּאָפּ, וואָס איז געהאַט אַנטלאָפן פון דער סאָוויעטישער זיַיט און איז געקומען קיין סקערניעוויץ, פון קאָסטזשעשאַן, קאָרנאַצקי מיט זיַין פרוי, פון דעם נאַצישן אָנפירער פון דער באַן־באַוועגונג אין דעם סקערניעוויצער ראַיאָן, פון באָלעקן און פון מיר. ווי עס איז דער קריסטלעכער מינהג אין דעם יום־טוב, האָט דער באַלעבאָס פונאַנדערגעטיילט צווישן די אָנווועזנדיקע קריסטמעס־וואַפלע (אָפּלאַטעק — אויף פּויליש), וואָס דאַרף סימבאָליזירן דאָס ליַיב פון דעם ייִד ישו, וואָס איז געוואָרן צו אַ גאָט. אויך מיר, איך און באָלעק, האָבן באַקומען שטיקלעך פון דער קריסטמעס־וואַפלע און זי

צעקייַט און אַראָפּגעשלונגען, אָן דעם קאָסטזשעשאַ זאָל אַ פּינטל טאָן מיט אַן אויג מחמת דעם וואָס ער האָט געוווּסט, אַז באָלעק איז אַ ייִד. מיר האָבן זיך אַלע צעקושט, ווי עס איז דער שטייגער, און איך בין געווען גליקלעך וואָס איך האָב ענדגילטיק אײַנגעוואָרצלט אין די הערצער פֿון מײַנע באַלעבאַטים, אַז איך בין אַ פּאָליאַק־קאַטאָליק, כאָטש דער כוליגאַן, זיגמונט, דער געוועזענער קוכער אין אַרבעט־לאַגער, איז געווען איבערצײַגט, אַז איך בין אַ פּאָלקסדײַטש...

הײַנט איז מיר שווער אויסצורעכענען די תּחבולות, וואָס איך האָב אָנגעווענדט, כּדי מײַן נאָענטסטע סבֿיבֿה זאָל נישט האָבן דעם מינדסטן פֿאַרדאַכט, אַז איך בין אַ ייִד.

* * *

איך האָב זיך דערוווּסט, אַז מײַן געוועזענער באַלעבאָס אין וואַרשע אויף הרוביעשאָווסקע גאַס נומער 8, באָלעסלאַוו טשערוויעץ, וווינט אין דעם שטעטעלע באָזשעוואָליאַ. צו קאָרנאַצקין פלעגט אַרײַנקומען דער דערמאָנטער נאַצי, דער אָנפירער פון די באַנען אין דעם ראַיאָן. האָב איך געבעטן דעם נאַצי ער זאָל צוזאַמען מיט מיר פאָרן צו מײַן פרײַנד טשערוויעץ אין באָזשעוואָליאַ. האָט דער נאַצי אָנגעטון דעם מונדיר און מיך באַגלייט קיין באָזשעוואָליאַ. מײַן כוונה איז געווען צוצורעדן טשערוויעצן ער זאָל שרײַבן צו מיר פיקטיווע פּאָסטקאַרטלעך, כלומרשט פון מײַנע פאַרשיידענע משפחה־קרובֿים — פּעטערס, מומעס, קוזינען, גלידשוועסטערקינדער, מחותּנים — דער טײַוול ווייסט וואָס נאָך פאַר אַ קרובֿים עס זענען פאַראַן אויף דער וועלט, אַבי איך זאָל די קאַרטלעך דערהאַלטן מיט פיקטיווע אַבזענדערס, מיט גרוסן און קושן. אַז די אַלע קאַרטלעך וועלן אָנקומען אויף מײַן אַדרעס: ד״ר עוגעניוש לעוואַנדאָווסקי, וועלן די באַלעבאַטים, די קאָרנאַצקיס, באַוווּנדערן די גרויסע צאָל פון מײַנע קרובֿים און אַפילו זיי זאָלן זיך אָנשיכורן צען מאָל אין טאָג, וועט זיי נישט אײַנפאַלן, אַז זייער סובלאָקאַטאָר איז אַ ייִד...

טשערוויעץ איז מסכּים געווען צו שרײַבן אַזעלכע קאַרטלעך ווי איך האָב אים געבעטן. ער האָט צוגעטראַכט פאַרשיידענע קרובֿים און אַלע קרובֿים ״האָבן געשריבן״. צו מיר זענען געפלאָסן די קאַרטלעך, צו דער שטוינונג נישט בלויז פון דער פאַמילע קאָרנאַצקי, נאָר אויך קאָסטזשעשאַ האָט זיך נישט געקענט אָפּוווּנדערן פון מײַן פאַרצווײַגטער משפחה אין דער אַרומיקער סבֿיבֿה פון באָ־זשעוואָליאַ, און אַלע ווילן וויסן וואָס איך מאַך, וואָס איך טו, ווי איך פיל זיך?

איין מאָל האָב איך פאַרבעטן טשערוויעצן ער זאָל קומען צו מיר קיין סקערניעוויץ און זײַן מײַן גאַסט. ער האָט מײַן אײַנלאַדונג אָנגענומען און געקומען צו מיר און אַפילו געשלאָפן מיט מיר אין איין בעט, וואָרום באַלעק האָט דאָך באַפרײַט מײַן בעט און

געשלאָפן בײַם שוסטער, מיט אָדער נעבן זײַן כלה. די עטלעכע טעג ווי טשערוויעץ האָט פאַרבראַכט מיט מיר, האָבן מיר געשיכּורט אויך לכּבֿוד די קאַרטלעך וואָס זענען געפלאָסן צו מיר פון פאַרשיידענע ״קרובֿים״... מײַן אַליבי אַלס פּאָליאַק־קאַטאָליק איז שוין געווען אויסער יעדן ספק...

אויף דעם און אַנדערע אופנים האָב איך אין סקערניעוויץ זיך אײַנגעשאַפּט באַקאַנטע, וואָס האָבן געהאַט גרויס דרך־ארץ פאַר דעם דאָקטער לעוואַנדאָווסקי.

פאַרוואָס איך האָב באַקומען אַ נאָמען אַלס גוטער דאָקטער האָב איך נישט אָנגעהויבן צו וויסן, נאָר אַז אַ נאָמען גייט פון מויל צו אויער און יעדער איינער לייגט צו אַ שבח, וואַקסט אויס אַ באַרימטקייט. אין איינעם אַ טאָג האָט קאָרנאַצקי זיך געוואָנדן צו מיר, איך זאָל אים טאָן אַ טובֿה און אים העלפן אַלס דאָקטער. ס׳האָט געהייסן אַז ער אַליין איז געזונט, נאָר די הילף דאַרף ער האָבן פאַר זײַן שוועסטערס טאָכטער, וואָס איז געפערלעך קראַנק און זי לײַדט שרעקלעכע ווייטאָגן.

איך בין געשטעלט געוואָרן פאַר אַ שווערן נסיון וואָס טאָמער פאַל איך דורך, וועט מײַן גאַנצער דאָקטערישער פרעסטיזש לײַדן אַ מפּלה און גאָט דער איינציקער ווייסט מיט וואָס אַזאַ דורכפאַל אין דער מעדיצין איז עלול זיך צו ענדיקן פאַר מיר. האָב איך געזוכט און געפונען אַ תּירוץ, אַז איך בין טאַקע אַ דאָקטער, אַ שפּיטאָל־דאָקטער, מײַן ליבער גאַסט, טשערוויעץ, ווייסט עס צום בעסטן, אָבער די צרה איז וואָס איך בין אַ קראָקעווער דאָקטער און לויט די נאַצישע געזעצן טאָר איך נישט פאַרשרײַבן קיין רעצעפּטן אין סקערניעוויץ. איך טאָר נישט אַרײַן אין אַ קאָנפליקט מיט די פאַרשאָלטענע שוואַבן, וואָס טאָמער כאַפּן זיי מײַנעם אַ רעצעפּט אין דער סקערניעוויצער אַפּטייק, ווער איך אויס דאָקטער, און גאָט דער איינציקער ווייסט מיט וואָס די שוואַבן קענען מיך באַשטראָפן.

זענען צו מיר צוגעשטאַנען סײַ מײַן געוועזענער באַלעבאָס טשערוויעץ און סײַ קאָרנאַצקי איך זאָל גיין צו דער קראַנקער זי באַטראַכטן און אויסגעפינען ווי אַזוי זי צו באַפרײַען פון דער

וויטאָגלעכער קראַנקייט. אויב איך טאָר נישט פאַרשרייַבן קיין רעצעפּטן פאַר דער אַפּטייק אין סקערניעוויץ — זאָל איך נישט פאַרשרייַבן. מייַנע עצות וועלן זיי איבערגעבן צו אַנדערע דאָקטוירים אין סקערניעוויץ און זיי וועלן פאַרשרייַבן פאַר דעם קראַנקן מיידל די רעצעפּטן וואָס איך טאָר נישט פאַרשרייַבן...

די זאַך האָט זיך געלייגט אויפן שׂכל און עס איז מיר נישט געבליבן קיין אַנדערע ברירה ווי גיין אויף אַ וויזיט צו דער קראַנקער און פּרוּוון געפינען אַן עצה.

ווי קאָרנאַצקי האָט מיר איבערגעגעבן זענען בייַ דער קראַנקער געווען דרייַ דאָקטוירים, איינער נאָכן אַנדערן, און קיינער פון זיי האָט נישט געקענט צונעמען פון איר די ווייטאָגן. די מעשה מיט די דרייַ דאָקטוירים האָט נאָך מער פאַרשטאַרקט מייַן אומרו. ערשטנס, אויב דרייַ דאָקטוירים האָבן נישט געהאָלפן, וואָס קען העלפן יצחק פּיעקאַרסקי מיט אַ ״קענקאַרטע״ אַלס דאָקטער עוגעניוש לעוואַנדאָווסקי? צווייטנס, איז עס מסתמא אַ שווערע קראַנקייט וואָס מיט מייַן ״מעדיצינישן וויסן״ קען איך די קראַנקייט נאָך שווערער מאַכן און חלילה דערפירן די קראַנקע צום קבֿר,

האָב איך געבעטן קאָרנאַצקי זאָל מיר אויפקלערן אויף וואָס פאַר אַ סאָרט קראַנקייט זייַן שוועסטערס טאָכטער לייַדט. מיט אַן ערנסטן טאָן, האָט ער מיר פאַרטרויט אַז דאָס מיידל לייַדט אויף שווערע מערידן, וואָס אַזעלכע האָט נאָך די וועלט נישט געזען. פון דעם באַריכט איז מיר געוואָרן אַ ביסל לייַכטער. מערידן זענען נישט קיין ראַק, קיין האַרץ־פעלער, קיין נירן־שטיינער, קיין גאַל־שטיינער. מערידן זענען מערידן. האָב איך זיך דערמאָנט, אַז אַלס יינגל האָב איך געהערט רעדן וועגן מערידן און אַז צו מערידן איז גוט צו טרינקען מעד, האָניג־ווייַן...

נאָך זייַענדיק אין שפּיטאָל אין וואַרשע, האָב איך פאַר זיך ״אָרגאַניזירט״ אַלע נויטיקע מכשירים פון אַ דאָקטער אין יענער צייַט: אַ סטעטאָסקאָפּ, אַ טערמאָמעטער, אַ שערל, אַ סקאַלפּעל אויפצושנייַדן טשיראַקעס, פּינצעטן, גומי־הענטשקעס, אַפילו אַ פלעשלע בענזין אויסצורייניקן אַ מכה וכדומה אַזעלכע זאַכן, אָן

װעלכע אַ דאָקטער קען זיך נישט באַגײן אין אַזעלכע ביטערע צײַטן װי מלחמה. דאָס אַלץ האָב איך געהאַט אין אַ דאָקטערישׁ רענצעלע, װאָס איך האָב אויך "גערשנט" פונעם שפּיטאָל אין װאַרשע. דאָס רענצעלע צוזאַמען מיט מײַן עלעגאַנטער קלײדונג און גלאַנציקע שטיװל, האָבן פון מיר געמאַכט נישט נאָר אַ דאָקטער, נאָר אַ גאַנצן פּראָפעסאָר.

מיט אָט די כּלים בין איך אַװעק צו דער פּאַציענטין. די ראָל פון אַ דאָקטער האָב איך געקענט שפּילן נישט ערגער װי יעדער דאָקטער. כ'האָב זיך געהײסן דערלאַנגען אַ שיסל װאַרעם װאַסער צו װאַשן די הענט. איך האָב בײַ די שטוביקע זיך געפרעגט צי אין דער משפּחה זענען פאַראַן נאָך אַזעלכע װאָס לײַדן אויף מערידן. אפשר זענען די מערידן פון דער יונגן מײדל אַ ירושה־זאַך? װאָרום די מעדיצינישע װיסנשאַפט װײסט װעגן ירושה־קראַנקײטן. דערנאָך האָב איך זיך אַװעקגעזעצט אויפן ראַנד פון דעם בעט פון דער קראַנקער, װאָס איז נעבעך געלעגן אין געהאַקטע צרות, אַז עס איז געװען גאָטס רחמנות אויף איר. איך האָב זי געגעבן אױסגעפרעגט װאָס פאַר אַ סגאַל װיטאָגן זי פילט. צי זענען עס ברענענדיקע װײטאָגן, טעמפּע װײטאָגן, שפּיזיקע װײטאָגן, װאָרום אַ װײטאָג צו אַ װײטאָג איז נישט גלײַך. דאָס מײדל האָט אירע װײטאָגן נישט געקענט אָפּמאָלן, אָבער זי האָט זיך געקלאָגט, אַז פון די װײטאָגן גײען איר אויס די כּוחות. די מערידן װעלן זי דערפירן צום קבֿר. האָב איך איר געבעטן, זי זאָל זיך נישט שעמען פאַר מיר, פאַר אַ דאָקטער שעמט מען זיך נישט, און מיר װײַזן איר שײנעם הינטן. האָב איך אָפּגעדעקט די פערענע, דאָס מײדל האָט זיך געלײגט מיטן הינטן אַרויף און איך האָב דערזען מערידן...

דעם אמת געזאָגט האָב איך אין מײַן לעבן נישט געזען קײן מערידן, נאָר דאָס װאָס איך האָב דערזען פאַר מײַנע אויגן איז געװען געגוג, איך זאָל האָבן געזען הונדערט מערידן. בײַ אָט דעם פּונקט איז געקומען די צײַט נישט נאָר צו מאַכן דעם אָנשטעל פון אַ דאָקטער, נאָר אויך עפּעס טאָן װי אַ דאָקטער. האָב איך אָנגעטאָן מײַנע דאָקטאָרישע גומי־הענטשקעס, אײַנגעשמירט די פינגער מיט

וואַזעלין און אַרײַנגעאַרבעט אין דעם הינטן פון דער פּאַציענטין, ווי אין אַ גאָלד־גרובן.

איך האָב געמוזט ווײַזן די אַרומיקע און איבעצײַגן דער פּאַציענטין, אַז מײַנע פינגער זענען נישט סתם פינגער, נאָר פינגער פון אַ ספּעציאַליסט, וואָס קען זיך אויס אויף מערידן איינער אין דער וועלט. ווי זאָגט זיך עס ערגעץ־ווו אין ״זוהר״: ״הכל תלוי במזל, אפילו ספר תורה שבהיכל״ — ״אַלץ איז אָפּהענגיק פון מזל, אַפילו אַ ספר־תורה אין ארון קודש״. איך ווייס נישט וואָס איך האָב דאָרט געטאָן מיט מײַנע פינגער, אָבער דאָס מזל האָט מיר צוגעשפּילט, ווי מיט אַ גרויס געווינס אויף לאָטעריע. איך האָב דער קראַנקער פאַרשריבן זי זאָל צוויי מאָל אין טאָג זיצן איבער וואַרעם וואַסער און זיך אונטערוואַשן מיט ״טאַנין״, ספּעציעל פאַר מערידן, און מיט קאַמאָמיל. אויסער דעם האָב איך די שטוביקע געהייסן קויפן אין דער אַפּטייק אַ פּרעפּאַראַט, וואָס הייסט ״מידי״. אָט די אַלע עצהס האָב איך געכאַפּט אין שפּיטאָל אין וואַרשע. ווי אַ צולאָג האָב איך דער מערידן־קראַנקער געעצהט זי זאָל אין דער אַפּטייק קויפן ״טשאָפּקעס״, ״ליכטלעך״, און זיי שטופּן דאָרט ווו מען דאַרף, אין די מערידן, דרײַ מאָל אין טאָג. ועל כּולם האָב איך צוגעטראַכט מײַנעם אַן אייגענעם רעצעפּט קעגן מערידן: זי זאָל עסן געריבענע עפּל...

פאַרוואָס עס איז מיר אײַנגעפאַלן צו עצהן איר, זי זאָל עסן געריבענע עפּל און נישט געריבענע מייערן, אָדער בוראַקעס — דאָס קען איך נישט דערקלערן. אפשר דערפאַר, ווײַל עס זענען מיר געקומען אויפן רעיון עפּל און אפשר דערפאַר, ווײַל ווען איך בין געווען אַ ייִנגל האָב איך ליב געהאַט געריבענע עפּל...

נאָך אַ זעקס־זיבן טעג האָט מײַן באַלעבאָס, קאָרנאַצקי, מיר אָנגעזאָגט די פרייַלעכע בשורה, אַז די מערידן פון זײַן שוועסטערס טאָכטער זענען ווי אַוועקגענומען געוואָרן מיט דער האַנט. נישטאָ קיין מערידן. אויס מערידן! דאָקטער לעוואַנדאָווסקי האָט באַוויזן וואָס דרײַ פריערדיקע דאָקטוירים האָבן נישט באַוויזן. קאָרנאַצקי האָט געשטראַלט פון פרייד וואָס בײַ אים אין הויז וווינט אַזאַ גרויסער דאָקטער, וואָס אַ צווייטן אַזאַ האָט ער נאָך נישט געזען.

דעם זונטאָג, נאָך דעם ווי די מערידן זענען פאַרשווונדן, בין איך פאַרבעטן געוואָרן אויף אַ מיטאָג ווי אַן אויסדרוק פון דאַנק פאַר באַפרײַען דאָס מיידל פון אירע ווייטאָגלעכע מערידן. בײַ דער געלעגנהייט האָט זיך בראָנפן געגאָסן ווי וואַסער און צו די שבֿחים פאַר מײַן דאָקטערישער גרויסקייט האָט קיין סוף נישט גענומען.

אויף ווי ווײַט עס האָט זיך פאַרפעסטיקט מײַן אַליבי אַלס פּאָליאַק־קאַטאָליק האָב איך זיך איבערצײַגט ערשט שפּעטער, ווען די רוסן האָבן באַזעצט אויך סקערניעוויץ. בײַ אַ געוויסער געלעגנהייט האָבן איך קאָרנאַצקין אויסגעזאָגט דעם סוד, אַז איך בין אַ ייִד. דער פּאָליאַק האָט זיך צעלאַכט:

״פון וועמען גייסטו חוזק מאַכן? דו ביסט אַ ייִד? דו מאַכסט זיך פאַר אַ ייִד, ווײַל דו ווילסט נושא־חן זײַן אין די אויגן פון די סאָוויעטן. מיך וועסטו נישט נאַרן. איך קען זיך אויס אויף ייִדן.״

איך האָב אים נישט איבערצײַגט, אַז איך בין ווירקלעך אַ ייִד און נישט געהאַט בדעה צו טאָן דאָס וואָס מײַן וואַרשעווער באַלעבאָס, טשערוויעץ, האָט געטאָן אין דעם אַרבעט־לאַגער ווען אַ כוליגאַן האָט אים פאַרדעכטיקט, אַז ער איז אַ ייִד, און ער האָט אַראָפּגעלאָזט די הויזן...

* * *

דערווײַל זענען פֿאָרגעקומען גרויסע זאַכן אין וועלט־פֿאַרנעם: די רויטע אַרמיי האָט באַזעצט סקערניעוויץ דעם 17טן יאַנואַר 1945, און קיין צו גרויסע פֿרייד האָט די באַפֿרײַונג בײַ די פּאָליאַקן נישט אַרויסגערופֿן. אַן אָקופּאַנט אַרויס — אַן אָקופּאַנט אַרײַן. צו די שוואַבן, ווי די פּאָליאַקן האָבן גערופֿן די דײַטשן, האָבן זיי זיך שוין געהאַט צוגעוווינט צוזאַמען מיט די צרות וואָס די נאַציס האָבן אָנגעטאָן. צו עסן איז געווען, בראָנפֿן אויך, ווער עס האָט נישט געהאַט גענוג געלט אויף צו קויפֿן גוטן בראָנפֿן האָט געטרונקען "בימבער", אַ רויער הײמיש־געמאַכטער בראָנפֿן וואָס האָט זיך געלאָזט הערן אויף אַ מײַל. אויב ס'איז געווען גענוג געלט אין דער קעשענע, האָט מען בײַ די נאַציס געגעסן ווי פֿאַר דער מלחמה. דערקעגן האָבן די פּאָליאַקן נישט געוווּסט וואָס עס ברענגען מיט זיך די "קאַצאַפּן", ווי זיי האָבן גערופֿן די רוסן. צי וועלן די רעקוויזיציעס פֿון פּראָדוקטן זײַן שאַרפֿערע, אָדער שוואַכערע; צי וועט מען קענען האַנדלען, מאַכן געשעפֿטן און מאַכן אַ לעבן, אָדער...

אויב דער גאַנצער שטייגער איז געוואָרן אַן אומזיכערער, מען האָט הײַנט נישט געוווּסט וואָס עס וועט זײַן מאָרגן, האָט יעדער איינער זיך פֿאַרזאָרגט ווי ער האָט געקענט, כּדי וועגנטועל איבערצולעבן די ערשטע שווערע צײַט.

אפֿשר צוליב דער געשאַפֿענער לאַגע, האָט דער שוסטער, דער וואָס האָט געזאָלט זײַן באָלעקס מחותּן, באַשלאָסן צו "שמידן דאָס אײַזן כּל־זמן עס איז אָנגעגליט", דאָס מיינט כּל־זמן מען קען פּראַווען אַ חתונה ווי ער האָט געטראַכט צו פּראַווען, באַקומען די אַלע גוטע זאַכן וואָס מען דאַרף האָבן צו דער חתונה־סעודה, דאַרף מען מאַכן די חתונה פֿון זײַן טאָכטער מיט דעם דאָקטער־דענטיסט באָלעק.

די חתונה איז געוואָרן באַשטימט אויף דעם 12טן, אָדער אויף דעם 15טן פֿעברואַר 1945. און פֿאָרקומען האָט זי געדאַרפֿט טאַקע אין דער קירך אין סקערניעוויץ, און טאַקע מיט דער גאַנצער

פאָמפע, אַפילו אויף צו להכעיס די באָלשעוויסטישע בעזבאָזשניקעס...

איז אין יענע טעג געקומען צו מיר באָלעק און מיר דערציילט די מעשׂה מיט דער חתונה:

בײַם שוסטער אין שטוב טוט זיך חושך. דאָרט גרייט מען זיך צו דער חתונה ווי די סעודה וואָלט געדאַרפט דויערן כאָטש אַ וואָך צײַט. די כּלה גופא קען זיך נישט דערוואַרטן אויף דעם טאָג ווען זי וועט ענדלעך שטיין מיט איר חתן פאַרן אַלטאַר און דער גלח וועט זיי פאַרבינדן אויף אייביק. באָלעק וועט זײַן בלויז אירער...

דערקעגן איז באָלעק געווען צעריסן אויף שטיקער: ער האָט מורא געהאַט פאַר דעם צו וואָס זײַן כּלה איז געווען גרייט מיט דעם גאַנצן האַרצן. וואָס זאָל ער טון? האָט ער מיר געפרעגט. ווי אַזוי זאָל ער האַנדלען? ער איז אַ ייִד, זײַן קריסטלעכער נאָמען איז אַ פאַלשער, זײַן געבוירן־פּלאַץ איז אַ פאַלשער, זײַנע עלטערן ווי ער האָט זיי אָנגעגעבן אין זײַן "קענקאַרטע" זענען פאַלשע. מיר, די עדות, דער ייִד יצחק פיעקאַרסקי מיט דעם פאַלשן פּוילישן נאָמען עוגעניוש לעוואַנדאָווסקי און דער פעלדשער קאָסטושעשאַ, זענען ווײַט נישט קיין כשרע עדות. איז ווי אַזוי וועט ער דאָ גיין זיך אַרײַנלייגן מיט אַ יידישן קאָפּ פול מיט פאַלשקייט אין אַ גויִיש בעט? ער וועט דאָך מוזן לעבן דאָס פאַלשע לעבן, וואָס ער האָט די יאָרן געלעבט, מחמת דעם אומגליק מיט די נאַציס. צווישן מאַן און ווײַב איז נישט אַלע מאָל קרצעניר־מוציניו, און ער האָט מורא פאַר יענער רגע, ווען בעת אַ קאָנפליקט, זאָל ער נישט אַרויספּלאַצן מיט דעם גאַנצן אמת ווער און וואָס ער איז...

קעגן אָט אַלע טענהס האָב איך געזאָגט צו באָלעקן אַזוי:

"דו האָסט דער מויד צוגעזאָגט מיט איר חתונה האָבן — דאַרפסטו האַלטן וואָרט. זי האָט דיך געראַטעוועט; האָסט געלעבט בײַ אירע עלטערן אין הויז, דאָרט געגעסן און געשלאָפן, ווי איינער פון דער משפּחה. איז אויב דו האָסטו זי ליב — פאַרגעסן אָן אַלץ און אָן אַלעמען און האָב מיט איר חתונה. האַנדל ווי אַ מענטש דאַרף האַנדלען".

האָט זיך באַלעק פאַר מיר פאַרטרויט, אַז ער וואָלט געהאַנדלט ווי איך זאָג אים אַז ער דאַרף האַנדלען, ער וואָלט קיין שום קומענדיקע קאָמפּליקאַציעס נישט גענומען אין באַטראַכט, ער וואָלט פאַרגעסן ווער ער איז געווען פריִער, אָבער די צרה איז וואָס ער האָט די מויד נישט ליב. אַלץ וואָס ער האָט געטאָן אין די יאָרן פון דער מלחמה איז דאָך געווען בלויז כּדי צו ראַטעווען דאָס שטיקל לעבן. ווער נאָך, ווי איך, ווייס וויפל סכּנות עס האָבן געלויערט אויף אַ ייִד. יעדן טאָג, יעדע שעה, יעדע מינוט. ער איז געגאַנגען אַרבעטן צו די דײַטשן צוזאַמען מיט דער שוסטערס טאָכטער, ווײַל אַזוי אַרום האָט ער זיך געדעקט קעגן די סכּנות; ער איז געגאַנגען ווױנען צום שוסטער מחמת די זעלבע מאָטיוון, און ער האָט מסכּים געווען צו שרײַבן תּנאָים מיט דער מויד, ווײַל דאָס האָט אים געגעבן די ענדגילטיקע זיכערקייט, אַז ער וועט לעבן און איבערלעבן. אָבער איצט, ווען ער האָט איבערגעלעבט די נאַציס, די סכּנות זענען אָן אַ פאַרגלײַך קלענער געוואָרן, די צוקונפט גייט ווערן אַן אַנדערע — פאַרוואָס זאָל ער פאַרזינקען ווערן אין אַ פרעמד לעבן, בפרט, אַז ער האָט די מויד נישט ליב? ער פילט, אַז דער זיווג וועט זיך ענדיקן מיט אַן אַוואַנטורע.

האָב איך באַלעקן געזאָגט אַז איך קלײַב זיך צו פאָרן קיין וואַרשע, דאָס הייסט אייגנטלעך נישט קיין וואַרשע, וואָס איז צעשטערט, סײַ מחמת דעם ייִדישן און סײַ מחמת דעם פּוילישן אויפשטאַנד, נאָר קיין פּראַגע, דער פאָרשטאָט פון וואַרשע. דאָרט האָט באַלעק פאַר דער מלחמה געאַרבעט אַלס דענטיסט. האָב איך אים געעצהט, ער זאָל פאָרן מיט מיר און זיך דאָרטן אַרומזעען ווי אַזוי ווײַטער צו פּלאַנירן זײַן לעבן. וואָס שײַך זײַן כּלה, זאָל ער זי נעמען אויף אַ שפּאַציר און איר דערציילן דעם אמת ווי ער איז.

ער האָט מיר געפאָלגט, גענומען די מויד אויף אַ שפּאַציר. ס'איז געווען אַ שווערער ווינטער־טאָג, די גאַסן זענען געווען באַדעקט מיט אַ טיפן שניי. אין אָט דער פּראַסטיקער אַטמאָספער האָט ער זיך פאַר דער מויד אַראָפּגערעדט פון האַרצן, איר דערציילט, אַז ער איז אַ ייִד, ער האָט זייער שטאַרק געוואָלט לעבן און איבערלעבן. זײַן

נאָמען איז אַ פאַלשער, זײַן אידענטיטעט איז אַ פאַלשע, ער איז נישט דער וואָס זי און איר סבֿיבֿה האָבן געמיינט, אַז ער איז.

אויסגעהערט וואָס באָלעק האָט איר דערציילט, האָט מויד גענומען און אַוועקגעפאַלן אין חלשות אין דעם טיפן שניי. באָלעק האָט זי אָפּגעמונטערט, אָפּגעפּילעט אירע קליידער פונעם שניי און זי געפּרוּווט באַרוּיקן, ווי נאָר ער האָט געקענט. די מויד איז שנעל געקומען צו זיך, אַרומגעכאַפּט אים און געזאָגט:

״באָלעק, אָן דיר קען איך נישט לעבן. איך האָב דיך ליב. מײַן פאָטער און מײַנע ברידער מוזן נישט וויסן, אַז דו ביסט אַ ייד, אַזוי ווי זיי ווייסן ביז איצט נישט און אַזוי ווי איך האָב ביז דער רגע נישט געוווּסט. שפּעטער, ווען די צײַט וועט זיך ענדערן, די וועלט וועט ווידער זײַן וועלט, וועלן מיר אַוועקפאָרן קיין פּאַלעסטינע. דו וועסט מיר לאָזן זיך פירן לויט מײַן רעליגיע און דו וועסט זיך פירן לויט דײַן רעליגיע״.

רעדנדיק די און אַנדערע ווערטער, האָט די מויד פּלוצים געפרעגט:

״צי האָט דאָקטער לעוואַנדאָווסקי געוווּסט, אַז דו ביסט אַ ייד? ער איז דאָך געווען פון די עדות בײַם גלח בײַם אונטערשרײַבן די תּנאים״.

האָט באָלעק געזאָגט:

״לעוואַנדאָווסקי האָט נישט בלויז געוווּסט, אַז איך בין אַ ייד, נאָר אויך ער אַליין איז אַ ייד״.

בײַ אָט די ווערטער איז די מויד ווידער געפאַלן אין חלשות, און ווידער האָט באָלעק זי אויפגעהויבן פונעם שניי און זי צוריק געבראַכט צום באַוווּסטזײַן. דאָס אַלץ וואָס איך און באָלעק האָבן איבערגעלעבט ביסלעכווײַז, מיט דעם שוסטער דעם מחותּן, מיט דער כּלהס ברודער דעם גלח, דאָס אויסבאַהאַלטן זיך פון די סכּנות אַנדעקט צו ווערן ווי ייִדן — דאָס אַלץ איז געפאַלן אויף דער מויד מיט איין מאָל און עס איז געווען איבער אירע כּוחות אויפצונעמען די אויסטערלישע ווירקלעכקייט.

באַלעק איז מיר געווען ווי אַ ברודער, בפרט אַ ברודער, מיט וועלכן איך האָב איבערגעלעבט אַזוי פיל טויט־סכּנות. איז זײַן גורל געווען מיר נאָענט צום האַרצן. פון דעם וואָס ער האָט מיר דערציילט בין איך געקומען צום אויספיר, אַז אויב ער האָט זיך געראַטעוועט פון איין גיהנום, פון דעם נאַצישן גיהנום, קומט אים נישט ער זאָל אַרײַנפאַלן אין אַ משפּחה־גיהנום מיט אַ פרוי, וואָס ער האָט זי נישט ליב, וואָס איר מענטאַליטעט איז נישט זײַן מענטאַליטעט, איר סבֿיבֿה איז נישט זײַן סבֿיבֿה; ער איז געווען געצוווּנגען צו שפּילן אַ פאַלשע ראָל — קומט אים נישט דערפאַר צו לײַדן זײַן גאַנצן לעבן.

האָב איך אים געעצהט, ער זאָל אויף אַ קורצע ווײַל ממשיך זײַן די פאַלשע שפּיל: ער זאָל איבערלאָזן זײַנע זאַכן בײַ דער מויד, און איר זאָגן, אַז אַזוי ווי פאַר דער מלחמה האָט ער אין פּראַגע געהאַט אַ דענטיסטישן קאַבינעט, מוז ער צופאָרן זעען וואָס עס איז געוואָרן פון דעם קאַבינעט און פון די אינסטרומענטן. ער האָט דאָך בדעה צו עפענען אַ גרויסן קאַבינעט, דאַרף ער זעען, צי עפּעס־וואָס איז געבליבן פון דער אויסשטאַטונג. דעריבער פאָרט ער אויף עטלעכע טעג קיין פּראַגע, און אָט באַלד וועט ער זײַן צוריק.

האָט באַלעק געטאָן ווי איך האָב אים געעצהט. צי די מויד האָט געגלויבט וואָס ער האָט איר געזאָגט, אָדער זי האָט געפילט וואָס עס גייט געשען — דאָס וועט בלײַבן אַ סוד אויף אייביק...

* * *

אין איינעם אַ זונטאָג פֿאַר מיטאָג זענען מיר ביידע, איך און באַלעק, אַרויס צום הויפּט־טראַקט, וואָס פֿירט פֿון סקערניעוויץ קיין וואַרשע. איך האָב געהאַלטן אין דער האַנט אַ פֿלאַש בראָנפֿן, ווי אַ מין "וויזיטקאַרטע". רעזשימען בײַטן זיך, אָבער דער דורשט נאָך בראָנפֿן איז דער זעלבער בײַ אַלע רעזשימען. דעריבער האָב איך אויך בײַם סאָוויעטישן רעזשים זיך באַוויזן מיט אַ פֿלאַש בראָנפֿן אין דער האַנט. אויף דעם שאָסיי, ווו מיר האָבן זיך אַוועקגעשטעלט צו וואַרטן אויף אַ געלעגנהייט, אַ מאַשין זאָל אונדז מיטנעמען קיין וואַרשע, איז שוין פֿון פֿריִער געשטאַנען אַ פֿרוי מיט אַ פּיצעלע קינד אײַנגעהילט אין אַ דעק. האָב איך געזאָגט צו באַלעקן, אַז מיר שײַנט, די פֿרוי, וואָס וואַרט דאָ, איז אַ ייִדישע. איך האָב זיך דערנענטערט צו איר און געפֿרעגט:

"וווּהין ווילסטו פֿאָרן?"

ענטפֿערט זי:

"קיין וואַרשע".

זאָג איך איר גלײַך אין די אויגן אַרײַן:

"דו ביסט אַ ייִדישע!"

די פֿרוי איז דערשיטערט געוואָרן און רעאַגירט מיט אַ צעשראָקענע פֿראַגע:

"וואָס?"

איך האָב די פֿרוי באַרויִקט, איר געזאָגט, אַז אויך מיר דאָ זענען ייִדן. האָט די פֿרוי לײַכטער אָפּגעעטעמט. זי האָט געהאַט וואָס זיך צו שרעקן, הגם די נאַציס זענען שוין דעמאָלט געווען זייער ווײַט.

די סכנה פֿאַר ייִדן האָט זיך באַנײַט. דאָס מאָל האָבן באַנדעס פּוילישע כוליגאַנעס געלויערט אויף ייִדן, וואָס זענען אַרויס פֿון באַהאַלטענישן און צוריקגעקומען אין זייערע חרובֿע היימען, מיט דער האָפֿענונג עפּעס וואָס צו געפֿינען פֿון דעם וואָס איז געבליבן פֿון זייער וועלט. די מערהײַט פֿון זיי זענען אומגעקומען פֿון די הענט פֿון די כוליגאַנעס פֿון די אַ. קאַ. וועלכע האָבן אין דער נײַער, סאָוויעטישער מאַכט געזען פּונקט אַזאַ שונא ווי אין די נאַציס, און

זיי האָבן זייערע מערדערישע געפילן אויסגעלאָזט צו די ייִדן, וואָס האָבן באַוויזן איבערצולעבן די נאַציס.

מיר, איך, באַלעק און די פרוי מיטן קינד — איך מיט דער פלאַש בראָנפן אין דער האַנט ווי אַ פאָן — האָבן נישט לאַנג געוואַרט. עס איז אָנגעפאָרן אַ סאָוויעטישער ״גרוזאָוויק״ און דער שאָפער איז געווען אין דער ראַנג פון קאַפּיטאַן. מיט אַן אויפגעהויבענער האַנט האָב איך געבעטן די מאַשין זאָל זיך פאַרהאַלטן און געפרעגט דעם קאַפּיטאַן, צי ער פאָרט קיין וואַרשע און אויב יאָ, זאָל ער אונדז טאָן אַ טובֿה און מיטנעמען. ער איז מסכּים געווען. מיר זענען אייגנטלעך נישט געווען די איינציקע פּאַסאַזשירן. דורך דער צײַט ווי מיר האָבן געוואַרט האָבן זיך אויף דעם פּלאַץ צונויפגעזאַמלט אַ שפּאָרע צאָל פּאָליאַקן, וואָס אויך זיי האָבן זיך געקליבן אָנצוקומען קיין וואַרשע. דער קאַפּיטאַן האָט געהייסן אַלע זאָלן אַרויפקלעטערן אויף זײַן ״גרוזאָוויק״ און ער האָט ממשיך געווען זײַן וועג קיין וואַרשע.

ס׳איז געווען כּמעט סוף יאַנואַר. אין דרויסן האָט געהערשט אַ שטאַרקער פראָסט, וואָס איז אַרײַנגעדרונגען אין די ביינער אַפילו ווען מען איז געווען אָנגעקליידט אין פעלצן. כאָטש די אַלע פּאַסאַזשירן אינעם קאַסטן פון דעם ״גרוזאָוויק״ זענען געזעסן איינער נעבן דעם צווייטן, האָט דער פראָסט געריסן פון אונדז שטיקער, און ס׳האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז מיר וועלן קיין וואַרשע נישט דערפאָרן לעבעדיקע. געפרוירענע מענטשן וועט דער קאַפּיטאַן ברענגען קיין וואַרשע.

ערגעץ־ווו אין דער חורבֿער וואַרשע האָט דער קאַפּיטאַן באַפוילן, אַז אַלע וואָס געפינען זיך אין זײַן ״גרוזאָוויק״ זאָלן אַראָפּגיין. אויך מיר האָבן געטאָן דאָס זעלבע וואָס אַלע — אַראָפּגעשטיגן פון דער מאַשין. ער אַליין, דער קאַפּיטאַן, האָט זיך אויסגעדרייט מיטן פּנים צו די מאַשין־רעדער אויף צו טאָן זײַן נאַטירלעך געברויך. האָב איך אים נאָכגעטאָן. טוענדיק וואָס מיר ביידע האָבן געטאָן, האָב איך אויפגעכאַפּט, אַז דער קאַפּיטאַן זינגט זיך אונטער אַ ניגון, וואָס האָט מיר אויסגעזען צו זײַן אַ ייִדישער. איז מיר אײַנגעפאַלן, אַז מיט אונטערזינגען אַ ייִדישן ניגון וויל ער

אויספרווון צי איך בין אַ ייד. האָב איך אים געפרעגט:

״עמך? ביסט אַ ייד?

האָט ער מיר געענטפערט מיט אַ פראַגע, ווי עס איז דער ייִדיש־לעכער שטייגער:

״דו רעדסט ייִדיש?״

האָב איך געזאָגט:

״אַוודאי בין איך אַ ייִד און איך רעד ייִדיש. וואָס דען זאָל איך רעדן, אויב איך בין אַ ייִד?״

באַלד האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער קאַפּיטאַן איז אַ ייִד פון קיעוו. אַזוי שנעל ווי איך האָב אים געזאָגט, אַז די פרוי מיטן קינד און אויך דער צווייטער מאַן, באַלעק, זענען ייִדן, האָט ער אונדז געהייסן צוריק אַרויפקלעטערן אויפן ״גרוזאָוויק״. ער וועט אונדז אַרײַנפירן קיין פראַגע ווו מיר דאַרפן. ווײַזט אויס, אַז ער האָט נישט געהאַט קיין רעכט צו פירן אויף דער מאַשין ציווילע מענטשן, וואָרום ער האָט אונדז פיר איבערגעדעקט מיט אַ פּלאַנדעקע און זיך גענומען אין וועג אַרײַן. מחמת דעם שטאַרקן פראָסט האָט אונדז דער וועג אויסגעזעען אומענדלעך לאַנג.

די נאַציס האָבן געהאַט אויפגעריסן די בריק, וואָס פאַרבינדט וואַרשע מיט פראַגע, און בײַם פאַרסירן די ווײַסל האָט די סאָוויעטישע אַרמיי אַריבערגעוואָרפן איבערן טײַך אַ פּאָנטאָן־בריק, וואָס איז געווען באַשטימט בלויז פאַר מיליטערישער קאָמוניקאַציע. דאָס איז געווען די סיבה פאַרוואָס דער קאַפּיטאַן האָט אין וואַרשע אַראָפּגעזעצט אַלע פּאַסאַזשירן, נאָר בלויז אונדז געפירט ווײַטער איבערגעדעקטע מיט אַ פּלאַנדעקע. זײַן ציל איז געווען נישט וואַרשע, נאָר שעדלעץ, און ער האָט געמוזט אַדורכפאָרן די ווײַסל.

ווען מיר זענען אָנגעקומען קיין פראַגע איז שוין געווען אָוונט. און דערצו שטאָק פינצטער. באַלעק האָט גוט געדענקט ווו ער האָט געוווינט פאַר דער מלחמה. ער האָט געוווינט בײַ אַ קריסטין, און נישט געדאַרפט לאַנג זוכן כדי אָנצוקומען אויף דעם פּלאַץ. די קריסטין האָט אונדז אויפגענומען מיט אויפריכטיקער פרייד. די דירה

איז געווען גוט באַהייצט און מיר האָבן זיך גענויטיקט אין דער וואַרעמקייט ווי אַ דורשטיקער לעבצט נאָך וואַסער. אין קעגנזאַץ צו וואַרשע איז פראַגע נישט געווען צעשטערט. דער קאַפּיטאַן פון דעם ״גרוזאָוויק״ האָט מחמת דער פינצטערניש, דער שפּעטער שעה און אויך מסתמא מחמת דעם אומבאַקאַנטן פאַר אים וועג קיין שעדלעץ, אָפּגעלייגט זײַן נסיעה אויף צומאָרגנס. האָבן מיר אים מיט זײַן ״גרוזאָוויק״ מיטגענומען — ער זאָל דעם אָוונט זײַן מיט אונדז דאָרט ווו מיר וועלן זײַן איבער נאַכט. איז ער מיט דעם ״גרוזאָוויק״ אַוועק צו דעם הויז פון באָלעקס געוועזענער באַלעבאָסטע, צו זײַן אין אונדזער געזעלשאַפט.

זעט אויס, אַז באָלעק האָט געהאַט איבערצײַגט סײַ זײַן כלה, סײַ אירע שוועסטערס און סײַ דעם שוסטער גופא, אַז ער פאָרט צו קיין פראַגע בלויז וועגן די מכשירים פון זײַן דענטיסטישן קאַבינעט וואָס ער האָט דאָרט איבערגעלאָזט, און אָט באַלד קומט ער צוריק קיין סקערניעוויץ, ווו עס וועט אין אַ מזלדיקער שעה פאָרקומען די חתונה מיט זײַן פון גאָט באַשערטער, אין דער דאָרטיקער קירך. האָבן די מיידן, דער כלהס שוועסטער צוגעגרייט אַ צידה־לדרך כּיד־המלך, דעם חתן זאָל זיך גלוסטן וואָס שנעלער אַהיימצוקומען צו אַזאַ גן־עדנדיקער ״פּאַשע״.

דרך אגבֿ, די עלטערע פון דער כלהס שוועסטער האָט דווקא מיך געוואָלט פאַר אַ חתן; זי האָט זיך ״געפּוצט״ צו מיר מיט אַלע חנדלעך פון אַ מויד, וואָס שטאַרבט חתונה צו האָבן, בפרט מיט אַזאַ מאַן ווי איך — אַ באַרימטער דאָקטער, וואָס זײַן היילן מערידן איז באַרימט געוואָרן אין גאַנץ סקערניעוויץ.

האָט באָלעק אין זײַן צידה־לדרך־וואַליזע געהאַט פון אַלעם גוטן, מיט געריכערטע פליישן און אויסגעזוכטן היימיש־געבאַקן געבעקס. אויך איך האָב זיך נישט פאַרלאָזט אויף נסים אין אַזאַ צײַט, ווען רעזשימען בײַטן זיך אָפּ, און איך האָב זיך באַזאָרגט מיט מעדני מאכלים און אויך מיט דעם גאָר וויכטיקן אין דער און אין אַלע צײַטן — בראָנפן.

האָבן מיר בײַ באָלעקס געוועזענער באַלעבאָסטע געגעסן און געטרונקען, ווי מיר וואָלטן געווען אויסגעהונגערט. און די געמיטער זענען געוואָרן צעוואַרעמט, נישט בלויז פון דעם בראָנפן, נאָר אויך פון דעם וואָס דער קאַפּיטאַן האָט אונדז דערציילט. און דערציילט האָט ער אונדז, אַז פון דער פּראָפעסיע איז ער אַן אָפּערע־זינגער, נאָר אין דער מלחמה קעגן די נאַציס האָט ער זיך מאָביליזירט ווי אַ פראָנט־קעמפער. ער האָט דורכגעמאַכט אַלע געפאַרן, מיט וועלכע עס דראָעט די וואָס גייען אויפן פראָנט. און אָט געפינט ער זיך אין פּראַגע, דער פאָרשטאָט פון וואַרשע, ווו עס האָט געלעבט אַ גרויסער יידישער צענטער.

פון איין שנאַפּס צו אַ צווייטן שנאַפּס האָט דער קאַפּיטאַן אָנגעהויבן זינגען יידישע לידער. ער האָט געזונגען אָן אַ סוף, און איין ליד נאָכן צווייטן. עס איז געווען צו באַוווּנדערן פון וואַנען עס נעמט זיך צו אַ מענטש אַזאַ פענאָמענאַלער זכרון צו געדענקען ממש הונדערטער לידער. געענדיקט אַ ליד, האָט ער באַלד געפרעגט:

"און די האָט איר שוין געהערט?" און נישט וואַרטנדיק אויף אַן ענטפער האָט ער אָנגעהויבן זינגען דאָס ליד וואָס ער האָט געפרעגט צי מיר האָבן עס שוין געהערט. עס האָט אויסגעזען ווי נעבן אונדז וואָלט זיך זײַן יידישקייט צעוואַרעמט, און ער אַליין איז געווען גליקלעך וואָס ער האָט באַקומען אַ יידיש "פובליקום" וואָס זאָל אויסהערן זײַן זינגען. ער האָט געזונגען אַ גאַנצע נאַכט. ער האָט מיט זײַן געזאַנג און מיט דער מתיקות פון זײַן צאַרטער שטים אונדז, די וואָס האָבן יאָרן געלעבט אַ פאַלש לעבן ווי קריסטן, צוריקגעבראַכט צו זיך אַליין...

עס איז ביז גאָר שווער צו פאַרגעסן יענע וווּנדערבאַרע נאַכט אין דער פינצטערער, וויסטער פּראַגע, און עס ווילט זיך גאָרנישט פאַרגעסן! ווי מיט אַ בישוף־שטעקעלע האָט דער קאַפּיטאַן מיט זײַן געזאַנג אַראָפּגענומען פון אונדז די פרעמדע שאָל און אונדז צוריקגעבראַכט צו דעם וואָס מיר זענען געווען — יידן.

אין דער פרי האָט זיך דער קאַפּיטאַן מיט אונדז געזעגנט, זיך געהאַלדזט און צעקושט מיט אונדז און ער האָט נישט אויפגעהערט

איבערצווחזרן, אַז ער האָט זיך מחיה געווען אין אונדזער געזעלשאַפט. און מיר? — מיר האָבן זיך מחיה געווען אין זײַן געזעלשאַפט און אים דאַנקבאַר געווען פאַר דעם נחת־רוח וואָס ער האָט אונדז פאַרשאַפט, ווי ער וואָלט געווען אַן אליהו הנביא צו דערמוטיקן ייִדן, וואָס זענען געווען יאָרן אײַנגעפרוירן אין פרעמדקייט... צום סוף, אײַנשטייגנדיק אין זײַן "גרוזאָוויק", האָט ער געזאָגט:

"איך האָב אײַך אַרויסגעפירט פון גיהנום און אײַך אַרײַנגעפירט אין גן־עדן".

צי איז ער ווירקלעך געווען אליהו הנביא, דער ייִדישער אָפּערע־זינגער פון קיעוו, דער קאַפּיטאַן פון דער רויטער אַרמיי, וואָס האָט אונדז באַפרײַט פון די נאַצישע מערדער?

* * *

אָנקומענדיק קיין פּראַגע איז מײַן גאַנץ פאַרמעגן באַשטאַנען פון צען גאָלד־רובל. דאָס איז מיר געבליבן פון דעם אַלעם, וואָס איך האָב פאַרמאָגט. אין פּראַגע האָב איך נישט געקענט געפינען קיין אָרט פאַר זיך. עס האָט מיך געטריבן.

איך בין דאָך באַפרײַט! פרײַ צוריקצוקומען פון וואַנען איך בין אַוועק. האָב איך ספּאָנטאַן באַשלאָסן צו פאָרן קיין סאָקאָלאָוו. דאָרט בין איך דאָך געבוירן געוואָרן, פאַרבראַכט גליקלעכע קינדערשע יאָרן, דאָרט געלערנט אין דער ישיבה און דאָרט בין איך רײַך געוואָרן; איך האָט דאָרט געהאַט אַ זאַטע, וואַרעמע היים בײַ עלטערן, בײַ וועלכע די קינדער זענען געווען זייער גאַנץ לעבן און זיי האָבן פאַר זיי געשטערעקט דאָס לעבן. האָט עס מיך געצויגן צו דער היים, כאָטש איך האָב געוווּסט אַז זי ליגט אין חורבות, אַז דאָרט איז קיינער פון מײַנע נאָענטסטע נישט געבליבן.

פאַר דער מלחמה האָבן אין סאָקאָלאָווע געלעבט בײַ אַ פינף טויזנט יידישע משפחות. ווי אַלע ענלעכע יידישע שטעט, איז סאָקאָלאָווע געווען אַ יידישער כרך, מיט יידישע פּאָליטישע פאַרטייען, פאַראיינען, ביבליאָטעקן, מיט אַ רײַך אַקטיוו קולטור־לעבן, ווי אין דער שטאָט וואָלטן געלעבט נישט פינף טוינט יידישע משפחות, נאָר הונדערטער טויזנטער יידישע משפחות, און ווי פון זייער געזעלשאַפטלעך־פּאָליטישער אַקטיוויטעט וואָלט געווען אָפּהענגיק דער קיום פון דעם גאַנצן יידישן פאָלק.

אַזעלכע זענען געווען די יידישע סאָקאָלאָווס, די פּרושקאָווס, די יאַדעוועס. אויפן וועג קיין סאָקאָלאָווע בין איך אָפּגעטרעטן אין יאַדעווע. נאָך דער חתונה מיט מײַן פרוי האָבן מיר זיך באַזעצט אין יאַדעווע, וואָס איר יידישע באַפעלקערונג איז געווען אַ סך ווייניקער ווי אין סאָקאָלאָווע, — אַ צוויי טויזנט משפחות — אָבער מיט נישט קיין קלענערער געזעלשאַפטלעכער אַקטיוויטעט, כאָטש דאָס קהילהשע לעבן איז פון קדמונים געלעגן אין די הענט פון דער אָרטאָדאָקסיע. דאָס האָט נישט געשטערט די יידישע יוגנט אין יאַדעווע זאָל שטרעבן צו העכערס און שענערס. אויך דאָ איז דאָס

יידיש־פּאַרטייאישע לעבן געווען אַ קאָבעדיקס. דאָ האָב איך געהאָפּט צו בויען מײַן משפּחה־לעבן און מײַן עקאָנאָמישן מעמד.

מחמת דער סכנה וואָס עס האָט געדראָעט יידן מצד די פּוילישע אַ.קאַ.־בוליגאַנעס, וואָס האָבן געמאָרדעט יעדן אָנגעטראָפענעם ייד אויף די וועגן און באַנען, בין איך געפאָרן בלויז מיט סאָוויעטישע מיליטערישע מאַשינען. די אָנוועזנהייט פון דער סאָוויעטישער אַרמיי האָט נישט געשטערט די פּוילישע בוליגאַנעס צו מאָרדן יידן, אָבער זיי האָבן געציטערט צו קומען אין אַ צוזאַמענשטויס מיט דער סאָוויעטישער מאַכט.

אין יאַדעווע האָב איך קײַן איינציקן ייד נישט געפונען, אָבער די שילדן איבער די אַמאָליקע ייִדישע קראָמען און קרעמלעך האָבן מיר דערציילט וואָס דאָ איז געווען און געשען, וואָרום איך אַליין בין דאָך געווען אַן עדות פון דעם וואָס דאָ איז געשען. איך האָב אַפילו נישט געהאַט אין וועלכער טיר אָנצוקלאַפּן און פרעגן: ״אפשר?״ ״טאָמער?״ ״ציי?״. גאָרנישט. נישטאָ קיין לעבעדיק יידיש נפש. גאַנץ צופעליק האָב איך זיך אָנגעשטויסן אויף אַ פּאָליאַק וואָס איך האָב אים געקענט פאַר דעם חורבן. קרעמפּיעץ האָט ער געהייסן. האָט ער מיך פאַרבעטן איך זאָל ביי אים שלאָפן. איך האָב די אײַנלאַדונג אָנגענומען. איך בין געשלאָפן אַ נאַכט אין אַן אויסגעשאָכטענער שטאָט, ווו די שטילקייט איז געווען ווי אין אַ קבֿר.

אין סאָקאָלאָוו האָב איך געפונען עטלעכע יידישע פאַמיליעס, וואָס זענען צוריקגעקומען פון אַלע טויט־סכנות, וואָס זיי האָבן איבערגעלעבט אין די יאָרן, פּדי אויך איצט, נאָך דער באַפרײַאונג פון דעם נאַצישער קאָשמאַר, ווידער צו לעבן אין סכנות־נפשות. יעדער ש.אָרך, יעדער קלאַפּ אין דער טיר, אָדער ווען עס האָט זיך בלויז אויסגעדאַכט, אַז עמעצער קלאַפּט אין דער טיר, האָט זיי געמאַכט אויפציטערן מיט דער זעלבער שרעק ווי זיי זענען אויפגעציטערט געוואָרן ווען זיי זענען געלעגן אין די באַהעלטענישן אויס פחד פאַר די נאַציס און פּוילישע מוסרים.

אין דעם שכונותדיקן שטעטל קאָסאָוו האָבן פּאָליאַקן דערמאַרדעט עטלעכע יידן, וואָס האָבן על־פּי־נס איבערגעלעבט אין דעם טרעבלינקע־לאַגער נומער צוויי, וואָס איז געווען באַשטימט ווי אַ קאָנצענטראַציע־ און אַרבעט־לאַגער פאַר פּאָליאַקן. איבערגעלעבט טרעבלינקע און געפאַלן פון פּוילישע מערדערישע הענט.

צווישן די פּאָר יידן אין סאָקאָלאָווע האָב איך באַגעגנט איינעם מיטן נאָמען ראַפּאַלאָוויטש וואָס ער לעבט נישט מער, און זיין שוואָגער שעפּסל גרינבערג, וואָס לעבט אין ישראל. די נעמען פון די אַנדערע האָב איך נישט געהערט. סך־הכּל זענען, שיינט מיר, קיין מנין יידן נישט געווען אין סאָקאָלאָווע. איך האָב פאַרשטאַנען וואָס עס האָט די מענטשן געצויגן צו זייער אַלטער היים, וואָרום אויך מיך האָט געצויגן צו באַזוכן יאַדעווע און סאָקאָלאָווע, כאָטש איך האָב געוווסט, אַז איך וועל דאָרט קיינעם פון מיינע נאָענטע און קרובֿים נישט געפינען. אַזאַ מין באַגער צוריקצוקומען און זען די חורבֿע היים איז מסתמא פאַרבונדן מיט אַן אַטאַוויסטישן כּוח, וואָס איך בין נישט פעיק משיג צו זיין. אָבער וואָס האָט די יידן דאָרט געהאַלטן אויב זיי האָבן געלעבט אין אייביקער שרעק?

איין נאַכט אין סאָקאָלאָווע בין איך געשלאָפן ביי דעם דערמאָנטן ראַפּאַלאָוויטש, וואָס לעבט נישט מער. איך האָב דאָרט מער נישט געקענט בלייבן. עס האָט מיך געטריבן פון דעם חורבֿן און פון מסוכּנעס פּלאַץ, וואָס איז אַמאָל געווען מיין היים. צו ראַפּאַלאָוויטשן, וואָס האָט געהאַט זלאָטעס, האָב איך פאַרקויפט מיין פאַרמעגן פון צען גאָלד־רובל און פאַר דעם גרעסטן טייל זלאָטעס האָב איך איינגעהאַנדלט חזיר־פעטס, מיט דער האָפענונג עס שפּעטער צו פאַרקויפן אין פּראַגע און אָפּנעמען דערפאַר דאָפּלט וויפל איך האָב באַצאָלט. ווי אין פאַל מיט סקערניעוויץ בין איך אויך אין סאָקאָלאָוו אַרויס אויפן שאָסיי, כּדי אָפּצוּוואַרטן אַ סאָוויעטישן לאַסט־אויטאָ, וואָס זאָל מיך מיטנעמען קיין פּראַגע. הגם מיינע דאָקומענטן זענען געווען, ווי פריער, פּוילישע, האָב איך נישט

געוואָלט איינשטעלן מיין לעבן, וואָס איך האָב אָפּגעראַטעוועט מיט אַזוי פיל איבערלעבענישן און פּחדים.

אויב פריער פלעגן די פוילישע כוליגאַנעס איבערגעבן אַ ייִד צו דער געסטאַפּאָ, די נאַצישע באַנדיטן זאָלן אים הרגענען, האָבן זיי איצט די "מלאכה" אָפּגעטאָן אַליין. אויב זיי האָבן פאַרדעכטיקט עמעצן אין אַ באַן אַז ער איז אַ ייִד, האָבן זיי דעם קרבן פּשוט אַרויסגעוואָרפן פון דעם לויפנדיקן צוג, און אויב זיי האָבן געכאַפּט אַ ייִד ערגעץ־ווו אויף אַ וועג, צי אין אַ שטעטל, האָבן זיי אים דערשאָסן.

בין איך אויך פון סאָקאָלאָווע געפאָרן מיט אַ סאָוויעטיש־מיליטערישן לאַסט־אויטאָ, וואָס איז שוין געווען פול מיט ציוויליע פּאָליאַקן. גראָד איז דער לאַסט־אויטאָ געפאָרן דירעקט קיין וואַרשע־פּראַגע. אָבער אויפן וועג איז פאָרגעקומען אַ קאַטאַסטראָפע.

אויפן שאָסיי צווישן ווישקאָוו און ראַדזימין האָט דער שאָפער פאַרלוירן די שליטה אויף זיין מאַשין און מיטן גאַנצן אימפּעט איז ער אַרויפגעפאָרן אויף אַ פויערישן וואָגן. דער באַלעגאָלע פון דעם וואָגן איז געהרגעט געוואָרן אויפן פלאַץ. דער לאַסט־אויטאָ האָט זיך איבערגעדרייט מיט אַזאַ שווונג, אַז די פּאַסאַזשירן זענען ממש אַרויסגעפלויגן פון דער מאַשין און געלאַנדעט אין אַ זומפּיקן שטח. דער זומפּ איז געווען אַזאַ טיפער אַז לא די וואָס איך בין שיער נישט באַגראָבן געוואָרן אין אים, האָב איך דערצו פאַרלוירן מיין איינגעהאַנדלטע סחורה — דאָס חזיר־פעטס — און מיין וואַליזע, וואָס זענען דווקא יאָ איינגעזונקען אין דעם זומפּ. איך אַליין בין קוים אַרויס אַ לעבעדיקער.

עס איז לייַכט זיך פאָרצושטעלן ווי איך האָב אויסגעזען נאָך דעם ווי איך האָב זיך אַרויסבאַקומען פון דעם זומפּ. פאַרבלאָטיקט ביז דער הויט, און נאַס אין דער ביטערער קעלט, האָב איך געפילט, אַז איך טאָר נישט וואַרטן אויף אַן אַנדער סאָוויעטישער געלעגנהייט וואָס זאָל מיך וועלן אויפנעמען. ווער וועט אַרויפלאָזן אויף זיין מאַשין אַ שטיק בלאָטע? האָפן אויף דער איבערגעקערטער

מאַשין איז געווען אומזיסט די צײַט. איך האָב אַפּילו מער נישט באַמערקט דעם שאָפער, צי ער איז בכלל געבליבן בײַם לעבן. די אַנדערע פּאַסאַזשירן, וואָס האָבן זיך אַרויסבאַקומען פון דעם זומפּ, האָבן אויסגעזען ווי שדים. מסתמא האָב אויך איך אַזוי אויסגעזען. האָב איך באַשלאָסן זיך אָפּצורײַסן פון דעם געזעמל פאַרזומפּיקטע מענטשן און אַוועקגיין צופוס קיין ראַדזימין, סך־הכל אַ פינף קילאָמעטער.

מײַן האָפענונג איז געווען, אַז אפשר וועל איך אין ראַדזימין געפינען יידן און זיי וועלן מיר אַרויסהעלפן אין מײַן נויט. איך בין דאָך געבליבן בחוסר כּל, מיט אַ פּאָר געציילטע זלאָטעס, וואָס איך האָב זיי זיך איבערגעלאָזט נאָך דער חזיר־טראַנזאַקציע, כדי צו האָבן מיט וואָס צו קומען קיין פּראַגע.

פון ראַדזימין קיין וואַרשע האָט קורסירט אַ שמאָל־רעלסיק באַנדל (״קאָלייקע״). האָב איך געטראַכט, אַז נאָכן אָנקומען קיין ראַדזימין, וועל איך זיך אַרײַנזעצן אין דער ״קאָלייקע״ און פאָרן קיין פּראַגע. דאָס איז געווען אוממעגלעך. האָב איך אין ראַדזימין זיך נאָכגעפרעגט אויף יידן און איינער אַ פּאָליאַק האָט מיר אָנגעוויזן אויף אַ הויז ווו עס לעבן צוויי יידן. ס׳איז געווען ריכטיק.

איינער פון די צוויי יידן, וואָס איך האָב באַגעגנט אין דעם הויז, האָט געהייסן שאַפּראַן. זײַן משפחה האָט פאַר דער מלחמה געהאַט אין סאָקאָלאָווע אַ מיל, וואָס האָט אויך פּראָדוצירט עלעקטרישן שטראָם פאַר דער שטאָט. אגב, דער מאַן לעבט הײַנט אין פראַנק־רײַך. די צוויי יידן האָבן מיך אויפגענומען מיט ברידערלעכער האַרציקייט, און זיי האָבן באַשטעטיקט דעם ייִדישן ווונטש: ״גאָטעניו, וואַרף מיך ווו דו ווילסט, נאָר וואַרף מיך צווישן אייגענע״. די צוויי האָבן מיך אָפּגערייניקט פון דער בלאָטע, אויסגעטרוקנט מײַנע קליידער, צוגעגרייט פאַר מיר אַ וועטשערע און אויסגעבעט אַ געלעגער איך זאָל זיך קענען אויסרוען נאָך די איבערלעבונגען מיט דעם זומפּ. בײַ אָט די טײַערע, ברידערלעכע יידן האָב איך זיך אויפגעהאַלטן צוויי טעג. נאָך דעם בין איך מיט דער ״קאָלייקע״ געפאָרן קיין פּראַגע.

* * *

אין יענע טעג האָט אין פּראַגע זיך שוין געהאַט געגרינדעט אַ ייִדישער קאָמיטעט. בראש פון דעם קאָמיטעט איז געשטאַנען אַ גערזעלשאַפטלעכער טוער מיט דעם נאָמען פּיזשיץ. די פּיזשיצס זענען געווען אַ פאַרצווייַגטע משפחה אין ביאַלע פּאָדליאַסקי און אין וואַרשע, אַלע מאָל געווען אַרייַנגעטאָן אין געזעלשאַפטלעכער עסקנות. דער יידישער קאָמיטעט איז אייגנטלעך פריער געגרינדעט געוואָרן אין לובלין, וואָס איז באַפרייַט געוואָרן אַ סך פריִער איידער וואַרשע איז באַפרייַט געוואָרן. צו דער לייטונג פון דעם קאָמיטעט האָבן געהערט מרדכי זאָנשיין (שפּעטער איז ער אין ישראל געווען אַ פאַרלעגער פון ביכער). ער איז געשטאָרבן אין תל־אביב. צו דער אָנפירערשאַפט פון דעם קאָמיטעט האָט אויך געהערט דער ציוניסטישער עסקן מיכאל קאָסאָווער. ער איז געווען דער קאַסירער פונעם קאָמיטעט. מיכאל קאָסאָווער איז שפּעטער, אין ישראל, געווען דער אַדמיניסטראַטאָר פון דער ענציקלאָפּעדיע פון דעם פּוילישן יידנטום אונטער דער רעדאַקציע פון יצחק גרינבוים. אויך ער איז געשטאָרבן אין תל־אביב אין יאָר 1978. ער איז געווען אַ טייַערער, פרייַנדלעכער מענטש, וואָס אַז ער האָט געקענט עמעצן טאָן אַ טובֿה איז ער געווען אַזוי שטאַרק צופרידן, ווי יענער וואָלט אים געטאָן די טובֿה, וואָס ער בעט בייַ אים אַ טובֿה...

עס איז קיין מאָל נישט געווען אין מייַן נאַטור צו בעטן בייַ עמעצן עקאָנאָמישע הילף און איך האָב אַזאַ הילף נישט געבעטן בייַם יידישן קאָמיטעט אין פּראַגע. אָבער אַרויפקומענדיק אַהין, עווענטועל צו באַגעגענען פרייַנד און באַקאַנטע, האָב איך זיך אָנגעטראָפן אויף מיכאל קאָסאָווער. מיר האָבן זיך דערפרייט מיט איינאַנדער, ווי ברידער וואָס האָבן זיך אָפּגעפונען נאָך דעם גרויסן חורבן. האָט קאָסאָווער געזאָגט צו מיר:

״קום, יצחק, לאָמיר אַראָפּגיין מאַכן אַ ״לחיים״ פאַר דעם וואָס מיר זענען געבליבן לעבן און דערלעבט היטלערס מפּלה״.

אין דעם זעלבן בנין, אין וועלכן עס האָט זיך געפונען דער ייִדישער קאָמיטעט, אויף טאַרגאָווע גאַס נומער 44, האָט זיך אונטן

געפונען אַ פּוילישער רעסטאָראַן. זענען מיר אַראָפּגעגאַנגען, גענומען אַ פלעשל בראָנפן (סײַ מיכאל קאָסאָווער ז״ל און סײַ איך האָבן געקענט טרינקען נישט צו ווערן שיכּור) און מיר האָבן געפּײַערט אונדזער איבערלעבן. נאַטירלעך, אַז מען טרינקט דאַרף מען פאַרבײַסן און מיר האָבן פאַרביסן כּיד־המלך. איך בין דעמאָלט געהאַט געבליבן בלויז מיט אַ פּאָר פאַראײַנצלטע פּוילישע זלאָטעס. אַז ס'איז געקומען צו באַצאָלן, האָב איך אַרײַנגעשטעקט די האַנט אין מײַן קעשענע און געמאַכט דעם אָנשטעל ווי איך וואָלט דאָרט געהאַט אַן אוצר. אין דער אמתן האָט מײַן ״פּאַרמעג״ נישט געסטײַעט צו באַצאָלן אפילו פאַר אַ פערטל פון דעם חשבון, וואָס אונדזער ״לחיים״ האָט באַטראָפן.

קאָסאָווער האָט אינטויִטיוו דערפילט מײַן פינאַנציעלן מצבֿ און געזאָגט:

״איך זע אַז דו האָסט נישט קײַן געלט״.

האָב איך זיך מודה געווען, אַז איך האָב טאַקע נישט; איך בין געבליבן, ווי מען זאָגט, אויף דער פליישבאַנק. ער האָט באַצאָלט דעם חשבון. דערנאָך האָט ער אַרײַנגעשטעקט די האַנט אין זײַן קעשענע, אַרויסגענומען פון דאָרט אַ פּעקל באַנקנאָטן פון 50 טויזנט זלאָטעס און עס מיר דערלאַנגט, זאָגנדיק:

״נעם דאָס געלט. ווען דו וועסט קענען וועסטו מיר צוריקגעבן״.

אָט די הלוואה האָט מיך געשטעלט אויף די פיס.

צו מסחר בין איך געווען פעיִק, האָב איך אָנגעהויבן האַנדלען און ס'איז מיר אַוועק נישט שלעכט. דאָס ערשטע וואָס איך האָב געטאָן: איך האָב זיך פריש באַקליידט, כּדי צו זײַן עלעגאַנט אָנגעטאָן. אַ מענטש — ווי ער איז אָנגעטאָן אַזוי זעט מען אים.

איין מאָל בין איך אַרויפגעקומען אין יידישן קאָמיטעט, איז מיר אַנטקעגנגעקומען דער פאָרזיצער, פּיזשיץ. ער האָט מיך אָפּ־געשטעלט און געפרעגט אַ פראַגע: ״אפשר ווייס איך ווו מען קען בּאַקומען שויבן־גלאָז״.

אויף דער זעלבער טאַרגאָווע גאַס, ווו עס האָט זיך געפונען דער יידישער קאָמיטעט, איז געשטאַנען אַ הויז מיט אויסגעשלאָגענע

שויבן. דער קאָמיטעט האָט פּלאַנירט צו באַזעצן דאָס הויז מיט צוריקגעקומענע און אָפּגעראַטעוועטע יידן. אָבער ווי באַזעצט מען מענטשן אין וווינונגען אין וועלכע די שויבן זענען אויסגעשלאָגן און די קאַלטע צוגווינטן פּײַפן אין אַלע ווינקלען? ס'איז דאָך געווען ווינטער־צײַט!

אין גאַנץ פּראַגע האָט מען דעמאָלט נישט געקענט באַקומען קיין גלאָז אַפילו נישט פֿאַר איין שויב. אויסגעשלאָגענע שויבן האָט מען פֿאַרטרעטן מיט ברעטער, אָדער מיט דיקט, אויב אַזעלכס איז נאָך געבליבן פֿון הייצן די אויוונס אין די פּראָסטיקע טעג.

מאַכט זיך אַ צופֿאַל:

גייענדיק מיט דער טאַרגאָווע גאַס האָב איך דערזען ווי אין דער אַנטקעגנדיקער ריכטונג פֿאָרט אָן אַ לאַסט־אויטאָ וואָס זײַן פֿולע לאָדונג באַשטייט פֿון אָפֿענע קאָסטנס שויבן־גלאָז. ספּאָנטאַן האָב איך אויפֿגעהויבן די האַנט, ווי אַ צייכן דער לאַסט־אויטאָ זאָל זיך פֿאַרהאַלטן. דער שאָפֿער האָט מיך פֿאַרשטאַנען און פֿאַרהאַלטן די מאַשין. פֿון דער קאַבינע איז אַרויס אַ סאָוויעטישער לייטנאַנט. רוסיש האָב איך דעמאָלט נישט געקענט. האָב איך גערעדט צו אים אַ פּוילישן רוסיש און דער יונגערמאַן האָט מיך אויסגעצייכנט פֿאַרשטאַנען, אַז איך בין אַ בעלן אָפּצוקויפֿן בײַ אים דעם גאַנצן טראַנספּאָרט גלאָז. האָב איך אים געזאָגט:

"דו האָסט מיך גוט פֿאַרשטאַנען, און וויפֿל ווילסטו פֿאַר דער גאַנצער קראָם גלאָז?"

זעט אויס, אַז זײַן אַ לייטנאַנט הייסט נאָך נישט זײַן אַ סוחר. ער האָט מיר נישט געקענט זאָגן דעם פּרײַז. האָב איך אים אַרויסגעהאָלפֿן און אים געזאָגט, אַז איך גיב אים פֿופֿצן טויזנט זלאָטעס און דאָס גלאָז איז מײַנס. האָט ער זיך געקווענקלט און געפֿאָדערט עפּעס מער. האָב איך אים געזאָגט:

"ווייסט וואָס? צו די פֿופֿצן טויזנט זלאָטעס גיב איך דיר צו פֿינף פֿלעשער וואָדקאַ".

דער לייטנאַנט האָט זיך אָנגעכאַפּט אין דער מציאה און איך האָב צוגעפּאַטשט — דער טראַנספּאָרט גלאָז איז געווען מײַנער.

מיר, איך און דער לייטנאַנט, האָבן זיך אַרײַנגעזעצט אין דער קאַבינע פון דעם לאַסט־אויטאָ און איך האָב אים געוויזן דעם וועג צו דעם הויז אויף דער טאַרגאָווע גאַס, ווו עס איז געשטאַנען דאָס הויז מיט די אויסגעשלאָגענע שויבן. מיר, איך דער לייטנאַנט און דער שאָפער, האָבן געאַרבעט שווער און ביטער בײַם אַראָפּנעמען די קאַסטנס גלאָז, וואָרום דער קוואַנטום גלאָז איז געווען אַזאַ גרויסער, אַז איך האָב געקענט מיט אים באַגלייזן די פענצטער פון צען אַזעלכע הייזער. איך האָב דערפילט, אַז דער קאָמוניסטישער לייטנאַנט האָט פון מיר געמאַכט אַ קאַפּיטאַליסט.

פאַר דעם גלאָז צו באַגלייזן אַלע שויבן אין דער הויז האָב איך באַקומען אַכציק טויזנט זלאָטיס. און כדי נישט צו ווערן קיין קרעמער פון שויבן, האָב איך דאָס גאַנצע איבעריקע שויבן־גלאָז פאַרקויפט מיט איין מאָל פאַר הונדערט טויזנט זלאָטיס. אַזוי אַרום האָב איך אין דער טראַנזאַקציע מיט דעם סאָוויעטישן לייטנאַנט פאַרדינט מיט איין קלאַפּ הונדערט און פינף זעכציק טויזנט זלאָטעס!

אויף צו מאָרגנס נאָך דער טראַנזאַקציע האָב איך זיך געטראָפן מיט מײַן טײַערן מיכאל קאָסאָווער, אים צוריקגעגעבן די הלוואה פון פופציק טויזנט זלאָטעס און מיר האָבן געמאַכט דעם ריכטיקן ״לחיים״ אויף ברכה און הצלחה...

מיט געלט אין דער קעשענע און אָנגעטאָן עלעגאַנט, בין איך געוואָרן זעלבסטזיכער און האָפערדיק. דער רעזשים איז אַ סאָוויעטישער און אין סאָוויעטישן רעזשים איז די באַוועגונג פון סחורות אַ שלעפּעדיקע. קיין שום סחורה געפינט זיך נישט דאָרט ווו מען דאַרף זי, און דאָרט ווו זי איז דאָ — דאַרף מען זי נישט, אָדער עס זענען נישטאָ קיין בעלנים אויף איר. האָב איך אָנגעהויבן האַנדלען אַהער און אַהין און טאַקע ״רעגולירט״ די באַוועגונג פון סחורות, און עס איז מיר אַוועק טאַקע מיט מזל און ברכה. אין איינעם אַ טאָג האָט זיך צו מיר געוואָנדן אַ פּאַרשוין, וואָס געהייסן האָט ער שלמהלע, און זײַן שאלה איז געווען, צי איך ווייס ווו מען קען באַקומען גאָלד־שטיקלעך. אויך גאָלד־שטיקלעך זענען אַ סחורה אויב מען קויפט און מען פאַרקויפט זיי. און אַז מען

פֿאַרקויפֿט זיי פֿון האַנט צו האַנט — פֿאַרדינט מען. האָב איך געפֿונען אַ קוועלע פֿון גאָלד־שטיקלעך און דעם מאַן צוגעשטעלט די סחורה. איך האָב פֿאַרדינט גאָלד. מיט אַ וואָך שפּעטער איז דער זעלבער מאַן געקומען צו מיר און זיך פֿאַרקלאָגט, אַז אין שעדלעץ האָט מען בײַ אים קאָנפֿיסקירט אַ פּולן לאַסט־אויטאָ מיט מעל, סך הכל 85 זעק. ממש אַ פֿאַרמעגן צו מאַכן אַ נאָך גרעסער פֿאַרמעגן. מילא, גאָלד־שטיקלעך זענען גאָלד־שטיקלעך, אָבער ווי קום איך צו מעל, ווען פֿאַר דער מלחמה איז מײַן בראַנזשע געווען מאַנופֿאַקטור?

וואָס דער פֿאַרשוין שלמהלע האָט געוואָלט פֿון מיר איז אַ פּרײַנדלעכע בקשה: אַזוי ווי איך בין אויפֿגעטראָגן מיט די אָנפֿירער פֿון דעם יידישן קאָמיטעט, זאָל איך פֿאַר אים אַרויסבאַקומען אַ בריוו, אַז דאָס קאָנפֿיסקירטע מעל איז געווען באַשטימט פֿאַר דעם יידישן קאָמיטעט און דער קאָמיטעט פֿאָדערט צוריק די 85 זעק מעל. בין איך אַרויפֿגעגאַנגען צום קאָמיטעט־פּאָרזיצער פּיזשיץ און אים דערציילט די מעשה. האָט זיך פּיזשיץ פֿאַרטראַכט און מיר געענטפֿערט, אַז וואָס שײַך אַזאַ בריוו קען ער מיר אים געבן, אָבער זײַן אונטערשריפֿט — אָדער דעם אונטערשריפֿט פֿון וועלכן עס טוער אין דעם קאָמיטעט קען ער נישט געבן, סײַדן גלײַך פֿון דעם אונטערשריפֿט זאָל ער גיין אין טורמע אַרײַן. דער יידישער קאָמיטעט איז טאַקע אַ קאָמיטעט, ער טוט וואָס ער קען, אָבער ער איז נישט קיין אומאָפּהענגיקע אינסטיטוציע. איבער אים איז פֿון דער סאָוויעטישער מאַכט באַשיטימט אַ קאָמיסאַר, אָדער אַן אויפֿזעער, וואָס אין וויכטיקע פֿראַגן איז ער דער באַשטימער און נישט פּיזשיץ און נישט עמעצער אַנדערש פֿון די קאָמיטעט־אָנפֿירער. דער קאָמיסאַר איז אַ געוויסער באָלעק, אַ פּולקאָווניק. נאָר ער קען אונטערשרײַבן אַזאַ בריוו.

עס האָט געהאַלטן דערבײַ, אַז פֿון דער גאַנצער זאַך זאָל גאָרנישט אַרויסקומען.

אַז איך האָב וועגן דעם אַלעמען איבערגעגעבן דעם פֿאַרשוין פֿון דעם קאָנפֿיסקירטן מעל, איז ער געוואָרן נאָך מער דערשלאָגן ווי ער איז געווען. ער האָט אין די 85 זעק מעל אַרײַנגעלייגט זײַן גאַנץ

פאַרמעגן און טאָמער באַקומט ער עס נישט צוריק, אָדער ווייניקסטנס אַ טייל פון דעם מעל — איז ער אומגליקלעך. האָב איך דעם ייִד געטרייסט, ער זאָל זיך נישט מייאש זײַן.

אין אַזעלכע צײַט געשעען אויך פאַלן וואָס אַ מאָל פלעגט מען זיי אָנרופן ניסים, וואָרום דאָס עצם בלײַבן לעבן איז דאָך אַ גרויסער נס.

דעם אמת געזאָגט האָב איך אַליין נישט געהאַט קיין צו גרויסע אמונה אין דעם וואָס איך האָב געזאָגט. דאָס בלײַבן לעבן איז נישט געווען קיין נס, נאָר אַן אומענדלעכע מי און מאַטערניש אויסצומײַדן טויט־סכּנות אין אַלע מעגלעכע פאָרמען. האָט זיך באַלד אַרויסגעוויזן אַז מײַנע טרייסט־ווערטער האָבן פון דעסטוועגן "ערגעץ־ווו" אָנגעקלאַפּט און געהאָלפן...

גייענדיק אין גאַס, טאַקע אין פּראַגע, איז אויף מיר אַרויפגעפאַלן אַ יונגערמאַן, אַ פּוילישער לײַטנאַנט. ער האָט מיך געדריקט צו זיך, געקושט און געפרייט זיך מיט מיר ווי ער וואָלט אָפּגעפונען אַ לײַבלעכן ברודער. איך האָב אין אים דערקענט אַ פּאָליאַק פון סאָקאָלאָווע. געהייסן האָט ער סטאַשעק — סטאַשעק אָלשעווסקי. פאַר דער מלחמה פלעגט ער בײַ מיר קויפן מאַנופאַקטור־שטאָפן. איידער וואָס־ווען זאָגט צו מיר סטאַשעק מיר זאָלן אַרײַנגיין ערגעץ־ווו מאַכן דער ריכטיקן שנאַפּס. אַלץ הייבט זיך דאָך אָן פון בראָנפן.

זענען מיר אַרײַן אין אַ רעסטאָראַן, אויסגעטרונקען אַ פלעשל, גענומען פאַרבײַסעכץ, און געשמועסט וועגן די אַמאָליקע צײַטן.

האָב איך געזאָגט צו סטאַשעקן:

"כ'זע ביזט אַ פּאָרוטשניק — וואָס זשע טוסטו אין דײַן אָפיצירן־ראַנג?"

האָט ער מיר געענטפערט, אַז זײַן אַרבעט באַשטייט אין דעם וואָס ער פירט אָן מיט דער פּוילישער מיליטערישער בעקערײַ.

געהערט, אַז ער פירט אָן מיט דער פּוילישער מיליטערישער בעקערײַ, האָט מיר אָנגעהויבן שווינדלען פאַר די אויגן. איך האָב דערזעען פאַר זיך דאָס צעווייטיקטע פּנים פון שלמהלע מיט די

גאָלד־שטיקלעך, וואָס איז נעבעך אַריינגעפאַלן מיט 85 זעק מעל.
איך האָב באַשטעלט נאָך אַ פלעשל בראָנפן און גלייך צוגעטרעטן צו דער זאַך:

"אויב — האָב איך אים געזאָגט - "דו ביסט דער גאַנצער דעה־זאָגער אין דער פוילישער מיליטערישע בעקעריי, איז אפשר קענסטו מיר העלפן? ביי מיינעם אַ פריינד האָט מען אין שעדלעץ קאָנפיסקירט אַ לאַסט־אויטאָ מיט מעל. מיין פריינד איז אומגליקלעך. אויב מען וועט אים נישט צוריקגעבן דאָס מעל, דאַרף ער זיך אָנטאָן אַ מעשה. אפשר קענסטו מיר געבן אַ בריוו, אַז דאָס מעל איז געגאַנגען פאַר דיין בעקעריי?"

אָן נאָכצוטראַכטן האָט סטאַשעק אָלשעווסקי געזאָגט אויפן פלאַץ:

"פאַר דיר וועל איך טאָן אַלץ וואָס דו ווילסט". ער האָט אַפילו נישט געלאָזט איך זאָל באַצאָלן פאַר דעם וואָס מיר האָבן געגעסן און געטרונקען.

באַצאָלט און אָפגעווישט די ליפן, האָט ער מיך אַוועקגעפירט אין זיין ביוראָ נעבן דער בעקעריי און באַפוילן זיין סעקרעטאַרין, זי זאָל אָנשרייבן דעם געהעריקן בריוו צו די שעדלעצער קאָנפיסקאַטאָרן, מען זאָל דעם אָפגעבער פון דעם בריוו גלייך צוריקגעבן דעם גאַנצן טראַנספּאָרט מעל — סך־הכל 85 זעק — וואָס איז געפירט געוואָרן פאַר דער פוילישער מיליטערישער בעקעריי אין פראַגע־וואַרשע.

אין דעם פאַל האָט זיך איבערגעחזרט דאָס זעלבע, וואָס מיט דער קאָמפּעטענץ פון דעם יידישן קאָמיטעט נאָר מיט מער מזל:

איבער דעם יידישן קאָמיטעט איז געשטאַנען אַ קאָמיסאַר מטעם דער סאָוויעטישער מאַכט, אַ געוויסער פּולקאָווניק באָלעק, בעת אויך איבער דער בעקעריי איז געשטאַנען אַ קאָמיסאַר, אַ סאָוויעטישער פּולקאָווניק. אָלשעווסקי איז מיט דעם פאַרטיקן בריוו אַוועק צום קאָמיסאַר, אים אַוועקגעלייגט פאַר אים אויף זיין שרייבטיש און געבעטן אונטערשרייבן און לייגן דעם אָפיציעלן סטעמפּל. דער קאָמיסאַר האָט אַפילו דער בריוו נישט

איבערגעלייענט, נאָר גלייַך אים אונטערגעשריבן און אַרויפגעקלאַפּט דעם סטעמפּל מיט אַלע סאָוויעטישע פּיטשעווקעס.

איך האָב מיט האַרץ־קלאַפּעניש געוואַרט אונטן נעבן בנין, אָלשעווסקי זאָל צוריקקומען. ס'איז דאָך געווען אַ לאָטעריע־זאַך: צי וועט דער קאָמיסאַר אונטערשרייַבן, אָדער עס וועט זיך ענדיקן ווי מיט דעם יידישן קאָמיטעט? ערשט איך זע: אָלשעווסקי קומט אַראָפּ מיט דעם אָפענעם בריוו אין דער האַנט אונטערגעשריבן און אָפּגעסטעמפּלט ווי פון גאָט אַליין.

״אָט דאָ האָסטו דעם בריוו. איך האָב געטאָן פאַר דיר וואָס איך נאָר איך האָב געקענט״, האָט ער געזאָגט אַ צופרידענער פון דער אָפּגעטוענער אַרבעט.

האָבנדיק אַזאַ גאָלדענעם אוצר־בריוו אין דער האַנט, בין איך אַוועק צו שלמהלע און מעשה סוחר אים געזאָגט, אַז איך קען אים העלפן אַרויסבאַקומען אַ בריוו פון אַ מיליטערישער בעקרייַ דערמיט, אַז דאָס רעקוויזירטע מעל געהער צו איר. מיט אָט דעם בריוו וועלן מיר אַרויסבאַקומען דאָס מעל, אָבער די מעשה דאַרף קאָסטן זייער אַ סך — אַ העלפט פון דעם מעל. שלמהלע האָט נישט לאַנג געטראַכט און מסכים געווען אַוועקצוגעבן אַ העלפט פונעם מעל, אַבי ער זאָל אַרויסבאַקומען די צווייטע העלפט. אויף צו מאָרגנס אין דער פרי האָב איך זיך ווידער געזען מיט שלמהלע, אים געוויזן דעם בריוו, מיט וועלכן מיר דאַרפן פאָרן קיין שעדלעץ.

אין דרויסן האָט געהערשט אַ שרעקלעכער פראָסט אַז ס'איז געווען אַ רחמנות אַ הונט אַרויסצולאָזן. ס'איז געווען אין חודש פעברואַר. דאָך האָבן מיר באַשלאָסן און געפאָרן קיין שעדלעץ. מיר זענען אָנגעקומען שפּעט. שעדלעץ, די אַמאָליקע שטאָט פון יידישער וויטאַליטעט, איז געווען ווי אויסגעשטאָרבן. מען האָט קוים געזען אַ מענטש אויף דער גאַס. די נאַכט זענען מיר איבערגעשלאָפן ערגעץ־ווו אין אַ ריזיק צימער פון אַ האָטעל, ווו עס האָט געהערשט נישט קיין שוואַכערער פראָסט ווי אין דרויסן. עס האָט אויסגעזען ווי דאָס צימער וואָלט קיין מאָל נישט געוואָרן באַהייצט. אַ נס וואָס איך בין געווען אָנגעטאָן אין אַ פוטער־מאַנטל, בין איך ווי עס איז

איבערגעשלאָפֿן די נאַכט. מײַן שותּף צום קאַלטן צימער האָט געקרעכצט אַז ער וועט געפּרווירן ווערן.

אין דער פֿרי זענען מיר אַוועק מיט דעם בריוו אין דער פּאָליציי און געבעטן, זי זאָל אויסגעפֿינען ווו עס געפֿינט זיך דאָס קאָנפֿיסקירטע מעל, וואָס מיר דאַרפֿן שוין צוריקבאַקומען און אַוועקפֿירן עס אין דער מיליטערישער בעקערײַ פֿון פּראַגע. דורך אַ פּאָר טעלעפֿאָנען האָט די פּאָליציי אויסגעפֿונען, אַז דאָס קאָנפֿיסקירטע מעל איז אַוועקגעגעבן געוואָרן צו "ספּאָלעם". "ספּאָלעם" איז געווען אַ קאָאָפּעראַטיוו וואָס האָט זיך פֿאַרנומען מיט אײַנקויפֿן אין הורט פּראָדוקטן און די פּראָדוקטן פֿאַרקויפֿט צו געזעלשאַפֿטלעכע קערפּערשאַפֿטן און איינצלנע קונים.

דער קאָאָפּעראַטיוו איז געגרינדעט געוואָרן עטלעכע יאָר פֿאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה, כּדי צו שלאָגן דעם יידישן האַנדל, פּויערים און קלענערע פּוילישע עקאָנאָמישע קערפּערשאַפֿטן זאָלן נישט דאַרפֿן קויפֿן בײַ יידן. האָט זיך דער "ספּאָלעם", געשאַפֿן אין דעם האַלב־פֿאַשיסטישן פּוילן, גוט אַרײַנגעפּאַסט אין די קאָמוניסטישע באַדינגונגען, אין וועלכע דער האַנדל איז געוואָרן פֿאַרמלוכישט און דער פּריוואַט־האַנדל איז פּאַקטיש געווען כּמעט פֿאַרבאָטן.

אַזוי שנעל ווי די פּאָליציי האָט אויסגעפֿונען, אַז דאָס מעל געפֿינט זיך אין "ספּאָלעם", האָט זי זיך אָפּגעזאָגט ווײַטער אונדז צו העלפֿן. דער קאָאָפּעראַטיוו "ספּאָלעם" געהערט צו דער קאָמפּעטענץ פֿון דער מדינה־אַדמיניסטראַציע און דער פֿאַרטרעטער פֿון דער מדינה־אַדמיניסטראַציע אין שעדלעץ איז דער סטאַראָסטע, וואָס עס מיינט דער הויפּט פֿון דעם שטאָט־קרײַז. זענען מיר אַוועק אין אַמט פֿון דעם סטאַראָסטע און דעם געהעריקן באַאַמטן נישט געפֿונען. איך האָב געדאַרפֿט אָנקומען צו דעם אָנפֿירער פֿון דער אָפּטיילונג, וואָס פֿאַרנעמט מיט זיך לעבנסמיטלען. ער איז גראָד נישט געווען, האָב איך דערווײַל געכאַפּט אַ שמועס מיט דעם דינער. איך האָב אים אויסגעפֿרעגט ווער עס איז דער באַאַמטער? פֿון וואַנען שטאַמט ער? וואָס איז זײַן יחוס און זײַן ראַנג? דער דינער

האָט געגעבן לשון און על־רגל־אחת האָב איך שוין אַלץ געוווּסט וועגן דעם צו וועלכן איך דאַרף אָנקומען. איך האָב שוין געוווּסט, אַז שטאַמען שטאַמט ער פון לובלין און הייסן הייסט ער אָלשעווסקי און ער איז אויפֿן אַמט נישט לאַנג.

און אָט האָט זיך באַוויזן דער בעל־דבֿר אַליין. האָב איך אים דערלאַנגט די האַנט, זיך פאַרגעשטעלט פאַר אים און בינו־לבינו אָנגעהויבן זיך אויספרעגן אויף באַקאַנטע אין לובלין, זייַ אָנגערופן בייַ די נעמען. פון מייַנע רייד האָט דער באַאַמטער געקענט פאַרשטיין אַז איך קען אים גוט און איך ווייס ווער ער איז. איז ער געוואָרן צו מיר פרייַנדלעך וואָס פרייַנדלעכער קען נישט זייַן.

פרעגט ער מיר: "צוליב וואָס ביסטו געקומען צו מיר?"

ענטפער איך אים:

"איך האָב אַ זייער וויכטיקע זאַך מיט דיר אַרומצורעדן".

פאַרבעט ער מיך אין זייַן קאַבינעט און גלייַך ווי מיר זעצן זיך אַוועק, לייג איך אַרויס פאַר אים דעם בריוו מיט דער סאָוויעטישן סטעמפל פון דער מיליטערישער מאַכט אין פראַגע. דער רוסישער סטעמפל, מיט דעם רוסישן אונטערשריפט פון דער קאָמיסאַר דעם פולקאָווניק האָט שוין געערדט פאַר מייַנעטוועגן. איך האָב נישט געדאַרפט צוגעבן קיין איין איינציקן וואָרט. ווי בייַ אַ זייער וויכטיקן ענין האָט דער באַאַמטער וואַזשנע אָפּגעהיסטלט, אַרייַנגערופן די סעקרעטאַרין און איר באַפוילן גלייַך אָנשרייַבן אַ פאַראָרדענונג צו דער אָנפירערשאַפט פון דעם "ספּאָלעם"־קאָאָפּעראַטיוו אין שעדלעץ, ער זאָל אָן וועלכע עס איז ווייַטערדיקע פאַרמאַליטעטן אַרויסגעבן דעם טראַנספּאָרט מעל — 85 זעק — צו דעם אָפּגעבער פון דער פאַראָרדענונג, דאָס הייסט צו דאָקטער עוגעניוש לעוואַנדאָווסקי.

אַז שלמהלע האָט דערזען וואָס איך האָב אַרויסבאַקומען און אַז מיר קענען שוין צוריק אָפּנעמען דעם טראַנספּאָרט מעל, איז ער גרייט געווען צו טאַנצן אויף דער גאַס.

כאַראַקטעריסטיש פאַר יענער צייַט איז געווען דאָס וואָס איך האָב דעם ייִד נישט מיטגענומען צו דעם באַאַמטן אין דער

סטאַראָסטווע. כאָטש דער נײַער רעזשים, אויף וויפל ער איז אָנגעפירט געוואָרן פון פוילישע באַאַמטע, איז נישט געווען פײַנ־טלעך צו יידן, דאָך האָט מען זיך געמוזט רעכענען מיט דער פאַרסמטער אַטמאָספער, וואָס די נאַציס האָבן געשאַפן כלפי יידן במשך די יאָרן פון זייער אָקופּאַציע, אויסער דעם אײַנגעפרעסענעם זײַט דורות אַנטיסעמיטיזם בײַ די פּאָליאַקן גופא. אַ יידיש פּנים איז אין יענע חדשים נישט געווען קיין סגולה צו גאָרנישט...

אַזוי ווי שלמהלע האָט געהאַט אַ טיפּיש יידיש פּנים מיט אַ פּאָר אומעטיקע יידישע אויגן, איז געווען געזונטער פאַר דער גאַנצער זאַך, ער זאָל נישט מיטגיין מיט מיר צו דעם באַאַמטן אין דער סטאַראָסטווע, נאָר ער זאָל ליבערשט וואַרטן, שפּאַצירנדיק אויף דער גאַס.

האָבנדיק אין דער האַנט דעם באַפעל, מיר אַרויסצוגעבן די 85 זעק מעל, בין איך אַוועק אין דעם קאָאָפּעראַטיוו ״ספּאָלעם״. דאָס מעל האָט זיך געפונען אין דעם מאַגאַזין פון דעם קאָאָפּעראַטיוו. האָב איך געדונגען אַ לאַסט־אויטאָ אויפצולאָדן דאָס מעל צו פירן עס קיין וואַרשע. דערווײַל האָט שלמהלע צופעליק באַגעגנט אויף דער גאַס זײַנעם אַ באַקאַנטן פון פאַר דער מלחמה, וואָס איז געווען דער אייגנטימער פון דער מיל אין שעדלעץ. געהערט, אַז מיר גייען אָפּנעמען אַ טראַנספּאָרט מעל פון 85 זעק, האָט דער געוועזענער מילנער פאַרגעשלאָגן שלמהלען, ער זאָל אים פאַרקויפן דאָס גאַנצע מעל. ער איז גרייט צו צאָלן דעם ריכטיקן פּרײַז. שלמהלע איז מסכים געווען צו מאַכן די טראַנזאַקציע אויפן פּלאַץ און דערמיט האָט ער געבראָכן וואָס ער האָט מיט מיר אָפּגעמאַכט, אַז אַ העלפט פון דעם מעל געהער צו מיר פאַר אַרויסבאַקומען די סחורה. נאָך אַ שקלא וטריא האָט ער מיר געגעבן כמעט אַ דריטל פון די 85 זעק מעל — בלויז 35. גם זו לטובה. דער טראַנספּאָרט מעל איז געבליבן צוזאַמען מיט דעם געוועזענעם מילנער אין שעדלעץ...

* * *

צוריק אין פּראַגע און מיט געלט אין דער קעשענע האָב איך זיך אָנגעהויבן אַרומקוקן וואָס מען קען ווייטער אויפטאָן אין די נייע באַדינגונגען.

שמועסנדיק מיט מײַנע פֿרײַנד מרדכי זאָנשיין און מיכאל קאָסאָווער, וואָס איז שוין געווען אַרײַנגעטאָן אין וויכטיקער ציוניסטישער אַרבעט, טאַקע אינעם קאָמיטעט, זענען מיר געקומען צום אויספֿיר, אַז מען דאַרף שאַפֿן אַן אייגענעם רעסטאָראַן, ווו יידן זאָלן זיך קענען באַגעגענען אין אַ היימישער סבֿיבֿה, נישט צו דאַרפֿן זיך באַגעגענען מיט די פֿײַנטלעכע אויגן פֿון פּאָליאַקן, וואָס זענען געווען דורכגעפּרעסן מיט שנאה צו יידן.

געזאָגט און געטאָן: קיינער פֿון אונדז איז נישט געווען קיין מומחה אין שאַפֿן אַ רעסטאָראַן און מיר זענען צו דער זאַך צוגעגאַנגען פּאַרטיזאַניש. מיר האָבן געדונגען אַ לאָקאַל אויפֿן צווייטן שטאָק אין אַ הויז אויף זאָמבקאָווסקע גאַס, געקויפֿט געשיר, אָנגעשטעלט אַן אויסגעצייכנטע קעכין, די קעכין האָט געשטאַמט פֿון טשעכיע און געהאַט מיט זיך אַן איינציקע טאָכטער. די פּראָדוקטן וואָס מיר האָבן געקויפֿט זענען געווען ערשטקלאַסיקע און עס האָבן זיך באַקומען געשמאַקע, ערשטקלאַסיקע שפּײַזן, וואָס אַזעלכע האָט מען נישט באַקומען אין די געוויינטלעכע פּוילישע רעסטאָראַנען. אָבער וואָס פֿון דעם? ווו צו רעקלאַמירן דעם רעסטאָראַן, אַז יידן זאָלן וויסן ווו צו קומען און עסן געשמאַק און אויך ביליק — איז נישט געווען. זענען מיר, די פּלאַנירער און די באַלעבאַטים פֿון דעם רעסטאָראַן, געווען געצוווּנגען יעדן טאָג אַליין אויפֿצועסן וואָס די טאַלאַנטפֿולע קעכין האָט צוגעגרייט. קײַן עלעקטרישע אײַזקאַסטנס און אַפֿילו קײַן פּרימיטיווע אײַזקאַסטנס זענען נישט געווען, אָבער אָפּטימיזם איז יאָ געווען. האָט די קעכין געקאָכט פֿאַר צען־פֿופֿצן עסערס און מיר, די באַלעבאַטים פֿון דעם רעסטאָראַן, האָבן יעדן טאָג נישט געקענט אויפֿעסן, וואָס איז געווען צוגעגרייט פֿאַר מער ווי אַ מנין. האָט מען דאָס איבעריקע אַרויסגעוואָרפֿן אויפֿן מיסט.

מייַנע שותּפים האָבן זיך שנעל אַנטוישט אין אונדזער "אונטערנעמונג". דאָס געשעפט, האָבן זיי געטענהט, טויג אויף כּפּרות. ס'איז אַ רעסטאָראַן אויפן צווייטן שטאָק, פאַרשטופט אויף טרעפּ, וואָס קיין שום ייִד ווייסט נישט וועגן זיי... איך האָב זיי געטרייסט, אַז מייאש זײַן זיך פון אַ ייִדישן רעסטאָראַן איז נישט מעשה סוחר. אַ סוחר דאַרף האָבן געדולד. דער רעסטאָראַן וועט זיך אַנטוויקלען, דער עולם וועט אָנהייבן קומען און עסן און מיר וועלן נישט דאַרפן אַרײַנשטאָפּן אין זיך דאָס אַלץ וואָס די קעכין גרייט צו. דער עיקר מען דאַרף צוטראַכטן ווי אַזוי צו מאַכן רעקלאַמע פאַר דעם רעסטאָראַן.

האָב איך צוגעטראַכט אַ פּלאַן פאַר רעקלאַמע.

דער אָנפירער פון אונדזער קיך איז געווען גדליה בראַמקאַזש, אַ זייער ענערגישער מענטשן. ער לעבט אין ישראל. האָב איך באַשטעלט ביי אים ער זאָל צוגרייטן שפּײַז נישט לויט דעם אַלגעמיינעם אייראָפּעישן מעניו, ווי די קעכין האָט געקאָכט, נאָר זי זאָל צוגרייטן מאכלים וואָס ייִדן האָבן געגעסן פאַר דער מלחמה: געפילטע פיש, געהאַקטע לעבערלעך, קרעפּלעך מיט יויך, מייערן־צימעס, אַ געפילט מעגעלע, אַ געבראָטענע קאַטשקע וכדומה אַזעלכע זאַכן, וואָס צעגייען אין מויל. אַליין בין איך אַוועק אין דעם ייִדישן קאָמיטעט אויף טאַרגאָווע גאַס, וווּ יעדן טאָג זענען זיך צוזאַמענגעקומען ייִדן. האָב איך אָבסערווירט די ייִדישע באַזוכער און דערשנאַפּט אַזעלכע וואָס האָבן מיר אויסגעזעען, אַז זיי קענען באַצאָלן פאַר גוט ייִדיש עסן, און איך האָב זיי אײַנגערוימט אַ סוד, אַז אין אונדזער רעסטאָראַן, אויף זאַמבקאָווסקע גאַס, אויפן צווייטן שטאָק, איז אַ ייִדישער גן־עדן: דאָרט באַקומט מען פון דעם שענסטן און בעסטן פון די אַמאָליקע ייִדישע מאכלים. ווער עס עסט דאָרט איין מאָל, וועט מער נישט זוכן קיין אַנדער פּלאַץ. ס'איז אפשר אַ חסרון וואָס דער רעסטאָראַן געפינט זיך אויפן צווייטן שטאָק, אָבער דערפאַר ווערט מען באַלוינט מיט אַזעלכע געשמאַקע זאַכן, וואָס עס וואָלט געלוינט זיי צו זוכן אַפילו אויפן צענטן שטאָק.

אָנגערייצט זייערע יידישע אַפּעטיטן בין איך צוזאַמען מיט דער ערשטער פּאַרטיע געסט אַוועק אין אונדזער רעסטאָראַן. שוין אויף די טרעפּ זענען אַנטקעגנגעקומען די נאָגנדיקע ריחות פון געפילטע פיש און ראָסל־פלייש, פון געהאַקטע לעבערלעך און געבראָטענע קאַטשקע. האָבן זיך די יידן געוואָרפן אויף די מאכלים, ווי זיי וואָלטן געווען פּאָרציעס פון דעם לויתן און פון דעם שור הבר.

אַזוי בין איך יעדן טאָג געגאַנגען אין דעם יידישן קאָמיטעט רעקלאַמירן אונדזער רעסטאָראַן. מיַין רעקלאַמע איז אויך פאַרשטאַרקט געוואָרן פון די שבֿחים פון די געסט, וואָס האָבן נעכטן געגעסן די מאכלים און געלעקט די פינגער. דער רעסטאָראַן איז געוואָרן אַ שם דבֿר.

נאָך צען טעג אינטענסיווער רעקלאַמע האָט מען אין רעסטאָראַן מער נישט געקענט באַקומען קיין פריַיען טיש. בעלנים אויף גוט און פריש יידיש עסן האָבן געמוזט וואַרטן איין פּאַרטיע זאָל ענדיקן די סעודה און מאַכן פריַיע פּלעצער. דער רעסטאָראַן איז אַוועק ווי אַ מזמור. מיר האָבן פאַר׳גרעסערט דעם פּערסאָנאַל, אָנגעשטעלט קעלנערס, וואָס האָבן באַדינט די געסט מיט העפלעכקייט, וואָס האָט די עסער געשמעקט נישט ווייניקער ווי די מאכלים.



דערווײַל האָט זיך אונטערגערוקט ערב פּסח. עס האָט זיך דערנעענטערט דער ערשטער יום־טוב פּסח נאָך דער באַפרײַונג פון דעם נאַצישן קאָשמאַר. אויסגעהאָדעוועט אין הויז פון שטאַרק פרומע עלטערן בין איך געווען צוגעבונדן צו די יידישע יום־טובים און צו אַלץ וואָס איז געווען פאַרבונדן מיט די יום־טובים. בפרט דער יום־טוב פּסח, וואָס פאַלט אויס אין פרילינג, ווען די צוגרייטונגען צו די סדרים ווערן געמאַכט וואָכן פריער. און ערשט דאָס באַקן מצות! די ריחות פון די מצות־בעקערײַען האָבן אײַנגעהילט די גאַנצע שטאָט אין אַ זעלטענער אַטמאָספער וואָס איז גאָר אוממעגלעך צו באַשרײַבן.

דאָס מאָל, אין פּראַגע, האָב איך טראַכטנדיק וועגן פּסח דערפילט אַן אויסטערלישע בענקשאַפט וואָס איך האָב נישט געהאַט מיט וואָס זי צו שטילן. עס איז מיר אײַנגעפאַלן צו באַקן מצות. אָבער ווי באַקט מען מצות אין אַ קריסטלעכער סבֿיבֿה? וועלכע פוילישע בעקערײַ — און אַלע בעקערײַען זענען שוין געשטאַנען אונטער דער קאָנטראָל פון דעם רעזשים — וועט מיר דערלויבן זי מכשיר זײַן צו באַקן מצות? פון וואַנען וועל איך נעמען מעל און ווער וועט די מיירעס קנעטן, די מצות וואַלגערן און זיי שטופּלען? האָט זיך מיר געדאַכט, אַז איך וועל דאָס מאָל בלײַבן מיט מײַנע בענקשאַפטן.

די מעשה האָט מיך נישט געלאָזט רוען, איך האָב געפרעגט דעם און יענעם: וואָס איז מכוח צוגרייטן זיך צו אַ סדר? צי וועלן מיר פּראַווען דעם סדר מיט ברויט? זעט אויס, אַז נישט בלויז איך בין פאַרכאַפּט געוואָרן פון דער בענקשאַפט צו פּסח און מצות. אויך אַנדערע האָבן געטראַכט, און נישט בלויז געטראַכט, נאָר אויך "עפּעס" געטאָן אין דעם.

האָב איך זיך דערוווסט, אַז אין ביאַלע פּאָדליאַסקי, אַ קאַצנשפּרונג פון שעדלעץ, האָבן אייניקע אָפּגעראַטעוועטע ייִדן מכשיר געווען אַ בעקערײַ, אײַנגעשאַפט מעל און די נויטיקע מכשירים צו וואַלגערן און שטופּלען מצות און זיי רוקן אין אַ פלאַמיקן אויוון אַרײַן. זיי באַקן מצות!

ווען מען זאָל מיר דעמאָלט האָבן אָנגעזאָגט, אַז איך האָב געוווּנען אויף אַ לאָטעריע דאָס גרויסע געווינס, וואָלט איך זיך אַזוי נישט געפרייט ווי מיר דער ידיעה, אַז אין ביאַלע פּאָדליאַסקי באַקן יידן מצות אויף פּסח.

אין אונדזער רעסטאָראַן פלעגט אַרויפקומען הרבֿ כהנא, ער איז געווען אַ פּולקאָווניק אין דער פּוילישער אַרמיי ווי אַ מיליטערישער רבֿ. אַז איך האָב אים דערציילט די מעשה מיט מצות, האָט ער מיר געגעבן זײַן שאָפער מיט אַ טענדער צו פאָרן קיין ביאַלע פּאָדליאַסקי זעען וואָס עס איז מיט די מצות. האָב איך איבערגעלאָזט דעם רעסטאָראַן און אַלע געשעפטן און אַוועק קיין ביאַלע. דאָרט האָב איך אויסגעפונען, אַז די מעשה איז אַ ריכטיקע: יידן באַקן מצות אויף פּסח!

אַזוי ווי געלט האָט מיר נישט געפעלט, האָב איך גלײַך אָפּגעמאַכט מיט די מצות־בעקערס, אַז צוויי פעליקע טעג זאָלן זיי באַקן בלויז פאַר מײַנעטוועגן. די מצות־בעקערס זענען געווען יונגע מענטשן, פול מיט ענערגיע און פלײַס, האָבן זיי זיך אונטערגעגאַרטלט, אָדער ווי מען זאָגט אין יידיש: זיי האָבן זיך אַ שאָקל געטאָן און צוויי לאַנגע טעג געקנאָטן, געוועלגערט, געשטופּלט און געבאַקן מצות בלויז פאַר מיר, צו באַפרידיקן מײַנע בענקשאַפטן.

אין די צוויי טעג האָט דער ריח פון פרישע מצות מיך געמאַכט שיכור, מער ווי די מענגעס בראָנפן, וואָס איך האָב אויסגעטרונקען, כדי צו דערטרינקען די אויסטערלישע זאָרג, פון וועלכער איך האָב זיך נישט געקענט באַפרײַען. בײַ דער געלעגנהייט האָב איך אין ביאַלע געשאָכטן כשרע קעלבער כדי צו האָבן פלייש אויף פּסח.

דעם טראַנספּאָרט מצות מיט די געשאָכטענע קעלבער האָב איך געבראַכט קיין פּראַגע, אין אונדזער רעסטאָראַן אויף זאָמבקאָווסקע גאַס, און אײַנגעאָרדנט אַ סדר פאַר דרײַ הונדערט יידן. אין דעם סדר האָט זיך באַטייליקט אויך דער אַקטיאָר יאָנאַס טורקאָוו, וואָס האָט איבערגעלעבט דעם נאַצישן גיהנום. דעם סדר מיט ארבע כוסות, מיט חרוסת און מרור האָט געפירט דער רבֿ כהנא, וואָס ווי אַ

פולקאָווניק אין דער אַרמיי האָט ער מיר געגעבן זײַן שאָפער און אַ טענדער, כדי מעגלעך מאַכן צו פּראַווען דעם סדר פּדין ופּדת.

אונדזער רעסטאָראַן איז, זעט אויס, נישט געווען באַשערט קיין אריכת ימים.

אין איינעם אַ טאָג זענען קיין פּראַגע אָנגעקומען מײַנע באַקאַנטע פון סאָקאָלאָווע. לכבוד זייער איבערלעבן אַלע צרות און סכּנות, האָב איך זיך מיט זיי באַשטעלט זיי זאָלן אַרויפקומען אין דעם רעסטאָראַן אַכט אַזייגער אין דער פרי און מיר וועלן אויסטרינקען "לחיים". בײַ דער געלעגנהייט וועלן זיי צום ערשטן מאָל זײַט יאָרן עסן יידישע מאכלים, וואָס וועלן שטאַרקן זייערע כּוחות פאַר ווײַטערדיקע ראַנגלענישן.

צו אָט דעם קבלת־פּנים האָט אויך געדאַרפט אַרויפקומען דער לעבנגעבליבענער פּאַרזיצער פון דעם יאַדעווער "יודענראַט", מאיר זדאַנאָוויטש. איך האָב מיט זדאַנאָוויטשן געהאַט פריער גערעדט ווי אַזוי צו ברענגען אין אָרדענונג דעם בית־עלמין אין יאַדעווע, וואָס איז דורך די יאָרן געוואָרן צעהפקרט און די מצבֿות צעהאַקט, אָדער אַרויסגעריסן פון די קבֿרים.

בעת מיר זענען געזעסן בײַם טיש און נהנה געווען פון די מאכלים, און געטרינקען נאָך אַ מאָל און אָבער אַ מאָל "לחיים", האָבן זיך פּלוצים אַרײַנגעשטעלט זעקס ציווילע לײַט מיט אויסגעשטרעקטע רעוואָלווערן. לכתחילה זענען מיר אַלע געווען זיכער, אַז דאָס זענען אַגענטן פון דער ענ.קאַ.ווע.דע. אָדער פון דער פּוילישער או.בע., וואָס לויערן "אויף שונאים פון דעם סאָציאַליזם", אָדער אויף די וואָס זיי רופן אָן "ספּעקולאַנטן". באַלד האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס זענען כוליגאַנעס פון דער אַ.קאַ. (אַרמיאַ קראַיאָוואַ) וואָס האָבן געמאַכט דעם אויפשטאַנד אין דעם פּוילישן טייל פון וואַרשע און שפּעטער איבערגענומען די ראָל פון די נאַציס צו מאָרדן די לעבנגעבליבענע יידן. די אַ.קאַ.־באַנדיטן האָב באַפוילן די אָנוועזנדיקע יידן — אַ צוואַנציק אין צאָל — זיך אויסצושטעלן בײַ דער וואַנט. דער ערשטער קרבן איז געווען מרדכי זאָנשיין. איינער פון די באַנדיטן האָט אים מיט דער רעוואָלווער־קאָלבע

צעהאַקט דעם קאָפּ, אים רעווידירט און אים באַרויבט ביז דער לעצטער פּרוטה. צוויי באַנדיטן מיט אויסגעשטרעקטע רעוואָלווערן זענען געבליבן שטיין ביַי דער טיר אויף צו היטן דעם אַריַין־ און אַרויסגאַנג, בעת די אַנדערע פיר, אין דעם רעסטאָראַן, האָבן געווילדעוועט צווישן די טעראָריזירטע יידן. איינעם פון מיַינע שותּפים האָט אַ באַנדיט אַריַינגעהאַקט אַ קויל און די קויל האָט על־פּי־נס אויסגעמיטן זיַינע לונגען, אָבער אַ צווייטער שותּף האָט געכאַפּט אַ קויל אין דער ברוסט און זיַינע לונגען זענען דורכגע־האַקט געוואָרן.

ווי דערמאָנט האָב איך דערוואַרט צו דער אויפנאַמע זאָל אַרויפקומען דער געוועזענער פּאָרזיצער פון דעם יאַדעווער ״יודענראַט״. מיט אים האָט אויך געדאַרפט מיטקומען זיַין באַגלייטער — אַ מאַן מיטן נאָמען סעמיאַטיצקי. די צוויי באַנדיטן, וואָס האָבן באַוואַכט דעם אַריַינגאַנג האָבן באַמערקט דאָס אַנקומען פון די צוויי וואָס איך האָב דערוואַרט — זדאַנאָוויטשן און סעמיאַטיצקין. זיי האָבן די צוויי אָנקומענדיקע ״מקבל פּנים״ געווען מיט קוילן. סעמיאַטיצקי איז געפאַלן אַ טויטער אויפן פּלאַץ. די פיר באַנדיטן אין דעם רעסטאָראַן האָבן דערהערט דאָס שיסן ביַי דער טיר און זיי האָבן פאַרשטאַנען, אַז עס איז אָנגעקומען אַלאַרמירטע פּאָליציי. האָבן זיי אָנגעהויבן אַנטלויפן דורך דעם קאָרידאָר און אַראָפּ פון די טרעפּ. אין אָט דער ציַיט ווען די באַנדיטן זענען אַראָפּגעלאָפן פון די טרעפּ האָב איך באַוויזן צו כאַפּן אַ טיש און אָפּגעוואַרט ביז די באַנדיטן וועלן אָנהייבן אַרויסלויפן פון דעם טרעפּן־הויז. דעמאָלט האָב איך אַראָפּגעוואָרפן דעם טיש און מיט אים ״צוגעדעקט״ דעם לעצטן וואָס איז אַרויסגעלאָפן. די אַנדערע פינף וואָס האָבן זיך אַרויסבאַקומען אויף דער גאַס, האָבן זיך אָנגעשלאָגן אָן אַ סאָוויעטישן אָפיציר. ער האָט געפּרוווט זיי פאַרהאַלטן, האָבן אים די באַנדיטן דערשאָסן. עס איז אַנטשטאַנען אַ צוזאַמענלויף, אַ טומל פון מענטשן, פון ערגעץ איז אָנגעלאָפן פּאָליציי וואָס צוזאַמען מיט סאָוויעטישע אָפיצירן האָבן זיי זיך געלאָזט אין געיעג נאָך די באַנדיטן און לסוף זיי אַלע געפאַנגען.

דער באַוואָפנטער איבערפֿאַל אויף אונדזער רעסטאָראַן איז פֿאָרגעקומען אין דעם טאָג ווען עס איז געשטאָרבן דער אַמעריקאַנער פּרעזידענט רוזוועלט.

אויף צו מאָרגנס האָט מען מיך גערופֿן אין אַמט פֿון די סאָוויעטישע זיכערהייט־כּוחות, איך זאָל זײַן אַן עדות פֿון דעם וואָס איך האָב בײַגעוווינט אינעם רעסטאָראַן בעת דעם באַנדיטישן איבערפֿאַל. איידער מען האָט ביי מיר אָפּגענומען מײַן עדות־דערקלערונג, האָט אַ יידישער ענ.קאַ.ווע־דיסט, וואָס פֿלעגט אַרויפֿקומען אין אונדזער רעסטאָראַן צו עסן יידישע מאכלים, מיך אַראָפּגעפֿירט אין אַ קעלער איך זאָל זעען וואָס עס איז געוואָרן פֿון די געפֿאַנגענע אַ.קאַ.־מערדער. זייערע פּרצופֿים זענען מער נישט געווען פֿון קיין מענטשן, נאָר ווי פֿון צעשונדענע חיות, וואָס האָבן זיך מער נישט געקענט באַוועגן.

דער באַנדיטישער איבערפֿאַל אויף אונדזער רעסטאָראַן האָט מיך דערשיטערט ביז די טיפֿענישן פֿון מײַן נשמה. איך האָב זיך נישט געקענט באַרויקן. עס האָט דאָך געפֿעלט נישט קיין סך, אַז נאָך דעם ווי איך האָב יאָרן לאַנג געפֿירט אַ ווערטלויף צום לעבן אויף צו להכעיס די נאַציס, זאָלן פּוילישע מערדער מיך אומברענגען.

דער רעסטאָראַן האָט מיך אָפּגעשטויסן, ווי ער וואָלט געוואָרן אַ קאָשמאַר, און איך האָב געזאָגט צו מײַנע שותּפֿים:

"איך קען דאָ מער נישט זײַן. איך קען נישט זײַן קיין שותּף צו אַ רעסטאָראַן, וווּ פּאָליאַקן האָבן געהרגעט אַ ייד נאָך דעם ווי ער האָט איבערגעלעבט דעם נאַצישן גיהנום. איך וויל פֿון אײַך גאָרנישט פֿאַר איבערלאָזן מײַן טייל. איך גיי אַוועק, און דאָס איז אַלץ".

אַז מיינע שותּפֿים האָבן אויסגעהערט מײַנע טענות, האָבן אויך זיי רעזיגנירט פֿון צו פֿירן ווײַטער דעם רעסטאָראַן. זיי האָבן אים אַוועקגעגעבן צו איינעם פּולשטענדיק בחינם.

איך בין אַוועק קיין לאָדזש.

★ ★ ★

איידער איך האָב זיך אויסגעפונען אין די נײַע באַדינגונגען אין לאָדזש, בין איך אַרײַן וווינען אין דעם דאָרטיקן "גראַנד האָטעל". פּשוטע ברויט־עסער האָבן אין דעם האָטעל נישט געטאָרט וווינען. ער איז געווען באַשטימט פֿאַר רעזשים־פּראָטעזשירטע, פֿאַר זשורנאַליסטן. האָב איך זיך באַקענט מיט איינעם אַ יידישן זשורנאַליסט, וואָס האָט געאַרבעט אין אַ פּוילישער צײַטונג. זײַן נאָמען איז געווען שלײַען. ער האָט געשטאַמט פֿון לעמבערג. די מלחמה האָט ער איבערגעלעבט שפּילנדיק די ראָל פֿון אַ קאַטוילישן גלח. האָט מיר שלײַען באַזאָרגט מיט אַ לעגיטימאַציע פֿון דער צײַטונג, אין וועלכער ער האָט געאַרבעט, און ווערדליק דער לעגיטימאַציע בין איך געווען אַ זשורנאַליסט, "געאַרבעט" אין דער צײַטונג. מורא האָבנדיק פֿאַר די אַ.קאַ.־מערדער, וואָס האָבן דעמאָלט געצילט צו פֿאַרענדיקן, וואָס די נאַציס האָבן נישט פֿאַרענדיקט, און אומברענגען די יידן וואָס זענען געבליבן לעבן, האָב איך זיך נאָך דעמאָלט אַרומגעטראָגן מיט מײַן פּויליש־קאַטוילישקייט מיט דעם נאָמען ד"ר עוגעניוש לעוואַנדאָווסקי. לעוואַנדאָווסקי און דערצו אַ זשורנאַליסט, וווינט אין דעם פּראָטעזשירטן האָטעל — וואָס קען זײַן בעסער און זיכערער?

זעט אויס, אַז עמעצן האָט שטאַרק געשטאָכן אין די אויגן וואָס איך געהער צו דעם פּראָטעזשירטן קלאַס אין דעם "קלאַסנלאָזן" פּוילן און וווין אין "גראַנד־האָטעל" צוזאַמען מיט דער עליטע, און דער עמעצער האָט די מעשה צוגעטראָגן דאָרט ווו מען דאַרף. דער "דאָרט ווו מען דאַרף" איז געווען אַ פּלאַץ וואָס אַהין איז מען אַרײַן דורך אַ ברייטער טיר, אָבער בנוגע אַרויסגיין פֿון דאָרט האָט מען געדאַרפֿט האָבן נסים. דאָס איז געווען די או.בע. (אוזשאָנד בעזפּיעטשענסטוואַ — זיכערהייט־אַמט).

אין איינעם אַ טאָג האָבן זיך צו מיר אין האָטעל אַרײַנגעשטעלט צוויי לײַט אין מיליטערישע מונדירן, אַ לײַטנאַנט אין דער באַגלייטונג פֿון אַן אונטעראָפֿיציר, און מיר געלאָזט וויסן, אַז זיי ווייסן ווער איך בין. איך בין נישט קיין לעוואַנדאָווסקי און אַז איך וווין אין דעם

האָטעל אָן צו זײַן באַרעכטיקט דערויף, און דעריבער זאָל איך זײַן אַזוי גוט און גיין מיט זיי. גיין מיט זיי האָט געהייסן נישט בלויז ליגן אין אַרעסט, נאָר אויך דערפילן זייערע מעטאָדן פון פאָרשן...

ווי אין אַלע פאַלן פון טויט־סכנה בעת דער מלחמה, האָב איך אויך אין דעם פאַל זיך אָריענטירט בליץ־שנעל און געבעטן בײַ די לײַט רשות צו טעלעפאָנירן צו דעם גענעראַל־פּראָקוראָר פון לאָדזש, וואָס זיין נאָמען איז פּאָפּעק. דערהערט דעם טיטל גענעראַל־פּראָקוראָר פּאָפּעק, זענען די לײַט צעטומלט געוואָרן און מיר דערלויבט אַרײַנגיין אין דער טעלעפאָן־קאַבינע פונעם האָטעל צו טעלעפאָנירן. איך האָב געהאַט בײַ זיך דעם טעלעפאָן־נומער פון דעם גענעראַל־פּראָקוראָר, האָב איך זיך דערשלאָגן צו אים און אים דערציילט די מעשה, אַז צוויי מיליטעריש־געקליידטע מענער קלייבן זיך מיך צו אַרעסטירן. פּאָפּעק האָט מיר געהייסן איבערגעבן דאָס טעלעפאָן־טרײַבל צו מײַנע צוויי געסט און בעת דעם געשפּרעך זענען די צוויי לײַט געוואָרן בלייך ווי מען וואָלט זייערע פּרצופים אָפּגעקאַלכט מיט קרײַד. פּאָפּעק האָט זיי אָנגעזאָגט, אַז ער קומט גלײַך אין האָטעל און זיי זאָלן דאָרט וואַרטן אויף אים. זיי האָבן נישט געוואַרט. ווי זיי זענען געקומען האָפּערדיקע און גרייטע צו פאַנגען אַ קרבן, אַזוי זענען זיי אַוועק מיט אַראָפּגעלאָזטע נעז. דער גענעראַל־פּראָקוראָר איז צוגעפאָרן צום "גראַנד־האָטעל" מיט זײַן מאַשין און איך האָב אים באַגעגנט אַ פרײַער, אַן אָפּגעראַטעוועטער פון די הענט פון או.בע. און אַ לעגאַליזירטער אין דעם "גראַנד־האָטעל"...

ווי אַזוי בין איך געקומען צום גענעראַל־פּראָקוראָר פּאָפּעק, ער זאָל זיך אײַנשטעלן פאַר מיר?

איז די מעשה אַזוי: פּאָפּעק איז אַ סאָקאָלאָוועער און איך בין אַ סאָקאָלאָוועער. מיר האָבן זיך באַפרײַנדעט נאָך פאַר דער מלחמה ווען אים האָט זיך נישט געחלומט צו זײַן אַ מאָל דער גענעראַל־פּראָקוראָר פון לאָדזש און מיר האָט זיך נישט געחלומט פאַרוואַנדלט צו ווערן אין אַ דאָקטער עוגעניוש לעוואַנדאָווסקי.

מיין שוואָגער, נחום לעווין, דער פּרעזעס פונעם "יודענראַט", וואָס דער מאַסן־מערדער פון טרעבלינקע האָט אים דערשאָסן נאָך דעם ווי ער האָט אים געהאַט צוגעזאָגט, אַז ער וועט אָפּגעראַטעוועט ווערן, האָט געהאַט אַ טאָכטער אַ זעלטענע שיינקייט. זי איז געווען ביי אירע עלטערן די עלטסטע טאָכטער. ליבעלע האָט זי געהייסן.

האָט זיך אין ליבעלען פאַרליבט דער פּאָליאַק פּאָפּעק, אַן אינטעליגענטער יונגערמאַן. אָבער ליבעלע האָט אים נישט געענטפערט מיט ליבע. עס איז נישט געווען אין שטייגער פון סאָקאָלאָווער ייִדישע טעכטער צו ליבן זיך מיט שקאָצים, הגם אַזאַ פאַל, אַן איינצלנער, האָט שוין אַ מאָל געהאַט פּאַסירט...

פּאָפּעק איז אויסגעגאַנגען פון ליבע צו ליבעלע אַפילו ווען זי איז שוין צוזאַמען מיט אַלע יידן געווען איינגעשלאָסן אין געטאָ, בעת דער ענדגילטיקער ליקווידאַציע פון די יידן אין גראָדזשיסק, ווען מייַן שוואָגער נחום לעווין איז שוין געווען דערשאָסן, האָט פּאָפּעק געוואָלט ראַטעווען ליבעלע און ער איז גרייט געווען אַלץ צו טאָן, כדי זי אַרויסצונעמען פונעם געטאָ. זי האָט זיך דעמאָלט געפונען אין דעם גראָדזשיסקער געטאָ צוזאַמען מיט איר מוטער, אירע שוועסטער און אַ ברודער. איך האָב איר צוגערעדט זי זאָל זיך ראַטעווען, זי זאָל מסכים זיין צו פּאָפּעקס פּלאַן, זי אַרויסצופירן אויף דער פוילישער זייַט. אָבער ליבעלע האָט אָפּגעזאָגט. איר אַרגומענט איז געווען, אַז זי איז די עלסטע טאָכטער, דער פאָטער לעבט שוין נישט, קען זי נישט איבערלאָזן איר מוטער איינע אַליין מיט די יינגערע קינדער. זי האָט געטיילט דעם גורל פון איר מוטער און אירע יינגערע פיר שוועסטער און אַ ברודער.

זייַענדיק אין לאָדזש האָב איך איין מאָל באַגעגנט דעם זעלבן פּאָפּעק. ער האָט באַדויערט פאַרוואָס ליבעלע האָט נישט געהאַנדלט ווי ער האָט פּלאַנירט, זי וואָלט געבליבן לעבן. בייַ דער געלעגנהייט האָט ער מיר געזאָגט, אַז ער איז דער גענעראַל־פּראָקוראָר פון לאָדזש. ער האָט מיר געגעבן זיַין וויזיט־קאַרטע און מיר געזאָגט, אַז

טאָמער וועל איך דאַרפֿן זײַן הילף, וועט ער אַלע מאָל זײַן גרייט מיר צו העלפֿן.

ווי איך האָב שוין דערמאָנט בין איך פֿאַר דער מלחמה געווען אין דער טעקסטיל־בראַנזשע און געווען אַ גוטער סוחר. אין לאָדזש האָב־איך געפֿונען חבֿרים וואָס האָבן מיר פֿאָרגעלייגט אַרײַנצוגיין מיט זיי אין אַ שותּפֿות אין גרויסן פֿאַרנעם. גראָד דער נײַער רעזשים, וואָס איז געווען קעגן קאַפּיטאַליזם און קעגן פּריוואַטע געשעפֿטן, האָט אונדזער שותּפֿות צוגעשפּילט:

דער גענעראַל־דירעקטאָר פֿון דער מלוכישער טעקסטיל־צענטראַלע אין לאָדזש איז געווען אַ ביאַליסטאָקער ייִד, מאַרק הירשהאָרן האָט ער געהייסן. היינט געפֿינט ער זיך אין אויסטראַליע. מיר האָבן זיך מיט אים פֿאַרבונדן און ער איז געוואָרן אַ שטילער שותּף צו אונדזערע פּלאַנירטע געשעפֿטן. צוזאַמען זענען מיר אַלזאָ געווען פֿינף שותּפֿים און האָבנדיק אויף אונדזער זײַט די קאָאָפּעראַציע פֿון דעם גענעראַל־דירעקטאָר פֿון דער מלוכישער טעקסטיל־צענטראַלע, האָבן מיר געשאַפֿן דאָס גרעסטע געשעפֿט אין נאָך־מלחמהדיקן לאָדזש. אָנגעפֿירט מיט די ביזנעס האָב איך, ווײַל איך בין פּאַקטיש געווען דער פֿאַכמאַן אין דער בראַנזשע, בעת די אַנדערע דרײַ שותּפֿים האָבן ווייניק וואָס זיך אויסגעקענט אין דעם טעקסטיל־געביט. מיר האָבן אין דער טעקסטיל־צענטראַלע געמאַכט גרויסע באַשטעלונגען, וואָס זענען געליפֿערט געוואָרן אַזוי שנעל ווי מעגלעך, נישט לויט דעם טעמפּאָ פֿון דעם סאָציאַליסטישן סיסטעם, נאָר לויט דעם טעמפּאָ ווי מיר האָבן געדאַרפֿט...

סײַ פֿריִער אין פּראַגע און סײַ שפּעטער אין לאָדזש האָב איך נישט געהאַט די מינדסטע ידיעה וועגן מײַן פֿרוי און שוועגערין, וואָס זענען אָפּגעשיידט געוואָרן פֿון מיר בײַם עוואַקוירן פּאָליאַקן אין אָנהייב פֿון דעם פּוילישן אויפֿשטאַנד אין וואַרשע. דאָס איינציקע וואָס איך האָב געוווּסט איז דאָס, אַז זיי זענען געשיקט געוואָרן אין אַ לאַגער אין פּרושקאָוו, אָבער צי זיי זענען דאָרט געבליבן, אָדער צי זיי זענען חלילה אומגעקומען, וועגן דעם האָב איך נישט געהאַט די מינדסטע ידיעה און אויך נישט געקענט האָבן,

נעמענדיק אין באַטראַכט די באַזונדערע באַדינגונגען, אַז זיי האָבן געהאַט פאַלשע דאָקומענטן אַלס פוילישע פרויען.

איך בין אַרומגעגאַנגען אַ שטאַרק פאַרזאָרגטער וועגן זייער גורל. כדי זיך צו פאַרטומלען האָב איך זיך פולשטענדיק אָפּגעגעבן אונדזערע טעקסטיל־געשעפטן, הגם איך האָב נישט געמוזט, וואָרום מײַנע שותּפים זענען אין דעם געשעפט געווען אַקטיוו. איינער פון די שותּפים איז געווען זייער אַקטיוו. זײַן נאָמען איז סטעפאַן סאָקאָלסקי. אויך ער לעבט הײַנט אין אויסטראַליע.

אין די ערשטע צײַטן פלעגט סאָקאָלסקי אַרויפקומען אין אונדזער רעסטאָראַן אין פראַגע. שפּעטער האָב איך אים באַגעגנט אין לאָדזש און ער האָט מיר דערציילט, אַז זײַנער אַ נאָענטער פרײַנד איז דער גענעראַל־דירעקטאָר פון דער מלובישער טעקסטיל־צענטראַלע, דער דערמאָנטער מאַרק הירשהאָרן. אויב אַזוי — אין ער געוואָרן אַ שותּף אין אונדזער געשעפט, און אַזוי ווי ער האָט געהאַט דעם גענעראַל־דירעקטאָר "אין דער קעשענע", איז אונדזער געשעפט געוואַקסן פון טאָג צו טאָג. צוזאַמען זענען מיר שוין געווען זעקס שותּפים און איך בין געווען דער הויפּט פון דער גרופּע, כאָטש דער אָפיציעלער דירעקטאָר איז געוואָרן ער, סאָקאָלסקי.

מיט יאָרן שפּעטער האָב איך סאָקאָלסקין באַגעגנט אין ישראל און מיר האָבן זיך דערפרייט איינער מיטן אַנדערן, ווי מיר וואָלטן זיך געהאַט פאַרלוירן. ער האָט מיר דערציילט, אַז ער קלייבט זיך חתונה מאַכן זײַנע אַ טאָכטער, און אויפן פּלאַץ האָט ער מיר פאַרבעטן, און גענומען מײַן האַנט איך זאָל קומען קיין מעלבורן צו דער חתונה. איך האָב אָנגענומען זײַן האַנט און פײַערלעך אים צוגעזאָגט צו זײַן זײַן גאַסט אויף דער חתונה פון זײַן טאָכטער.

וואָס פאַר אַ גליק קען זײַן גרעסער פון דעם, נאָך אַזוי פיל סכנות פאַרן לעבן אין דער היטלער־אָקופּאַציע זוכה צו זײַן חתונה צו מאַכן אַ קינד און ממשיך זײַן אַ נײַעם יידישן דור.

איך האָב מקיים געווען מײַן צוזאָג. ווי נאָר איך האָב פון סאָקאָלסקין דערהאַלטן אַ ידיעה וועגן דעם טערמין פון דער חתונה, האָב איך גענומען אַן עראָפּלאַן און צוזאַמען מיט מײַן פרוי געפלויגן

קײַן מעלבורן, כּדי צו זײַן אויף זײַן שמחה, וואָס איז אויך געווען מײַן שמחה, ווי זײַנער אַ פֿרײַנד.

די זאָרג פֿאַר מײַן פֿרוי און שוועגערין האָט מיך נישט אָפּגעלאָזט. איך האָב נישט געוואָלט צולאָזן די מחשבֿה, אַז זיי זענען חלילה אומגעקומען. נאָך דעם ווי איך האָב פֿאַרלוירן מײַן פֿאַר־צווײַגטע משפּחה פֿון הונדערטער קרובֿים — וואָס וועט מיך האַלטן בײַם לעבן, אויב אויך מײַן פֿרוי איז מער נישטאָ און מיט איר נאָך אַ נאָענטער מענטש, מײַן שוועגערין?

האָב איך אין די דרײַ חדשים פֿון זײַן אין לאָדזש אין די טעקסטיל־געשעפֿטן צוגעגרייט אַ גרויסע, שיינע וווינונג און זי אײַנגעאָרדנט אַזוי אַז ווי נאָר די צוויי פֿרויען וועלן זיך באַווײַזן, וועלן זיי האָבן אַ גרייטע היים. די שיינע דירה, די באַקוועמלעכקייטן און די עקאָנאָמישע זאָרגלאָזיקייט וועט זײַן כּאָטשבי אַ קליינע רעקאָמפּענסאַציע פֿאַר זייערע שווערע לײַדן, אויב עס קען בכלל זײַן וועלכע עס איז רעקאָמפּענסאַציע נאָך אַזעלכע גיהנום־איבערלעבונגען.

איין מאָל, גייענדיק מיט דער פּיאָטרקאָווסקע גאַס אין לאָדזש, איז מיר אַנטקעגנגעקומען אַ מאַן און מיר געזאָגט:

״שטעל אַ שנאַפּס און איך וועל דיר אָנזאָגן אַ גוטע בשורה״.

איך האָב דעם מאַן גענומען אונטערן אָרעם, אים אַרײַנגעפֿירט אין דעם ערשטן רעסטאָראַן און נאָך איידער מיר האָבן אויפֿגעהויבן די גלעזלעך צו אַ ״לחיים״ האָט ער זיך מער נישט געקענט באַהערשן און געזאָגט:

״פּיעקאַרסקי, דײַן פֿרוי לעבט און דײַן שוועגערין לעבט. זיי געפֿינען זיך אין פּראַגע. דאָרט ווו דו האָסט געהאַט דעם רעסטאָראַן, אויף זאָמבקאָווסקי גאַס. אין דעם זעלבן הויז איז אַ קעלער איז פֿאַראַן אַ האָטעל. אין אָט דעם האָטעל געפֿינען זיי זיך. נעם אַ באַן און אײַל קיין פּראַגע״.

איך האָב נישט געוואַרט אויף קיין באַן. גלײַך ווי מיר האָבן אויסגעליידיקט די גלעזלעך, האָב איך געדונגען אַן אויטאָ, מיטגענומען מענטשן, וואָס קענען דעם וועג פֿון לאָדזש קײַן וואַרשע

און מיט דרײַ שעה שפּעטער בין איך געווען אין פּראַגע. איך בין אַראָפּ אין דעם קעלער־האָטעל, געזעען פרויען, און מײַן פרוי און שוועגערין האָב איך נישט דערקענט. זיי האָבן מיך יאָ דערקענט.

אין די אַכט חדשים ווי זיי זענען געווען אין אַן אַרבעט־לאַגער אין שטוטהאָף ווי קריסטינס, האָבן זיי זיך געענדערט נישט צום דערקענען. מײַן פרוי, וואָס אויך פריער האָט זי נישט געהערט צו די סאַמע געזונטסטע, איז געווען פולשטענדיק פיזיש צעבראָכן און גײַסטיק דערדריקט. דער מצבֿ אויך פון מײַן שוועגערין, וואָס איז דעמאָלט געווען אַ יונג מיידל, איז געווען אַ קלאָגעדיקער. איך האָב געקוקט אויף ביידע און עס איז מיר געווען שווער צו באַנעמען אַז דאָס זענען די זעלבע צוויי פרויען, מיט וועלכע איך האָב זיך געזעגנט דעמאָלט, אין דער קירך אין וואַרשע...

אין דעם פיזישן צושטאַנד אין וועלכן די צוויי פרויען האָבן זיך געפונען, איז געווען אוממעגלעך זיי צו נעמען קיין לאָדזש אין מײַן שיינער און באַקוועמער וווינונג, וואָס איך האָב פאַר זיי געהאַט צוגעגרייט, נישט וויסנדיק אַז זיי לעבן. זיי האָבן געדאַרפט האָבן אַ ספּעציעלע און גאַנץ באַזונדערע זאָרג, און איך פאַרזענלעך בין צו דעם נישט געווען פעיק.

צוויי טעג שפּעטער ווי איך האָב זיי אָפּגעפונען אין דעם קעלער־האָטעל, האָב איך זיי אַוועקגעפירט אין אַ פּענסיאָנאַט־סאַנאַטאָריע אין אָטוואָצק, אַ וואַלדיקער קור־פּלאַץ אויף דער אַזוי גערופענער וואַרשעווער "ליניע".

אין דעם טאָג ווי איך האָב די פרויען געבראַכט קיין אָטוואָצק האָט מײַן פרוי געוויגן פערציק קילאָגראַם. איך האָב נישט געקאַרגט קיין שום מיטלען צו שאַפן פאַר ביידע אין אָטוואָצק אַזעלכע באַדינגונגען, אַדאַנק וועלכע זיי זאָלן וואָס שנעלער צוריקקומען צו זיך.

דרײַ חדשים זענען זיי געווען אין דער פּענסיאָן־סאַנאַטאָריע. איך האָב ווידער געהאַט פאַר זיך צוויי יונגע שיינע פרויען, אַזעלכע ווי זיי זענען געווען אין יאַדעווע. די געזונטע לופט אין אָטוואָצק און די געהעריקע באַשפּײַזונג צוזאַמען מיט מעדיצינישער הילף, האָבן

אין אַ געוויסן זין כאָטש אויסערלעך פֿאַרווישט די סימנים פֿון די שווערע לײַדן וואָס די צוויי שוועסטער זענען דורכגעגאַנגען.

דאָך נישט אין גאַנצן.

פֿון די ביטערע באַדינגונגען, פֿריער אין דעם לאַגער אין פּרושקאָוו און באַלד דערנאָך אין דעם שווערן אַרבעט־לאַגער אין שטוטהאָף, איז מײַן פֿרוי קראַנק געוואָרן אויף דער ביינער־קראַנקייט סקאָליאָזיס. איך האָב זי געפֿירט צו די גרעסטע מעדיצינישע ספּעציאַליסטן, וואָס זענען דעמאָלט געווען בנמצא אין פּוילן. קיינער פֿון זיי האָט נישט געקענט אויסגעפֿינען קיין געהעריקע מעדיצינישע היילונג. דאָס איינציקע וואָס זיי האָבן געקענט רעקאָמענדירן איז דאָס אַז מײַן פֿרוי זאָל סטאַביל טראָגן אַ ספּעציעלן אָרטאָפּעדישן גאָרסעט.

איך האָב מיט דעם מצבֿ נישט געקענט משלים זײַן. איך האָב באַשלאָסן צו טאָן אַלץ, וואָס עס איז אין מײַנע כּוחות אויסצוהיילן זי פֿון איר קראַנקייט, וואָס האָט באַגרענעצט איר פֿיזיש האַלטן זיך. איך האָב געפֿילט, אַז איך בין איר שולדיק די מאַקסימאַלסטע הילף, כּדי זי זאָל צוריק זײַן אַזאַ ווי זי איז געווען. האָב איך געטראַכט, אַז אויב אין פּוילן זענען נישטאָ קיין מיטלען צו באַפֿרײַען מײַן פֿרוי פֿון דער קראַנקייט, ווײַל פֿינף יאָר איז פּוילן געווען אונטער דעם נאַצישן מערדערישן קלעם, וועל איך מסתּמא געפֿינען די הילף אין אויסלאַנד, ווו די מעדיצין האָט אין די מלחמה־יאָרן פּראָגרעסירט.

כ׳האָב דעריבער באַשלאָסן מיר זאָלן אײַנפּאַקן אונדזערע וואַליזעס און אַוועקפֿאָרן קיין אויסלאַנד.

* * *

עס איז פאַר מיר געווען לײַכטער צו באַשליסן ווי צו דערגרייכן אַן אַרויספאָר קײַן אויסלאַנד.

די קאָנסולאַטן פון די מערבֿ־אייראָפּעישע מדינות האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו געבן אַרײַנפאָר־וויזעס פאַר פוילישע בירגער. פוילן איז דאָך שוין אין יענער תקופה פאַררעכנט געוואָרן ווי אַ קאָמוניסטישע מדינה אונטער דער אַפּוטרופּסות פון סאָוויעט־רוסלאַנד, במילא איז יעדער פוילישער בירגער געזען געוואָרן ווי אַ קאָמוניסט, וואָס אויב ער וויל אַרײַנפאָרן אין אַ מערבֿ־אייראָפּעיש לאַנד איז עס מסתמא, כדי דאָרט צו מאַכן אַ רעוואָלוציע.

בין איך פאַר אַלעם אַרײַנגעפאָרן קײַן וואַרשע, זיך באַקענט מיט דעם דירעקטאָר פון דעם אַמט וואָס האָט אַרויסגעגעבן פּאַספּאָרטן, און מיט פּאַרטיקע פּאַספּאָרטן האָב איך צוריקגעקערט קײַן לאָדזש. דערווײַל איז פאַר מיר אָנגעקומען אַן אַפֿידייוויט פון מײַנעם אַ ברודער צו עמיגרירן קײַן אַמעריקע.

דעם אמת געזאָגט האָב איך נישט געהאַט קיין גרויס חשק צו עמיגרירן קײַן אַמעריקע. אָבער אַזוי ווי די אויסלענדישע קאָנסולאַטן האָבן געמאַכט גרויסע שוועריקײַטן מיט אַרויסגעבן אַרײַנפאָר־וויזעס אין זייערע מדינות, האָב איך פאַרטראַכט אַ פּלאַן ווי אַזוי פון דעסטוועגן דאָך זיך אַרײַנבאַקומען קײַן מערבֿ־אייראָפּע:

איך בין אַרײַנגעגאַנגען צום אַמעריקאַנער קאָנסול, זיך מיט אים באַפרײַנדעט און אים געבעטן, ער זאָל מיר אַרויסגעבן אַ באַשטעטיקונג, אַז אין דעם אַמעריקאַנער קאָנסולאַט אין בריסעל געפינען זיך מײַנע פּאַפּירן צו עמיגרירן קײַן אַמעריקע. דער קאָנסול האָט מיר געגעבן אַזאַ בריוו און אויף דעם סמך האָט מיר דער בעלגישער קאָנסול געגעבן אַן אַרײַנפאָר־וויזע קײַן בעלגיע. מיט אָט דער וויזע אין מײַן פּאַספּאָרט בין איך אַוועק אין פראַנצייזישן קאָנסולאַט און אָן וועלכע עס איז שוועריקייטן האָב איך באַקומען אַ טראַנזיט־וויזע אַדורכצופאָרן פאַריז אויפן וועג קײַן בעלגיע...

איצט איז געשטאַנען די פראַגע: ווי אַזוי פיר איך איבער מײַן אָנגעזאַמלטן קאַפּיטאַל, מען זאָל אים מיר נישט קאָנפיסקירן אויף

דער גרענעץ? די סומע וואָס איך האָב פאַרמאָגט איז געווען אַ גאַנץ גרויסע. אויף אַ לעגאַלן אופן אַרויספירן דעם קאַפּיטאַל קיין אויסלאַנד איז געווען אוממעגלעך.

מאַכט זיך אַ מעשה און קיין פּוילן קומט צו פאָרן אויף אַ באַזוך דער דעמאָלט באַרימטער גרעזעלשאַפטלעכער טוער אין אַמעריקע לוי סיגאַל. מיין ברודער אין אַמעריקע האָט געקענט לוי סיגאַל און אים געבעטן ער זאָל מיר איבערגעבן אַ גרוס מיט אַן "אויפגאַבע". איז סיגאַל געקומען צו מיר קיין לאָדזש, מיר איבערגעגעבן דעם גרוס און געפרעגט, אויב איך דאַרף עפּעס געלט. האָב איך אים געזאָגט, אַז וואָס עס איז נוגע מיר, דאַרף איך נישט קיין געלט. פאַרקערט, איך האָב געלט און איך זוך ווי אַזוי עס איבערצוווייזן קיין אַמעריקע. פון דעם שמועס איז אַרויסגעקומען, אַז לוי סיגאַל דאַרף יאָ האָבן אַ באַדייטנדיקע סומע פאַר געזעלשאַפטלעכע צוועקן האָב איך אים איבערגעגעבן אַ גרעסערע סומע דערמיט, אַז ער וועט זי צוריקצאָלן צו מיין ברודער. שפּעטער האָב איך סיגאַלן באַגעגנט אין ריכבאַך, נידערשלעזיען, וווהין איך בין געקומען מיט אַ מיליטערישן אויטאָמאָביל איינקויפן סחורה. האָט מיר סיגאַל געבעטן און איך האָב אים די טובֿה געטאָן אַז אַזוי ווי דעם נאָענטסט זונטאָג האָט ער אַ רעפעראַט אין וראָצלאַוו, זאָל איך אים אַהין ברענגען צו דער צייט. אויפן וועג האָבן מיר זיך באַפריינדעט וו ברידער.

מיט אַ צייט שפּעטער איז קיין פּוילן געקומען אויך יעקב פּאַט, דער בונדישער מנהיג, וואָס איז געשטאַנען בראָש פון דעם יידיש אַרבעטער־קאָמיטעט אין אַמעריקע. אויך יעקב פּאַט האָט אין פּויל געהאַט פאַרפליכטונגען צוצוטיילן צו יידישע אינסטיטוציע פינאַנסיעלע הילף. ער האָט מיט זיך קיין גרעסערע סומע ניש געפירט. האָב איך אים געגעבן היפּשע טויזנטער דאָלאַרן, דערמי ער זאָל זיי צוריקצאָלן מיין פעטער אין שיקאַגע.

ביידע, סיי לוי סיגאַל און סיי יעקב פּאַט, האָבן צו מיין ברודע צוריקגעגעבן ביז צו איין סענט דערפון וואָס איך האָב זיי געגעב דערווייל האָב איך אין לאָדזש ליקווידירט אַלע מיינע געשעפטן

אין אַ תּקופֿה ווען די געשעפֿטן זענען געגאַנגען זייער גוט. איך האָב פּשוט אַלץ איבערגעשניטן, ליקווידירט, עס זאָל נישט זײַן קיין צוריקוועג. איך האָב מײַן רײַזע אָרגאַניזירט אַזוי אַז פֿון לאָדזש קיין פּאַריז זאָל איך פֿאָרן אין אַ צוג פֿון דעם "רויטן קרײַץ", וואָס האָט געפֿירט פּליטים קיין פֿראַנקרײַך.

דער צוג איז באַשטאַנען פֿון לאַסט־וואַגאָנען, אין וועלכע עס זענען געווען אײַנמאָנטירט בעטן. דאָס האָט געמיינט, אַז די רײַזע קיין פּאַריז וועט דויערן לאַנגע טעג און נעכט.

איך האָב זיך צו דער רײַזע ווי געהעריק צוגעגרייט: מײַן הויפּט־פֿאַרמעג האָב איך פֿריִער איבערגעוויזן קיין אַמעריקע, פֿון דעסט וועגן איז מיר נאָך געבליבן אַ היפּשער קאַפּיטאַל. איך האָב נישט געוואָלט אַנקומען קיין אויסלאַנד מיט ליידיקע קעשענעס און זוכן הילף בײַ מענטשן. האָב איך אין די אָבצאַסן פֿון מײַנע שיך "אײַנגעמויערט" גאָלד־שטיקלעך, אין די קליידער פֿון מיר און פֿון מײַן פֿרוי אײַנגענייט דאָלאַרן אויף אַזאַ אופֿן, אַז איך בין געווען זיכער טאָמער וועט דער טײַוול אַליין מאַכן בײַ מיר אַ רעוויזיע, וועט ער גאָרנישט געפֿינען.

עס איז געווען באַשטימט, אַז די באַן וועט אָפּגיין פֿון לאָדזש פֿיר אַזייגער נאָך מיטאָג. אָבער מיט עטלעכע שעה פֿריִער, אַרום צוועלף אַזייגער, האָט געקלונגען דער טעלעפֿאָן אין דער דירה, ווו איך האָב געוווינט מיט מײַן ווײַב צוזאַמען מיט מײַן שווערין און איר מאַן. מײַן שווערין האָט אין צווישנצײַט חתונה געהאַט. דורכן טעלעפֿאָן האָט מיך אָנגערופֿן מײַנער אַ גוטער פֿרײַנד, וואָס האָט געהערט צו דער או.בע (פּוילישע זיכערהייט־מאַכט, עקוויוואַלענט צו דער סאָוויעטישער ענ.קאַ.ווע.דע.). ער האָט געבעטן איך זאָל גלײַך אַראָפּקומען און זיך זען מיט אים. מיר זענען אַרײַן אין אַ קאַפֿע און דער מאַן האָט מיר פֿאַראויסגעזאָגט, אַז די באַן פֿון דעם "רויטן־קרײַץ", וואָס וועט אָפּפֿאָרן פֿון לאָדזש פֿיר אַזייגער נאָך מיטאָג, וועט פֿאַרהאַלטן ווערן אויף דער סטאַציע ווידזעוו.

"אַגענטן פֿון דער או.בע. וועלן בײַ דיר זוכן און נישטערן. דו מוזט זײַן גרייט צו אַ שטרענגער קאָנטראָל!" האָט ער מיר געוואָרנט.

די בשורה האָט מיך פון איין זײַט פריטשמעלעט און פון דער צווייטער זײַט מיך אָפּגעראַטעוועט פון אַן אומגליק. איך האָב געאײַלט אין מײַן ווינונג און אײַליק זיך באַפרײַט פון דעם אַלעם, וואָס איך האָב געהאַט אײַנגענייט און פאַרשטעקט אין מײַנע קליידער און אין אַנדערע זאַכן. איך האָב אין מײַן טאַש איבערגעלאָזט בלויז די סומע פראַנצייזישע פראַנקן, וואָס איך האָב געקויפט אָפיציעל. די סומע פראַנקן איז געווען אינעם ווערט פון אַ פינף, צי צען דאָלאַר. דאָס אַלץ.

עס איז געשען ווי מײַן פרײַנד האָט מיך געוואָרנט: אויף דער סטאַציע ווידזעוו, אַ צען מינוט פון לאָדזש האָט זיך די באַן אָפּגעשטעלט. אַגענטן פון דער או. בע. אין דער באַגלייטונג פון זייערע רוסישע אַפּוטרופּסים זענען דורכגעגאַנגען די וואַגאָנען, כּמעט נישט געזוכט בײַ קיינעם אָבער ווען דאָס געזעמל אַגענטן איז אַרײַן אין מײַן וואַגאָן, האָבן זיי נישט קײַן אַנדערן נאָר מיך ״גענומען אין דער אַרבעט אַרײַן״. עס איז געווען קלאָר אַז עמעצער פון מײַנע ״פרײַנד״ האָט זיי געגעבן צו וויסן, אַז איך שמוגל אַרויס אַן אוצר.

די אַגענטן האָבן בײַ מיר און מײַן פרוי געזוכט זייער פּאַכמעניש. נישט דורכגעלאָזט קײַן פּאָדעם, געזוכט און גענישטערט אין די זוימען פון די קליידער, און נאַטירלעך האָב איך גאָרנישט געהאַט איבערגעלאָזט, זיי זאָלן עפּעס וואָס געפינען...

וואָס איך האָב יאָ מיטגענומען מיט זיך איז געווען אַ פאָטאָ־אַפּאַראַט ״לײַקאַ״. צווישן די או.בע. און ענ.קאַ.ווע.דע.־אַגענטן האָט זיך געפונען אַ פוילישער אָפיציר. אים איז זייער שטאַרק געפעלן געוואָרן מײַן ״לײַקאַ״ און ער האָט אויפן פלאַץ צוגעטראַכט אַ מעשה אַז אָט דער אַפּאַראַט זעט אים אויס זייער שטאַרק פאַרדעכטיק. מסתמא האָב איך מיט אָט דער פאָטאָ־אַפּאַראַט געמאַכט געהיימע אויפנאַמען און דעריבער קאָנפיסקירט ער די ״לײַקאַ״.

אַזוי ווי די חברותא האָט בײַ מיר גאָרנישט געפונען, און די לײַט זענען געבליבן ווי מען זאָגט מיט די צינגער אין דרויסן, בין איך

געוואָרן זייער האָפערדיק בײַ זיך און האָב געזאָגט אַזוי ווי מען דאַרף זאָגן אין אַזאַ פּאַל:

״פּאַניע אָפּיציר, בײַ מיר ווערסטו דעם אַפּאַראַט נישט צונעמען. דאָס איז אַ מתּנה פֿון מײַנע עלטערן נאָך פֿון פֿאַר דער מלחמה. מײַנע עלטערן זענען אומגעבראַכט געוואָרן און דער ״לײַקאַ״־אַפּאַראַט איז דאָס איינציקע וואָס איז מיר פֿון זיי געבליבן״.

דער פּוילישער אָפּיציר האָט, זעט אויס, שוין געהאַט באַשלאָסן אַז די ״לײַקאַ״ איז זײַנע, איז ער געוואָרן פֿאַרעקשנט און געפֿונען עפּעס אַן אויסרייד פֿון אַ געזעץ, אַ תּירוץ פֿאַר די בענטש־לײַכטער, און ער קאָנפּיסקירט דעם אַפּאַראַט. אין דער גרופּע איז אויך געווען אַ פּולקאָווניק. בין איך צוגעגאַנגען צו אים און זיך פֿאַרקלאָגט אויף דער עוולה, וואָס עס גייט מיר אָפּטאָן דער אַגענט אין מונדיר. גאָרנישט האָט מען בײַ מיר געפֿונען, איך זאָל דאַרפֿן באַשטראָפֿט ווערן מיט אַ שטראָף פֿון צונעמען בײַ מיר דעם לעצטן אָנדענק פֿון מײַנע עלטערן, וואָס זענען אומגעקומען אין דער תּקופֿה פֿון דער נאַצישער אָקופּאַציע. דער פּולקאָווניק האָט זיך פֿאַרטראַכט און געזאָגט צו זײַן אונטערגעאָרדנטן:

״גיב אים שוין צוריק זײַן פֿאָטאָ־אַפּאַראַט!״

די באַן פֿון דעם ״רויטן קרײַץ״ האָט זיך געשלעפּט ווי זי וואָלט געהאַט בדעה קיין מאָל נישט אָנקומען צו איר ציל. די באַן איז מער געגאַנגען אויף די נערוון ווי אויף די שינעס. ענדלעך, ענדלעך האָט זי זיך אָפּגעשטעלט פֿאַרן וואָגזאַל אין קאַטאָוויץ. מיר האָבן געעפֿנט די טירן פֿון די וואַגאָנען, כּדי אַרײַנצולאָזן אַ ביסל פֿרישע לופֿט, און פֿאַר מײַנע אויגן האָט זיך אַנטפּלעקט אַן אויסטערליש בילד: דער גאַנצער פּעראָן פֿון דער סטאַציע איז געווען פֿול מיט פּאָליציי־לײַט און אַנדערע מונדירירטע לײַט. קיין איין ציווילן מענטש איז נישט געווען צו זען. גראָד האָט זיך דער וואַגאָן, אין וועלכן איך מיט מײַן ווײַב זענען געפֿאָרן, אָפּגעשטעלט פּונקט אַנטקעגן דעם טונעל־דורכגאַנג צום וואָגזאַל. ערשט איך זע ווי מיט די טרעפּ פֿון דעם טונעל קומט אַרויף מײַן שוואָגער און מיט אים מײַן שוועגערין, און ער טראָגט אַ קוישל. זיי זענען די איינציקע ציווילע אין דעם גאַנצן

אַרום. זיכער האָבן זיי אין קוישל דאָס אַלץ פון דעם וואָס איך האָב איבערגעלאָזט, זיי זאָלן עס מיר אַרײַנדערלאַנגען אין קאַטאָוויץ. איך האָב דערפילט אַז עס דערנעענטערט זיך אַן אומגליק. טאָמער רעווידירט מען בײַ זיי דאָס קוישל און מען געפינט דעם קאַפּיטאַל, וואָס דאָרט איז געווען, איז אַ סוף צו אַלע אונדזערע פּלענער און דער עיקר אַ סוף צו דער שווער־פאַרדינטער פרײַהײַט פון מײַן שוואָגער יוסף.

* * *

מײַן שוואָגער איז אַליין אַ שווער־דורכגעליטענער פון די נאַצישע און אַ.קאַ.־אַבזריותן. ער איז דער זון פון אַ געוועזענער גרויסער און פאַרמעגלעכער משפחה, וואָס האָט געלעבט אינעם דאָרף סקרישאָוו (אויף פויליש קזשעשאָוו) נעבן דעם טײַך בוג. זײַן פאָטער, מענדל, איז געווען דער אייגנטימער פון אַ גרויסער מילכערײַ, וואָס האָט פּראָדוצירט פאַרשיידענע סאָרטן קעז. כדי זיך צו ראַטעווען פון די נאַציס כאָטש טיילווייז האָבן די עלטערן זיך אויסבאַהאַלטן באַזונדער און אויך די קינדער האָבן זיך צעטיילט. אין די לעצטע חדשים פון דעם יאָר 1942 האָבן די דײַטשן אויסגעפונען די באַהעלטעניש פון זײַנע עלטערן, די מערדער האָבן זיי אַוועקגעפירט צום בוג און זיי אַרײַנגעוואָרפן אין טײַך. אַז די נאַציס האָבן באַמערקט אַז די אַרײַנגעוואָרפענע אין טײַך שווימען, האָבן זיי די שווימענדיקע נאָכגעשאָסן מיט מאַשין־געווער און זיי געטויט.

ביז 1944 האָבן אין אַ באַהעלטעניש געלעבט יוסף ברידער, זייערע קינדער און שוועסטער. ווי פון אָנהייב זענען געשיקט געוואָרן אינסטרוקציעס פון דער לאָנדאָנער פוילישער רעגירונג צו דער אַרמיאַ קראַיאָוואַ אין פוילן נישט צו שטערן די יידן זיך אויסבאַהאַלטן (יוסףס קוזין האָט אַזאַ געדרוקטע אינסטרוקציע געזען און זי געלייענט), אַזוי איז שפּעטער די אינסטרוקציע פון לאָנדאָן געווען צו "לייזן דאָס יידנפּראָבלעם פון פוילן". דעמאָלט האָט די אַרמיאַ קראַיאָוואַ אָנגעהויבן זוכן אויסבאַלטענע יידן און זיי אומברענגען. אַזוי האָט די אַ.קאַ. אויסגעפונען צוויי גרופּעס יידן — איינע אויסבאַהאַלטן אין אַ שײַער און אַ צווייטע אויסבאַהאַלטן אויפן בוידעם פון אַ הויז. ווען די פוילישע באַנדיטן האָבן אַנטדעקט די באַהעלטעניש פון אַ גרופּע יידן אויפן בוידעם, האָבן זיי פאַרזיכערט זייערע קרבנות, אַז זיי מיינען נישט קיין שום שלעכטס. פאַרקערט, זיי זאָרגן פאַר דער זיכערקייט פון די אויסגעפונענע יידן. זיי ווילן זיי אָנשליסן צו די פאַרטיזאַנער, וואָס געפינען זיך אין שכנותדיקן וואַלד. מאָרגן — האָבן די באַנדיטן פאַרזיכערט — וועלן

זיי קומען אַרויספירן די יידן צו די פּאַרטיזאַנער. אַז די צום טויט־דערשראָקענע יידן האָבן געהערט אַזעלכע פריַיִנדלעכע ווערטער, האָבן זיי פּאַרטרויט פּאַר די מערדער, אַז אין אַ שכנותדיקן שיַיער באַהאַלט זיך נאָך אַ גרופּע יידן. האָבן די פּאָליאַקן פּאַרזיכערט, אַז אויך זיי וועלן אַרויסגעפירט ווערן אין וואַלד צו די פּאַרטיזאַנער.

אויף צו מאָרגנס איז געקומען אַ באַנדע אַקאָווצעס און אומגעבראַכט די יידן דורך אונטערצינדן דעם שיַיער און די יידן אויסבאַהאַלטענע אויפן בוידעם האָבן זיי אומגעבראַכט דורך אַ העפטיק שיסן פון מאַשין־געווער.

יוסף מיט זיַינעם אַ קוזין גדליה ווישניע, וואָס לעבט היַינט אין נס־ציונה, איז געווען אויסבאַהאַלטן ביַי אַ פּאָליאַק אַ פּראָפעסיאָנעלן באַנדיט. אין אָנהייב פון דער נאַצישער אָקופּאַציע האָט דער פּאָליאַק דערשאָסן אַ דיַיטשן מיליטערמאַן, אָנגעטאָן דעם מונדיר פון דעם דערשאָסענעם נאַצי און מיט דעם דיַיטשן געווער געמאָרדעט נאַציס און נישט־נאַציס, מיט וועלכע ער האָט געהאַט חשבונות. צום סוף האָבן די דיַיטשן אים דערשאָסן.

מיַין שוואָגער און זיַין קוזין זענען וויַיטער געבליבן אויסבאַהאַלטן ביַי דער אלמנה נאָכן באַנדיט. אין צווישנציַיט, ווייסנדיק אַז דיביידע קוזינען באַהאַלטן זיך אויס אין אַ בונקער אונטער דעם הויף פון דער אלמנה, האָבן זיך אַנדערע יידן, וועלכע האָבן זיך מער נישט געקענט אויפהאַלטן אין זייערע ביז־דעמאָלטדיקע באַהעלטענישן געוואָנדן צו דער פרוי,זי זאָל אויך זיי אויסבאַהאַלטן. זיי האָבן געטענהט, אַז די זעלבע סכנות וואָס דראָען איר פאַר אויסבאַהאַלטן צוויי יידן, וועלן איר דראָען פאַר אויסבאַהאַלטן פיר יידן, און זיי זענען גרייט דער פרוי גוט צו באַצאָלן. און וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דער נישט־דערפאָרשטקייט פון דער מענטשלעכער נשמה איז דער פאַל, אַז ווען די אלמנה נאָך דעם באַנדיט האָט מסכים געווען אויסצובאַהאַלטן אויך אַנדערע יידן, איז איר זון געווען קעגן דעם זי זאָל ביַי די מענטשן נעמען געלט פאַר אויסבאַהאַלטן זיי. ער האָט

געזאָגט צו זײַן מוטער, אַז נאָך דעם ווי זי ווערט באַלוינט פון די צוויי קוזינען, איז נישט אָרנטלעך זי זאָל נעמען געלט בײַ אַנדערע פאַר אויסבאַהאַלטן זיך אין דעם זעלבן בונקער...

נאָך דעם ווי צו מײַן שוואָגער אין דער באַהעלטעניש איז דערגאַנגען ווענן דעם אַז די אַ.קאַ. האָט אומגעבראַכט צוועלף נפשות פון זײַן נאָענטסטער משפחה, האָט ער געוואָלט אַרויס פון דער באַהעלטעניש און זיך איבערגעבן אין די הענט פון די נאַציס, זיי זאָלן אויך אים אומברענגען...

אַז איך האָב דערזעען מײַן שוואָגער מיט דער שוועגערין אויף די טרעפּ פון דעם באַן־טונעל אין קאַטאָוויץ, האָב איך זיך דערמאָנט אין זײַנע טראַגישע איבערלעבונגען. איך בין געוואָרן אויפגעטרייסלט און נישט געוווסט ווי אַזוי אים איבערצוגעבן, ער זאָל זיך צוריקציען פון די טרעפּ צוזאַמען מיט דעם קוישל.

צום גליק האָט מײַן שוואָגער מיך באַמערקט אין דער טיר־ראַם פון דעם וואַגאָן, ווי איך האָב אים באַמערקט אַרויפשטײַגנדיק אויף די טרעפּ פון טונעל. כ'האָב אים געגעבן אַ צייכן ער זאָל נעלם ווערן. ער האָט פאַרשטאַנען מײַן האַנט־באַוועגונג, און ביידע, מײַן שוואָגער מיט דער שוועגערין, זענען נעלם געוואָרן אינעם טונעל.

איך בין געבליבן מיט די פאָר פראַנצייזישע פראַנקן אינעם ווערט פון אַ פינף־צען דאָלאַר און מיט אָט דעם "קאַפּיטאַל" וועל איך זיך דאַרפן אַן עצה געבן אין אַ פרעמדער וועלט, וואָס איך קען נישט איר שפּראַך און האָב נישט דאָרטן קיין פרײַנד אָדער באַקאַנטן.

צוגעוווינט צו פיל גרעסערע נסיונות און סכנות במשך פון יאָרן אונטער די נאַציס און שפּעטער אין דעם נײַעם פּויליש־סאָוויעטישן רעזשים, האָב איך זיך נישט מייאש געווען. אויך פרעמדע מענטשן זענען מענטשן און מען דאַרף נאָר טראַכטן קאַלט און לאָגיש, ווי אַזוי צו "רעדן" אויף שטום־לשון צו פרעמדע מענטשן, כדי צו געפינען בײַ זיי הילף.

די רײַזע קיין פּאַריז מיט דעם צוג פון דעם "רויטן קרײַץ" האָט געדויערט עטלעכע טעג. מיר זענען אָנגעקומען אויף גאַר דעל'עסט,

האָבנדיק אין מײַן קעשענע בלויז די פּאָר אָרעמע פראַנקן.

אין יענער צײַט האָט אַ צימער אין אַ האָטעל פון אַ נידעריקן קלאַס געקאָסט דרײַ דאָלאַר אַ נאַכט. האָב איך געמאַכט דעם חשבון, אַז פאַר דעם וואָס מיר פאַרמאָגן וועלן מיר קענען זײַן אין אַ האָטעל עטלעכע טעג און עסן זייער באַשיידן.

כ'האָב געדונגען אַ צימער אַנטקעגן דעם וואָגזאַל דעל'עסט. איך האָב אָבער אויף קיין רגע נישט פאַרגעסן אַז אויף מײַן טראַנזיט־וויזע געפינט זיך אַ קלאַוזולע, אַז איך טאָר זיך נישט אויפהאַלטן אין פראַנקרײַך. און מײַן ציל איז דאָך נישט דער טראַנזיט דורך פראַנקרײַך; מײַן ציל איז פּאַריז גופא. איך האָב דאָך באַלד פון אנהייב נישט געמיינט בעלגיע.

* * *

מיט אַ לענגערער צײַט צוריק, נאָך זייענדיק אין לאָדזש, האָבן מיר צוויי לײַט געגעבן אַן אַדרעס פון זייערס אַ שוואָגער, וואָס לעבט אין פּאַריז. אויך זיי האָבן זיך געקליבן פּאָרן קיין פּאַריז. זיי האָבן מיר געעצהט, אַז ווי נאָר איך וועל אָנקומען קיין פּאַריז, זאָל איך זיך פאַרבינדן מיט זייער שוואָגער, טאָמער וועל איך עפּעס דאַרפן. דער מאַן פון דעם אַדרעס האָט געהייסן רודי. אויך ער איז שוין, צום באַדויערן, אויפן עולם האמת. ער איז געווען איינער פון די פירער פון די רעכטע פועלי־ציון אין פראַנקרײַך. ער האָט געוווינט אין דעם 20סטן אַראַנדעסמענט.

אָנגעקומען קיין פּאַריז זענען מיר שבת. אַזוי ווי איך בין געווען געדריקט פון אַלע זײַטן, סײַ מיט דער טראַנזיט־וויזע און סײַ מיט דער זאָרג, אַז מאָרגן וועל איך נישט האָבן צו באַצאָלן פאַר דעם האָטעל־צימער, האָב איך באַשלאָסן אַז איידער וואָס־ווען דאַרף איך אויסנוצן דעם אַדרעס, וואָס די צוויי לײַט אין לאָדזש האָבן מיר געגעבן און זענען זייער שוואָגער רודי. צו אַלע צרות בין איך דאָך אין פּאַריז אַ שטומע צונג.

באַלד אויף צו מאָרגנס, זונטאָג אין דער פרי, האָב איך אויף שטום־לשון זיך געוואָלט דערקלײַבן צום 20סטן אַראַנדעסמענט. האָב איך זיך אַרײַנגעזעצט אין אַ מעטראָ און געפאָרן. פאָר איך אַהער און פאָר אַהין, קיין לשון צו פאַרשטענדיקן זיך האָב איך נישט, איז ווי דערקלערט מען אַ פראַנצויז אַז איך דאַרף דעם 20סטן אַראַנדעסמענט רי לע סעפּס?

האָב איך געוויזן דעם אָנגעשריבענעם אַדרעס און פראַנצויזן האָבן מיר עפּעס געזאָגט, און ווײַזט אויס, אַז איך האָב נישט פאַרשטאַנען וואָס זיי האָבן מיר געזאָגט, און איך בין אַרויס פון דעם מעטראָ. האָב איך אָנגעהויבן לייענען די שילדלעך אויף די עקן פון די גאַסן און עס האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז איך געפין זיך אויף בעלוויל, וואָס ליגט אין 11טן אַראַנדעסמענט.

איז ווי אַזוי קום איך פון דעם 11טן צום 20סטן אַראַנדעסמענט? בין איך געבליבן שטיין אַ צעטומלטער און פאַרלוירענער, טאַקע אַזוי

ווי עס ווערט צעטומלט און פֿאַרלוירן אַ קליינשטעטלדיקער ווען ער קומט אין אַ כרך און ער ווייסט נישט ווו אײַן און ווו אויס. האָב איך דערשנאַפּט אַ פֿאַרבײַגייענדיקן, וואָס האָט מיר אויסגעזעען צו זײַן אַ ייִד. שטעל איך אים אָפּ און פֿרעג, ווי דער שטייגער פֿון אַ ייִד צו אַ ייִד:

״איר רעדט יידיש?״

ענטפֿערט מיר דער אומבאַקאַנטער אויך ווי עס איז דער שטייגער פֿון אַ ייִד:

״וואָס דען זאָל איך רעדן? איך בין דאָך אַ ייִד!״ און דער ייִד פֿרעגט מיר אויס הײמישלעך פֿון וואַנען איך קום, ווער איך בין און כּדומה אַזעלכע פֿראַגן ווען עס טרעפֿן זיך צוויי אומבאַקאַנטע ייִדן.

דערצייל איך אים אַז איך בין דער און דער. זײַן בין איך אַ סאָקאָלאָווער, מען קען אַפֿילו זאָגן אַ יאַדעוווער, נאָר קומען קום איך פֿון לאָדזש. דערהערט לאָדזש, האָט זיך דער מאַן גאָר שטאַרק פֿאַרהיימישט מיט מיר. באַלד האָט ער מיר דערציילט, אַז שטאַמען שטאַמט ער פֿון קאַליש און אַז זײַן שוואָגערס אַ קוזין וואָס לעבט שוין אַ סך יאָרן אין אַמעריקע איז איצט געקומען קיין פּאַריז, און צוזאַמען מיט אים איז אויך געקומען אַ פֿירער פֿון די רעכטע פּועלי־ציון אין אַמעריקע, חיים גרינבערג. ביידע זענען גאָר וואַזשנע פּערזענלעכקייטן. פֿון פּאַריז פֿאָרן זיי אין אַ פּאָר טעג אַרום גלײַך קיין פּוילן. ביידע לײַט שטייען־אײַן אין דעם האָטעל ״לוטעסיאַ״.

דערהערט, אַז צוויי וויכטיקע ייִדישע לײַט פֿאָרן קיין פּוילן, איז מיר באַלד אײַנגעפֿאַלן, אַז עס קען געמאָלט זײַן, די צוויי געזעלשאַפֿטלעכע מענטשן זאָלן אין פּוילן דאַרפֿן האָבן גרעסערע סומעס געלט, אַזוי ווי מיט אַ צײַט צוריק לוי סיגאַל און יעקב פּאַט. און אַזוי ווי אַ היפּשע סומע פֿון מײַן פֿאַרמעגן איז געבליבן בײַ מײַן שוואָגער און שוועגערין, קען געמאָלט זיין אַז ״מעז ייצא מתוק״ — דאָס וואָס עס איז מיר נישט געלונגען אַדורכצושמוגלען, וועל איך באַקומען אויפֿן גלײַכן וועג...

אויף צו מאָרגנס בין איך אויפֿגעשטאַנען 6 אַזייגער באַגינען אַז טאָמער וועל איך זיך אויפֿן וועג צום האָטעל ״לוטעסיאַ״ פֿאַרדרייען

מיט די מעטראָס און מיט די אַראַנדעסמענטס און אַנדערע ענלעכע זאַכן, זאָל איך האָבן געניג צײַט זיך אַרויסצופּלאָנטערן פון די אַלע גרוישטעטישע שוועריקייטן און אָנקומען ווו איך דאַרף, טאַקע צו דעם האָטעל ״לוטעסיאַ״.

דער עיקר: דאָס מאָל האָב איך זיך נישט פּאַרדרייט מיט די מעטראָס און מיט די אַראַנדעסמענטן. גאַנץ צופעליק בין איך אַרײַן אין דעם ריכטיקן מעטראָ און פּופצן מינוט שפּעטער בין איך געווען נעבן דעם האָטעל. דער זייגער איז געווען סך־הכּל זיבן. ווי קען איך גיין וועקן מענטשן אין אַ האָטעל אין אַזאַ פריער שעה? האָב איך זיך אַרומגעדרייט ווי אַ כּהן אַרום אַ בית־עלמין, אויסגעקוקט אַלע שויפענצטער אין דער סבֿיבֿה, און קיין געדולד האָב איך נישט געהאַט. האָב איך געפּרוווט אָנקנופּן אַ קאָנטאַקט מיט דעם ״קאָנסיערזש״ פון דעם האָטעל. האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער רעדט אַ ביסל דײַטש. האָב איך שוין געהאַט מיט וועמען אַוועקצובטלען די צײַט. האָט מיר דער ״קאָנסיערזש״ געבעטן, איך זאָל זיך זעצן און וואַרטן. אַ פערטל שעה נאָך אַכט איז אָנגעקומען דער מאַן, וואָס איך האָב אים מיט אַ טאָג פריער באַקענט נעבן דעם מעטראָ און ער האָט עס מיר געזאָגט וועגן די צוויי וויכטיקע פּערזענלעכקייטן פון אַמעריקע, וואָס גרייטן זיך פאָרן קײַן פּוילן.

אין יענער צײַט האָט די ווינדע אין דעם האָטעל נישט געאַרבעט און עס איז געווען נישט לײַכט צו קלעטערן איבער האָטעל־טרעפּ. האָט זיך מײַן נײַער באַקאַנטער טעלעפאָניש פאַרבונדן מיט זײַן שוואָגערס קוזין, וואָס איז געווען איינער פון די צוויי וויכטיקע לײַט, און ביידע זענען באַלד אַראָפּגעקומען צו אונדז.

דער אָפּשטאַמיקער פון קאַליש, דאָס מיינט, מײַן נײַער באַקאַנטער, האָט ביידן דערציילט וועגן מיר, אַז איך בין נאָר וואָס געקומען פון לאָדזש און איך וועל זיי קענען דערציילן וועגן אַלץ, וואָס עס אינטערעסירט זיי וועגן פּוילן. אויב אַזוי, האָבן זיי מיך פאַרבעטן אין אַ דערנעבנדיקן קאַפע אויף פרישטיק. איך האָב די אײַנלאַדונג גערן אָנגענומען, וואָרום אויסער וואָס איך האָב דעם פרימאָרגן נאָך נישט געטרונקען אַפילו קיין טעפּל קאַווע, האָב איך

אומהויפהערלעך געציילט די וויניקע פראַנקן אין מײַן קעשענע. איך האָב געציטערט טאָמער גייט מיר אויס דער לעצטער פראַנק און דעמאָלט וועל איך זיך געפינען אין אַן ערגערער לאַגע ווי זיך האָבן פאַרדרייט מיט די מעטראָס.

זענען מיר זאַלבע פערט אַוועק אין אַ קאַפע און איך האָב די געסט דערציילט וואָס זיי האָבן געוואָלט וויסן. איך האָב זיי נאַטירלעך אויך דערציילט וועגן די באַנדיטישע אָנפאַלן פון די אַ.קאַ. אויף יידן, וואַרפן זיי אַרויס פון די לויפנדיקע באַנען, מאָרדן די איינצלנע יידן, וואָס באַזוכן זייערע שטעטלעך וכדומה טוען אָפּ אַזעלכע ווילדע פאַרברעכנס. אָבער די באַנדיטן דערקענען לויט דער קליידונג ווער עס איז אַן אַמעריקאַנער — לעבן פון אַמעריקאַנער איז געזיכערט.

ס'האָט זיך מיר אײַנגעקריצט אין זכּרון דאָס בילד ווי צו דער דערלאַנגטער קאַווע האָבן די צוויי אַמעריקאַנער אַרויסגענומען פון טאַש שעכטעלעך, אין וועלכע זיי האָבן געהאַט צוקער, וואָרום דעמאָלט האָט מען אין פאַריז קײַן צוקער נישט באַקומען. ס'איז דאָך געווען דאָס יאָר 1946, נאָך דער מלחמה, אין וועלכער די נאַציס האָבן געהאַט אַלץ אויסגערויבט און די אינערלעכע פּראָדוקציע איז נישט געווען אומשטאַנד נאָכצוקומען די נאָכפראַגע פון דער באַפעלקערונג.

אָפּגעגעסן דעם פרישטיק האָבן מיר די אַמעריקאַנער געפרעגט וואָס אַזעלכע ס'האָט מיך געבראַכט צו זיי. דערצייל איך זיי די געשיכטע מיט מײַן געלט, מיט דער באַן פונעם "רויטן קרײַץ", מיט דער רעוויזיע אין ווידזעוו און מיט דער מיט פּאָליציי־איבערפולטער באַן־סטאַציע אין קאַטאָוויץ. בכן בין איך געבליבן אויף דער פליישבאַנק אָן אַ פּרוטה אין דער קעשענע.

"אויב איר, וואָס איר פאָרט אויף אַ באַזוך אין פּוילן וועט דאָרט דאַרפן געלט, גיב איך אײַך גלײַך דעם טעלעפאָן פון מײַן שוואָגער און שוועגערין אין לאָדזש און איר וועט פון זיי באַקומען וויפל איר וועט דאַרפן".

דאָס געזאָגט, האָב איך צוגעגעבן אַז טאָמער וועלן זיי מיר קענען ברענגען וועלכע עס זאָל נישט זײַן סומע געלט, וועל איך זיי דאַנקבאַר זײַן, וואָרום איך בין געבליבן אָט אַזוי ווי זיי זעען מיך.

אויף דעם וואָס איך האָב געזאָגט, רופט זיך אָפּ דעם קאַלישערס שוואָגערס קוזין — אַרנאָלד האָט ער געהייסן:

״יונגערמאַן, מיר מאַכן נישט אַזעלכע ביזנעס״.

איך האָב פאַרשטאַנען אַז די אַמעריקאַנער פאַרדעכטיקן, אַז איך בין אַ שווינדלער, אָדער אַ פּראָוואָקאַטאָר, וואָס וויל זיי אַרײַנדרייען אין אַ ביטער עסק, און זיי ווילן וואָס שנעלער פון מיר פּטור ווערן. אין דער רגע איז געשען אַ מעשה, וואָס ווען איך וואָלט נישט געווען קײַן נוגע בדבר וואָלט איך נישט געגלויבט אַז עפּעס ענלעכס קען פאָרקומען אין דער ווירקלעכקייט:

פאַרן געזעגענען זיך האָט חיים גרינבערג — שפּעטער האָב איך זיך דערוווּסט, אַז ער איז דער רעדאַקטאָר פון דעם ״יידישן קעמפּער״, אָרגאַן פון די רעכטע פּועלי־ציון אין אַמעריקע — אַרויסגענומען זײַן נאָטיץ־ביכל און מיר געפרעגט:

״צי קענט איר אין פּוילן אַ מאַן מיטן נאָמען אַנטעק צוקערמאַן?״

זאָג איך:

״איך קען אים זייער גוט. ער איז מײַנער אַ פרײַנד״.

איצט קומט אַ צווייטע פראַגע:

״צי קענט איר איינעם אַ מאַן מיטן נאָמען סטעפאַן גרײַעק?״

ענטפער איך:

״סטעפאַן גרײַעק איז אַנטעקס אַ חבר. איך קען אים גוט״.

איצט קומט די דריטע פראַגע:

״אפשר קענט איר צופעליק אַ מאַן מיטן נאָמען יצחק פּיעקאַרסקי, וואָס וווינט אין לאָדזש?״

אויף אָט דער דריטער פראַגע האָב איך געענטפערט אַזוי:

״די ערשטע צוויי, אויף וועלכע איר האָט מיר געפרעגט, קען איך זייער גוט, אָבער דעם דריטן קען איך צום בעסטן״.

קוקן מיך אָן די צוויי אַמעריקאַנער מיט פאַרשערישע בליקן,

טראַכטנדיק מסתמא, אַז זיי זענען געווען גערעכט ווען זיי האָבן געגלויבט אַז פֿאַר זיי זיצט אַ שווינדלער. און איך זאָג:

״דער דריטער, יצחק פּיעקאַרסקי, זיצט מיט אײַך בײַם טיש און ער האָט מיט אײַך נאָר וואָס געגעסן פֿרישטיק״.

פֿון דעם ענטפֿער זענען די צוויי געוואָרן צעטומלט, זיי זענען געוואָרן נאָך מער פֿאַרפּעסטיקט אין זייער פֿאַרדאַכט, אַז איך האָב כּלפּי זיי טונקעלע כּוונות. האָב איך אַרויסגענומען מײַן פּאַספּאָרט און אים אַוועקגעלייגט פֿאַר די צוויי לײַט.

אַרײַנגעקוקט אין פּאַספּאָרט און געזעען, אַז איך בין ווירקלעך דער אויף וועמען זיי פֿרעגן, זענען זיי געוואָרן נאָך מער צעטומלט. ס׳האָט אויסגעזען ווי איך וואָלט דאָ, בײַם טיש אין דעם קאַפֿע, זיי אָפּגעטאָן אַ כּישוף. באַלד איז אַלץ געוואָרן רעאַל און ווירקלעכקייט:

חיים גרינבערג האָט געהאַט פֿאַר מיר אַ בריוו פֿון לוי סיגאַל, אָבער דער בריוו איז געווען אַדרעסירט קיין לאָדזש. איצט בין איך אין פּאַריז...

די אַטמאָספֿער פֿון אומצוטרוי און פֿאַרדאַכט איז מאָמענטאַל צערונען און זי איז געוואָרן אַ פֿרײַנדלעכע און היימישע, ווי מיר וואָלטן זיך געקענט לאַנגע יאָרן. אַזאַ צופֿאַל טרעפֿט זיך דאָך נישט יעדן מאָנטאָג און דאָנערשטאָג.

די צוויי אַמעריקאַנער האָבן מיך אַרויפֿגעפֿירט צו זיך אין האָטעל און גלײַך מיר געגעבן צוויי טויזנט דאָלאַר באַרגעלט. דערצו האָבן זיי בײַ מיר נאָך אָפּגעקויפֿט די ״לײַקאַ״, וואָס דער פּוילישער או.בע־אַגענט האָט זי געוואָלט בײַ מיר ״קאָנפֿיסקירן״. אין יענער צײַט איז געווען אוממעגלעך אין פּאַריז צו קויפֿן אַ פֿאָטאָגראַפֿישן אַפּאַראַט, ווי אַ ״לײַקאַ״.

די געשיכטע האָט אויך אַ צווייטן ״העפּיענד״:

די צוויי אַמעריקאַנער זענען באַלד דערנאָך אַוועקגעפֿאָרן קיין פּוילן און צוריקוועגס דורך פּאַריז מיר געבראַכט דאָס אַלץ, וואָס איך האָב געהאַט איבערגעלאָזט בײַ מײַן שוועגערין און שוואָגער.

* * *

די מורא צו בלײַבן אָן מיטלען צו באַצאָלן פֿאַר אַ האָטעל און פֿאַר אַ מיטאָג אין אַ רעסטאָראַן האָב איך געלייזט. אין מײַן קעשענע האָב איך שוין געהאַט צוויי טויזנט דאָלאַר, אָבער די געשיכטע מיט דער טראַנזיט־וויזע אַז איך טאָר נישט בלײַבן אין פֿראַנקרײַך איז איצט געוואָרן אַ ברענענדיקע. טאָמער זאָל פֿאָרקומען אַ פּאָליציי־קאָנטראָל אין האָטעל קען איך אַ מאָל געצווינגען ווערן גלײַך צו פֿאַרלאָזן פּאַריז און פֿון מײַנע פּלענער וועט זיך אויסלאָזן אַ בוידעם.

אין יענער צײַט זענען אין פּאַריז געווען עטלעכע ייִדישע רעסטאָראַנען און קאַפֿעען. האָב איך באַשלאָסן אַ טאַפּ צו טאָן אין די רעסטאָראַנען, צי קאַפֿעען, אפֿשר זענען דאָרט פֿאַראַן ייִדן, וואָס קענען מיר געבן אַן עצה. איך האָב נישט געמאַכט קיין טעות: שמועסנדיק אין אַ קאַפֿע מיט דעם און יענעם האָט מען מיר אינפֿאָרמירט, אַז אין פּאַריז איז פֿאַראַן אַ ייִדישע פֿעדעראַציע און די פֿעדעראַציע פֿאַרנעמט זיך מיט ייִדישע פּליטים און מיט ייִדישע צרות. דאַרף איך מיט מײַן צרה מחמת דער טראַנזיט־וויזע אַוועקגיין אין דער פֿעדעראַציע און זי וועט מיר געבן די ריכטיקע עצה. איך בין דאָך אַ פּליט מיט אַ צרה! בין איך אַוועק אין דער פֿעדעראַציע אויף דעם אָנגעוויזענעם אַדרעס און אַרײַנגעפֿאַלן אין די הענט פֿון דער סעקרעטאַרין, אַן אונגאַרישע פֿרוי. אַז איך האָב איר דערציילט די מעשה — אַ וויזע האָב איך, נאָר זי איז אַ טראַנזיט־וויזע אויפֿן וועג קיין בעלגיע און איך מוז בלײַבן אין פֿראַנקרײַך, האָט די סעקרעטאַרין געוואָלט איך זאָל איר ווײַזן מײַן פּאַספּאָרט. האָב איך איר דערלאַנגט מײַן פּאַספּאָרט. האָט זי בודק געווען דעם פּאַספּאָרט פֿון אַלע זײַטן און געפּסקנט, אַז מײַן באַגער צו בלײַבן אין פּאַריז איז אַן אילוזאָרישער. איך מוז שוין אײַנפּאַקן מײַנע טשעמאָדאַנעס און פֿאָרן אַהין וווהין איך האָב אַ וויזע — קיין בעלגיע.

צום גזר־דין פֿון דער סעקרעטאַרין פֿון דער פֿעדעראַציע, וואָס איר אויפֿגאַבע איז געווען צו העלפֿן פּליטים געליטענע פֿון דער מלחמה, האָט זיך צוגעהערט אַ מאַן וואָס איז געשטאַנען דערנעבן.

האָט ער מיר אָנגעוווּנקען איך זאָל צוזאַמען מיט אים פאַרלאָזן די פעדעראַציע. דער ייִד האָט געהייסן זײַדשנור. ער איז געווען פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין פראַנקרײַך. צום באַדויערן לעבט ער נישט מער.

אויף דער גאַס האָט מיר זײַדשנור געעצהט, איך זאָל אויף צו מאָרגנס אַוועקגיין צו דעם פאָרזיצער פון דעם קאָמבאַטאַנטן־פאַרבאַנד, האָסבערג. דער פאַרבאַנד האָט זיך געפונען אויף רי פעטען נומער 9. זײַדשנור האָט מיר אָנגעזאָגט, איך זאָל האָסבערגן דערקלערן, אַז מײַן גאַנץ לעבן בין איך אַ פײַערדיקער ציוניסט, וואָרום ער אַליין איז אַ ציוניסטישער עסקן און פאַר ציוניסטן איז ער גרייט צו גיין אין פײַער און אין וואַסער.

אויף צו מאָרגנס, אין קאַבינעט פון דעם פאָרזיצער פונעם קאָמבאַטאַנטן־פאַרבאַנד, האָב איך האָסבערגן דערציילט מײַנע איבערלעבונגען און ראַנגלענישן במשך דער מלחמה, און אַז אין איצטיקן מאָמענט איז דאָס וויכטיקסטע פאַר מיר צו בלײַבן אין פאַריז. מײַן פרוי איז קראַנק אויף אַ ביינער־קראַנקייט און איך מוז זי ראַטעווען. אויך איר קראַנקייט איז אַ רעזולטאַט פון אירע איבערלעבענישן אין דער מלחמה. איך פיל, אַז נאָר אין פאַריז וועט זי געפינען די נויטיקע קוראַציע.

האָסבערג האָט נישט געפאָדערט און איך האָב נישט געדאַרפט אָפּגעבן קיין שום פאַרטייישע דעקלאַראַציע. ער האָט מיך באַרויקט איך זאָל די שוועריקייט זיך נישט נעמען צום האַרצן.

"זאָרג נישט". האָט ער געזאָגט, "קום מיט מיר. מיר גייען שוין אַהין ווו מיר דאַרפן גיין".

מיר האָבן זיך אַרײַנגעזעצט אין אַ טעקסי און אַוועק אין דער פּאָליציי־פּרעפעקטור. האָסבערג האָט זיך דאָרט אויסגעקענט מיט אַלעמען און אָן איבעריקע רייד האָט ער פאַר מיר אַרויסבאַקומען אַ דערלויבעניש צו בלײַבן אין פאַריז איין חודש.

מיט געלט אין מײַן קעשענע און מיט אַ דערלויבעניש צו בלײַבן אין פאַריז, דערווײַל אַ חודש צײַט, האָב איך אָנגעהויבן פּלאַנירן מײַנע פלענער צו באַזירן מײַן לעבן אין דער שטאָט פון ליכטער —

פּאַריז. האָט, זעט אויס, דער גורל אַליין פאַר מיר פּלאַנירט:

מיט מײַן פרוי בין איך אַרײַן אין אַ רעסטאָראַן צו עסן מיטאָג. האָב איך בײַ אַ טיש בעמערקט אַ מאַן, וואָס האָט מיר אויסגעזען סימפּאַטיש. האָב איך אים געפרעגט, צי ער דערלויבט אונדז זיך צוזעצן צו זײַן טיש. דער מאַן איז מסכּים געווען. מיר האָבן באַשטעלט וואָס מיר האָבן באַשטעלט און בינו לבינו האָב איך פאַרפירט אַ שמועס מיט דער פרעמדן מאַן. דעמאָלט האָב איך שוין געקענט עטוואָס פּלאַפּלען פראַנצייזיש, ווײַל באַלד ווי איך האָב געהאַט די מעגלעכקייט האָב איך אָנגעהויבן גיין אויף אַ קורס אין אַליאַנס איזראַעליט צו לערנען די פראַנצייזישע שפּראַך. און אַזוי ווי מײַן זכרון איז אַ גוטער, האָב איך אין איין וואָך געלערנט מער ווי אַנדערע האָבן געלערנט אין אַ חודש. שמועסנדיק מיט דעם מאַן בײַ אונדזער טיש האָב איך אים בקיצור דערציילט, אַז איך קום פון לאָדזש, איבערגעלעבט אַלע שרעקלעכקייטן פון די נאַציס און אַזוי ווײַטער. האָט דער מאַן מיך געפרעגט צי איך בלײַב אין פראַנקרײַך. האָב איך אים דערציילט, אַז אין בעלגיע וואַרט אויף אונדז, פאַר מיר מיט מײַן פרוי, אַ וויזע קיין אַמעריקע. האָט דער מאַן געוואָלט וויסן, צי מיר האָבן קרובֿים אין אַמעריקע. האָב איך אים געזאָגט ווי עס איז געווען: איך האָב דרײַ ברידער אין אַמעריקע; מײַן פרוי האָט דאָרט אַ פעטער און הייסן הייסט ער טזשיזשעווער; אין טשיקאַגאָ האָט ער אַ גרויסע פאַבריק.

״טזשיזשעווער?״ האָט דער מאַן אויסגערופן, ״טזשיזשעווער איז דאָך מײַנער אַ קוזין. ער הייסט טשאַרלי, טשאַרלי טזשיזשעווער!״.

״יאָ״, זאָג איך, ״ער הייסט טשאַרלי״. און מײַן פרוי גיט צו: ״טשאַרליס פרוי און מײַן מאַמע זענען שוועסטערס״.

דער מאַן האָט שוין נישט געוווּסט וואָס צו טאָן מיט אונדז. באַלד האָט ער מיר דערציילט, אַז ער האָט איבערגעלעבט די נאַציס אין פראַנקרײַך. ער אַרבעט אין אַ פראַנצייזישער פירמע אין דער גאַלאַנטעריע־בראַנזשע. ער האָט אַ ביוראָ. ער אַרבעט צוזאַמען מיט פראַנצויזן. איך, ווידער, האָב אים דערציילט, אַז איך בין אַ

ספעציאַליסט אין דער טעקסטיל־בראַנזשע.צום סוף האָט אונדזער שפּוגל־נײַער קרוב מיך פֿאַרבעטן צו קומען צו אים אין זײַן ביוראָ.

עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זײַן פּאָזיציע איז אַ הויכע, וואָרום כּדי אַרײַנצוקומען צו אים האָט מען זיך פֿריִער געדאַרפֿט אָנמעלדן, ווי עס איז שטייגער בײַ דירעקטאָרן פֿון גרויסע אונטערנעמונגען.

אַ דאַנק אָט דעם נײַ־געפֿונענעם קרוב האָבן זיך אָנגעהויבן מײַנע גוטע געשעפֿטן.

שמועסנדיק מיט אים האָט ער מיר געזאָגט:

״אַזוי ווי דו ביסט אַ ספּעציאַליסט אין דער טעקסטיל־בראַנזשע און איך קען אַ צאָל טעקסטיל־פֿאַבריקאַנטן, איז מעגלעך מיר זאָלן מאַכן ביזנעס״.

אין יענער תּקופֿה איז געווען שווער צו באַקומען טעקסטיל־שטאָפֿן. איך האָב שוין דעמאָלט געהאַט בײַ זיך אַ פּאָר טויזנט דאָלאַר אין באַרגעלט און אויך דאָס פֿאַרמעגן וואָס מײַן שוועגערין און שוואָגער אין לאָדזש האָבן מיר געשיקט דורך די צוויי אַמעריקאַנער. מיט אַזאַ פֿאַרמעגן האָט זיך געשטאַרקט בײַ מיר די זעלבסטזיכערקייט און אויף דעם פֿאָרשלאָג פֿון מײַן נײַעם קרוב — האָב איך צוגעקלאַפּט מײַן הסכּמה:

״זאָל זײַן מיט מזל־ברכה!״

צוטרוי צו מײַן נײַעם קרובֿ האָב איך געהאַט. ערשטנס ווײַל ער איז אַ שטיקל משפּחה און צווייטנס זײַן פּנים איז מיר געפֿעלן. האָבן מיר זיך אויפֿגעהויבן און צוזאַמען אַוועקגעפֿאָרן אין אַ צענטער פֿון טעקסטיל־פֿאַבריקן. אין יענער צײַט, אין די באַדינגונגען נאָך דער מלחמה, איז געווען אומגעהויער שווער צו באַקומען טעקסטיל־סחורות. דאָך האָט זיך אונדז אײַנגעגעבן צו באַקומען פֿיר שטיקלעך סחורה, וואָס פֿון זייער פּראָפֿיט האָבן מיר געדעקט די רײַזע־הוצאות און געהאַט צו לעבן אַ וואָך צײַט.

האָב איך געזאָגט צו מײַן פּאַרטנער:

״אויב מיר האָבן באַקומען פֿיר שטיקלעך סחורה, פֿאַרוואָס זאָלן מיר נישט באַקומען אַכט?״

און איך בין געווען גערעכט. מיר האָבן אָנגעהויבן פאָרן יעדע וואָך און פון יעדער רייַזע זענען מיר געקומען מיט מער סחורה.

איין מאָל זענען מיר אָנגעקומען אין איינער פון די גרעסטע טעקסטיל־פאַבריקן אין מאַזאַמיי, וואָס איז געווען אַ וויכטיקער צענטער פון טעקסטיל־פאַבריקן.

גראָד זענען מיר אַרייַנגעפאַלן אין אַ פאַבריק, ווו דער אייגנטימער איז געווען אַ פראַנצויז, אָבער זייַנער צייַט איז ער געווען פאַרדעכטיקט און האָבן קאָלאַבאָרירט מיט די נאַציס, און אַ געווויסע צייַט איז ער אַפילו געזעסן אין טורמע. אָט דער דאָזיקער פראַנצויז, וואָס האָט גערעדט דייַטש ווי אַ געבוירענער דייַטש, האָט געוווּסט, אַז מיר, איך און מייַן פאַרטנער, זענען יידן. האָט ער, זעט אויס, זיך געוואָלט רעהאַביליטירן אין אונדזערע אויגן, און מתּוך פרייַנדלעכקייט האָט ער מיר פאַרקויפט הונדערט און פופציק שטיקלעך טעקסטיל־סחורה, וואָס פאַר די באַגריפן פון יענער תּקופה איז עס געווען געוואַלדיק אַ סך. ער האָט מיר פאַרקויפט אַזאַ גרויסן קוואַנטום סחורה נישט בלויז דערפאַר ווייַל ער האָט געוואָלט זיך רעהאַביליטירן.

אין יענער צייַט האָב איך נאָך נישט געהאַט די ריכטיקע השגה וויפל מען דאַרף פאַרדינען בייַ אַזאַ שאַנס. איך האָב די גאַנצע סחורה פאַרקויפט במשך פון דרייַ טעג און מיר, איך און מייַן פאַרטנער, האָבן אין דער טראַנזאַקציע פאַרדינט ממש אַן אוצר. שוין נאָך דעם ווי איך האָב די סחורה פאַרקויפט, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז איך האָב געקענט פאַרדינען פופציק פּראָצענט מער. אָבער "חרטה איז נישט מעשה סוחר"; אַפילו אָן די פופציק פּראָצענט פאַרדינסט מער, איז מייַן פאַרדינסט געווען אַ גאָר גרויסער. דאָס איז געווען די ערשטע גרויסע טראַנזאַקציע וואָס איך האָב געמאַכט אין פראַנקרייַך.

אין דער זעלבער צייַט האָב איך באַקאַנט אַ מאַן וואָס איז געווען באַפרייַנדעט מיט דעם קאָנסול פון ווענעזועלאַ אין באָרדאָ. דורך אָט דעם מאַן האָב איך אַרויסבאַקומען וויזעס פאַר אַזעלכע יידן אין פּוילן, אייגנטלעך אין לאָדזש, וואָס האָבן געגאַרט צו קומען און זיך

אײַנאָרדענען אין פראַנקרײַך. פראַנקרײַך האָט עקשנותדיק אָפּגעזאָגט צו געבן אַרײַנפאָר־וויזעס. האָבן יידן — אַזוי ווי איך האָב געטאָן — געזוכט אומוועגן און דאָך אַרײַנגעקומען קיין פראַנקרײַך אָן דעם שאָדן פאַר אָט דער מדינה. אַז מען האָט געהאַט אַ וויזע קיין ווענעזועלאַ, האָט מען באַקומען אַ טראַנזיט־וויזע דורך פראַנקרײַך און מען איז געווען ״אַ געמאַכטער מענטש״. אויף אָט דעם שטייגער האָב איך מיט אַ יאָר שפּעטער געבראַכט קיין פּאַריז מײַן שוועגערין מיט איר מאַן. אָבער אויך זייער קומען איז נישט אַדורך גלאַטיק.

הגם דורך די געסט פון אַמעריקע קיין פּוילן האָב איך באַקומען פון לאָדזש מײַן גאַנץ פאַרמעגן, דאָך איז בײַ מײַן שוועגערין געבליבן אַ זעלטענער בריליאַנט פון דרײַ און אַ האַלבן קאַראַט, וואָס איז דעמאָלט ווערט געווען אַ פאַרמעגן. זי האָט דעם בריליאַנט באַהאַלטן און אים דורכגעשמוגלט קײַן פראַנקרײַך אין אַ ליפּן־שטיפט. אין דעם ערשטן טאָג אין פּאַריז, פאָרנדיק אין אַ טעקסי צוזאַמען מיט מיר האָט זי פאַרגעסן איר טאַש, אין וועלכן זי האָט געהאַט דעם ליפּן־שטיפט מיט דעם בריליאַנט און דאָקומענטן: ווען דעם אַז זי האָט דעם טאַש פאַרגעסן אין דער טעקסי, האָט זי זיך דערמאָנט שוין נאָך דעם ווי דער אויטאָ איז פאַרשוווּנדן. מײַן שוועגערין איז אַרײַנגעפאַלן אין אַ מוראדיקער פאַרצווייפלונג, ווי די וועלט וואָלט אונטערגעגאַנגען. איך האָב זי באַרויקט, געטרייסט זי דערמיט, אַז זי האָט פאַרלוירן פיל טײַערערס פון צען אַזעלכע בריליאַנטן, און אַז איך בין נישט געבוירן געוואָרן מיט בריליאַנטן אין מויל. דאָך בין איך דורכגעפאָרן אַלע מעגלעכע גאַראַזשן אין פּאַריז, נאָכגעקוקט אַלע מעגלעכע טעקסיס אויף די גאַסן, נאָכגעפרעגט בײַ שאָפערן און צו גאָרנישט דערגאַנגען.

* * *

איך בין שוין דעמאָלט געווען גוט איַינגעאָרדנט, מיט אַן אייגענער פיַינער וווינונג און גוטע קאָמערציעלע און פריַינד־שאפטלעכע באַציאונגען. איך האָב זיך געקענט דערלויבן צו צאָלן די העכסטע האָנאָראַרן צו ספּעציאַליסטן אויסצוהיילן פון איר קראַנקיַיט מיַין פרוי, וואָס איז אייגנטלעך געבליבן לעבן נאָר אַ דאַנק איר שוועסטער, מיַין שוועגערין, וואָס איז געווען צוזאַמען מיט איר אינעם לאַגער אין שטוטהאָף. יינגער פון איר שוועסטער און אויך ענערגישער, האָט מיַין שוועגערין מיט אַלע כוחות געזאָרגט אַפילו צו גנבֿענען אַ שטיקל ברויט, כדי צו דערהאַלטן מיַין פרוי ביַים לעבן ביז צו דער באַפריַיונג.

ווען זי איז באַפריַיט געוואָרן האָט זי זיך געפונען ממש אויף דער גרענעץ צווישן לעבן און טויט. זי האָט זיך קוים־קוים געהאַלטן אויף די פיס. לאַגער־אַסירים אין אַזאַ צושטאַנד האָט מען גערופן "מוזולמענער" און זיי האָבן נישט איבערלעבט.

איינער פון די באַרימטע ספּעציאַליסטן אויפן געביט פון ביינער־קראַנקייטן אין פראַנקריַיך האָט פעסטגעשטעלט אַז די קראַנקייט פון מיַין פרוי איז אין אַ העכסט פּראָגרעסיוון פּראָצעס און זי מוז גליַיך דורכגיין אַ כירורגישע אָפּעראַציע. די אָפּעראַציע איז באַשטאַנען דעראין וואָס פּאָפּולער באַצייכנט מיינט עס: לייגן אויף די ביינער אַ לאַטע פון דער הויט וואָס ווערט אַראָפּגעשניטן פון דעם פּאַציענטס פּוס. אויב דער גוף פון דעם קראַנקן אַבסאָרבירט די איבערפּלאַנצונג און שטויסט זי נישט אָפּ, איז דער פּאַציענט אַ געראַטעוועטער. כדי דורכצומאַכן אָט די אָפּעראַציע האָבן די ספּעציאַליסטן פאַראָרדנט, אַז מיַין פרוי מוז זיך געפינען אין אַ פּלאַץ ווו די ים־לופט פאַרמאָגט אַ סך יאָד. אין אַ פּענסיאָן אין בערגפּלאַזש, אין צפון פראַנקריַיך, וואָס האָט געהאַט די רעקאָמענדירטע קלימאַטישע באַדינגונגען, איז מיַין פרוי געווען במשך אַ גאַנץ יאָר. זי איז געווען אונטער דער סטאַבילער אויפזיכט פון דעם פּראָפעסאָר גאַלאַנד, וואָס האָט אָנגעפירט מיט אַן אָרטיקן שפּיטאָל, באַזונדער אויפן געביט פון דער קראַנקייט פון מיַין פרוי. ער האָט מיַין פרוי

וויזיטירט יעדן טאָג און פֿאַראָרדנט, מען זאָל זי אויף אַ וועגעלע פירן צום ים־ברעג.

מײַן שוועגערין און שוואָגער זענען געקומען קײַן פּאַריז אין חודש יוני 1947, באַלד נאָך דער אָפּעראַציע פון מײַן פרוי. האָב איך אויך זי אַוועקגעשיקט אין דעם זעלבן פּענסיאָן, זי זאָל זיך מטפּל זײַן מיט איר שוועסטער. זי איז געווען מיט איר לאַנגע חדשים.

אין סעפּטעמבער פון דעם זעלבן יאָר, 1947, האָט מײַן שוועגערין געבוירן איר בכור, מישאַ.

נאָך אַ יאָר צײַט האָט דער דאָקטער פעסטגעשטעלט, אַז איך קען אַהיימנעמען מײַן פרוי. איך האָב געהאַט אַ גרויסע וווינונג, האָב איך אין דער וווינונג אויך אַרײַנגענומען מײַן שוואָגער און שוועגערין, מיר זאָלן לעבן ווי איין משפחה נאָך דעם ווי יעדער פון אונדז האָט בעת דער חורבן אין פוילן פאַרלוירן אַזוי פיל נאָענטע, און מיר זענען געבליבן אָן עלטערן, אָן קרובֿים.

איך האָב מײַן שוואָגער אַרײַנגענומען ווי אַ שותּף אין דעם געשעפט צו וועלכן איך בין געווען אַ שותּף.

מײַן געשעפט איז געגאַנגען וואָס אַ מאָל בעסער און בעסער.

אין דער מיט פון מײַנע גוטע געשעפטן איז מיר אָנגעקומען אַ בריוו פון דעם אַמעריקאַנער קאָנסולאַט אין וועלכן עס איז געלעגן פאַר מיר אַן עמיגראַציע־וויזע אין די פאַראייניקטע שטאַטן. אין דעם בריוו בין איך געוואָרנט געוואָרן, אַז אויב איך וועל די וויזע נישט אויסנוצן אין משך פון איין חודש, וועל איך פאַרלוירן איר גילטיקייט און וועל מער די וויזע נישט קענען אויסנוצן.

דערמיט האָט זיך אָנגעהויבן אַ נײַ קאַפּיטאַל אין אײַנאָרדענען מײַן אָפּגעראַטעוועט לעבן.

* * *

אין אַמעריקע האָב איך דעמאָלט געהאַט דרײַ ברידער, צווישן זיי איינעם, וואָס איך האָב אים לגמרי נישט געקענט. נאָך אַזאַ שרעקלעכן חורבן, ווי דער וואָס די נאַציס האָבן אונדז גורם געווען, איז דאָך דאָס פֿאַרמאָגן דרײַ ברידער געווען אַ נס. האָב איך נישט געקענט בײַשטיין דעם נסיון און איך האָב גענומען די וויזע צו עמיגרירן קיין אַמעריקע. דאָס איז געווען פֿאַרבונדן מיט צעברעכן אַלץ וואָס איך האָב באַוויזן אויפֿצובויען אין פּאַריז: ליקווידירן מײַנע געשעפֿטן, וואָס איז געווען גאָרנישט לײַכט; פֿאַרקויפֿן מײַן וווינונג און קויפֿן אַן אַנדער וווינונג פֿאַר מײַן שוואָגער, שוועגערין און זייער קינד, און ווידער אָנקומען אין אַ נײַער וועלט, מיט נײַע באַדינגונגען וואָס זענען אַזוי שטאַרק אַנדערש ווי די אין אייראָפּע.

דאָס אָנקומען קיין אַמעריקע איז פֿאַר מיר געווען דער גרעסטער יום־טוב אין מײַן לעבן. נאָך דעם ווי איך האָב אין פּוילן פֿאַרלוירן מײַנע עלטערן, שוועסטערס און אַ ברייט־פֿאַרצווײַגטע משפּחה פֿון הונדערטער קרובֿים, איז דאָס באַגעגענען זיך פּנים־אל־פּנים מיט דרײַ לעבעדיקע ברידער פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שמחה וואָס איך האָב נישט קיין ווערטער זי צו באַשרײַבן. איינעם פֿון די דרײַ ברידער האָב איך אין יאָר 1939 באַגלייט צו דער באַן ווען ער האָט עמיגרירט קיין אַמעריקע.

די ברידער האָבן געוווינט אין קלענערע פֿאַרוואָרפֿענע שטעטלעך: דער עלסטער, וואָס איך האָב אים בכלל נישט געקענט און געזען אים צום ערשטן מאָל אין מײַן לעבן, האָט געוווינט אין ראָקפֿאָרד, אילינױס; די צוויי אַנדערע — אין גירי, אינדיאַנאַ, נישט ווײַט פֿון שיקאַגאָ.

קיין אַמעריקע זענען מיר, איך און מײַן ווײַב, געקומען ווינטער־צײַט. איז דער אַלגעמיינער קבלת־פּנים געווען אַ פּראַסטיקער אַ קאַלטער, מיט טיפֿע שנייען, אַז ווען מײַן פֿרוי איז געפֿאַלן צו בעט האָב איך אַפֿילו קיין דאָקטער נישט געקענט רופֿן. מיר האָבן געוווינט אין שיקאַגאָ, בײַ אַ פֿעטער פֿון מײַן פֿרוי. דער ערשטער דאָקטער

וואָס האָט באַזוכט מײַן פרוי האָט מיר געעצהט מיר זאָלן גלײַך אַוועקפאָרן קײַן מיאַמי, אין דעם וואַרעמען קלימאַט.

ווי אין שיקאַגאָ איז געווען פראָסטיקער ווינטער, איז דאָ, אין מיאַמי, געווען פולער זומער. כּדי איבערצוואַרטן די שווערע ווינטער־צײַט האָבן מיר געמוזט זיצן אין מיאַמי צוויי חדשים. און דאָס זענען געווען צוויי חדשים פון גאָרנישט טאָן, אַרומגיין ליידיק, אָן אַפילו צו קענען עפּעס וואָס פּלאַנירן, בעת איך האָב בכלל נישט געקענט די באַדינגונגען אין דעם נײַעם לאַנד.

נאָך צוויי חדשים זומער־לעב אין מיאַמי האָב איך צוריקגעקערט קײַן שיקאַגאָ מיט דער מחשבֿה זיך פּרוּוון נעמען צו מײַן בראַנזשע — טעקסטיל. איידער איך האָב געפּרוּווט עפּעס טאָן, האָב איך אָבסערווירט דעם לעבנשטייגער פון מײַנע ברידער:

דער וואָס איז געקומען קײַן אַמעריקע אין יאָר 1939 האָט געאַרבעט שווער און ביטער און נישט געוווסט פון קײַן לעבן. אַלע מאָל געאײַלט זיך, אַלע מאָל ביזנעס משטיינסגעזאָגט און אַלע מאָל געציטערט פאַר דער צוקונפט, און דערבײַ פאַרטאַכלעוועט דעם קעגנוואַרט. אויך דער צווייטער ברודער האָט געאַרבעט שווער, נישט געוווסט פון קײַן אָפּרו און לעבן, און דערצו איז ער געווען קראַנק. אויך דער עלטסטער ברודער, אין ראָקפאָרד, וואָס איז געווען, ווי מען זאָגט אין אַמעריקע ״וועל אָף״, האָט גאָרנישט געהאַט פון זײַן פאַרמעגלעכקייט, ער האָט נישט געהאַט קײַן צײַט צו געניסן פון זײַנע פּראָפּיטן, נישט געהאַט קײַן צײַט צו זען זיך מיט פרײַנד, פירן אַ גוזעלשאַפטלען לעבן — גאָרנישט. אָט דער עלטסטער ברודער האָט געהאַט צוויי זין, צווישן זיי איז איינער געווען זייער רײַך, אָבער עס איז וויי און ווינד צו אַזאַ רײַכקייט, אויב ער האָט אַפילו נישט געהאַט קײַן צײַט צו קומען און פרעגן מיר, זײַן פעטער, ״האַו אַר יו?״. פון זײַן פאַרהאַוועטקייט האָט ער מסתּמא נישט געוווסט וואָס ער אַליין מאַכט...

צוקוקנדיק זיך צו אָט דעם לעבן פון מײַנע ברידער, צו זייער יאָגעניש און פלאָגעניש, איז מיר געוואָרן אָנגעזאַלצן אויף דער נשמה. אַזאַ לעבן איז נישט פאַר מיר. דאָס אַמעריקע פון מײַנע

ברידער האָט נישט אַפּעלירט צו מיר. נישט דערויף בין איך במשך פון יאָרן געלאָפן מײַן וועטלויף פאַר דעם לעבן אין דעם לעבן אי־נעם נאַצישן גיהנום, איבערגעלעבט און דערלעבט דעם סוף פונעם היטלעריזם, איך זאָל אָפּפינצטערן מײַן אָפּגעראַטעוועט לעבן אַזוי ווי מײַנע ברידער פינצטערן אָפּ זייער לעבן אין האָרעוואַניע, אָן צו האָבן אַ פרײַע שעה.

אין פאַריז האָב איך נאָך אַ יאָר צײַט, אָדער נאָך אַנדערטהאַלבן יאָר, דערגרייכט דאָס מעגלעכע פאַר מיר צו דערגרייכן און איך האָב זיך געפילט אַ פרײַער מענטש, געמאַכט געשעפטן, פּלאַנירט, אָבער אויך געהאַט צײַט צו פאַרברענגען, צו פירן אַ געזעלשאַפטלעך לעבן. דערקעגן האָב איך דאָס לעבן פון מײַנע ברידער, נאָך יאָרן לעבן און אַרבעטן אין די פאַראייניקטע שטאַטן, געזען ווי דאָס לעבן פון "גרינע", ווי זיי וואָלטן נישט לאַנג צוריק אָנגעקומען קיין אַמעריקע און זיי ווערן אויסגעריסן, כדי זיך צו האַלטן אויף דער איבערפלאַך און נישט צעריבן ווערן אין דער מעכטיקער מאַשין פון דעם דאָרטיקן לעבן. צו דעם אַלעמען וואָס איך האָב אָבסערווירט אין מײַן נאָענסטער סבֿיבֿה, איז די פרוי פון מײַן ברידער וואָס איז געקומען קיין אַמעריקע אין 1939, געלעגן אויפן טויטן־בעט נאָך אַן אָפּעראַציע אויף אַ קאַנסער.

ניין, אַזאַ לעבן, ווי איך האָב געזען בײַ מײַנע ברידער איז נישט געווען פאַר מיר!

דער פעטער פון מײַן פרוי, בײַ וועלכן מיר האָבן געוווינט, האָט, וואָס אַן אמת, געלעבט אַנדערש ווי מײַנע ברידער, ער האָט זיך דערלויבט אַרויספאָרן זיך אָפּרוען, אָבער אויך זײַן שטייגער, אַ שטייגער פון אַ סאָרט איינזאַמקייט, איז מיר נישט געווען צום האַרצן, נישט אין מײַן סטיל.

אַזוי ווי אין פאַריז האָב איך מײַן טייל שותּפות אין דעם געשעפט איבערגעלאָזט אין די הענט פון מײַן שוואָגער, און קיין קבצן בין איך, חלילה, נישט געווען, האָב איך באַשלאָסן: איך פאָר צוריק צו דער שטאָט פון ליכט און לעבן — פאַריז! די זעקס חדשים וואָס איך געפין זיך אין אַמעריקע זענען פאַר מיר גענוג! מײַן וועלט איז די שטאָט פון

לעבנסלוסט און שאַרמאַנטקייט — פּאַריז!

אַרויפקומענדיק אויף דער שיף, וואָס האָט אונדז צוריקגעפירט קיין פראַנקרייַך, האָב איך אויפגעהויבן די הענט צום הימל און געדאַנקט גאָט, ווי איך וואָלט נאָך אַ מאָל געבוירן געוואָרן...

אין פּאַריז, וואָס איך האָב ליב באַקומען ווי דאָס לעבן, בין איך באַלד צוריק אַרייַן אין די געשעפטן פון מייַן בראַנזשע — טעקסטיל. אָבער נישט אויף לאַנג.

די טעקסטיל־געשעפטן זענען געוואָרן שוואַכע. עס זענען אָנגעקומען מאַסן טעקסטיל־שטאָפן פון רומעניע, און די אימפּאָרטירטע סחורה איז פאַרקויפט געוואָרן צו דאַמפּינג־פרייַזן. האָב איך באַשלאָסן צו זוכן אַ נייַ געביט, אין וועלכן איך זאָל נישט זייַן אויסגעשטעלט צו קאָנקורענץ. בין איך אַרייַן אין די געשעפטן פון וואָל און פעדעם.

די ערשטע צייַט אין דער נייַער בראַנזשע איז געווען זייער אַ שווערע. אָבער נאָך דער שווערער שול, וואָס איך בין דורכגעגאַנגען אין די מלחמה־יאָרן, האָב איך זיך נישט גענומען צום האַרצן די שוועריקייטן. מייַן שוואָגער, וואָס איז קיין מאָל נישט געווען אין דער בראַנזשע פון וואָל און פעדעם, האָט ממש מיט טרערן אין די אויגן געקלאָגט, הלמאי איך בין אַוועק פון דער טעקסטיל־בראַנזשע. האָב איך אים געענטפערט מיט דעם פסוק פון תהילים: "הזורע בדמעה ברינה יקוצורו" — "ווער עס זייט מיט טרערן דער וועט שנייַדן מיט געזאַנג".

"וועסט זיך אַ מאָל דערמאָנען מייַנע ווערטער", האָב איך אים געזאָגט, וכך הווה.

מיט דער צייַט זענען מיר געוואָרן די גרעסטע אין דער בראַנזשע פון וואָל און פעדעם.

דאָס פרייַע ליכטיקע פּאַריז האָט מיך אויסגעהיילט פון אַלע וווּנדן, פון וועלכע איך האָב געליטן אין דער תקופה ווען די נאַציס האָבן אין פּוילן געווילדעוועט און געמאָרדעט, חרובֿ געמאַכט אונדזער וועלט.




דער פאַמיליע־בוים פון מחבר — הייבט זיך אָן פון מנחם בן
אריה (מענדל בר' לייבעלעס) טיקולסקי, דער זיידע פון דע
מוטערס צד, געבוירן אין 1840, נפטר געוואָרן אין 1922




מענדל בר' לייבעלעס



די באָבע פונעם מחבר, טעמע־רחל פיעקאַרסקאַ, געבוירן אין שעדלעץ, געשטאָרבן אין סאָקאָלאָוו אין יאָר 1922



דאָס הויז פון דער משפּחה פּיעקאַרסקי אין סאָקאָלאָוו, בײַם
אײַנגאַנג שטייט דער ברודער פונעם מחבר, יחיאל, וואָס האָט
עמיגרירט אין די פאַראייניקטע שטאַטן קורץ פאַרן אויסברוך פון
דער צווייטער וועלט-מלחמה



די עלטערן פונעם מחבר, משה און אסתּר־גיטל, און זייער זון יחיאל ערבֿ זײַן אַוועקפֿאָרן קײַן אַמעריקע. זײַן פֿרוי, רבֿקה, פֿון דער היים ראָזענבערג, איז געשטאָרבן אין גערי, אינדיאַנאַ (פֿאַר. שטאַטן)



דער מחבר יצחק פיעקאַרסקי אין עלטער פון 19 יאָר



דער שוואָגער פונעם מחבר, נחום לעווין, פאָרזיצער פונעם
״יודענראַט״ אין סאָקאָלאָוו, מיט זײַן פרוי רויזע און צוויי פון זייערע
קינדער, ליבעלע און רחלע



דער מחבר און זײַן פרוי העניאַ באַלד נאָכן אויסברוך פון דער
צווייטער וועלט־מלחמה



דער מחבר און זײַן פרוי העניאַ באַלד נאָכן אויסברוך פון דער
צווייטער וועלט־מלחמה



העניאַ, די פרוי פון יצחק פיעקאַרסקי אין בערגפלאַזש, פראַנקרײַך, ווו זי איז אָפּעריִרט געוואָרן. שטייען בײַ איר זײַט (פון רעכטס) איר מאַן יצחק, די שוועסטער האַנקאַ און איר שוואָגער יוסף פיעקאַרסקי



דער מחבר און זײַן פרוי העניאַ



דער מחבר און זײַן פֿרוי העניאַ



העניאַ, די פרוי פון יצחק פיעקאַרסקי אין בערגפלאַזש, פראַנקרײַך, וווּ זי איז אָפּערירט געוואָרן. שטייען בײַ איר זײַט (פון רעכטס) איר מאַן יצחק, די שוועסטער האַנקאַ און איר שוואָגער יוסף פיעקאַרסקי



דער מחבר און זײַן פֿרוי העניאַ באַלד נאָכן אויסברוך פֿון דער
צווייטער וועלט־מלחמה



דער מחבר און זײַן פרוי העניאַ באַלד נאָכן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה



דער שוואָגער פונעם מחבר, נחום לעווין, פאָרזיצער פונעם
״יודענראַט״ אין סאָקאָלאָוו, מיט זײַן פרוי רויזע און צוויי פון זייערע
קינדער, ליבעלע און רחלע



דער מחבר יצחק פיעקאַרסקי אין עלטער פון 19 יאָר



די עלטערן פונעם מחבר, משה און אסתּר־גיטל, און זייער זון יחיאל
ערבֿ זײַן אַוועקפֿאָרן קײַן אַמעריקע. זײַן פֿרוי, רבֿקה, פֿון דער היים
ראָזענבערג, איז געשטאָרבן אין גערי, אינדיאַנאַ (פֿאַר. שטאַטן)



דאָס הויז פון דער משפחה פיעקאַרסקי אין סאָקאָלאָוו, בײַם
אײַנגאַנג שטייט דער ברודער פונעם מחבר, יחיאל, וואָס האָט
עמיגרירט אין די פאַראייניקטע שטאַטן קורץ פאַרן אויסברוך פון
דער צווייטער וועלט-מלחמה



די באָבע פונעם מחבר, טעמע־רחל פיעקאַרסקאַ, געבוירן אין שעדלעץ, געשטאָרבן אין סאָקאָלאָוו אין יאָר 1922




מענדל בר׳ לייבעלעס

דער פאַמיליע־בוים פון מחבר — הייבט זיך אָן פון מנחם בו
אריה (מענדל בר׳ לייבעלעס) טיקולסקי, דער זיידע פון דע
מוטערס צד, געבוירן אין 1840, נפטר געוואָרן אין 1922

לעבנסלוסט און שאַרמאַנטקייט — פּאַריז!

אַרויפקומענדיק אויף דער שיף, וואָס האָט אונדז צוריקגעפירט קיין פראַנקרייַך, האָב איך אויפגעהויבן די הענט צום הימל און געדאַנקט גאָט, ווי איך וואָלט נאָך אַ מאָל געבוירן געוואָרן...

אין פּאַריז, וואָס איך האָב ליב באַקומען ווי דאָס לעבן, בין איך באַלד צוריק אַרייַן אין די געשעפטן פון מייַן בראַנזשע — טעקסטיל. אָבער נישט אויף לאַנג.

די טעקסטיל־געשעפטן זענען געוואָרן שוואַכע. עס זענען אָנגעקומען מאַסן טעקסטיל־שטאָפן פון רומעניע, און די אימפּאָרטירטע סחורה איז פאַרקויפט געוואָרן צו דאַמפּינג־פרייַזן. האָב איך באַשלאָסן צו זוכן אַ נייַ געביט, אין וועלכן איך זאָל נישט זייַן אויסגעשטעלט צו קאָנקורענץ. בין איך אַרייַן אין די געשעפטן פון וואָל און פעדעם.

די ערשטע צייַט אין דער נייַער בראַנזשע איז געווען זייער אַ שווערע. אָבער נאָך דער שווערער שול, וואָס איך בין דורכגעגאַנגען אין די מלחמה־יאָרן, האָב איך זיך נישט גענומען צום האַרצן די שוועריקייטן. מייַן שוואָגער, וואָס איז קיין מאָל נישט געווען אין דער בראַנזשע פון וואָל און פעדעם, האָט ממש מיט טרערן אין די אויגן געקלאָגט, הלמאי איך בין אַוועק פון דער טעקסטיל־בראַנזשע. האָב איך אים געענטפערט מיט דעם פּסוק פון תהילים: "הזורע בדמעה ברינה יקוצורו" — "ווער עס זייט מיט טרערן דער וועט שנייַדן מיט געזאַנג".

"וועסט זיך אַ מאָל דערמאָנען מייַנע ווערטער", האָב איך אים געזאָגט, וכך הווה.

מיט דער צייַט זענען מיר געוואָרן די גרעסטע אין דער בראַנזשע פון וואָל און פעדעם.

דאָס פרייַע ליכטיקע פּאַריז האָט מיך אויסגעהיילט פון אַלע ווונדן, פון וועלכע איך האָב געליטן אין דער תקופה ווען די נאַציס האָבן אין פּוילן געווילדעוועט און געמאָרדעט, חרובֿ געמאַכט אונדזער וועלט.

ברידער האָט נישט אַפּעלירט צו מיר. נישט דערויף בין איך במשך פון יאָרן געלאָפן מײַן וועטלויף פאַר דעם לעבן אין דעם לעבן אי־נעם נאַצישן גיהנום, איבערגעלעבט און דערלעבט דעם סוף פונעם היטלעריזם, איך זאָל אָפּפינצטערן מײַן אָפּגעראַטעוועט לעבן אַזוי ווי מײַנע ברידער פינצטערן אָפּ זייער לעבן אין האָרעוואַניע, אָן צו האָבן אַ פרײַע שעה.

אין פּאַריז האָב איך נאָך אַ יאָר צײַט, אָדער נאָך אַנדערטהאַלבן יאָר, דערגרייכט דאָס מעגלעכע פאַר מיר צו דערגרייכן און איך האָב זיך געפילט אַ פרײַער מענטש, געמאַכט געשעפטן, פּלאַנירט, אָבער אויך געהאַט צײַט צו פאַרברענגען, צו פירן אַ געזעלשאַפטלעך לעבן. דערקעגן האָב איך דאָס לעבן פון מײַנע ברידער, נאָך יאָרן לעבן און אַרבעטן אין די פאַראייניקטע שטאַטן, געזען ווי דאָס לעבן פון ״גרינע״, ווי זיי וואָלטן נישט לאַנג צוריק אָנגעקומען קײַן אַמעריקע און זיי ווערן אויסגעריסן, כדי זיך צו האַלטן אויף דער איבערפלאַך און נישט צעריבן ווערן אין דער מעכטיקער מאַשין פון דעם דאָרטיקן לעבן. צו דעם אַלעמען וואָס איך האָב אָבסערווירט אין מײַן נאָענסטער סבֿיבֿה, איז די פרוי פון מײַן ברידער וואָס איז געקומען קײַן אַמעריקע אין 1939, געלעגן אויפן טויטן־בעט נאָך אַן אָפּעראַציע אויף אַ קאַנסער.

ניין, אַזאַ לעבן, ווי איך האָב געזען בײַ מײַנע ברידער איז נישט געווען פאַר מיר!

דער פעטער פון מײַן פרוי, בײַ וועלכן מיר האָבן געוווינט, האָט, וואָס אַן אמת, געלעבט אַנדערש ווי מײַנע ברידער, ער האָט זיך דערלויבט אַרויספּאָרן זיך אָפּרוען, אָבער אויך זײַן שטייגער, אַ שטייגער פון אַ סאָרט איינזאַמקייט, איז מיר נישט געווען צום האַרצן, נישט אין מײַן סטיל.

אַזוי ווי אין פּאַריז האָב איך מײַן טייל שותּפות אין דעם געשעפט איבערגעלאָזט אין די הענט פון מײַן שוואָגער, און קיין קבצן בין איך, חלילה, נישט געווען, האָב איך באַשלאָסן: איך פאָר צוריק צו דער שטאָט פון ליכט און לעבן — פּאַריז! די זעקס חדשים וואָס איך געפין זיך אין אַמעריקע זענען פאַר מיר גענוג! מײַן וועלט איז די שטאָט פון

וואָס האָט באַזוכט מײַן פרוי האָט מיר געעצהט מיר זאָלן גלײַך אַוועקפאָרן קײַן מיאַמי, אין דעם וואַרעמען קלימאַט.

ווי אין שיקאַגאָ איז געווען פראָסטיקער ווינטער, איז דאָ, אין מיאַמי, געווען פולער זומער. כּדי איבערצוּוואַרטן די שווערע ווינטער־צײַט האָבן מיר געמוזט זיצן אין מיאַמי צוויי חדשים. און דאָס זענען געווען צוויי חדשים פון גאָרנישט טאָן, אַרומגיין ליידיק, אָן אַפילו צו קענען עפּעס וואָס פּלאַנירן, בעת איך האָב בכלל נישט געקענט די באַדינגונגען אין דעם נײַעם לאַנד.

נאָך צוויי חדשים זומער־לעב אין מיאַמי האָב איך צוריקגעקערט קײַן שיקאַגאָ מיט דער מחשבֿה זיך פּרוּוון נעמען צו מײַן בראַנזשע — טעקסטיל. איידער איך האָב געפּרוּווט עפּעס טאָן, האָב איך אָבסערווירט דעם לעבנשטייגער פון מײַנע ברידער:

דער וואָס איז געקומען קײַן אַמעריקע אין יאָר 1939 האָט געאַרבעט שווער און ביטער און נישט געוווסט פון קײַן לעבן. אַלע מאָל געאײַלט זיך, אַלע מאָל ביזנעס משטיינסגעזאָגט און אַלע מאָל געציטערט פאַר דער צוקונפט, און דערבײַ פאַרטאַכלעוועט דעם קעגנוואַרט. אויך דער צווייטער ברודער האָט געאַרבעט שווער, נישט געוווסט פון קײַן אָפּרו און לעבן, און דערצו איז ער געווען קראַנק. אויך דער עלטסטער ברודער, אין ראָקפאָרד, וואָס איז געווען, ווי מען זאָגט אין אַמעריקע ״וועל אָף״, האָט גאָרנישט געהאַט פון זײַן פאַרמעגלעכקייט, ער האָט נישט געהאַט קײַן צײַט צו געניסן פון זײַנע פּראָפיטן, נישט געהאַט קײַן צײַט צו זעען זיך מיט פרײַנד, פירן אַ געזעלשאַפטלען לעבן — גאָרנישט. אָט דער עלטסטער ברודער האָט געהאַט צוויי זין, צווישן זיי איז איינער געווען זייער רײַך, אָבער עס איז ווייַ און ווינד צו אַזאַ רײַכקייט, אויב ער האָט אַפילו נישט געהאַט קײַן צײַט צו קומען און פרעגן מיר, זײַן פעטער, ״האַו אַר יו?״. פון זײַן פאַרהאַוועטקייט האָט ער מסתמא נישט געוווסט וואָס ער אַליין מאַכט...

צוקוקנדיק זיך צו אָט דעם לעבן פון מײַנע ברידער, צו זייער יאָגעניש און פלאָגעניש, איז מיר געוואָרן אָנגעזאַלצן אויף דער נשמה. אַזאַ לעבן איז נישט פאַר מיר. דאָס אַמעריקע פון מײַנע

* * *

אין אַמעריקע האָב איך דעמאָלט געהאַט דריַי ברידער, צווישן זיי איינעם, וואָס איך האָב אים לגמרי נישט געקענט. נאָך אַזאַ שרעקלעכן חורבן, ווי דער וואָס די נאַציס האָבן אונדז גורם געווען, איז דאָך דאָס פאַרמאָגן דריַי ברידער געווען אַ נס. האָב איך נישט געקענט בײַשטיין דעם נסיון און איך האָב גענומען די וויזע צו עמיגרירן קיין אַמעריקע. דאָס איז געווען פאַרבונדן מיט צעברעכן אַלץ וואָס איך האָב באַוויזן אויפצובויען אין פּאַריז: ליקווידירן מײַנע געשעפטן, וואָס איז געווען גאָרנישט לײַכט; פאַרקויפן מײַן וווינונג און קויפן אַן אַנדער וווינונג פאַר מײַן שוואָגער, שוועגערין און זייער קינד, און ווידער אָנקומען אין אַ נײַער וועלט, מיט נײַע באַדינגונגען וואָס זענען אַזוי שטאַרק אַנדערש ווי די אין אייראָפּע.

דאָס אָנקומען קיין אַמעריקע איז פאַר מיר געווען דער גרעסטער יום־טוב אין מײַן לעבן. נאָך דעם ווי איך האָב אין פּוילן פאַרלוירן מײַנע עלטערן, שוועסטערס און אַ ברייט־פאַרצווײַגטע משפּחה פון הונדערטער קרובֿים, איז דאָס באַגעגענען זיך פּנים־אל־פּנים מיט דריַי לעבעדיקע ברידער פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שמחה וואָס איך האָב נישט קיין ווערטער זי צו באַשרײַבן. איינעם פון די דריַי ברידער האָב איך אין יאָר 1939 באַגלייט צו דער באַן ווען ער האָט עמיגרירט קיין אַמעריקע.

די ברידער האָבן געוווינט אין קלענערע פאַרוואָרפענע שטעטלעך: דער עלסטער, וואָס איך האָב אים בכלל נישט געקענט און געזען אים צום ערשטן מאָל אין מײַן לעבן, האָט געוווינט אין ראָקפאָרד, אילינויס; די צוויי אַנדערע — אין גירי, אינדיאַנאַ, נישט ווײַט פון שיקאַגאָ.

קיין אַמעריקע זענען מיר, איך און מײַן ווײַב, געקומען ווינטער־צײַט. איז דער אַלגעמיינער קבלת־פּנים געווען אַ פּראַקטיקער אַ קאַלטער, מיט טיפע שנייען, אַז ווען מײַן פרוי איז געפאַלן צו בעט האָב איך אַפילו קיין דאָקטער נישט געקענט רופן. מיר האָבן געוווינט אין שיקאַגאָ, בײַ אַ פעטער פון מײַן פרוי. דער ערשטער דאָקטער

וויזיטירט יעדן טאָג און פֿאַראָרדנט, מען זאָל זי אויף אַ וועגעלע פֿירן צום ים־ברעג.

מײַן שוועגערין און שוואָגער זענען געקומען קײַן פּאַריז אין חודש יוני 1947, באַלד נאָך דער אָפּעראַציע פֿון מײַן פֿרוי. האָב איך אויך זי אַוועקגעשיקט אין דעם זעלבן פּענסיאָן, זי זאָל זיך מטפּל זײַן מיט איר שוועסטער. זי איז געווען מיט איר לאַנגע חדשים.

אין סעפּטעמבער פֿון דעם זעלבן יאָר, 1947, האָט מײַן שוועגערין געבוירן איר בכור, מישאַ.

נאָך אַ יאָר צײַט האָט דער דאָקטער פֿעסטגעשטעלט, אַז איך קען אַהיימנעמען מײַן פֿרוי. איך האָב געהאַט אַ גרויסע וווינונג, האָב איך אין דער וווינונג אויך אַרײַנגענומען מײַן שוואָגער און שוועגערין, מיר זאָלן לעבן ווי איין משפּחה נאָך דעם ווי יעדער פֿון אונדז האָט בעת דער חורבן אין פּוילן פֿאַרלוירן אַזוי פֿיל נאָענטע, און מיר זענען געבליבן אָן עלטערן, אָן קרובֿים.

איך האָב מײַן שוואָגער אַרײַנגענומען ווי אַ שותּף אין דעם געשעפֿט צו וועלכן איך בין געווען אַ שותּף.

מײַן געשעפֿט איז געגאַנגען וואָס אַ מאָל בעסער און בעסער.

אין דער מיט פֿון מײַנע גוטע געשעפֿטן איז מיר אָנגעקומען אַ בריוו פֿון דעם אַמעריקאַנער קאָנסולאַט אין וועלכן עס איז געלעגן פֿאַר מיר אַן עמיגראַציע־וויזע אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן. אין דעם בריוו בין איך געוואָרנט געוואָרן, אַז אויב איך וועל די וויזע נישט אויסנוצן אין משך פֿון איין חודש, וועל איך פֿאַרלוירן איר גילטיקייט און וועל מער די וויזע נישט קענען אויסנוצן.

דערמיט האָט זיך אָנגעהויבן אַ נײַ קאַפּיטאַל אין אײַנאָרדענען מײַן אָפּגעראַטעוועט לעבן.

* * *

איך בין שוין דעמאָלט געווען גוט אײַנגעאָרדנט, מיט אַן אייגענער פֿײַנער וווינונג און גוטע קאָמערציעלע און פֿרײַנד־שאפטלעכע באַציאונגען. איך האָב זיך געקענט דערלויבן צו צאָלן די העכסטע האָנאָראַרן צו ספּעציאַליסטן אויסצוהיילן פֿון איר קראַנקײַט מײַן פֿרוי, וואָס איז אייגנטלעך געבליבן לעבן נאָר אַ דאַנק איר שוועסטער, מײַן שוועגערין, וואָס איז געווען צוזאַמען מיט איר אינעם לאַגער אין שטוטהאָף. יינגער פֿון איר שוועסטער און אויך ענערגישער, האָט מײַן שוועגערין מיט אַלע כּוחות געזאָרגט אַפֿילו צו גנבֿענען אַ שטיקל ברויט, כּדי צו דערהאַלטן מײַן פֿרוי בײַם לעבן ביז צו דער באַפֿרײַונג.

ווען זי איז באַפֿרײַט געוואָרן האָט זי זיך געפֿונען ממש אויף דער גרענעץ צווישן לעבן און טויט. זי האָט זיך קוים־קוים געהאַלטן אויף די פֿיס. לאַגער־אַסירים אין אַזאַ צושטאַנד האָט מען גערופֿן ״מוזולמענער״ און זיי האָבן נישט איבערלעבט.

איינער פֿון די באַרימטע ספּעציאַליסטן אויפֿן געביט פֿון ביינער־קראַנקייטן אין פֿראַנקרײַך האָט פֿעסטגעשטעלט אַז די קראַנקייט פֿון מײַן פֿרוי איז אין אַ העכסט פּראָגרעסיוון פּראָצעס און זי מוז גלײַך דורכגיין אַ כירורגישע אָפּעראַציע. די אָפּעראַציע איז באַשטאַנען דעראין וואָס פּאָפּולער באַצייכנט מיינט עס: לייגן אויף די ביינער אַ לאַטע פֿון דער הויט וואָס ווערט אַראָפּגעשניטן פֿון דעם פּאַציענטס פּוס. אויב דער גוף פֿון דעם קראַנקן אַבסאָרבירט די איבערפֿלאַנצונג און שטויסט זי נישט אָפּ, איז דער פּאַציענט אַ געראַטעוועטער. כּדי דורכצומאַכן אָט די אָפּעראַציע האָבן די ספּעציאַליסטן פֿאַראָרדנט, אַז מײַן פֿרוי מוז זיך געפֿינען אין אַ פּלאַץ ווו די ים־לופֿט פֿאַרמאָגט אַ סך יאָד. אין אַ פּענסיאָן אין בערגפּלאַזש, אין צפֿון פֿראַנקרײַך, וואָס האָט געהאַט די רעקאָמענדירטע קלימאַטישע באַדינגונגען, איז מײַן פֿרוי געווען במשך אַ גאַנץ יאָר. זי איז געווען אונטער דער סטאַבילער אויפֿזיכט פֿון דעם פּראָפֿעסאָר גאַלאַנד, וואָס האָט אָנגעפֿירט מיט אַן אָרטיקן שפּיטאָל, באַזונדער אויפֿן געביט פֿון דער קראַנקייט פֿון מײַן פֿרוי. ער האָט מײַן פֿרוי

איינאָרדענען אין פראַנקרײַך. פראַנקרײַך האָט עקשנותדיק אָפּגעזאָגט צו געבן אַרײַנפּאָר־וויזעס. האָבן יידן — אַזוי ווי איך האָב געטאָן — געזוכט אומוועגן און דאָך אַרײַנגעקומען קיין פראַנקרײַך אָן דעם שאָדן פֿאַר אָט דער מדינה. אַז מען האָט געהאַט אַ וויזע קיין ווענעזועלאַ, האָט מען באַקומען אַ טראַנזיט־וויזע דורך פראַנקרײַך און מען איז געווען ״אַ געמאַכטער מענטש״. אויף אָט דעם שטייגער האָב איך מיט אַ יאָר שפּעטער געבראַכט קײַן פּאַריז מײַן שוועגערין מיט איר מאַן. אָבער אויך זייער קומען איז נישט אַדורך גלאַטיק.

הגם דורך די געסט פון אַמעריקע קײַן פּוילן האָב איך באַקומען פון לאָדזש מײַן גאַנץ פאַרמעגן, דאָך איז בײַ מײַן שוועגערין געבליבן אַ זעלטענער בריליאַנט פון דרײַ און אַ האַלבן קאַראַט, וואָס איז דעמאָלט ווערט געווען אַ פאַרמעגן. זי האָט דעם בריליאַנט באַהאַלטן און אים דורכגעשמוגלט קײַן פראַנקרײַך אין אַ ליפּן־שטיפט. אין דעם ערשטן טאָג אין פּאַריז, פאָרנדיק אין אַ טעקסי צוזאַמען מיט מיר האָט זי פאַרגעסן איר טאַש, אין וועלכן זי האָט געהאַט דעם ליפּן־שטיפט מיט דעם בריליאַנט און דאָקומענטן: וועגן דעם אַז זי האָט דעם טאַש פאַרגעסן אין דער טעקסי, האָט זי זיך דערמאָנט שוין נאָך דעם ווי דער אויטאָ איז פאַרשווונדן. מײַן שוועגערין איז אַרײַנגעפאַלן אין אַ מוראדיקער פאַרצווייפלונג, ווי די וועלט וואָלט אונטערגעגאַנגען. איך האָב זי באַרויקט, געטרייסט זי דערמיט, אַז זי האָט פאַרלוירן פיל טײַערערס פון צען אַזעלכע בריליאַנטן, און אַז איך בין נישט געבוירן געוואָרן מיט בריליאַנטן אין מויל. דאָך בין איך דורכגעפאָרן אַלע מעגלעכע גאַראַזשן אין פאַריז, נאָכגעקוקט אַלע מעגלעכע טעקסיס אויף די גאַסן, נאָכגעפרעגט בײַ שאָפערן און צו גאָרנישט דערגאַנגען.

און איך בין געווען גערעכט. מיר האָבן אָנגעהויבן פֿאָרן יעדע וואָך און פֿון יעדער רייַזע זענען מיר געקומען מיט מער סחורה.

איין מאָל זענען מיר אָנגעקומען אין איינער פֿון די גרעסטע טעקסטיל־פֿאַבריקן אין מאַזאָמיי, וואָס איז געווען אַ וויכטיקער צענטער פֿון טעקסטיל־פֿאַבריקן.

גראָד זענען מיר אַרייַנגעפֿאַלן אין אַ פֿאַבריק, ווו דער אייגנטימער איז געווען אַ פֿראַנצויז, אָבער זייַנער צייַט איז ער געווען פֿאַרדעכטיקט און האָבן קאָלאַבאָרירט מיט די נאַציס, און אַ געוויסע צייַט איז ער אַפֿילו געזעסן אין טורמע. אָט דער דאָזיקער פֿראַנצויז, וואָס האָט גערעדט דייַטש ווי אַ געבוירענער דייַטש, האָט געוווסט, אַז מיר, איך און מייַן פּאַרטנער, זענען יידן. האָט ער, זעט אויס, זיך געוואָלט רעהאַביליטירן אין אונדזערע אויגן, און מתּוך פֿרייַנדלעכקייט האָט ער מיר פֿאַרקויפֿט הונדערט און פֿופֿציק שטיקלעך טעקסטיל־סחורה, וואָס פֿאַר די באַגריפֿן פֿון יענער תּקופֿה איז עס געווען געוואַלדיק אַ סך. ער האָט מיר פֿאַרקויפֿט אַזאַ גרויסן קוואַנטום סחורה נישט בלויז דערפֿאַר ווייַל ער האָט געוואָלט זיך רעהאַביליטירן.

אין יענער צייַט האָב איך נאָך נישט געהאַט די ריכטיקע השגה וויפֿל מען דאַרף פֿאַרדינען בייַ אַזאַ שאַנס. איך האָב די גאַנצע סחורה פֿאַרקויפֿט במשך פֿון דרייַ טעג און מיר, איך און מייַן פּאַרטנער, האָבן אין דער טראַנזאַקציע פֿאַרדינט ממש אַן אוצר. שוין נאָך דעם ווי איך האָב די סחורה פֿאַרקויפֿט, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז איך האָב געקענט פֿאַרדינען פֿופֿציק פּראָצענט מער. אָבער ״חרטה איז נישט מעשה סוחר״; אַפֿילו אָן די פֿופֿציק פּראָצענט פֿאַרדינסט מער, איז מייַן פֿאַרדינסט געווען אַ גאָר גרויסער. דאָס איז געווען די ערשטע גרויסע טראַנזאַקציע וואָס איך האָב געמאַכט אין פֿראַנקרייַך.

אין דער זעלבער צייַט האָב איך באַקאַנט אַ מאַן וואָס איז געווען באַפֿרייַנדעט מיט דעם קאָנסול פֿון ווענעזועלאַ אין באָרדאָ. דורך אָט דעם מאַן האָב איך אַרויסבאַקומען וויזעס פֿאַר אַזעלכע יידן אין פּוילן, אייגנטלעך אין לאָדזש, וואָס האָבן געגאַרט צו קומען און זיך

ספּעציאַליסט אין דער טעקסטיל־בראַנזשע. צום סוף האָט אונדזער שפּוגל־נײַער קרוב מיך פאַרבעטן צו קומען צו אים אין זײַן ביוראָ.

עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זײַן פּאָזיציע איז אַ הויכע, וואָרום כּדי אַרײַנצוקומען צו אים האָט מען זיך פריער געדאַרפט אָנמעלדן, ווי עס איז שטייגער בײַ דירעקטאָרן פון גרויסע אונטערנעמונגען.

אַ דאַנק אָט דעם נײַ־געפונענעם קרוב האָבן זיך אָנגעהויבן מײַנע גוטע געשעפטן.

שמועסנדיק מיט אים האָט ער מיר געזאָגט:

״אַזוי ווי דו ביסט אַ ספּעציאַליסט אין דער טעקסטיל־בראַנזשע און איך קען אַ צאָל טעקסטיל־פאַבריקאַנטן, איז מעגלעך מיר זאָלן מאַכן ביזנעס״.

אין יענער תקופה איז געווען שווער צו באַקומען טעקסטיל־שטאָפן. איך האָב שוין דעמאָלט געהאַט בײַ זיך אַ פּאָר טויזנט דאָלאַר אין באַרגעלט און אויך דאָס פאַרמעגן וואָס מײַן שווערין און שוואָגער אין לאָדזש האָבן מיר געשיקט דורך די צוויי אַמעריקאַנער. מיט אַזאַ פאַרמעגן האָט זיך געשטאַרקט בײַ מיר די זעלבסטזיכערקייט און אויף דעם פאָרשלאָג פון מײַן נײַעם קרוב — האָב איך צוגעקלאַפּט מײַן הסכּמה:

״זאָל זײַן מיט מזל־ברכה!״

צוטרוי צו מײַן נײַעם קרובֿ האָב איך געהאַט. ערשטנס ווײַל ער איז אַ שטיקל משפּחה און צווייטנס זײַן פּנים איז מיר געפעלן. האָבן מיר זיך אויפגעהויבן און צוזאַמען אַוועקגעפאָרן אין אַ צענטער פון טעקסטיל־פאַבריקן. אין יענער צײַט, אין די באַדינגונגען נאָך דער מלחמה, איז געווען אומגעהויער שווער צו באַקומען טעקסטיל־סחורות. דאָך האָט זיך אונדז אײַנגעגעבן צו באַקומען פיר שטיקלעך סחורה, וואָס פון זייער פּראָפיט האָבן מיר געדעקט די רײַזע־הוצאות און געהאַט צו לעבן אַ וואָך צײַט.

האָב איך געזאָגט צו מײַן פּאַרטנער:

״אויב מיר האָבן באַקומען פיר שטיקלעך סחורה, פאַרוואָס זאָלן מיר נישט באַקומען אַכט?״

פּאַריז. האָט, זעט אויס, דער גורל אַליין פאַר מיר פּלאַנירט:

מיט מײַן פרוי בין איך אַרײַן אין אַ רעסטאָראַן צו עסן מיטאָג. האָב איך בײַ אַ טיש באַמערקט אַ מאַן, וואָס האָט מיר אויסגעזען סימפּאַטיש. האָב איך אים געפרעגט, צי ער דערלויבט אונדז זיך צוזעצן צו זײַן טיש. דער מאַן איז מסכּים געווען. מיר האָבן באַשטעלט וואָס מיר האָבן באַשטעלט און בינו לבינו האָב איך פאַרפירט אַ שמועס מיט דער פרעמדן מאַן. דעמאָלט האָב איך שוין געקענט עטוואָס פּלאַפּלען פראַנצייזיש, וואָרום באַלד ווי איך האָב געהאַט די מעגלעכקייט האָב איך אָנגעהויבן גיין אויף אַ קורס אין אַליאַנס איזראַעליט צו לערנען די פראַנצייזישע שפּראַך. און אַזוי ווי מײַן זכרון איז אַ גוטער, האָב איך אין איין וואָך געלערנט מער ווי אַנדערע האָבן געלערנט אין אַ חודש. שמועסנדיק מיט דעם מאַן בײַ אונדזער טיש האָב איך אים בקיצור דערציילט, אַז איך קום פון לאָדזש, איבערגעלעבט אַלע שרעקלעכקייטן פון די נאַציס און אַזוי ווײַטער. האָט דער מאַן מיך געפרעגט צי איך בלײַב אין פראַנקרײַך. האָב איך אים דערציילט, אַז אין בעלגיע וואַרט אויף אונדז, פאַר מיר מיט מײַן פרוי, אַ וויזע קײַן אַמעריקע. האָט דער מאַן געוואָלט וויסן, צי מיר האָבן קרובֿים אין אַמעריקע. האָב איך אים געזאָגט ווי עס איז געווען: איך האָב דרײַ ברידער אין אַמעריקע; מײַן פרוי האָט דאָרט אַ פעטער און הייסן הייסט ער טזשיזשעווער; אין טשיקאַגאָ האָט ער אַ גרויסע פאַבריק.

"טזשיזשעווער?" האָט דער מאַן אויסגערופן, "טזשיזשעווער איז דאָך מײַנער אַ קוזין. ער הייסט טשאַרלי, טשאַרלי טזשיזשעווער!".

"יאָ", זאָג איך, "ער הייסט טשאַרלי". און מײַן פרוי גיט צו: "טשאַרליס פרוי און מײַן מאַמע זענען שוועסטערס".

דער מאַן האָט שוין נישט געוווסט וואָס צו טאָן מיט אונדז. באַלד האָט ער מיר דערציילט, אַז ער האָט איבערגעלעבט די נאַציס אין פראַנקרײַך. ער אַרבעט אין אַ פראַנצייזישער פירמע אין דער גאַלאַנטעריע־בראַנזשע. ער האָט אַ ביוראָ. ער אַרבעט צוזאַמען מיט פּראַנצויזן. איך, ווידער, האָב אים דערציילט, אַז איך בין אַ

האָט ער מיר אָנגעוווּנקען איך זאָל צוזאַמען מיט אים פאַרלאָזן די פּעדעראַציע. דער ייִד האָט געהייסן זײַדשנור. ער איז געווען פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין פראַנקרײַך. צום באַדויערן לעבט ער נישט מער.

אויף דער גאַס האָט מיר זײַדשנור געעצהט, איך זאָל אויף צו מאָרגנס אַוועקגיין צו דעם פאָרזיצער פון דעם קאָמבאַטאַנטן־פאַרבאַנד, האָסבערג. דער פאַרבאַנד האָט זיך געפונען אויף רי פּעטען נומער 9. זײַדשנור האָט מיר אָנגעזאָגט, איך זאָל האָסבערגן דערקלערן, אַז מײַן גאַנץ לעבן בין איך אַ פֿײַערדיקער ציוניסט, וואָרום ער אַליין איז אַ ציוניסטישער עסקן און פאַר ציוניסטן איז ער גרייט צו גיין אין פֿײַער און אין וואַסער.

אויף צו מאָרגנס, אין קאַבינעט פון דעם פאָרזיצער פונעם קאָמבאַטאַנטן־פאַרבאַנד, האָב איך האָסבערגן דערציילט מײַנע איבערלעבונגען און ראַנגלענישן במשך דער מלחמה, און אַז אין איצטיקן מאָמענט איז דאָס וויכטיקסטע פאַר מיר צו בלײַבן אין פאַריז. מײַן פרוי איז קראַנק אויף אַ ביינער־קראַנקייט און איך מוז זי ראַטעווען. אויך איר קראַנקייט איז אַ רעזולטאַט פון אירע איבערלעבענישן אין דער מלחמה. איך פיל, אַז נאָר אין פאַריז וועט זי געפינען די נויטיקע קוראַציע.

האָסבערג האָט נישט געפאָדערט און איך האָב נישט געדאַרפט אָפּגעבן קיין שום פאַרטיישע דעקלאַראַציע. ער האָט מיך באַרויקט איך זאָל די שוועריקייט זיך נישט נעמען צום האַרצן.

"זאָרג נישט". האָט ער געזאָגט, "קום מיט מיר. מיר גייען שוין אַהין ווו מיר דאַרפן גיין".

מיר האָבן זיך אַרײַנגעזעצט אין אַ טעקסי און אַוועק אין דער פּאָליציי־פּרעפעקטור. האָסבערג האָט זיך דאָרט אויסגעקענט מיט אַלעמען און אָן איבעריקע רייד האָט ער פאַר מיר אַרויסבאַקומען אַ דערלויבעניש צו בלײַבן אין פאַריז איין חודש.

מיט געלט אין מײַן קעשענע און מיט אַ דערלויבעניש צו בלײַבן אין פאַריז, דערווײַל אַ חודש צײַט, האָב איך אָנגעהויבן פּלאַנירן מײַנע פּלענער צו באַזירן מײַן לעבן אין דער שטאָט פון ליכטער —

* * *

די מורא צו בלײַבן אָן מיטלען צו באַצאָלן פֿאַר אַ האָטעל און פֿאַר אַ מיטאָג אין אַ רעסטאָראַן האָב איך געלייזט. אין מײַן קעשענע האָב איך שוין געהאַט צוויי טויזנט דאָלאַר, אָבער די געשיכטע מיט דער טראַנזיט־וויזע אַז איך טאָר נישט בלײַבן אין פֿראַנקרײַך איז איצט געוואָרן אַ ברענענדיקע. טאָמער זאָל פֿאָרקומען אַ פּאָליצײַ־קאָנטראָל אין האָטעל קען איך אַ מאָל געצווינגען ווערן גלײַך צו פֿאַרלאָזן פּאַריז און פֿון מײַנע פּלענער וועט זיך אויסלאָזן אַ בוידעם.

אין יענער צײַט זענען אין פּאַריז געווען עטלעכע ייִדישע רעסטאָראַנען און קאַפֿעען. האָב איך באַשלאָסן אַ טאָפּ צו טאָן אין די רעסטאָראַנען, צי קאַפֿעען, אפֿשר זענען דאָרט פֿאַראַן ייִדן, וואָס קענען מיר געבן אַן עצה. איך האָב נישט געמאַכט קיין טעות: שמועסנדיק אין אַ קאַפֿע מיט דעם און יענעם האָט מען מיר אינפֿאָרמירט, אַז אין פּאַריז איז פֿאַראַן אַ ייִדישע פֿעדעראַציע און די פֿעדעראַציע פֿאַרנעמט זיך מיט ייִדישע פּליטים און מיט ייִדישע צרות. דאַרף איך מיט מײַן צרה מחמת דער טראַנזיט־וויזע אַוועקגיין אין דער פֿעדעראַציע און זי וועט מיר געבן די ריכטיקע עצה. איך בין דאָך אַ פּליט מיט אַ צרה! בין איך אַוועק אין דער פֿעדעראַציע אויף דעם אָנגעוויזענעם אַדרעס און אַרײַנגעפֿאַלן אין די הענט פֿון דער סעקרעטאַרין, אַן אונגאַרישע פֿרוי. אַז איך האָב איר דערציילט די מעשה — אַ וויזע האָב איך, נאָר זי איז אַ טראַנזיט־וויזע אויפֿן וועג קיין בעלגיע און איך מוז בלײַבן אין פֿראַנקרײַך, האָט די סעקרעטאַרין געוואָלט איך זאָל איר ווײַזן מײַן פּאַספּאָרט. האָב איך איר דערלאַנגט מײַן פּאַספּאָרט. האָט זי בודק געווען דעם פּאַספּאָרט פֿון אַלע זײַטן און געפּסקנט, אַז מײַן באַגער צו בלײַבן אין פּאַריז איז אַן אילוזאָרישער. איך מוז שוין אײַנפּאַקן מײַנע טשעמאָדאַנעס און פֿאָרן אַהין וווהין איך האָב אַ וויזע — קיין בעלגיע.

צום גזר־דין פֿון דער סעקרעטאַרין פֿון דער פֿעדעראַציע, וואָס איר אויפֿגאַבע איז געווען צו העלפֿן פּליטים געליטענע פֿון דער מלחמה, האָט זיך צוגעהערט אַ מאַן וואָס איז געשטאַנען דערנעבן.

טראַכטנדיק מסתמא, אַז זיי זענען געווען גערעכט ווען זיי האָבן געגלויבט אַז פאַר זיי זיצט אַ שווינדלער. און איך זאָג:

״דער דריטער, יצחק פּיעקאַרסקי, זיצט מיט אײַך בײַם טיש און ער האָט מיט אײַך נאָר וואָס געגעסן פרישטיק״.

פון דעם ענטפער זענען די צוויי געוואָרן צעטומלט, זיי זענען געוואָרן נאָך מער פאַרפּעסטיקט אין זייער פאַרדאַכט, אַז איך האָב כּלפּי זיי טונקעלע כּוונות. האָב איך אַרויסגענומען מײַן פּאַספּאָרט און אים אַוועקגעלייגט פאַר די צוויי לײַט.

אַרײַנגעקוקט אין פּאַספּאָרט און געזעען, אַז איך בין ווירקלעך דער אויף וועמען זיי פרעגן, זענען זיי געוואָרן נאָך מער צעטומלט. ס׳האָט אויסגעזעען ווי איך וואָלט דאָ, בײַם טיש אין דעם קאַפע, זיי אָפּגעטאָן אַ כּישוף. באַלד איז אַלץ געוואָרן רעאַל און ווירקלעכקייט:

חיים גרינבערג האָט געהאַט פאַר מיר אַ בריוו פון לוי סיגאַל, אָבער דער בריוו איז געווען אַדרעסירט קיין לאָדזש. איצט בין איך אין פּאַריז...

די אַטמאָספער פון אומצוטרוי און פאַרדאַכט איז מאָמענטאַל צערונען און זי איז געוואָרן אַ פרײַנדלעכע און היימישע, ווי מיר וואָלטן זיך געקענט לאַנגע יאָרן. אַזאַ צופאַל טרעפט זיך דאָך נישט יעדן מאָנטאָג און דאָנערשטאָג.

די צוויי אַמעריקאַנער האָבן מיך אַרויפגעפירט צו זיך אין האָטעל און גלײַך מיר געגעבן צוויי טויזנט דאָלאַר באַרגעלט. דערצו האָבן זיי בײַ מיר נאָך אָפּגעקויפט די ״לײַקאַ״, וואָס דער פּוילישער או.בע־אַגענט האָט זי געוואָלט בײַ מיר ״קאָנפיסקירן״. אין יענער צײַט איז געווען אוממעגלעך אין פּאַריז צו קויפן אַ פאָטאָגראַפישן אַפּאַראַט, ווי אַ ״לײַקאַ״.

די געשיכטע האָט אויך אַ צווייטן ״העפּיענד״:

די צוויי אַמעריקאַנער זענען באַלד דערנאָך אַוועקגעפאָרן קיין פּוילן און צוריקוועגס דורך פּאַריז מיר געבראַכט דאָס אַלץ, וואָס איך האָב געהאַט איבערגעלאָזט בײַ מײַן שוועגערין און שוואָגער.

דאָס געזאָגט, האָב איך צוגעגעבן אַז טאָמער וועלן זיי מיר קענען ברענגען וועלכע עס זאָל נישט זײַן סומע געלט, וועל איך זיי דאַנקבאַר זײַן, וואָרום איך בין געבליבן אָט אַזוי ווי זיי זעען מיך.

אויף דעם וואָס איך האָב געזאָגט, רופט זיך אָפּ דעם קאַלישערס שוואָגערס קוזין — אַרנאָלד האָט ער געהייסן:

״יונגערמאַן, מיר מאַכן נישט אַזעלכע ביזנעס״.

איך האָב פאַרשטאַנען אַז די אַמעריקאַנער פאַרדעכטיקן, אַז איך בין אַ שווינדלער, אָדער אַ פּראָוואָקאַטאָר, וואָס וויל זיי אַרײַנדרייען אין אַ ביטער עסק, און זיי ווילן וואָס שנעלער פון מיר פּטור ווערן. אין דער רגע איז געשען אַ מעשה, וואָס ווען איך וואָלט נישט געווען קיין נוגע בדבר וואָלט איך נישט געגלויבט אַז עפּעס ענלעכבס קען פאָרקומען אין דער ווירקלעכקייט:

פאַרן געזעגענען זיך האָט חיים גרינבערג — שפּעטער האָב איך זיך דערוווּסט, אַז ער איז דער רעדאַקטאָר פון דעם ״יידישן קעמפער״, אָרגאַן פון די רעכטע פועלי־ציון אין אַמעריקע — אַרויסגענומען זײַן נאָטיץ־ביכל און מיר געפרעגט:

״צי קענט איר אין פוילן אַ מאַן מיטן נאָמען אַנטעק צוקערמאַן?״

זאָג איך:

״איך קען אים זייער גוט. ער איז מײַנער אַ פרײַנד״.

איצט קומט אַ צווייטע פראַגע:

״צי קענט איר איינעם אַ מאַן מיטן נאָמען סטעפאַן גרײַעק?״

ענטפער איך:

״סטעפאַן גרײַעק איז אַנטעקס אַ חבר. איך קען אים גוט״.

איצט קומט די דריטע פראַגע:

״אפשר קענט איר צופעליק אַ מאַן מיטן נאָמען יצחק פיעקאַרסקי, וואָס וווינט אין לאָדזש?״

אויף אָט דער דריטער פראַגע האָב איך געענטפערט אַזוי:

״די ערשטע צוויי, אויף וועלכע איר האָט מיר געפרעגט, קען איך זייער גוט, אָבער דעם דריטן קען איך צום בעסטן״.

קוקן מיך אָן די צוויי אַמעריקאַנער מיט פאָרשערישע בליקן,

אומהויפהערלעך געציילט די וויי‌ניקע פראַנקן אין מײַן קעשענע. איך האָב געציטערט טאָמער גייט מיר אויס דער לעצטער פראַנק און דעמאָלט וועל איך זיך געפינען אין אַן ערגערער לאַגע ווי זיך האָבן פאַרדרייט מיט די מעטראָס.

זענען מיר זאַלבע פערט אַוועק אין אַ קאַפע און איך האָב די געסט דערציילט וואָס זיי האָבן געוואָלט וויסן. איך האָב זיי נאַטירלעך אויך דערציילט וועגן די באַנדיטישע אָנפאַלן פון די אַ.קאַ. אויף יידן, וואַרפן זיי אַרויס פון די לויפנדיקע באַנען, מאָרדן די איינצלנע יידן, וואָס באַזוכן זייערע שטעטלעך וכדומה טוען אָפּ אַזעלכע ווילדע פאַרברעכנס. אָבער די באַנדיטן דערקענען לויט דער קליידונג ווער עס איז אַן אַמעריקאַנער   לעבן פון אַמעריקאַנער איז געזיכערט.

ס׳האָט זיך מיר אײַנגעקריצט אין זכרון דאָס בילד ווי צו דער דערלאַנגטער קאַווע האָבן די צוויי אַמעריקאַנער אַרויסגענומען פון טאַש שעכטעלעך, אין וועלכע זיי האָבן געהאַט צוקער, וואָרום דעמאָלט האָט מען אין פאַריז קיין צוקער נישט באַקומען. ס׳איז דאָך געווען דאָס יאָר 1946, נאָך דער מלחמה, אין וועלכער די נאַציס האָבן געהאַט אַלץ אויסגערויבט און די אינערלעכע פּראָדוקציע איז נישט געווען אומשטאַנד נאָכצוקומען די נאָכפראַגע פון דער באַפעלקערונג.

אָפּגעגעסן דעם פרישטיק האָבן מיר די אַמעריקאַנער געפרעגט וואָס אַזעלכע ס׳האָט מיך געבראַכט צו זיי. דערציילט איך זיי די געשיכטע מיט מײַן געלט, מיט דער באַן פונעם ״רויטן קרײַץ״, מיט דער רעוויזיע אין ווידזעוו און מיט דער מיט פאָליציי־איבערפולטער באַן־סטאַציע אין קאַטאָוויץ. בכן בין איך געבליבן אויף דער פליישבאַנק אָן אַ פּרוטה אין דער קעשענע.

״אויב איר, וואָס איר פאָרט אויף אַ באַזוך אין פוילן וועט דאָרט דאַרפן געלט, גיב איך אײַך גלײַך דעם טעלעפאָן פון מײַן שוואָגער און שוועגערין אין לאָדזש און איר וועט פון זיי באַקומען וויפל איר וועט דאַרפן״.

מיט די מעטראָס און מיט די אַראַנדעסעמענטס און אַנדערע ענלעכע זאַכן, זאָל איך האָבן גענוג צײַט זיך אַרויסצופּלאָנטערן פון די אַלע גרוישטעטישע שוועריקייטן און אָנקומען ווו איך דאַרף, טאַקע צו דעם האָטעל "לוטעסיאַ".

דער עיקר: דאָס מאָל האָב איך זיך נישט פאַרדרייט מיט די מעטראָס און מיט די אַראַנדעסמענטן. גאַנץ צופעליק בין איך אַרײַן אין דעם ריכטיקן מעטראָ און פופצן מינוט שפעטער בין איך געווען נעבן דעם האָטעל. דער זייגער איז געווען סך־הכּל זיבן. ווי קען איך גיין וועקן מענטשן אין אַ האָטעל אין אַזאַ פריער שעה? האָב איך זיך אַרומגעדרייט ווי אַ כהן אַרום אַ בית־עלמין, אויסגעקוקט אַלע שויפענצטער אין דער סבֿיבֿה, און קיין געדולד האָב איך נישט געהאַט. האָב איך געפרוווט אָנקנופן אַ קאָנטאַקט מיט דעם "קאָנסיערזש" פון דעם האָטעל. האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער רעדט אַ ביסל דײַטש. האָב איך שוין געהאַט מיט וועמען אַוועקצובטלען די צײַט. האָט מיר דער "קאָנסיערזש" געבעטן, איך זאָל זיך זעצן און וואַרטן. אַ פערטל שעה נאָך אַכט איז אָנגעקומען דער מאַן, וואָס איך האָב אים מיט אַ טאָג פריער באַקענט נעבן דעם מעטראָ און ער האָט עס מיר געזאָגט וועגן די צוויי וויכטיקע פערזענלעכקייטן פון אַמעריקע, וואָס גרייטן זיך פאָרן קײַן פוילן.

אין יענער צײַט האָט די ווינדע אין דעם האָטעל נישט געאַרבעט און עס איז געווען נישט לײַכט צו קלעטערן איבער האָטעל־טרעפּ. האָט זיך מײַן נײַער באַקאַנטער טעלעפאָניש פאַרבונדן מיט זײַן שוואָגערס קוזין, וואָס איז געווען איינער פון די צוויי וויכטיקע לײַט, און ביידע זענען באַלד אַראָפּגעקומען צו אונדז.

דער אָפּשטאַמיקער פון קאַליש, דאָס מיינט, מײַן נײַער באַקאַנטער, האָט ביידן דערציילט וועגן מיר, אַז איך בין נאָר וואָס געקומען פון לאָדזש און איך וועל זיי קענען דערציילן וועגן אַלץ, וואָס עס אינטערעסירט זיי וועגן פוילן. אויב אַזוי, האָבן זיי מיך פאַרבעטן אין אַ דערנעבנדיקן קאַפע אויף פרישטיק. איך האָב די אײַנלאַדונג גערן אָנגענומען, וואָרום אויסער וואָס איך האָב דעם פרימאָרגן נאָך נישט געטרונקען אַפילו קיין טעפל קאַווע, האָב איך

ווי עס ווערט צעטומלט און פֿאַרלוירן אַ קליינשטעטלדיקער ווען ער קומט אין אַ כּרך און ער ווייסט נישט ווו אײַן און ווו אויס. האָב איך דערשנאַפּט אַ פֿאַרבייגייענדיקן, וואָס האָט מיר אויסגעזען צו זײַן אַ ייד. שטעל איך אים אָפּ און פֿרעג, ווי דער שטייגער פֿון אַ ייִד צו אַ ייד:

״איר רעדט יידיש?״

ענטפֿערט מיר דער אומבאַקאַנטער אויך ווי עס איז דער שטייגער פֿון אַ ייד:

״וואָס דען זאָל איך רעדן? איך בין דאָך אַ ייד!״ און דער ייד פֿרעגט מיר אויס היימישלעך פֿון וואַנען איך קום, וועր איך בין און כּדומה אַזעלכע פֿראַגן ווען עס טרעפֿן זיך צוויי אומבאַקאַנטע יידן.

דערצייל איך אים אַז איך בין דער און דער. זײַן בין איך אַ סאָקאָלאָווער, מען קען אַפֿילו זאָגן אַ יאַדעווער, נאָר קומען קום איך פֿון לאָדזש. דערהערט לאָדזש, האָט זיך דער מאַן גאָר שטאַרק פֿאַרהיימישט מיט מיר. באַלד האָט ער מיר דערציילט, אַז שטאַמען שטאַמט ער פֿון קאַליש און אַז זײַן שוואָגערס אַ קוזין וואָס לעבט שוין אַ סך יאָרן אין אַמעריקע איז איצט געקומען קיין פּאַריז, און צוזאַמען מיט אים איז אויך געקומען אַ פֿירער פֿון די רעכטע פּועלי־ציון אין אַמעריקע, חיים גרינבערג.ביידע זענען גאָר וואַזשנע פּערזענלעכקייטן. פֿון פּאַריז פֿאָרן זיי אין אַ פּאָר טעג אַרום גלײַך קיין פּוילן. ביידע לײַט שטייען־אײַן אין דעם האָטעל ״לוטעסיאַ״.

דערהערט, אַז צוויי וויכטיקע יידישע לײַט פֿאָרן קיין פּוילן, איז מיר באַלד אײַנגעפֿאַלן, אַז עס קען געמאָלט זײַן, די צוויי געזעלשאַפֿטלעכע מענטשן זאָלן אין פּוילן דאַרפֿן האָבן גרעסערע סומעס געלט, אַזוי ווי מיט אַ צײַט צוריק לוי סיגאַל און יעקב פּאַט. און אַזוי ווי אַ היפּשע סומע פֿון מײַן פֿאַרמעגן איז געבליבן בײַ מײַן שוואָגער און שוועגערין, קען געמאָלט זיין אַז ״מעז ייצא מתוק״ — דאָס וואָס עס איז מיר נישט געלונגען אַדורכצושמוגלען, וועל איך באַקומען אויפֿן גלײַכן וועג...

אויף צו מאָרגנס בין איך אויפֿגעשטאַנען 6 אַזייגער באַגינען אַז טאָמער וועל איך זיך אויפֿן וועג צום האָטעל ״לוטעסיאַ״ פֿאַרדרייען

* * *

מיט אַ לענגערער צײַט צוריק, נאָך זייענדיק אין לאָדזש, האָבן מיר צוויי לײַט געגעבן אַן אַדרעס פון זייערס אַ שוואָגער, וואָס לעבט אין פּאַריז. אויך זיי האָבן זיך געקליבן פאָרן קײַן פּאַריז. זיי האָבן מיר געעצהט, אַז ווי נאָר איך וועל אָנקומען קיין פּאַריז, זאָל איך זיך פאַרבינדן מיט זייער שוואָגער, טאָמער וועל איך עפּעס דאַרפן. דער מאַן פון דעם אַדרעס האָט געהייסן רודי. אויך ער איז שוין, צום באַדויערן, אויפן עולם האמת. ער איז געווען איינער פון די פירער פון די רעכטע פּועלי־ציון אין פראַנקרײַך. ער האָט געוווינט אין דעם 20סטן אַראַנדעסמענט.

אָנגעקומען קײַן פּאַריז זענען מיר שבת. אַזוי ווי איך בין געווען געדריקט פון אַלע זײַטן, סײַ מיט דער טראַנזיט־וויזע און סײַ מיט דער זאָרג, אַז מאָרגן וועל איך נישט האָבן צו באַצאָלן פאַר דעם האָטעל־צימער, האָב איך באַשלאָסן אַז איידער וואָס־ווען דאַרף איך אויסנוצן דעם אַדרעס, וואָס די צוויי לײַט אין לאָדזש האָבן מיר געגעבן און זענען זייער שוואָגער רודי. צו אַלע צרות בין איך דאָך אין פּאַריז אַ שטומע צונג.

באַלד אויף צו מאָרגנס, זונטאָג אין דער פרי, האָב איך אויף שטום־לשון זיך געוואָלט דערקלערן צום 20סטן אַראַנדעסמענט. האָב איך זיך אַרײַנגעזעצט אין אַ מעטראָ און געפאָרן. פאָר איך אַהער און פאַר אַהין, קיין לשון צו פאַרשטענדיקן זיך האָב איך נישט, איז ווי דערקלערט מען אַ פראַנצויז אַז איך דאַרף דעם 20סטן אַראַנדעסמענט רי לע סעפּס?

האָב איך געוויזן דעם אָנגעשריבענעם אַדרעס און פראַנצויזן האָבן מיר עפּעס געזאָגט, און ווײַזט אויס, אַז איך האָב נישט פאַרשטאַנען וואָס זיי האָבן מיר געזאָגט, און איך בין אַרויס פון דעם מעטראָ. האָב איך אָנגעהויבן לייענען די שילדלעך אויף די עקן פון די גאַסן און עס האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז איך געפין זיך אויף בעלוויל, וואָס ליגט אין 11טן אַראַנדעסמענט.

איז ווי אַזוי קום איך פון דעם 11טן צום 20סטן אַראַנדעסמענט? בין איך געבליבן שטיין אַ צעטומלטער און פאַרלוירענער, טאַקע אַזוי

האָבנדיק אין מײַן קעשענע בלויז די פּאָר אָרעמע פראַנקן.

אין יענער צײַט האָט אַ צימער אין אַ האָטעל פון אַ נידעריקן קלאַס געקאָסט דרײַ דאָלאַר אַ נאַכט. האָב איך געמאַכט דעם חשבון, אַז פאַר דעם וואָס מיר פאַרמאָגן וועלן מיר קענען זײַן אין אַ האָטעל עטלעכע טעג און עסן זייער באַשיידן.

כ׳האָב געדונגען אַ צימער אַנטקעגן דעם וואָגזאַל דעל׳עסט. איך האָב אָבער אויף קיין רגע נישט פאַרגעסן אַז אויף מײַן טראַנזיט־וויזע געפינט זיך אַ קלאַוזולע, אַז איך טאָר זיך נישט אויפהאַלטן אין פראַנקרײַך. און מײַן ציל איז דאָך נישט דער טראַנזיט דורך פראַנקרײַך; מײַן ציל איז פּאַריז גופא. איך האָב דאָך באַלד פון אנהייב נישט געמיינט בעלגיע.

געזאָגט צו זײַן מוטער, אַז נאָך דעם ווי זי ווערט באַלוינט פון די צוויי קוזינען, איז נישט אָרנטלעך זי זאָל נעמען געלט בײַ אַנדערע פאַר אויסבאַהאַלטן זיך אין דעם זעלבן בונקער...

נאָך דעם ווי צו מײַן שוואָגער אין דער באַהעלטעניש איז דערגאַנגען ווען דעם אַז די אַ.קאַ. האָט אומגעבראַכט צוועלף נפשות פון זײַן נאָענטסטער משפחה, האָט ער געוואָלט אַרויס פון דער באַהעלטעניש און זיך איבערגעבן אין די הענט פון די נאַציס, זיי זאָלן אויך אים אומברענגען...

אַז איך האָב דערזעען מײַן שוואָגער מיט דער שוועגערין אויף די טרעפּ פון דעם באַן־טונעל אין קאַטאָוויץ, האָב איך זיך דערמאָנט אין זייַנע טראַגישע איבערלעבונגען. איך בין געוואָרן אויפגעטרייסלט און נישט געוווסט ווי אַזוי אים איבערצוגעבן, ער זאָל זיך צוריקציען פון די טרעפּ צוזאַמען מיט דעם קוישל.

צום גליק האָט מײַן שוואָגער מיך באַמערקט אין דער טיר־ראַם פון דעם וואַגאָן, ווי איך האָב אים באַמערקט אַרויפשטײַגנדיק אויף די טרעפּ פון טונעל. כ'האָב אים געגעבן אַ צייכן ער זאָל נעלם ווערן. ער האָט פאַרשטאַנען מײַן האַנט־באַוועגונג, און ביידע, מײַן שוואָגער מיט דער שוועגערין, זענען נעלם געוואָרן אינעם טונעל.

איך בין געבליבן מיט די פאָר פראַנצייזישע פראַנקן אינעם ווערט פון אַ פינף־צען דאָלאַר און מיט אָט דעם "קאַפּיטאַל" וועל איך זיך דאַרפן אַן עצה געבן אין אַ פרעמדער וועלט, וואָס איך קען נישט איר שפראַך און האָב נישט דאָרטן קיין פרײַנד אָדער באַקאַנטן.

צוגעוווינט צו פיל גרעסערע נסיונות און סכנות במשך פון יאָרן אונטער די נאַציס און שפּעטער אין דעם נײַעם פּויליש־סאָוויעטישן רעזשים, האָב איך זיך נישט מייאש געווען. אויך פרעמדע מענטשן זענען מענטשן און מען דאַרף נאָר טראַכטן קאַלט און לאָגיש, ווי אַזוי צו "רעדן" אויף שטום־לשון צו פרעמדע מענטשן, כדי צו געפינען בײַ זיי הילף.

די רײַזע קיין פּאַריז מיט דעם צוג פון דעם "רויטן קרײַץ" האָט געדויערט עטלעכע טעג. מיר זענען אָנגעקומען אויף גאַר דעל'עסט,

זיי קומען אַרויספירן די יידן צו די פּאַרטיזאַנער. אַז די צום טויט־דערשראָקענע יידן האָבן געהערט אַזעלכע פרייַנדלעכע ווערטער, האָבן זיי פּאַרטרויט פאַר די מערדער, אַז אין אַ שכנותדיקן שייַער באַהאַלט זיך נאָך אַ גרופּע יידן. האָבן די פּאָליאַקן פאַרזיכערט, אַז אויך זיי וועלן אַרויסגעפירט ווערן אין וואַלד צו די פּאַרטיזאַנער.

אויף צו מאָרגנס איז געקומען אַ באַנדע אַקאָוצעס און אומגעבראַכט די יידן דורך אונטערצינדן דעם שייַער און די יידן אויסבאַהאַלטענע אויפן בוידעם האָבן זיי אומגעבראַכט דורך אַ העפטיק שיסן פון מאַשין־געווער.

יוסף מיט זייַנעם אַ קוזין גדליה ווישניע, וואָס לעבט הייַנט אין נס־ציונה, איז געווען אויסבאַהאַלטן בייַ אַ פּאָליאַק אַ פּראָפעסיאָנעלן באַנדיט. אין אָנהייב פון דער נאַצישער אָקופּאַציע האָט דער פּאָליאַק דערשאָסן אַ דייַטשן מיליטערמאַן, אָנגעטאָן דעם מונדיר פון דעם דערשאָסענעם נאַצי און מיט דעם דייַטשן געווער געמאָרדעט נאַציס און נישט־נאַציס, מיט וועלכע ער האָט געהאַט חשבונות. צום סוף האָבן די דייַטשן אים דערשאָסן.

מייַן שוואָגער און זייַן קוזין זענען ווייַטער געבליבן אויסבאַהאַלטן בייַ דער אלמנה נאָכן באַנדיט. אין צווישנצייַט, וויסנדיק אַז דיביידע קוזינען באַהאַלטן זיך אויס אין אַ בונקער אונטער דעם הויף פון דער אלמנה, האָבן זיך אַנדערע יידן, וועלכע האָבן זיך מער נישט געקענט אויפהאַלטן אין זייערע ביז־דעמאָלטדיקע באַהעלטענישן געוואָנדן צו דער פרוי,זי זאָל אויך זיי אויסבאַהאַלטן. זיי האָבן געטענהט, אַז די זעלבע סכנות וואָס דראָען איר פאַר אויסבאַהאַלטן צוויי יידן, וועלן איר דראָען פאַר אויסבאַהאַלטן פיר יידן, און זיי זענען גרייט דער פרוי גוט צו באַצאָלן. און וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דער נישט־דערפאָרשטקייט פון דער מענטשלעכער נשמה איז דער פאַל, אַז ווען די אלמנה נאָך דעם באַנדיט האָט מסכים געווען אויסצובאַהאַלטן אויך אַנדערע יידן, איז איר זון געווען קעגן דעם זי זאָל בייַ די מענטשן נעמען געלט פאַר אויסבאַהאַלטן זיי. ער האָט

* * *

מײַן שוואָגער איז אַליין אַ שווער־דורכגעליטענער פון די נאַצישע און אַ.קאַ.־אכזריותן. ער איז דער זון פון אַ געוועזענער גרויסער און פאַרמעגלעכער משפחה, וואָס האָט געלעבט אינעם דאָרף סקרישאָוו (אויף פויליש קזשעשאָוו) נעבן דעם טײַך בוג. זײַן פאָטער, מענדל, איז געווען דער אייגנטימער פון אַ גרויסער מילכערײַ, וואָס האָט פּראָדוצירט פאַרשיידענע סאָרטן קעז. כדי זיך צו ראַטעווען פון די נאַציס כאָטש טיילווייז האָבן די עלטערן זיך אויסבאַהאַלטן באַזונדער און אויך די קינדער האָבן זיך צעטיילט. אין די לעצטע חדשים פון דעם יאָר 1942 האָבן די דײַטשן אויסגעפונען די באַהעלטעניש פון זײַנע עלטערן, די מערדער האָבן זיי אַוועקגעפירט צום בוג און זיי אַרײַנגעוואָרפן אין טײַך. אַז די נאַציס האָבן באַמערקט אַז די אַרײַנגעוואָרפענע אין טײַך שווימען, האָבן זיי די שווימענדיקע נאָכגעשאָסן מיט מאַשין־געווער און זיי געטויט.

ביז 1944 האָבן אין אַ באַהעלטעניש געלעבט יוספס ברידער, זייערע קינדער און שוועסטער. ווי פון אָנהייב זענען געשיקט געוואָרן אינסטרוקציעס פון דער לאָנדאָנער פּוילישער רעגירונג צו דער אַרמיאַ קראַיאָוואַ אין פּוילן נישט צו שטערן די יידן זיך אויסבאַהאַלטן (יוספס קוזין האָט אַזאַ געדרוקטע אינסטרוקציע געזען און זי געלייענט), אַזוי איז שפּעטער די אינסטרוקציע פון לאָנדאָן געווען צו ״ליזן דאָס יידנפּראָבלעם פון פּוילן״. דעמאָלט האָט די אַרמיאַ קראַיאָוואַ אָנגעהויבן זוכן אויסבאַלטענע יידן און זיי אומברענגען. אַזוי האָט די אַ.קאַ. אויסגעפונען צוויי גרופּעס יידן — איינע אויסבאַהאַלטן אין אַ שײַער און אַ צווייטע אויסבאַהאַלטן אויפן בוידעם פון אַ הויז. ווען די פּוילישע באַנדיטן האָבן אַנטדעקט די באַהעלטעניש פון אַ גרופּע יידן אויפן בוידעם, האָבן זיי פאַרזיכערט זייערע קרבנות, אַז זיי מיינען נישט קײַן שום שלעכטס. פאַרקערט, זיי זאָרגן פאַר דער זיכערקייט פון די אויסגעפונענע יידן. זיי ווילן זיי אָנשליסן צו די פאַרטיזאַנער, וואָס געפינען זיך אין שכנותדיקן וואַלד. מאָרגן — האָבן די באַנדיטן פאַרזיכערט — וועלן

אַרום. זיכער האָבן זיי אין קוישל דאָס אַלץ פון דעם וואָס איך האָב איבערגעלאָזט, זיי זאָלן עס מיר אַרײַנדערלאַנגען אין קאַטאָוויץ. איך האָב דערפילט אַז עס דערנעענטערט זיך אַן אומגליק. טאָמער רעווידירט מען בײַ זיי דאָס קוישל און מען געפינט דעם קאַפּיטאַל, וואָס דאָרט איז געווען, איז אַ סוף צו אַלע אונדזערע פּלענער און דער עיקר אַ סוף צו דער שווער־פּאַרדינטער פרײַהײַט פון מײַן שוואָגער יוסף.

געוואָרן זייער האָפּערדיק בײַ זיך און האָב געזאָגט אַזוי ווי מען דאַרף זאָגן אין אַזאַ פֿאַל:

״פּאַניע אָפּיציר, בײַ מיר וועסטו דעם אַפּאַראַט נישט צונעמען. דאָס איז אַ מתּנה פֿון מײַנע עלטערן נאָך פֿון פֿאַר דער מלחמה. מײַנע עלטערן זענען אומגעבראַכט געוואָרן און דער ״לײַקאַ״־אַפּאַראַט איז דאָס איינציקע וואָס איז מיר פֿון זיי געבליבן״.

דער פּוילישער אָפּיציר האָט, זעט אויס, שוין געהאַט באַשלאָסן אַז די ״לײַקאַ״ איז זײַנע, איז ער געוואָרן פֿאַרעקשנט און געפֿונען עפּעס אַן אויסרייד פֿון אַ געזעץ, אַ תּירוץ פֿאַר די בענטש־לײַכטער, און ער קאָנפֿיסקירט דעם אַפּאַראַט. אין דער גרופּע איז אויך געווען אַ פּולקאָווניק. בין איך צוגעגאַנגען צו אים און זיך פֿאַרקלאָגט אויף דער עוולה, וואָס עס גייט מיר אָפּטאָן דער אַגענט אין מונדיר. גאָרנישט האָט מען בײַ מיר געפֿונען, איך זאָל דאַרפֿן באַשטראָפֿט ווערן מיט אַ שטראָף פֿון צונעמען בײַ מיר דעם לעצטן אָנדענק פֿון מײַנע עלטערן, וואָס זענען אומגעקומען אין דער תּקופֿה פֿון דער נאַצישער אָקופּאַציע. דער פּולקאָווניק האָט זיך פֿאַרטראַכט און געזאָגט צו זײַן אונטערגעאָרדנטן:

״גיב אים שוין צוריק זײַן פֿאָטאָ־אַפּאַראַט!״

די באַן פֿון דעם ״רויטן קרײַץ״ האָט זיך געשלעפּט ווי זי וואָלט געהאַט בדעה קיין מאָל נישט אָנקומען צו איר ציל. די באַן איז מער געגאַנגען אויף די נערוון ווי אויף די שינעס. ענדלעך, ענדלעך האָט זי זיך אָפּגעשטעלט פֿאַרן וואָקזאַל אין קאַטאָוויץ. מיר האָבן געעפֿנט די טירן פֿון די וואַגאָנען, כּדי אַרײַנצולאָזן אַ ביסל פֿרישע לופֿט, און פֿאַר מײַנע אויגן האָט זיך אַנטפּלעקט אַן אויסטערליש בילד: דער גאַנצער פּעראָן פֿון דער סטאַציע איז געווען פֿול מיט פּאָליציי־לײַט און אַנדערע מונדירירטע לײַט. קיין איין ציווילן מענטש איז נישט געווען צו זען. גראָד האָט זיך דער וואַגאָן, אין וועלכן איך מיט מײַן ווײַב זענען געפֿאָרן, אָפּגעשטעלט פּונקט אַנטקעגן דעם טונעל־דורכגאַנג צום וואָקזאַל. ערשט איך זע ווי מיט די טרעפּ פֿון דעם טונעל קומט אַרויף מײַן שוואָגער און מיט אים מײַן שוועגערין, און ער טראָגט אַ קוישל. זיי זענען די איינציקע ציווילע אין דעם גאַנצן

די בשורה האָט מיך פון איין זײַט פריטשמעלעט און פון דער צווייטער זײַט מיך אָפּגעראַטעוועט פון אַן אומגליק. איך האָב געאײַלט אין מײַן וווינונג און אײַליק זיך באַפרײַט פון דעם אַלעם, וואָס איך האָב געהאַט אײַנגעניייט און פאַרשטעקט אין מײַנע קליידער און אין אַנדערע זאַכן. איך האָב אין מײַן טאַש איבערגעלאָזט בלויז די סומע פראַנצייזישע פראַנקן, וואָס איך האָב געקויפט אָפּיציעל. די סומע פראַנקן איז געווען אינעם ווערט פון אַ פינף, צי צען דאָלאַר. דאָס אַלץ.

עס איז געשען ווי מײַן פרײַנד האָט מיך געוואָרנט: אויף דער סטאַציע ווידזעוו, אַ צען מינוט פון לאָדזש האָט זיך די באַן אָפּגעשטעלט. אַגענטן פון דער או. בע. אין דער באַגלייטונג פון זייערע רוסישע אַפּוטרופּסים זענען דורכגעגאַנגען די וואַגאָנען, כמעט נישט געזוכט בײַ קיינעם אָבער ווען דאָס געזעמל אַגענטן איז אַרײַן אין מײַן וואַגאָן, האָבן זיי נישט קיין אַנדערן נאָר מיך "גענומען אין דער אַרבעט אַרײַן". עס איז געווען קלאָר אַז עמעצער פון מײַנע "פרײַנד" האָט זיי געגעבן צו וויסן, אַז איך שמוגל אַרויס אַן אוצר.

די אַגענטן האָבן בײַ מיר און מײַן פרוי געזוכט זייער פּאַכמעניש. נישט דורכגעלאָזט קיין פאָדעם, געזוכט און גענישטערט אין די זוימען פון די קליידער, און נאַטירלעך האָב איך גאָרנישט געהאַט איבערגעלאָזט, זיי זאָלן עפּעס וואָס געפינען...

וואָס איך האָב יאָ מיטגענומען מיט זיך איז געווען אַ פאָטאָ־אַפּאַראַט "לײַקאַ". צווישן די או.בע. און ענ.קאַ.ווע.דע.־אַגענטן האָט זיך געפונען אַ פּוילישער אָפיציר. אים איז זייער שטאַרק געפעלן געוואָרן מײַן "לײַקאַ" און ער האָט אויפן פּלאַץ צוגעטראַכט אַ מעשה אַז אָט דער אַפּאַראַט זעט אים אויס זייער שטאַרק פאַרדעכטיק. מסתמא האָב איך מיט אָט דער פאָטאָ־אַפּאַראַט געמאַכט געהיימע אויפנאַמען און דעריבער קאָנפיסקירט ער די "לײַקאַ".

אַזוי ווי די חברותא האָט בײַ מיר גאָרנישט געפונען, און די לײַט זענען געבליבן ווי מען זאָגט מיט די צינגער אין דרויסן, בין איך

אין אַ תקופה ווען די געשעפטן זענען געגאַנגען זייער גוט. איך האָב פשוט אַלץ איבערגעשניטן, ליקווידירט, עס זאָל נישט זײַן קיין צוריקוועג. איך האָב מײַן רײַזע אָרגאַניזירט אַזוי אַז פון לאָדזש קײַן פאַריז זאָל איך פאָרן אין אַ צוג פון דעם ״רויטן קרײַץ״, וואָס האָט געפירט פּליטים קײַן פראַנקרײַך.

דער צוג איז באַשטאַנען פון לאַסט־וואַגאָנען, אין וועלכע עס זענען געווען אײַנמאָנטירט בעטן. דאָס האָט געמיינט, אַז די רײַזע קײַן פאַריז וועט דויערן לאַנגע טעג און נעכט.

איך האָב זיך צו דער רײַזע ווי געהעריק צוגעגרייט: מײַן הויפּט־פאַרמעג האָב איך פריער איבערגעוויזן קײַן אַמעריקע, פון דעסט וועגן איז מיר נאָך געבליבן אַ היפּשער קאַפּיטאַל. איך האָב נישט געוואָלט אַנקומען קיין אויסלאַנד מיט ליידיקע קעשענעס און זוכן הילף בײַ מענטשן. האָב איך אין די אָבצאַסן פון מײַנע שיך ״אײַנגעמויערט״ גאָלד־שטיקלעך, אין די קליידער פון מיר און פון מײַן פרוי אײַנגענייט דאָלאַרן אויף אַזאַ אופן, אַז איך בין געווען זיכער טאָמער וועט דער טײַוול אַליין מאַכן בײַ מיר אַ רעוויזיע, וועט ער גאָרנישט געפינען.

עס איז געווען באַשטימט, אַז די באַן וועט אָפּגיין פון לאָדזש פיר אַזייגער נאָך מיטאָג. אָבער מיט עטלעכע שעה פריִער, אַרום צוועלף אַזייגער, האָט געקלונגען דער טעלעפאָן אין דער דירה, ווו איך האָב געוווינט מיט מײַן ווײַב צוזאַמען מיט מײַן שוועגערין און איר מאַן. מײַן שוועגערין האָט אין צווישנצײַט חתונה געהאַט. דורכן טעלעפאָן האָט מיך אָנגערופן מײַנער אַ גוטער פרײַנד, וואָס האָט געהערט צו דער או.בע (פּוילישע זיכערהייט־מאַכט, עקוויוואַלענט צו דער סאָוויעטישער ענ.קאַ.ווע.דע.). ער האָט געבעטן איך זאָל גלײַך אַראָפּקומען און זיך זען מיט אים. מיר זענען אַרײַן אין אַ קאַפע און דער מאַן האָט מיר פאָראויסגעזאָגט, אַז די באַן פון דעם ״רויטן־קרײַץ״, וואָס וועט אָפּפאָרן פון לאָדזש פיר אַזייגער נאָך מיטאָג, וועט פאַרהאַלטן ווערן אויף דער סטאַציע ווידזעוו.

״אַגענטן פון דער או.בע. וועלן בײַ דיר זוכן און נישטערן. דו מוזט זײַן גרייט צו אַ שטרענגער קאָנטראָל!״ האָט ער מיר געוואָרנט.

דער גרענעץ? די סומע וואָס איך האָב פאַרמאָגט איז געווען אַ גאַנץ גרויסע. אויף אַ לעגאַלן אופן אַרויספירן דעם קאַפּיטאַל קיין אויסלאַנד איז געווען אוממעגלעך.

מאַכט זיך אַ מעשה און קיין פּוילן קומט צו פאָרן אויף אַ באַזוך דער דעמאָלט באַרימטער געזעלשאַפטלעכער טוער אין אַמעריקע לוי סיגאַל. מײַן ברודער אין אַמעריקע האָט געקענט לוי סיגאַל און אים געבעטן ער זאָל מיר איבערגעבן אַ גרוס מיט אַן "אויפגאַבע". איז סיגאַל געקומען צו מיר קיין לאָדזש, מיר איבערגעגעבן דעם גרוס און געפרעגט, אויב איך דאַרף עפּעס געלט. האָב איך אים געזאָגט, אַז וואָס עס איז נוגע מיר, דאַרף איך נישט קיין געלט. פאַרקערט, איך האָב געלט און איך זוך ווי אַזוי עס איבערצווווײַזן קיין אַמעריקע. פון דעם שמועס איז אַרויסגעקומען, אַז לוי סיגאַל דאַרף יאָ האָבן אַ באַדײַטנדיקע סומע פאַר געזעלשאַפטלעכע צוועקן האָב איך אים איבערגעגעבן אַ גרעסערע סומע דערמיט, אַז ער וועט זי צוריקצאָלן צו מײַן ברודער. שפּעטער האָב איך סיגאַלן באַגעגנט אין ריכבאַך, נידערשלעזיען, וווהין איך בין געקומען מיט אַ מיליטערישן אויטאָמאָביל אײַנקויפן סחורה. האָט מיר סיגאַל געבעטן און איך האָב אים די טובֿה געטאָן אַז אַזוי ווי דעם נאָענטסט זונטאָג האָט ער אַ רעפעראַט אין וורעצלאַוו, זאָל איך אים אַהין ברענגען צו דער צײַט. אויפן וועג האָבן מיר זיך באַפרײַנדעט ווי ברידער.

מיט אַ צײַט שפּעטער איז קיין פּוילן געקומען אויך יעקב פּאַט דער בונדישער מנהיג, וואָס איז געשטאַנען בראָש פון דעם יידיש אַרבעטער־קאָמיטעט אין אַמעריקע. אויך יעקב פּאַט האָט אין פּויל געהאַט פאַרפליכטונגען צוצוטיילן צו יידישע אינסטיטוציע פינאַנסיעלע הילף. ער האָט מיט זיך קיין גרעסערע סומע ניש געפירט. האָב איך אים געגעבן היפּשע טויזנטער דאָלאַרן, דערמי ער זאָל זיי צוריקצאָלן מײַן פעטער אין שיקאַגע.

ביידע, סײַ לוי סיגאַל און סײַ יעקב פּאַט, האָבן צו מײַן ברודע צוריקגעגעבן ביז צו איין סענט דערפון וואָס איך האָב זיי געגעב דערווײַל האָב איך אין לאָדזש ליקווידירט אַלע מײַנע געשעפטן

* * *

עס איז פאַר מיר געווען לײַכטער צו באַשליסן ווי צו דערגרייכן אַן אַרויספאָר קײַן אויסלאַנד.

די קאָנסולאַטן פון די מערב־אייראָפּעישע מדינות האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו געבן אַרײַנפאָר־וויזעס פאַר פוילישע בירגער. פוילן איז דאָך שוין אין יענער תקופה פאַררעכנט געוואָרן ווי אַ קאָמוניסטישע מדינה אונטער דער אַפּוטרופּסות פון סאָוויעט־רוסלאַנד, במילא איז יעדער פוילישער בירגער געזען געוואָרן ווי אַ קאָמוניסט, וואָס אויב ער וויל אַרײַנפאָרן אין אַ מערב־אייראָפּעיש לאַנד איז עס מסתמא, כדי דאָרט צו מאַכן אַ רעוואָלוציע.

בין איך פאַר אַלעם אַרײַנגעפאָרן קײַן וואַרשע, זיך באַקענט מיט דעם דירעקטאָר פון דעם אַמט וואָס האָט אַרויסגעגעבן פּאַספּאָרטן, און מיט פּאַרטיקע פּאַספּאָרטן האָב איך צוריקגעקערט קײַן לאָדזש. דערווײַל איז פאַר מיר אָנגעקומען אַן אַפידייוויט פון מײַנעם אַ ברודער צו עמיגרירן קײַן אַמעריקע.

דעם אמת געזאָגט האָב איך נישט געהאַט קיין גרויס חשק צו עמיגרירן קײַן אַמעריקע. אָבער אַזוי ווי די אויסלענדישע קאָנסולאַטן האָבן געמאַכט גרויסע שוועריקײַטן מיט אַרויסגעבן אַרײַנפאָר־וויזעס אין זייערע מדינות, האָב איך פאַרטראַכט אַ פּלאַן ווי אַזוי פון דעסטוועגן דאָך זיך אַרײַנבאַקומען קײַן מערב־אייראָפּע:

איך בין אַרײַנגעגאַנגען צום אַמעריקאַנער קאָנסול, זיך מיט אים באַפרײַנדעט און אים געבעטן, ער זאָל מיר אַרויסגעבן אַ באַשטעטיקונג, אַז אין דעם אַמעריקאַנער קאָנסולאַט אין בריסעל געפינען זיך מײַנע פּאַפּירן צו עמיגרירן קײַן אַמעריקע. דער קאָנסול האָט מיר געגעבן אַזאַ בריוו און אויף דעם סמך האָט מיר דער בעלגישער קאָנסול געגעבן אַן אַרײַנפאָר־וויזע קײַן בעלגיע. מיט אָט דער וויזע אין מײַן פּאַספּאָרט בין איך אַוועק אין פראַנצייזישן קאָנסולאַט און אָן וועלכע עס איז שוועריקייטן האָב איך באַקומען אַ טראַנזיט־וויזע אַדורכצופאָרן פּאַריז אויפן וועג קײַן בעלגיע...

איצט איז געשטאַנען די פראַגע: ווי אַזוי פיר איך איבער מײַן אָנגעזאַמלטן קאַפּיטאַל, מען זאָל אים מיר נישט קאָנפיסקירן אויף

אין אַ געוויסן זין כאָטש אויסערלעך פאַרווישט די סימנים פון די שווערע ליידן וואָס די צוויי שוועסטער זענען דורכגעגאַנגען.

דאָך נישט אין גאַנצן.

פון די ביטערע באַדינגונגען, פריער אין דעם לאַגער אין פרושקאָוו און באַלד דערנאָך אין דעם שווערן אַרבעט־לאַגער אין שטוטהאָף, איז מיַין פרוי קראַנק געוואָרן אויף דער ביינער־קראַנקייט סקאָליאָזיס. איך האָב זי געפירט צו די גרעסטע מעדיצינישע ספּעציאַליסטן, וואָס זענען דעמאָלט געווען בנמצא אין פוילן. קיינער פון זיי האָט נישט געקענט אויסגעפינען קיין געהעריקע מעדיצינישע היילונג. דאָס איינציקע וואָס זיי האָבן געקענט רעקאָמענדירן איז דאָס אַז מיַין פרוי זאָל סטאַביל טראָגן אַ ספּעציעלן אָרטאָפּעדישן גאָרסעט.

איך האָב מיט דעם מצבֿ נישט געקענט משלים זיַין. איך האָב באַשלאָסן צו טאָן אַלץ, וואָס עס איז אין מיַינע כּוחות אויסצוהיילן זי פון איר קראַנקייט, וואָס האָט באַגרענעצט איר פיזיש האַלטן זיך. איך האָב געפילט, אַז איך בין איר שולדיק די מאַקסימאַלסטע הילף, כּדי זי זאָל צוריק זיַין אַזאַ ווי זי איז געווען. האָב איך געטראַכט, אַז אויב אין פוילן זענען נישטאָ קיין מיטלען צו באַפריַיען מיַין פרוי פון דער קראַנקייט, וויַיל פינף יאָר איז פוילן געווען אונטער דעם נאַצישן מערדערישן קלעם, וועל איך מסתמא געפינען די הילף אין אויסלאַנד, ווו די מעדיצין האָט אין די מלחמה־יאָרן פּראָגרעסירט.

כ׳האָב דעריבער באַשלאָסן מיר זאָלן איַינפּאַקן אונדזערע וואַליזעס און אַוועקפאָרן קיַין אויסלאַנד.

און מיט דריַי שעה שפּעטער בין איך געווען אין פּראַגע. איך בין אַראָפּ אין דעם קעלער־האָטעל, געזעען פרויען, און מיַין פרוי און שוועגערין האָב איך נישט דערקענט. זיי האָבן מיך יאָ דערקענט.

אין די אַכט חדשים ווי זיי זענען געווען אין אַן אַרבעט־לאַגער אין שטוטהאָף ווי קריסטינס, האָבן זיי זיך געענדערט נישט צום דערקענען. מיַין פרוי, וואָס אויך פריער האָט זי נישט געהערט צו די סאַמע געזונטסטע, איז געווען פולשטענדיק פיזיש צעבראָכן און גיַיסטיק דערדריקט. דער מצבֿ אויך פון מיַין שוועגערין, וואָס איז דעמאָלט געווען אַ יונג מיידל, איז געווען אַ קלאָגעדיקער. איך האָב געקוקט אויף ביידע און עס איז מיר געווען שווער צו באַנעמען אַז דאָס זענען די זעלבע צוויי פרויען, מיט וועלכע איך האָב זיך געזעגנט דעמאָלט, אין דער קירך אין וואַרשע...

אין דעם פיזישן צושטאַנד אין וועלכן די צוויי פרויען האָבן זיך געפונען, איז געווען אוממעגלעך זיי צו נעמען קיין לאָדזש אין מיַין שיינער און באַקוועמער וווינונג, וואָס איך האָב פאַר זיי געהאַט צוגעגרייט, נישט וויסנדיק אַז זיי לעבן. זיי האָבן גענדאַרפט האָבן אַ ספּעציעלע און גאַנץ באַזונדערע זאָרג, און איך פאַרזענלעך בין צו דעם נישט געווען פעיק.

צוויי טעג שפּעטער ווי איך האָב זיי אָפּגעפונען אין דעם קעלער־האָטעל, האָב איך זיי אַוועקגעפירט אין אַ פענסיאָנאַט־סאַנאַטאָריע אין אָטוואָצק, אַ וואַלדיקער קור־פּלאַץ אויף דער אַזוי גערופענער וואַרשעווער "ליניע".

אין דעם טאָג ווי איך האָב די פרויען געבראַכט קיין אָטוואָצק האָט מיַין פרוי געוויגן פערציק קילאָגראַם. איך האָב נישט געקאַרגט קיין שום מיטלען צו שאַפן פאַר ביידע אין אָטוואָצק אַזעלכע באַדינגונגען, אַדאַנק וועלכע זיי זאָלן וואָס שנעלער צוריקקומען צו זיך.

דריַי חדשים זענען זיי געווען אין דער פענסיאָן־סאַנאַטאָריע. איך האָב ווידער געהאַט פאַר זיך צוויי יונגע שיינע פרויען, אַזעלכע ווי זיי זענען געווען אין יאַדעווע. די געזונטע לופט אין אָטוואָצק און די געהעריקע באַשפּיַיזונג צוזאַמען מיט מעדיצינישער הילף, האָבן

קיין מעלבורן, כּדי צו זײַן אויף זײַן שמחה, וואָס איז אויך געווען מײַן שמחה, ווי זײַנער אַ פֿרײַנד.

די זאָרג פֿאַר מײַן פֿרוי און שוועגערין האָט מיך נישט אָפּגעלאָזט. איך האָב נישט געוואָלט צולאָזן די מחשבֿה, אַז זיי זענען חלילה אומגעקומען. נאָך דעם ווי איך האָב פֿאַרלוירן מײַן פֿאַרצווײַגטע משפּחה פֿון הונדערטער קרובֿים — וואָס וועט מיך האַלטן בײַם לעבן, אויב אויך מײַן פֿרוי איז מער נישטאָ און מיט איר נאָך אַ נאָענטער מענטש, מײַן שוועגערין?

האָב איך אין די דרײַ חדשים פֿון זײַן אין לאָדזש אין די טעקסטיל־געשעפֿטן צוגעגרייט אַ גרויסע, שיינע וווינונג און זי אײַנגעאָרדנט אַזוי אַז ווי נאָר די צוויי פֿרויען וועלן זיך באַווײַזן, וועלן זיי האָבן אַ גרייטע היים. די שיינע דירה, די באַקוועמלעכקייטן און די עקאָנאָמישע זאָרגלאָזיקייט וועט זײַן כּאָטשבי אַ קליינע רעקאָמפּענסאַציע פֿאַר זייערע שווערע לײַדן, אויב עס קען בכלל זײַן וועלכע עס איז רעקאָמפּענסאַציע נאָך אַזעלכע גיהנום־איבערלעבונגען.

איין מאָל, גייענדיק מיט דער פּיאָטרקאָווסקע גאַס אין לאָדזש, איז מיר אַנטקעגנגעקומען אַ מאַן און מיר געזאָגט:

״שטעל אַ שנאַפּס און איך וועל דיר אָנזאָגן אַ גוטע בשורה״.

איך האָב דעם מאַן גענומען אונטערן אָרעם, אים אַרײַנגעפֿירט אין דעם ערשטן רעסטאָראַן און נאָך איידער מיר האָבן אויפֿגעהויבן די גלעזלעך צו אַ ״לחיים״ האָט ער זיך מער נישט געקענט באַהערשן און געזאָגט:

״פּיעקאַרסקי, דײַן פֿרוי לעבט און דײַן שוועגערין לעבט. זיי געפֿינען זיך אין פּראַגע. דאָרט ווו דו האָסט געהאַט דעם רעסטאָראַן, אויף זאָמבקאָווסקי גאַס. אין דעם זעלבן הויז איז אַ קעלער איז פֿאַראַן אַ האָטעל. אין אָט דעם האָטעל געפֿינען זיי זיך. נעם אַ באַן און איַל קיין פּראַגע״.

איך האָב נישט געוואַרט אויף קיין באַן. גלײַך ווי מיר האָבן אויסגעליידיקט די גלעזלעך, האָב איך געדונגען אַן אויטאָ, מיטגענומען מענטשן, וואָס קענען דעם וועג פֿון לאָדזש קיין וואַרשע

נעמענדיק אין באַטראַכט די באַזונדערע באַדינגונגען, אַז זיי האָבן געהאַט פאַלשע דאָקומענטן אַלס פוילישע פרויען.

איך בין אַרומגעגאַנגען אַ שטאַרק פאַרזאָרגטער וועגן זייער גורל. כדי זיך צו פאַרטומלען האָב איך זיך פולשטענדיק אָפּגעגעבן אונדזערע טעקסטיל־געשעפטן, הגם איך האָב נישט געמוזט, וואָרום מײַנע שותּפים זענען אין דעם געשעפט געווען אַקטיוו. איינער פון די שותּפים איז געווען זייער אַקטיוו. זײַן נאָמען איז סטעפאַן סאָקאָלסקי. אויך ער לעבט הײַנט אין אויסטראַליע.

אין די ערשטע צײַטן פלעגט סאָקאָלסקי אַרויפקומען אין אונדזער רעסטאָראַן אין פּראַגע. שפּעטער האָב איך אים באַגעגנט אין לאָדזש און ער האָט מיר דערציילט, אַז זײַנער אַ נאָענטער פרײַנד איז דער גענעראַל־דירעקטאָר פון דער מלובישער טעקסטיל־צענטראַלע, דער דערמאָנטער מאַרק הירשהאָרן. אויב אַזוי — אין ער געוואָרן אַ שותּף אין אונדזער געשעפט, און אַזוי ווי ער האָט געהאַט דעם גענעראַל־דירעקטאָר "אין דער קעשענע", איז אונדזער געשעפט געוואַקסן פון טאָג צו טאָג. צוזאַמען זענען מיר שוין געווען זעקס שותּפים און איך בין געווען דער הויפּט פון דער גרופּע, כאָטש דער אָפיציעלער דירעקטאָר איז געוואָרן ער, סאָקאָלסקי.

מיט יאָרן שפּעטער האָב איך סאָקאָלסקין באַגעגנט אין ישראל און מיר האָבן זיך דערפרייט איינער מיטן אַנדערן, ווי מיר וואָלטן זיך געהאַט פאַרלוירן. ער האָט מיר דערציילט, אַז ער קלייבט זיך חתונה מאַכן זײַנע אַ טאָכטער, און אויפן פלאַץ האָט ער מיר פאַרבעטן, און גענומען מײַן האַנט איך זאָל קומען קיין מעלבורן צו דער חתונה. איך האָב אָנגענומען זײַן האַנט און פײַערלעך אים צוגעזאָגט צו זײַן זײַן גאַסט אויף דער חתונה פון זײַן טאָכטער.

וואָס פאַר אַ גליק קען זײַן גרעסער פון דעם, נאָך אַזוי פיל סכּנות פאַרן לעבן אין דער היטלער־אָקופּאַציע זוכה צו זײַן חתונה צו מאַכן אַ קינד און ממשיך זײַן אַ נײַעם יידישן דור.

איך האָב מקיים געווען מײַן צוזאָג. ווי נאָר איך האָב פון סאָקאָלסקין דערהאַלטן אַ ידיעה וועגן דעם טערמין פון דער חתונה, האָב איך גענומען אַן עראָפּלאַן און צוזאַמען מיט מײַן פרוי געפלויגן

טאָמער וועל איך דאַרפֿן זײַן הילף, וועט ער אַלע מאָל זײַן גרייט מיר צו העלפֿן.

ווי איך האָב שוין דערמאָנט בין איך פֿאַר דער מלחמה געווען אין דער טעקסטיל־בראַנזשע און געווען אַ גוטער סוחר. אין לאָדזש האָב איך געפֿונען חבֿרים וואָס האָבן מיר פֿאָרגעלייגט אַרײַנצוגיין מיט זיי אין אַ שותּפֿות אין גרויסן פֿאַרנעם. גראָד דער נײַער רעזשים, וואָס איז געווען קעגן קאַפּיטאַליזם און קעגן פּריוואַטע געשעפֿטן, האָט אונדזער שותּפֿות צוגעשפּילט:

דער גענעראַל־דירעקטאָר פֿון דער מלוכישער טעקסטיל־צענטראַלע אין לאָדזש איז געווען אַ ביאַליסטאָקער ייִד, מאַרק הירשהאָרן האָט ער געהייסן. הײַנט געפֿינט ער זיך אין אויסטראַליע. מיר האָבן זיך מיט אים פֿאַרבונדן און ער איז געוואָרן אַ שטילער שותּף צו אונדזערע פּלאַנירטע געשעפֿטן. צוזאַמען זענען מיר אַלזאָ געווען פֿינף שותּפֿים און האָבנדיק אויף אונדזער זײַט די קאָאָפּעראַציע פֿון דעם גענעראַל־דירעקטאָר פֿון דער מלוכישער טעקסטיל־צענטראַלע, האָבן מיר געשאַפֿן דאָס גרעסטע געשעפֿט אין נאָך־מלחמהדיקן לאָדזש. אָנגעפֿירט מיט די ביזנעס האָב איך, ווײַל איך בין פּאַקטיש געווען דער פֿאַכמאַן אין דער בראַנזשע, בעת די אַנדערע דרײַ שותּפֿים האָבן ווייניק וואָס זיך אויסגעקענט אין דעם טעקסטיל־געביט. מיר האָבן אין דער טעקסטיל־צענטראַלע געמאַכט גרויסע באַשטעלונגען, וואָס זענען געליפֿערט געוואָרן אַזוי שנעל ווי מעגלעך, נישט לויט דעם טעמפּאָ פֿון דעם סאָציאַליסטישן סיסטעם, נאָר לויט דעם טעמפּאָ ווי מיר האָבן געדאַרפֿט...

סײַ פֿריִער אין פּראַגע און סײַ שפּעטער אין לאָדזש האָב איך נישט געהאַט די מינדסטע ידיעה וועגן מײַן פֿרוי און שוועגערין, וואָס זענען אָפּגעשיידט געוואָרן פֿון מיר בײַם עוואַקוירן פּאָליאַקן אין אָנהייב פֿון דעם פּוילישן אויפֿשטאַנד אין וואַרשע. דאָס אייניציקע וואָס איך האָב געוווּסט איז דאָס, אַז זיי זענען געשיקט געוואָרן אין אַ לאַגער אין פּרושקאָוו, אָבער צי זיי זענען דאָרט געבליבן, אָדער צי זיי זענען חלילה אומגעקומען, וועגן דעם האָב איך נישט געהאַט די מינדסטע ידיעה און אויך נישט געקענט האָבן,

מיין שוואָגער, נחום לעווין, דער פּרעזעס פונעם "יודענראַט", וואָס דער מאַסן־מערדער פון טרעבלינקע האָט אים דערשאָסן נאָך דעם ווי ער האָט אים געהאַט צוגעזאָגט, אַז ער וועט אָפּגעראַטעוועט ווערן, האָט געהאַט אַ טאָכטער אַ זעלטענע שיינקייט. זי איז געווען ביי אירע עלטערן די עלטסטע טאָכטער. ליבעלע האָט זי געהייסן.

האָט זיך אין ליבעלען פאַרליבט דער פּאָליאַק פּאָפּעק, אַן אינטעליגענטער יונגערמאַן. אָבער ליבעלע האָט אים נישט געענטפערט מיט ליבע. עס איז נישט געווען אין שטייגער פון סאָקאָלאָווער יידישע טעכטער צו ליבן זיך מיט שקאָצים, הגם אַזאַ פאַל, אַן איינצלנער, האָט שוין אַ מאָל געהאַט פּאַסירט...
פּאָפּעק איז אויסגעגאַנגען פון ליבע צו ליבעלע אַפילו ווען זי איז שוין צוזאַמען מיט אַלע יידן געווען איינגעשלאָסן אין געטאָ, בעת דער ענדגילטיקער ליקווידאַציע פון די יידן אין גראָדזשיסק, ווען מיין שוואָגער נחום לעווין איז שוין געווען דערשאָסן, האָט פּאָפּעק געוואָלט ראַטעווען ליבעלע און ער איז גרייט געווען אַלץ צו טאָן, כדי זי אַרויסצונעמען פונעם געטאָ. זי האָט זיך דעמאָלט געפונען אין דעם גראָדזשיסקער געטאָ צוזאַמען מיט איר מוטער, אירע שוועסטער און אַ ברודער. איך האָב איר צוגערעדט זי זאָל זיך ראַטעווען, זי זאָל מסכים זיין צו פּאָפּעקס פּלאַן, זי אַרויסצופירן אויף דער פּוילישער זייט. אָבער ליבעלע האָט אָפּגעזאָגט. איר אַרגומענט איז געווען, אַז זי איז די עלסטע טאָכטער, דער פּאָטער לעבט שוין נישט, קען זי נישט איבערלאָזן איר מוטער איינע אַליין מיט די יינגערע קינדער. זי האָט געטיילט דעם גורל פון איר מוטער און אירע יינגערע פיר שוועסטער און אַ ברודער.

זייענדיק אין לאָדזש האָב איך איין מאָל באַגעגנט דעם זעלבן פּאָפּעק. ער האָט באַדויערט פאַרוואָס ליבעלע האָט נישט געהאַנדלט ווי ער האָט פּלאַנירט, זי וואָלט געבליבן לעבן. ביי דער געלעגנהייט האָט ער מיר געזאָגט, אַז ער איז דער גענעראַל־פּראָקוראָר פון לאָדזש. ער האָט מיר געגעבן זיין וויזיט־קאַרטע און מיר געזאָגט, אַז

האָטעל אָן צו זײַן באַרעכטיקט דערויף, און דעריבער זאָל איך זײַן אַזוי גוט און גיין מיט זיי. גיין מיט זיי האָט געהייסן נישט בלויז ליגן אין אַרעסט, נאָר אויך דערפילן זייערע מעטאָדן פון פאָרשן...

ווי אין אַלע פאַלן פון טויט־סכנה בעת דער מלחמה, האָב איך אויך אין דעם פאַל זיך אָריענטירט בליץ־שנעל און געבעטן בײַ די לײַט רשות צו טעלעפאָנירן צו דעם גענעראַל־פּראָקוראָר פון לאָדזש, וואָס זיין נאָמען איז פּאָפּעק. דערהערט דעם טיטל גענעראַל־פּראָקוראָר פּאָפּעק, זענען די לײַט צעטומלט געוואָרן און מיר דערלויבט אַרײַנגיין אין דער טעלעפאָן־קאַבינע פונעם האָטעל צו טעלעפאָנירן. איך האָב געהאַט בײַ זיך דעם טעלעפאָן־נומער פון דעם גענעראַל־פּראָקוראָר, האָב איך זיך דערשלאָגן צו אים און אים דערציילט די מעשה, אַז צוויי מיליטעריש־געקליידטע מענער קלייבן זיך מיך צו אַרעסטירן. פּאָפּעק האָט מיר געהייסן איבערגעבן דאָס טעלעפאָן־טרײַבל צו מײַנע צוויי געסט און בעת דעם געשפּרעך זענען די צוויי לײַט געוואָרן בלייך ווי מען וואָלט זייערע פּרצופים אָפּגעקאַלכט מיט קרײַד. פּאָפּעק האָט זיי אָנגעזאָגט, אַז ער קומט גלײַך אין האָטעל און זיי זאָלן דאָרט וואַרטן אויף אים. זיי האָבן נישט געוואַרט. ווי זיי זענען געקומען האָפערדיקע און גרייטע צו פאַנגען אַ קרבן, אַזוי זענען זיי אַוועק מיט אַראָפּגעלאָזטע נעז. דער גענעראַל־פּראָקוראָר איז צוגעפאָרן צום "גראַנד־האָטעל" מיט זײַן מאַשין און איך האָב אים באַגעגנט אַ פרײַער, אַן אָפּגעראַטעוועטער פון די הענט פון או.בע. און אַ לעגאַליזירטער אין דעם "גראַנד־האָטעל"...

ווי אַזוי בין איך געקומען צום גענעראַל־פּראָקוראָר פּאָפּעק, ער זאָל זיך אײַנשטעלן פאַר מיר?

איז די מעשה אַזוי: פּאָפּעק איז אַ סאָקאָלאָווער און איך בין אַ סאָקאָלאָווער. מיר האָבן זיך באַפרײַנדעט נאָך פאַר דער מלחמה ווען אים האָט זיך נישט געחלומט צו זײַן אַ מאָל דער גענעראַל־פּראָקוראָר פון לאָדזש און מיר האָט זיך נישט געחלומט פאַרוואַנדלט צו ווערן אין אַ דאָקטער עוגעניוש לעוואַנדאָווסקי.

* * *

איידער איך האָב זיך אויסגעפונען אין די נײַע באַדינגונגען אין לאָדזש, בין איך אַרײַן וווינען אין דעם דאָרטיקן ״גראַנד האָטעל״. פּשוטע ברויט־עסער האָבן אין דעם האָטעל נישט געטאָרט וווינען. ער איז געווען באַשטימט פֿאַר רעזשים־פּראָטעזשירטע, פֿאַר זשורנאַליסטן. האָב איך זיך באַקענט מיט איינעם אַ יידישן זשורנאַליסט, וואָס האָט געאַרבעט אין אַ פּוילישער צײַטונג. זײַן נאָמען איז געווען שלײַען. ער האָט געשטאַמט פֿון לעמבערג. די מלחמה האָט ער איבערגעלעבט שפּילנדיק די ראָל פֿון אַ קאַטוילישן גלח. האָט מיר שלײַען באַזאָרגט מיט אַ לעגיטימאַציע פֿון דער צײַטונג, אין וועלכער ער האָט געאַרבעט, און ווערדליק דער לעגיטימאַציע בין איך געווען אַ זשורנאַליסט, ״געאַרבעט״ אין דער צײַטונג. מורא האָבנדיק פֿאַר די אַ.קאַ.־מערדער, וואָס האָבן דעמאָלט געצילט צו פֿאַרענדיקן, וואָס די נאַציס האָבן נישט פֿאַרענדיקט, און אומברענגען די יידן וואָס זענען געבליבן לעבן, האָב איך זיך נאָך דעמאָלט אַרומגעטראָגן מיט מײַן פּויליש־קאַטוילישקייט מיט דעם נאָמען ד״ר עוגעניוש לעוואַנדאָווסקי. לעוואַנדאָווסקי און דערצו אַ זשורנאַליסט, וווינט אין דעם פּראָטעזשירטן האָטעל — וואָס קען זײַן בעסער און זיכערער?

זעט אויס, אַז עמעצן האָט שטאַרק געשטאָכן אין די אויגן וואָס איך געהער צו דעם פּראָטעזשירטן קלאַס אין דעם ״קלאַסנלאָזן״ פּוילן און וווין אין ״גראַנד־האָטעל״ צוזאַמען מיט דער עליטע, און דער עמעצער האָט די מעשה צוגעטראָגן דאָרט ווו מען דאַרף. דער ״דאָרט ווו מען דאַרף״ איז געווען אַ פּלאַץ וואָס אַהין איז מען אַרײַן דורך אַ ברייטער טיר, אָבער בנוגע אַרויסגיין פֿון דאָרט האָט מען געדאַרפֿט האָבן נסים. דאָס איז געווען די או.בע. (אוזשאָנד בעזפּיעטשענסטוואַ — זיכערהייט־אַמט).

אין איינעם אַ טאָג האָבן זיך צו מיר אין האָטעל אַרײַנגעשטעלט צוויי לײַט אין מיליטערישע מונדירן, אַ לײַטנאַנט אין דער באַגלייטונג פֿון אַן אונטעראָפֿיציר, און מיר געלאָזט וויסן, אַז זיי ווייסן ווער איך בין. איך בין נישט קיין לעוואַנדאָווסקי און אַז איך וווין אין דעם

דער באַוואָפנטער איבערפֿאַל אויף אונדזער רעסטאָראַן איז פֿאָרגעקומען אין דעם טאָג ווען עס איז געשטאָרבן דער אַמעריקאַנער פּרעזידענט רוזוועלט.

אויף צו מאָרגנס האָט מען מיך גערופן אין אַמט פון די סאָוויעטישע זיכערהייט־כוחות, איך זאָל זײַן אַן עדות פון דעם וואָס איך האָב בײַגעוווינט אינעם רעסטאָראַן בעת דעם באַנדיטישן איבערפֿאַל. איידער מען האָט ביי מיר אָפּגענומען מײַן עדות־דערקלערונג, האָט אַ יידישער ענ.קאַ.וועדיסט, וואָס פלעגט אַרויפקומען אין אונדזער רעסטאָראַן צו עסן יידישע מאכלים, מיך אַראָפּגעפירט אין אַ קעלער איך זאָל זעען וואָס עס איז געוואָרן פון די געפאַנגענע אַ.קאַ.־מערדער. זייערע פּרצופים זענען מער נישט געווען פון קיין מענטשן, נאָר ווי פון צעשונדענע חיות, וואָס האָבן זיך מער נישט געקענט באַוועגן.

דער באַנדיטישער איבערפֿאַל אויף אונדזער רעסטאָראַן האָט מיך דערשיטערט ביז די טיפענישן פון מײַן נשמה. איך האָב זיך נישט געקענט באַרויקן. עס האָט דאָך געפּעלט נישט קיין סך, אַז נאָך דעם ווי איך האָב יאָרן לאַנג געפירט אַ וועטלויף צום לעבן אויף צו להכעיס די נאַציס, זאָלן פּוילישע מערדער מיך אומברענגען.

דער רעסטאָראַן האָט מיך אָפּגעשטויסן, ווי ער וואָלט געוואָרן אַ קאָשמאַר, און איך האָב געזאָגט צו מײַנע שותפים:

״איך קען דאָ מער נישט זײַן. איך קען נישט זײַן קיין שותף צו אַ רעסטאָראַן, וווּ פּאָליאַקן האָבן געהרגעט אַ ייד נאָך דעם ווי ער האָט איבערגעלעבט דעם נאַצישן גיהנום. איך וויל פון אײַך גאָרנישט פאַר איבערלאָזן מײַן טייל. איך גיי אַוועק, און דאָס איז אַלץ״.

אַז מיינע שותפים האָבן אויסגעהערט מײַנע טענות, האָבן אויך זיי רעזיגנירט פון צו פירן ווײַטער דעם רעסטאָראַן. זיי האָבן אים אַוועקגעגעבן צו איינעם פּולשטענדיק בחינם.

איך בין אַוועק קיין לאָדזש.

צעהאַקט דעם קאָפּ, אים רעווידירט און אים באַרויבט ביז דער לעצטער פּרוטה. צוויי באַנדיטן מיט אויסגעשטרעקטע רעוואָלווערן זענען געבליבן שטיין בײַ דער טיר אויף צו היטן דעם אַרײַן־ און אַרויסגאַנג, בעת די אַנדערע פיר, אין דעם רעסטאָראַן, האָבן געווילדעוועט צווישן די טעראָריזירטע יידן. איינעם פון מײַנע שותּפים האָט אַ באַנדיט אַרײַנגעהאַקט אַ קויל און די קויל האָט על־פּי־נס אויסגעמיטן זײַנע לונגען, אָבער אַ צווייטער שותּף האָט געכאַפּט אַ קויל אין דער ברוסט און זײַנע לונגען זענען דורכגעהאַקט געוואָרן.

ווי דערמאָנט האָב איך דערוואַרט צו דער אויפנאַמע זאָל אַרויפקומען דער געוועזענער פּאָרזיצער פון דעם יאַדעוועער "יודענראַט". מיט אים האָט אויך געדאַרפט מיטקומען זײַן באַגלייטער — אַ מאַן מיטן נאָמען סעמיאַטיצקי. די צוויי באַנדיטן, וואָס האָבן באַוואַכט דעם אַרײַנגאַנג האָבן באַמערקט דאָס אַנקומען פון די צוויי וואָס איך האָב דערוואַרט — זדאַנאָוויטשן און סעמיאַטיצקין. זיי האָבן די צוויי אָנקומענדיקע "מקבל פּנים" געווען מיט קוילן. סעמיאַטיצקי איז געפאַלן אַ טויטער אויפן פּלאַץ. די פיר באַנדיטן אין דעם רעסטאָראַן האָבן דערהערט דאָס שיסן בײַ דער טיר און זיי האָבן פאַרשטאַנען, אַז עס איז אָנגעקומען אַלאַרמירטע פּאָליציי. האָבן זיי אָנגעהויבן אַנטלויפן דורך דעם קאָרידאָר און אַראָפּ פון די טרעפּ. אין אָט דער צײַט ווען די באַנדיטן זענען אַראָפּגעלאָפן פון די טרעפּ האָב איך באַוויזן צו כאַפּן אַ טיש און אָפּגעוואַרט ביז די באַנדיטן וועלן אָנהייבן אַרויסלויפן פון דעם טרעפּן־הויז. דעמאָלט האָב איך אַראָפּגעוואָרפן דעם טיש און מיט אים "צוגעדעקט" דעם לעצטן וואָס איז אַרויסגעלאָפן. די אַנדערע פינף וואָס האָבן זיך אַרויסבאַקומען אויף דער גאַס, האָבן זיך אָנגעשלאָגן אָן אַ סאָוויעטישן אָפיציר. ער האָט געפּרוווט זיי פאַרהאַלטן, האָבן אים די באַנדיטן דערשאָסן. עס איז אַנטשטאַנען אַ צוזאַמענלויף, אַ טומל פון מענטשן, פון ערגעץ איז אָנגעלאָפן פּאָליציי וואָס צוזאַמען מיט סאָוויעטישע אָפיצירן האָבן זיי זיך געלאָזט אין געיעג נאָך די באַנדיטן און לסוף זיי אַלע געפאַנגען.

פֿולקאָווניק אין דער אַרמיי האָט ער מיר געגעבן זײַן שאַפּער און אַ טענדער, כּדי מעגלעך מאַכן צו פּראַווען דעם סדר כּדין וכּדת.

אונדזער רעסטאָראַן איז, זעט אויס, נישט געווען באַשערט קיין אריכת ימים.

אין איינעם אַ טאָג זענען קיין פּראַגע אָנגעקומען מײַנע באַקאַנטע פֿון סאָקאָלאָווע. לכּבוד זייער איבערלעבן אַלע צרות און סכּנות, האָב איך זיך מיט זיי באַשטעלט זיי זאָלן אַרויפֿקומען אין דעם רעסטאָראַן אַכט אַזייגער אין דער פֿרי און מיר וועלן אויסטרינקען ״לחיים״. בײַ דער געלעגנהייט וועלן זיי צום ערשטן מאָל זײַט יאָרן עסן יידישע מאכלים, וואָס וועלן שטאַרקן זייערע כּוחות פֿאַר ווײַטערדיקע ראַנגלענישן.

צו אָט דעם קבלת־פּנים האָט אויך געדאַרפֿט אַרויפֿקומען דער לעבנגעבליבענער פֿאָרזיצער פֿון דעם יאַדעווער ״יודענראַט״, מאיר זדאַנאָוויטש. איך האָב מיט זדאַנאָוויטשן געהאַט פֿריער גערעדט ווי אַזוי צו ברענגען אין אָרדענונג דעם בית־עלמין אין יאַדעווע, וואָס איז דורך די יאָרן געוואָרן צעהפֿקרט און די מצבֿות צעהאַקט, אָדער אַרויסגעריסן פֿון די קבֿרים.

בעת מיר זענען געזעסן בײַם טיש און נהנה געווען פֿון די מאכלים, און געטרינקען נאָך אַ מאָל און אָבער אַ מאָל ״לחיים״, האָבן זיך פּלוצים אַרײַנגעשטעלט זעקס ציווילע לײַט מיט אויסגעשטרעקטע רעוואָלווערן. לכתחילה זענען מיר אַלע געווען זיכער, אַז דאָס זענען אַגענטן פֿון דער ענ.קאַ.ווע.דע. אָדער פֿון דער פּוילישער או.בע., וואָס לויערן ״אויף שונאים פֿון דעם סאָציאַליזם״, אָדער אויף די וואָס זיי רופֿן אָן ״ספּעקולאַנטן״. באַלד האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס זענען כוליגאַנעס פֿון דער אַ.קאַ. (אַרמיאַ קראַיאָוואַ) וואָס האָבן געמאַכט דעם אויפֿשטאַנד אין דעם פּוילישן טייל פֿון וואַרשע און שפּעטער איבערגענומען די ראָל פֿון די נאַציס צו מאָרדן די לעבנגעבליבענע יידן. די אַ.קאַ.־באַנדיטן האָב באַפֿוילן די אָנוועזנדיקע יידן — אַ צוואַנציק אין צאָל — זיך אויסצושטעלן בײַ דער וואַנט. דער ערשטער קרבן איז געווען מרדכי זאָנשיין. איינער פֿון די באַנדיטן האָט אים מיט דער רעוואָלווער־קאָלבע

ווען מען זאָל מיר דעמאָלט האָבן אָנגעזאָגט, אַז איך האָב געוווּנען אויף אַ לאָטעריע דאָס גרויסע געווינס, וואָלט איך זיך אַזוי נישט געפרייט ווי מיר דער ידיעה, אַז אין ביאַלע פּאָדליאַסקי באַקן יידן מצות אויף פּסח.

אין אונדזער רעסטאָראַן פּלעגט אַרויפקומען הרבֿ כּהנא, ער איז געווען אַ פּאָלקאָווניק אין דער פּוילישער אַרמיי ווי אַ מיליטערישער רבֿ. אַז איך האָב אים דערציילט די מעשׂה מיט מצות, האָט ער מיר געגעבן זײַן שאָפער מיט אַ טענדער צו פאָרן קיין ביאַלע פּאָדליאַסקי זען וואָס עס איז מיט די מצות. האָב איך איבערגעלאָזט דעם רעסטאָראַן און אַלע געשעפטן און אַוועק קיין ביאַלע. דאָרט האָב איך אויסגעפונען, אַז די מעשׂה איז אַ ריכטיקע: יידן באַקן מצות אויף פּסח!

אַזוי ווי געלט האָט מיר נישט געפעלט, האָב איך גלײַך אָפּגעמאַכט מיט די מצות־בעקערס, אַז צוויי פּעליקע טעג זאָלן זיי באַקן בלויז פאַר מײַנעטוועגן. די מצות־בעקערס זענען געווען יונגע מענטשן, פול מיט ענערגיע און פלײַס, האָבן זיי זיך אונטערגעגאַרטלט, אָדער ווי מען זאָגט אין יידיש: זיי האָבן זיך אַ שאָקל געטאָן און צוויי לאַנגע טעג געקנאָטן, געוועלגערט, געשטופּלט און געבאַקן מצות בלויז פאַר מיר, צו באַפרידיקן מײַנע בענקשאַפטן.

אין די צוויי טעג האָט דער ריח פון פרישע מצות מיך געמאַכט שיכּור, מער ווי די מענגעס בראָנפן, וואָס איך האָב אויסגעטרונקען, כּדי צו דערטרינקען די אויסטערלישע זאָרג, פון וועלכער איך האָב זיך נישט געקענט באַפרײַען. בײַ דער געלעגנהייט האָב איך אין ביאַלע געשאָכטן כּשרע קעלבער כּדי צו האָבן פלייש אויף פּסח.

דעם טראַנספּאָרט מצות מיט די געשאָכטענע קעלבער האָב איך געבראַכט קיין פּראַגע, אין אונדזער רעסטאָראַן אויף זאָמבקאָווסקע גאַס, און אײַנגעאָרדנט אַ סדר פאַר דרײַ הונדערט יידן. אין דעם סדר האָט זיך באַטייליקט אויך דער אַקטיאָר יאָנאַס טורקאָוו, וואָס האָט איבערגעלעבט דעם נאַצישן גיהנום. דעם סדר מיט ארבע כּוסות, מיט חרוסת און מרור האָט געפירט דער רבֿ כּהנא, וואָס ווי אַ



דערוויַיל האָט זיך אונטערגערוקט ערב פּסח. עס האָט זיך דערנעענטערט דער ערשטער יום־טוב פּסח נאָך דער באַפרײַונג פון דעם נאַצישן קאָשמאַר. אויסגעהאָדעוועט אין הויז פון שטאַרק פרומע עלטערן בין איך געווען צוגעבונדן צו די יידישע יום־טובֿים און צו אַלץ וואָס איז געווען פאַרבונדן מיט די יום־טובֿים. בפרט דער יום־טוב פּסח, וואָס פאַלט אויס אין פרילינג, ווען די צוגרייטונגען צו די סדרים ווערן געמאַכט וואָכן פריער. און ערשט דאָס באַקן מצות! די ריחות פון די מצות־בעקערײַען האָבן אײַנגעהילט די גאַנצע שטאָט אין אַ זעלטענער אַטמאָספער וואָס איז גאָר אוממעגלעך צו באַשרײַבן.

דאָס מאָל, אין פּראַגע, האָב איך טראַכטנדיק וועגן פּסח דערפילט אַן אויסטערלישע בענקשאַפט וואָס איך האָב נישט געהאַט מיט וואָס זי צו שטילן. עס איז מיר אײַנגעפאַלן צו באַקן מצות. אָבער ווי באַקט מען מצות אין אַ קריסטלעכער סבֿיבֿה? וועלכע פּוילישע בעקערײַ — און אַלע בעקערײַען זענען שוין געשטאַנען אונטער דער קאָנטראָל פון דעם רעזשים — וועט מיר דערלויבן זי מכשיר זײַן צו באַקן מצות? פון וואַנען וועל איך נעמען מעל און ווער וועט די מיירעס קנעטן, די מצות וואַלגערן און זיי שטופּלען? האָט זיך מיר געדאַכט, אַז איך וועל דאָס מאָל בלײַבן מיט מײַנע בענקשאַפטן.

די מעשה האָט מיך נישט געלאָזט רוען, איך האָב געפרעגט דעם און יענעם: וואָס איז מכוח צוגרייטן זיך צו אַ סדר? צי וועלן מיר פּראַווען דעם סדר מיט ברויט? זעט אויס, אַז נישט בלויז איך בין פאַרכאַפּט געוואָרן פון דער בענקשאַפט צו פּסח און מצות. אויך אַנדערע האָבן געטראַכט, און נישט בלויז געטראַכט, נאָר אויך "עפּעס" געטאָן אין דעם.

האָב איך זיך דערוווסט, אַז אין ביאַלע פּאָדליאַסקי, אַ קאַצנשפּרונג פון שעדלעץ, האָבן אייניקע אָפּגעראַטעוועטע ייִדן מכשיר געווען אַ בעקערײַ, אײַנגעשאַפט מעל און די נויטיקע מכשירים צו וואַלגערן און שטופּלען מצות און זיי רוקן אין אַ פלאַמיקן אויוון אַרײַן. זיי באַקן מצות!

אָנגערייצט זייערע יידישע אַפּעטיטן בין איך צוזאַמען מיט דער ערשטער פּאַרטיע געסט אַוועק אין אונדזער רעסטאָראַן. שוין אויף די טרעפּ זענען אַנטקעגנגעקומען די נאָגנדיקע ריחות פון געפילטע פיש און ראָסל־פלייש, פון געהאַקטע לעבערלעך און געבראָטענע קאַטשקע. האָבן זיך די יידן געוואָרפן אויף די מאכלים, ווי זיי וואָלטן געווען פּאַרציעס פון דעם לויתן און פון דעם שור הבר.

אַזוי בין איך יעדן טאָג געגאַנגען אין דעם יידישן קאָמיטעט רעקלאַמירן אונדזער רעסטאָראַן. מיַין רעקלאַמע איז אויך פאַרשטאַרקט געוואָרן פון די שבחים פון די געסט, וואָס האָבן נעכטן געגעסן די מאכלים און געלעקט די פינגער. דער רעסטאָראַן איז געוואָרן אַ שם דבר.

נאָך צען טעג אינטענסיווער רעקלאַמע האָט מען אין רעסטאָראַן מער נישט געקענט באַקומען קיין פריַיען טיש. בעלנים אויף גוט און פריש יידיש עסן האָבן געמוזט וואַרטן איין פּאַרטיע זאָל ענדיקן די סעודה און מאַכן פריַיע פּלעצער. דער רעסטאָראַן איז אַוועק ווי אַ מזמור. מיר האָבן פאַר׳גרעסערט דעם פּערסאָנאַל, אָנגעשטעלט קעלנערס, וואָס האָבן באַדינט די געסט מיט העפלעכקייט, וואָס האָט די עסער געשמעקט נישט וויי‌ניקער ווי די מאכלים.

מייַנע שותפים האָבן זיך שנעל אַנטוישט אין אונדזער "אונטערנעמונג". דאָס געשעפט, האָבן זיי געטענהט, טויג אויף כפרות. ס'איז אַ רעסטאָראַן אויפן צווייטן שטאָק, פאַרשטופט אויף טרעפ, וואָס קיין שום ייד ווייסט נישט וועגן זיי... איך האָב זיי געטרייסט, אַז מייאש זיין זיך פון אַ יידישן רעסטאָראַן איז נישט מעשה סוחר. אַ סוחר דאַרף האָבן געדולד. דער רעסטאָראַן וועט זיך אַנטוויקלען, דער עולם וועט אָנהייבן קומען און עסן און מיר וועלן נישט דאַרפן אַרייַנשטאָפן אין זיך דאָס אַלץ וואָס די קעכין גרייט צו. דער עיקר מען דאַרף צוטראַכטן ווי אַזוי צו מאַכן רעקלאַמע פאַר דעם רעסטאָראַן.

האָב איך צוגעטראַכט אַ פלאַן פאַר רעקלאַמע.

דער אָנפירער פון אונדזער קיך איז געווען גדליה בראַמקאַזש, אַ זייער ענערגישער מענטשן. ער לעבט אין ישראל. האָב איך באַשטעלט ביי אים ער זאָל צוגרייטן שפייַז נישט לויט דעם אַלגעמיינעם אייראָפעישן מעניו, ווי די קעכין האָט געקאָכט, נאָר זי זאָל צוגרייטן מאכלים וואָס יידן האָבן געגעסן פאַר דער מלחמה: געפילטע פיש, געהאַקטע לעבערלעך, קרעפּלעך מיט יויך, מייערן־צימעס, אַ געפילט מעגעלע, אַ געבראָטענע קאַטשקע וכדומה אַזעלכע זאַכן, וואָס צעגייען אין מויל. אַליין בין איך אַוועק אין דעם יידישן קאָמיטעט אויף טאַרגאָווע גאַס, ווו יעדן טאָג זענען זיך צוזאַמענגעקומען ייִדן. האָב איך אָבסערווירט די יידישע באַזוכער און דערשנאַפּט אַזעלכע וואָס האָבן מיר אויסגעזעען, אַז זיי קענען באַצאָלן פאַר גוט יידיש עסן, און איך האָב זיי איינגערוימט אַ סוד, אַז אין אונדזער רעסטאָראַן, אויף זאָמבקאָווסקע גאַס, אויפן צווייטן שטאָק, איז אַ יידישער גן־עדן: דאָרט באַקומט מען פון דעם שענסטן און בעסטן פון די אַמאָליקע יידישע מאכלים. ווער עס עסט דאָרט איין מאָל, וועט מער נישט זוכן קיין אַנדער פלאַץ. ס'איז אפשר אַ חסרון וואָס דער רעסטאָראַן געפינט זיך אויפן צווייטן שטאָק, אָבער דערפאַר ווערט מען באַלוינט מיט אַזעלכע געשמאַקע זאַכן, וואָס עס וואָלט געלוינט זיי צו זוכן אַפילו אויפן צענטן שטאָק.

* * *

צוריק אין פּראַגע און מיט געלט אין דער קעשענע האָב איך זיך אָנגעהויבן אַרומקוקן וואָס מען קען ווייטער אויפטאָן אין די נייע באַדינגונגען.

שמועסנדיק מיט מײַנע פֿרײַנד מרדכי זאָנשיין און מיכאל קאָסאָוער, וואָס איז שוין געווען אַרײַנגעטאָן אין וויכטיקער ציוניסטישער אַרבעט, טאַקע אינעם קאָמיטעט, זענען מיר געקומען צום אויספיר, אַז מען דאַרף שאַפֿן אַן אייגענעם רעסטאָראַן, וווּ יידן זאָלן זיך קענען באַגעגענען אין אַ היימישער סבֿיבֿה, נישט צו דאַרפֿן זיך באַגעגענען מיט די פֿײַנטלעכע אויגן פֿון פּאָליאַקן, וואָס זענען געווען דורכגעפּרעסן מיט שׂנאה צו יידן.

געזאָגט און געטאָן: קיינער פֿון אונדז איז נישט געווען קיין מומחה אין שאַפֿן אַ רעסטאָראַן און מיר זענען צו דער זאַך צוגעגאַנגען פּאַרטיזאַניש. מיר האָבן געדונגען אַ לאָקאַל אויפֿן צווייטן שטאָק אין אַ הויז אויף זאָמבקאָווסקע גאַס, געקויפֿט געשיר, אָנגעשטעלט אַן אויסגעצייכנטע קעכין, די קעכין האָט געשטאַמט פֿון טשעביע און געהאַט מיט זיך אַן איינציקע טאָכטער. די פּראָדוקטן וואָס מיר האָבן געקויפֿט זענען געווען ערשטקלאַסיקע און עס האָבן זיך באַקומען געשמאַקע, ערשטקלאַסיקע שפּײַזן, וואָס אַזעלכע האָט מען נישט באַקומען אין די געוויינטלעכע פּוילישע רעסטאָראַנען. אָבער וואָס פֿון דעם? ווו צו רעקלאַמירן דעם רעסטאָראַן, אַז יידן זאָלן וויסן ווו צו קומען און עסן געשמאַק און אויך ביליק — איז נישט געווען. זענען מיר, די פּלאַנירער און די באַלעבאַטים פֿון דעם רעסטאָראַן, געווען געצוווּנגען יעדן טאָג אַליין אויפֿצועסן וואָס די טאַלאַנטפֿולע קעכין האָט צוגעגרייט. קײַן עלעקטרישע אײַזקאַסטנס און אַפֿילו קײַן פּרימיטיווע אײַזקאַסטנס זענען נישט געווען, אָבער אָפּטימיזם איז יאָ געווען. האָט די קעכין געקאָכט פֿאַר צען־פֿופֿצן עסערס און מיר, די באַלעבאַטים פֿון דעם רעסטאָראַן, האָבן יעדן טאָג נישט געקענט אויפֿעסן, וואָס איז געווען צוגעגרייט פֿאַר מער ווי אַ מנין. האָט מען דאָס איבעריקע אַרויסגעוואָרפֿן אויפֿן מיסט.

סטאַראָסטווע. כאָטש דער נײַער רעזשים, אויף וויפל ער איז אָנגעפירט געוואָרן פון פוילישע באַאַמטע, איז נישט געווען פײַנ־טלעך צו יידן, דאָך האָט מען זיך געמוזט רעכענען מיט דער פאַרסמטער אַטמאָספער, וואָס די נאַציס האָבן געשאַפן כלפי יידן במשך די יאָרן פון זייער אָקופּאַציע, אויסער דעם אײַנגעפרעסענעם זײַט דורות אַנטיסעמיטיזם בײַ די פּאָליאַקן גופא. אַ יידיש פנים איז אין יענע חדשים נישט געווען קיין סגולה צו גאָרנישט...

אַזוי ווי שלמהלע האָט געהאַט אַ טיפּיש יידיש פנים מיט אַ פּאָר אומעטיקע יידישע אויגן, איז געווען געזונטער פאַר דער גאַנצער זאַך, ער זאָל נישט מיטגיין מיט מיר צו דעם באַאַמטן אין דער סטאַראָסטווע, נאָר ער זאָל ליבערשט וואַרטן, שפּאַצירנדיק אויף דער גאַס.

האָבנדיק אין דער האַנט דעם באַפעל, מיר אַרויסצוגעבן די 85 זעק מעל, בין איך אַוועק אין דעם קאָאָפּעראַטיוו ״ספּאָלעם״. דאָס מעל האָט זיך געפונען אין דעם מאַגאַזין פון דעם קאָאָפּעראַטיוו. האָב איך געדונגען אַ לאַסט־אויטאָ אויפצולאָדן דאָס מעל צו פירן עס קיין וואַרשע. דערווײַל האָט שלמהלע צופעליק באַגעגנט אויף דער גאַס זײַנעם אַ באַקאַנטן פון פאַר דער מלחמה, וואָס איז געווען דער אייגנטימער פון דער מיל אין שעדלעץ. געהערט, אַז מיר גייען אָפּנעמען אַ טראַנספּאָרט מעל פון 85 זעק, האָט דער געוועזענער מילנער פאָרגעשלאָגן שלמהלען, ער זאָל אים פאַרקויפן דאָס גאַנצע מעל. ער איז גרייט צו צאָלן דעם ריכטיקן פּרײַז. שלמהלע איז מסכים געווען צו מאַכן די טראַנזאַקציע אויפן פּלאַץ און דערמיט האָט ער געבראָכן וואָס ער האָט מיט מיר אָפּגעמאַכט, אַז אַ העלפט פון דעם מעל געהער צו מיר פאַר אַרויסבאַקומען די סחורה. נאָך אַ שקלא וטריא האָט ער מיר געגעבן כמעט אַ דריטל פון די 85 זעק מעל — בלויז 35. גם זו לטובה. דער טראַנספּאָרט מעל איז געבליבן צוזאַמען מיט דעם געוועזענעם מילנער אין שעדלעץ...

האָט געגעבן לשון און על־רגל־אחת האָב איך שוין אַלץ געוווסט וועגן דעם צו וועלכן איך דאַרף אָנקומען. איך האָב שוין געוווסט, אַז שטאַממען שטאַמט ער פון לובלין און הייסן הייסט ער אָלשעווסקי און ער איז אויפֿן אַמט נישט לאַנג.

און אָט האָט זיך באַוויזן דער בעל־דבֿר אַליין. האָב איך אים דערלאַנגט די האַנט, זיך פאָרגעשטעלט פאַר אים און בינו־לבינו אָנגעהויבן זיך אויספרעגן אויף באַקאַנטע אין לובלין, זיי אָנגערופן בײַ די נעמען. פון מײַנע רייד האָט דער באַאַמטער געקענט פאַרשטיין אַז איך קען אים גוט און איך ווייס ווער ער איז. איז ער געוואָרן צו מיר פרײַנדלעך וואָס פרײַנדלעכער קען נישט זײַן.

פרעגט ער מיר: "צוליב וואָס ביסטו געקומען צו מיר?"

ענטפער איך אים:

"איך האָב אַ זייער וויכטיקע זאַך מיט דיר אַרומצורעדן".

פאַרבעט ער מיך אין זײַן קאַבינעט און גלײַך ווי מיר זעצן זיך אַוועק, לייג איך אַרויס פאַר אים דעם בריוו מיט דער סאָוויעטישן סטעמפל פון דער מיליטערישער מאַכט אין פראַגע. דער רוסישער סטעמפל, מיט דעם רוסישן אונטערשריפט פון דער קאָמיסאַר דעם פולקאָווניק האָט שוין געערדעט פאַר מײַנעטוועגן. איך האָב נישט געדאַרפט צוגעבן קיין איין אייניציקן וואָרט. ווי בײַ אַ זייער וויכטיקן ענין האָט דער באַאַמטער וואַזשנע אָפגעהיסטלט, אַרײַנגערופן די סעקרעטאַרין און איר באַפוילן גלײַך אָנשרײַבן אַ פאַראָרדענונג צו דער אָנפירערשאַפט פון דעם "ספּאָלעם"־קאָאָפעראַטיוו אין שעדלעץ, ער זאָל אָן וועלכע עס איז ווײַטערדיקע פאָרמאַליטעטן אַרויסגעבן דעם טראַנספּאָרט מעל — 85 זעק — צו דעם אָפגעבער פון דער פאַראָרדענונג, דאָס הייסט צו דאָקטער עוגעניוש לעוואַנדאָווסקי.

אַז שלמהלע האָט דערזעען וואָס איך האָב אַרויסבאַקומען און אַז מיר קענען שוין צוריק אָפנעמען דעם טראַנספּאָרט מעל, איז ער גרייט געווען צו טאַנצן אויף דער גאַס.

כאַראַקטעריסטיש פאַר יענער צײַט איז געווען דאָס וואָס איך האָב דעם ייד נישט מיטגענומען צו דעם באַאַמטן אין דער

איבערגעשלאָפן די נאַכט. מײַן שותּף צום קאַלטן צימער האָט געקרעכצט אַז ער וועט געפּרווירן ווערן.

אין דער פרי זענען מיר אַוועק מיט דעם בריוו אין דער פּאָליציי און געבעטן, זי זאָל אויסגעפינען ווו עס געפינט זיך דאָס קאָנפיסקירטע מעל, וואָס מיר דאַרפן שוין צוריקבאַקומען און אַוועקפירן עס אין דער מיליטערישער בעקערײַ פון פּראַגע. דורך אַ פּאָר טעלעפאָנען האָט די פּאָליציי אויסגעפונען, אַז דאָס קאָנפיסקירטע מעל איז אַוועקגעגעבן געוואָרן צו ״ספּאָלעם״. ״ספּאָלעם״ איז געווען אַ קאָאָפּעראַטיוו וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט אײַנקויפן אין הורט פּראָדוקטן און די פּראָדוקטן פאַרקויפט צו געזעלשאַפטלעכע קערפּערשאַפטן און איינצלנע קונים.

דער קאָאָפּעראַטיוו איז געגרינדעט געוואָרן עטלעכע יאָר פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה, כּדי צו שלאָגן דעם יידישן האַנדל, פויערים און קלענערע פוילישע עקאָנאָמישע קערפּערשאַפטן זאָלן נישט דאַרפן קויפן בײַ יידן. האָט זיך דער ״ספּאָלעם״, געשאַפן אין דעם האַלב־פאַשיסטישן פוילן, גוט אַרײַנגעפּאַסט אין די קאָמוניסטישע באַדינגונגען, אין וועלכע דער האַנדל איז געוואָרן פאַרמלוכישט און דער פּריוואַט־האַנדל איז פאַקטיש געווען כּמעט פאַרבאָטן.

אַזוי שנעל ווי די פּאָליציי האָט אויסגעפונען, אַז דאָס מעל געפינט זיך אין ״ספּאָלעם״, האָט זי זיך אָפּגעזאָגט ווײַטער אונדז צו העלפן. דער קאָאָפּעראַטיוו ״ספּאָלעם״ געהער צו דער קאָמפּעטענץ פון דער מדינה־אַדמיניסטראַציע און דער פאַרטרעטער פון דער מדינה־אַדמיניסטראַציע אין שעדלעץ איז דער סטאַראָסטע, וואָס עס מיינט דער הויפּט פון דעם שטאָט־קרײַז. זענען מיר אַוועק אין אַמט פון דעם סטאַראָסטע און דעם געהעריקן באַאַמטן נישט געפונען. איך האָב געדאַרפט אָנקומען צו דעם אָנפירער פון דער אָפּטיילונג, וואָס פאַרנעמט מיט זיך לעבנסמיטלען. ער איז גראָד נישט געווען, האָב איך דערווײַל געכאַפּט אַ שמועס מיט דעם דינער. איך האָב אים אויסגעפרעגט ווער עס איז דער באַאַמטער? פון וואַנען שטאַמט ער? וואָס איז זײַן יחוס און זײַן ראַנג? דער דינער

איבערגעלייענט, נאָר גלייַך אים אונטערגעשריבן און אַרויפגעקלאַפּט דעם סטעמפּל מיט אַלע סאָוויעטישע פּיטשעווקעס.

איך האָב מיט האַרץ־קלאַפּעניש געוואַרט אונטן נעבן בנין, אָלשעווסקי זאָל צוריקקומען. ס'איז דאָך געווען אַ לאָטעריע־זאַך: צי וועט דער קאָמיסאַר אונטערשרייַבן, אָדער עס וועט זיך ענדיקן ווי מיט דעם יידישן קאָמיטעט? ערשט איך זע: אָלשעווסקי קומט אַראָפּ מיט דעם אָפענעם בריוו אין דער האַנט אונטערגעשריבן און אָפּגעסטעמפּלט ווי פון גאָט אַליין.

"אָט דאָ האָסטו דעם בריוו. איך האָב געטאָן פאַר דיר וואָס איך נאָר איך האָב געקענט", האָט ער געזאָגט אַ צופרידענער פון דער אָפּגעטוענער אַרבעט.

האָבנדיק אַזאַ גאָלדענעם אוצר־בריוו אין דער האַנט, בין איך אַוועק צו שלמהלע און מעשה סוחר אים געזאָגט, אַז איך קען אים העלפן אַרויסבאַקומען אַ בריוו פון אַ מיליטערישער בעקערייַ דערמיט, אַז דאָס רעקוויזירטע מעל געהער צו איר. מיט אָט דעם בריוו וועלן מיר אַרויסבאַקומען דאָס מעל, אָבער די מעשה דאַרף קאָסטן זייער אַ סך — אַ העלפט פון דעם מעל. שלמהלע האָט נישט לאַנג געטראַכט און מסכים געווען אַוועקצוגעבן אַ העלפט פונעם מעל, אַבי ער זאָל אַרויסבאַקומען די צווייטע העלפט. אויף צו מאָרגנס אין דער פרי האָב איך זיך ווידער געזען מיט שלמהלע, אים געוויזן דעם בריוו, מיט וועלכן מיר דאַרפן פאָרן קיין שעדלעץ.

אין דרויסן האָט געהערשט אַ שרעקלעכער פראָסט אַז ס'איז געווען אַ רחמנות אַ הונט אַרויסצולאָזן. ס'איז געווען אין חודש פעברואַר. דאָך האָבן מיר באַשלאָסן און געפאָרן קיין שעדלעץ. מיר זענען אָנגעקומען שפּעט. שעדלעץ, די אַמאָליקע שטאָט פון יידישער וויטאַליטעט, איז געווען ווי אויסגעשטאָרבן. מען האָט קוים געזען אַ מענטש אויף דער גאַס. די נאַכט זענען מיר איבערגעשלאָפן ערגעץ־ווו אין אַ ריזיק צימער פון אַ האָטעל, ווו עס האָט געהערשט נישט קיין שוואַכערער פראָסט ווי אין דרויסן. עס האָט אויסגעזען ווי דאָס צימער וואָלט קיין מאָל נישט געוואָרן באַהייצט. אַ נס וואָס איך בין געווען אָנגעטאָן אין אַ פוטער־מאַנטל, בין איך ווי עס איז

גאָלד־שטיקלעך, וואָס איז נעבעך אַריינגעפאַלן מיט 85 זעק מעל.

איך האָב באַשטעלט נאָך אַ פלעשל בראָנפן און גלייך צוגעטרעטן צו דער זאַך:

״אויב — האָב איך אים געזאָגט - ״דו ביסט דער גאַנצער דעה־זאָגער אין דער פוילישער מיליטערישע בעקעריי, איז אפשר קענסטו מיר העלפן? ביי מיינעם אַ פריינד האָט מען אין שעדלעץ קאָנפיסקירט אַ לאַסט־אויטאָ מיט מעל. מיין פריינד איז אומגליקלעך. אויב מען וועט אים נישט צוריקגעבן דאָס מעל, דאַרף ער זיך אָנטאָן אַ מעשה. אפשר קענסטו מיר געבן אַ בריוו, אַז דאָס מעל איז געגאַנגען פאַר דיין בעקעריי?״

אָן נאָכצוטראַכטן האָט סטאַשעק אָלשעווסקי געזאָגט אויפן פלאַץ:

״פאַר דיר וועל איך טאָן אַלץ וואָס דו ווילסט״. ער האָט אַפילו נישט געלאָזט איך זאָל באַצאָלן פאַר דעם וואָס מיר האָבן געגעסן און געטרונקען.

באַצאָלט און אָפּגעווישט די ליפּן, האָט ער מיך אַוועקגעפירט אין זיין ביוראָ נעבן דער בעקעריי און באַפוילן זיין סעקרעטאַרין, זי זאָל אָנשרייבן דעם געהעריקן בריוו צו די שעדלעצער קאָנפיסקאַטאָרן, מען זאָל דעם אָפּגעבער פון דעם בריוו גלייך צוריקגעבן דעם גאַנצן טראַנספּאָרט מעל — סך־הכל 85 זעק — וואָס איז געפירט געוואָרן פאַר דער פוילישער מיליטערישער בעקעריי אין פּראַגע־וואַרשע.

אין דעם פאַל האָט זיך איבערגעחזרט דאָס זעלבע, וואָס מיט דער קאָמפּעטענץ פון דעם יידישן קאָמיטעט נאָר מיט מער מזל:

איבער דעם יידישן קאָמיטעט איז געשטאַנען אַ קאָמיסאַר מטעם דער סאָוויעטישער מאַכט, אַ געוויסער פּולקאָווניק באָלעק, בעת אויך איבער דער בעקעריי איז געשטאַנען אַ קאָמיסאַר, אַ סאָוויעטישער פּולקאָווניק. אָלשעווסקי איז מיט דעם פאַרטיקן בריוו אַוועק צום קאָמיסאַר, אים אַוועקגעלייגט פאַר אים אויף זיין שרייבטיש און געבעטן אונטערשרייבן און לייגן דעם אָפיציעלן סטעמפּל. דער קאָמיסאַר האָט אַפילו דער בריוו נישט

פאַרמעגן און טאָמער באַקומט ער עס נישט צוריק, אָדער וויניקסטנס אַ טייל פון דעם מעל — איז ער אומגליקלעך. האָב איך דעם ייִד געטרייסט, ער זאָל זיך נישט מייאש זײַן.

אין אַזעלכע צײַט געשעען אויך פאַלן וואָס אַ מאָל פלעגט מען זיי אָנרופן ניסים, וואָרום דאָס עצם בלײַבן לעבן איז דאָך אַ גרויסער נס.

דעם אמת געזאָגט האָב איך אַליין נישט געהאַט קיין צו גרויסע אמונה אין דעם וואָס איך האָב געזאָגט. דאָס בלײַבן לעבן איז נישט געווען קיין נס, נאָר אַן אומענדלעכע מי און מאַטערניש אויסצומײַדן טויט־סכּנות אין אַלע מעגלעכע פאָרמען. האָט זיך באַלד אַרויסגעוויזן אַז מײַנע טרייסט־ווערטער האָבן פון דעסטוועגן "ערגעץ־ווו" אָנגעקלאַפּט און געהאָלפן...

גייענדיק אין גאַס, טאַקע אין פּראַגע, איז אויף מיר אַרויפגעפאַלן אַ יונגערמאַן, אַ פּוילישער לײַטנאַנט. ער האָט מיך געדריקט צו זיך, געקושט און געפרייט זיך מיט מיר ווי ער וואָלט אָפּגעפונען אַ לײַבלעכן ברודער. איך האָב אין אים דערקענט אַ פּאָליאַק פון סאָקאָלאָווע. געהייסן האָט ער סטאַשעק — סטאַשעק אָלשעווסקי. פאַר דער מלחמה פלעגט ער בײַ מיר קויפן מאַנופאַקטור־שטאָפן. איידער וואָס־ווען זאָגט צו מיר סטאַשעק מיר זאָלן אַרײַנגיין ערגעץ־ווו מאַכן דער ריכטיקן שנאַפּס. אַלץ הייבט זיך דאָך אָן פון בראָנפן.

זענען מיר אַרײַן אין אַ רעסטאָראַן, אויסגעטרונקען אַ פלעשל, געגעסן פאַרבײַסעכץ, און געשמועסט וועגן די אַמאָליקע צײַטן.

האָב איך געזאָגט צו סטאַשעקן:

"כ׳זע ביזט אַ פּאָרוטשניק — וואָס זשע טוסטו אין דײַן אָפיצירן־ראַנג?"

האָט ער מיר געענטפערט, אַז זײַן אַרבעט באַשטייט אין דעם וואָס ער פירט אָן מיט דער פּוילישער מיליטערישער בעקערײַ.

געהערט, אַז ער פירט אָן מיט דער פּוילישער מיליטערישער בעקערײַ, האָט מיר אָנגעהויבן שווינדלען פאַר די אויגן. איך האָב דערזעען פאַר זיך דאָס צעווייטיקטע פּנים פון שלמהלע מיט די

פאַרקויפט זיי פון האַנט צו האַנט — פאַרדינט מען. האָב איך געפונען אַ קוועלע פון גאָלד־שטיקלעך און דעם מאַן צוגעשטעלט די סחורה. איך האָב פאַרדינט גאָלד. מיט אַ וואָך שפעטער איז דער זעלבער מאַן געקומען צו מיר און זיך פאַרקלאָגט, אַז אין שעדלעץ האָט מען בײַ אים קאָנפיסקירט אַ פולן לאַסט־אויטאָ מיט מעל, סך הכל 85 זעק. ממש אַ פאַרמעגן צו מאַכן אַ נאָך גרעסער פאַרמעגן. מילא, גאָלד־שטיקלעך זענען גאָלד־שטיקלעך, אָבער ווי קום איך צו מעל, ווען פאַר דער מלחמה איז מײַן בראַנזשע געווען מאַנופאַקטור?

וואָס דער פאַרשוין שלמהלע האָט געוואָלט פון מיר איז אַ פרײַנדלעכע בקשה: אַזוי ווי איך בין אויפגעטראָגן מיט די אָנפירער פון דעם יידישן קאָמיטעט, זאָל איך פאַר אים אַרויסבאַקומען אַ בריוו, אַז דאָס קאָנפיסקירטע מעל איז געווען באַשטימט פאַר דעם יידישן קאָמיטעט און דער קאָמיטעט פאָדערט צוריק די 85 זעק מעל. בין איך אַרויפגעגאַנגען צום קאָמיטעט־פאָרזיצער פיזשיץ און אים דערציילט די מעשה. האָט זיך פיזשיץ פאַרטראַכט און מיר געענטפערט, אַז וואָס שײַך אַזאַ בריוו קען ער מיר אים געבן, אָבער זײַן אונטערשריפט — אָדער דעם אונטערשריפט פון וועלכן עס טוער אין דעם קאָמיטעט קען ער נישט געבן, סײַדן גלײַך פון דעם אונטערשריפט זאָל ער גיין אין טורמע אַרײַן. דער יידישער קאָמיטעט איז טאַקע אַ קאָמיטעט, ער טוט וואָס ער קען, אָבער ער איז נישט קיין אומאָפּהענגיקע אינסטיטוציע. איבער אים איז פון דער סאָוויעטישער מאַכט באַשיטימט אַ קאָמיסאַר, אָדער אַן אויפזעער, וואָס אין וויכטיקע פראַגן איז ער דער באַשטימער און נישט פיזשיץ און נישט עמעצער אַנדערש פון די קאָמיטעט־אָנפירער. דער קאָמיסאַר איז אַ געוויסער באָלעק, אַ פולקאָווניק. נאָר ער קען אונטערשרײַבן אַזאַ בריוו.

עס האָט געהאַלטן דערבײַ, אַז פון דער גאַנצער זאַך זאָל גאָרנישט אַרויסקומען.

אַז איך האָב וועגן דעם אַלעמען איבערגעגעבן דעם פאַרשוין פון דעם קאָנפיסקירטן מעל, איז ער געוואָרן נאָך מער דערשלאָגן ווי ער איז געווען. ער האָט אין די 85 זעק מעל אַרײַנגעלייגט זײַן גאַנץ

מיר, איך און דער לײַטנאַנט, האָבן זיך אַרײַנגעזעצט אין דער קאַבינע פֿון דעם לאַסט־אויטאָ און איך האָב אים געוויזן דעם וועג צו דעם הויז אויף דער טאַרגאָווע גאַס, וווּ עס איז געשטאַנען דאָס הויז מיט די אויסגעשלאָגענע שויבן. מיר, איך דער לײַטנאַנט און דער שאָפער, האָבן געאַרבעט שווער און ביטער בײַם אַראָפּנעמען די קאַסטנס גלאָז, וואָרום דער קוואַנטום גלאָז איז געווען אַזאַ גרויסער, אַז איך האָב געקענט מיט אים באַגלייזן די פענצטער פֿון צען אַזעלכע הײַזער. איך האָב דערפֿילט, אַז דער קאָמוניסטישער לײַטנאַנט האָט פֿון מיר געמאַכט אַ קאַפּיטאַליסט.

פֿאַר דעם גלאָז צו באַגלייזן אַלע שויבן אין דער הויז האָב איך באַקומען אַכציק טויזנט זלאָטיס. און כּדי נישט צו ווערן קיין קרעמער פֿון שויבן, האָב איך דאָס גאַנצע איבעריקע שויבן־גלאָז פֿאַרקויפֿט מיט איין מאָל פֿאַר הונדערט טויזנט זלאָטיס. אַזוי אַרום האָב איך אין דער טראַנזאַקציע מיט דעם סאָוויעטישן לײַטנאַנט פֿאַרדינט מיט איין קלאַפּ הונדערט און פֿינף זעכציק טויזנט זלאָטעס!

אויף צו מאָרגנס נאָך דער טראַנזאַקציע האָב איך זיך געטראָפֿן מיט מײַן טײַערן מיכאל קאָסאָווער, אים צוריקגעגעבן די הלוואה פֿון פֿופֿציק טויזנט זלאָטעס און מיר האָבן געמאַכט דעם ריכטיקן ״לחיים״ אויף ברכה און הצלחה...

מיט געלט אין דער קעשענע און אָנגעטאָן עלעגאַנט, בין איך געוואָרן זעלבסטזיכער און האָפֿערדיק. דער רעזשים איז אַ סאָוויעטישער און אין סאָוויעטישן רעזשים איז די באַוועגונג פֿון סחורות אַ שלעפּעדיקע. קיין שום סחורה געפֿינט זיך נישט דאָרט ווו מען דאַרף זי, און דאָרט ווו זי איז דאָ — דאַרף מען זי נישט, אָדער עס זענען נישטאָ קיין בעלנים אויף איר. האָב איך אָנגעהויבן האַנדלען אַהער און אַהין און טאַקע ״רעגולירט״ די באַוועגונג פֿון סחורות, און עס איז מיר אַוועק טאַקע מיט מזל און ברכה. אין איינעם אַ טאָג האָט זיך צו מיר געוואָנדן אַ פֿאַרשוין, וואָס געהייסן האָט ער שלמהלע, און זײַן שאלה איז געווען, צי איך ווייס ווו מען קען באַקומען גאָלד־שטיקלעך. אויך גאָלד־שטיקלעך זענען אַ סחורה אויב מען קויפֿט און מען פֿאַרקויפֿט זיי. און אַז מען

שויבן. דער קאָמיטעט האָט פּלאַנירט צו באַזעצן דאָס הויז מיט צוריקגעקומענע און אָפּגעראַטעוועטע יידן. אָבער ווי באַזעצט מען מענטשן אין וווינונגען אין וועלכע די שויבן זענען אויסגעשלאָגן און די קאַלטע צוגווינטן פּײַפן אין אַלע ווינקלען? ס'איז דאָך געווען ווינטער־צײַט!

אין גאַנץ פּראַגע האָט מען דעמאָלט נישט געקענט באַקומען קיין גלאָז אַפילו נישט פאַר איין שויב. אויסגעשלאָגענע שויבן האָט מען פאַרטרעטן מיט ברעטער, אָדער מיט דיקט, אויב אַזעלכס איז נאָך געבליבן פון הייצן די אויוונס אין די פּראָסטיקע טעג.

מאַכט זיך אַ צופאַל:

גייענדיק מיט דער טאַרגאָווע גאַס האָב איך דערזען ווי אין דער אַנטקעגנדיקער ריכטונג פאָרט אָן אַ לאַסט־אויטאָ וואָס זײַן פולע לאָדונג באַשטייט פון אָפענע קאַסטנס שויבן־גלאָז. ספּאָנטאַן האָב איך אויפגעהויבן די האַנט, ווי אַ צייכן דער לאַסט־אויטאָ זאָל זיך פאַרהאַלטן. דער שאָפער האָט מיך פאַרשטאַנען און פאַרהאַלטן די מאַשין. פון דער קאַבינע איז אַרויס אַ סאָוויעטישער לײַטנאַנט. רוסיש האָב איך דעמאָלט נישט געקענט. האָב איך גערעדט צו אים אַ פּוילישן רוסיש און דער יונגערמאַן האָט מיך אויסגעצייכנט פאַרשטאַנען, אַז איך בין אַ בעלן אָפּצוקויפן בײַ אים דעם גאַנצן טראַנספּאָרט גלאָז. האָב איך אים געזאָגט:

"דו האָסט מיך גוט פאַרשטאַנען, און וויפל ווילסטו פאַר דער גאַנצער קראָם גלאָז?"

זעט אויס, אַז זײַן אַ לײַטנאַנט הייסט נאָך נישט זײַן אַ סוחר. ער האָט מיר נישט געקענט זאָגן דעם פּרײַז. האָב איך אים אַרויסגעהאָלפן און אים געזאָגט, אַז איך גיב אים פופצן טויזנט זלאָטעס און דאָס גלאָז איז מײַנס. האָט ער זיך געקווענקלט און געפאָדערט עפּעס מער. האָב איך אים געזאָגט:

"ווייסט וואָס? צו די פופצן טויזנט זלאָטעס גיב איך דיר צו פינף פלעשער וואָדקאַ".

דער לײַטנאַנט האָט זיך אָנגעכאַפּט אין דער מציאה און איך האָב צוגעפּאַטשט — דער טראַנספּאָרט גלאָז איז געווען מײַנער.

געפונען אַ פוילישער רעסטאָראַן. זענען מיר אַראָפּגעגאַנגען, גענומען אַ פלעשל בראָנפן (סיי מיכאל קאָסאָווער ז״ל און סיי איך האָבן געקענט טרינקען נישט צו ווערן שיכּור) און מיר האָבן געפּיַיערט אונדזער איבערלעבן. נאַטירלעך, אַז מען טרינקט דאַרף מען פאַרבײַסן און מיר האָבן פאַרביסן כּיד־המלך. איך בין דעמאָלט געהאַט געבליבן בלויז מיט אַ פּאָר פאַראיינצלטע פוילישע זלאָטעס. אַז ס׳איז געקומען צו באַצאָלן, האָב איך אַרײַנגעשטעקט די האַנט אין מײַן קעשענע און געמאַכט דעם אָנשטעל ווי איך וואָלט דאָרט געהאַט אַן אוצר. אין דער אמתן האָט מײַן ״פּאַרמעג״ נישט געסטײַעט צו באַצאָלן אפילו פאַר אַ פערטל פון דעם חשבון, וואָס אונדזער ״לחיים״ האָט באַטראָפן.

קאָסאָווער האָט אינטויִטיוו דערפילט מײַן פינאַנציעלן מצבֿ און געזאָגט:

״איך זע אַז דו האָסט נישט קײַן געלט״.

האָב איך זיך מודה געווען, אַז איך האָב טאַקע נישט; איך בין געבליבן, ווי מען זאָגט, אויף דער פליישבאַנק. ער האָט באַצאָלט דעם חשבון. דערנאָך האָט ער אַרײַנגעשטעקט די האַנט אין זײַן קעשענע, אַרויסגענומען פון דאָרט אַ פּעקל באַנקנאָטן פון 50 טויזנט זלאָטעס און עס מיר דערלאַנגט, זאָגנדיק:

״נעם דאָס געלט. ווען דו וועסט קענען וועסטו מיר צוריקגעבן״.

אָט די הלוואה האָט מיך געשטעלט אויף די פיס.

צו מסחר בין איך געווען פעיִק, האָב איך אָנגעהויבן האַנדלען און ס׳איז מיר אַוועק נישט שלעכט. דאָס ערשטע וואָס איך האָב געטאָן: איך האָב זיך פריש באַקליידט, כּדי צו זײַן עלעגאַנט אָנגעטאָן. אַ מענטש — ווי ער איז אָנגעטאָן אַזוי זעט מען אים.

איין מאָל בין איך אַרויפגעקומען אין יידישן קאָמיטעט, איז מיר אַנטקעגנגעקומען דער פאָרזיצער, פּיזשיץ. ער האָט מיך אָפּגעשטעלט און געפרעגט אַ פראַגע: ״אפשר ווייס איך ווו מען קען באַקומען שויבן־גלאָז״.

אויף דער זעלבער טאַרגאָווע גאַס, ווו עס האָט זיך געפונען דער יידישער קאָמיטעט, איז געשטאַנען אַ הויז מיט אויסגעשלאָגענע

* * *

אין יענע טעג האָט אין פּראַגע זיך שוין געהאַט געגרינדעט אַ ייִדישער קאָמיטעט. בראש פון דעם קאָמיטעט איז געשטאַנען אַ גרויסער טוער מיט דעם נאָמען פּיזשיץ. די פּיזשיצס זענען געווען אַ פאַרצווייַגטע משפחה אין ביאַלע פּאָדליאַסקי און אין וואַרשע, אַלע מאָל געווען אַריינגעטאָן אין גרויסהאַנדל עסקנות. דער ייִדישער קאָמיטעט איז אייגנטלעך פריער געגרינדעט געוואָרן אין לובלין, וואָס איז באַפרייַט געוואָרן אַ סך פריִער איידער וואַרשע איז באַפרייַט געוואָרן. צו דער לייטונג פון דעם קאָמיטעט האָבן געהערט מרדכי זאָנשיין (שפּעטער איז ער אין ישראל געווען אַ פאַרלעגער פון ביכער). ער איז געשטאָרבן אין תל־אביב. צו דער אָנפירערשאַפט פון דעם קאָמיטעט האָט אויך געהערט דער ציוניסטישער עסקן מיכאל קאָסאָווער. ער איז געווען דער קאַסירער פונעם קאָמיטעט. מיכאל קאָסאָווער איז שפּעטער, אין ישראל, געווען דער אַדמיניסטראַטאָר פון דער ענציקלאָפּעדיע פון דעם פּוילישן ייִדנטום אונטער דער רעדאַקציע פון יצחק גרינבוים. אויך ער איז געשטאָרבן אין תל־אביב אין יאָר 1978.ער איז געווען אַ טייַערער, פרייַנדלעכער מענטש, וואָס אַז ער האָט געקענט עמעצן טאָן אַ טובֿה איז ער געווען אַזוי שטאַרק צופרידן, ווי יענער וואָלט אים געטאָן די טובֿה, וואָס ער בעט בייַ אים אַ טובֿה...

עס איז קיין מאָל נישט געווען אין מייַן נאַטור צו בעטן בייַ עמעצן עקאָנאָמישע הילף און איך האָב אַזאַ הילף נישט געבעטן בייַם ייִדישן קאָמיטעט אין פּראַגע. אָבער אַרויפקומענדיק אַהין, עווענטועל צו באַגעגענען פרייַנד און באַקאַנטע, האָב איך זיך אָנגעטראָפן אויף מיכאל קאָסאָווער. מיר האָבן זיך דערפרייט מיט איינאַנדער, ווי ברידער וואָס האָבן זיך אָפּגעפונען נאָך דעם גרויסן חורבן. האָט קאָסאָווער געזאָגט צו מיר:

"קום, יצחק, לאָמיר אַראָפּגיין מאַכן אַ "לחיים" פאַר דעם וואָס מיר זענען געבליבן לעבן און דערלעבט היטלערס מפּלה".

אין דעם זעלבן בנין, אין וועלכן עס האָט זיך געפונען דער ייִדישער קאָמיטעט, אויף טאַרגאָווע גאַס נומער 44, האָט זיך אונטן

מאַשין איז געווען אומזיסט די צײַט. איך האָב אַפילו מער נישט באַמערקט דעם שאָפער, צי ער איז בכלל געבליבן בײַם לעבן. די אַנדערע פּאַסאַזשירן, וואָס האָבן זיך אַרויסבאַקומען פון דעם זומפּ, האָבן אויסגעזעען ווי שדים. מסתמא האָב אויך איך אַזוי אויסגעזעען. האָב איך באַשלאָסן זיך אָפּצוריײַסן פון דעם געזעמל פאַרזומפּיקטע מענטשן און אַוועקגיין צופוס קיין ראַדזימין, סך־הכל אַ פינף קילאָמעטער.

מײַן האָפענונג איז געווען, אַז אפשר וועל איך אין ראַדזימין געפינען יידן און זיי וועלן מיר אַרויסהעלפן אין מײַן נויט. איך בין דאָך געבליבן בחוסר כּל, מיט אַ פּאָר געציילטע זלאָטעס, וואָס איך האָב זיי זיך איבערגעלאָזט נאָך דער חזיר־טראַנזאַקציע, כּדי צו האָבן מיט וואָס צו קומען קיין פּראַגע.

פון ראַדזימין קיין וואַרשע האָט קורסירט אַ שמאָל־רעלסיק באַנדל (״קאָלייקע״). האָב איך געטראַכט, אַז נאָכן אָנקומען קיין ראַדזימין, וועל איך זיך אַרײַנזעצן אין דער ״קאָלייקע״ און פאָרן קיין פּראַגע. דאָס איז געווען אוממעגלעך. האָב איך אין ראַדזימין זיך נאָכגעפרעגט אויף יידן און איינער אַ פּאָליאַק האָט מיר אָנגעוויזן אויף אַ הויז וווּ עס לעבן צוויי יידן. ס׳איז געווען ריכטיק.

איינער פון די צוויי יידן, וואָס איך האָב באַגעגנט אין דעם הויז, האָט געהייסן שאַפּראַן. זײַן משפּחה האָט פאַר דער מלחמה געהאַט אין סאָקאָלאָווע אַ מיל, וואָס האָט אויך פּראָדוצירט עלעקטרישן שטראָם פאַר דער שטאָט. אגב, דער מאַן לעבט הײַנט אין פראַנק־רײַך. די צוויי יידן האָבן מיך אויפגענומען מיט ברידערלעכער האַרציקייט, און זיי האָבן באַשטעטיקט דעם ייִדישן ווונטש: ״גאָטעניו, וואַרף מיך ווו דו ווילסט, נאָר וואַרף מיך צווישן אייגענע״. די צוויי האָבן מיך אָפּגערייניקט פון דער בלאָטע, אויסגעטרוקנט מײַנע קליידער, צוגעגרייט פאַר מיר אַ וועטשערע און אויסגעבעט אַ געלעגער איך זאָל זיך קענען אויסרוען נאָך די איבערלעבונגען מיט דעם זומפּ. בײַ אָט די טײַערע, ברידערלעכע יידן האָב איך זיך אויפגעהאַלטן צוויי טעג. נאָך דעם בין איך מיט דער ״קאָלייקע״ געפאָרן קיין פּראַגע.

געוואָלט איינשטעלן מיין לעבן, וואָס איך האָב אָפּגעראַטעוועט מיט אַזוי פיל איבערלעבענישן און פחדים.

אויב פריִער פלעגן די פוילישע כוליגאַנעס איבערגעבן אַ ייִד צו דער געסטאַפּאָ, די נאַצישע באַנדיטן זאָלן אים הרגענען, האָבן זיי איצט די "מלאכה" אָפּגעטאָן אַליין. אויב זיי האָבן פאַרדעכטיקט עמעצן אין אַ באַן אַז ער איז אַ ייִד, האָבן זיי דעם קרבן פשוט אַרויסגעוואָרפן פון דעם לויפנדיקן צוג, און אויב זיי האָבן געכאַפּט אַ ייִד ערגעץ־ווו אויף אַ וועג, צי אין אַ שטעטל, האָבן זיי אים דערשאָסן.

בין איך אויך פון סאָקאָלאָווע געפאָרן מיט אַ סאָוויעטיש־מיליטערישן לאַסט־אויטאָ, וואָס איז שוין געווען פול מיט ציוויליע פּאָליאַקן. גראָד איז דער לאַסט־אויטאָ געפאָרן דירעקט קיין וואַרשע־פּראַגע. אָבער אויפן וועג איז פאָרגעקומען אַ קאַטאַסטראָפע.

אויפן שאָסיי צווישן ווישקאָוו און ראַדזימין האָט דער שאָפער פאַרלוירן די שליטה אויף זיין מאַשין און מיטן גאַנצן אימפּעט איז ער אַרויפגעפאָרן אויף אַ פוירישן וואָגן. דער באַלעגאָלע פון דעם וואָגן איז געהרגעט געוואָרן אויפן פלאַץ. דער לאַסט־אויטאָ האָט זיך איבערגעדרייט מיט אַזאַ שווונג, אַז די פּאַסאַזשירן זענען ממש אַרויסגעפלויגן פון דער מאַשין און געלאַנדעט אין אַ זומפּיקן שטח. דער זומפּ איז געווען אַזאַ טיפער אַז לא די וואָס איך בין שיער נישט באַגראָבן געוואָרן אין אים, האָב איך דערצו פאַרלוירן מיין איינגעהאַנדלטע סחורה — דאָס חזיר־פעטס — און מיין וואַליזע, וואָס זענען דווקא יאָ איינגעזונקען אין דעם זומפּ. איך אַליין בין קוים אַרויס אַ לעבעדיקער.

עס איז לייַכט זיך פאָרצושטעלן ווי איך האָב אויסגעזען נאָך דעם ווי איך האָב זיך אַרויסבאַקומען פון דעם זומפּ. פאַרבלאָטיקט ביז דער הויט, און נאַס אין דער ביטערער קעלט, האָב איך געפילט, אַז איך טאָר נישט וואַרטן אויף אַן אַנדער סאָוויעטישער געלעגנהייט וואָס זאָל מיך ווערלן אויפנעמען. ווער וועט אַרויפלאָזן אויף זיין מאַשין אַ שטיק בלאָטע? האָפן אויף דער איבערגעקערטער

אין דעם שכונותדיקן שטעטל קאָסאָוו האָבן פּאָליאַקן דערמאַרדעט עטלעכע יידן, וואָס האָבן על־פּי־נס איבערגעלעבט אין דעם טרעבלינקע־לאַגער נומער צוויי, וואָס איז געווען באַשטימט ווי אַ קאָנצענטראַציע־ און אַרבעט־לאַגער פֿאַר פּאָליאַקן. איבערגעלעבט טרעבלינקע און געפֿאַלן פֿון פּוילישע מערדערישע הענט.

צווישן די פֿאַר יידן אין סאָקאָלאָווע האָב איך באַגעגנט איינעם מיטן נאָמען ראַפּאַלאָוויטש וואָס ער לעבט נישט מער, און זײַן שוואָגער שעפּסל גרינבערג, וואָס לעבט אין ישראל. די נעמען פֿון די אַנדערע האָב איך נישט געהערט. סך־הכּל זענען, שײַנט מיר, קיין מנין יידן נישט געווען אין סאָקאָלאָווע. איך האָב פֿאַרשטאַנען וואָס עס האָט די מענטשן געצויגן צו זייער אַלטער היים, וואָרום אויך מיך האָט געצויגן צו באַזוכן יאַדעווע און סאָקאָלאָווע, כאָטש איך האָב געוווסט, אַז איך וועל דאָרט קיינעם פֿון מײַנע נאָענטע און קרובֿים נישט געפֿינען. אַזאַ מין באַגער צוריקצוקומען און זען די חורבֿע היים איז מסתּמא פֿאַרבונדן מיט אַן אַטאַוויסטישן כּוח, וואָס איך בין נישט פֿעיִק משׂיג צו זײַן. אָבער וואָס האָט די יידן דאָרט געהאַלטן אויב זיי האָבן געלעבט אין אייביקער שרעק?

איין נאַכט אין סאָקאָלאָווע בין איך געשלאָפֿן בײַ דעם דערמאָנטן ראַפּאַלאָוויטש, וואָס לעבט נישט מער. איך האָב דאָרט מער נישט געקענט בלײַבן. עס האָט מיך געטריבן פֿון דעם חורבֿן און פֿון מסוכּנעס פֿלאַץ, וואָס איז אַמאָל געווען מײַן היים. צו ראַפּאַלאָוויטשן, וואָס האָט געהאַט זלאָטעס, האָב איך פֿאַרקויפֿט מײַן פֿאַרמעגן פֿון צען גאָלד־רובל און פֿאַר דעם גרעסטן טייל זלאָטעס האָב איך אײַנגעהאַנדלט חזיר־פֿעטס, מיט דער האָפֿענונג עס שפּעטער צו פֿאַרקויפֿן אין פּראַגע און אָפּנעמען דערפֿאַר דאָפּלט וויפֿל איך האָב באַצאָלט. ווי אין פֿאַל מיט סקערניעוויץ בין איך אויך אין סאָקאָלאַוו אַרויס אויפֿן שאָסיי, כּדי אָפּצוואַרטן אַ סאָוויעטישן לאַסט־אויטאָ, וואָס זאָל מיך מיטנעמען קיין פּראַגע. הגם מײַנע דאָקומענטן זענען געווען, ווי פֿריער, פּוילישע, האָב איך נישט

יידיש־פּאַרטייאישע לעבן געווען אַ קאָבעדיקס. דאָ האָב איך געהאָפּט צו בויען מײַן משפּחה־לעבן און מײַן עקאָנאָמישן מעמד.

מחמת דער סכנה וואָס עס האָט געדראָט יידן מצד די פּוילישע אַ.קאַ.־בוליגאַנעס, וואָס האָבן געמאָרדעט יעדן אָנגעטראָפענעם ייד אויף די וועגן און באַנען, בין איך געפאָרן בלויז מיט סאָוויעטישע מיליטערישע מאַשינען. די אָנוועזנהייט פון דער סאָוויעטישער אַרמיי האָט נישט געשטערט די פּוילישע בוליגאַנעס צו מאָרדן יידן, אָבער זיי האָבן געציטערט צו קומען אין אַ צוזאַמענשטויס מיט דער סאָוויעטישער מאַכט.

אין יאַדעווע האָב איך קיין איינציקן ייד נישט געפונען, אָבער די שילדן איבער די אַמאָליקע יידישע קראָמען און קרעמלעך האָבן מיר דערציילט וואָס דאָ איז געווען און געשען, וואָרום איך אַליין בין דאָך געווען אַן עדות פון דעם וואָס דאָ איז געשען. איך האָב אַפילו נישט געהאַט אין וועלכער טיר אָנצוקלאַפּן און פרעגן: "אפשר?" "טאָמער?" "ציו?". גאָרנישט. נישטאָ קיין לעבעדיק יידיש נפש. גאַנץ צופעליק האָב איך זיך אָנגעשטויסן אויף אַ פּאָליאַק וואָס איך האָב אים געקענט פאַר דעם חורבן. קרעמפּיעץ האָט ער געהייסן. האָט ער מיך פאַרבעטן איך זאָל ביי אים שלאָפן. איך האָב די אײַנלאַדונג אָנגענומען. איך בין געשלאָפן אַ נאַכט אין אַן אויסגעשאָכטענער שטאָט, ווו די שטילקייט איז געווען ווי אין אַ קבֿר.

אין סאָקאָלאַוו האָב איך געפונען עטלעכע יידישע פאַמיליעס, וואָס זענען צוריקגעקומען פון אַלע טויט־סכנות, וואָס זיי האָבן איבערגעלעבט אין די יאָרן, פּדי אויך איצט, נאָך דער באַפרײַאונג פון דעם נאַצישער קאָשמאַר, ווידער צו לעבן אין סכנות־נפשות. יעדער שאָרך, יעדער קלאַפּ אין דער טיר, אָדער ווען עס האָט זיך בלויז אויסגעדאַכט, אַז עמעצער קלאַפּט אין דער טיר, האָט זיי געמאַכט אויפציטערן מיט דער זעלבער שרעק ווי זיי זענען אויפגעציטערט געוואָרן ווען זיי זענען געלעגן אין די באַהעלטענישן אויס פחד פאַר די נאַציס און פּוילישע מוסרים.

* * *

אָנקומענדיק קיין פּראַגע איז מײַן גאַנץ פֿאַרמעגן באַשטאַנען פֿון צען גאָלד־רובל. דאָס איז מיר געבליבן פֿון דעם אַלעם, וואָס איך האָב פֿאַרמאָגט. אין פּראַגע האָב איך נישט געקענט געפֿינען קיין אָרט פֿאַר זיך. עס האָט מיך געטריבן.

איך בין דאָך באַפֿרײַט! פֿרײַ צוריקצוקומען פֿון וואַנען איך בין אַוועק. האָב איך ספּאָנטאַן באַשלאָסן צו פֿאָרן קיין סאָקאָלאָוו. דאָרט בין איך דאָך געבוירן געוואָרן, פֿאַרבראַכט גליקלעכע קינדערשע יאָרן, דאָרט געלערנט אין דער ישיבה און דאָרט בין איך רײַך געוואָרן; איך האָט דאָרט געהאַט אַ זאַטע, וואַרעמע היים בײַ עלטערן, בײַ וועלכע די קינדער זענען געווען זייער גאַנץ לעבן און זיי האָבן פֿאַר זיי געשטרעקט דאָס לעבן. האָט עס מיך געצויגן צו דער היים, כאָטש איך האָב געוווּסט אַז זי ליגט אין חורבות, אַז דאָרט איז קיינער פֿון מײַנע נאָענטסטע נישט געבליבן.

פֿאַר דער מלחמה האָבן אין סאָקאָלאָווע געלעבט בײַ אַ פֿינף טויזנט יידישע משפּחות. ווי אַלע ענלעכע יידישע שטעט, איז סאָקאָלאָווע געווען אַ יידישער ברך, מיט יידישע פּאָליטישע פּאַרטייען, פֿאַראײנען, ביבליאָטעקן, מיט אַ רײַך אַקטיוו קולטור־לעבן, ווי אין דער שטאָט וואָלטן געלעבט נישט פֿינף טוינט יידישע משפּחות, נאָר הונדערטער טויזנטער יידישע משפּחות, און ווי פֿון זייער געזעלשאַפֿטלעך־פּאָליטישער אַקטיוויטעט וואָלט געווען אָפּהענגיק דער קיום פֿון דעם גאַנצן יידישן פֿאָלק.

אַזעלכע זענען געווען די יידישע סאָקאָלאָווס, די פּרושקאָווס, די יאַדעוועס. אויפֿן וועג קיין סאָקאָלאָווע בין איך אָפּגעטרעטן אין יאַדעווע. נאָך דער חתונה מיט מײַן פֿרוי האָבן מיר זיך באַזעצט אין יאַדעווע, וואָס איר יידישע באַפֿעלקערונג איז געווען אַ סך ווייניקער ווי אין סאָקאָלאָווע, — אַ צוויי טויזנט משפּחות — אָבער מיט נישט קיין קלענערער געזעלשאַפֿטלעכער אַקטיוויטעט, כאָטש דאָס קהילהשע לעבן איז פֿון קדמונים געלעגן אין די הענט פֿון דער אָרטאָדאָקסיע. דאָס האָט נישט געשטערט די יידישע יוגנט אין יאַדעווע זאָל שטרעבן צו העכערס און שענערס. אויך דאָ איז דאָס

איבערצוחזרן, אַז ער האָט זיך מחיה געווען אין אונדזער געזעלשאַפט. און מיר? — מיר האָבן זיך מחיה געווען אין זײַן געזעלשאַפט און אים דאַנקבאַר געווען פאַר דעם נחת־רוח וואָס ער האָט אונדז פאַרשאַפט, ווי ער וואָלט געווען אַן אליהו הנביא צו דערמונטערן ייִדן, וואָס זענען געווען יאָרן אײַנגעפרוירן אין פרעמדקייט... צום סוף, אײַנשטייגנדיק אין זײַן "גרוזאָוויק", האָט ער געזאָגט:

"איך האָב אײַך אַרויסגעפירט פון גיהנום און אײַך אַרײַנגעפירט אין גן־עדן".

צי איז ער ווירקלעך געווען אליהו הנביא, דער ייִדישער אָפּערע־זינגער פון קיעוו, דער קאַפּיטאַן פון דער רויטער אַרמיי, וואָס האָט אונדז באַפרײַט פון די נאַצישע מערדער?

האָבן מיר בײַ באָלעקס געוועזענער באַלעבאָסטע געגעסן און געטרונקען, ווי מיר וואָלטן געווען אויסגעהונגערט. און די געמיטער זענען געוואָרן צעוואַרעמט, נישט בלויז פון דעם בראָנפן, נאָר אויך פון דעם וואָס דער קאַפּיטאַן האָט אונדז דערציילט. און דערציילט האָט ער אונדז, אַז פון דער פּראָפעסיע איז ער אַן אָפּערע־זינגער, נאָר אין דער מלחמה קעגן די נאַציס האָט ער זיך מאָביליזירט ווי אַ פּראָנט־קעמפער. ער האָט דורכגעמאַכט אַלע געפאַרן, מיט וועלכע עס דראָעט די וואָס גייען אויפן פּראָנט. און אָט געפינט ער זיך אין פּראַגע, דער פאָרשטאָט פון וואַרשע, וווּ עס האָט געלעבט אַ גרויסער יידישער צענטער.

פון איין שנאַפּס צו אַ צווייטן שנאַפּס האָט דער קאַפּיטאַן אָנגעהויבן זינגען יידישע לידער. ער האָט געזונגען אָן אַ סוף, און איין ליד נאָכן צווייטן. עס איז געווען צו באַוווּנדערן פון וואַנען עס נעמט זיך צו אַ מענטש אַזאַ פענאָמענאַלער זכרון צו געדענקען ממש הונדערטער לידער. געענדיקט אַ ליד, האָט ער באַלד געפרעגט:

״און די האָט איר שוין געהערט?״ און נישט וואַרטנדיק אויף אַן ענטפער האָט ער אָנגעהויבן זינגען דאָס ליד וואָס ער האָט געפרעגט צי מיר האָבן עס שוין געהערט. עס האָט אויסגעזען ווי נעבן אונדז וואָלט זיך זײַן יידישקייט צעוואַרעמט, און ער אַליין איז געווען גליקלעך וואָס ער האָט באַקומען אַ יידיש ״פּובליקום״ וואָס זאָל אויסהערן זײַן זינגען. ער האָט געזונגען אַ גאַנצע נאַכט. ער האָט מיט זײַן געזאַנג און מיט דער מתיקות פון זײַן צאַרטער שטים אונדז, די וואָס האָבן יאָרן געלעבט אַ פאַלש לעבן ווי קריסטן, צוריקגעבראַכט צו זיך אַליין...

עס איז ביז גאָר שווער צו פאַרגעסן יענע וווּנדערבאַרע נאַכט אין דער פינצטערער, וויסטער פּראַגע, און עס ווילט זיך גאָרנישט פאַרגעסן! ווי מיט אַ כישוף־שטעקעלע האָט דער קאַפּיטאַן מיט זײַן געזאַנג אַראָפּגענומען פון אונדז די פרעמדע שאָל און אונדז צוריקגעבראַכט צו דעם וואָס מיר זענען געווען — יידן.

אין דער פרי האָט זיך דער קאַפּיטאַן מיט אונדז געזעגנט, זיך געהאַלדזט און צעקושט מיט אונדז און ער האָט נישט אויפגעהערט

איז געווען גוט באַהייצט און מיר האָבן זיך גענויטיקט אין דער וואַרעמקייט ווי אַ דורשטיקער לעבצט נאָך וואַסער. אין קעגנזאַץ צו וואַרשע איז פראַגע נישט געווען צעשטערט. דער קאַפּיטאַן פון דעם "גרוזאָוויק" האָט מחמת דער פינצטערניש, דער שפּעטער שעה און אויך מסתּמא מחמת דעם אומבאַקאַנטן פאַר אים וועג קיין שעדלעץ, אָפּגעלייגט זײַן נסיעה אויף צומאָרגנס. האָבן מיר אים מיט זײַן "גרוזאָוויק" מיטגענומען — ער זאָל דעם אָוונט זײַן מיט אונדז דאָרט ווו מיר וועלן זײַן איבער נאַכט. איז ער מיט דעם "גרוזאָוויק" אַוועק צו דעם הויז פון בּאָלעקס געוועזענער באַלעבאָסטע, צו זײַן אין אונדזער געזעלשאַפט.

זעט אויס, אַז באָלעק האָט געהאַט איבערצײַגט סײַ זײַן כּלה, סײַ אירע שוועסטערס און סײַ דעם שוסטער גופא, אַז ער פאָרט צו קיין פראַגע בלויז וועגן די מכשירים פון זײַן דענטיסטישן קאַבינעט וואָס ער האָט דאָרט איבערגעלאָזט, און אָט באַלד קומט ער צוריק קיין סקערניעוויץ, ווו עס וועט אין אַ מזלדיקער שעה פאָרקומען די חתונה מיט זײַן פון גאָט באַשערטער, אין דער דאָרטיקער קירך. האָבן די מיידן, דער כּלהס שוועסטער צוגעגרייט אַ צידה־לדרך כּיד־המלך, דעם חתן זאָל זיך גלוסטן וואָס שנעלער אַהיימצוקומען צו אַזאַ גן־עדנדיקער "פּאַשע".

דרך אגבֿ, די עלטערע פון דער כּלהס שוועסטער האָט דווקא מיך געוואָלט פאַר אַ חתן; זי האָט זיך "געפּוצט" צו מיר מיט אַלע חנדלעך פון אַ מויד, וואָס שטאַרבט חתונה צו האָבן, בפרט מיט אַזאַ מאַן ווי איך — אַ באַרימטער דאָקטער, וואָס זײַן היילן מערידן איז באַרימט געוואָרן אין גאַנץ סקערניעוויץ.

האָט באָלעק אין זײַן צידה־לדרך־וואַליזע געהאַט פון אַלעם גוטן, מיט געררויכערטע פליישן און אויסגעזוכטן היימיש־געבאַקן געבעקס. אויך איך האָב זיך נישט פאַרלאָזט אויף נסים אין אַזאַ צײַט, ווען רעזשימען בײַטן זיך אָפּ, און איך האָב זיך באַזאָרגט מיט מעדני מאכלים און אויך מיט דעם גאָר וויכטיקן אין דער און אין אַלע צײַטן — בראָנפן.

אויספרווון צי איך בין אַ ייד. האָב איך אים געפרעגט:

״עמך? ביסט אַ ייד?

האָט ער מיר געענטפערט מיט אַ פראַגע, ווי עס איז דער יידיש־לעבער שטייגער:

״דו רעדסט יידיש?״

האָב איך געזאָגט:

״אַוודאי בין איך אַ ייִד און איך רעד יידיש. וואָס דען זאָל איך רעדן, אויב איך בין אַ יידל?״

באַלד האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער קאַפּיטאַן איז אַ ייד פון קיעוו. אַזוי שנעל ווי איך האָב אים געזאָגט, אַז די פרוי מיטן קינד און אויך דער צווייטער מאַן, באָלעק, זענען יידן, האָט ער אונדז געהייסן צוריק אַרויפקלעטערן אויפן ״גרוזאָוויק״. ער וועט אונדז אַריינפירן קיין פראַגע ווו מיר דאַרפן. וויַיזט אויס, אַז ער האָט נישט געהאַט קיין רעכט צו פירן אויף דער מאַשין ציווילע מענטשן, וואָרום ער האָט אונדז פיר איבערגעדעקט מיט אַ פלאַנדעקע און זיך גענומען אין וועג אַריין. מחמת דעם שטאַרקן פראָסט האָט אונדז דער וועג אויסגעזען אומענדלעך לאַנג.

די נאַציס האָבן געהאַט אויפגעריסן די בריק, וואָס פאַרבינדט וואַרשע מיט פראַגע, און בײַם פאַרסירן די ווײַסל האָט די סאָוויעטישע אַרמיי אַריבערגעוואָרפן איבערן טײַך אַ פּאָנטאָן־בריק, וואָס איז געווען באַשטימט בלויז פאַר מיליטערישער קאָמוניקאַציע. דאָס איז געווען די סיבה פאַרוואָס דער קאַפּיטאַן האָט אין וואַרשע אַראָפּגעזעצט אַלע פּאַסאַזשירן, נאָר בלויז אונדז געפירט ווײַטער איבערגעדעקטע מיט אַ פלאַנדעקע. זײַן ציל איז געווען נישט וואַרשע, נאָר שעדלעץ, און ער האָט געמוזט אַדורכפאָרן די ווײַסל.

ווען מיר זענען אָנגעקומען קיין פראַגע איז שוין געווען אָוונט. און דערצו שטאָק פינצטער. באָלעק האָט גוט געדענקט ווו ער האָט געוווינט פאַר דער מלחמה. ער האָט געוווינט בײַ אַ קריסטין, און נישט געדאַרפט לאַנג זוכן כדי אָנצוקומען אויף דעם פלאַץ. די קריסטין האָט אונדז אויפגענומען מיט אויפריכטיקער פרייד. די דירה

זיי האָבן זייערע מערדערישע געפילן אויסגעלאָזט צו די ייִדן, וואָס האָבן באַוויזן איבערצולעבן די נאַציס.

מיר, איך, באַלעק און די פרוי מיטן קינד — איך מיט דער פלאַש בראָנפן אין דער האַנט ווי אַ פאָן — האָבן נישט לאַנג געוואַרט. עס איז אָנגעפאָרן אַ סאָוויעטישער ״גרוזאָוויק״ און דער שאָפער איז געווען אין דער ראַנג פון קאַפּיטאַן. מיט אַן אויפגעהויבענער האַנט האָב איך געבעטן די מאַשין זאָל זיך פאַרהאַלטן און געפרעגט דעם קאַפּיטאַן, צי ער פאָרט קיין וואַרשע און אויב יאָ, זאָל ער אונדז טאָן אַ טובֿה און מיטנעמען. ער איז מסכּים געווען. מיר זענען אייגנטלעך נישט געווען די איינציקע פּאַסאַזשירן. דורך דער צײַט ווי מיר האָבן געוואַרט האָבן זיך אויף דעם פּלאַץ צונויפגעזאַמלט אַ שפּאָרע צאָל פּאָליאַקן, וואָס אויך זיי האָבן זיך געקליבן אָנצוקומען קיין וואַרשע. דער קאַפּיטאַן האָט געהייסן אַלע זאָלן אַרויפקלעטערן אויף זײַן ״גרוזאָוויק״ און ער האָט ממשיך געווען זײַן וועג קיין וואַרשע.

ס'איז געווען כּמעט סוף יאַנואַר. אין דרויסן האָט געהערשט אַ שטאַרקער פראָסט, וואָס איז אַרײַנגעדרונגען אין די ביינער אַפילו ווען מען איז געווען אָנגעקליידט אין פעלצן. כאָטש די אַלע פּאַסאַזשירן אינעם קאַסטן פון דעם ״גרוזאָוויק״ זענען געזעסן איינער נעבן דעם צווייטן, האָט דער פראָסט געריסן פון אונדז שטיקער, און ס'האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז מיר וועלן קיין וואַרשע נישט דערפאָרן לעבעדיקע. געפרוירענע מענטשן וועט דער קאַפּיטאַן ברענגען קיין וואַרשע.

ערגעץ־ווו אין דער חורבֿער וואַרשע האָט דער קאַפּיטאַן באַפוילן, אַז אַלע וואָס געפינען זיך אין זײַן ״גרוזאָוויק״ זאָלן אַראָפּגיין. אויך מיר האָבן געטאָן דאָס זעלבע וואָס אַלע — אַראָפּגעשטיגן פון דער מאַשין. ער אַליין, דער קאַפּיטאַן, האָט זיך אויסגעדרייט מיטן פּנים צו די מאַשין־רעדער אויף צו טאָן זײַן נאַטירלעך געברויך. האָב איך אים נאָכגעטאָן. טוענדיק וואָס מיר ביידע האָבן געטאָן, האָב איך אויפגעכאַפּט, אַז דער קאַפּיטאַן זינגט זיך אונטער אַ ניגון, וואָס האָט מיר אויסגעזען צו זײַן אַ ייִדישער. איז מיר אײַנגעפאַלן, אַז מיט אונטערזינגען אַ יידישן ניגון וויל ער

* * *

אין איינעם אַ זונטאָג פאַר מיטאָג זענען מיר ביידע, איך און באָלעק, אַרויס צום הויפּט־טראַקט, וואָס פירט פון סקערניעוויץ קיין וואַרשע. איך האָב געהאַלטן אין דער האַנט אַ פלאַש בראָנפן, ווי אַ מין ״וויזיטקאַרטע״. רעזשימען בײַטן זיך, אָבער דער דורשט נאָך בראָנפן איז דער זעלבער בײַ אַלע רעזשימען. דעריבער האָב איך אויך בײַם סאָוויעטישן רעזשים זיך באַוויזן מיט אַ פלאַש בראָנפן אין דער האַנט. אויף דעם שאָסיי, ווו מיר האָבן זיך אַוועקגעשטעלט צו וואַרטן אויף אַ געלעגנהייט, אַ מאַשין זאָל אונדז מיטנעמען קיין וואַרשע, איז שוין פון פריִער געשטאַנען אַ פרוי מיט אַ פּיצעלע קינד אײַנגעהילט אין אַ דעק. האָב איך געזאָגט צו באָלעקן, אַז מיר שײַנט, די פרוי, וואָס וואַרט דאָ, איז אַ יידישע. איך האָב זיך דערנענטערט צו איר און געפרעגט:

״וווּהין ווילסטו פאָרן?״

ענטפערט זי:

״קיין וואַרשע״.

זאָג איך איר גלײַך אין די אויגן אַרײַן:

״דו ביסט אַ ייִדישע!״

די פרוי איז דערשיטערט געוואָרן און רעאַגירט מיט אַ צעשראָקענע פראַגע:

״וואָס?״

איך האָב די פרוי באַרויִקט, איר געזאָגט, אַז אויך מיר דאָ זענען יידן. האָט די פרוי לײַכטער אָפּגעעטעמט. זי האָט געהאַט וואָס זיך צו שרעקן, הגם די נאַציס זענען שוין דעמאָלט געווען זייער ווײַט.

די סכנה פאַר יידן האָט זיך באַנײַט. דאָס מאָל האָבן באַנדעס פּוילישע כוליגאַנעס געלויערט אויף ייִדן, וואָס זענען אַרויס פון באַהעלטענישן און צוריקגעקומען אין זייערע חרובֿע היימען, מיט דער האָפענונג עפּעס וואָס צו געפינען פון דעם וואָס איז געבליבן פון זייער וועלט. די מערהײַט פון זיי זענען אומגעקומען פון די הענט פון די כוליגאַנעס פון די אַ. קאַ. וועלכע האָבן אין דער נײַער, סאָוויעטישער מאַכט געזען פּונקט אַזאַ שונא ווי אין די נאַציס, און

באַלעק איז מיר געווען ווי אַ ברודער, בפרט אַ ברודער, מיט וועלכן איך האָב איבערגעלעבט אַזוי פיל טויט־סכּנות. איז זײַן גורל געווען מיר נאָענט צום האַרצן. פון דעם וואָס ער האָט מיר דערציילט בין איך געקומען צום אויספיר, אַז אויב ער האָט זיך געראַטעוועט פון איין גיהנום, פון דעם נאַצישן גיהנום, קומט אים נישט ער זאָל אַרײַנפאַלן אין אַ משפּחה־גיהנום מיט אַ פרוי, וואָס ער האָט זי נישט ליב, וואָס איר מענטאַליטעט איז נישט זײַן מענטאַליטעט, איר סבֿיבֿה איז נישט זײַן סבֿיבֿה; ער איז געווען געצווונגען צו שפּילן אַ פאַלשע ראָל — קומט אים נישט דערפאַר צו לײַדן זײַן גאַנצן לעבן.

האָב איך אים געעצהט, ער זאָל אויף אַ קורצע ווײַל ממשיך זײַן די פאַלשע שפּיל: ער זאָל איבערלאָזן זײַנע זאַכן בײַ דער מויד, און איר זאָגן, אַז אַזוי ווי פאַר דער מלחמה האָט ער אין פּראַגע געהאַט אַ דענטיסטישן קאַבינעט, מוז ער צופאָרן זעען וואָס עס איז געוואָרן פון דעם קאַבינעט און פון די אינסטרומענטן. ער האָט דאָך בדעה צו עפענען אַ גרויסן קאַבינעט, דאַרף ער זעען, צי עפּעס־וואָס איז געבליבן פון דער אויסשטאַטונג. דעריבער פאָרט ער אויף עטלעכע טעג קיין פּראַגע, און אָט באַלד וועט ער זײַן צוריק.

האָט באַלעק געטאָן ווי איך האָב אים געעצהט. צי די מויד האָט געגלויבט וואָס ער האָט איר געזאָגט, אָדער זי האָט געפילט וואָס עס גייט געשען — דאָס וועט בלײַבן אַ סוד אויף אייביק...

נאָמען איז אַ פאַלשער, זײַן אידענטיטעט איז אַ פאַלשע, ער איז נישט דער וואָס זי און איר סבֿיבֿה האָבן געמיינט, אַז ער איז.

אויסגעהערט וואָס באָלעק האָט איר דערציילט, האָט מויד גענומען און אַוועקגעפאַלן אין חלשות אין דעם טיפן שניי. באָלעק האָט זי אָפּגעמונטערט, אָפּגעפּילעט אירע קליידער פונעם שניי און זי געפּרווּוט באַרוּיקן, ווי נאָר ער האָט געקענט. די מויד איז שנעל געקומען צו זיך, אַרומגעכאַפּט אים און געזאָגט:

"באָלעק, אָן דיר קען איך נישט לעבן. איך האָב דיך ליב. מײַן פאָטער און מײַנע ברידער מוזן נישט וויסן, אַז דו ביסט אַ ייִד, אַזוי ווי זיי ווייסן ביז איצט נישט און אַזוי ווי איך האָב ביז דער רגע נישט געוווּסט. שפּעטער, ווען די צײַט וועט זיך ענדערן, די וועלט וועט ווידער זײַן וועלט, וועלן מיר אַוועקפאָרן קיין פּאַלעסטינע. דו וועסט מיר לאָזן זיך פירן לויט מײַן רעליגיע און דו וועסט זיך פירן לויט דײַן רעליגיע".

רעדנדיק די און אַנדערע ווערטער, האָט די מויד פּלוצים געפרעגט:

"צי האָט דאָקטער לעוואַנדאָווסקי געוווּסט, אַז דו ביסט אַ ייִד? ער איז דאָך געווען פון די עדות בײַם גלח בײַם אונטערשרײַבן די תנאים".

האָט באָלעק געזאָגט:

"לעוואַנדאָווסקי האָט נישט בלויז געוווּסט, אַז איך בין אַ ייִד, נאָר אויך ער אַליין איז אַ ייִד".

בײַ אָט די ווערטער איז די מויד ווידער געפאַלן אין חלשות, און ווידער האָט באָלעק זי אויפגעהויבן פונעם שניי און זי צוריק געבראַכט צום באַוווּסטזײַן. דאָס אַלץ וואָס איך און באָלעק האָבן איבערגעלעבט ביסלעכווײַז, מיט דעם שוסטער דעם מחותן, מיט דער כלהס ברודער דעם גלח, דאָס אויסבאַהאַלטן זיך פון די סכנות אַנדעקט צו ווערן ווי ייִדן — דאָס אַלץ איז געפאַלן אויף דער מויד מיט איין מאָל און עס איז געווען איבער אירע כוחות אויפצונעמען די אויסטערלישע ווירקלעכקייט.

האָט זיך באַלעק פאַר מיר פאַרטרויט, אַז ער וואָלט געהאַנדלט ווי איך זאָג אים אַז ער דאַרף האַנדלען, ער וואָלט קיין שום קומענדיקע קאָמפּליקאַציעס נישט גענומען אין באַטראַכט, ער וואָלט פאַרגעסן ווער ער איז געווען פריִער, אָבער די צרה איז וואָס ער האָט די מויד נישט ליב. אַלץ וואָס ער האָט געטאָן אין די יאָרן פון דער מלחמה איז דאָך געווען בלויז כּדי צו ראַטעווען דאָס שטיקל לעבן. ווער נאָך, ווי איך, ווייס וויפל סכּנות עס האָבן געלויערט אויף אַ ייִד. יעדן טאָג, יעדע שעה, יעדע מינוט. ער איז געגאַנגען אַרבעטן צו די דײַטשן צוזאַמען מיט דער שוסטערס טאָכטער, ווײַל אַזוי אַרום האָט ער זיך געדעקט קעגן די סכּנות; ער איז געגאַנגען ווינען צום שוסטער מחמת די זעלבע מאָטיוון, און ער האָט מסכּים געווען צו שרײַבן תּנאָים מיט דער מויד, ווײַל דאָס האָט אים געגעבן די ענדגילטיקע זיכערקייט, אַז ער וועט לעבן און איבערלעבן. אָבער איצט, ווען ער האָט איבערגעלעבט די נאַציס, די סכּנות זענען אָן אַ פאַרגלײַך קלענער געוואָרן, די צוקונפט גייט ווערן אַן אַנדערע — פאַרוואָס זאָל ער פאַרזינקען ווערן אין אַ פרעמד לעבן, בפרט, אַז ער האָט די מויד נישט ליב? ער פילט, אַז דער זיווג וועט זיך ענדיקן מיט אַן אַוואַנטורע.

האָב איך באַלעקן געזאָגט אַז איך קלײַב זיך צו פאָרן קיין וואַרשע, דאָס הייסט אייגנטלעך נישט קיין וואַרשע, וואָס איז צעשטערט, סײַ מחמת דעם ייִדישן און סײַ מחמת דעם פּוילישן אויפשטאַנד, נאָר קיין פּראַגע, דער פאָרשטאָט פון וואַרשע. דאָרט האָט באַלעק פאַר דער מלחמה געאַרבעט אַלס דענטיסט. האָב איך אים געעצהט, ער זאָל פאָרן מיט מיר און זיך דאָרטן אַרומזען ווי אַזוי ווײַטער צו פּלאַנירן זײַן לעבן. וואָס שײַך זײַן כּלה, זאָל ער זי נעמען אויף אַ שפּאַציר און איר דערציילן דעם אמת ווי ער איז.

ער האָט מיר געפּאָלגט, גענומען די מויד אויף אַ שפּאַציר. ס'איז געווען אַ שווערער ווינטער־טאָג, די גאַסן זענען געווען באַדעקט מיט אַ טיפן שניי. אין אָט דער פּראָסטיקער אַטמאָספער האָט ער זיך פאַר דער מויד אַראָפּגערעדט פון האַרצן, איר דערציילט, אַז ער איז אַ ייִד, ער האָט זייער שטאַרק געוואָלט לעבן און איבערלעבן. זײַן

פּאַמפּע, אַפילו אויף צו להכעיס די באָלשעוויסטישע בעזבאָזשניקעס...

איז אין יענע טעג געקומען צו מיר באַלעק און מיר דערציילט די מעשׂה מיט דער חתונה:

בײַם שוסטער אין שטוב טוט זיך חושך. דאָרט גרייט מען זיך צו דער חתונה ווי די סעודה וואָלט געדאַרפט דויערן כאָטש אַ וואָך צײַט. די כּלה גופא קען זיך נישט דערוואַרטן אויף דעם טאָג ווען זי וועט ענדלעך שטיין מיט איר חתן פאַרן אַלטאַר און דער גלח וועט זיי פאַרבינדן אויף אייביק. באַלעק וועט זײַן בלויז אירער...

דערקעגן איז באַלעק געווען צעריסן אויף שטיקער: ער האָט מורא געהאַט פאַר דעם צו וואָס זײַן כּלה איז געווען גרייט מיט דעם גאַנצן האַרצן. וואָס זאָל ער טון? האָט ער מיר געפרעגט. ווי אַזוי זאָל ער האַנדלען? ער איז אַ ייִד, זײַן קריסטלעכער נאָמען איז אַ פאַלשער, זײַן געבוירן־פּלאַץ איז אַ פאַלשער, זײַנע עלטערן ווי ער האָט זיי אָנגעגעבן אין זײַן "קענקאַרטע" זענען פאַלשע. מיר, די עדות, דער ייִד יצחק פּיעקאַרסקי מיט דעם פאַלשן פּוילישן נאָמען עוגעניוש לעוואַנדאָווסקי און דער פעלדשער קאָסטושעשאַ, זענען וווּנט נישט קיין כשרע עדות. איז ווי אַזוי וועט ער דאָ גיין זיך אַרײַנלייגן מיט אַ ייִדישן קאָפּ פול מיט פאַלשקייט אין אַ גויִיש בעט? ער וועט דאָך מוזן לעבן דאָס פאַלשע לעבן, וואָס ער האָט די יאָרן געלעבט, מחמת דעם אומגליק מיט די נאַציס. צווישן מאַן און ווײַב איז נישט אַלע מאָל קרצעניר־מוציניו, און ער האָט מורא פאַר יענער רגע, ווען בעת אַ קאָנפליקט, זאָל ער נישט אַרויספּלאַצן מיט דעם גאַנצן אמת ווער און וואָס ער איז...

קעגן אָט אַלע טענהס האָב איך געזאָגט צו באַלעקן אַזוי:

"דו האָסט דער מויד צוגעזאָגט מיט איר חתונה האָבן — דאַרפסטו האַלטן וואָרט. זי האָט דיך געראַטעוועט; האָסט געלעבט בײַ אירע עלטערן אין הויז, דאָרט געגעסן און געשלאָפן, ווי איינער פון דער משפּחה. איז אויב דו האָסטו זי ליב — פאַרגעסן אָן אַלץ און אָן אַלעמען און האָב מיט איר חתונה. האַנדל ווי אַ מענטש דאַרף האַנדלען".

* * *

דערווײַל זענען פֿאָרגעקומען גרויסע זאַכן אין וועלט־פּאָרנעם: די רויטע אַרמיי האָט באַזעצט סקערניעוויץ דעם 17טן יאַנואַר 1945, און קיין צו גרויסע פֿרייד האָט די באַפֿרײַונג בײַ די פּאָליאַקן נישט אַרויסגערופֿן. אַן אָקופּאַנט אַרויס — אַן אָקופּאַנט אַרײַן. צו די שוואַבן, ווי די פּאָליאַקן האָבן גערופֿן די דײַטשן, האָבן זיי זיך שוין געהאַט צוגעוווינט צוזאַמען מיט די צרות וואָס די נאַציס האָבן אָנגעטאָן. צו עסן איז געווען, בראָנפֿן אויך, ווער עס האָט נישט געהאַט גענוג געלט אויף צו קויפֿן גוטן בראָנפֿן האָט געטרונקען "בימבער", אַ רויער היימיש־געמאַכטער בראָנפֿן וואָס האָט זיך געלאָזט הערן אויף אַ מײַל. אויב ס'איז געווען גענוג געלט אין דער קעשענע, האָט מען בײַ די נאַציס געגעסן ווי פֿאַר דער מלחמה. דערקעגן האָבן די פּאָליאַקן נישט געוווּסט וואָס עס ברענגען מיט זיך די "קאַצאַפּן", ווי זיי האָבן גערופֿן די רוסן. צי וועלן די רעקוויזיציעס פֿון פּראָדוקטן זײַן שאַרפֿערע, אָדער שוואַכערע; צי וועט מען קענען האַנדלען, מאַכן געשעפֿטן און מאַכן אַ לעבן, אָדער...

אויב דער גאַנצער שטייגער איז געוואָרן אַן אומזיכערער, מען האָט הײַנט נישט געוווּסט וואָס עס וועט זײַן מאָרגן, האָט יעדער איינער זיך פֿאַרזאָרגט ווי ער האָט געקענט, כדי עווענטועל איבערצולעבן די ערשטע שווערע צײַט.

אפֿשר צוליב דער געשאַפֿענעער לאַגע, האָט דער שוסטער, דער וואָס האָט געזאָלט זײַן באָלעקס מחותּן, באַשלאָסן צו "שמידן דאָס אײַזן כּל־זמן עס איז אָנגעגליט", דאָס מיינט כּל־זמן מען קען פּראַווען אַ חתונה ווי ער האָט געטראַכט צו פּראַווען, באַקומען די אַלע גוטע זאַכן וואָס מען דאַרף האָבן צו דער חתונה־סעודה, דאַרף מען מאַכן די חתונה פֿון זײַן טאָכטער מיט דעם דאָקטער־דענטיסט באָלעק.

די חתונה איז געוואָרן באַשטימט אויף דעם 12טן, אָדער אויף דעם 15טן פֿעברואַר 1945. און פֿאָרקומען האָט זי געדאַרפֿט טאַקע אין דער קירך אין סקערניעוויץ, און טאַקע מיט דער גאַנצער

דעם זונטאָג, נאָך דעם ווי די מערידן זענען פאַרשווונדן, בין איך פאַרבעטן געוואָרן אויף אַ מיטאָג ווי אַן אויסדרוק פון דאַנק פאַר באַפרײַען דאָס מיידל פון אירע ווייטאָגלעכע מערידן. בײַ דער געלעגנהייט האָט זיך בראָנפן געגאָסן ווי וואַסער און צו די שבֿחים פאַר מײַן דאָקטערישער גרויסקייט האָט קיין סוף נישט גענומען.

אויף ווי ווײַט עס האָט זיך פאַרפעסטיקט מײַן אַליבי אַלס פּאָליאַק־קאַטאָליק האָב איך זיך איבערצײַגט ערשט שפּעטער, ווען די רוסן האָבן באַזעצט אויך סקערניעוויץ. בײַ אַ געוויסער געלעגנהייט האָבן איך קאָרנאַצקין אויסגעזאָגט דעם סוד, אַז איך בין אַ ייִד. דער פּאָליאַק האָט זיך צעלאַכט:

״פון וועמען גייסטו חוזק מאַכן? דו ביסט אַ ייִד? דו מאַכסט זיך פאַר אַ ייִד, ווײַל דו ווילסט גשא־חן זײַן אין די אויגן פון די סאָוויעטן. מיך וועסטו נישט נאַרן. איך קען זיך אויס אויף ייִדן.״

איך האָב אים נישט איבערצײַגט, אַז איך בין ווירקלעך אַ ייִד און נישט געהאַט בדעה צו טאָן דאָס וואָס מײַן וואַרשעווער באַלעבאָס, טשערוויעץ, האָט געטאָן אין דעם אַרבעט־לאַגער ווען אַ כוליגאַן האָט אים פאַרדעכטיקט, אַז ער איז אַ ייִד, און ער האָט אַראָפּגעלאָזט די הויזן...

וואַזעלין און אַרײַנגעאַרבעט אין דעם הינטן פון דער פּאַציענטין, ווי אין אַ גאָלד־גרובן.

איך האָב געמוזט ווײַזן די אַרומיקע און איבעצײַגן דער פּאַציענטין, אַז מײַנע פינגער זענען נישט סתם פינגער, נאָר פינגער פון אַ ספּעציאַליסט, וואָס קען זיך אויס אויף מערידן איינער אין דער וועלט. ווי זאָגט זיך עס ערגעץ־ווו אין ״זוהר״: ״הכל תלוי במזל, אפילו ספר תורה שבהיכל״ — ״אַלץ איז אָפּהענגיק פון מזל, אַפילו אַ ספר־תורה אין ארון קודש״. איך ווייס נישט וואָס איך האָב דאָרט געטאָן מיט מײַנע פינגער, אָבער דאָס מזל האָט מיר צוגעשפּילט, ווי מיט אַ גרויס געווינס אויף לאָטעריע. איך האָב דער קראַנקער פאַרשריבן זי זאָל צוויי מאָל אין טאָג זיצן איבער וואַרעם וואַסער און זיך אונטערוואַשן מיט ״טאַנין״, ספּעציעל פאַר מערידן, און מיט קאַמאָמיל. אויסער דעם האָב איך די שטוביקע געהייסן קויפן אין דער אַפּטייק אַ פּרעפּאַראַט, וואָס הייסט ״מידי״. אָט די אַלע עצהס האָב איך געכאַפּט אין שפּיטאָל אין וואַרשע. ווי אַ צולאָג האָב איך דער מערידן־קראַנקער געעצהט זי זאָל אין דער אַפּטייק קויפן ״טשאָפּקעס״, ״ליכטלעך״, און זיי שטופּן דאָרט ווו מען דאַרף, אין די מערידן, דרײַ מאָל אין טאָג. ועל כּולם האָב איך צוגעטראַכט מײַנעם אַן אייגענעם רעצעפּט קעגן מערידן: זי זאָל עסן געריבענע עפּל...

פאַרוואָס עס איז מיר אײַנגעפאַלן צו עצהן איר, זי זאָל עסן געריבענע עפּל און נישט געריבענע מייערן, אָדער בוראַקעס — דאָס קען איך נישט דערקלערן. אפשר דערפאַר, ווײַל עס זענען מיר געקומען אויפן רעיון עפּל און אפשר דערפאַר, ווײַל ווען איך בין געווען אַ ייִנגל האָב איך ליב געהאַט געריבענע עפּל...

נאָך אַ זעקס־זיבן טעג האָט מײַן באַלעבאָס, קאָרנאַצקי, מיר אָנגעזאָגט די פרייַלעכע בשורה, אַז די מערידן פון זײַן שוועסטערס טאָכטער זענען ווי אַוועקגענומען געוואָרן מיט דער האַנט. נישטאָ קיין מערידן. אויס מערידן! דאָקטער לעוואַנדאָווסקי האָט באַוויזן וואָס דרײַ פריערדיקע דאָקטוירים האָבן נישט באַוויזן. קאָרנאַצקי האָט געשטראַלט פון פרייד וואָס בײַ אים אין הויז וווינט אַזאַ גרויסער דאָקטער, וואָס אַ צווייטן אַזאַ האָט ער נאָך נישט געזען.

וועלכע אַ דאָקטער קען זיך נישט באַגיין אין אַזעלכע ביטערע צײַטן ווי מלחמה. דאָס אַלץ האָב איך געהאַט אין אַ דאָקטעריש רענצעלע, וואָס איך האָב אויך "גערירשנט" פֿונעם שפּיטאָל אין וואַרשע. דאָס רענצעלע צוזאַמען מיט מײַן עלעגאַנטער קליידונג און גלאַנציקע שטיוול, האָבן פֿון מיר געמאַכט נישט נאָר אַ דאָקטער, נאָר אַ גאַנצן פּראָפֿעסאָר.

מיט אָט די כּלים בין איך אַוועק צו דער פּאַציענטין. די ראָל פֿון אַ דאָקטער האָב איך געקענט שפּילן נישט ערגער ווי יעדער דאָקטער. כ'האָב זיך געהייסן דערלאַנגען אַ שיסל וואַרעם וואַסער צו וואַשן די הענט. איך האָב בײַ די שטוביקע זיך געפֿרעגט צי אין דער משפּחה זענען פֿאַראַן נאָך אַזעלכע וואָס לײַדן אויף מערידן. אפֿשר זענען די מערידן פֿון דער יונגן מיידל אַ ירושה־זאַך? וואָרום די מעדיצינישע וויסנשאַפֿט ווייסט וועגן ירושה־קראַנקייטן. דערנאָך האָב איך זיך אַוועקגעזעצט אויפֿן ראַנד פֿון דעם בעט פֿון דער קראַנקער, וואָס איז נעבעך געלעגן אין געהאַקטע צרות, אַז עס איז געווען גאָטס רחמנות אויף איר. איך האָב זי געגעבן אויסגעפֿרעגט וואָס פֿאַר אַ סאָרט וויטאָגן זי פֿילט. צי זענען עס ברענענדיקע ווייטאָגן, טעמפּע ווייטאָגן, שפּיזיקע ווייטאָגן, וואָרום אַ ווייטאָג צו אַ ווייטאָג איז נישט גלײַך. דאָס מיידל האָט אירע ווייטאָגן נישט געקענט אָפּמאָלן, אָבער זי האָט זיך געקלאָגט, אַז פֿון די ווייטאָגן גייען איר אויס די כּוחות. די מערידן וועלן זי דערפֿירן צום קבֿר. האָב איך איר געבעטן, זי זאָל זיך נישט שעמען פֿאַר מיר, פֿאַר אַ דאָקטער שעמט מען זיך נישט, און מיר ווײַזן איר שיינעם הינטן. האָב איך אָפּגעדעקט די פֿערענע, דאָס מיידל האָט זיך געלייגט מיטן הינטן אַרויף און איך האָב דערזעען מערידן...

דעם אמת געזאָגט האָב איך אין מײַן לעבן נישט געזען קיין מערידן, נאָר דאָס וואָס איך האָב דערזעען פֿאַר מײַנע אויגן איז געווען גענוג, איך זאָל האָבן געזען הונדערט מערידן. בײַ אָט דעם פּונקט איז געקומען די צײַט נישט נאָר צו מאַכן דעם אָנשטעל פֿון אַ דאָקטער, נאָר אויך עפּעס טאָן ווי אַ דאָקטער. האָב איך אָנגעטאָן מײַנע דאָקטאָרישע גומי־הענטשקעס, אײַנגעשמירט די פֿינגער מיט

וווייטאָגלעכער קראַנקייט. אויב איך טאָר נישט פאַרשרײַבן קיין רעצעפּטן פאַר דער אַפּטייק אין סקערניעוויץ — זאָל איך נישט פאַרשרײַבן. מײַנע עצות וועלן זיי איבערגעבן צו אַנדערע דאָקטוירים אין סקערניעוויץ און זיי וועלן פאַרשרײַבן פאַר דעם קראַנקן מיידל די רעצעפּטן וואָס איך טאָר נישט פאַרשרײַבן...

די זאַך האָט זיך געלייגט אויפן שׂכל און עס איז מיר נישט געבליבן קיין אַנדערע ברירה ווי גיין אויף אַ וויזיט צו דער קראַנקער און פּרווון געפינען אַן עצה.

ווי קאָרנאַצקי האָט מיר איבערגעגעבן זענען בײַ דער קראַנקער געווען דרײַ דאָקטוירים, איינער נאָכן אַנדערן, און קיינער פון זיי האָט נישט געקענט צונעמען פון איר די ווייטאָגן. די מעשה מיט די דרײַ דאָקטוירים האָט נאָך מער פאַרשטאַרקט מײַן אומרו. ערשטנס, אויב דרײַ דאָקטוירים האָבן נישט געהאָלפן, וואָס קען העלפן יצחק פּיעקאַרסקי מיט אַ "קענקאַרטע" אַלס דאָקטער עוגעניוש לעוואַנדאָווסקי? צווייטנס, איז עס מסתּמא אַ שווערע קראַנקייט וואָס מיט מײַן "מעדיצינישע וויסן" קען איך די קראַנקייט נאָך שווערער מאַכן און חלילה דערפירן די קראַנקע צום קבֿר.

האָב איך געבעטן קאָרנאַצקי זאָל מיר אויפקלערן אויף וואָס פאַר אַ סאָרט קראַנקייט זײַן שוועסטערס טאָכטער לײַדט. מיט אַן ערנסטן טאָן, האָט ער מיר פאַרטרויט אַז דאָס מיידל לײַדט אויף שווערע מערידן, וואָס אַזעלכע האָט נאָך די וועלט נישט געזען. פון דעם באַריכט איז מיר געוואָרן אַ ביסל לײַכטער. מערידן זענען נישט קיין ראַק, קיין האַרץ־פעלער, קיין נירן־שטיינער, קיין גאַל־שטיינער. מערידן זענען מערידן. האָב איך זיך דערמאָנט, אַז אַלס ייִנגל האָב איך געהערט רעדן וועגן מערידן און אַז צו מערידן איז גוט צו טרינקען מעד, האָניק־ווײַן...

נאָך זײַענדיק אין שפּיטאָל אין וואַרשע, האָב איך פאַר זיך "אָרגאַניזירט" אַלע נייטיקע מכשירים פון אַ דאָקטער אין יענער צײַט: אַ סטעטאָסקאָפּ, אַ טערמאָמעטער, אַ שערל, אַ סקאַלפּעל אויפצושנײַדן טשיראַקעס, פּינצעטן, גומי־הענטשקעס, אַפילו אַ פלעשלע בענזין אויסצורייניקן אַ מכה וכדומה אַזעלכע זאַכן, אַן

געשלאָפן בײַם שוסטער, מיט אָדער נעבן זײַן כלה. די עטלעכע טעג ווי טשערוויעץ האָט פאַרבראַכט מיט מיר, האָבן מיר געשיכּורט אויך לכבוד די קאַרטלעך וואָס זענען געפלאָסן צו מיר פון פאַרשיידענע "קרובֿים"... מײַן אַליבי אַלס פּאָליאַק־קאַטאָליק איז שוין געווען אויסער יעדן ספק...

אויף דעם און אַנדערע אופנים האָב איך אין סקערניעוויץ זיך אײַנגעשאַפט באַקאַנטע, וואָס האָבן געהאַט גרויס דרך־ארץ פאַר דעם דאָקטער לעוואַנדאָווסקי.

פאַרוואָס איך האָב באַקומען אַ נאָמען אַלס גוטער דאָקטער האָב איך נישט אָנגעהויבן צו וויסן, נאָר אַז אַ נאָמען גייט פון מויל צו אויער און יעדער איינער לייגט צו אַ שבח, וואַקסט אויס אַ באַרימטקייט. אין איינעם אַ טאָג האָט קאָרנאַצקי זיך געוואָנדן צו מיר, איך זאָל אים טאָן אַ טובֿה און אים העלפן אַלס דאָקטער. ס'האָט געהייסן אַז ער אַליין איז געזונט, נאָר די הילף דאַרף ער האָבן פאַר זײַן שוועסטערס טאָכטער, וואָס איז געפערלעך קראַנק און זי לײַדט שרעקלעכע ווייטאָגן.

איך בין געשטעלט געוואָרן פאַר אַ שווערן נסיון וואָס טאָמער פאַל איך דורך, וועט מײַן גאַנצער דאָקטערישער פּרעסטיזש לײַדן אַ מפּלה און גאָט דער איינציקער ווייסט מיט וואָס אַזאַ דורכפאַל אין דער מעדיצין איז עלול זיך צו ענדיקן פאַר מיר. האָב איך געזוכט און געפונען אַ תירוץ, אַז איך בין טאַקע אַ דאָקטער, אַ שפּיטאָל־דאָקטער, מײַן ליבער גאַסט, טשערוויעץ, ווייסט עס צום בעסטן, אָבער די צרה איז וואָס איך בין אַ קראָקעווער דאָקטער און לויט די נאַצישע געזעצן טאָר איך נישט פאַרשרײַבן קיין רעצעפּטן אין סקערניעוויץ. איך טאָר נישט אַרײַן אין אַ קאָנפליקט מיט די פאַרשאָלטענע שוואַבן, וואָס טאָמער כאַפּן זיי מײַנעם אַ רעצעפּט אין דער סקערניעוויצער אַפּטייק, ווער איך אויס דאָקטער, און גאָט דער איינציקער ווייסט מיט וואָס די שוואַבן קענען מיך באַשטראָפן.

זענען צו מיר צוגעשטאַנען סײַ מײַן געוועזענער באַלעבאָס טשערוויעץ און סײַ קאָרנאַצקי איך זאָל גיין צו דער קראַנקער זי באַטראַכטן און אויסגעפינען ווי אַזוי זי צו באַפרײַען פון דער



איך האָב זיך דערוווסט, אַז מײַן געוועזענער באַלעבאָס אין וואַרשע אויף הרוביעשאָווסקע גאַס נומער 8, באָלעסלאַוו טשערוויעץ, וווינט אין דעם שטעטעלע באָזשעוואָליאַ. צו קאָרנאַצקין פלעגט אַרײַנקומען דער דערמאָנטער נאַצי, דער אָנפירער פון די באַנען אין דעם ראַיאָן. האָב איך געבעטן דעם נאַצי ער זאָל צוזאַמען מיט מיר פאָרן צו מײַן פרײַנד טשערוויעץ אין באָזשעוואָליאַ. האָט דער נאַצי אָנגעטון דעם מונדיר און מיך באַגלייט קיין באָזשעוואָליאַ. מײַן כוונה איז געווען צוצורעדן טשערוויעצן ער זאָל שרײַבן צו מיר פיקטיווע פּאָסטקאַרטלעך, כלומרשט פון מײַנע פאַרשיידענע משפּחה־קרובֿים — פּעטערס, מומעס, קוזינען, גלידשוועסטערקינדער, מחותּנים — דער טײַוול ווייסט וואָס נאָך פאַר אַ קרובֿים עס זענען פאַראַן אויף דער וועלט, אַבי איך זאָל די קאַרטלעך דערהאַלטן מיט פיקטיווע אַבזענדערס, מיט גרוסן און קושן. אַז די אַלע קאַרטלעך וועלן אָנקומען אויף מײַן אַדרעס: ד״ר עוגעניוש לעוואַנדאָווסקי, וועלן די באַלעבאַטים, די קאָרנאַצקיס, באַוווּנדערן די גרויסע צאָל פון מײַנע קרובֿים און אַפילו זיי זאָלן זיך אָנשיכורן צען מאָל אין טאָג, וועט זיי נישט אײַנפאַלן, אַז זייער סובלאָקאַטאָר איז אַ ייִד...

טשערוויעץ איז מסכּים געווען צו שרײַבן אַזעלכע קאַרטלעך ווי איך האָב אים געבעטן. ער האָט צוגעטראַכט פאַרשיידענע קרובֿים און אַלע קרובֿים ״האָבן געשריבן״. צו מיר זענען געפלאָסן די קאַרטלעך, צו דער שטויננג נישט בלויז פון דער פאַמילע קאָרנאַצקי, נאָר אויך קאָסטושעשאַ האָט זיך נישט געקענט אָפּוווּנדערן פון מײַן פאַרצווײַגטער משפּחה אין דער אַרומיקער סבֿיבֿה פון באָ־זשעוואָליאַ, און אַלע ווילן וויסן וואָס איך מאַך, וואָס איך טו, ווי איך פיל זיך?

איין מאָל האָב איך פאַרבעטן טשערוויעצן ער זאָל קומען צו מיר קיין סקערניעוויץ און זײַן מײַן גאַסט. ער האָט מײַן אײַנלאַדונג אָנגענומען און געקומען צו מיר און אַפילו געשלאָפן מיט מיר אין איין בעט, וואָרום באָלעק האָט דאָך באַפרײַט מײַן בעט און

צעקייַט און אַראָפּגעשלונגען, אָן דעם קאָסטוזשעשאַ זאָל אַ פּינטל טאָן מיט אַן אויג מחמת דעם וואָס ער האָט געוווסט, אַז באָלעק איז אַ ייד. מיר האָבן זיך אַלע צעקושט, ווי עס איז דער שטייגער, און איך בין געווען גליקלעך וואָס איך האָב ענדגילטיק אײַנגעוואָרצלט אין די הערצער פון מײַנע באַלעבאַטים, אַז איך בין אַ פּאָליאַק־קאַטאָליק, כאָטש דער כוליגאַן, זיגמונט, דער געוועזענער קוכער אין אַרבעט־לאַגער, איז געווען איבערצײַגט, אַז איך בין אַ פּאָלקסדײַטש...

הײַנט איז מיר שווער אויסצורעכענען די תּחבולות, וואָס איך האָב אָנגעווענדט, כּדי מײַן נאָענטסטע סבֿיבֿה זאָל נישט האָבן דעם מינדסטן פֿאַרדאַכט, אַז איך בין אַ ייד.

איך בעט דיך איבער. איך האָב דעמאָלט נישט געמיינט דיך צו באַליידיקן"...

זיגמונט איז מסתמא געווען זיכער, אַז איך וועל זיך דאָס מאָל מיט אים אָפּרעכענען פאַר אָפּשפּעטן פון אַ פּאַלקסדייַטש. איז ער צוגעפאַלן צו מיר און געוואָלט מיך קושן און איבערגעבעטן נאָך אַ מאָל און נאָך אַ מאָל, איך זאָל אים מוחל זייַן. גרויסמוטיק האָב איך אים מוחל געווען און אַלס אַ זשעסט פון אַ האַר כלפי זייַן קנעכט, האָב איך ביי אים אייַנגעקויפט אַ מאַסע באַפּוצונגען.

ביי קאָרנאַצקין אין הויז איז שוין געשטאַנען גרייט דער בוים, מען זאָל אים באַפּוצן, און איך האָב זיך גענומען צו דער אַרבעט מיט פלייַס אַז דער ייִד־דער־גאָט־פון־די־פּאָליאַקן־קאַטאָליקן זאָל האָבן נחת פון דעם ייִד, וואָס שפילט די ראָל פון אַ פּאָליאַק־קאַטאָליק.

איך האָב אין דעם בוים אַרייַנגעלייגט מייַן גאַנצן טאַלאַנט צו באַפּוצן און אַז דער בוים איז געווען פאַרטיק, אָנגעקליידט פון קאָפּ ביז די פיס אין פאַרב, גלאַנץ און אין ליכט, איז דער באַלעבאָס קאָרנאַצקי געווען אויסער זיך פון התפעלות. ער האָט די אָנווענדיקע פאַרזיכערט, אַז ער האָט שוין אין זייַן לעבן געזען זייער פיל באַפּוצטע ווייַנאַכט־ביימער, נאָר אַזוי ווי דער דאָקטער לעוואַנדאָווסקי האָט דאָס מאָל אויסגעסטרויעט דעם בוים, זעט ער צום ערשטן מאָל אין זייַן לעבן...

אויף צו מאָרגנס צו דער סעודה, האָבן מיר זיך געזעצט צום פייַערלעך־געדעקטן טיש. די געזעלשאַפט איז באַשטאַנען פון אַ פּאָפּ, וואָס איז געהאַט אַנטלאָפן פון דער סאָוויעטישער זייַט און איז געקומען קיין סקערניעוויץ, פון קאָסטזשעשאַן, קאָרנאַצקי מיט זייַן פרוי, פון דעם נאַצישן אָנפירער פון דער באַן־באַוועגונג אין דעם סקערניעוויצער ראַיאָן, פון באָלעקן און פון מיר. ווי עס איז דער קריסטלעכער מינהג אין דעם יום־טוב, האָט דער באַלעבאָס פונאַנדערגעטיילט צווישן די אָנווענדיקע קריסטמעס־וואַפלע (אָפּלאַטעק — אויף פּויליש), וואָס דאַרף סימבאָליזירן דאָס לייַב פון דעם ייִד ישו, וואָס איז געוואָרן צו אַ גאָט. אויך מיר, איך און באָלעק, האָבן באַקומען שטיקלעך פון דער קריסטמעס־וואַפלע און זי

דער כּלהס ברודער בתוכם צופרידן וואָס מען זעט נישט מער קיין ייִד פאַר די אויגן...

אין אַ מזלדיקע שעה זענען אַריבער די פּייַערונגען פון די תּנאָים פון דעם ״באַשערטן״ זיווג. איך האָב ווײַטער געוווינט אין דעם זעלבן צימער וואָס קאָסטושעשאַ.

ערבֿ די ווייַנאַכטן האָב איך זיך געגרייט מאַכן אַ ווייַנאַכט־בוים אין הויז פון קאָרנאַצקין, כּדי צו שטאַרקן בײַם באַלעבאָס און אפשר אויך בײַ די שכנים די זיכערקייט, אַז איך בין אַ פּאָליאַק און אַ קאַטאָליק גלײַך ווי זיי. בין איך צוזאַמען מיט באָלעקן אַוועק אײַנקויפן די פאַרביקע באַלאָנעלעך, שטערנדלעך ליכטעלעך, גלעקעלעך און פליטערלעך אויף צו באַצירן דעם ווײַנאַכט־בוים. איך בין דעמאָלט געווען אָנגעטאָן אין מײַן גאַנצן גלאַנץ: אין מײַן גוטן פוטערנעם מאַנטל, מיט גלאַנציקע שטיוול און מיט דעם גרינעם קאַפּעלוש מיט דעם פעדערל. ערשט איך זע: דער פאַרקויפער פון די אַלע באַפּוצונגען פאַר די ווײַנאַכט־ביימער איז נישט קיין אַנדערער ווי זיגמונט, דער וואָס איז געווען קוכער אין דעם אַרבעט־לאַגער. ער האָט דעמאָלט געחוזקט פון מיר, און איך בין געווען זיכער, אַז ער שפּעט פון מיר, ווײַל ער פאַרדעכטיקט אַז איך בין אַ ייִד. איך האָב דעמאָלט אויסגעמיטן אַרײַנצוגיין מיט אים אין אַן אָפענעם קאָנפליקט, ווײַל וואָס עס זאָל דעמאָלט נישט האָבן אַרויסגעקומען פון אַזאַ קאָנפליקט, וואָלט איך געווען דער פאַרשפּילטער.

איצט, אין סקערניעוויץ, אין מײַן עלעגאַנטער קליידונג און מיט געשטײַגערטער זעלבסטזיכערקייט, האָב איך געזאָגט צו באָלעקן:

״קוק אָן דעם פאַרקויפער, ער איז געווען קוכער בײַ אונדז אין אַרבעט־לאַגער אין וואַרשע״. און אויסדרייענדיק זיך האָב איך זיך געוואָנדן צום פאַרקויפער: ״זיגמונט. יאָ, הייסט זיגמונט? געדענקסט ווי דו האָסט מיר דאָרט אין אַרבעט־לאַגער אין וואַרשע נאָכגעשפּעט? האָסט דעמאָלט אַוודאי געמיינט, אַז איך בין אַ ייִד, נישט אמת?

זיגמונט איז אַרײַן אין בהלה און אָנגעהויבן זיך פאַרטיידיקן: ״איך האָב פון אָנהייב אָן געוווּסט, אַז דו ביסט אַ פאָלקסדײַטש.

פליישן, און בראָנפּן האָט זיך געגאָסן ווי וואַסער. קיינעם פון די אַלע געסט וואָלט גאָרנישט איינגעפאַלן, אַז אויף דער דאָזיקער תנאים־פּייַערונג שפּילט זיך אָפּ אַ דראַמע, וואָס נאָר די ווילדע ווירקלעכקייט האָט זי געקענט ״פאַרפאַסן״.

בעת דער סעודה, ווען דער עולם האָט די פעטע פליישן פאַרגאָסן מיט בראָנפּן, איז נישט געווען דער מינדסטער צייכן, אַז ס'איז מלחמה־צייַט; אַז פוילן געפינט זיך שוין פינף יאָר אונטער דער נאַצישער אָקופּאַציע; אַז סך־הכּל וויייניקער פון הונדערט קילאָמעטער צפונדיק פון סקיערניעוויץ שטייט די רויטע אַרמיי, און אין וואַרשע גייט אָן דער אויפשטאַנד, אין וועלכן עס פאַלן יעדן טאָג צענדליקער און צענדליקער פּאָליאַקן. דער עולם האָט געגעסן מיט בײדע באַקן און געטרונקען ביז שיכרות.

ערשט ווען דער עולם איז געווען גוט אָנגעגעסן און אָנגעטרונקען, איז ער אַריבער צו שמועסן וועגן פאַרשיידענע ענינים, און מען האָט גערעדט אַזוי לאַנג ביז דער און יענער איז אַרויפגעקומען אויף דער טעמע: יידן.

האָט איינער דערציילט, אַז נישט ווייַט פון סקערניעוויץ האָט מען געכאַפּט אַ ייד און מען האָט אים אַוועקגעלייגט אַ טויטן. די גלחים זענען געווען צופרידן. זיי האָבן דאָך אַן אַלטן חשבון מיט יידן און לויט זיי זענען דאָך יידן פאַרשאָלטן — איז געשען מיט זיי וואָס עס איז זיי געקומען און מען זעט נישט מער קיין יידן.

קאָסטזשעשאַ, וואָס איז געזעסן נאָענט צו מיר, און וואָס איך אַליין האָב אים געזאָגט, אַז באַלעק איז אַ ייד און ער דאַרף האַלטן די צונג צווישן די ציין, האָט מיך געקנופּט ביז ווייטאָג איך זאָל ווערן אויפמערקזאַם אויף דעם וואָס עס געשעט בײַם שוסטער אין שטוב. איצט איז אויך ער געווען אַן אַנגאַזשירטער: ער האָט דאָך עדות געזאָגט, אַז דער חתן איז אַ כּשרער חתן אין דער צייַט ווען ער האָט געוווסט, אַז ער איז אַ ייד.

דער גלח וואָס איז געזעסן נעבן מייַן צווייטער זייַט, איז געווען דער קומענדיקער שוואָגער פון דעם ייד. און דאָ זענען די גלחים און

מסכים געווען, כאָטש דער פעלדשער האָט געוווסט פון מײַן שטראָפן אים, אַז באַלעק איז אַ ייד. אָבער ער האָט געשוווירן בײַם צלם, אַז ער ווייסט האַלטן דאָס מויל און פאַר מיר האָט ער מורא געהאַט, ווי איך וואָלט אין סקיערניעוויץ געווען אַ כל־יכול — איז ער אַוודאי געוואָרן דער צווייטער עדות...

דער טערמין פון שרײַבן די תּנאים איז אויסגעפאַלן גראָד אין דער ווייַנאַכט. אין דער קירך, בײַם גלח, האָבן די תנאים אונטערגעשריבן, ווי עדות, דער ייד יצחק פיעקאַרסקי, אין דעם פאַל דאָקטער לעוואַנדאָווסקי, און דער געוועזענער פעלדשער אין דעם באַרימטן שפּיטאָל אויפן נאָמען פון דעם הייליקן ראָך אין וואַרשע, קאָסטושעשאַ. קיין מער חשובֿע עדות האָבן בכלל נישט געקענט זײַן, נעמענדיק אין באַטראַכט די מלחמה־צײַט, אונטער דער אָקופּאַציע פון די נאַציס.

באַלד האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער שוסטער האָט נישט בלויז אַ טאָכטער אַ דענטיסטין, נאָר ער האָט אויך אַ זון אַ גלח, אַ זייער חשובֿן גלח. עס הייסט אַז באַלעק איז מיט דעם שידוך אַרײַנגעפאַלן אין אַ שמאַלץ־גרוב, מיט אויסערגעוויינטלעכן יחוס...

די אייגנטלעכע פּײַערונג לכּבוד דער געשעעניש פון אונטערשרײַבן די תנאים איז פאָרגעקומען אין הויז פון דעם שוסטער. צו דער פּײַערונג איז פאַרבעטן געוואָרן די בעסטע און שענסטע געזעלשאַפט אין סקערניעוויץ. אַזוי ווי דער כּלהס ברודער איז געווען אַ גלח, איז געווען נאַטירלעך, אַז אין דער פּײַערונג זאָלן אָנטיילנעמען זײַנע חבֿרים־גלחים, און זיי האָבן זיך צו דער סעודה צוגעשטעלט אין פולן קאָמפּלעט.

ס'איז מיר געווען אַ ביסל אויסטערליש וואָס אין אָט דער נעטער קאַטוילישער געזעלשאַפט מיט גלחים אין שוואַרצע סוטאַנעס, מיט צלמים אויף זייערע בריסטן, איז דער וויכטיקסטער פאַקטאָר — דער סאַמעראָדנער חתן — אַ ייד, און זײַן באַגלויבטער עדות איז אַ ייד. ווי איך האָב דאָס געוווסט האָט עס אויך געוווסט דער פעלדשער קאָסטושעשאַ.

די טישן זענען געווען פולע מיט געשמאַקע שפּײַזן און פעטע

אויף אַזאַ דאָקומענט האָט יעדער אויסבאַהאַלטענער ייִד געוואַרט ווי אויף משיחן, און אָט האָט באָלעק אַזאַ דאָקומענט באַקומען. איז אָבער די מעשה, אַז דאָרט ווו עס געפינען זיך אַן ער און אַ זי מישט זיך אַריין סעקס. די מויד האָט זיך פאַרליבט אין באָלעקן איבער די אויערן און אויך זי איז אים געפעלן, וואָרום מיט איר איז דאָך אַחוץ סעקס מיטגעגאַנגען זיכערקייט, אַ היים, אַ דאַך איבערן קאָפּ, און אויפהערן שלאָפן מיט מיר אין איין בעט.

אין איינעם אַ טאָג איז באָלעק געקומען צו מיר און מיר מבשר געווען די בשורה אַז ער פאַרלאָזט מיך. אויסער אַ דאַך איבערן קאָפּ, וועט ער אויך האָבן סעקס, ער וועט האָבן ווער עס זאָל זאָרגן פאַר אים. ער גייט אַריבער וווינען צום שוסטער אונטער איין דאַך מיט דער מויד.

אַ מויד איז אַ מויד, אויסער וואָס איר ליבע צו באָלעקן האָט געפלאַקערט מיט אַ העליש פײַער, האָט זי רק געוואָלט מיט אים חתונה האָבן. זי האָט געמאַכט אַ חשבון אַז זי איז אַ דענטיסטין, ער איז אַ דאָקטער־דענטיסט, זי האָט אים ליב, ער קלעפּט אויך צו איר איז עס אַ זיווג פון הימל. און אויב חתונה האָבן איז טאַקע וואָס שנעלער, כּל־זמן די ליבע פלאַקערט און כּל־זמן דער חתן־בחור כאַפּט נישט ערגעץ אַן אַנדער מויד און פאַרליבט זיך אין איר.

אין איינעם אַ טאָג איז באָלעק געקומען צו מיר און מיר אָנגעזאָגט די בשורה, אַז ער גרייט זיך שרײַבן תנאים מיט דער מויד, דעם שוסטערס טאָכטער. האָב איך אים געווונטשן מזל־טובֿ און אין מזל זאָלן מיר לעבן. האָט באָלעק מיר געדאַנקט פאַר דער ווינטשעוואַניע און צוגעגעבן, אַז כּדי צו שרײַבן תּנאים איז ווייניק דאָס צווווינטשן — דער גלח אין דער קירך וויל האָבן צוויי עדות, וואָס קענען פּערזענלעך דעם חתן, ווי עס איז דער שטייגער אַז קיינער קויפט נישט אַ קאַץ אין אַ זאַק.

ווער־זשע קענען זײַן די עדות, אויב נישט דער צווייטער דאָקטער — דאָקטער לעוואַנדאָווסקי און דער פעלדשער קאָסטזשעשאַ. נאַטירלעך זענען מירביידע, איך און קאָסטזשעשאַ,

* * *

נישט ווילנדיק איז קאָסטושעשאַ געוואָרן באַלעקס אַ שדכן און ער האָט פאַרקאָכט אַ ביטערע קאַשע:

דער פעלדשער האָט פון וואַרשע מיטגעבראַכט אַ סך "אָנגעשאַברעוועט" לעדער. האָט ער גענומען שטיקער לעדער און אַוועק צו אַ שוסטער באַשטעלן אַ פּאָר נייַע שטיוול. אַז ביידע לייַט, קאָסטושעשאַ און דער שוסטער, האָבן זיך פונאַנדערגעשמועסט, האָט זיך דער פעלדשער באַרימט, אַז ער וווינט מיט צוויי דאָקטוירים: איינער איז אַן אינערלעכער דאָקטער און דער צווייטער איז דאָקטער־דענטיסט.

דערהערט "דענטיסט" האָט דער שוסטער געזאָגט, אַז אויך זייַן טאָכטער איז אַ דענטיסטין. זי אַרבעט בייַ די דייַטשן. מסתמא האָט דער שוסטער דערציילט זייַן טאָכטער וואָס קאָסטושעשאַ האָט אים דערציילט, און די טאָכטער האָט זייער שטאַרק געוואָלט באַקענען דעם דאָקטער־דענטיסט. גראָד האָבן די דייַטשן געזוכט נאָך אַ דענטיסט און דאָ האָט זיך אונטערגערוקט אַ דאָקטער־דענטיסט.

איז באַלעק אַוועק מיט קאָסטושעשאַן צום שוסטער און ער האָט זיך באַקענט מיט דער מויד. באַלעק איז אַרייַנגעפאַלן נישט בלויז אין הויז פון דעם שוסטער, נאָר אויך אין האַרץ פון זייַן טאָכטער. זי האָט אים דערציילט, אַז אירע אַרבעט־געבער, די דייַטשן, זוכן נאָך אַ דענטיסט, וואָרום אַרבעט איז פאַראַן אַ סך און אָט האָט דער צופאַל אים צוגעשיקט. באַלעק האָט זיך אָנגעכאַפּט אָן דער געלעגנהייט. צי קען דען זייַן עפּעס בעסערס ווי געפינען שוץ דווקא בייַ זיי, בייַ די נאַציס?

האָט די מויד אַוועקגעפירט באַלעקן צו איר שעף. פונקט ווי ער איז איר געפעלן, אַזוי האָט ער נושא חן געווען אין די אויגן פון דער מוידס שעף און ער, באַלעק, האָט אָנגעהויבן אַרבעטן אין זייַן פּראָפעסיע. ער האָט גלייַך אַרויסבאַקומען אַ זיכער־דאָקומענט, אַז ער מעג זיך באַוועגן פרייַ אין יעדער צייַט פון טאָג און נאַכט און קיין שום כוח האָט נישט קיין רעכט אים צו באַלעסטיקן, אָדער שטערן אין זייַנע אַמטלעכע אויפגאַבן.

ליפּן און אים באַפוילן:

''שווער ביַי דעם צלם!''

האָט ער געשוווירן און זיך איבערגעצלמט.

האָב איך ווידער באַפוילן:

''גיב אַ קוש דעם צלם!''

קאָסטוזשעשאַ האָט געטאָן ווי איך האָב אים געהייסן און ער האָט געזאָגט צו מיר:

''איצט לאָמיר גיין אויסטרינקען אַ גלעזל''.

די פריִערדיקע שיכרות האָט צו אים צוריקגעקערט, אָבער אַז די שפּאַנונג אין וועלכער ער איז נאָר וואָס געווען האָט נאָכגעלאָזט, האָט ער זיך דערפילט שוואַך אין די פיס. האָב איך אים געזאָגט:

''היינט וועלן מיר נישט טרינקען. איך בין אויפגערעגט. מאָרגן וועלן מיר גיין טרינקען''. קאָסטוזשעשאַ האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ ווי אַ געהאָרכזאַמער קנעכט. ער האָט זיך געפילט שולדיק.

ביסט. מאָרגן גיי איך צו דער געסטאַפּאָ און וועל דיך אויסגעבן; זיי דערציילן דעם אמת ווער דו ביסט".

אין אָט דער רגע ווי די ווערטער זענען געפאַלן, בין איך צעטומלט געוואָרן, אָבער ווי געוויינטלעך אין אַזעלכע פאַלן פון סכנה בין איך שנעל געקומען צו זיך און געזאָגט צו קאָסטושעשאַן מיט אַ דראָענדיקער שטים און מיט אַ כפל־שמונהדיקער פוילישער קללה:

"וועסט נישט באַוויַיזן צו גיין צו דער געסטאַפּאָ. וועסט פריער ליגן אַ דערשאָסענער".

קאָסטושעשאַ איז געווען פון אַטלעטישן געבוי; ער האָט געקענט אַוועקהרגענען אַן אָקס, אָבער אַז ער האָט געהערט מיַינע דראָענדיקע ווערטער, האָט ער זיך תיכף אויסגעניכטערט, געוואָרן אין גאַנצן צעבראָכן, ווי אַ הונט געוואָרפן זיך צו מיַינע שטיוול און אין געוויין געבעטן איך זאָל אים לאָזן לעבן.

"עס וועט דיר גאָרנישט העלפן, ביַי מיר ביסטו שוין אַ פאַרשריבענער". איך האָב די ווערטער געזאָגט רויק, אָבער דווקא מיַין רויִקייט האָט אים נאָך מער צעבראָכן און ער האָט זיך צעכליפּעט ווי אַ יינגל. איך האָב געפילט אַז ער זעט פאַר זיַינע אויגן די לופע פון שרעדערס רעוואָלווער, וואָס איך האָב אין שפּאַס געהאַט אויסגעשטרעקט צו באָלעקן...

איך האָב מורא געהאַט, אַז קאָרנאַצקי וועט דערהערן דאָס געוויין פון קאָסטושעשאַן, האָב איך אים באַרויקט און געזאָגט:

"הער זיך צו און געדענק: עס איז אמת אַז באָלעק איז אַ ייד. ער האָט געאַרבעט מיט מיר אין וואַרשע און איך היט אים אָפּ ווי מיַין שוואַרצאַפּל פון אויג. זאָלסט געדענקען, אַז אים טאָר נישט אַראָפּפאַלן קיין האָר פון קאָפּ".

קאָסטושעשאַ האָט פאַרלייגט די הענט און געזאָגט:

"איך שווער דיר, אַז איך וועל באָלעקן אָפּהיטן ווי נאָר איך וועל קענען".

איך האָב זיך דערמיט נישט באַגענוגנט. איך האָב פון דער וואַנט אַראָפּגענומען דעם צלם, דערגעענטערט אים צו קאָסטושעשאַס

אויף אַ פעלדשער אַ שיכּור ווי איז געווען קאָסטוזשעשאַ. האָב איך אָנפאַבריצירט אַ צאָל אַזעלכע פּאַפּירלעך מיט סטעמפּלען, זיי אַריינגעלייגט אין אַ קאָנווערט און זיך אָפּגערעדט מיט באָלעקן אַזוי:

בעת קאָסטוזשעשאַ וועט זײַן אין דער היים, וועל איך אַרײַנקומען אין צימער און אין אַ געוויסן מאָמענט וועל איך כּלומרשט פאַרלירן פון דער קעשענע דעם קאָנווערט מיט מײַנע פּאַפּירן, וואָס איך האָב פריער געכאַפּט, ,,קאָסטוזשעשאַ זאָל פון דער ווײַטנס זעען מײַנע פּאַפּירלעך אָפּגעסטעמפּלטע ווי דאָקומענטן. מיט דעם מאָמענט ווי איך וועל ,,פאַרלירן" דעם קאָנווערט מיט די פּאַפּירלעך, זאָל מיר באָלעק דערויף מאַכן אויפמערקזאַם, וועל איך אין כּלומרשטער בהלה אויפהייבן דעם קאָנווערט, און אַזוי ווי אין צימער האָט געברענט אַ הייץ־אייוועלע, וועל איך די ,,דאָקומענטן" אַרײַנוואַרפן אינעם אייוועלע צו פאַרברענען.

די פאָרשטעלונג איז מיר געלונגען: איך האָב דעם קאָנווערט מיט די פּאַפּירלעך ,,פאַרלוירן", באָלעק האָט אַ צעשראָקענער מיר אויפמערקזאַם געמאַכט אויף דער אבֿידה, בעת קאָסטוזשעשאַ האָט אָנגעקוקט סײַ מיך און סײַ באָלעקן אָן צו פאַרשטיין די מיסטעריע ווען איך וואַרף אַריין אין פײַער געהיימע זאַכן... ער איז געווען צעטומלט און נישט אויפגעהערט קוקן אויף מיר, ווי ער וואָלט פון מײַן פּנים געוואָלט אַרויסלייענען ווער איך בין. וואָרשײַנלעך איז ער געווען איבערצײַגט, אַז איך בין דער הויפּט־אָנפירער פון דער פוילישער אונטערערדישער באַוועגונג אין דעם סקערניעוויצער ראַיאָן...

קאָסטוזשעשאַ האָט מער נישט געאַרבעט אין שפּיטאָל; ער האָט אָנגענומען דעם פּאָסטן פון אַ סאַניטאַר אויף דער באַן־סטאַציע פון סקערניעוויץ.

אין איינעם אַ טאָג איז אָט דער פאַרשוין אַהיימגעקומען אַ טויט־שיכּורער, גלײַך זיך דערנעענטערט צו באָלעקן און אים דראָענדיק געזאָגט:

,,הער, דו, ביסט געשלאָפן מיט מײַן ווײַב. איך ווייס גענוי ווער דו

רעוואָלווער אונטער מײַן פוטער־מאַנטל, צוריקגעקערט צו שרעדערן און אים צוריקגעגעבן זײַן געווער.

כאָטש איך האָב איבערצײַגט קאָסטוזשעשאַן, אַז מיט דער דראָונג צו שיסן באַלעקן האָב איך געמאַכט אַ שפּאַס, האָט זיך די סצענע מיט דעם אויסגעשטרעקטן רעוואָלווער אײַנגעקריצט אין זײַן זכּרון. ער האָט פּשוט נישט געוווסט וואָס צו טראַכטן וועגן מיר. ווער בין איך? ווּעמען שטעל איך פֿאָר מיט זיך? ער איז געווען זיכער, אַז איך בין אַ פּאָליאַק, אָבער וואָס פֿאַר אַ פּאָליאַק בין איך? צו וועלכן לאַגער געהער איך? אויב מען האָט אין סקערניעוויץ געמאַכט אַן אַטענטאַט אויף אַ פּאָליאַק, וואָס האָט קאָלאַבאָרירט מיט די דײַטשן ווי אַ שפּיאָן און אים אַוועקגעלייגט אַ טויטן, איז קאָסטוזשעשאַ געווען איבערצײַגט, אַז דאָס "שטיקל אַרבעט" האָב איך אָפּגעטאָן, און ער האָט פֿאַר מיר מורא געהאַט אימת מוות... איך פֿון מײַן זײַט האָב אַלץ געטאָן, כּדי צו האַלטן קאָסטוזשעשאַן אין אָט די פֿאַר מיר גוטע פֿאַרדאַכטן, וואָרום מיט אַזאַ שטייגער שיכּור האָט מען געדאַרפֿט זײַן זייער פֿאָרזיכטיק אַפֿילו ווען מען איז מיט אים אין גוטפֿרײַנדשאַפֿט.

כּדי זיך צו דעקן און פֿאַרבלענדן די אויגן פֿון דעם פֿעלדשער קאָסשטוזשעשאַ, ער זאָל מיינען מי יודע ווער איך בין, אָבער אין קיין שום פֿאַל נישט אַז איך בין אַ ייִד — האָב איך פֿאַבריצירט פֿאַרשיידענע פּאַפּירלעך מיט טעקסטן, וואָס האָבן אויסגעזען ווי אַ געהיימער שיפֿער. כּדי די פּאַפּירלעך זאָלן אויסזען צו זײַן פֿון גרויס וויכטיקייט, האָבן זיי געמוזט זײַן געסטעמפּלט מיט סטעמפּלען, און וואָס מער און וואָס פֿאַרשיידנאַרטיקער די סטעמפּלען, אַלץ חשובֿער. פּאַפּיר איז געווען לײַכט צו באַקומען, אַזוי אויך טינט, אָבער פֿון וואַנען נעמט מען סטעמפּלען? אַזוי ווי איך האָב געהאַט גאָלדענע מטבעות פֿון פֿאַרשיידענער גרייס און יעדע גאָלד־מטבע האָט אויף דער צווייטער זײַט אַן אָדלער, האָבן מיר גאָלד־מטבעות געדינט ווי סטעמפּלען. אַזאַ מטבע אײַנגענעצט אין רויטן צי אין בלויען טוש און אַרויפֿגעקוועטשט אויף אַ פּאַפּירל מיט אַ שריפֿט וואָס זעט אויס ווי אַ געהיימער שיפֿער, מאַכט אַן אײַנדרוק, בפֿרט

* * *

איין מאָל בין איך מיט שרעדערן אַרײַן אין אַ קליינעם רעסטאָראַן פון דער צווייטער זײַט באַן־ליניע, גאָר נאָענט צו קאָרנאַצקיס דירה, ווו איך האָב געוווינט. אויסגעטרונקען אַ ביר, דערנאָך אַ גלעזל בראָנפן, האָט זיך מיר פאַרגלוסט יינגלעריש אַ שפּיל צו טאָן, כדי צו ווײַזן סײַ מײַן באַלעבאָס קאָרנאַצקי און סײַ מײַן צווייטן באַלעבאָס קאָסטזשעשאַ, אַז איך בין נישט אַבי ווער. שרעדער האָט געטראָגן מיט זיך אַ רעוואָלווער פון אַ גרויסן קאַליבער. האָב איך אים געבעטן ער זאָל מיר אויף אַ פּאָר מינוט אויסלײַען זײַן רעוואָלווער. אָן צו פאַרטראַכטן זיך און מיט דעם פולסטן צוטרוי האָט שרעדער מיר דערלאַנגט דעם רעוואָלווער. איך האָט געוווסט, אַז אין דער שעה איז קאָסטזשעשאַ אין דער היים, און אָן ספק איז אויך באָלעק אין דער היים. ס'איז שוין געווען פינף אַזייגער נאָך מיטאָג. שיכּור בין איך נישט געווען, אָבער דער ריח פון בראָנפן האָט זיך געטראָגן פון מיר אויף אַ מרחק פון אַ צוויי מעטער. האָב איך דעם רעוואָלווער פון שרעדערן אַרונטערגענומען אונטער מײַן פוטער־מאַנטל און אַריין אין צימער ווו איך האָב געוווינט. טעאַטראַליש האָב איך אַרויסגענומען דעם רעוואָלווער, אויסגעשטרעקט אים אין דער ריכטונג צו באָלעקן און אויסגערופן:

"איצט מוז איך דיך אַוועקהרגענען!"

קאָסטזשעשאַ איז געוואָרן אַזוי צעטומלט פון דעם וואָס זײַנע אויגן האָבן געזען, אַז ער איז אַרויפגעפאַלן אויף מיר און מיט טרערן אין די אויגן געבעטן איך זאָל רחמנות האָבן אויף באָלעקן און אים נישט דערשיסן. האָב איך געמאַכט דעם אָנשטעל פון שטאַרקן כּעס און געזאָגט:

"איך קען אים נישט פאַרטראָגן. איך מוז אים דערשיסן!".

אַז די שפּיל האָט אָנגעהויבן צו ווערן ערנסט, קאָסטזשעשאַ איז אַרײַנגעפאַלן אין היסטעריע בײַם פאַרטיידיקן באָלעקן, בין איך געווען געצוווּנגען צו איבערצײַגן דעם פעלדשער, אַז איך האָב געמאַכט אַ שפּאַס. כ'האָב גענומען אַן איבעריקע כוסע און ס'האָט זיך מיר פאַרגלוסט אַ שפּיל צו טאָן. איך האָב אַרונטערגענומען דעם

פֿאַר דער ליכטיקער שיין. איך האָב אים איין מאָל צופֿעליק באַגעגנט אויף אַ גאַס אין פּראַגע. ער איז געווען צעבראָכן. ער האָט געזוכט עדות, דורך וועלכע ער זאָל קענען באַווײַזן, אַז ער האָט נישט אָנטייל גענומען אין די דײַטשע אכזריותן, נאָר פֿאַרקערט, ווי נאָר ער האָט געקענט האָט ער געהאָלפֿן, אָדער אַוועקגעקוקט. אַז ער האָט מיך דערזען האָט ער דעם פֿאַל אָנגענומען ווי אַ נס פֿון הימל. איך האָב אים געהאָלפֿן אַזוי ווי ער האָט מיך געהאָלפֿן, ווען איך בין געווען אין טויט־געפֿאַר:

מיט דער הילף פֿון מיכאל קאָסאָווער, פֿון די פֿאַרדינסטפֿולסטע ציוניסטישע מנהיגים אין נאָך־מלחמהדיקן פּוילן, מיטגליד פֿון דעם יידישן צענטראַל־קאָמיטעט אין פּראַגע אין יאָר 1945, און אַ דאַנק עמיל זאָמערשטיין, דעם דעמאָלטדיקן רעפּרעזענטאַנט פֿון די יידן אין פּוילן און מיטגליד פֿון דער צײַטווײַליקער פּוילישער רעגירונג, האָב איך פֿאַר שרעדערן אַרויסבאַקומען אַ פֿאַרזיכערונגס־בריוו, ער זאָל זײַן געשיצט אין זײַן לעבן, וואָרום ער האָט געטאָן פֿיל טובֿות פֿאַר יידן און אין אַ סך פֿאַלן האָט ער זיך אײַנגעשטעלט פֿאַר יידן און פֿון זיי פֿאַרמיטן פּײַן און טויט, אויף וויפֿל דאָס איז געווען אָפּהענגיק פֿון אים.

* * *

דער הערשער איבער דער שטאָט און קרייז לוויוויטש, שרעדער, האָט מיך איינגעלאַדן איך זאָל זיין זיין גאַסט. איך האָב גערן אָנגענומען די איינלאַדונג און פאַרבראַכט אין זיין וווינונג דריי טעג אין אַבסאָלוטער זיכערקייט — אַ זעלטן געפיל וואָס איך האָב נישט געהאַט זייט די מלחמה האָט אויסגעבראָכן.

איך האָב צו שרעדערן געהאַט דעם פולסטן צוטרוי, אַז ער וועט נישט פאַרראַטן זיין פריינדשאַפט צו מיר. אַבער איך האָב נישט געקענט פאַרגעסן דעם גורל פון מיין שוואָגער אין סאָקאָלאָוו, וואָס זיין פריינד, דער קאָמענדאַנט פון טרעבלינקע האָט אים צוגעזאָגט, אַז ער וועט געראַטעוועט ווערן און בלייבן לעבן און צום סוף האָט ער אים מיט זיינע הענט אומגעבראַכט. האָב איך לגבי שרעדערן אָנגעווענדט דעם פרינציפּ פון כבדהו וחשדהו. איך בין אַזוי ווייט געווען פאָרזיכטיק, אַז ווען ער האָט מיר געפרעגט, זייענדיק אין סקערניעוויץ, ווו איך ווין, האָב איך אויסבאַהאַלטן אַז איך ווין אין דער זעלבער שטאָט ביי קאָרנאַצקי, נאָר געזאָגט האָב איך אים, אַז איך ווין אין קראָקע. איך האָב געהאַלטן אַז עס איז געזונטער פאַר מיר ער זאָל דעם גאַנצן אמת נישט וויסן. זענען דאָך די דייטשן אַזאַ שקלאַפיש־דיסציפּלינירט פאָלק און אַזוי אינדאָקטרינירט פון דעם נאַצישן שגעון, אַז טאָמער וועט איינער אַזאַ באַקומען פון דעם מאַכט־האָבער אַ באַפעל צו שיסן זיין אייגענע מאַמע, וועט ער דעם באַפעל אויספירן.

איך האָב געהאַט נאָך אַ ריי פאַלן, אין וועלכע איך האָב זיך איבערצייגט אין שרעדערס פריינדשאַפט צו מיר און אַז אין קיין שום פאַל וועט ער מיך נישט פאַרראַטן. שפּעטער, נאָך דער באַפרייאונג, האָב איך אים אָפּגעדאַנקט פאַר אַלע זיינע טובֿות דערמיט וואָס איך האָב אים אָפּגעראַטעוועט פון טויט אָדער לעבנסלענגלעכער טורמע.

נאָכן פאַרטרייבן די נאַציס פון פוילן האָט זיך שרעדער אויסבאַהאַלטן מתוך מורא, אַז אויך אים זאָל מען נישט אומברענגען בעת די נקמה־אַקטן קעגן נאַצישע פירער. ער האָט מורא געהאַט

ביידע צונויפגעקלאַפּט מיט די פּנימער און שטערנס. כאָטש דער זעץ פון דעם צוזאַמענשטויס איז געווען אַ שטאַרקער און ער האָט זיי געדאַרפט ווייטאָן, האָבן זיי בײַ מיר געבעטן: ״פּאַרצײַונג״.

איך האָב זיי ״פּאַרצײַט״ און באַלד ווידער זיי צוזאַמענגעקלאַפּט מיט די שטערנס און זיי — ווידער אַ מאָל ״פּאַרצײַונג״. איך האָב זיך מחיה געווען; שוין יאָרן ווי איך האָב אַזאַ הנאה נישט געהאַט: ביידע נאַציס צעהאַקן זיך קעגנזײַטיק די קעפּ און בעטן בײַ דעם ייִד יצחק פּיעקאַרסקי, ער זאָל זיי ״פּאַרצײַען״...

די סעודה און דאָס טרינקען אין דעם רעסטאָראַן האָט געדויערט פון נײַן אין דער פרי ביז פיר אַזייגער נאָך מיטאָג. די גאַנצע געזעלשאַפט בײַם טיש האָט שוין נישט געוווסט וואָס עס טוט זיך מיט יעדן איינעם פון זיי. ווען עס וואָלט דעמאָלט אײַנגעפאַלן אַ וועלכן עס איז פוילישן פאַטריאָט זיך אָפּצורעכענען מיט די אָקופּאַנטן פון זײַן פאָטערלאַנד, וואָלט ער דעמאָלט מיט איין איינציקן רעוואָלווער געקענט אויסשיסן דאָס גאַנצע שיכּורע געזינדל אין דעם רעסטאָראַן.

אַזאַ פאַטריאָט האָט זיך אין סקערניעוויץ נישט געפונען, אפשר פשוט דערפאַר ווײַל פאַר אַזאַ אַטענטאַט וואָלטן די נאַציס אויסגעקוילעט די באַפעלקערונג און פאַרברענט די שטאָט.

צוויי פון דעם טויט-שיכּורן געזינדל, דער שעף פון געסטאַפּאָ און דער שעף פון דער זשאַנדאַרמעריע, האָבן זיך אויפגעשטעלט צו גיין. עס זאָגט זיך בלויז אַזוי — ״זיך אויפגעשטעלט צו גיין״. ווי האָבן זיי געקענט זיך אויפשטעלן אויף זייערע פיס, אויב זייערע פיס האָבן זיי נישט געפאָלגט? און ווי האָבן זיי געקענט גיין, אויב זיי האָבן נישט געקענט אַפילו שטיין? האָב איך ביידע גענומען אונטער די אָרעמס און זיי אַרויסגעפירט אין דרויסן: ערשטנס האָב איך געוואָלט די פוילישע פאַרבייגייער זאָלן זען אין וואָס פאַר אַ קאָמישן מצבֿ עס געפינען זיך זייערע הערשער און זאָלן זיי, די פּאָליאַקן, הנאה האָבן. צווייטנס זאָלן די פאַרבייגייער זען מיך, דעם פרעמדן מיט דעם פוטער-מאַנטל און מיט די גלאַנציקע שטיוול, מיט דעם גרינעם קאַפּעלושל און מיט דעם פעדערל, און זאָלן זיי מיך ליבערשט אָננעמען אַז איך געהער צו די שיכּורע נאַצי-פירער, איידער עמעצען פון זיי זאָל אײַנפאַלן, אַז איך קען אַ מאָל זײַן אַ ייִד.

עס איז געווען גאָרנישט לײַכט צו פירן אונטער די אָרעמס אָט די צוויי שיכּורע נאַציס. מיט אַלע מײַנע כּוחות האָב איך זיי געמוזט האַלטן אויף זייערע פיס, זיי זאָלן נישט פאַלן, ווײַל דעמאָלט וואָלט די שולד פאַר זייער פאַלן געפאַלן אויף מיר. אין דער רגע פון פירן זיי, איז מיר אײַנגעפאַלן די אידיי פון אַ משוגענעם: אַזוי ווי ביידע האָבן זיך געוואַקלט אַהין און אַהער, האָב איך אין אַ געוויסן מאָמענט

שנעל ווי איין פאַרטיע פלעשער האָט זיך אויסגעליידיקט, איז באַלד נאָכגעקומען אַ צווייטע פאַרטיע. דער טיש האָט זיך געבראָכן פון די טעלערס און שיסלען מיט אויסגעזופטע פלייש־שפּײַזן. די כאָפּטע האָט געשוויצט, געטרונקען און געוואָרן פריילעך. באַלד איז אויך אַרײַנגעקומען דער מאַיאָר, וואָס איך האָב אים באַגעגנט מיט שרעדערן. ער האָט זיך אָנגעשלאָסן צו דער ״נעטער״ געזעלשאַפט און, ווי זיי אַלע, באַלד געוואָרן שיכּור. נאַטירלעך זענען מיר, שרעדער און איך, נישט געווען קיין אויסנאַם. אויך מיר זענען פאַרבעטן געוואָרן צו דער סעודה.

אין אָט דער געזעלשאַפט האָבן בלויז צוויי מיטגעהאַלטן אין אַרײַנגיסן אין זיך וואָס מער אַלקאָהאָל און נאָך נישט געוואָרן שיכּור, שרעדער און איך. שרעדער איז געווען פעיִק אויסצוטרינקען ליטערס אַלקאָהאָל און דאָך בלײַבן בײַם קלאָרן זינען, אויף אַ רגע זיך נישט פאַרלירן ווי ער האַלט אין דער וועלט. דער צווייטער אין אָט דער כאָפּטע — בין איך געווען. אויך איך האָב געקענט טרינקען אַ סך, אָבער איך האָב געוווסט מײַן גרענעץ — עד כאן, אויב איך וויל זיך אַליין נישט אַרײַנטרײַבן אין אַ מצבֿ, וואָס קען זײַן פאַר מיר געפערלעך.

מײַן מוח איז תמיד געווען פאַרנומען מיט שאַפן פאַר זיך אַ בסדרדיקע אַליבי, אַז איך בין אַ פּאָליאַק־קאַטאָליק. איך האָב זיך דעריבער כסדר באַמיט. אַז די, וועלכע זעען אָדער אָבסערווירן מיך, זאָלן טראַכטן וועגן מיר וואָס זיי ווילן, אָבער נישט אַז איך קען פאַרדעכטיקט ווערן אַז איך בין אַ ייִד, וואָס האָט שוין פון לאַנג נישט געהאַט קיין רעכט צו לעבן.

סקערניעוויץ איז אַ קליינע שטאָט. אַ פרעמדער זעט זיך באַלד אָן בולט און עס קען דעם און יענעם אײַנפאַלן אַ מחשבֿה צו טראַכטן, אָדער נאָך ערגער — פרעגן: ״ווער איז אָט דער עלעגאַנטער מאַן מיט דעם גרינעם קאַפעלושל און מיטן פעדערל?״ אין אַזאַ פאַל איז זיכערער צו ווערן אינדענטיפיצירט מיט די נאַציס, אײדער צו ווערן פאַרדעכטיקט אַז מען איז אַ ייִד. איז מיר אײַנגעפאַלן אַן אידיי, וואָס קען אײַנפאַלן בלויז אַ משוגענעם:

* * *

בײַ האָט דעם צוזאַמענטרעף האָט שרעדער זיך פֿאַרטרויט פֿאַר מיר, אַז ער האָט באַצײַטנס צוגעגרייט פֿאַר זיך אַ ״קענקאַרטע״ אַלס פּאָליאַק. ער האָט געהאַט אַ געליבטע, אַ פּױלישע יונגע פֿרוי, וואָס האָט דעמאָלט אָנגעפֿירט מיט אַ שפּיטאָל. נאָך זײַענדיק אין יאַדעווע האָב איך אים געהאַט איבערגעגעבן אַ בריליאַנט, ער זאָל אים געבן זײַן געליבטער אַלס מתּנה. ער האָט דעמאָלט ווירקלעך געטאָן פֿאַר מיר וויכטיקע טובֿות און מיר האָבן געהאַט זיך אויפֿגעטראָגן ווי ברידער. צום סוף האָט ער מיר פֿאַרבעטן איך זאָל קומען צו אים קיין לוויוויטש אויף אַ פּאָר טעג און זײַן זײַן גאַסט. איך האָב די אײַנלאַדונג גערן אָנגענומען. כאָטש אין דער דירה פֿון קאָרנאַצקי און צוזאַמען מיט דער שיכור דעם פֿעלדשער קאָסטזשעשאַ האָב איך זיך געפֿילט זיכער, איז אָבער זיכערער צו זײַן אַ פּאָר טעג אין הויז פֿון דעם דײַטשן הויפּט־אָנפֿירער פֿון דער שטאָט.

אין דעם עקסקלוזיוון רעסטאָראַן פֿאַר דײַטשן זענען געווען די אויסגעזוכטסטע שפּײַזן און אַלקאָהאָל־געטראַנקען. אַהער פֿלעגן יעדן טאָג קומען שיכורן און עסן די געסטאַפּאָ־לײַט, די עס.עס., די זשאַנדאַרן און אַנדערע נאַצישע הערשער איבער מענטשלעכע לעבנס. אין אַ געוויסן מאָמענט, ווען מיר, שרעדער און איך, זענען געזעסן איבער אַ פֿלעשל בראָנפֿן, האָט זיך געעפֿנט די טיר און עס האָט זיך אַרײַנגעלאָזט אַ גאַנצע כאָפּטע נאַצישע אָפֿיצירן אין מונדירן און אין ציווילער קליידונג. דאָס זענען געווען די סאַמע פּני פֿון דעם נאַצישן הערשער־געזינדל: דער שעף פֿון דער זשאַנדאַרמעריע, דער שעף פֿון דער אָרטיקער געסטאַפּאָ, דער נאַצישער הויפּט־קאָמענדאַנט פֿון דער פּאָליציי און זייערס גלײַכן — אַ גרופּע פֿון אַ פֿופֿצן פּערזאָן, וואָס אין זייערע הענט איז געלעגן דאָס לעבן, אָדער דער טויט פֿון דער גאַנצער באַפֿעלקערונג אין דער שטאָט און אין דעם ראַיאָן.

די געזעלשאַפֿט האָט זיך אויסגעזעצט בײַ אַ לאַנגן טיש און צום טיש האָבן די קעלנערס אָנגעהויבן ליפֿערן קודם כּל אַלקאָהאָל. אַזוי

דער פרי. מיר האָבן זיך געזעצט צו אַ טיש און ווי דער שטייגער באַשטעלט אַ פלעשל בראָנפן און פאַרבײַסעכץ.

אויסער פון דער אומגעריכטער באַגעגעניש אין דער אָנוועזנהייט פון דעם מאַיאָר, איז שרעדער געווען איבערראַשט, וואָס ער האָט מיך באַגעגנט אַ לעבעדיקן. לויט דעם פאַרלויף פון דער אויסטראָטונג פון ייִדן אין די פוילישע שטעט און שטעטלעך, האָב איך שוין אייגנטלעך געדאַרפט זײַן אַ טויטער. ער האָט געקוקט אויף מיר און זיך קוים געגלויבט, אַז איך בין דער זעלבער, ווי ער האָט מיך געקענט אין יאַדעווע. איך האָב אים בקיצור דערציילט ווי אַזוי איך האָב אויסגעמיטן די געפאַרן אומצוקומען און אַלץ וואָס איך האָב דורכגעלעבט אין אָט די יאָרן.

שרעדער האָט מיך געפרעגט וועגן מײַן ווײַב און שוועגערין. האָב איך אים דערציילט בײַ וועלכע אומשטענדן איך בין אין אָנהייב פון דעם פוילישן אויפשטאַנד אין וואַרשע, אָפּגעטיילט געוואָרן פון די צוויי פרויען און איך האָב נישט די מינדסטע אַנונג וואָס מיט זיי איז געשען און וווּ זיי געפינען זיך, אויב זיי לעבן בכלל. שרעדער האָט אויפריכטיק באַדויערט. טאָמער וואָלט איך געוווּסט ווו זיי זענען און אין וועלכע עס זאָל נישט זײַן באַדינגונגען, וואָלט ער מײַן פרוי און שוועגערין געראַטעוועט. ער האָט מיר געזאָגט:

״איך ווויִן אין לוויוויטש, דאָרט בין איך דער הויפּט־אָנפירער פון דער שטאָט און אַזוי ווי איך האָב די מאַכט — קען איך דערגרייכן אַלץ וואָס איך וויל״.

דײַטשן מונדיר. פון מײַן גאַנצער האָפּרדיקייט און פּאַרריסנקייט איז גאָרנישט געבליבן. איך האָב געפּילט אַ ציטערניש אין די פּיס. ווען עס וואָלט זיך דעמאָלט געעפנט די ערד, וואָלט איך מסתּמא אין איר אַרײַנגעשפּרונגען, כּדי אויסצומײַדן די אומגעריכטע סכּנה. אויך אויסדרייען זיך און אַוועקאײַלן אויף צוריק האָב איך נישט געטאָרט, ווײַל דעמאָלט וואָלט איך די סכּנה נאָך מער דערנעענטערט. איך האָב אײַנגעהאַלטן דעם אָטעם און געגאַנגען ווי אַ מאַנעקין אין זייער ריכטונג. אַז מיר זענען געווען נאָענט צו זיך, האָב איך דערזען, אַז איינער פון די צוויי דײַטשן איז שרעדער — דער זעלבער שרעדער, וואָס איז אַ מאָל געווען בירגערמײַסטער אין יאַדעווע. אין יאַדעווע זענען מיר זײַנער צײַט געווען גוט באַפרײַנ־דעט און ער האָט מיר געטאָן אַ סך טובֿות; ער האָט מיר אויך געגעבן אַן אַרויספאָרשײַן פון יאַדעווע. דער צווייטער איז געווען אין אַ מונדיר פון אַ מאַיאָר. אַז שרעדער האָט מיך דערזעען און דערקענט, האָט ער מיך אַרומגעכאַפּט. מיר האָבן זיך צעקושט ווי פרײַנד, וואָס האָבן זיך געהאַט פאַרלוירן און פלוצים צוריקגעפונען זיך. איך האָב באַוויזן אים צו זאָגן, אַז דאָ, אין סקערניעוויץ, לעב איך אַלס דאָקטער.

אויב איך בין פריער געווען צעשראָקן און צעטומלט, אַזוי איז שרעדער געוואָרן צעטומלט און צעשראָקן ווען ער האָט מיך דערקענט און אויף מיר אַרויפגעפאַלן. ער איז געבליבן שטום ווי דאָס לשון וואָלט פון אָפּגענומען געוואָרן. אונדזער פרייען זיך איינער מיטן אַנדערן איז געווען אַ גענוג לענגערע כּדי צו געווינען צײַט מיר זאָלן ביידע קומען צו זיך און זיך באַהערשן. האָט שרעדער געזאָגט צום מאַיאָר, אַז ער בעט אים איבער. ער האָט מיך לאַנג געזוכט און נישט געוווסט ווו מיך צו געפינען און איצט, דורך אַ גליקלעכן צופאַל, האָבן מיר זיך באַגעגנט. שרעדער האָט געבעטן דער מאַיאָר זיי זאָלן זיך ווידער באַגעגענען אין דעם עסקלוזיוון רעסטאָראַן פאַר דײַטשן.

פּטור געוואָרן פון דעם מאַיאָר, זענען מיר אַריין אין דעם רעסטאָראַן אויסטרינקען אַ כּוסע. דאָס איז געווען נאָך 9 אַזייגער אין

קאָס'טזשעשאַ, אַרײַנגענומען צו זיך. מיר האָבן געוווינט אין דעם זעלבן צימער וואָס קאָסטזשעשאַ, און ווײַל אין דעם צימער איז נישט געווען קיין פלאַץ פאַר נאָך צוויי בעטן, זענען מיר, איך און באָלעק, געשלאָפן אין איין בעט. איבער אונדזער בעט איז געהאָנגען אַ גרויסער צלם און מיר זענען געווען כשר וישר ווי אַ געכשרט טעפל נאָך אַ שאלה...

אין אָט דעם צימער האָב איך צוזאַמען מיט באָלעקן און קאָס'טזשעשאַ געוווינט אַ געוויסע צײַט.

בײַ קאָרנאַצקי אין דער דירה איז נישט געווען קײַן וואַנע און איך האָב געפילט אַ שטאַרקע באַדערפעניש זיך אויסצובאָדן אין אַ הייסער באָד. האָב איך אַרײַנגעלייגט פרישע וועש אין מײַן טעקע און אַוועק אין דעם עפנטלעכן באָד־אַנשטאַלט צו נעמען אַ הייסע וואַנע.

אָנגעטאָן בין איך געווען ווי אַ פרינץ, אין אַ גוטן פוטערנעם מאַנטל, מיט געפוצטע שטיוול, וואָס האָבן געגלאַנצט אויף אַ מײַל ווײַט, מיט אַ גרינעם קאַפעלושל מיט אַ פעדערל, ווי איך וואָלט נאָר וואָס געקומען פון די טיראָלער בערג. דערצו האָב איך אויף מײַן אָרעם געהאַט אַ לענטע פונעם ״רויטן קרײַץ״. איך האָב געוווסט פון מײַן דערפאַרונג, אַז בלויז ווען מען איז אָנגעטאָן עלעגאַנט און מען האַלט זיך האָפערדיק־פּאַרריסן, רופט מען אַרויס צו זיך דרך־ארץ, און כוליגאַנעס וועלן נישט וואַגן זיך דערנעענטערן צו דיר.

דער פאַרבײַגייענדיקער סקערניעוויצער עולם האָט געקוקט אויף מיר מיט באַוווּנדערונג ווי איך וואָלט אַראָפּגעקומען פון אַן אַנדער פּלאַנעט, אָדער ווער ווייסט וואָס איך שטעל מיט זיך פאָר. איך האָב זיך געהאַט אויסגעלערנט די ראָל צו שפּילן אַ האָפערדיק־פּאַרריסענעם און מיט מײַן גאַנג צום באָד־אַנשטאַלט האָב איך דעם עולם געגעבן צו טראַכטן ווער איך בין און פון וואַנען עס איז מעגלעך איך זאָל האָבן געקומען קיין סקערניעוויץ...

ערשט איך זע: פון דער ווײַטנס קומען אָן אין מײַן ריכטונג צוויי דײַטשן. עס איז געווען גענוג ווײַט איך זאָל נישט זעען זייערע פּנימער, אָבער גענוג נאָענט איך זאָל זעען אַז איינער איז אין אַ

באַלעקן ער זאָל אַריַינגיין צו דעם פעלדשער קאָסטושעשאַ, וואָס האָט געוווינט בייַ איינעם אַ מאַן מיטן נאָמען איגנאַצי קאָרנאַצקי און אים זאָגן, אַז מיר בלייַבן נישט אין דער שטאָט נאָר פאָרן וויַיטער. איך האָב געהאַט אַ מיין דערבייַ.

אויב קאָשטושעשאַ וועט אים פרעגן וווּהין מיר פאָרן, זאָל ער אים זאָגן אַז מיר פאָרן אין אַ פלאַץ נאָענט צו פּרושקאָוו.

וואָס איך האָב געמיינט מיט אָט דער שליחות איז מיר געלונגען: ווי נאָר קאָסטושעשאַ האָט געהערט, אַז מיר פאָרן וויַיטער, איז ער געקומען צולויפן צו דער סטאַציע און געבאַפּט אונדזערע וואַליזעס.

"ניין", האָט ער זיך געעקשנט, "איר פאָרט נישט וויַיטער. איר בלייַבט בייַ מיר! מיר וועלן ווינען צוזאַמען בייַ קאָרנאַצקין".

אויף דעם האָב איך געוואַרט און דאָס האָב איך געוואָלט הערן. וואָרום פריִער האָב איך געהאַט פאַרטראַכט אַ פּלאַן, אַז כּדי אויסצומיַידן די סכּנות, וואָס האָבן געלויערט אויף שריט און טריט, וועל איך נישט בלייַבן זיצן אויף איין אָרט, כּדי דער אייגנטימער פון דער פלאַץ זאָל נישט אָנהייבן פאַרדעכטיקן ווער איך בין און וואָס איך טו. איך וועל דעריבער לעבן אַ נע־ונד לעבן, נישט זיצן אויף איין פלאַץ, פאָרן אַהין און אַהער און צוריקקומען צו דעם זעלבן פלאַץ. אויב אָבער דער פעלדשער קאָסטושעשאַ, אַ פּאָליאַק־קאַטאָליק פון דור דורות, שטייט צו צו אונדז מיר זאָלן וווינען בייַ אים אין צימער, אין דער דירה פון אַ צווייטן פּאָליאַק־קאַטאָליק, וועלן מיר בייַ דעם באַלעבאָס איגנאַצי קאָרנאַצי און זייַנע שכנים זייַן געבשרט אָן אַרייַנצושמעקן אין אונדזערע דאָקומענטן.

אָט דער קאָרנאַצקי האָט גערעדט דייַטש ווי אַ ייִד, וואָס רעדט ייִדיש און ער מיינט, אַז ער קען אויך רעדן דייַטש. פאַר דער מלחמה האָט ער געלעבט צווישן ייִדן, פאַרברענגט מיט ייִדן און גערעדט ייִדיש ווי אַלע ייִדן אין זייַן סבֿיבֿה. ער האָט געהאַט אַ געשעפט פון חזיר־פלייש און אין שעכטהויז געווען באַפרייַנדעט מיט די ייִדישע קצבֿים און שעכטהויז־אַרבעטער. איז ער געווען זיכער, אַז ער קען רעדן דייַטש און מיט זייַן קענטעניש האָט ער זיך געגרויסט. האָט ער אונדז, ווי ליבע געסט פון דער פעלדשער

דערשיטערונג, האָט זיך טיף איַינגעקריצט אין מיַין זכרון.

מיט אַ שטיקל ציַיט שפּעטער בין איך געקומען קיין פּיעטרקאָוו און דער מאַן האָט מיך פאַרבעטן, איך זאָל קומען צו אים אַהיים. איך האָב די איַינלאַדונג גערן אָנגענומען און געוווינט ביַי אים צוויי טעג. ער האָט זיך אַרויסגעוויזן ווי אַ ליבער, גוטהאַרציקער מענטש. ביַי דער געלעגנהייט האָט ער מיר דערציילט, אַז דער געוועזענער פּוילישער מדינה־פּרעזידענט, וווּיטשעכאָווסקי, איז זיַין קוזין. מיר זענען געוואָרן גוטע פריַינד און אונדזער פריַינדשאַפט האָט געהאַט אַ המשך, שפּעטער, נאָך דעם ווי די נאַציס זענען פאַרטריבן געוואָרן פון פּוילן.

מיר האָבן זיך צופעליק באַגעגנט אין לאָדזש, אין גראַנד־האָטעל. דאָ האָט ער מיר דערציילט, אַז פאַר דער מלחמה איז ער אַ ציַיט געווען אין פּאַלעסטינע און דאָרט מיטגעאַרבעט אין רוטענבערגס עלעקטריציטעט־אונטערנעמונג. אין יענער ציַיט האָט ער זיך אויסגעלערנט העברעיש און זיך פאַרליבט אין דער שפּראַך, ווי די שענסטע צווישן שפּראַכן. דעמאָלט אין קאָלושקי, אין רעסטאָראַן, ווען איך האָב געטראַכט, אַז דער מאַן איז אַ פּראָוואָקאַטאָר, אַ נאַצישער אַגענט, האָט ער פאַר אונדז, פאַר מיר און באָלעקן, אויפגעקלערט פאַרוואָס העברעיש איז די שענסטע שפּראַך. ווי אַ משל האָט ער געבראַכט דעם באַגריף ״נאַכט״: נאַכט איז אין פּויליש — נאָץ; אויף פראַנצייזיש — ״נוי״ אויף ענגליש ״נײַט״. אָט די קלאַנגען — נאָץ, נוי און נײַט דריקן נישט אויס דאָס בילד פון נאַכט. דערקעגן אויף העברעיש איז נאַכט ״לײַלאַ״, ״לײַלאַ״ — דאָס וואָרט באַרויקט, דריקט אויס די שטימונג פון נאַכט...

דעמאָלט, נאָך אונדזער טרינקען און עסן צוזאַמען, און מיַין פאַרדאַכט אַז דער מאַן איז אַ דיַיטשער שפּיאָן און פּראָוואָקאַטאָר, האָבן מיר זיך האַרציק געזעגנט. באַגינען זענען מיר, איך און באָלעק, געפאָרן קיין סקערניעוויץ, און דער פרעמדערער מאַן איז זיך געפאָרן זיַין וועג.

אויף דער באַן־סטאַציע אין סקערניעוויץ האָב איך געזאָגט צו

אונטער דער ווירקונג פון די אויסגעטערונקענע גלעזלעך בראָנפן איז דער מאַן געוואָרן שטאַרק באַרעדעוודיק און אויף עטלעבע שפּראַכן. אָט האָט ער אָנגעהויבן רעדן פראַנצייזיש און באַלד איז ער אַריבער צו ענגליש און איידער וואָס־ווען רעדט ער אויך העברעיש. ער זאָגט באַלד, אַז אָט די שפּראַך, העברעיש, איז די שענסטע פון אַלע שפּראַכן אין דער וועלט...

איך האָב מורא געהאַט אַ קוק צו טאָן אויף באָלעקן, כדי נישט צו זעען ווי אַזוי איך אַליין זע אויס פון דער פּלוצימער דערשיטערונג פון הערן העברעיש לשון אין די באַדינגונגען פון סכנת־נפשות פאַר אַ ייִד. אויף אַ רגע האָב איך געהאַט דאָס געפיל, אַז קאָלושקי איז מײַן לעצטע לעבנס־סטאַציע, דאָ וועט זײַן מײַן סוף. ס׳האָבן זיך געענדיקט אַלע ראַנגלענישן און דער גאַנצער געלויף צו לעבן און איבערלעבן איז געווען אומזיסט. זיכער איז אָט דער פרעמדער אַ נאַצישער שפּיאָן און דער שד ווייסט ווי אַזוי ער האָט דערשנאַפּט אַז מיר זענען ייִדן. און אפשר האָט ער אונדז נאָכשפּיאָנירט דעם גאַנצן וועג? באַלד האָב איך געזען אין אים אַ טיפּישן דײַטש. מיט זײַן רעדן העברעיש אָבסערווירט ער אונדז ווי אַזוי די זאַך שפּיגלט זיך אָפּ אויף אונדזערע פּנימער, און אָט באַלד וועט קומען די פּראָוואָקאַציע, ער וועט אונדז דעמאַסקירן ווי ייִדן און אונדז איבערגעבן אין די הענט פון דער געסטאַפּאָ...

צו אונדזער גליק איז אַזוי נישט געשען. מיט אַלע מײַנע כוחות האָב איך געפּרוווט באַהערשן מײַן פּחד. פּלוצים רופט זיך אָפּ צו מיר דער מאַן:

״איך בין דער קאָנטראָלער פון דער באַנען־קאָמוניקאַציע אין דעם ראַיאָן. טאָמער דאַרפט איר עפּעס, וועל איך עס אײַך דערלייזדיקן. איך וווין אין פּיעטרקאָוו אויף גובערנאַטאָרסקע גאַס נומער 185״.

ביז דעם הײַנטיקן טאָג, מער פון פערציק יאָר נאָך יענער דערשיטערונג, געדענק איך דעם נאָמען פון דער גאַס און דעם נומער פון דעם הויז — אַ סימן אַז יעדעס וואָרט וואָס דער מאַן האָט דעמאָלט אַרויסגעזאָגט, בעת איך בין געווען אין צושטאַנד פון

אַראָפּגעלאָזט אין דעם נאָענטן טאָמאַשאָוו. דאָ האָבן מיר באַשלאָסן צוריקצופאָרן קיין סקערניעוויץ. האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז צווישן טאָמאַשאָוו און סקערניעוויץ איז נישטאָ קיין דירעקטע באַן־פאַרבינדונג. פון טאָמאַשאָוו דאַרף מען פאָרן צו דער אָרטשאַפט קאָלושקי, וואָס איז אַ באַן־קנופּ, און פון דאָרט איבערשטײַגן אין אַ באַן וואָס פאָרט קיין סקערניעוויץ. אין קאָלושקי איז אונדז קלאָר געוואָרן אַז אַ באַן קיין סקערניעוויץ וועט זײַן ערשט אויף צו מאָרגנס זעקס אַזייגער באַגינען. האָבן מיר אויף דער באַן־סטאַציע איבערגעלאָזט אונדזערע וואַליזעס אונטער דער השגחה פון אַ פּרוי אַ דאָקטערין, וואָס אויך זי האָט געוואַרט אויף דער זעלבער באַגינענדיקער באַן צו פאָרן קיין פּרושקאָוו.

פּריַ פון אונדזערע וואַליזעס זענען מיר אַוועק אין אַ פּלאַץ ווו מען האָט געקענט אָפּעסן און טרינקען. אַוועקגעזעצט זיך צו אַ טיש, באַשטעלט אַ פלאַש בראָנפן, ווי עס איז דער פּוילישער שטייגער, און מיט פאַרבײַסעכץ, האָט זיך געעפנט די טיר און ס׳איז אַרײַנגעקומען אַ מאַן פון צוויי מעטער די הייך און ברייט ווי אַ צעוואַקסענער בוים. דער מאַן האָט זיך אַרומגעקוקט, ער האָט זיך דערנעענטערט צו אונדז און געפרעגט, צי מיר דערלויבן אים זיך צוזעצן צו אונדזער טישל.

האָבן מיר אים פאַרבעטן, באַשטעלט פאַר אים נאָך אַ גלעזל און, ווי עס פאָדערט די העפלעכקייט, אים געבעטן ער זאָל מיט אונדז טרינקען. האָט דער פרעמדער מיט אונדז געטרונקען איין גלעזל, נאָך אַ גלעזל, און מתוך צופרידנקייט האָט ער געזאָגט:

״אויב איר זענט אַזוינע פײַנע מענטשן, באַשטעל איך נאָך אַ פלעשל״. וכך הווה: ער האָט באַשטעלט און מיר האָבן געטרונקען און דער פרעמדער איז געוואָרן בגילופין.

האָב איך דעם מאַן געפרעגט ווּהין ער פאָרט און זײַן ענטפער איז געווען, אַז ער פאָרט קיין פּיעטרקאָוו. נאָר אַזוי ווי ער האָט נישט די באַן, מוז ער דאָ וואַרטן ביז באַגינען. איז ער, ווי מיר, אַרײַנגעקומען עפּעס עסן און נעמען אַ גלעזל בראָנפן, און אָט איז ער אין אַן אָנגענעמער געזעלשאַפט.

אויסבאַהאַלטן ייִדן זענען דאָך אויך די באַהאַלטער צוזאַמען מיט די יידן דערשאָסן געװאָרן און זייערע הײַזער זענען פאַרברענט געװאָרן. עס האָבן נישט געהאָלפן סטעפאַנס פאַרזיכערונגען, אַז מיר האָבן דאָקומענטן אַז מיר זענען פּאָליאַקן־קאַטאָליקן. סטעפאַנס מאַמע האָט זיך געפונען פאַר אַ נערװן־צוזאַמענברוך און זי האָט געװאַרט אויף דער מינוט, מיר זאָלן נעמען אונדזערע װאַליזעס און פאַרלאָזן ־איר הויז.

סטעפאַן האָט זיך געפילט שולדיק. אין דעם אַרבעט־לאַגער, אין דער ״פאַרברענונג־קאָמאַנדאָ״, איז ער געװען אויף גרויסע צרות. איך האָב אים אין זײַנע צרות געהאָלפן װי נאָר איך האָב געהאַט אַ מעגלעכקייט. מיט באָלעקן איז ער געװען אין ברידערלעכער פרײַנדשאַפט. ער האָט אונדז ביידע געװאָלט אָפּדינען פאַר דעם אַלעם, װאָס מיר האָבן געטאָן פאַר אים, און בײַ זײַן מאַמען אין דער היים שאַפן פאַר אונדז אַזעלכע באַדינגונגען מיר זאָלן אין זיכערקייט קענען דערלעבן די מפּלה פון די נאַציס.

אַליין געיאָגטע און געפּלאָגטע, האָבן מיר פאַרשטאַנען דאָס געמיט סײַ פון סטעפאַנס מוטער און סײַ פון אים אַליין. האָבן מיר אים געטרייסט:

״האָסט געװאָלט טאָן גוט פאַר אונדז, איז עס דיר נישט געלונגען. מיר פאַרשטייען דאָס געמיט פון דײַן מוטער, װאָס מיט אונדזער זײַן בײַ איר שטוב רויבן מיר אַװעק פון איר רו און שלווה. װעלן מיר גלײַך אײַנפּאַקן אונדזערע װאַליזעס און זיך געזעגענען. מיר האָפן, אַז װען די מלחמה װעט זיך ענדיקן װעלן מיר זיך באַגעגענען װידער״.

מיר האָבן געטאָן װי מיר האָבן געזאָגט, אײַנגעפּאַקט די װאַליזעס און אַרויס צום הויפּט־שאָסיי אָפּװאַרטן אַ געלעגנהייט צו פאָרן קיין טאָמאַשאָװ. ס׳איז איבעריקנס נישט געװען װײַט פון טאָמאַשאָװ, און מיר האָבן לאַנג נישט געװאַרט. מיר האָבן אָפּגעשטעלט אַ פאַרבײַפאָרנדיקע דײַטשע מאַשין און געפרעגט דעם שאָפער, צי ער איז גרייט אונדז מיטצונעמען קיין טאָמאַשאָװ. דער שאָפער האָט אונדז אַרײַנגענומען אין דער מאַשין און אונדז

וואָס אַן אמת האָב איך לעבנדיק אין סאָקאָלאָוו און שפּעטער אין יאַדעווע נישט גערעדט קיין פּערפעקטן פּויליש. אָבער במשך דער לאַנגער צײַט ווי מיר — איך, מײַן פרוי און מײַן שוועגערין, האָבן זיך אויסבאַהאַלטן בײַ דער פאַמיליע טשערוויעץ אין וואַרשע, האָב איך, ווי שוין דערמאָנט, אומאויפהערלעך געלייענט פּאָפּולערע פּוילישע ביכער, כדי צו שלײַפן מײַן פּויליש. איך האָב אויך קיין אַנדער לשון נישט געטאָרט רעדן, נישט מיט מײַן פרוי, נישט מיט מײַן שווענגערין און נישט מיט דער פאַמיליע טשערוויעץ.

בײַ דער סעודה אין דער ווילע פון סטעפאַנס מאַמע האָט זיך נישט געשאַפן קיין סימן פון אַ סיטואַציע, מיר זאָלן ווערן פאַרדעכטיקט, אַז מיר זענען נישט קיין פּאָליאַקן־קאַטאָליקן. אַפילו דער אופן פון אונדזער אַרײַנגיסן אין זיך די מענגעס בראָנפן איז געווען פּויליש־קאַטויליש. מיר האָבן זיך געפילט גוט, זיכער, ווי מען קען זיך פילן אין אַ מאַמעס הויז אין רויקע צײַטן. דאָ — האָב איך געטראַכט — וועלן מיר ענדלעך אָנהייבן אַ נײַע לעבן...

ס'איז געווען נישט מער ווי אַן אילוזיע.

אויף צו מאָרגנס נאָך דער פײַערלעכער און פרעכטיקער וועטשערע, איז צו אונדז אין צימער אַרײַנגעקומען סטעפאַן. זײַן פאַרכמורעט פּנים האָט קיין גוטס נישט אָנגעזאָגט. ער האָט נישט געוווסט פון וואָס אָנצוהייבן און צום סוף אָנגעהויבן ממש מיט טרערן אין די אויגן, און אונדז מגלה געווען מיט צער, אַז מיר קענען אין דער ווילע פון זײַן מאַמע נישט בלײַבן, און אַז עס איז אַפילו געזונטער מיר זאָלן שוין באַלד צוריק אײַנפּאַקן אונדזערע וואַליזעס און פאַרלאָזן דעם פּלאַץ וואָס שנעלער. און וואָס שנעלער אַלץ זיכערער און געזונטער פאַר אונדז און פאַר זײַן מאַמען.

וואָס אַזעלכע איז געשען איבער נאַכט? עס איז געשען אַז דער קוזין פון סטעפאַנס מאַמע, דער פּראָפעסאָר האָט אין אונדז ביידע, אין מיר און אין באַלעקן, דערשנאַפּט אַז מיר זענען יידן. מיט זײַן פאַרדאַכט איז ער באַגינען געקומען צו לויפן צו סטעפאַנס מוטער און זי אַרײַנגעטריבן אין אַזאַ בהלה פון שרעק, אַז די אָרעמע פרוי האָט שוין דערזען דעם טויט פאַר אירע אויגן. וואָרום פאַר

דאָקטער־וועטערינאַר, זענען געגאַנגען נאָך ווייטער: נעבן דעם קליינעם שטעטעלע וואָלבוש, וואָס ליגט צווישן טאָמאַשאָוו און פיעטרקאָוו, האָט זײַן מוטער אַן אייגענע ווילע. ווען די ווילע אונדז דינען ווי אַן אידעאַלער פּלאַץ. אגבֿ, אין דעם שטעטל וואָלבוש האָט פאַר דער מלחמה געלעבט און געפּראַוועט רביסטווע אַ באַרימטער צדיק וואָס זײַן נאָמען האָט זיך צום באַדויערן נישט אויפגעהאַלטן אין מײַן זכרון.

זענען מיר דרײַ, סטעפאַן, באָלעק און איך, אַוועק צו די דײַטשע "בעהערדען" און געבעטן אַ דערלויבעניש צו פאָרן אין דער געגנט פון טאָמאַשאָוו. מיר האָבן די דערלויבעניש באַקומען, און אין נישט אַזאַ מזלדיקער שעה זענען מיר אָנגעקומען צו סטעפאַנס מוטער.

די ווילע איז געלעגן אין אַ וווּנדערבאַרן פּלאַץ, אָן וועלכן עס איז צייכן פון מלחמה, סכנה און אַנדערע אומגליקן פון דער צײַט. איך און באָלעק האָבן זיך דערפילט טאַקע ווי בײַ אַ מאַמען אין הויז. האָט דאָך סטעפאַן געזאָגט זײַן מוטער, אַז מיר זענען זײַנע פרײַנד. זענען מיר געוואָרן אירע קינדער ווערדליק דער וואַרעמער באַציונג מיט וואָס זי האָט אונדז אויפגענומען. לכבוד סטעפאַנס צוריקקער אַהיים אַ לעבעדיקער און געזונטער און אויך לכבוד אונדז, זײַנע פרײַנד, האָט די מוטער אײַנגעאָרדנט אַ סעודה כּיד המלך, נאַטירלעך מיט בראָנפן וויפל נאָר יעדער איינער פון אונדז האָט געקענט אין זיך אַרײַנגיסן. צו אָט דער פּײַערלעכער סעודה האָט סטעפאַנס מוטער פאַרבעטן אירס אַ קוזין, אַ פּראָפעסאָר. האָט מען געגעסן, געטרונקען, זיך אונטערגעהאַלטן און ווי דער שטייגער אויך גערעדט וועגן עניני דיומא: ווען עס וועט נעמען אַ סוף צו דער דײַטשער הערשאַפט אין פוילן און צו דער אומענדלעכער נאַצישער בלוט־פאַרגיסונג. אין וואַרשע איז דאָך אָנגעגאַנגען די בלוט־באָד פון דעם פוילישן אויפשטאַנד.

איך מוז דאָ באַמערקן, אַז סײַ דער פויליש פון באָלעקן און סײַ מײַן פויליש האָבן נישט געקענט אַרויסרופן דעם מינדסטן פאַרדאַכט, אַז מיר זענען יידן. מיר האָבן גערעדט פונקט אַזאַ פויליש ווי עס האָט גערעדט סטעפאַן און ווי יעדער אַנדערער פּאָליאַק.

דעם גרעסערן חלק. האָבנדיק געלערנט אין אַ ישיבֿה, האָט זיך מיר פון דעמאָלט אָן איינגעקריצט אין מוח די מימרא, אַז "עני חשוב כמת" — "אַן אָרעמאַן איז געגליכן צו אַ טויטן". און איך האָב נישט געוואָלט זײַן קיין טויטער. איך האָב שטאַרק געוואָלט לעבן. איך האָב עס צוגעזאָגט מײַן פאָטער עליו השלום. איך האָב אויך געוואָלט האָבן אַ שטיקל "אײַזערנעם קאַפּיטאַל" אויף שפּעטער, ווען דער מלחמה־קאָשמאַר וועט אַריבער מיטן אַרײַנמאַרש פון דער רויטער אַרמיי קיין וואַרשע. ווער קען וויסן וואָס פאַר אַ סיטואַציעס עס וועלן זיך שאַפן אונטער דעם סאָוויעטישן מיליטערישן רעזשים און זײַנע עקאָנאָמישע אַנטוויקלונגען? ווען מען האָט אַ גרעסערע מטבע אין דער קעשענע, איז אויך דאָס געפיל פון זעלבסטזיכערקייט אָן אַן ערך גרעסער. האָב איך, אַלזאָ, פון דעם אַרבעט־לאַגער איבערגעפירט אַ גרעסערע צאָל פאַרשווינען און אויך זיי זענען עוואַקוירט געוואָרן צוזאַמען מיט אַלע קראַנקע און מיטדעם פּערסאָנאַל. מיט אונדז, דעם עוואַקוירטן געזינדל, איז אויך מיטגעפאָרן דער שוין דערמאָנטער פעלדשער פון דעם שפּיטאָל אויפן נאָמען פון דעם הייליקן ראָך — קאָסטשעשאַ.

דאָס דאַטשע־אָרט קאָוויעסי געפינט זיך אין אַ פּאַסטאָראַלער וואַלדיקער סביבה, וואָס איר שיינקייט ווערט געהיט מיט טויזנט אויגן. אפשר דערפאַר האָט נישט דער פּלאַץ קיין אייגענע לאָקאַלע באַן־פאַרבינדונג. כדי אָנצוקומען קיין קאָוויעסי האָט מען דעם שפּיטאָל געפירט מיט דער באַן פון וואַרשע קיין סקערניעוויץ, פון דאַנען, פון סקערניעוויץ, האָט מען די קראַנקע געדאַרפט פירן מיט אַן אַנדער קאָמוניניקאַציע־מיטל. אין סקערניעוויץ האָט מען די קראַנקע אָנגעלאָדן אויף לאַסט־אויטאָס צו טראַנספּאָרטירן זיי קיין קאָוויעסי.

אין סקערניעוויץ האָבן זיך מײַנע מחשבֿות צוזאַמענגעטראָפן מיט די מחשבֿות פון דעם דאָקטער־וועטערינאַר סטעפאַן און פון באָלעקן. נעמלעך, אַז עס האָט נישט קיין זין זיך ווײַטער צו האַלטן בײַם שפּיטאָל. זאָלן די קראַנקע זיך היילן און זאָלן די געזונטע זיך ראַטעווען פון די נאַצישע נעגל! די מחשבֿות פון סטעפאַן דעם

* * *

אין אַ געוויסן טאָג איז געקומען אַ באַפעל איבערצופירן דעם וואָלסקאַ־שפּיטאָל פון וואַרשע קיין קאָוויעסי, נישט ווײַט פון סקערניעוויץ. פאַר דער מלחמה איז קאָוויעסי געווען אַ דאַטשע־רעסאָרט. דאָס איבערפירן דעם שפּיטאָל האָב איך אויסגענוצט צו מאַכן אַ ביסל געלט, וואָרום איך האָב נישט געוווסט וואָס פאַר אַ נײַע באַדינגונגען עס וועלן זיך שאַפן אין דעם נײַעם פּלאַץ און וועמען אַלץ מען וועט דאָרט דאַרפן איבערקויפן, כדי צו דערוויַיטערן פון זיך טויט־סכנות, און איבערלעבן, איבערלעבן און דערלעבן דעם סוף פון דעם היטלעריזם.

אַזוי ווי דער שפּיטאָל איז געווען אַנטקעגן דעם אַרבעט־לאַגער, האָט זיך די חבֿרה אין דעם לאַגער דערוווסט אַז דער שפּיטאָל ווערט עוואַקוירט. זהאָבן זיך טייל באַמיט צו ווערן קראַנק, אָדער מאַכן זיך קראַנק, אָדער עמעצן איבערקויפן פאַר אַרײַנגעמען אין שפּיטאָל און אַזוי אַרום זיך באַפרײַען פון וואַרשע און פון דעם אַרבעט־לאַגער. אין דער גרופּע, וואָס האָט זיך באַמיט אַרײַנצוקומען אין שפּיטאָל, איז צווישן אַנדערע אויך געווען אַ ייד מיטן נאָמען באָלעק, אַ דענטיסט, ער לעבט הײַנט אין חיפה. באָלעק איז געווען גוט באַפרײַנדעט מיט אַ דאָקטער־וועטערינאַר, אַ פּאָליאַק, סטעפּאַן האָט ער געהייסן. האָב איך איבערגעקויפט דעם ריכטיקן דאָקטער אין שפּיטאָל, ער זאָל דערקלערן פאַר קראַנק יעדן איינעם פון דעם אַרבעט־לאַגער, וואָס איך וועל אויפגעבן זײַן נאָמען.

פאַר מאַכן אַ געזונטן ״קראַנק״ און מאַכן פון אים אַ גרייטן צו עוואַקוירן אים, האָט מיר דער ״קראַנקער״ באַצאָלט מיט אַ גאָלד־שטיקל, אָדער מיט זלאָטעס, אָדער מיט אַ ווערט זאַך. דער האַנדל איז געגאַנגען. דעם פאַרדינסט, אָדער דעם שכר פאַר קראַנק־מאַכן האָב איך געטיילט אויף צוויי טיילן — מיר איין טייל און דער דאָקטער אַ צווייטן טייל. איך בין זיך מודה ומתוודא, אַז אין צעטיילן דעם פאַרדינסט בין איך נישט געווען צופיל סאָליד. איך האָב דעם שכר צעטיילט אויף צוויי חלקים, אָבער זיך האָב איך גענומען

זשאַנדאַר, אָדער געסטאַפּאָ־מאַן האָט אים דערשאָסן, איז עס די פּאָליאַקן אָנגעגאַנגען ווי דער פּאַראַיאַריקער שניי. העכטנס איז צוגעקומען נאָך ״אַ שטיקל אַרבעט״ — אויך דעם אַוועקצופירן צו פּאַרברענען. אויב פון אָנהייב האָב איך געזען ווי פּאָליאַקן נישטערן אין דעם אַש פון זייערע פּאַרברענטע ברידער און איך בין פון דער סצענע דערשיטערט געוואָרן, האָבן די נישטערער אין אַש זיך געשלאָגן איבער אַ ברעקל גאָלד פון אַ צאָן...

אויסגעטערונקען צו צוויי גלעזלעך שנאַפּס האָט ער מיר און מײַן פרוי דערלאַנג די האַנט און ווען איך האָב אים באַגלייט צוריק צום קלאַוויר, האָט ער מיר געפרעגט פון וואַנען איך קען לאַמוווּנאַ (אַזוי האָט מען פאַר דער מלחמה גערופן מײַן פרוי אין אורלע). האָב איך אים געענטפערט, אַז לאַמוווּנאַ איז מײַן ווײַב. ווי ער האָט דאָס געהערט, האָט ער נישט געוואָלט גלויבן און באַמערקט, אַז איך האָב גענומען אַ "זשידוווקאַ" — אַ יידישע — פאַר אַ ווײַב, כדי צו זײַן געדעקט פאַר די מאָסקאַלעס, די רוסן. אויף דעם האָב איך אים געזאָגט:

"זײַ וויסן, אַז אויך איך בין אַ ייִד".

דערהערט אַזאַ מין אַנטדעקונג, האָט ער נאָכגעשפּעט מײַנע ווערטער און איבערגעחזרט, אַז איך שפּיל די ראָל פון אַ ייִד, מיט אַ יידיש ווײַב אַלס עדות, ווײַל איך וויל זיך אײַנקויפן אין צוטרוי בײַ די רוסן...

עס וואָלט זיך געקענט אויסדאַכטן, אַז אין אָט די שרעקלעכע באַדינגונגען, ווען אַ ייִד האָט נישט געטאָרט לעבן, און נישט בלויז נאַציס האָבן געלויערט אים אומצוברענגען, איז די באַציונג פון איין פּאָליאַק צום צווייטן געווען אַ ברידערלעכע. הייבט זיך נישט אָן. יעדער איינער האָט געזאָרגט בלויז פאַר זײַן פעל און ער איז גרייט געווען זײַן לעבן צו שיצן מיטן טויט פון זײַנעם אַ ברודער.

ווען איך האָב געאַרבעט אין דעם וואָלסקאַ־שפּיטאָל האָט זיך דאָרטן איינער אַ פּאָליאַק מתעסק געווען מיט באַגראָבן די געשטאָרבענע. אויב עס האָט זיך געמאַכט אַ טאָג און דער קברן האָט נישט געהאַט ווער קובֿר צו זײַן, איז ער אַרומגעגאַנגען אַן אומעטיקער, ווי מען וואָלט אים בגזלט. דערקעגן ווען ער האָט געהאַט קליענטן צו באַגראָבן איז ער געווען מלא שמחה; ער האָט נישט אויפגעהערט טרינקען בראָנפן און "געמאַכט אַ לעבן".

פּאָליאַקן צו פּאָליאַקן זענען געווען אָן יעדן געפיל פון רחמנות. אַז מען האָט געפירט אונדזער "קאָמאַנדע" צו דער אַרבעט צוזאַמענצוקלײַבן דערשאָסענע און זיי ברענגען צום פאַרברענונגס־פּלאַץ, און אויב אויפן וועג איז דורכגעלאָפן אַ פּאָליאַק און דער

״מײַן גאָט, דער קאַלינאָוווסקי איז דאָך אַזוי ענדלעך צו יענעם זשיד, דעם דאָקטער רײַכבערט אין אורלע״.

״איז וואָס אַז ער איז ענלעך? ווען דו וואָלסט געקענט דעם פעלדשער קאָסטשעשאַ פון דעם הײליקן ראָך־שפּיטאָל, וואָס ווױנט דאָ, אין דעם שפּיטאָל, וואָלסטו געזען, אַז ער און דאָקטער קאַלינאָוווסקי זענען ענלעך צו זיך ווי אַ צווילינג״, האָב איך אים אײַנגערעדט און דער אַנטיסעמיט האָט זיך נישט געקענט שענקען די עוולה וואָס ער וואָלט געטון צו אַ פּאָליאַק, וואָרום נאָך אין דער פרי האָט ער געוואָלט גײן אין דער געסטאַפּאָ אָנמעלדן, אַז קאַלינאָוווסקי איז אַ ייִד. דער כוליגאַן איז געווען צופרידן וואָס ער האָט מיר דערציילט די גאַנצע געשיכטע און דערמיט איז פאַר אים אַלץ קלאָר געוואָרן, און ער האָט אײַנגעשפּאָרט אַן אומשולדיקער פּאָליאַק זאָל לײַדן...

אַזוי אַרום איז דאָקטער רײַכבערט ניצול געוואָרן פון אַ זיכערן טויט.

די געשיכטע מיט דעם אַנטיסעמיטישן כוליגאַן האָט געהאַט אַ המשך נאָך דער מלחמה:

אין יאָר 1946 בין איך מיט מײַן פרוי געקומען קײן וואַרשע צו באַזאָרגן זיך מיט פּאַספּאָרטן. דער דירעקטאָר פון דער פּאַספּאָרטן־אָפּטײלונג אין דעם אויסערן־מיניסטעריום איז געווען אַ ייִד, שניאור האָט ער געהײסן. אײנס און צוויי האָט מיר שניאור אַרויסגעגעבן פּאַספּאָרטן, פאַר מיר און מײַן פרוי, און מיר זענען אַוועק אין דעם גרויסן קאַפע־רעסטאָראַן אויף ירוזאַלימסקע אַלײע אַנטקעגן דעם הויפּוואָגזאַל, כּדי דאָרט צו עסן מיטאָג. דאָ האָב איך בײַם קלאַוויר באַמערקט דעם ענדעקישן כוליגאַן, ער האָט אונטערגעשפּילט פאַר די געסט. דערזעען דעם פאַרשוין, האָב איך אים צוגערופן צו מײַן טיש, מיר זאָלן אויסטרינקען אַ גלעזל שנאַפּס. ער האָט גערן אָנגענומען די אײַנלאַדונג און זיך צוגעזעצט צו אונדזער טיש. איך האָב אים פאָרגעשטעלט פאַר מײַן פרוי און ער האָט זי געדענקט פון אורלע פון פאַר דער מלחמה.

האָבן דעם ספּירט אויסגעטרונקען ביז צום לעצטן טראָפּן.

״מיר קענען זיך נישט מער!״ האָט ער זיך פאַרזיכערט, ״די געפאַר איז געוואַלדיק גרויס!״

דאָס מיידל איז אָנגעקומען. איך ווייס נישט, צי זי איז געוואָרן אויפמערקזאַם דערויף, אַז מיר זענען געווען פאַרוויינט, אָדער אפשר האָט דער ספּירט פאַרווישט יעדן סימן פון אונדזער איבערלעבונג.

די זאַכן וואָס דאָס מיידל האָט געבראַכט פאַר מיר צום אויסטוישן זענען געווען זעלטן גוטע. דער פעלץ־מאַנטל איז געווען ווי ער וואָלט אויפגעגנייט געוואָרן ספּעציעל פאַר מייַ־נעטוועגן. אַזוי אויך די עלעגאַנטע זשאַקעטן און הויזן — כאָטש טו זיי אָן און גיי טאַנצן. איך האָב איר אַוועקגעגעבן אַלע ווייַבערשע זאַכן, וואָס איך האָב געהאַט ״אָנגעשאַבערעוועט״ און מיר זענען זיך צעגאַנגען, זיך ווינטשנדיק אַ גוטן תמיד.

איצט קער איך צוריק צו דעם מאָמענט ווען דער ענדעק פון אורלע, וואָס איז געוואָרן מייַן בוזעם־פרייַנד, האָט מיר מבשר געווען, אַז ער האָט אין שפּיטאָל דערשנאַפּט אַ ייִד — ער הייסט דאָקטער רייַכערט, אַ מאָל איז ער געווען אין אורלע; הייַנט באַהאַלט ער זיך אויס אונטער דער נאָמען קאַלינאָווסקי.

ווי נאָר איך האָב געהערט די ווערטער פון דעם כוליגאַן, האָב איך אים אָנגעכאַפּט ביים גאָרגול און געזאָגט:

״דו ביסט אַראָפּ פון זינען. דער דאָקטער רייַכערט, וועלכן דו מיינסט, לעבט שוין לאַנג נישט. די שוואַבן האָבן אים אַוועקגעהרגעט. דו געדענקסט דאָך אים פון אורלע, און ער איז מער נישטאָ. דערקעגן דעם דאָקטער קאַלינאָווסקי קען איך שוין זייער לאַנג, נאָך פון פאַר דער מלחמה. ער האָט געאַרבעט אין שפּיטאָל פון דעם הייליקן ראָך. מיר ביידע האָבן צוזאַמען שטודירט מעדיצין און איך קען אים ווי איך קען זיך אַליין. צי ווילסטו פאַרשאַפן אַ מענטש אומזיסטע צרות? פאָליאַקן לייַדן נישט גענוג פון די שוואַבן?״

איך האָב מייַנע ווערטער געזאָגט מיט אַזאַ פלאַם און מיט אַזאַ זיכערקייט, אַז דער שונאי ישראל האָט זיך פאַרלוירן און געפּרעפּלט:

דעם דאָקטער קאַלינאָווסקי האָט דאָס מיידל געגרופן ״פּעטערל״ (״וואַשקו״ אויף פּויליש).

ווי עס איז געווען אָפּגערעדט בין איך מיט די אויסטויש־זאַכן אַראָפּ צו ד״ר קאַלינאָווסקי, כּדי צו פֿאַרענדיקן די טראַנזאַקציע.

אַראָפּגעקומען צו ד״ר קאַלינאָווסקי מיט מײַנע זאַכן, איז דאָס מיידל נאָך נישט געווען. האָט מיר דער דאָקטער געבעטן אין זאָל צוּוואַרטן. זי דאַרף גלײַך אָנקומען. וואַרטנדיק האָב איך זיך אײַנגעקוקט אין דעם פּנים פון דעם דאָקטער, זיך אײַנגעהערט אין זײַן שטים און, איידער וואָס ווען, האָב איך אַרויסגעפּראַלט כּמעט קעגן מײַן אייגענעם ווילן:

״צי הייסטו אויף אַן אמת קאַלינאָווסקי?״ האָב איך אים געפרעגט, און אין דער אותו רגע איז ער געוואָרן בלייך ווי אַ פרישׁ געקאַלכטע וואַנט; ווילדע שרעק האָט אַרויסגעקוקט פון זײַנע אויגן און ער האָט אָנגעהויבן שטאַמלען, ווי ער וואָלט פּלוצים פאַרלוירן דאָס לשון.

האָב איך געפרווּוט אים באַרויקן:

״האָב נישט מורא״, האָב איך געזאָגט, ״איך הייס נישט לעוואַנדאָווסקי. מײַן נאָמען איז פּיעקאַרסקי. און דו הייסט רײַכערט, דו הייסט דאָקטער רײַכערט!״.

ווי איך האָב אים דאָס געזאָגט, זענען מיר ביידע צוגעפאַלן איינער צום צווייטן, זיך אַרומגעכאַפּט און זיך צעבכי־פּעט ווי קליינע קינדער.

איך האָב מײַנע טרערן נישט געקענט פאַרהאַלטן און אַזוי אויך ער. נאָך איידער מיר האָבן זיך ביידע באַהערשט, איז ער צוגעשטאַנען צו מיר און געזאָגט, נאָך מיט טרערן אין זײַן שטים:

״פּיעקאַרסקי, מיר האָבן זיך דערקענט און מיר קענען זיך נישט מער. אַז איינער פון אונדז וועט באַגעגענען דעם צווייטן — זע איך דיך נישט און דו זעסט מיך נישט.״

כּדי צו פאַרענדיקן די סצענע האָט ער פון אַ שענקל אַרויסגענומען אַ פלאַש ספּירט, אָנגעגאָסן אין צוויי גלעזער פאַר מיר און פאַר אים, אַוועקגעשטעלט אויפן טיש פאַרבײַסעכץ, און מיר

האָט מען פֿאַר דער דאָקטער געהאַט דרך־ארץ און מען שלעפּט זײַן פּאַק רויב.

ווי אויבן געזאָגט איז אין דער גרופּע "שאַבראָוניקעס" געווען אַ יונג שיין מיידל, געווען אַ נחת אויף איר צו קוקן. אויך זי האָט "אָנגעשאַברעוועט" אַ שפּאָר ביסל זאַכן, און איינער פֿון די דײַטשן האָט געהאָלפֿן טראָגן איר רויב. מײַן רויב האָב איך אַוועקגעטראָגן אין שפּיטאָל, וואָס איז געווען מײַן היים, און דאָס מיידל האָט אירע זאַכן אַוועקגעטראָגן צו איר אַהיים.

בײַ דער ערשטער געלעגנהייט האָט זי מיר געזאָגט, אַז זי האָט "אָנגעשאַברעוועט" טײַערע זאַכן, ווי אַ שטייגער אַ טײַערן מענער־פּוטער און אַ מענער־קאָסטיום, וואָס איר קענען זיי נישט נוצן. האָב איך איר געזאָגט: דאָס נעמלעכע צו הערן פֿון מיר, איך האָב "אָנגעשאַברעוועט" אויך וועש און קליידער פֿאַר פֿרויען, וואָס קענען מיר נישט צונוצקומען, און איך האָב איר פֿאָרגעלייגט אַ טויש־האַנדל: זי וועט מיר געבן די מענער־קליידער און איך וועל איר געבן די פֿרויען־קליידער. פֿאַר דער צוועק האָבן מיר געמאַכט אַ ראַנדעוווּ אין דער דירה פֿון דער דאָקטער קאַלינאָווסקי, בײַ וועמען זי האָט געהאַט אירע זאַכן.

ווי שיין דאָס מיידל איז געווען, אַזאַ אויסטערלישער טיפּ איז זי געווען. אין דער צײַט ווען זי האָט געהאַלטן אירע זאַכן — ווי זי האָט מיר געזאָגט — בײַ דער דאָקטער קאַלינאָווסקי, איז זי געווען גוט באַפֿרײַנדעט מיט דעם שעף פֿון דער געסטאַפּאָ, וואָס האָט אָנגעפֿירט מיט דער וואַרשעווער דיסטריקט. צי זי איז געווען די געליבטע פֿון דעם געסטאַפּאָ־מאַן, אָדער צווישן זיי האָט געהערשט אַן אַנדער פֿאָרם פֿון פֿרײַנדשאַפֿט — דאָס האָט מיר נישט אינטערעסירט. ווי עס זאָל נישט זײַן, פֿלעגט דאָס מיידל אָפֿט זיך באַגעגענען מיט דעם געסטאַפּאָ־מאַן און פֿון אָט דער באַגעגעניש האָט זי פֿון אים אַרויסבאַקומען אַ זיכערקייט־דאָקומענט פֿאַר דעם דאָקטער קאַלינאָווסקי, אַז ער קען זיך באַוועגן פֿרײַ אין יעדן פּלאַץ, קיינער טאָר אים נישט באַלעסטיקן און קיינער טאָר אים נישט פֿאַרהאַלטן — אַ פֿרײַער פֿויגל אין דער שטײַג פֿון טויט־סכנות.

פון דעם שפּיטאָל־אויס בין איך צוזאַמען מיט דײַטשן און שפּיטאָל-אָנגעשטעלטע אַוועק קיין זשאָליבאָזש ״שאַברעווען״ אין די קעלערן פון די אויסגעליידיקע הײַזער. אין די קעלערן איז געווען אַ זייער רײַכער קוואַל פון טײַערע זאַכן. מיט אונדז איז אויך מיטגעגאַנגען אַ יונג מיידל, אַ שיינקייט — אַ שטיק זון פון הימל. ס׳איז נישט אויסצורעכענען וואָס אַלץ מיר האָבן דאָס מאָל געפונען אין די קעלערן — טײַערע פרויען־מאַנטלען, שפּוגל נײַע וועש פאַר פרויען, פוטער־מאַנטלען פאַר פרויען און אויך שטיוול, וואָס זענען נאָך נישט געהאַט אַראָפּגענומען געוואָרן פון די קאָפּיטעס. די שטיוול האָבן מיר אויסגעזוכט ווי זיי וואָלטן געווען געמאַכט פאַר מײַנעטוועגן. איך האָב אויך געפונען נײַע זשאַקעטן, מענער־וועש, נײַע הויזן און נאָך אַנדערע זעלטענע זאַכן — אַן אויס־ערגעוויינטלעכער צושטייער פאַר דער צײַט ווען די מלחמה וועט זיך ענדיקן. ביים ״שאַברעווען״ האָב איך, נישט קוקנדיק אויף די טויט־געפאַרן, געטראַכט וועגן דעם טאָג ווען די מלחמה וועט זיך ענדיקן. די רויטע אַרמיי וועט דאָך אויף אייביק נישט בלײַבן שטיין בײַם ווײַסל־ברעג אין פּראַגע. זיי ווילן דאָך באַזעצן בערלין, מוזן זיי פריער פאַרנעמען וואַרשע און פאַר מיר וועט די מלחמה זיך האָבן פאַרענדיקט. האָב איך באַשלאָסן זיך צוגרייטן צו יענעם גרויסן טאָג ווען די רויטע אַרמיי וועט באַזעצן וואַרשע און איך וועל קענען צוריק ווערן אַ מענטש מיט מענטשן גלײַך. און אַ מענטש דאַרף זײַן אָנגעטאָן, וואָרום אויף אַ לאַכודרע קוקט מען ווי אויף אַ לאַכודרע, און אַז מען איז עלעגאַנט אָנגעטאָן רופט עס אַרויס דרך־ארץ קודם־כּל פאַר דײַן קליידונג, פאַר דײַן פוטער־מאַנטל, פאַר די גלאַנציקע שטיוול. אַזאַ איז דער סאָרט מענטש.

אין די קעלערן אין זשאָליבאָזש האָב איך פאַר מײַנעטוועגן ״אָנגעשאַברעוועט״ זאַכן אין צוויי גרויסע וואַליזעס, און צו זיי האָב איך אויך געהאַט אַ ריזיקן פּאַק מיט זאַכן. די צוויי וואַליזעס האָב איך אַליין געשלעפּט און דעם פּאַק מיט זאַכן האָט פאַר מיר געטראָגן אַ דײַטש. איך בין דאָך מיטגעגאַנגען ״שאַברעווען״ ווי אַ דאָקטער,

* * *

אין איינעם אַ טאָג איז צו דעם פעלדשער קאָס'טשעשאַ אין אונדזער בשותפותדיקן צימער געקומען אַ דאָקטער, וואָס האָט זיך פאָרגעשטעלט אַלס קאַלינאָווסקי, ד״ר קאַלינאָווסקי. אָט דער מאַן האָט מיר אויסגעזען שטאַרק ענלעך צו איינעם אַ דאָקטער רײַכערט, אַן אַסיסטענט פון דעם פראָפעסאָר רובין אין וואַרשע, פאַר דער מלחמה. אין די זומערס פלעגט ד״ר רײַכערט קומען אויף דאַטשע קיין אורלע און ער האָט אין דעם דאַטשע־פלאַץ אויך פראַקטיצירט אַלס דאָקטער. זײַענדיק אויף דער אַרישער זײַט איז צו מיר דערגאַנגען, אַז ד״ר רײַכערט איז אומגעבראַכט געוואָרן, ער לעבט נישט מער. און אָט געפינט זיך אין אונדזער צימער, ווי דער גאַסט פון קאָס'טשעשאַן, אַ דאָקטער קאַלינאָווסקי, וואָס איז ווי צוויי טראָפנס ענלעך צו ד״ר רײַכערט, וואָס לעבט נישט מער. איך בין דאָך מיט ד״ר רײַכערט געווען אַזוי שטאַרק באַפרײַנדעט פון יענער צײַט ווען ער פלעגט קומען אויף דאַטשע קיין אורלע.

איז געשען, אַז איין מאָל איז מײַן נײַער ״פריינד״, דער כוליגאַן פון אורלע, צוגעקומען צו מיר און מיר אָנגעזאָגט די בשורה, אַז ער האָט דערשנאַפּט אַ ייִד, וואָס איז אַ מאָל געווען אין אורלע. ער האָט בדעה צו גיין צו דער געסטאַפּאָ און מעלדן אַז ער האָט אויסגעפונען אַ ייִד און זאָלן אים די געסטאַפּאָ־לײַט אויספּאַרטיקן.

״ווי הייסט דער ייִד?״ האָב איך געוואָלט וויסן.

האָט מיר דער כוליגאַן געענטפערט, אַז דער ייִד באַהאַלט זיך אויס אונטערן נאָמען ד״ר קאַלינאָווסקי. הערנדיק דאָס, האָבן מיר זיך די געדערעם אין בויך איבערגעדרייט. אין יענעם טאָג האָב איך שוין געוווּסט, אַז ד״ר קאַלינאָווסקי איז אין דער ווירקלעכקייט ד״ר רײַכערט. איך האָב עס געוווּסט פון אַ מעשה וואָס איך גיי זי דערציילן און דעריבער אויף אַ רגע אָפּווײַזן פון מײַן ״פרײַנד״־אַנטיסעמיט און זײַן בשורה אַז ער האָט געפונען אַ ייִד.

די מעשה איז געווען אַזוי:

וואָס איך קען טאָן פאַר איַיך", האָב איך אים געזאָגט און באַפוילן ער זאָל מיך מער נישט קענען און מיך אויסמיַידן. איז דער מאַן מסכים געווען, אָבער געהאַט צו מיר נאָך איין בקשה: זיין פרוי באַהאַלט זיך אויס ביַי אַ קריסט אין דער סבֿיבֿה פון פּרושקאָוו. מחמת דער איבערבאַפעלקערונג אינעם שפּיטאָל שיקט מען כמעט יעדן טאָג אַרויס קראַנקע צום שפּיטאָל אין פּרושקאָוו, וואָלט איך אים געמאַכט גליקלעך ווען איך זאָל אויספועלן מען זאָל אים איבערפירן אין פּרושקאָווער שפּיטאָל.

כ'האָב דער מאַן געפרעגט זיַין נאָמען. אויך ווי אַ פּאָליאַק האָט ער געהייסן דעם זעלבן נאָמען וואָס ער האָט געהאַט פון זיַינע עלטערן — קראַסוצקי. קראַסוצקי איז אַ טיפּיש פּוילישער נאָמען אַזוי אַז ער האָט דער נאָמען נישט געדאַרף ענדערן.

נאָך דעם זעלבן טאָג האָב איך געזאָרגט דערפאַר, אַז קראַסוצקי זאָל אַרויפגעשטעלט ווערן אויף דער ליסטע פון די קראַנקע, וואָס ווערן איבערגעפירט קיין פּרושקאָוו און אויף צומאָרגנס איז ער אַוועק מיטן שפּיטאָל־טראַנספּאָרט.

נאָך דער מלחמה האָב איך קראַסוצקין באַגעגנט אין פּראַגע. ער האָט זיך מיט מיר אַרומגעבאַפּט און נישט געוווסט וואָס צו טאָן מיט מיר. ער האָט מיר אָפּגעגעבן דעם חובֿ פון טויזנט זלאָטעס און געוואָלט מיר באַצאָלן פאַר די קליידער און פאַר דער וואַליזע. אַזוי ווי איך האָב זיך אָפּגעזאָגט פון באַצאָלט צו ווערן פאַר די קליידער, האָט ער געהאַט פאַר מיר אַ צווייטן פאָרשלאָג:

זיינער אַ חבֿר אין לאָדזש איז דער דירעקטאָר פון אַ ברויעריי. ער האָט אים פאָרגעלייגט אַ טראַנספּאָרט ביר אין פעסער וויפל עס וועט אַרויף אויף אַ לאַסט־אויטאָ. האָט קראַסוצקי מיר פאָרגעשלאָגן איך זאָל ווערן אַ שותף צו דעם טראַנספּאָרט. נו, אויב עס גייט אין געשעפטן, בין איך אַ סוחר, און מסכים געווען צו ווערן אַ שותף צום לאַסט־אויטאָ מיט פעסער ביר. מיר האָבן די פעסער ביר געבראַכט קיין פּראַגע און זיי פאַרקויפט פאַר הונדערט טויזנט זלאָטעס — פופציק טויזנט זלאָטעס קראַסוצקין און פופציק טויזנט פאַר מיר...

שלוש־סעודות און אונדזערע פרומע מאַמעס און באָבעס האָבן זיך געגרייט צו זאָגן ״גאָט פון אברהם״ און בעטן פאַר געזונט און פרנסה. פלוצים האָט זיך באַוויזן פאַר מיר אַ מאַן אין אַ שפּיטאָל־פּיזשאַמע, מיט אַ באַנדאַזשירטן קאָפּ און פּנים. אין דעם ווײַסן קאָפּ־באַלעם זענען געווען צוויי לעכער פאַר די אויגן און אַן עפענונג פאַר די נאָזלעכער און מויל. אָן וועלכן עס איז אַרײַנפּיר, אָדער ווענדונג האָט דער מאַן אָנגעבויגן צו מיר זײַן ווײַסן באַלם־קאָפּ און געזאָגט צו מיר שטיל־פּאַרטרווילעך און אויף פּויליש: ״פּאַן יעסט זשידעם״ — ״איר זענט אַ ייד״.

איך בין דערשיטערט געוואָרן צו הערן די ווערטער, אָבער באַלד האָב איך זיך באַהערשט און אַרויס אויף דעם מאַן מיט אַ ״מענה־לשון״, וואָס די פּוילישע אונטערוועלט וואָלט מיר פאַר דעם ניבול־פּה און קללות אַרייגנעטמען צו זיך ווי אַ קאָמפּאַן. ווי איך האָב דעם מאַן ״געדעקט״ מיט מײַן קערנדיק לשון, אַזוי האָב איך פלוצים באַמערקט ווי פון די אויגן־לעכער רינען אַרויס טרערן. ווי עס איז אין מײַן נאַטור, אַז טרערן אַנטוואָפענען מיך, האָבן אויך די טרערן פון צווישן דעם קאָפּ־באַנדאַזש מיך גערירט טאַקע ביז טרערן. אַז דער מאַן האָט געזעען מײַן איבערגאַנג פון ווילסטן ניבול־פּה און כפל־שמונהדיקע קללות צו פלוצימער שטילקייט, האָט ער ווידער אָנגעבויגן דעם קאָפּ צו מיר און געזאָגט אויף יידיש:

״גיי זאָג אַ ייד: אני שלמה״.

איך האָב שטאַרק רחמנות באַקומען אויף דעם מאַן און אים געפרעגט וואָס ער וויל פון מיר. האָט ער מיר דערציילט זײַנע איבערלעבונגען אויף דער אַרישער זײַט: אין גאַנג פון דעם פּוילישן אויפשטאַנד האָט אַ שפּליטער פון אַ שראַפּנעל אים אָפּגעריסן אַ שטיק פון זײַן שעדל. אויסער דאָס אומגליק איז ער געבליבן בלויז אַזוי ווי איך זע אים — אין דער שפּיטאָל־פּיזשאַמע. אַזוי ווי קיין זאַכן האָבן מיר נישט געפעלט, כ'האָב געהאַט ״אָנגעשאַבערעוועט״ קליידער פון כל המינים און כל הסוגים, בין איך אַרײַן צו מיר אין צימער און אים אַרויסגעבראַכט קליידער צוזאַמען מיט אַ וואַליזע. צו דעם האָב איך אים דערלאַנגט טויזנט זלאָטעס. ״דאָס איז אַלץ

וואָס האָב איך געוואָלט טאָן אין דער געשאַפֿענעם מצב? דערקענט ער מיך — בין איך אַ פֿאַרפֿאַלענער. אַזאַ אַנטיסעמיטישער כוליגאַן, ווי איך האָב אים געדענקט פֿון אורלע, וועט זיכער אויסנוצן די געלעגנהייט און מיך איבערגעבן אין די הענט פֿון געסטאַפּאָ.

אפילו אָן צו טראַכטן וואָס איך טו, האָב איך אים אַרומגעכאַפּט ווי אַן אָפּגעפֿונענעם ברודער, אים אַ פֿריַינדלעך פּעטשל געטאָן אין פּנים און פֿריידיק אויסגערופֿן:

״געדענקסט מיך נישט, לעוואַנדאָווסקין, ווען אין אורלע האָבן מיר צוזאַמען געריבן די זשידעס אַ מאָרדע?״.

איך ווייס נישט וואָס דער כוליגאַן האָט געטראַכט, צי ער האָט מיך יאָ, אָדער נישט דערקענט אין דער ווירקלעכקייט. איך האָב איסגעזעען אַ ביסל אַנדערש ווי אַ מאָל, געהאַט פֿאַרלאָזט וואָנסעס. אויסער דעם קומט דאָך פֿאָר אויף דער וועלט אַ מלחמה־קאַטאַקליזם — איז מי יודע וואָס פֿאַר אַן איבערקערענישן עס קומען פֿאָר אין די מוחות פֿון מענטשן, און זיי, די איבערקערענישן, דיקטירן די האַנדלונגען פֿון מענטשן.

קורץ: דער ענדעק וואָס האָט אָנגעפֿירט מיט דער אַנטיסימיטישער באַוועגונג אין אורלע, געהאַט איניצירט כוליגאַנישע איבערפֿאַלן אויף יידן און אָנטיילגענומען אין געשלעגן מיט יידן, איז געוואָרן מיַין בעסטער פֿריַינד. אויף אַזוי וויַיט איז דערגאַנגען זיַין פֿריַינדלעכקייט צו מיר אַז אין דער צײַט ווען אַליין האָט ער נישט געראויכערט, פֿלעגט ער זאָרגן פֿאַר מיר, דעם קייטן־רויכערער, און ברענגען דיַיטשע ציגאַרעטן:

״נאַ — פֿלעגט ער זאָגן — איך האָב באַקאַנטע שוואַבן, גיבן זיי מיר ציגאַרעטן, און דו קענסט זיך אָן אַזעלכע נישט באַגיין״.

און אָט האָב איך אין יענע טעג איבערגעלעבט אַ פֿאַרקערטן פֿאַל פֿון סכּנה:

אין אַ בין־השמשות פֿון אַ שבתדיקן טאָג בין איך געשטאַנען אויפֿן באַלקאָן פֿונעם שפּיטאָל אַ פֿאַרקוקטער צום הימל, וואָס האָט מיר בענקשאַפֿטלעך דערמאָנט דעם הימל פֿון די אַמאָליקע שבתדיקע פֿאַרנאַכטן, ווען אונדזערע טאַטעס האָבן געפּראַוועט

עמעצער וועט פרעגן די שאלה ווי אַזוי איך האָב געשטעלט אַ דיאַגנאָז. אויך דאָס האָב איך געלערנט אין דעם יידישן שפּיטאָל דעמאָלט, אין יאַדעווע. אַזוי ווי די צאָל קראַנקייטן אין יאַדעווע איז געווען אַ באַגרענעצטע — פלעקן־טיפוס, דיזינטעריע, אונטערדערנערונג און בויך־ווייטאָג — האָב איך די קראַנקייט פעסטגעשטעלט לויט דעם פּנים פון דער קראַנקן. וואָרום קיין געזונטע ברענגט מען דאָך נישט אין שפּיטאָל אַריַין צו באַהאַנדלען זיי.

אויך דאָקטער גאָלדבערג האָט געהאַט זיך אָנגעשטעקט מיט פלעקן־טיפוס און ער איז געוואָרן מיַין פּאַציענט. אין יענער צײַט האָט אַ סעריע פון איַינשפּריצונגען קעגן פלעקן־טיפוס געקאָסט 500 דאָלאַר. האָב איך געקויפט צוויי פּאָרציעס פאַר מיר און פאַר מיַין וויַיב און איך בין געווען געשיצט קעגן דער קראַנקייט. האָב איך אין דעם וואָלסקאַ־שפּיטאָל נישט געדאַרפט לאַנג שטיין נעבן דעם בעט פון אַ קראַנקן כדי פעסטצושטעלן אין וואָס זיַין קראַנקייט באַשטייט, בפרט אַז קיין סך מעדיצינישע מיטלען האָט דער שפּיטאָל סיַי ווי נישט געהאַט און איך האָב געהאַט אַ שפּאָר ביסל מזל.

איין מאָל, אַרויסגייענדיק פון מיַין צימער אין שפּיטאָל, האָב איך זיך צוזאַמענגעטראָפן מיט אַ מאַן, וואָס איך האָב געוווסט, אַז ער איז אַ פּאַרביסענער ענדעק (פּוילישע נאַציאָנאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי) און ווי דער שטייגער פון אַן ענדעק — אַ פּאַרביסענער אַנטיסעמיט. ער האָט אָנגעפירט מיט דער ענדעקישער באַוועגונג אין אורלע, אַ דאַטשע פּלאַץ נישט וויַיט פון וואַרשע. איך פלעג אָפט קומען אַהין, מיַין וויַיבס עלטערן האָבן געהאַט געשעפטן סיַי אין יאַדעווע און סיַי אין אורלע. פון צײַט צו צײַט פלעגן די ענדעקישע בוליגאַנעס מאַכן אַנטיסעמיטישע פּראָוואָקאַציעס מיט געשלעגן און אַנדערע "גוטע זאַכן" פון דעם ענדעקישן אַרסענאַל. אַז דער דערמאָנטער ענדעק איז מיר אַנטקעגנגעקומען בײַם אַרויסגיין פון מיַין צימער, בין איך געוואָרן אויסער זיך. אויך ער איז געווען אין אַ וויַיסן פאַרטעך, וואָרום אַלס סטודענט פון מעדיצין האָט ער פּראַקטיצירט אין דעם שפּיטאָל בײַ פאַרשיידענע אַרבעטן.

מעדיצין. און, ווי מען זאָגט בײַ ייִדן, אַז אַ שיקסע בײַ אַ רבֿ קען אויך פּסקענען שאלות, האָב איך זיך נעבן דעם דאָקטער אויסגעלערנט מאַכן אײַנשפּריצונגען, מעסטן די היץ, מעסטן דעם בלוט־דרוק און אַנדערע געהילפס־אַרבעטן. אויסער דעם האָב איך אין דער אַטמאָספער פון דעם שפּיטאָל זיך דערמאָנט וואָס איך האָב געלערנט וועגן מעדיצין אין דער ישיבֿה אין שייכות מיט דעם רמב״ם. דאָס געביט פון מעדיצין האָט מיך תמיד אינטערעסירט.

אָט דאָס ביסל וויסן און פּראַקטיק פון פריִער איז מיר גוט בײַגעשטאַנען אין דעם שפּיטאָל אַנטקעגן דעם אַרבעט־לאַגער. אויב צו מײַן דאָקטערשער זיכערקייט האָב איך נאָך געטראָגן אַ בלאַנק־ווײַסן פאַרטעך און גלאַנציקע שטיוול, האָט קיין שום דאָקטער אין שפּיטאָל נישט פאַרדעכטיקט, אַז איך בין נישט קיין דאָקטער. אויב דער גאַנצער פּערסאָנאַל און די קראַנקע האָבן זיך געוואָנדן צו מיר מיט דעם טיטל ״פּאַניע דאָקטאָזשע״, האָב איך נישט געהאַט בדעה צו נעמען און אָפּלייקענען מײַן דאָקטערישקייט. אויסער דעם בין איך דאָך ווירקלעך געווען דאָקטער. אַזוי איז דאָך געשטאַנען שוואַרץ אויף ווײַס אין מײַן פאַלשער ״קענקאַרטע״ — ד״ר עוגעניוש לעוואַנדאָווסקי. דער טײַוול ווייסט וועלכער רוח הקודש עס האָט צוגערעדט יענעם פּאָליאַק אין סאַבניע, אַז בײַם מאַכן פאַר מיר אַ פאַלשן דאָקומענט זאָל ער האָבן פאַרגעפּילט, אַז איך וועל ווערן דאָקטער און ער האָט מיך באַצייטנס געמאַכט פאַר אַ דאָקטער...

אין דעם שפּיטאָל האָב איך זיך אַזוי אײַנגעאיבט אין דער מעדיצינישער רוטין, אַז איך האָב געוווסט גענוי וואָס מען דאַרף געבן יעדן קראַנקן צו פאַרלײַכטערן זײַן קראַנקייט. דער עיקר איז געווען דאָס וואָס אַלץ וואָס איך האָב געגעבן צו אַ קראַנקן, אַ וואַסערל, צי אַ פּיל, צי יום־כּפּור־טראָפּנס, צי אַ פּשוט ביסל ריצינאייל, האָט עס געווירקט און דער קראַנקער איז געהאָלפן געוואָרן... אָט אַ דאַנק דעם צופאַל, אָדער אפשר מזל, אָדער דער טײַוול ווייסט צוליב וועלכער אַנדער סיבה, בין איך אין דעם שפּיטאָל געוואָרן באַרימט ווי דער בעסטער דאָקטער.

ישיבה־בחור, שפעטער ״קאַליע געוואָרן״ און אַוועק קיין בערלין, ווו ער האָט געלערנט מעדיצין און באַקומען דער טיטל דאָקטער. זײַן ספּעציאַליטעט איז געווען אַלגעמיינע רפואה און אויף דעם געביט איז ער געווען אַן ערשטקלאַסיקער ספּעציאַליסט.

ווי אַ באַדינג צו קומען קיין יאַדעווע און שטיין בראש פון דעם יידישן שפּיטאָל האָט ד״ר גאָלדבערג געפּאָדערט, אַז מיט אים זאָלן מיטפאָרן זײַנע עלטערן און אויך אַ ברודער, וואָס זענען אַנטלאָפן פון לאָדזש קיין וואַרשע. איך האָב אים צוגעזאָגט, אַז ער וועט באַקומען אַ גאַנץ הויז פאַר זיך און פאַר זײַן משפחה.

דער שפּיטאָל איז געשאַפן געוואָרן און קיין קראַנקע האָבן נישט געפעלט. פון דער גאַנצער אַרומיקער געגנט, פון שטעט און שטעטלעך ווי ווישקאָוו, ראַדזין, קאַליש און אַנדערע, זענען קיין יאַדעווע אָנגעקומען מאַסן פּליטים. די צאָל פּליטים האָט איבערגעשטיגן די צאָל סטאַבילע יידישע אײַנוווינער אין יאַדעווע. געקומען זענען די פּליטים אין שרעקלעכע באַדינגונגען: אויסגעפּײַניקטע, אויסגעמאַטערטע, הונגעריקע און דורשטיקע. אַלץ וואָס זיי האָבן פאַרמאָגט האָבן זיי איבערגעלאָזט הינטער זיך. זייער גאַנצע פאַראָצע זײַט דורות איז אַוועק אין ניוועץ. אין יאַדעווע האָבן זיי געמיינט צו געפינען אַן אָפּרו־פּלאַץ. זיי האָבן געפונען נויט. די ווירטשאַפט פון דער יידישער באַפעלקערונג איז געווען צעשטערט. דאָך האָט דאָס אָרעמע יאַדעווע געהאָלפן די פּליטים מיט וואָס נאָר די קהילה האָט געקענט. איז אויך דער יידישער שפּיטאָל געווען איבערפולט. בפרט ווען עס האָט אויסגעבראָכן די עפּידעמיע פון פלעקן־טיפוס. די אָריגינעלע צאָל בעטן אין דעם שפּיטאָל איז געווען דרײַסיק, אָבער אַנטקעגן דער צאָל קראַנקע איז דאָס געווען כמעט אַ גאָרנישט, און יעדער שפּאַן באָדן אין שפּיטאָל איז געוואָרן באַשטעלט מיט נאָך אַ בעט און נאָך אַ בעט.

די באַציונגען צווישן מיר און דעם ד״ר גאָלדבערג זענען געווען ברידערלעכע אויף אַזוי ווײַט אַז איך בין געוואָרן זײַן אַסיסטענט בײַם וויזיטירן די קראַנקע. אַלע אונדזערע שמועסן זענען געווען פאַרבונדן מיט די פראַגן פון באַהאַנדלען די קראַנקע און וועגן

אויך געהאַט אַן אינסטינקט צו זוכן אין אַזעלכע קעלערן, ווו מען האָט געקענט געפינען וואָס מען האָט געוואָלט געפינען. אַ דאַנק אָט דעם טאַלאַנט בין איך געווען אָנגעטאָן זייער עלעגאַנט ווי פּאַר די באַדינגונגען פון מלחמה און פון דעם פּוילישן אויפשטאַנד, מיט גלאַנציקע שטיוול וואָס האָבן אַרויסגערופן רעספּעקט און מען האָט זיך געקענט אין זיי שפּיגלען. אַ דאַנק אָט די אַלע טאַלאַנטן בין איך ווי געבוירן געוואָרן אָנצופירן מיט דער אַדמיניסטראַציע פון אַ שפּיטאָל.

האָט מיר שימאַנסקי געגעבן אַ ווײַסן דאָקטערישן פּאַרטעך און איך בין געוואָרן וואָס ער האָט מיר פאָרגעלייגט צו ווערן. דער שפּיטאָל-פּערסאָנאַל איז געוואָרן נתפּעל פון מײַן דערשײַנען: אַ בלאַנק-ווײַסער דאָקטערישער פּאַרטעך פון אונטער וועלכן עס קוקן אַרויס גלאַנציקע שטיוול, אין וועלכע מען קען זיך שפּיגלען. האָט דער פּערסאָנאַל אָנגעהויבן זיך ווענדן צו מיר מיט דער טיטל ״פּאַניע דאָקטאָזשע״ — ״הער דאָקטער״. איך האָב גאָרנישט געהאַט קעגן דעם: דאָקטער איז דאָקטער. ביסלעכווײַז האָב איך זיך אַזוי צוגעוווינט צום טיטל דאָקטער, אַז איך אַליין האָב אָנגעהויבן גלויבן, אַז איך בין עס. פאַרוואָס נישט?

אַ שטיקל ״קאַריערע״ אין שפּיטאָלוועזן האָב איך שוין געהאַט געמאַכט פריער, אין געטאָ יאַדעווע. ווי איך האָב שוין פריער דערציילט איז צום יאַדעווער ״יודענראַט״ געהאַט געקומען אַ באַפעל צו שאַפן אַ יידישן שפּיטאָל. אין הונגער, ענגשאַפט און נויט מערן זיך קראַנקייטן און אין דעם זין איז יאַדעווע נישט געווען קיין אויסנאַם. ס'האָט אויסגעבראָכן אַ טיפוס-עפּידעמיע. קיין יידישער דאָקטער איז אין שטעטל נישט געווען. בין איך דעמאָלט אַראָפּגעפאָרן קיין וואַרשע, זיך נאָכגעפרעגט און געקומען אויף אַ יידישן דאָקטער, וואָס איז גרייט געווען צו נעמען אויף זיך צו אָרגאַניזירן דעם שפּיטאָל און צו ווערן זײַן אָרדינאַטאָר. דער נאָמען פון דעם דאָקטער איז געווען גאָלדבערג. געשטאַמט האָט ער פון לאָדזש. די מלחמה און די יידישע וואַנדערונג פון שטאָט צו שטאָט האָט אים פאַרטראָגן קיין וואַרשע. אין דער יונגנט איז ער געווען אַ

וויפל דאָס האַרץ האָט געגלוסט. האָבן מיר, איך און דער דערמאָנטער שימאַנסקי, געלאָזט זיך ווילגיין, און ווי דער שטייגער דורך עסן און טרינקען זענען מיר געוואָרן גוטע פריינד. דעם אמת זאָגנדיק האָט מײַן גוטפרײַנדשאַפט מיט שימאַנסקי געהאַט אַ ״גאָלדענעם באָדן״:

צוגעווווינט צו זוכן און נישטערן אין די קעלערן פון די פּאַרלאָזטע הײַזער, בין איך בײַ אַ געוויסער געלעגנהייט אַוועק צוזאַמען מיט דײַטשן פון דעם שפּיטאָל צו דער פאָרשטאָט זשאָליבאָזש צו ״שאַברעווען״ אין די דאָרטיקע קעלערן. אין אַווינקל פון אַ פינצ־טערן קעלער האָב איך אַנטדעקט אײַזערנע קאַסעטן. אַליין עפענען די קאַסעטן האָב איך נישט געקענט. כ׳האָב נישט געהאַט קיין מכשירים. אַפילו איך וואָלט יאָ געהאַט מכשירים, וואָלט איך די קאַסעטן נישט געקענט עפענען אָן די דײַטשן, מײַנע שותפים צו ״שאַברעווען״ זאָלן נישט ווערן אויפמערקזאַם דערויף און אַליין ווערן די באַלעבאַטים איבער די קאַסעטן. האָב איך מײַן אַנטדעקונג פאַרטרויט צו שימאַנסקין, וואָס איז געווען גוט אויפגעטראָגן מיט די דײַטשן, די אויפזעערס אין שפּיטאָל, און ס׳איז געקומען צו אַ שותפות: מיר האָבן אײַנגעשאַפט מכשירים און געעפנט די קאַסעטן. די טירחה האָט געלוינט: פון די אויפגעריסענע קאַסעטן האָבן זיך געשאָטן גאָלדשטיקלעך, וואָס זענען צווישן די שותפים אײַנגעטיילט געוואָרן גלײַך אויף גלײַך, ווי עס פּאַסט פאַר סאָלידע שותפים. איז די פרײַנדשאַפט צווישן מיר און שימאַנסקין געוואָרן כפל כפליים.

אויב אָט דער שימאַנסקי האָט געהאַלטן בײַם פאַרלאָזן דעם שפּיטאָל, איז ער צוגעקומען צו מיר און געזאָגט:

״אַזוי ווי איך פאָר אַוועק צו מײַן ווײַב, וועסטו איבערנעמען מײַן אַמט אַלס דער ווירטשאַפטלעכער אַדמיניסטראַטאָר פון דעם שפּיטאָל.

איך האָב געהאַט אַלע קוואַליפיקאַציעס צו ווערן דער ווירטשאַפטלעכער אַדמיניסטראַטאָר פון דעם שפּיטאָל: איך בין געווען אַ גוטער בראָנפן־טרינקער אָן צו ווערן שיכור; איך האָב געקענט גוט ״שאַברעווען״ אין די פאַרלאָזטע הײַזער, און איך האָב

ווי אַ מצורע באַפֿוילן זיך אַוועקשטעלן אָן אַ זײַט, כּדי נאָך דעם ווי די קאָמיסיע וועט האָבן פֿאַרלאָזט דעם אַרבעט־לאַגער, זאָל איך זיך צוגרייטן צו גיין אין שפּיטאָל אַרײַן — איך זאָל חס חלילה נישט אָנשטעקן די גאַנצע וועלט מיט מײַן „שווײַנערייַ״.

אין יענעם טאָג האָב איך שוין ווידער געהאַט אַ שטיקל פֿאַרמעגן — עטלעכע וואַליזעס מיט טײַערע זאַכן, וואָס איך האָב געהאַט „אָנגעשאַבערעוועט״ צוזאַמען מיט דײַטשן אין די קעלערן פֿון די פֿאַרלאָזטע הײַזער פֿון די פּאָליאַקן, און אויך געהאַט שטיקלעך גאָלד. וועגן דעם פֿון וואַנען עס זענען געקומען צו מיר גאָלד־שטיקלעך וועל איך דערציילן אַ ביסל ווײַטער. דערווײַל האָב איך געמאַכט אָרדענונג אין מײַנע וואַליזעס און צוזאַמען מיט נאָך אַכט קראַנקע האָב איך פֿאַרלאָזט דעם אַרבעט־לאַגער און אַריבער אינעם שפּיטאָל אַנטקעגנאיבער.

אין שפּיטאָל האָב איך געהאַט באַקענט אַ מאַן מיט דעם נאָמען שימאַנסקי. פֿאַר דער מלחמה איז ער געווען דירעקטאָר פֿון דער באַרימטער זייף־פֿאַבריק „שיכט״. ער איז געווען אַן איידעלער און פֿײַנער מאַן. אין שפּיטאָל האָט ער אָנגעפֿירט מיט די אַדמיניסטראַטיווע ענינים. האָט ער פֿאַר מיר צוזאַמען מיט אַ פֿעלדשער פֿון דעם שפּיטאָל אויפֿן נאָמען פֿון דעם הייליקן ראָך — קאָסטשעשאַ איז געווען זײַן נאָמען — צוגעטיילט אַ גרויס און באַקוועם צימער. אין איינעם אַ טאָג האָט מיר שימאַנסקי געזאָגט, אַז ער האָט באַקומען אַ ידיעה, אַז זײַן פֿרוי לעבט און זי געפֿינט זיך לעבן פּרושקאָוו. דעריבער קלייבט ער זיך צו פֿאַרלאָזן דעם אַמט אין שפּיטאָל און פֿאָרן צו זײַן פֿרוי.

אין דעם שפּיטאָל איז געווען באַשעפֿטיקט אַ מאַן, וואָס פֿלעגט מיט אַ דײַטשן לאַסט־אויטאָ פֿאָרן אין די שטעטלעך אַרום וואַרשע און אײַנקויפֿן פֿאַרן שפּיטאָל פּראָוויאַנט. ער האָט געבראַכט פֿון די טײַערסטע פּרעס־מיטלען, וואָס זענען דעמאָלט געווען בשפֿע, און אויך שנאַפּס און ליקערן. אינעם קעלער פֿון שפּיטאָל האָט דער אײַנקויפֿער — יאַנעק איז געווען זײַן נאָמען — אײַנגעאָרדנט זײַן פּריוואַטן בופֿעט, אין וועלכן מען האָט געקענט עסן און טרינקען

קראַנק. קראַנקע האָבן נישט געפעלט. אַ טייל האָט געליטן אויף שקאָרבוט, אַנדערע האָבן געפיבערט, בעת קיינער האָט זיך נישט פאַראינטערעסירט מיט דער סיבה פון זייער פיבער. דאָס מענטשלעכע לעבן איז דאָך געווען ביליקער פון וואַסער. דער לאַגער־דאָקטער, וואָס איך האָב אים געהאַלטן פאַר אַ פאָלקסדײַטש און איך בין געווען מיט אים גוט אויפגעטראָגן, האָט מיר צוגערעדט איך זאָל זיך אָנמעלדן פאַר די דײַטשע דאָקטוירים, אַז איך בין קראַנק. אין דער מינוט בין איך געפאַלן אויף אַן אידיי. אַזוי ווי איך בין שוין געווען באַפרײַנדעט מיט דעם שפּיטאָל־דאָקטער, דעם קוזין פון דעם אינזשינער, און צופעליק האָב איך אויך באַקענט דעם אָנפירער פון דעם שפּיטאָל, האָב איך געבעטן בײַם דאָקטער פון דעם אַרבעט־לאַגער, ער זאָל מיר געבן אַ פאָרציע שוואַרצן איכטיאָל־זאַלב, וואָס ווערט גענוצט אויפצורײַסן געשווירן, טשיראַקעס און אַנדערע אָנשיקענישן אויפן לײַב. דער דאָקטער האָט מיר געטאָן די טובֿה און מיר געגעבן אַ גרעסערע פאָרציע פון דער שוואַרצן זאַלב. דערמיט בין איך אַרויף צו מײַן קאָמאַנדע אויפן דריטן שטאָק, זיך פאַרמאַכט אין דעם בית־הכסא, אָנגעשמירט מײַן לײַב מיט דעם איכטיאָל־זאַלב און מיט דער האַרטער שטרוי־באַרשט, וואָס מען נוצט צו רייניקן קלאָזעטן, האָב איך אַזוי לאַנג צעקראַצט מײַן לײַב ביז הינטער דעם שוואַרצן זאַלב האָט זיך באַוויזן בלוט. דאָס בילד איז געווען אַ גענוג קלאָגעדיקס. איך האָב געוואַרט ביז די דאָקטוירים־קאָמיסיע וועט אַרויפקומען אויפן דריטן שטאָק און דערוויַל געביסן מײַנע ליפּן פון ווייטאָג, מחמת דאָס לײַב האָט מיר געברענט סכּנת נפשות. איך האָב זייער שטאַרק געליטן און זיך דערוואַרט: די קאָמיסיע גייט, די קאָמיסיע איז שוין דאָ. איך מיט מײַן נעבעכדיק לײַב שטעל זיך אַוועק אַנטקעגן די דאָקטוירים. איינער פון זיי האָט דערזעען מיך מיט מײַן "פאַרמעג" און ער האָט אויסגערופן ווי עס וואָלט אויסגעבראָכן אַ שׂריפה:

"וועק מיט דער שווײַנערײַ!"

די נאַציס זענען געווען זיכער, אַז איך האָב די בײַסיקע און אָנשטעקנדיקע הויט־קראַנקייט (שוויעזשבעס). באַלד האָט מען מיך

האַגמײַער איז געווען זײַן נאָמען. האָט דער דאָקטער געזאָגט צו זײַן קרוב:

״באַמי זיך אָנצוקומען אין דעם שפּיטאָל. דאָ וועסטו האָבן אַ גן־עדן״.

דער צוגעזאָגטער גן־עדן האָט דעם אינזשינער געשמעקט, אָבער ווי אַזוי קען ער אָנקומען אין דעם שפּיטאָל אין דער צײַט ווען ער געהער צו דעם אַרבעט־לאַגער און ער איז דאָרט רעגיסטריט?

מײַנע מחשבות זענען כסדר געווען פאַרנומען מיט פּלענער ווי אַזוי זיך אַרויסצובאַקומען פון דעם פאַרשאָלטענעם אַרבעט־לאַגער, און גאָרנישט איז מיר ביז דעמאָלט אײַנגעפאַלן.

בנוגע דעם פאַל מיט דעם אינזשיניער, וואָס אים האָט דערוואַרט אין שפּיטאָל אַ גן־עדן, ווי זײַן קוזין דער דאָקטער האָט אים צוגעזאָגט, האָב איך גלײַך געהאַט אַן אײַנפאַל: ער, דער אינזשינער, וועט מאַכן דעם אָנשטעל אַז ער איז קראַנק. ער וועט געוואַלדעווען פון ווייטאָג און שרײַען זאָל ער אַז ער האָט דעם ווייטאָג פון דער רעכטער זײַט, ווו עס געפינט זיך דער אַפּענדיקס. דער אײַנפאַל איז געפעלן דער דאָקטער.

אויף צו מאָרגנס האָט דער אינזשינער ״באַקומען ווייטאָגן נישט אויסצוהאַלטן״. ער האָט געשריגן צו גאָט און צו יעזו, זיי זאָלן אים ראַטעווען און ביידע האָבן אים געהאַט אין בויבעריק... איך בין אַראָפּגעלאָפן אין דער ״קראַנקענשטובע״ פונעם אַרבעט־לאַגער און אַלאַרמירט דעם דאָקטער, אַז די בלינדע קישקע וועט דעם אינזשינער דערפירן צום קבֿר.

דער דאָקטער האָט אויסגעטאַפּט דעם בויך פון דעם אינזשינער און פעסטגעשטעלט דעם דיאַגנאָז: ס׳איז אַן אָנצינדונג פון דעם אַפּענדיקס און מען דאַרף דעם אינזשינער אָפּערירן. ער איז גלײַך איבערגעפירט געוואָרן אין שפּיטאָל אַרײַן. מאַכט זיך ווידער אַ מעשה:

מיט עטלעכע טעג שפּעטער האָט זיך אין דעם אַרבעט־לאַגער אַרײַנגעשטעלט אַ גרופּע דײַטשע דאָקטוירים נאָכצוזעען וויפל קראַנקע עס זענען פאַראַן צווישן די אַסירים און אויף וואָס זיי זענען

* * *

אינעם אַרבעט־לאַגער האָט זיך געפונען אַ דאָקטער, וואָס האָט מיר אויסגעזען צו זײַן אַ פּאָלקסדײַטש. האָב איך געטראַכט, אַז מיט אַ דאָקטער אין דעם אַרבעט־לאַגער דאַרף מען זײַן אין גוטע באַציִונגען, בפרט, אַז צו מיר האָט ער זיך באַצויגן מיט אָפענער סימפּאַטיע. דעמאָלט ווען איך האָב אין די פּאַרלאָזטע קעלערן פון די רײַכע פּאָליאַקן "געשאַברעוועט" גוטע און ווערטפולע זאַכן, האָב איך אַ טייל פון דעם רויב אַוועקגעגעבן צום דאָקטער און ער איז געוואָרן גוט צו מיר סכנת־נפשות. ער האָט נישט אויפגעהערט מיר צו פאַרזיכערן, אַז אויב עס וועט זיך מאַכן אַ געלעגנהייט מיך צו ראַטעווען, וועט ער מיר העלפן מיט פאַרגעניגן.

אין איינעם אַ טאָג האָט זיך מיר פאַרגלוסט נישט גיין צו דער אַרבעט. צוזאַמען מיט מיר האָט אויך אַ צווייטן אין מײַן קאָמאַנדאָ זיך נישט געגלוסט דעם טאָג אַרויסצוגיין קלײַבן מתים און זיי צוגרייטן צו פאַרברענען. דער מאָן איז געווען אַן אינזשיניער. כדי עס זאָל זײַן אַ סיבה נישט אַרויסצוגיין צו דער אַרבעט, האָב איך אים אײַנגעשניטן אַ פוס. די ווונד האָט שטאַרק געבלוטיקט און זי האָט געמאַכט דעם געהעריקן אײַנדרוק, אַז דער פּאַציענט קען באמת נישט גיין צו דער שווערער אַרבעט. איז ער געוואָרן באַנדאַזשירט און געבליבן צוזאַמען מיט מיר אינעם לאַגער ווי שטובזיצער...

אַנטקעגן דעם אַרבעט־לאַגער האָט זיך געפונען דער וואָלאַ־שפּיטאָל, וווהין מען האָט אָן אויפהער געבראַכט פאַרוווּנדעטע פרויען, וואָס די נאַציס האָבן צו זיי געשאָסן. די פאַרוווּנדעטע זענען געבראַכט געוואָרן אויף ענלעכע פּלאַטפאָרמעס, אויף וועלכע מיר האָבן געבראַכט די דערשאָסענע צו פאַרברענען. צופעליק, אָדער נישט צופעליק, איז נישט געווען ווער עס זאָל די פאַרוווּנדעטע אַראָפּנעמען פון די פּלאַטפאָרמעס און זיי אַרײַנפירן אין שפּיטאָל. האָט מען מיך מיט דעם אינזשינער, מיט דעם פאַרבאַנדאַזשירטן פוס, גענומען צו אָט דער אַרבעט. מאַכט זיך אַ מעשה און דער אינזשינער האָט אינעם שפּיטאָל אָנגעטראָפן אויף זײַנעם אַ קוזין, אַ דאָקטער,

מײַן ביז דעמאָלטדיקער גײַיִעג פֿאַרן לעבן. אַזוי טיף און שאַרף איז געווען די איבערלעבונג, אַז ווען איך בין פֿון דער שנײַדערײַ אַרויפֿגעקומען צו מײַן "קאָמאַנדאָ" אויפֿן דריטן שטאָק, האָב איך נישט געקענט רעדן. איך האָב פֿאַרלוירן דאָס לשון און אַפֿילו נישט באַגריפֿן מיט וועלכע כּוחות איך בין אַרויף אויף די טרעפּ פֿון די צוויי שטאָק, ווען מײַנע הענט און פֿיס זענען מיר געווען געלײַמט.

כּדי קיינער זאָל נישט ווערן אויפֿמערקזאַם אויף מײַן צושטאַנד, וואָרום איך האָב געפֿילט אַז אין מײַן פּנים איז נישטאָ קיין טראָפּן בלוט, בין איך אַרײַן אין דער בית־הכּסא און דאָרט זיך אַוועקגעזעצט, כּדי צו קומען צו זיך נאָך דער שווערער איבערלעבונג. איך בין דאָרט געזעסן מער ווי אַ פֿערטל שעה, געריבן מײַן פּנים עס זאָל באַקומען אַ ביסל פֿאַרב, און געפּרוווט אַרויסברענגען ווערטער. ביסלעכווײַז האָב איך זיך באַרויקט און צוריק באַקומען אַ נאָרמאַלן אָטעם. די גאַנצע חבֿרה אין מײַן "קאָמאַנדאָ" האָט אַפֿילו נישט באַמערקט מײַן צושטאַנד — זי איז געווען אין גאַנצן אַרײַנגעטאָן אין שפּילן קאָרטן. ס'איז זונטאָג, אַ רו טאָג...

דאָס מזל וואָס אויסער דער "קענקאַרטע" האָב איך אויך געהאַט אַ פערזענלעכן דאָקומענט פון דעם וואַרשעווער מאַגיסטראַט. דער דאָקומענט מיט אַ פאָטאָגראַפיע איז געווען באַשטעטיקט מיט אַ סטעמפּל, מיט דעם האַקנקרייַץ. דעם דאָקומענט האָט מיר געהאַט באַזאָרגט דער זון פון מייַן באַלעבאָס, באָלעסלאַוו טשערוויעץ, וואָס האָט אָנגעהערט צו דער אַרמיאַ קראַיאָוואַ (אַ.קאַ.). אויף אָט דעם דאָקומענט איז מייַן פאָטאָגראַפיע געווען גראָד אַן אויסגעצייכנטע. איך האָב אויסגעזעען ווי אַ ברודער פון אַ רודאָלף וואַלענטינאָ, אַן אמתער פילם־אַקטיאָר. אין דער רגע ווי די צוויי נאַציס האָבן באַטראַכט מייַן "קענקאַרטע" מיט דער שלעכטער פאָטאָגראַפיע, און איינער האָט געזאָגט, אַז איך געפעל אים נישט, האָב איך אויסגערופן אויף פויליש צו דעם וואָס איך בין אים נישט געפעלן, אַ לייַטנאַנט:

"דו שוואַב איינער, ווער מיינסטו בין איך?!"

איך האָב פון דעם בוזעם־קעשענע אַרויסגעכאַפּט דעם דאָקומענט פון דעם מאַגיסטראַט און אים אַרייַנגעשטופּט אין דער האַנט פון דעם לייַטנאַנט. ער האָט געלייענט, געקוקט אויף מייַן צאַצקעדיקער פאָטאָגראַפיע, געקוקט אויף מיר, צי איך בין דער זעלבער וואָס אויפן בילד, און דעם דאָקומענט איבערגעגעבן צום צווייטן נאַצי. אויך דער האָט איבערגעלייענט, אַז איך בין אַן אָנגעשטעלטער אין מאַגיסטראַט, און ער האָט געזאָגט זייַן קאָלעגע:

"וואָס ווילסטו פון אים, ער איז נישט קיין שנייַדער; אַן אָנגעשטעלטער אין מאַגיסטראַט איז ער".

אויף דעם האָט רעאַגירט דער לייַטנאַנט:

"קיין שנייַדער איז ער נישט, אָבער אַ שווייַנען־הונד איז ער!"

און ער האָט מיר צוריקגעגעבן דעם דאָקומענט. צוזאַמען מיט דעם דאָקומענט האָט ער מיר געגעבן אַ שטאַרקן קאָפּע אין הינטן און מיט אַ ריטש פון אַ חזיר מיך אַוועקגעטריבן פון זיך.

ווי געזאָגט איז די סצענע פאָרגעקומען אין דער שנייַדערייַ פון דעם אַרבעט־לאַגער אויפן ערשטן שטאָק. אין אָט די רגעס האָב איך געפילט אַז מייַן לעבן הענגט אויף אַ האָר און אַז אומזיסט איז געווען

פּלוצים זענען דערשינען די צוויי נאַציִשע אָפיצירן, וואָס זיי האָבן עס אויסגעקליבן די שנײַדערס, זיי האָבן מיט די בליקן דורכקאָנטראָלירט דעם עולם און זיי האָבן מיך צו מײַנע צרות דערקענט:

״יאַ, ער איז דאָ היער, דער קערל!״ האָט איינער אויסגערופן.

זיי האָבן מיך גענומען און צוריקגעפירט אין דער שנײַדערײַ און געפאָדערט איך זאָל ווײַטער אַרבעטן. האָב איך געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז איך פאַרשטיי גאָרנישט וואָס זיי ווילן פון מיר. האָב איך געזאָגט אויף פויליש, אַז איך בין נישט אַנטלאָפן פון דער אַרבעט, איך האָב נישט דעזערטירט פון דער אַרבעט, נאָר פשוט: איך בין נישט קיין שנײַדער. האָבן די נאַציס גערופן אַן איבערזעצער, וואָס דורך אים האָבן זיי מיר געגעבן צו פאַרשטיין, אַז איך ביך יאָ אַ שנײַדער. זיי האָבן מיך גענומען ווי אַ שנײַדער און איך מוז אַרבעטן ווי אַ שנײַדער. האָב איך געבעטן דעם איבערזעצער, ער זאָל אויפקלערן פאַר די ״הערן אָפיצירן״, אַז איך בין גאָט די נשמה שולדיק. זיי האָבן מיך וואָס אַן אמת גענומען ווי אַ שנײַדער, אָבער אַזוי איז אויך אמת, אַז איך בין נישט קיין שנײַדער.

האָט איין נאַצי געזאָגט צום צווייטן אַ פּסוק, וואָס האָט געמאַכט גליווערן מײַן בלוט:

״וויר מוססען נאַכזעהען ווער דער מאַן איזט!״

איך האָב דערפילט, אַז איך האָב פאַרקאָכט אַ קאַשע און אַז איך שטיי פאַר סכנה. די נאַציס פאָדערן איך זאָל זיי ווײַזן מײַן ״קענקאַרטע״. האָב איך זיי געוויזן די ״קענקאַרטע״. ביידע האָבן זיי בודק געווען פון דער און פון יענער זײַט און ביידע האָבן געפּסקנט, אַז די פאָטאָגראַפיע אויף דער ״קענקאַרטע״ געפעלט זיי נישט. אויך מיר אַליין איז די פאָטאָגראַפיע נישט געפעלן, ווײַל זײַנער צײַט, ווען די ״קענקאַרטע״ איז געמאַכט געוואָרן איז די פאָטאָגראַפיע אַרויסגעקומען ווי מײַן פּנים וואָלט געווען פאַרנעפּלט. דעמאָלט האָט דער פאָליאַק דער פעלשער פון דאָקומענטן געאײַלט אַלץ זאָל געמאַכט ווערן בחפזון, איז די פאָטאָגראַפיע געמאַכט געוואָרן שנעל און זי האָט געטויגט אויף כפרות. האָט מיר ווידער צוגעשפּילט

אויב איך האָב זיך פריִער ווי עס איז אַן עצה געגעבן מיט די זעקעלעך אויף די קוילן־טעשלעך, ווײַל איך האָב אַמאָל געהאַט צו טאָן מיט שטאָפּן אויף מלבושים און איך פלעג אַרײַנקומען צו שנײַדערס, בין איך פאַר די שטיקלעך פעל געשטאַנען אין גאַנצן אַ צעטומלטער. איך בין קיין מאָל נישט אַרײַנגעקומען צו וועלכן עס איז פעלצנמאַכער, איך זאָל האָבן געזען ווי אַזוי מען טשעמפּערט צוזאַמען אַ שטיקל פעל צו אַ שטיקל פעל און פון די שטיקער "מאַכן אַ מענטש". האָב איך מורא געהאַט אַז איך גיי זיך דאָ אַרײַנדרייען אין אַ מיאוס עסק, וואָרום אויב איך בין קוואַליפיצירט ווי אַ שנײַדער און איך וועל דאָ צוליב מײַן אומקענטעניש קאַליע מאַכן פעלעכלעך, אָדער זיי שלעכט אַרײַננייען אין די קאַמזוילן, קען איך באַשולדיקט ווערן אין סאַבאָטירן דײַטשע פּראָדוקציע פאַר מלחמה־אָנשטרענגונג. אַזאַ באַשולדיקונג מיינט בײַ די נאַציס איין שטראָף — טויט־שטראָף.

האָב איך זיך געמאַכט געפגרט און געזאָגט צום אויפזעער פון דער שנײַדערײַ:

"איך ווייס נישט וואָס מען האָט געוואָלט פון מיר. איך בין קיין מאָל נישט געווען קיין שנײַדער, איך בין נישט קיין שנײַדער און איך ווייס נישט וואָס איך האָב דאָ צו טאָן".

האָט דער אויפזעער געזאָגט:

"אויב דו ביסט נישט קיין שנײַדער — וואָס זשע טוסטו דאָ? גיין אין דײַן קאָמאַנדע".

אויף אַזאַ זאַך האָב איך געוואַרט. האָב איך זיך אויפגעהויבן און אַרויפגעגאַנגען צו מײַן קאָמאַנדע אויפן דריטן שטאָק. אַזוי ווי עס איז געווען זונטאָג איבער דער וועלט, און זונטאָג קלײַבט מען נישט קיין דערשאָסענע און מען ברענט זיי נישט — איז דער עולם געווען אַרײַנגעטאָן אין שפּילן אין קאָרטן. דערזען מיך צוריק צווישן זיי, זענען זיי געווען אויסער זיך פון פרייד, וואָרום איך בין דאָך זייער גאַנצער יחוס — אַ ברודער פון אַ קאַטוילישן גלח, און דאָ האָבן די שוואַבן מיך אַוועקגעריסן פון זיי. האָב אויך איך זיך אַוועקגעזעצט צו שפּילן אין קאָרטן.

איינעם אַ זונטאָג געמאַכט אַן אויסנאַם און געגעבן אַ באַפעל, אַז דער גאַנצער אַרבעט־לאַגער, פון אַלע דרײַ שטאָקן, זאָלן אַראָפּגיין אויפן הויף צו אַן אַפּעל. עס האָבן זיך אויסגעשטעלט אַן אַכט־נײַן הונדערט מענטשן. איז געקומען אַ באַפעל, אַז שנײַדערס זאָלן אַרויסטרעטן. איך האָב געמאַכט דעם אָנשטעל ווי נישט מיך מיינט מען און נישט אַרויסגעטרעטן. איז געקומען דער יונגער פּאָליאַק, וואָס איך האָב אים מיטגענומען צו מײַן שנײַדערײַ און אים געמאַכט פּאַר מײַן אַסיסטענט, כדי ער זאָל נישט געהרגעט ווערן פון זײַנע פּוילישע ברידערס הענט, און אויסגעשריגן בפני כל עם ועדה:

״שנײַדער!״ און ער האָט אָנגעוויזן אויף מיר. אויף אָט דער מסירה האָט זיך צו מיר דערנעענטערט אַ נאַצישער אָפיציר מיט אַ פּרצוף פון אַ מערדער און אויף מיר אַ גרילץ געטאָן:

״העראַוס!״

בלית ברירה בין איך אַרויס פון דער ריי און זיך אָנגעשלאָסן צו דער גרופּע, וואָס איז שוין געשטאַנען אָן אַ זײַט און זיך גערעכנט ווי שנײַדערס.

די גאַנצע גרופּע שנײַדערס איז אַרויפגעפירט געוואָרן אויפן ערשטן שטאָק פון דעם בנין, וווּ עס איז געווען דער אַרבעט־לאַגער. אין אַ גרויסן זאַל זענען געשטאַנען ניי־מאַשינען. האָב איך געגלויבט, אַז עס וועט זיך איבערחזרן די מעשה מיט די טעשלעך פון האַקי־שטאָף. ערשט איך זע: עס ליגן בערג מיט פעלעכלעך פון האָזן, צי פון קרוליקעס, און באַלן שטאָף. ס׳איז מיר געוואָרן קאַלעמוטנע אויפן האַרצן. ס׳איז דאָך אַן אמתע שנײַדערײַ־אונטערנעמונג מיט אַ שנײַדער־מײַסטער און אמתע שנײַדער־אַרבעטער. דאָ האָט מען פּראָדוצירט וועסטן, און די וועסטן זענען אונטערגענייט געוואָרן מיט פעלעכלעך. דער מייסטער האָט, וואָס אַן אמת, צוגעשניטן דעם שטאָף אויף די וועסטן, ער האָט צוגעקליבן שטיקלעך פעל צוזאַמענצונייען און מיט זיי אונטערשלאָגן די וועסטן. איז אויף מײַן גורל אויסגעפאַלן איך זאָל די פּיצלעך און שטיקלעך פעל צוזאַמענייען און מאַכן פון זיי גרויסע פעלעכלעך און זיי אַרײַנניייען אין די צוגעגרייטע וועסטן.

שפּולע האָט אַ קלעמערל, צו וועלכן מען דאַרף האָבן דינע פינגער. דינע פינגער האָב איך דווקא יאָ, אָבער זיי זענען נישט געווינט אַרויסצונעמען שפּולעס פון אונטער אַ ״זינגער״־מאַשין; און נישט אַזוי אַרויסצונעמען די שפּולע ווי זי צוריק אַרײַנצופּאַסן מיט דעם קלעמערל.

אַז מען וויל לעבן, און איך האָב זייער שטאַרק געוואָלט לעבן און איבערלעבן און דערלעבן היטלערס מפּלה, קען מען אײַנ־פעדעמען אַ ״זינגער״־מאַשין אויך. איך האָב מיט אַ פינגער געבלאָנדזשעט אונטערן דעקל, געדרייט אַהער, געדרייט אַהין און איך האָב געהאַט אַן אײַנגעפעדעמטע מאַשין. געראַטעוועט האָט מיך מײַן גוטער זכּרון.

ווי איך האָב שוין דערציילט, האָבן מיר אין דער היים, אין סאָקאָלאָוו, געהאַט אַ געשעפט פון מאַנופאַקטור־שטאָפן. פלעג איך פון צײַט צו צײַט אַרײַנקומען צו שנײַדער און בײַ דער געלעגנהייט, מתּוך נייגער, זיך צוקוקן צו זייער טעכניק. אָט די שנײַדערײַען זענען געווען מײַנע ״אוניווערסיטעטן״, איך זאָל שפּעטער, אין אַן עת־צרה, זיך אָנועקזעצן נייען זעקעלעך פאַר קוילן־טעשלעך פון די נאַציס. און טאַקע פון יענע ״אוניווערסיטעטן״ האָב איך געדענקט די קונץ ווי אַזוי מען האַלט אַ שנײַדער־שער אין דער האַנט און אַז אונטערן דעקל פון אַ ניי־מאַשין געפינט זיך אַ שפּולע מיט אַ ציוועקע און די שפּולע האָט אַ קלעמערל...

קורץ: איך האָב פון דעם גרינלעכן האַקי־שטאָף צוגעשניטן טעשעלעך און זיי אויך אויפגענייט. אויב די ערשטע זענען נישט געווען אַזוי איי־איי־איי, האָב איך באַלד געכאַפּט די תּורה, און די ווײַטערדיקע טעשלעך זענען אַרויסגעקומען אַזוי ווי איך וואָלט אַ גאַנץ לעבן גאָרנישט געטאָן נאָר געזעסן און גענייט בײַטעלעך פאַר לעדערנע קוילן־טעשלעך. אין די אויגן פון די נאַציס איז מײַן שנײַדערישער פּרעסטיזש געוואַקסן אין לשער.

דאָס איז געשען אין איינעם אַ זונטאָגדיקן טאָג.

בדרך כּלל פלעגט מען זונטאָג נישט גיין צו קיין אַרבעט, פּונקט ווי די נאַציס וואָלטן זונטאָג נישט געשאָסן צו מענטשן. האָבן זיי

מאָדעל, עס זאָל פּאַסן צו דעם צוועק וואָס די זעקלעך דאַרפֿן דינען? — דאָס איז נישט פֿאַר מיינע ״שנײַדערישע״ כוחות. האָב איך געזוכט אַן אויסרייד און געזאָגט צום נאַצי:

״איך האָב נישט קיין ניי־מאַשין און אַזעלכע זעקעלעך דאַרף מען נייען נאָר אויף אַ ניי־מאַשין״.

איז דער נאַצי נישט נתפעל געוואָרן און געענטפערט, אַז ער האָט אַ ניי־מאַשין.

דער אָפיציר האָט מיך אַוועקגעפירט אויף אַ פּלאַץ און מיר אָנגעוויזן אויף אַ ניי־מאַשין. האָב איך ״פּאַכמעניש״ באַטראַכט די מאַשין, געמאַכט זיך געפּגרט און געזאָגט:

״די מאַשין טויג אויף כפרות״.

זאָגט דער נאַצי:

״וואָס מיינט עס, די מאַשין טויג נישט? ס'איז אַ נײַע מאַשין!״

דערוווידער איך מיט עקשנות, אַז איך זע טאַקע אַז די מאַשין איז אַ נײַע, אָבער כּדי צו נייען אַזעלכע זעקעלעך לויט דעם מאָדעל וואָס דער אָפיציר ווייזט מיר, טויג זי אויף כפרות.

״כ'האָב אַן אַנדערע מאַשין״, זאָגט דער נאַצי. ער פירט מיך צו צו אַ שפּוגל נײַער ״זינגער״־מאַשין. די מאַשין איז געווען אַזוי נײַ אַז איך האָב נישט געקענט פועלן בײַ זיך און זאָגן אַז זי טויג נישט. האָב איך געשוויגן. און דער אָפיציר האָט מיר געגעבן דעם געהעריקן האַקי־שטאָף און דעם מאָדעל דערמיט אַז איך זאָל צושנײַדן און אויספאַרטיקן די זעקעלעך.

אַלץ האָב איך געהאַט: שטאָף, אַ שער, אַ מאַשין און פאָדעם. צושנײַדן די זעקעלעך האָב איך אויך געקענט. איך בין דאָך געווען אַ שניט־סוחר און געשניטן סחורה לויט דער מאָס. אויך אײַנפעדעמען די מאַשין איז אַ האַלבע צרה. די נאָדל האָט אַ לעכל, שטופּט מען אַדורך דעם פאָדעם און זי איז אײַנגעפעדעמט. אָבער אונטער דעם דעקל פון דער מאַשין איז פאַראַן אַ שפּולע און די שפּולע האָט אַ ציווקע און מיט דער שפּולע און מיט דער ציווקע האָבן זיך אָנגעהויבן מײַנע צרות: כּדי אַרויסצובאַקומען די ציווקע און זי אַרומוויקלען מיט פאָדעם דאַרף מען אַרויסנעמען די שפּולע און די

אין איינער פון מײַנע הענט.

פלוצים איז אַרײַנגעלאָפן אַ נאַצי־אָפיציר און אויסגעשריגן: ״שנעלער, שנעלער, קומט!״

האָב איך הינטערוויַלעבץ זיך אַרויסגערוקט פון מײַן ״בוי־אַרבעט״, הגם איך האָב שוין געהאַט פאַרלייגט אַ האַלב פענצטער מיט ציגל. האָט דער נאַצי־אָפיציר געזאָגט צו מיר, אַז ער דאַרף אײַליק האָבן אַ שנײַדער צו פאַרריכטן מונדירן, צונייען קנעפּלעך, אָפּגעריסענע שליפעס און אַנדערע שנײַדערישע אַרבעטן, וואָס מען קען נישט אָפּלייגן און די אַרבעט דאַרף ברענען. האָב איך גענומען מיט זיך אַ יונגן פּאָליאַק, וואָס איז געווען צוזאַמען מיט מיר אין דער קאָמאַנדאָ און מיר זענען געגאַנגען מיט דעם אָפיציר. אָבער עס זאָגט זיך לײַכט: ״געגאַנגען״. די פּוילישע אויפשטענדלער האָבן אונדז פאַרשטעלט דעם וועג מיט אַ מבול קוילן. האָט דער אָפיציר געעצהט מיר זאָלן אַדורכלויפן דעם פײַער־שטח אײַנגעבויגענע וואָס נידעריקער צו דער ערד. איך האָב דערפילט דעם טויט אויף דער שפּיץ נאָז. בלית־ברירה האָב איך געטאָן ווי דער אָפיציר האָט באַפוילן און עס איז געלונגען — מיר זענען אַריבער דער פייער־שטח לויפנדיק ׳נידעריק צו דער ערד און אַרײַן אין אַ הויז.

אין דעם הויז האָט דער נאַצי־אָפיציר מיר אַרויסגעגעבן אַרבעט: צונייען צו מונדירן אָפּגעריסענע שליפעס און קנעפּלעך. פאַר דעם, זעט אויס, האָט געלוינט אײַנצושטעלן דאָס לעבן. מײַן שנײַדערישער טאַלאַנט האָט געגרייכט אַזוי ווײַט אַז די צוגענייטע שליפעס און קנעפּלעך האָבן זיך געהאַלטן. באַלד איז אַרײַנגעקומען אַ צווייטער אָפיציר מיט אַ שפּוגל נײַער ״באַשטעלונג״ — איך זאָל אויפנייען זעקעלעך.

וואָס פאַר אַ זעקעלעך דאַרף איך נייען?

דאָס דאַרפן זײַן זעקעלעך אָנצוטאָן אויף די לעדער־בײַטעלעך צו קוילן. לויט דעם מאָדעל וואָס דער נאַצי־אָפיציר האָט מיר דערלאַנגט, האָב איך גלײַך געזען אַז ס׳איז ביטער ווי גאַל. מילא, צונייען קנעפּלעך, שליפעס און אַנדערע נאַרישקייטן, מיט דעם גיב איך זיך אַן עצה, אָבער ממש נייען אויף אַ מאַשין, און לויט אַ

עטלעכע פּראָנטן און זיי האָבן צו דעם צוועק קאָנצענטרירט געוואַלדיקע מאַסן אַמוניציע. האָט מען אונדזער קאָמאַנדאָ אַוועקגעפירט אין הויף פון דער "האַבערבוש"־ברויעריי, אויף קראָכמאַלנע גאַס. מיר זענען שוין דעמאָלט געווען געניטע פאַכלײַט אין שלעפּן און ברענען דערשאָסענע, אָבער דאָ, אויפן הויף פון דער "האַבערבוש"־ברויערײַ, האָבן די נאַציס געוואָלט וויסן פון וועלכע פּראָפעסיעס מיר זענען, אויסער דער "פאַרברענונגס־קאָמאַנדאָ".

אַז ס'איז געקומען די ריי צו מיר און דער נאַצי האָט געפרעגט וואָס איז מײַן פּראָפעסיע, האָב איך אָן צו טראַכטן געענטפערט: "אַ שנײַדער". מילא, אַ שנײַדער — זאָל זײַן אַ שנײַדער. דערווײַל האָבן די נאַציס געהאַט פאַר מיר אַן אַרבעט פון אַן אַנדער פּראָפעסיע:

זיך גרייטנדיק צו אַ גענעראַל־קאַמף מיט די פוילישע אויפשטענדלער, האָבן זיי געדאַרפט האָבן שיס־נעסטן פון די פענצטער פון די אויסגעליידיקטע הײַזער. די פענצטער האָט מען געדאַרפט פאַרמויערן מיט ציגל אויף אַזאַ אופן, אַז זיי, די נאַציס, זאָלן זעען די פּאָליאַקן און שיסן צו זיי, בעת אַליין זאָלן זיי זײַן געשיצט. האָבן מיר געטראָגן ציגל און מיט די ציגל אויסגעפילט די פענצטער־ראַמען, די נאַציס זאָלן פאַר אונדזער קאָמאַנדאָ קענען ליפערן ווײַטערדיקע טויטע, עס זאָל זײַן וואָס צו פאַרברענען.

די פוילישע אויפשטענדלער האָבן פון דער ווײַטנס באַמערקט וואָס מיר טוען מיט די פענצטער פון די הײַזער אַנטקעגן זיי און זיי האָבן אונדז מכבד געווען מיט אַזאַ פײַער אַז מיר האָבן אַפילו קיין פינגער נישט געקענט אַרויסשטעקן. מיר האָבן אונדזער "בוי־אַרבעט" געמוזט טאָן ליגנדיק אויף דער פּאָדלאָגע און פאָרזיכטיק אַרויפלייגן אַ ציגל אויף אַ ציגל, אויפהייבנדיק אַ האַנט אין דער הייך. איז מיר אײַנגעפאַלן אַ מחשבֿה צו כאַפּן אַ קויל אין דער האַנט, איך זאָל אַזוי אַרום פטור ווערן פון דער געפערלעכער אַרבעט און אָנקומען אין אַ שפּיטאָל, האָב איך אַרויסגעשטעלט איין האַנט, צו כאַפּן אַ קויל, אַרויסגעשטעקט די צווייטע האַנט, די קוילן האָבן געפּײַפט איבער מײַן קאָפּ, זיך אָנגעקלאַפּט אָן דער מויער, זיך אָנגעקלאַפּט אין די געלייגטע ציגל, אָבער בשום אופן נישט געטראָפן

בלאָטע פון זײַן פּנים און אַ געבּשרטער קער איך צוריק צו מײַן קאָמאַנדאָ.

איצט האָט זיך אָנגעהויבן די באַוווּנדערונג פון מײַנע חבֿרים אין דער קאָמאַנדע. זיי האָבן געוואָלט וויסן ווער עס איז דער גלח און וואָס איז ער צו מיר. האָב איך געענטפערט, אַז אַלע זאָלן הערן:

״דאָס איז מײַן טײַערער ברודער, זעט ווי דער הייליקער זעט אויס!״

נאָענט צו מיר און צו איינעם פון די פרעגער ״ווער דער גלח איז״, איז געשטאַנען דער כּוליגאַן, וואָס אַנומלט, אויפן דריטן שטאָק פון דעם אַרבעט־לאַגער, האָט ער אָנגעוויזן אויף טשערוויעצן מײַן געוועזענעם באַלעבאָס און אויף מיר אַז מיר זענען ייִדן. ווי נאָר איך האָב געענטפערט דעם פרעגער, אַז דער גלח איז מײַן לײַבלעכער ברודער, האָט ער אויפגעהויבן אַ פויסט און דערלאַנגט דעם נישט־דערגאַנגענעם מסור אַזאַ זעץ אין פּרצוף, אַז דער האָט זיך גלײַך באַגאָסן מיט בלוט.

זײַט אָט דעם פרימאָרגן בין איך צווישן די אַרבעטער אין דער ״פאַרברעטונגס־קאָמאַנדאָ״ געוואָרן אַ צערטלקינד, אַ בן־יחידל, חבֿרה האָט מיך געקושט, רק געוואָלט עפּעס טאָן פאַר מײַנעט וועגן. אַ קלייניקייט עפּעס! אַ ברודער פון אַ גלח וואָס די פאַרשאָלטענע שוואַבן האָבן מחלל געווען זײַן הייליקייט!

די הייליקייט פון ״מײַן ברודער״ האָבן די לײַט אין מײַן קאָמאַנדאָ איבערגעטראָגן אויף מיר. דער וואָס האָט געהאַט בדעה מיך אויסצוגעבן, אַז איך בין אַ ייִד, איז געוואָרן נידעריקער פון גראָז און שטילער פון וואַסער. ער האָט מורא געהאַט פאַר מײַן בליק און מיך אויסגעמיטן ווי אַ שד מײַדט אויס ווײַרויך...

ווידער דערוויַטערט אַ טויט־געפאַר.

אַ געוויסן טאָג פון יענע טעג האָט מען אונדז נישט אַרויסגעפירט צו אונדזער רוטינער אַרבעט — קלײַבן געהרגעטע און זיי פאַרברענען. די נאַציס האָבן פאַר אונדז געהאַט אַ בילכערע אַרבעט.

זיי האָבן זיך געגרייט צו שטורמען די פּוילישע קעמפער אויף

אַרום די לענדן. אויסגעזען האָט ער ווי מען וואָלט אים אַרויסגעשלעפּט פון אַ קוימען, אָדער פון אַ זומפּ? ס'איז געווען גאָטס רחמנות צו קוקן אויף דעם מענטש. איך האָב דעמאָלט געהאַט מיט זיך אין אַ טאָרניסטאָר אַ פּלעשל בראָנפן, ווורשט און אַנדערע מאכלים, כּדי בײַ דער אַרבעט נישט צו זײַן אויסגעשטעלט צו דער בידנער באַשפּײַזונג פון די נאַציס. קוקנדיק אויף דעם גלח אַנטקעגן מיר אין דער גרויסער מאַסע פּאָליאַקן, איז מיר אײַנגעפאַלן אַ געדאַנק און, נישט טראַכטנדיק מער קיין איין סעקונדע, האָב איך זיך דערנעענטערט צום "קאַפּאָ" און זײַנע נאַצישע באַגלייטער און אויסגערופן מיט גוט־געמאַכטער איבעראַשונג:

"אָט דאָ, אַנטקעגן, קוקט, שטייט מײַן ברודער, דער גלח. דערלויבט מיר צוגיין צו אים זיך געזעגענען און אים געבן עפּעס עסן".

איך האָב מײַן ווענדונג געמאַכט מיט אַזאַ געררירטער שטים, אַז דער "קאַפּאָ" איז צעחושט געוואָרן און אַפילו אָן צו פרעגן זײַנע נאַצישע באַגלייטער געזאָגט:

"גיי, געזעגן זיך מיט אים, נאָר שוין זאָלסטו זײַן צוריק!"

און איך? — איך בין שוין געווען נעבן דעם גלח. די אַרומיקע פון דער מאַסע מענטשן האָבן געזען ווי איך כאַפּ אַרום דעם גלח, איך האַלדז אים און קוש אים, און ווי איך קוש אים — אַזוי קושט ער מיך; מיר האַלדזן זיך און צערטלען זיך. איך דערלאַנג אים מײַן טאָרניסטער מיט דעם פלעשל בראָנפן און אַלץ וואָס דאָרט איז פאַראַן צו עסן, און ער נעמט עס צו פון מיר. איך שרײַ אויס מיט אַ וויינענדיקער שטים:

"בראַציע דראָגי!" — "טײַערער ברודער!"

דער גלח איז צעטומלט און מיך אַרט זײַן צעטומלטקייט ווי דער פּאַראַיאָריקער שניי. איך כּשר זיך אַלס קריסט ווי אַ ייד כּשרט ערבֿ פּסח אַ טעפּל. איך הער נישט אויף קושן דעם גלח און מסתּמא גיסן מיר זיך אויך טרערן פון די אויגן און מסתּמא גיסן זיך אויך טרערן פון זײַנע אויגן, און אַזוי אַרום ווערט מײַן פּנים אויסגעשמירט מיט דער

זײַן נאָמען, וואָס ער און זײַנע געהילפן האָבן צוגעגרייט פאַר אונדז געקאָכטע שפּײַז. אין איינעם אַ טאָג בין איך געבליבן אויפן דריטן שטאָק צוזאַמען מיט דעם "שטובענעלטעסטען" און מיט נאָך איינעם אַ פּאָליאַק. דער קוכער האָט געוווּסט, אַז מיר, אויפן דריטן שטאָק, האָבן בראָנפן. אָן בראָנפן איז דעמאָלט געווען אוממעגלעך צו לעבן, ווי עס איז אוממעגלעך צו לעבן אָן לופט. דער קוכער זיגמונט האָט צוליב עפּעס וואָס אָנגעהויבן חוזק צו מאַכן פון מיר. איך האָב געהאַט דעם אײַנדרוק, אַז ער האָט דערשנאַפּט אין מיר אַ ייד, און זײַן חוזק מאַכן פון מיר איז כּדי מיך צו פּראָוואָצירן. אויב איך וועל רעאַגירן, וועט ער מיך איבערגעבן צו דער געסטאַפּאָ.

האָב איך באַשלאָסן פאַר יעדן פּרײַז און מיט אַלע מעגלעכע מיטלען דערוויַיטערן פון זיך יעדן פאַרדאַכט אַז איך בין אַ ייד. איז מיר אונטערגעקומען אַ זעלטענע געלעגנהייט וואָס קען זיך, שיַינט מיר, נישט איבערחזרן:

אין איינעם אַן אין דער פרי איז אונדזער קאָמאַנדאָ אַרויס צו איר טאָגטעגלעכער אַרבעט צוניפצוזאַמלען די דערשאָסענע. פאַר אונדז איז געפאָרן די געשפּאַנטע פּלאַטפאָרם מיט די אַרבעט־כּלים, בעטלעך, לאָפּאַטעס, טאַטשקעס און אַנדערע כּלי־זין. הינטער אונדז זענען געגאַנגען דער "קאַפּאָ" און די נאַצישע באַגלייטער. אַז אונדזער קאָמאַנדאָ מיט דעם קלאַפּערגעציַיג איז צוגעקומען פון דער סאָקאָלאָווסקע גאַס צו דער קירך, אין וועלכער די נאַציס האָבן צוניפגעזאַמלט פּאָליאַקן אַרויסצושיקן פון וואַרשע, איז אונדזער קאָמאַנדאָ פאַרהאַלטן געוואָרן. מיר האָבן נישט געקענט גיין וויַיטער. די נאַציס האָבן אַרויסגעפירט פּאָליאַקן פון דער אַלטשטאָט און זיי געפירט צו דער קירך, כּדי פון דאָרט צו עוואַקוירן זיי קיין פּרושקאָוו.

אונדזער קאָמאַנדאָ האָט דעמאָלט געציילט אַן אַכציק־ניַינציק פּערזאָן. ווען מיר זענען אָפּגעשטעלט געוואָרן אַנטקעגן דער מחנה אַוועקגעשיקט צו ווערן קיין פּרושקאָוו, האָב איך צווישן די איַינגעזאַמלטע באַמערקט אַ גלח. ער איז געווען אָנגעטאָן אין זיַין גלחישן טראַכט — אין אַ שוואַרצער סוטאַנע מיט אַ ברייטן גאַרטל

צוריקגעבראַכט געוואָרן פון מײַן אַרבעט, האָב איך טשערוויעצן מער נישט געטראָפן. ער איז שוין געווען אַרויסגעשיקט. אָבער אַ סיורפּריז האָט מיך יאָ דערוואַרט:

פון דעם וואָס איך האָב "אָנגעשאַברעוועט" אין די קעלערן פון די רײַכע הײַזער אויף טעאַטער־פּלאַץ און אין די אַרומיקע גאַסן, האָב איך געהאַט אָנגעזאַמלט אַ וואַליזע מיט די טײַערסטע זאַכן. איך האָב געטראַכט אַז אָט די טײַערע זאַכן וועלן מיר צונוצקומען אין פאַל איך וועל דאַרפן עמעצן מיט עפּעס וואָס איבערקויפן, אָדער איך אַליין וועל זיי דאַרפן ווען די מלחמה וועט זיך ענדיקן. טשערוויעץ האָט געוווּסט וועגן מײַן ווערטפולער וואַליזע. ער איז דאָך געווען מיט מיר אין איינעם און דעם זעלבן צימער אויפן דריטן שטאָק, און איך האָב פאַר אים קיין סודות נישט געהאַט. האָט ער נישט אויסגעהאַלטן דעם נסיון.

אַזוי שנעל ווי מען האָט אים אויסגעשריבן פון דער "קראַנקענשטובע" דערמיט אַז ער ווערט אַרויסגעפירט קיין פּרושקאָוו, איז ער אַרויף אויפן דריטן שטאָק פון דעם אַרבעט־לאַגער צו נעמען זײַנע זאַכן און בײַ דער געלעגנהייט האָט ער אויך "נישט פאַרגעסן" מיטצונעמען מײַן וואַליזע מיט די טײַערע זאַכן. ער האָט מיר פון די אַלע גוטע זאַכן אַפילו קיין פאָדעם נישט איבערגעלאָזט.

אַזוי האָט דער פּאָליאַק פאַרענדיקט אונדזער פרײַנדשאַפט דורך לעבנסגעפערלעכע סיטואַציעס און איך בין ווידער געווען אַ וויסטער אביון... אויסער דעם וואָס איך האָב געהאַט אויף זיך, האָב איך גאָרנישט פאַרמאָגט.

טשערוויעץ האָט זיך באַפרײַט פון יעדן פאַרדאַכט אַז ער איז אַ ייד, אָבער מײַן פאַרדאַכט, אַז איך געפין זיך אין אַ סכנה, איז געוואָרן וואָס אַמאָל שטאַרקער. טשערוויעץ האָט דורך אַראָפּלאָזן די הויזן געקענט אויך מיך שיצן פון אַ פאַרדאַכט, אָבער אַז ער איז מער נישטאָ — בלײַב איך אויפן ערשטן פּלאַן און איך וועל נישט קענען מאַכן קיין קונצן מיט מײַנע הויזן.

אינעם לאַגער איז געווען איינער אַ קוכער, זיגמונט איז געווען

אַראָפּגעלאָזט די הויזן, כּלומרשט זיך געגרייט צו ווײַזן פּאַר אַלע מײַן געשלעכט־גליד, און אויסגערופן צו דעם שיכּורן כוליגאַן:

"העי, דו, גרויסער מבֿין, קום אַהער און גיב אים אַ קוש, וועסטו זעען אַז אויך איך בין אַ ייִד".

די שיכּורע אין אַלע דרײַ צימערן האָבן אויסגעבראָכן אין אַ געלעכטער אויף אונדזערע ביידנס פּאָרשלאָג דער כוליגאַן זאָל קושן אונדזערע געשלעכט־גלידער. זיי האָבן געוואָלט זען די סצענע, הגם פּאַר זייערע אויגן איז אַלץ געווען פֿאַרנעפּלט, זיי זענען געווען טויט־שיכּור.

אָט די סצענע האָט מיך אַלאַרמירט, אַז איך בין ווײַטער אין אַ סכּנה, אַז מען אָבסערווירט מיך. דער פֿאַרדאַכט וואָס דערוועקט זיך בײַ דעם און יענעם איז אפֿשר מחמת מײַן איניציאַטיוו און וואָס איך געפֿין זיך אויס אין די פֿאַרשיידענע סיטואַציעס. הייסט עס, אַז עס דראָעט מיר אַן אומגליק.

אויף צו מאָרגנס אין דער פֿרי האָט זיך מײַן געוועזענער באַלעבאָס, באָלעסלאַוו טשערוויעץ, געמאַכט קראַנק און מען האָט אים אַוועקגעפֿירט אין דער "קראַנקענשטובע". כאָטש ער איז געווען אַ פּאָליאַק און אַ קאַטאָליק פֿון דור דורות, איז ער באַהערשט געוואָרן פֿון פּחד. אויב דורך אַ צופֿאַל, אָדער דורך אַ מסירה פֿון דעם אָדער אַן אַנדער כוליגאַן אין דער קאָמאַנדאָ, וועל איך אַנטדעקט ווערן אַלס אַ ייִד, און די געסטאַפּאָ וועט מיך פּײַניקן, וועל איך אויך דערציילן, אַז איך האָב זיך אויסבהאַלטן בײַ אָט דעם טשערוויעץ אויף הרוביעשאָווסקע גאַס נומער 8. דעמאָלט וועט ער דערשאָסן ווערן צוזאַמען מיט מיר דערפֿאַר וואָס ער האָט אויסבאַהאַלטן ייִדן. אין דעם פֿאַל וועלן ער און איך פֿאַרברענט ווערן אויפֿן שײַטער, אויף וועלכן מיר ברענען אַנדערע...

אַזוי ווי טשערוויעץ איז געווען אַן עלטערער מענטש און די אַרבעט בײַם שלעפּן די טויטע איז אים אָנגעקומען שווער און ביטער, האָט מען אים אויסגעשריבן פֿון דער "קראַנקענשטובע" און אַוועקגעשיקט קיין פּרושקאָוו, וווּהין די נאַציס האָבן עוואַקויִרט די נישט־קעמפֿנדיקע פּאָליאַקן. ווען איך בין יענעם פֿאַרנאַכט

אַ גרופּע פון נאַצישע רופאים. זיי זענען געקומען פון קראָקע מיט אַ באַזונדער אויסשטאַטונג, וואָס פון אָנהייב האָבן מיר נישט פאַרשטאַנען צו וואָס די אויסשטאַטונג וועט דינען. באַלד האָבן מיר געזען ווי די רופאים שנײַדן אָפּ די קעפּ פון די עקסהומירטע, וויקלען זיי אין ברייטע לייוונט־בענדער און פּאַקן זיי אײַן אין קאַסטנס. די קאַסטנס מיט די קעפּ האָבן זיי מיטגענומען מיט זיך; די קערפּערס אָן די קעפּ זענען געבליבן אויפן פּלאַץ פון דער "האַבערבוש"־ברויערײַ אויפסנײַ צו באַגראָבן.

נאָך דעמאָלט, ווען מיר האָבן געאַרבעט אויפן טעאַטער־פּלאַץ, האָבן מיר אין איינעם אַ קעלער געפונען אַ מאַגאַזין מיט די טײַערסטע דעליקאַטעסן און אַלקאָהאָל־געטראַנקען. אַ גרויסן טייל פון דעם "אָנגעשאַברעוועטן" האָב און גוטס האָבן מיר פאַרנאַכט געבראַכט אין אונדזער אַרבעט־לאַגער אויפן דריטן שטאָק. אונדזער "קאָמאַנדאָ" איז באַשטאַנען פון אַן אַכציק מאַן, אײַנגעאָרדנט אין דרײַ צימערן. האָבן מיר געמאַכט אַ סעודה און געלאָזט זיך ווױלגיין כּיד־המלך.

אָנגעפרעסן און שכור, איז דער עולם געוואָרן צעווילדעוועט. די וועלט איז הפקר און מעגלעך אַז דאָס איז די לעצטע סעודה. האָט זיך פּלוצים אויפגעשטעלט איינער פון דער קאָמאַנדאָ און אויסגערופן:

"חברה, מיר האָבן דאָ צווישן זיך צוויי זשידעס".

ווי אויף דעם ערשטן ייִד האָט ער אָנגעוויזן אויף מײַן געוועזענעם באַלעבאָס טשערוויעץ:

"אָט ער איז אַ ייִד!" האָט דער שיכורער געזאָגט און באַלד אָנגעוויזן אויף מיר: "און אָט ער איז דער צווייטער זשיד!"

אַן אויפגערעגטער האָט מײַן געוועזענער באַלעבאָס אַראָפּגעלאָזט די הויזן, געוויזן פאַר אַלע זײַן געשלעבט־גליד און אויסגערופן צו דעם וואָס האָט געזאָגט, אַז ער איז אַ ייִד:

"העי, דו, קורוועשער זון, קום אַהער, בייג זיך אײַן און טו אַ קוש, וועסטו פילן דעם טעם פון אַ ייִד!"

אויף דעם בײַשפּיל פון טשערוויעצן האָב אויך איך

צענטימענטער נידעריקער, וואָלט זי מיך אַוועקגעהרגעט, וועל איך איבערלעבן די מלחמה און דערלעבן דעם סוף פון דעם נאַציזם.

ביז דעם הײַנטיקן טאָג היט איך בײַ מיר דאָס דורכגעשאָסענע היטל ווי אַ קמע.

אָט דער פאַל האָט כהרף־עין אַוועקגענומען פון מיר דאָס געפיל אַז איך עק זיך. איך האָב זיך מער נישט געעקט, כאָטש קיין כוח האָב איך נישט געהאַט. איך האָב צוריקגעקערט צו דער שווערער אַרבעט פון אַרויסשלעפן טויטע און פאַרווונדעטע פון אונטער די שטיקער מויער — אַ דערהויבענער דערפון וואָס איך בין נישט צווישן די טויטע...

טויט מידע און פאַרשוואַרצטע אַז איינער האָט דעם צווייטן נישט דערקענט, האָבן מיר זיבן אַזייגער אין אָוונט צוריקגעקערט צו אונדזער אַרבעט־לאַגער אויף סאָקאָלאָווסקע גאַס.

וועגן דעם וואָס די נאַציס האָבן געטאָן מיט זייערע טויטע פון אונטער דעם באָמבאַרדירטן נאַצישן שטאַב, אַן ערך אַכציק־נײַנציק אין צאָל — האָבן מיר נישט געהערט. ס'איז נישט געווען קײַן צײַט דערויף, עס האָבן געוואַרט אויף אונדז הונדערטער און הונדערטער דערשאָסענע פּאָליאַקן, מיר זאָלן זיי פאַרברענען אין הויף פון דער ״פּראַזשעט״־פירמע.

אַ שטיקל צײַט שפּעטער האָט מען אונדזער ״קאָמאַנדאָ״ אַוועקגעפירט צום הויף פון דער ביר־ברויערײַ פון דער פירמע ״האַבערבוש״, אויף קראָכמאַלנע גאַס, נישט ווײַט פון וואָלסקע. אויף דעם פּלאַץ האָבן די נאַציס געהאַט צײַטווײַליק באַגראָבן זייערע אייגענע, וואָס זענען געפאַלן פון די קוילן פון די פּוילישע אויפשטענדלער. וועלכע ״קאָמאַנדאָ״ עס האָט זיי דאָרט באַגראָבן, האָבן מיר נישט געוווּסט. אונדזער אויפגאַבע איז געווען די קבֿרים אויפצוגראָבן און אַרויסצונעמען די קערפּערס.

דאָ, אויף דעם הויף פון דער ביר־ברויערײַ, האָב איך בײַגעווווינט אַ סצענע, וואָס איך קען זי נישט פאַרגעסן ביזן הײַנטיקן טאָג: בעת מיר, די ״פאַרברענונגס־קאָמאַנדאָ״, האָט אויסגעגראָבן און עקסהומירט אַ פערציק־פופציק געהרגעטע דײַטשן, איז אָנגעקומען

מויער האָט זיך געהאַלטן אַ געדיכטער וואָלקן שטויב, וואָס האָט גורם געווען אַז מיר האָבן נישט געזען איינער דעם צווייטן. עס איז געווען שווער אונטערצושיידן צווישן אַ טויטן און אַ פאַרווונדעטן. אונדזער ״קאָמאַנדאָ״ איז שוין געווען איינגעאיבט צו שלעפּן טויטע, אָבער קיינער האָט אונדז נישט געלערנט ווי אַזוי מען שלעפּט אַרויס פון אונטער חורבות צעשונדענע נאַציס.

ס׳איז געווען קורץ נאָך דער באָמבאַרדירונג, סך הכּל אַ האַלבע שעה און אפשר אפילו ווייניקער. אין אַזאַ קורצער צײַט לאָזן זיך נישט טויטע קערפּערס הערן, אָבער אין דעם פאַל האָט זיך פון צווישן די שטיקער מויער געטראָגן אַ שרעקלעך שווערער געשטאַנק פון פאַרברענט מענטשלעך לײַב. צוליב דעם שטויב האָבן די אויגן נישט געזען וואָס די הענט טוען, און צוליב דעם געשטאַנק האָט דער מוח נישט דיקטירט די הענט וואָס צו טאָן. מיר האָט געשווינדלט פאַר די אויגן און איך האָב געהאַט דאָס געפיל אַז איך עק זיך.

איבער דעם באַרג ברוכוואַרג האָבן זיך מענטשן באַוויגן ווי שאָטנס. איך האָב מער נישט געקענט. איך בין דערגאַנגען צום סוף. דאָך דער אינסטינקט צו לעבן איז געווען שטאַרקער פון מײַן פיזישער שוואַכקייט אין דער מינוט, און ער האָט מיך געטריבן איך זאָל זוכן אַ פּלאַץ וווּ זיך אָפּצורוען. האָב איך זיך אומבאַמערקט אַוועקגערוקט אָן אַ זײַט אַרײַנצוגיין אין אַן אויסגעליידיקט הויז. אויפן קאָפּ האָב איך געטראָגן אַ ליציפּעד־היטל. אַרײַנגייענדיק אין דעם זײַטיקן הויז האָב איך דערפילט אַ קיצל אין קאָפּ. האָב איך געטראַכט: אפשר אַ נײַע סעריע פליי? ניין. איך האָב אַראָפּגענומען דאָס היטל און אין דעם פּלאַץ, וווּ איך׳האָב דערפילט דעם קיצל, איז אין מײַן היטל אויף דעם פּלאַץ געווען אַ לאָך פון אַ דורכגעשאָסענער קויל. די קויל האָט בלויז באַרירט מײַנע האָר און פון דאַנען דער פּלוצימער קיצל. בין איך אַרײַן אין דעם הויז און זיך אַוועקגעזעצט אין אַ פּאָזיציע ווי איך וואָלט געטאָן מײַן נאַטירלעכן געברויך און באַטראַכט מײַן דורכגעשאָסן היטל. איך בין געווען זיכער, אַז אויב איך בין אין דעם מאָמענט נצול געוואָרן פון דער קויל, וואָס ווען זי וואָלט מײַן היטל דורכגעשאָסן מיט אַ האַלבן

כלים צונויפצוזאַמלען די טויטע, וואָרום אין יענעם טייל פון דער שטאָט זענען פאָרגעקומען שווערע און בלוטיקע קאַמפן. איידער מיר האָבן זיך גענומען צו אונדזער רוטין־אַרבעט, האָבן מיר געדאַרפט עסן און זיך אָפּרוען. אָבער צום עסן, זיך אָפּרוען און זיך ״נעמען צו דער אַרבעט״ איז נישט דערגאַנגען.

פּלוצים איז אָנגעפלויגן אַ טשאַטע דײַטשע קאַמפּס־עראָפּלאַנען און אַראָפּגעלאָזט אַ סעריע באָמבעס הינטער דעם בנין פון דער אָפּערע, אויף דער גאַס וואָס האָט געהייסן, אַזוי דאַכט זיך מיר, טראַוגוטאַ. נישט בלויז מיר זענען אויפגעציטערט געוואָרן פון דער פּלוצימער באָמבאַרדירונג, נאָר אויך אונדזערע נאַצישע באַגלייטער. צו אונדז, צו דער ״פאַרברענונגס־קאָמאַנדאָ״ אויף דעם טעאַטער־פּלאַץ, זענען אָנגעלאָפן געסטאַפּאָ־לײַט, איבערגעריסן אונדזער אָפּרו, וועגן עסן איז שוין נישט געווען קיין רייד, און אונדז געטריבן צו דער גאַס וווּ עס זענען געפאַלן די באָמבעס. אַ גאַנץ הויז איז געלעגן אין חורבות — שטיקער מויער, נאַקעטע ציגל און האָלץ־ברוכוואַרג. פון דער חורבה האָבן זיך געטראָגן הילף־רופן. די שטיקער מויער זענען געווען דורכגעוואָרפן מיט שטיקער פון מענטשלעכע גופים. דאָס צעשטערטע הויז איז געווען פּונקט הינטער די בנינים פון דער וואַרשעווער אָפּערע און דעם נאַציאָנאַלן טעאַטער, זייער נאָענט צום היטלער־פּלאַץ. אין דעם באָמבאַרדירטן הויז האָט זיך געפונען דער נאַצישער שטאַב, וואָס האָט אָנגעפירט מיט דעם קאַמף מיט די פּוילישע אויפשטענדלער.

ווײַזט אויס, אַז ערגעץ־ווו אין דער נאָענט פון דעם באָמבאַרדירטן הויז האָט זיך געפונען דער שטאַב פון די פּוילישע אויפשטענדלער. האָבן די נאַציס געצילט צו באָמבאַרדירן דאָס הויז פון די פּוילישע קעמפער, אָבער על־פּי טעות אין דער אינפאָרמאַציע האָבן די נאַצישע פּליער באָמבאַרדירט דאָס הויז פון זייער אייגענעם שטאַב...

די אַרבעט אַרויסצושלעפּן די נאַצישע טויטע און פאַרוווּנדעטע פון אונטער דעם צעשטערטן בנין, איז געווען אַן אויסערגעוויינטלעך שווערע. איבער דעם באַרג פון די שטיקער

מכשירים — לאָפּאַטעס, טראָגבעטלעך און טאַטשקעס דערגאַנגען ביז דעם היטלער־פּלאַץ, וואָס פֿאַר דער מלחמה האָט ער געהייסן יוזעף פּילסודסקי־פּלאַץ, אין פֿראָנט פֿון דעם זאַקסישן גאָרטן. אויף דעם פּלאַץ איז געשטאַנען אַ פּלאַטפֿאָרם געשפּאַנט מיט צוויי פֿערד און אויף דער פּלאַטפֿאָרם איז געשטאַנען אַ פֿעלדקיך, וואָס האָט פֿאַר אונדז און אונדזערע אויפֿזעער צוגעגרייט עסן. דאָ האָבן מיר זיך אָפּגערוט און אָפּגעגעסן און... נאָך דעם זענען מיר צוזאַמען מיט די דײַטשן אַראָפּ אין די קעלערן פֿון די אַרומיקע פּאַרלאָזטע הײַזער צו "ירשענען" אַלץ וואָס די פּאָליאַקן האָבן דאָרט איבערגעלאָזט.

אָט דער ראַיאָן איז פֿריער געווען באַוווינט פֿון פּוילישער אַריסטאָקראַטיע און פּאַרמעגלעכן בירגערטום. זיי האָבן געהאַט וואָס איבערצולאָזן אין די קעלערן און מיר האָבן געהאַט וואָס צו "שאַברעווען". אין די קעלערן האָט זיך געפֿונען אַזוי פֿיל בראָנפֿן, קאָניאַק און ווײַן, און געווירצערטע פֿליישן, און טײַערע קליידער און וועש — אַז די דײַטשן האָבן פֿון שווילטאָג דערלויבט אַז אויך מיר זאָלן אַ טייל פֿון דער רויב באַהאַלטן פֿאַר זיך און מיט דעם צוריקקערן אין דעם אַרבעט־לאַגער.

איין טאָג איז געשען אַ פֿאַל: אַ הויכן געסטאַפּאָ־אָפֿיציר האָט, זעט אויס, נישט געפּאַסט צו גיין מיט די פּוילישע צוואַנג־אַרבעטער צו אַ בשותּפֿותדיקן רויב־שפּאַציר אין אַ קעלער. האָט ער גענומען אַלס באַגלייטער בלויז דעם "קאַפּאָ". ביידע זענען אַראָפּ אין אַ קעלער און זיי האָבן מער נישט צוריקגעקערט. זיי זענען ערגעץ־ווו נעלם געוואָרן.

דער קעלער איז שפּעטער דורכגענישטערט געוואָרן אין יעדן ווינקעלע און דאָס געביין פֿון דעם געסטאַפּאָ־אָפֿיציר און דעם "קאַפּאָ" האָט מען נישט געפֿונען. ווײַזט אויס, אַז אין דעם קעלער האָבן געלויערט פּוילישע אויפֿשטענדלער, האָבן זיי געכאַפּט די צוויי לײַט, זיי פֿאַרשלעפּט און וואָרשײַנלעך ליקווידירט.

אין איינע פֿון יענע טעג זענען מיר, די "פֿאַרברענונגס־קאָמאַנדאָ", אַרויסגעפֿירט געוואָרן צום טעאַטער־פּלאַץ פֿאַר דעם שטאָטראַט. מיר האָבן נאַטירלעך געהאַט מיט זיך אונדזערע אַרבעט־

גאָלדענע ציין, קאָראָנעס, רינגלעך אָדער גאָלדענע מטבעות, וואָס זענען געווען איינגענייט אין די קליידער פון די פאַרברענטע. דערנאָך האָט מען דאָס ביסל גאָלד פאַרקויפט פאַר בראָנפן, כדי צו וויסן דעם טעם פון לעבן...

די אַכט הונדערט פּאָליאַקן אין דער אַרבעט־לאַגער האָבן נישט געריסן קיין קריעה אויף דעם טויט פון זייערע אויסגעמאָרדעטע ברידער.

דאָס זוכן אין דעם געבליבענעם בערגל אַש נאָך אַ פינף, זעקס הונדערט פאַרברענטע קערפּערס האָט געמוזט געמאַכט ווערן שנעל, ווײַל פון דער צווייטער זײַט פון דעם ריזיקן הויף פון דער "פּראַזשעט"־פאַבריק האָבן שוין געוואַרט פרישע קופּעס טויטע, מען זאָל זיי אײַנסדרן און אויסלייגן אין שיכטן, און פון די גאַסן האָבן די וועגעלעך געליפערט נאָך און נאָך. דאַרף מען אָבער זאָגן אַז כאָטש די אַרבעט האָט געאײַלט, האָבן מיר, פון דער "פאַרברענונגס־קאָמאַנדאָ", זיך נישט געאײַלט. מיט יעדן טאָג האָט די אַרבעט אויסגעזעען צו ווערן לײַכטער. אַן איינטאָניקע אַרבעט, זי ווערט געמאַכט מעכאַניש. די מוסקלען געוווינען זיך צו דער רוטין און אויך די מענטשלעכע געפילן ווערן אָפּגעטעמפּט. מען ווערט אויס "פילאָזאָף" און מען טראַכט נישט מער, אַז נעכטן־אייערנעכטן זענען די טויטע געווען פול מיט אמונה, מיט גלוסטענישן, מיט אילוזיעס און אַלץ איז געוואָרן הבֿל הבֿלים; מען טראַכט נישט מער וועגן אַזוינע סענטימענטאַליזמען. אויך דער "קאַפּאָ" פון דער "פאַרברענונגס־קאָמאַנדאָ" האָט מער נישט געאײַלט מיר זאָלן די אַרבעט טאָן שנעלער; די טויטע האָבן זיך זיכער נישט געאײַלט צו ווערן שנעלער פאַרברענט. זייער צײַט איז אומבאַגרענעצט — ס'איז די אייביקייט.

בלויז איין זאַך: דאָס אייגענע לעבן ווערט מיט אַ האָר נישט ביליקער און יעדער איינער היט עס און צאַפּלט און האָפט איבערצולעבן...

דאָס קלײַבן די געהרגעטע איז געווען ווערדליק דעם ראַיאָן ווו עס זענען פאָרגעקומען די קאַמפן. אַזוי זענען מיר מיט אונדזערע

געפּרווווט ווערן מיט דעם צו וואָס מען קען זיך צוגעוווינען. איך האָב זיך צוגעוווינט! איך האָב געשלעפּט, אויך געבראָכן מעבל און געברענט — אויף דעם געהער איך דאָך צו דער ״פאַרברענונגס־קאָמאַנדאָ״ צו וועלכער איך האָב זיך אַליין אָנגעשלאָסן פאַרן פּרײַז פון אַ פּאָר גראַם גאָלד, כּדי נישט צו גיין פאָרויס פון די נאַצישע טאַנקען און ווערן אַ ציל פאַר די קוילן פון די פּוילישע אויפשטענדלער.

דעם צווייטן טאָג, ווען מען האָט זיך געגרייט צו נאָך אַ שײַטער, איז אויפן הויף פון דער ״פּראַזשעט״־פאַבריק געבליבן נישט קיין הויך בערגל פון גרויען אַש — דער סך־הכּלדיקער איבערבלײַב פון אַ פינף, זעקס הונדערט מענטשן און פון אַ פּאָר דירות מעבל. בײַ דעם בערגל אַש האָב איך געלערנט אַ לעקציע פון מענטשלעכער גײַציקייט, וואָס אין מער־ווייניקער נאָרמאַלע צײַטן איז אוממעגלעך אַזאַ לעקציע צו לערנען:

מעגלעך, און ס׳איז מער ווי וואָרשײַנלעך, אַז צווישן די דערשאָסענע זענען אויך געווען יידן, ווי איך, וואָס האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אויף דער פּוילישער זײַט און זיי זענען אַרײַנגעפאַלן אינעם אויפשטאַנד. אָבער אַלע דערשאָסענע זענען פאַרברענט געוואָרן אַלס פּאָליאַקן. מילא, ווען די דײַטשן האָבן אין די געטאָס געמאָרדעט די באַלאַגערטע יידן און אונטערגעצונדן זייערע היימען, זענען די פּאָליאַקן פון דער צווייטער זײַט געטאָ־מויערן געווען גלײַכגילטיק, אָדער אַנדערע זענען געווען צופרידן. אָבער אָט ווערן אין דעם פּוילישן אויפשטאַנד דערשאָסן צענדליקער טויזנטער פּאָליאַקן — דאָס איז אַן אויפשטאַנד פון פּאָליאַקן צו באַפרײַען זייער לאַנד פון דער דײַטשער אכזריותדיקער אָקופּאַציע. זעען מײַנע אויגן אַזעלכע סצענעס:

אויף צו מאָרגנס ווי עס האָט אויסגעברענט דער נעכטיקער שײַטער, ווערן געבראַכט פרישע דערשאָסענע, צו אַ נײַעם שײַטער. די פּאָליאַקן, וואָס ברענגען די טויטע, לייגן נישט אַריין די בר־מיננס אין דער בערגל אַש וואָס איז געבליבן פון זייערע הונדערטער פאַרברענטע ברידער, נאָר זיי גראַבלען אין דעם אַש, זיי זוכן

שלעפּן צום טויט דערשאָסענע מענטשן, קוקן אין זייערע מיט ווייטאָג און צער אויסגעקרומטע פּנימער באַגאָסענע מיט בלוט, שפּעטער די גופים אויסלייגן אין שיכטן אַהין און אַהער, ווי סאַרדינען, זיך צוקוקן ווי זיי ברענען, פילן דעם שרעקלעכן ריח פון געברענט מענטשלעך לײַב.

כאָטש זינט די מלחמה האָט אויסגעבראָכן האָב איך איבערגעלעבט פײַנלעכע סצענעס פון די נאַצישע מערדערײַען, כ'האָב געהאַט פאַרלוירן מײַן משפחה, געבליבן איינער אַליין — איך ווייס אפילו נישט ווו מײַן ווײַב מיט מײַן שוועגערין זענען פאַרשלעפּט געוואָרן, און צי זיי לעבן בכלל — איז די אַרבעט אין דער "פאַרברענונגס־קאָמאַנדאָ" געווען איבער מײַנע כוחות. איך האָב גערעדט צו זיך אַליין אַז איך האָב דאָך געהאַט באַשלאָסן אויסצופאָלגן די צוואה פון מײַן טאַטן איבערצולעבן און דערלעבן דעם סוף פון דעם היטלעריזם — מוז איך אויך אָט גיהנום איבערלעבן, שלעפּן די טויטע, זיי ברענען, ווײַל אויב נישט וועל איך אַליין זײַן איינער פון די וואָס ברענען אויפן מאַסן־שײַטער. און דאָך בין איך דערגאַנגען צו אַ פּונקט, אַז איך האָב מער נישט געקענט. און לעבן האָב איך געוואָלט. אוי, ווי איך האָב געוואָלט לעבן! דווקא אין אָנבליק פון אַזעלכע טויט־סצענעס ווערט דער ווילן צו לעבן געוואַלדיק שטאַרק. און כאָטש די "סטאָלערישע" אַרבעט פון ברעכן שענק, קרעדענסן, טישן, אַלמערס און שטולן און זיי אַראָפּשלײַדערן דורך אַ פענצטער איז געווען אַ שווערע אַרבעט, האָב איך געבעטן דעם "קאַפּאָ", ער זאָל מיך באַשטימען צו אָט דער צעשטערונגס־אַרבעט און איך האָב די אַרבעט באַקומען.

אַ שײַטער צו ברענען מענטשן, אויב מען גרייט אים צו ווי געהעריק, אַרומגעלייגט מיט שטיקער מעבל און גוט באַגאָסן מיט פעך, וועט שוין ברענען פון זיך אַליין. מען דאַרף נישט דאָס פײַער אויפבלאָזן. ער ברענט דעם טאָג און נאָך אַ נאַכט. האָב איך נישט אַלע מאָל געקענט זײַן באַשעפטיקט נאָר ביים ברעכן מעבל. אין דער פרײַער צײַט האָט מען מיך ווידער געטומען צו שלעפּן דערשאָסענע פון די גאַסן און סקווערן, זאָגט מען בײַ יידן: הלוואי מען זאָל נישט

האָבן מיר געמוזט „ברענגען אין אָרדענונג". די דײַטשן האָבן שטאַרק ליב אָרדענונג... דאָס מיינט אויסלייגן די טויטע קערפּערס אין שיכטן אויף אַזאַ אופן אַז איין שיכט זאָל שטאַרקן די צווייטע. אויסלייגן די אונטערשטע שיכטן איז געווען נישט שווער, אָבער וואָס העכער דער שטויס איז געוואָרן האָט מען די טויטע געדאַרפט אַרויפשלעפּן העכער און העכער, און טויטע זענען שווער ווי בלײַ. ווען עס דערגייט צו אַ פינף, זעקס מעטער שיכטן פון בר־מינגס, דאַרף מען האָבן אַטלעטישע כּוחות די קערפּערס אַרויפצוציען. די מערהייט טויטע קערפּערס זענען דאָך געווען פון מענטשן וואָס האָבן זיך פריער גוט דערנערט, במילא זענען זיי געווען שווער.

אַז דער שטויס קערפּערס איז געווען גענוג הויך, איז ער אַרומגעלייגט געוואָרן מיט געהילץ. דאָס האָלץ איז באַגאָסן געוואָרן מיט פּעך און דאָס פײַער פון איין שוועבעלע איז גענוג געווען עס זאָל זיך צעפלאַקערן אַ שריפה — אַ שריפה פון מענטשן, וואָס נעכטן־אייערנעכטן און אַפילו באַגינען פון דעם זעלבן טאָג האָבן זיי נאָך געגלויבט, געהאָפט, געהאַט אַמביציעס און לײַדנשאַפטן, און איצט ברענען זיי ווי דאָס געהילץ אַרום זיי...

כּדי צו פאַרברענען דעם שײַטער פון מענטשלעכע גופים האָט מען נישט געבראַכט קיין האָלץ פון אַ וואַלד; די שטיקער מעבל פון די אויסגעליידיקטע פון מענטשן הײַזער האָבן געדינט ווי ברען־שטאָף. אַ טייל פון דער „פאַרברענונגס־קאָמאַנדאָ" איז געגאַנגען פון דירה צו דירה און דורך די פענצטער אַראָפּגעוואָרפן אין הויף אַרײַן דעמאָנטירטע קרעדענסן, טישן, בענק, אַלמערס — שטיקער מעבל, צו וועלכע מענטשן זענען געווען צוגעבונדן. דער רויך פון דעם שײַטער האָט זיך געטראָגן איבער די דעכער, געקנוילט זיך ווי עס וואָלט פאַרברענט געוואָרן אַ וועלט.

אין די ערשטע טעג אין דער „פאַרברענונגס־קאָמאַנדאָ" האָט זיך מיר געדאַכט, אַז איך גיי אַראָפּ פון זינען; אַז איך לעב אַ ווירקלעכקייט וואָס אין דער רעאַליטעט עקזיסטירט זי נישט. איך, ווי אַ ייִד, וואָס אַלס ייִנגל האָב איך נישט געקענט זיך צוקוקן ווי אַ שוחט שעכט אַ כּפּרה ערב יום־כּפּור, בין געווען געצווונגען צו

אויפן דריטן שטאָק, נישט וויסנדיק וואָס אָדער וועמען איך גיי פאַרברענען...

באַלד ווי איך בין אַריבער אויפן דריטן שטאָק און באַקומען אַ פּלאַץ אויף אַ פּריטשע, האָב איך על רגל אחת געלערנט די גאַנצע תורה פון פאַרברענען.

די קאָמאַנדאָ האָט נישט געברענט די במאַרעס פּליי און אַנדערע אינזעקטן אויפן שטח פון דעם געוועזענעם געטאָ, נאָר זי האָט געברענט מענטשן.

אין דעם אויפשטאַנד זענען געפאַלן מאַסן פּאָליאַקן און דייַטשן. באַגראָבן די דערשאָסענע איז געווען אוממעגלעך. מען קען דאָך נישט באַגראָבן קיין מאַסן טויטע אויף ברוקירטע גאַסן און עס איז דאָך אוממעגלעך זיי אַרויסצופירן פון דער שטאָט. די טויטע, וואָס האָבן זיך אַרומגעוואַלגערט אין די גאַסן, אויף די פּלעצער, אויף די סקווערן, אַרום די הייַזער און אויך אין די קעלערן, זענען געווען עלול גורם צו זייַן אַן עפּידעמיע. האָבן די נאַציס אויך אין דעם פאַל אָנגעווענדט זייער סיסטעם פון פאַרברענען מאַסנווייַז די אומגעבראַכטע.

די קאַמפן פלעגן אויסברעכן אין די באַגינענס אַזוי, אַז אַרום צען, עלף אַזייגער פאַר מיטאָג זענען שוין געווען פיל צענדליקער דערשאָסענע. איז די אויפגאַבע פון דער "פאַרברענונגס־קאָמאַנדאָ" געווען צונויפצוזאַמלען די טויטע און זיי צוגרייטן צו פאַרברענען, זיי זאָלן אָנקומען אין הימל אַרייַן מיטן רויך, אַ סאָרט "הימעלפאַרט", ווי די דייַטשן רופן אָן די פייַערונג לזכר דאָס אַרויפשטייַגן פון יעזוס כריסטוס אין הימל־אַרייַן.

מיר האָבן די טויטע אייַנגעזאַמלט טראָגנדיק זיי אויף טראָגבעטלעך און וועגעלעך. דער זאַמלפונקט איז געווען אויפן ריזיקן הויף פון דער פאַרמלחמהדיקער "פראַזשעט"־פאַבריק, אויף כלאָדנע גאַס. פאַר דער מלחמה האָט די פאַבריק אויסגעאַרבעט באַשטעק און כלים פון האַלב־איידעלע מעטאַלן. אַז מיר האָבן אָנגעהויבן פירן די טויטע צו דעם גרויסן הויף, האָב איך שוין דאָרט געפונען אַ באַרג פון אַ פינף, זעקס הונדערט בר־מיננס. די טויטע

אַז דאָס איז אַ ״פאַרברענונגס־קאָמאַנדאָ״. וואָס אַזעלכס ברענט די ״קאָמאַנדאָ״? צי צינדט זי אונטער הײַזער? צי פאַרברענט זי מיסט? הײַזער צינדן דאָך אונטער די נאַציס גופא. האָב איך באַשלאָסן נישט צו פיל פאָרשן און פרעגן, וואָרום עס האָט מיר אויסגעזען לאָגיש, אַז אַ ״פאַרברענונגס־קאָמאַנדאָ״ פאַרברענט נישט זיך אַליין, נאָר זי פאַרברענט עפּעס אַנדערש, און דאָס איז שוין טויזנט מאָל בעסער ווי גיין פאַר די טאַנקען צו צעשטערן באַריקאַדן און דערשאָסן ווערן.

ווי דער שטייגער מיט ״קאַפּאָס״ איז אויך דער ״קאַפּאָ״ פון דער ״ברענונגס־קאָמאַנדאָ״ אויפן דריטן שטאָק געווען קאָרופּט ביז די טיפענישן פון זײַן נשמה, אויב אים איז נאָך בכלל געבליבן אַ פּיצל פון אַ מענטשלעכער נשמה. דער ״קאַפּאָ״ האָט זיך געלאָזט איבערקויפן, אָבער איך האָב שוין נישט געהאַט מיט וואָס אים איבערצוקויפן. דעם בראָנפן וואָס איך האָב געהאַט פון דעם ספּירט, האָט די חבֿרה פון מײַן ״טאַנקען־קאָמאַנדאָ״ געהאַט שוין אויסגעטרונקען ביז צום לעצטן טראָפּן. די טײַערע וווּרשטן, וואָס איך האָב געהאַט פון ״שאַברעווען״ אין די קעלערן, האָבן זיי שוין געהאַט אויפגעפרעסן. בלויז איין זאַך: פאַרן אַרויספירן פון דער קירכע די טויזנטער פרויען, ווען מײַן שווענערין האָט מיר דערלאַנגט דאָס פּעקל עסן פון דעם ״רויטן קרייץ״, האָט זי מיר אַרײַנגעשטופּט אין דער האַנט עטלעכע גאָלדענע קרוינען פון ציין און אַ גאָלדן רינגל.

איך בין געווען אין אַ מאָמענט פון פאַרצווייפלונג. דער אינסטינקט האָט מיר אונטערגעזאָגט, אַז די ״קאָמאַנדאָס״ אויפן ערשטן און צווייטן שטאָק וועלן קיין אַריכת ימים נישט האָבן. זייערע פּוילישע ברידער וועלן זיי אויסהרגענען, אָדער די נאַציס וועלן זיי צעמאָרשטשען מיט זייערע טאַנקען. האָב איך געזאָגט צו דעם ״קאַפּאָ״ פון דעם דריטן שטאָק:

״אָט דאָס וואָס די זעסט אין מײַן האַנט, איז אַלץ וואָס איך פאַרמאָג. ס׳איז גאָלד, עס איז עפּעס ווערט. נעם עס דיר און נעם מיך אַריין אין דײַן קאָמאַנדאָ. דער ״קאַפּאָ״ איז נאָכגעקומען מײַן פאָרשלאָג און איך צוזאַמען מיט מײַן באַלעבאָס באָלעסלאַוו טשערוויעץ, זענען אַריבער צו דער ״פאַרברענונגס־קאָמאַנדאָ״

נאַכט אויפגעשטעלט. אייגנטלעך האָבן די טאַנקען געדאַרפט צעשטערן די באַריקאַדן, אָבער די פּאָליאַקן האָבן געשאָסן און געוואָרפן "מאָלאָטאָוו־פלעשער" אויף די טאַנקען. האָבן די נאַציס אונדז, די פּאָליאַקן, געשיקט פאָרויס מיט דעם חשבון, אַז די פּוילישע אויפשטענדלער וועלן נישט שיסן צו זייערע ברידער. די פּוילישע קעמפער האָבן זיך נישט גערעכנט מיט אונדז און ווי נאָר אונדזער ריי פאַר די טאַנקען האָט זיך דערנענטערט צו אַ געוויסן דיסטאַנס פון די באַריקאַדן, האָבן זיי אויף אונדז געעפנט אַ העליש פייַער. די געטראָפענע זענען געווען נישט די נאַצישע טאַנקען, נאָר די פּוילישע ברידער. עטלעכע פון אונדז זענען באַלד געפאַלן טויטע.

מיך האָט די מעשׂה כּלל נישט געשמעקט. פון איין סכּנה גיי איך אַרויס און אין דער צווייטער פאַל איך אַרייַן. צי האָב איך זיך געראַטעוועט פון אַזוי פיל געפאַרן, כּדי איך זאָל ווערן אַ קרבן סייַ פון די דייַטשן און סייַ פון די פּוילישע פּאַטריאָטן?

עס איז געווען פּשוט לעבערלעך ממשיך צו זייַן אין אָט דער פינצטערער לאַגע, ווען פון הינטן ווער איך באַדראָעט פון אַ טאַנק, וואָס אויב איך וועל נישט גיין פאָרויס אים וועל איך צעקוועטשט ווערן, און אַז איך וועל גיין פאָרויס וועט זיך אויף מיר אַראָפּלאָזן אַ רעגן פון פּוילישע קוילן.

עטלעכע טעג האָב איך מיטגעמאַכט די שפּיל צווישן לעבן און טויט. יעדן טאָג זענען געפאַלן קרבנות, וואָס זענען באַלד פאַרטרעטן געוואָרן פון אַנדערע און אויך זיי האָבן נישט צוריקגעקערט לעבעדיקע אין דעם אַרבעט־לאַגער.

האָב איך אָנגעהויבן שמועסן מיט דעם עולם אין "מייַן" קאָמאַנדאָ און פון אַ וואָרט צו אַ וואָרט בין איך דערגאַנגען, אַז אין דעם זעלבן לאַגער, אויפן דריטן שטאָק, איז פאַראַן אַ לוקסוס־קאָמאַנדאָ, וואָס אירע קנעכט האָבן אַ מעגלעכקייט זיך אויסצושלאָפן, ווייַל די "קאָמאַנדאָ" גייט אַרויס צו דער אַרבעט ערשט נייַן אַזייגער פאַר מיטאָג.

פאַרוואָס עפּעס האָבן די נאַציס געשאַפן אַ לוקסוס־קאָמאַנדאָ פאַר פּאָליאַקן און וואָס איז איר אויפגאַבע? האָט מען מיר געזאָגט,

דערפרישט מײַן לײַב מער ווי אין אַ מרחץ. דערנאָך האָב איך פון דעם קלימאַטיזאַציע־קאַנאַל אַרויסגעצויגן דרײַ וואַליזעס מיט זאַכן וואָס האָבן געקענט אויסשטאַטן אַ קליידער־ און וועש־געשעפט: אין די וואַליזעס זענען געווען ריינע העמדער, אונטערהויזן, גוטע עלעגאַנטע מענער־און פרויען־קאָסטיומען און דערצו טײַערע פאַרשיידנאַרטיקע ווורשטן און גערויכערט פלייש, און, ווי אַ חתן פאַר דער חופה, האָב איך זיך אויפסנײַ באַקליידט פון קאָפּ ביז די פיס.

פּטור געוואָרן פון די פאַרפלייטע קליידער.

איך האָב זיך געפילט ווי איך וואָלט נײַ־געבוירן געוואָרן. נאַטירלעך האָבן די נאַציס און דער "קאַפּאָ" גאַנץ פײַן נהנה געווען פון די עלעגאַנטע זאַכן — דער עיקר: זיי האָבן אַ ים ספּירט און אַ שטויס גערויכערט פלייש צו פאַרבײַסן...

אין לאַגער האָב איך צוריקגעקערט אַ באַנײַטער און מיט דעם רעשט ספּירט. פון דעם קוואַנטום ספּירט האָב איך געמאַכט בראָנפן. מיט אָט דעם פאַרמעגן אין דער האַנט האָב איך געזאָגט צו מײַן געוועזענעם באַלעבאָס באָלעסלאַוו טשערוויעץ, וואָס איז געווען צוזאַמען מיט מיר אין דעם אַרבעט־לאַגער, ער זאָל איבעררעדן מיט די חברותא פּאָליאַקן, וואָס האָט געהאַלטן די מאַכט אין לאַגער, זי זאָל מיך באַהאַנדלען ווי עס געהער צו זײַן וועל איך זיי געבן בראָנפן און פון אַלדאָס גוטס צו פאַרבײַסן.

דערהערט דאָס וואָרט "בראָנפן", זענען די כוליגאַנעס געוואָרן גוט צו מיר, באָטש לייג זיי צו צו אַ מכּה. איך האָב באַלד באַקומען אַ גוטע פּריטשע צו קענען ווי געהעריק זיך אויסשלאָפן. איך בין די נאַכט געשלאָפן ווי אַ מלך, וואָס ווערט געהיט פון איבערגעגעבענע לײַב־גוואַרדייער...

זעקס אַזייגער באַגינען האָט מען אונדז אויפגעוועקט און אַרויסגעפירט צו דער אַרבעט. אונדזער אַרבעט איז געווען אַ זייער לײַכטע — גיין צום טויט.

מיר האָבן געדאַרפט גיין פאַר די דײַטשע טאַנקען און צעשטערן די באַריקאַדן, וואָס די פּוילישע אויפשטענדלער האָבן במשך דער

לײַטן זענען אויסגעדורשט נאָך בראָנפֿן, איז מעגלעך אַז עמעצער האָט דאָרט געגנישטערט אין דער באַהעלטעניש און געפֿונען דעם אוצר. האָבן מיר די נאַציס געזאָגט, אַז זיי גלויבן מיר. אַלץ וואָס איך זאָג איז אמת און אויב איך וועל דעם ספּירט נישט געפֿינען, וועלן זיי מיך נישט אַוועקהרגענען.

די שוואַרצע נאַציס האָבן מיך מיט דעם "קאַפּאָ" אַרויפֿגענומען אויף זייער אויטאָמאָביל און איך האָב זיי געפֿירט צו דער "קלאַוואַ"־פֿאַבריק. מיר האָבן מיט די שינעס אַרויפֿגעקלעטערט אויפֿן בוידעם און אָן צו זוכן האָב איך געפֿונען "מײַנע" צוויי באַנקעס ספּירט. די נאַציס האָבן אַ שמעק געטאָן דאָ צו איין באַנקע, דאָ צו דער צווייטער באַנקע, דערנאָך געפּרווּט אויף די פֿינגער — ס'איז אמת, אמתער ספּירט! די דרײַ, די נאַציס מיט די טויטן־קעפּ אויף די היטלען און דער "קאַפּאָ" האָבן מיך אַרומגעבאַפּט, געדריקט צו זיך און מיך געקושט, ווי איך וואָלט פֿאַר זיי אַראָפּגעצויגן דאָס טעלערל פֿון הימל. אין די צוויי באַנקעס זענען מסתּמא געווען אַ זעכציק־זיבעציק ליטער ספּירט. האָב איך זיי געבעטן אַז פֿון דעם ספּירט־אוצר זאָלן זיי מיר געבן אַ פּאָר ליטער, כּדי איך זאָל האָבן מיט וואָס אײַנצוריײַבן מײַן לײַב און עס אָפּרייניקן פֿון דעם בײַסעניש. זיי האָבן מיר צוגעזאָגט, אַז זיי וועלן מיר געבן אַ פּאָר ליטער און געהאַלטן וואָרט.

איך האָב געפֿילט, אַז איך האָב בײַ די נאַציס געוווּנען זייער צוטרוי און איך האָב זיי פֿאַרטרויט, אַז איך האָב פֿאַר זיי נאָך עפּעס גאָר ווּיכטיקס. און איך האָב זיי דערציילט, אַז ווען איך בין דאָ, אין דער געביידע, געווען מיט נאָך אַנדערע לײַט, האָבן מיר אין די קעלערן געזוכט אין די נעכט און געפֿונען פֿון די טײַערסטע מאכלים און פֿון די שענסטע זאַכן — פֿאַר פֿרויען און פֿאַר מענער. אויב זיי, די "חשובֿה הערן", וועלן מיר דאָ, אויפֿן בוידעם, דערלויבן אָפּוואַשן מײַן לײַב מיט ספּירט און ענדערן מײַנע קליידער, כּדי איך זאָל פּטור ווערן פֿון די פֿליי, וועל איך זיי ווײַזן קליידער, וואָס זייערע אויגן האָבן נאָך אַזעלכע נישט געזען.

וכך הווה, איך האָב זיך אַרומגעוואַשן מיט ספּירט און

וואַסער, כדי פטור צו ווערן פון די אינזעקטן. צוזאַמען מיט מיר האָבן אויך אַנדערע אַראָפּגעוואַשן פון זייערע לײַבער די פּאַראַזיטן. בײַם וואַשן זיך האָט אונדז געהיט דער ״קאַפּאָ״ פון דעם לאַגער.

און אָט איז געשען עפּעס, וואָס איך האָב דערויף נישט געקענט זיך ריכטן:

עס זענען צוגעקומען צוויי נאַציס אין שוואַרצע מונדירן מיט טויטן־קעפּ אויף די היטלען און זיי האָבן געפֿרעגט דעם קאַפּאָ צי ער ווייסט ווו מען קען באַקומען אַ ביסל בראָנפן. געהערט די פֿראַגע ״בראָנפן״, האָב איך זיך דערמאָנט, אַז אויפֿן בוידעם פון דער ״קלאַוואַ״־פאַבריק האָב איך ״אָפּגעשפּאָרט״ צוויי בלעכענע באַנקעס ספּירט פון דעם גרויסן קוישן־גאָנשער, און איך האָב די בלעכן געהאַט פאַרשטעקט קיינער זאָל זיי נישט געפינען. אַזוי ווי איך האָב געהאַט צו ביסלעך אַראָפּגעוואַשן פון זיך דעם ווילדן אומפלייט און עס איז מיר אײַנגעפאַלן, אַז מיט אַ ביסל ספּירט וואָלטן גוט געווען אײַנצורײַבן מײַן צעביסן לײַב, האָב איך געזאָגט צו די נאַציס:

״איר ווילט בראָנפן? ס׳איז דאָ פאַר אײַך בראָנפן. נעכטן האָט מען מיך אַהער געבראַכט פון אַ פּלאַץ ווו איך האָב פאַרשטעקט צוויי באַנקעס ספּירט. פון אַזאַ קוואַנטום ספּירט קען מען האָבן אַ פאַרמעגן מיט פלעשער בראָנפן. אויב איר זענט מסכים קען איך אײַך אַוועקפירן צו יענעם פּלאַץ ווו איך האָב באַהאַלטן דעם ספּירט״.

די נאַציס האָבן אויפן פּלאַץ מסכּים געווען שוין צוצופאָרן צו יענעם פּלאַץ און געפינען דעם ספּירט, אָבער גלײַכצײַטיק האָבן זיי מיך געדראָעט, אַז אויב עס וועט זיך אַרויסווײַזן, אַז איך האָב זיי אָפּגענאַרט און איך וועל פאַר זיי נישט אויסגעפינען דעם צוגעזאָגטן ספּירט, וועלן זיי מיך דערשיסן. אויף דעם באַדינג בין איך נישט מסכּים געווען. איך האָב זיי פאַרזיכערט, אַז די צוויי באַנקעס ספּירט האָב איך גוט באַהאַלטן און איך האָף אַז קיינער האָט זיי נישט אַנטדעקט און צוגענומען, אָבער גאַראַנטירן אַז די באַנקעס זענען דאָרט ווו איך האָב זיי פאַרשטעקט, קען איך נישט. אין אַזאַ צײַט ווען

דער פאַרב־ענדערונג האָט מיך אַרומגעכאַפּט אַ געוואַלדיק בייַ־סעניש אין אַלע טיילן פון מייַן גוף. איך בין באַפאַלן געוואָרן פון כמאַרעס אויסטערלישע פליי, וואָס אַזעלכע האָב איך נישט געזען אין מייַן לעבן. צוויי פּאָליאַקן, וואָס האָבן געאַרבעט צוזאַמען מיט מיר, פעסטע יינגען, זענען אַזוי באַקראָכן געוואָרן פון די אינזעקטן, אַז ווען זיי האָבן זיך אויסגעטאָן נאַקעט, זענען זייערע לייַבער געווען באַדעקט מיט מאַסן קליינע רויטע פונקטן, סימנים פון דעם ווי די פליי האָבן זיך אייַנגעביסן אין זייער הויט. מיר האָבן פון די אינזעקטן נישט געקענט זיך אָפּיאָגן. שפּעטער האָבן די נאַציס געבראַכט פאַר אונדז עסן — רייַז מיט בעבלעך. זענען אונדזערע שיסלען באַפאַלן געוואָרן פון די כמאַרעס פליי און דאָס עסן איז געוואָרן ברוין. מיר האָבן אין גאַנצן זיך געפונען אין אַ דיקן וואָלקן פון פליי. פאַרטרייַבן זיי איז געווען אַ ברכה לבטלה. פאַרקערט אַז מיר האָבן זיי געטריבן, זענען זיי געוואָרן נאָך מער צערייצט און זיי האָבן געביסן פון אונדז לעבעדיקע שטיקער.

פאַרנאַכט, נאָך דער אַרבעט, האָט מען אונדז אַרויסגעפירט פונעם געטאָ־שטח צו אונדזער "מקום־מקלט".

אויף סאָקאָלאָווסקע גאַס — אַ נאָמען וואָס האָט מיר וויטאָגלעך דערמאָנט מייַן היימשטאָט — האָט זיך אין אַ דרייַ־שטאָקיק הויז געפונען אַן אַרבעט־לאַגער מיט באַזונדערע קאָמאַנדאָס און צו אַנדערע אויפגאַבן. אָט דער אַרבעט־לאַגער איז געוואָרן אונדזער "מקום־מקלט". אַהער האָט מען אונדז געבראַכט באַדעקטע מיט די מאַסן ברוינע פליי און צעביסענע ביז בלוט. אויסער וואָס איך, ווי אַנדערע, האָבן געליטן פון דער אומדערטרעגלעכער בייַסעניש צוליב וועלכער איך בין געווען געצוווּנגען צו קראַצן זיך ביז בלוט, האָב איך געליטן אויך פון אַ פסיכיש בייַסעניש, עס האָט מיר געעקלט און עס האָט זיך מיר געגלוסט אויסברעכן דאָס פאַרפלייטע עסן, פון וועלכע איך האָב קוים טועם געווען.

אויפן הויף פון דעם לאַגער האָט זיך געפונען אַ וואַסער־פּלומפּ, בין איך אַראָפּ צו דער פּלומפּ און געלאָזט אויף זיך שטראָמען

אַוועקגעפּירט אָן אַ זײַט. די גרויסע מאַסע פון אַרום צען טויזנט מענער, פרויען און קינדער זענען אַרויסגעפירט געוואָרן רעכטס — טראַנספּאָרטירט צו ווערן קיין פּרושקאָוו. אונדז, די צוועלף־דרײַצן שורות צו דרײַ, האָט די געסטאַפּאָ אַוועקגעפירט לינקס. באַלד איז צו אונדז דערגאַנגען, אַז די וועלכע ווערן אָפּגעטיילט פון דער גרויסער מאַסע, זענען באַשטימט צו ווערן דערשאָסן. דאָס איז געווען נישט ריכטיק. זיי האָבן געדינט ווי אַ פאַרשטאַרקונג פון די קאָמאַנדאָס וואָס זענען געווען באַשטימט אָפּצורייניקן דעם שטח, ווו עס איז פריער געווען דאָס געטאָ.

אין יענער צײַט איז שוין קיין סימן פון דעם געטאָ נישט געבליבן. אויף דעם שטח זענען געבראַכט געוואָרן יידן פון אוישוויץ — פון פראַנקרײַך און פון גריכנלאַנד. פאַר זיי איז אויפן געטאָ־שטח אײַנגעאָרדנט געוואָרן אַ לאַגער. ווען עס האָט אויסגעבראָכן דער פוילישער אויפשטאַנד און די נאַציס זענען אַרומגעכאַפּט געוואָרן פון בהלה, זענען די יידישע שקלאַפן פון דער געטאָ־שטח אַנטלאָפן אויף דער פוילישער זײַט.

אונדז, די אָפּגעטיילטע צוועלף־דרייצן שורות, האָבן די נאַציס אַוועקגעפירט אויפן שטח פון דעם געוועזענעם געטאָ, מיר זאָלן צוזאַמענקלײַבן די קליידער און זאַכן, וואָס זענען געבליבן פון די אַנטלאָפענע יידן, וואָס האָבן דאָרט פריער געאַרבעט. נאָך די אַנטלאָפענע זענען געבליבן גרינע באַראַקן ווו די אומגליקלעכע האָבן "געלעבט", פולע מיט צוזאַמענגעקליבענע סמאַטעס און שמאַכטעס. כּדי די אַרבעט פון אַרויסנעמען די זאַכן פון די באַראַקן זאָל זײַן אַ לײַכטערע, האָב איך פאָרגעשלאָגן, אַז אַ טייל פון אונדז זאָל פון די באַראַקן אַרויסוואַרפן די זאַכן אויף אויסן און אַ צווייטער טייל זאָל די זאַכן אין דרויסן פאַרפּאַקן אין פעק, ווי עס איז דער שטייגער פון די נאַציס זיי אַוועקצושיקן קיין דײַטשלאַנד.

איך האָב דעמאָלט געטראָגן אַ טונקל־בלויען קאָסטיום. בײַם אַרויסדערלאַנגען די קליידער, דעקן און אַנדערע זאַכן, האָב איך באַמערקט אַן אויסטערלישע דערשײַנונג: די טונקל־בלויע פאַרב פון מײַן קאָסטיום האָט זיך געענדערט אויף ברוין און צוזאַמען מיט

מיר!״. טשערוויעץ איז מסכים געווען, מיר האָבן אויסגענוצט די געלעגנהייט וואָס די געסטאַפּאָ האָט כסדר געבראַכט נײַע גרופּן געפאַנגענע פּאָליאַקן, מיר האָבן זיך אָפּגעריסן פון דער גרופּע און אַוועק אויף דער צווייטער זײַט פון דער קירכע, ווו עס האָט געהערשט אַ גרויסע ענגשאַפט. דאָ בין איך געווען זיכער, אַז דער געהיימאַגענט וועט מיך מער נישט באַמערקן. און אַזוי איז געשען. איך בין פון אים פּטור געוואָרן.

עס איז נישט אין מײַן כוחות צו שילדערן דאָס איבער־לעבן דעם טאָג און די נאַכט אין דער קירכע. די ענגשאַפט איז געווען אַזאַ אַז עס איז געווען אוממעגלעך זיך אַוועקצוזעצן אויף דער ערד, אָדער זיך אַוועקלייגן, און עס איז אויך געווען אוממעגלעך צו גיין ערגעץ־ווו צו דערליידיקן דעם נאַטירלעכן געברוך. דערצו האָט געמאַטערט דער הונגער. נאָך די זיבעצן זאַטע טעג איז דער מעת־לעת פון הונגער געווען שווער איבערצוטראָגן. דערצו האָט די געסטאַפּאָ אָן אויפהער געבראַכט נײַע געפאַנגענע פּאָליאַקן און די ענגשאַפט איז געווען נישט איבערצוטראָגן, סײַדן צעשפּאַרן די ווענט פון דער קירך. אָנשטאָט די אַרום פינף טויזנט געפאַנגענע וואָס האָבן זיך דאָ געפונען בעת מען האָט געבראַכט אַהער אונדזער גרופּע פון דער ״קלאַוואַ״־פאַבריק, זענען אויף צו מאָרגנס שוין געווען צוזאַמענגעשטופּט אַרום צען טויזנט געפאַנגענע. קיין איינעם פון די מיט וועלכע איך בין געווען אין דער ״קלאַוואַ״־פאַבריק האָב איך מער נישט געזען.

אין דער פרי איז די אײַנגעזאַמלטע מאַסע אַרויסגעפירט געוואָרן פון דער קירך צו דרײַ אין אַ ריי און זי צוגעגרייט אַרויסצומאַרשירן פון דער שטאָט. אין וואָס פאַר אַן אָרדענונג מען האָט אַרויסגעפירט די פרויען אין אַ צאָל פון אַ פינף טויזנט, האָב איך נישט געזען. איך האָב מער נישט געזען — נישט מײַן ווײַב און נישט מײַן שוועגערין.

ווען עס איז געקומען די ריי צו מיר, צו פאָרמירן אַ שורה פון דרײַ. האָבן די נאַציס אָפּגעטיילט אַ צוועלף־דרײַצן שורות און אונדז

"מיט אים זאָלט איר נישט טרינקען. איך גיי אָנמעלדן דער געסטאַפּאָ, אַז ער איז אַ ייִד!"

זיכער האָט ער פֿאַרשטאַנען אַז איך בין ייִד דערפֿון וואָס מיר זענען געווען צוזאַמען באַהאַלטן הינטער דער דאָפּלטער וואַנט, וועגן וועלכער ער האָט פֿריִער נישט געוווּסט.

מײַן גואל איז געווען איינער פֿון די מענער וואָס צוזאַמען מיט מיר האָבן זיי זיך אויסבאַהאַלטן אין דעם קלימאַטיזאַציע–קאַנאַל אין דער "קלאַוואַ"–פֿאַבריק. ער איז געווען אַ פֿאָסט–אַרבעטער, אַ מאַן פֿון אַטלעטישן געבוי. אין די זיבעצן נעכט אין דער "קלאַוואַ"־פֿאַבריק זענען מיר צוזאַמען געגאַנגען אין די קעלערן און "געשאַבערעוועט". מיר האָבן זיך גוט באַפֿרײַנדעט און אויך זיך פֿאַרשטאַנען. האָט דער מאַן אַרויסגענומען פֿון דער קעשענע אַ מעסער און געזאָגט צו דעם נפֿש, דעם געהיימאַגענט:

"זעסט דעם מעסער? איידער דו גייסט צו דער געסטאַפּאָ מעלדן, אַז ער איז אַ ייִד, וועל איך דיר איבערשנײַדן דעם האַלדז. מנוּבל דו, אַליין געפֿינסטו זיך אין אַ צרה, גייסטו מעלדן אַז ער איז אַ ייִד?"

דאָס מעסער האָט אַ בלאַנק געטאָן פֿאַר די אויגן פֿון דעם געהיימאַגענט. ער האָט זיך דערשראָקן און אָנגעהויבן וויינען. ער איז געווען זיכער אַז עס קומט זײַן סוף. האָט ער פֿאַרזיכערט דעם מאַן מיטן מעסער פֿאַר זײַנע אויגן, אַז ער גייט נישט צו דער געסטאַפּאָ, ער וועט מיך נישט מסרן.

אַז די אַטמאָספֿער אַרום מיר האָט זיך צו ביסלעך באַרויקט האָב איך געעפֿנט דאָס פֿלעשל בראָנפֿן און געגעבן אַלע צו טרינקען און געטיילט אויך פֿון דעם פּעקל שפּײַז, וואָס מײַן שוועגערין האָט מיר געגעבן.

אָט דער פֿאַל מיט דעם געהיימאַגענט האָט בײַ מיר צוגענומען דאָס לעצטע ביסל זיכערקייט, און איך האָב געזאָגט צו מײַן געוועזענעם באַלעבאָס:

"בלײַבן אויף דעם פּלאַץ, ווו אויך אַנדערע האָבן געהערט די דראָונג מיך צו מסרן פֿאַר דער געסטאַפּאָ, איז געפֿערלעך. קום מיט

וואַרשע,וועלן זיי אַלע פּאָליאַקן אויסשעכטן. דעריבער האָבן מיר זיך באַהאַלטן".

נאָך די דאָזיקע ווערטער האָט זיך דער פּויזנער פּאָליאַק פונאַנדערגעוויינט ווי אַ קינד, און אַז די פרויען האָבן געהערט דאָס געוויין פון דעם מאַן, האָבן זיי זיך אויך צעוויינט, און אַז די קינדער האָבן געזעען זייערע מוטערס וויינען, איז די יללה געוואָרן נאָך גרעסער. האָט דער געסטאַפּאָ־אָפיציר באַפוילן מען זאָל אונדז נישט שיסן און אויך נישט באַפרייַען, נאָר אַוועקפירן צו דעם קאָנצענטראַציע־פונקט פון פּאָליאַקן.

דער קאָנצענטראַציע־פונקט איז געווען די קירך אויף דער וואָלסקע גאַס. דאָרט האָבן די נאַציס געהאַט אייַנגעזאַמלט אַ פינף טויזנט פערזאָן — באַזונדער פרויען מיט קינדער און באַזונדער מענער. מיט מייַן פלעשל בראָנפן אין דער האַנט בין איך אַריבערגעגאַנגען צו דעם טייל, ווו עס זענען געווען אייַנגעזאַמלט די פרויען, כדי זיך צו געזעגענען מיט מייַן ווייַב און שוועגערין, וואָס האָבן נישט געוווסט וואָס פאַר אַ גורל עס דערוואַרט זיי. ווי איך האָב זיך דערנעענטערט צו די פרויען, האָט מייַן שוועגערין מיר איבערגעגעבן אַ פּעקל שפּייַז פון דער וואָס דער "רויטער קרייַץ" האָט געטיילט בלויז פאַר פרויען און קינדער.

איך בין נישט צוריקגעגאַנגען צו דעם זעלבן פּלאַץ ווו איך בין פריער געשטאַנען, איידער איך בין אַריבערגעגאַנגען צו די פרויען, נאָר צופעליק האָב איך זיך אַוועקגעשטעלט אַ פּאָר טריט ווייַטער. אָט די ענדערונג האָט שיר נישט געקאָסט מייַן לעבן. אויף דעם פּלאַץ צו וועלכן איך בין צוריקגעקומען האָב איך דערזעען מייַן באַלעבאָס באָלעסלאַוו טשערוויעץ און זייַן שכן, דעם געהיימאַגענט, וואָס צוזאַמען האָבן מיר זיך אויסבאַהאַלטן הינטער דער דאָפּלטער וואַנט בעת דאָס הויז אויף הרוביעשאָווסקע גאַס איז באַלאַגערט געוואָרן פון די דייַטשן. ווי נאָר דער געהיימאַגענט האָט מיך באַמערקט מיט דעם פּעקל שפּייַז פונעם "רויטער קרייַץ" און מיט דעם פלעשל בראָנפן אין דער האַנט, האָט ער אויסגערופן:

אַז בראָנפן אין די הפקר־באַדינגונגען איז די בעסטע וואַלוטע, אַ גוט מיטל צו קאָרומפּירן. בין איך קיין מאָל נישט געבליבן אָן אַ פלעשל בראָנפן ביַי זיך.

די נאַציס, וואָס האָבן אונדז אַנטדעקט, האָבן אונדז נישט באַזוכט פערזענלעך. מיר זענען אַראָפּגעקראָכן פונעם ״קלאַוואַ״־בוידעם, די נאַציס האָבן אונדז איַינגעשטעלט און אַוועקגעפירט אין שטאַב פון דער געסטאַפּאָ, וואָס האָט זיך געפונען אויף דער פשיאַקופּאָוואַ־גאַס, נעבן דער וואָלסקע, סך־הכל אַ הונדערט מעטער פון דער ״קלאַוואַ״־פאַבריק. די געסטאַפּאָ האָט אונדז אויפגענומען ווי אַ גרויס געווינס, אַ קלייניקייט! מיט איין מאָל געכאַפּט לעבעדיק אַזאַ גרעסערע גרופּע פּאָליאַקן. פון וואַנען נעמען זיי זיך, אָט די פּאָליאַקן, אין דעם אויסגעליידיקטן שטח? דאָס זענען אַזעלכע, וואָס האָבן נישט געהערט דעם באַפעל צו פאַרלאָזן די היַיזער, נאָר זיי האָבן זיך אויסבאַהאַלטן. קומט זיי אויסצושיסן. האָבן די געסטאַפּאָ־לייַט אונדז אַרויסגעפירט אין הויף, אונדז אַלע מענער, פרויען און קינדער — אויסגעשטעלט ביַי אַ וואַנט און אַנטקעגן אונדז אָנגעשטעלט מאַשין־געווער אויף דריַיפוסן. צווישן אונדז האָט זיך געפונען אַ ״פּאָזנאַניאַק״, אַ פּויזנער־פּאָליאַק וואָס האָט גערעדט דיַיטש ווי אַ געבוירענער דיַיטש. ווען צום עקזעקוציע־פּלאַץ האָט זיך דערנעענטערט אַ הויכער געסטאַפּאָ־אָפיציר (שיַינט מיר אַז ער איז געווען אין דעם ראַנג פון אַ מאַיאָר) האָט דער פּויזנער פּאָליאַק זיך געוואָנדן צו אים בזה הלשון:

״פאַרוואָס גייט מען אונדז שיסן צוזאַמען מיט די פרויען און קינדער? עס איז אמת אַז מיר האָבן זיך אויסבאַהאַלטן, אָבער גאָט באַהיט, נישט פון די דיַיטשן האָבן מיר זיך אויסבאַהאַלטן, וואָרום קיין שום שלעכטס קעגן דער דיַיטשער מאַכט זענען מיר נישט באַגאַנגען. מיר זענען נישט קיין אויפשטענדלער, מיר האָבן נישט קיין געווער און עס וואָלט אונדז קיין מאָל נישט איַינגעפאַלן צו קעמפן קעגן די דיַיטשע באַוואָפנטע כוחות. מיר האָבן זיך אויסבאַהאַלטן וויַיל מיר האָבן שרעקלעך מורא פאַר די רוסן. די מאָסקאַליעס האָבן פיַינט פּאָליאַקן, און טאָמער קומען זיי אַריַין קיין

קלימאַטיזירונג־קאַנאַל און די פּרויען האָבן זיך פֿאַרשטעקט אויף זייער פּלאַץ. די הערצער האָבן געקלאַפּט פֿון טויט־שרעק און די שיכּורע האָבן זיך אויסגעניכטערט. צי וועלן די שוואַבן אונדז געפינען? אויב יאָ, זענען מיר פֿאַרפֿאַלענע, וואָרום מיר זענען דאָך אויסבאַהאַלטענע פּאָליאַקן און ווי אַזעלכע קומט אונדז דערשאָסן צו ווערן אויפֿן פּלאַץ. און אפשר וועלן זיי אונדז נישט געפינען?

צו אונדזער אומגליק האָבן זיי אונדז יאָ געפונען. די נאַציס זענען דערגאַנגען ביז צום בוידעם און אים דורכגענישטערט אין דעם ליכט פֿון עלעקטרישע לעמפּלעך. די ערשטע האָבן די נאַציס אויסגעפונען די פּרויען און פֿון זיי געוואָלט וויסן ווו עס זענען באַהאַלטן די מענער. האָבן די פּרויען געפּרוווט לייקענען, בכלל זענען דאָ נישטאָ קיין שום מענער. אָבער די נאַציס האָבן געהאַט אַ באַוויַיז, אַז עס זענען יאָ פֿאַראַן מענער, וואָרום זיי האָבן געהערט דאָס געזאַנג פֿון מענערישע שטימען. כּדי צו צווינגען די פּרויען זיי זאָלן געבן לשון, האָבן זיי געדראָעט, אַז אויב זיי וועלן נישט אויסזאָגן ווו עס זענען באַהאַלטן די מענער, וועלן די פּרויען דערשאָסן ווערן דאָ אויפֿן פּלאַץ, אויפֿן בוידעם.

די פּרויען האָבן שוין געוווּסט, אַז ווען עס האַנדלט זיך אין דערשיסן, האַלטן די נאַציס וואָרט. האָבן זיי אויסגעזאָגט, אַז מיר, די מענער, באַהאַלטן זיך אין דעם קלימאַטיזאַציע־קאַנאַל. האָבן די נאַציס מיט געשרייען און ריטשעריַיען באַפֿוילן, מיר זאָלן אַרויסקריכן פֿון דער באַהעלטעניש, און אויב נישט — וועלן זיי אויפֿרײַסן דעם קאַנאַל און מיר אַלע וועלן אומקומען. בלית־ברירה זענען מיר אַלע אַרויסגעקראָכן אין אַ מצבֿ פֿון ייִאוש.

די זיבעצן גוטע טעג און נעכט האָבן זיך געענדיקט.

וועלן זיי אונדז דערשיסן, אָדער זיי וועלן אונדז לאָזן לעבן? — די פֿראַגע האָט געעגבערט דעם מוח און אונדז צוגעגרייט צום ערגסטן.

צופֿעליק אָדער גאָרנישט צופֿעליק האָב איך אין מײַן טאַש געהאַט אַ פֿלאַש בראָנפֿן. איך בין שוין געווען אָנגעלערנט פֿון נסיון,

אָבער דאָס געפיל פון זאַטיקייט און אין אַ געוויסער מאָס אויך פון זיכערקייט, ווען נישט ווײַט פון דעם פּלאַץ האָבן די נאַציס געקעמפט מיט די אויפשטענדלער, און פון ביידע זײַטן זענען געפאַלן קרבנות, האָט גורם געווען דער עולם זאָל צו ביסלעך פאַרגעסן אין וואָס פאַר אַ וועלט און אין וועלכע באַדינגונגען ער לעבט.

אין דער נאַכט פון דעם זיבעצנטן אויפן אַכצנטן טאָג פון "מאַכן אַ לעבן" אין דער "קלאַוואַ"־באַהעלטעניש, האָבן מיר אין אַ קעלער געפונען אַ נײַעם אוצר: פון די טײַערסטע אונדז ביז דעמאָלט אומבאַקאַנטע סאָרטן קאָניאַקן, ליקערן, שאַמפּאַניער און בראָנפן. ווי דער שטייגער איז ווען מען געפינט ביז איצט אומבאַקאַנטע אַלקאָהאָל־געטראַנקען, דאַרף מען פון יעדן סאָרט פאַרזוכן און פילן זײַנע חסדים. און אַז מען פאַרזוכט און עס שמעקט, דאַרף מען טרינקען. און אַז מען טרינקט און עס שמעקט פאַרגעסט מען זיך און מען ווערט שיכור.

אין שיכּרות ביזן פאַרגעסן זיך אין וועלכע באַדינגונגען מיר האָבן זיך געפונען, האָט זיך אין די פּאָליאַקן אויפגעוועקט אַ פלאַמיקער פּאַטריאָטיזם, און אַלע צוזאַמען האָבן אָנגעהויבן אויף אַ הויך קול צו זינגען דעם פוילישן נאַציאָנאַלן הימן — "נאָך איז פוילן נישט פאַרלוירן" ("יעשטשע פּאָלסקאַ ניע זגינעלאַ"). אין דעם אַרומיקן שטח איז געווען טויט־שטיל, ווײַל דער שטח איז געווען אויסגעליידיקט פון דער פוילישער באַפעלקערונג. האָט דאָס ענטוזיאַזטישע פּאַטריאָטישע געזאַנג שיר נישט אויפגעהויבן דעם דאַך. וואָרשײַנלעך האָבן אין דער סבֿיבֿה פּאַטראָלירט נאַציס און צו זייערע אויערן איז דערגאַנגען דאָס געזאַנג פון פוילישע פּאַטריאָטן, וואָס האָבן אין דעם שטח מער נישט געטאָרט זײַן. לויט דעם אָפּהילך פון דעם געזאַנג איז דער נאַצישער פּאַטרול דערגאַנגען ביז צו דער "קלאַוואַ"־געבײַדע און זיך געפונען פאַר דער וואַסער־פאַרפליצונג. אויך די דײַטשן האָט נישט געשטערט די פאַרפליצונג און זיי זענען אַרײַן אין דער געבײַדע.

מיר האָבן געהערט אַ הויך רעדן: "פאַרפלוכטע, פאַרפלוכטע!" אַלאַרמירטע זענען די מענער אַרײַנגעקראָכן אין דעם

מיט זיך אַפּילו קיין ברוכטייל פון די פּראָדוקטן און זאַכן, וואָס זיי האָבן געהאַט פון פריער צוגעגרייט אין די קעלערן.

אויף דעם אופן זענען מיר, וואָס האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין דעם הויז נומער 8 אויף הרוביעשאָווסקע גאַס, און שפּעטער אַריבער אין דער פאַרפלייצטער געביידע פון דער פאַרמאַצעווטישער פאַבריק, אַרײַנגעפאַלן אין אַ שמאַלץ־גרוב. דער טייל וואַרשע איז געווען אויסגעליידיקט פון פּאָליאַקן, די נאַציס זענען געווען אַנגאַזשירט מיט די קעמפנדיקע פּוילישע אויפשטענדלער, און מיר האָבן געהאַט פרײַע הענט צו מאַכן אַ "שפּאַציר" אין די קעלערן אָנגעפּולטע מיט כּל הגוטס.

די "שפּאַצירן" האָבן מיר געמאַכט אין די נעכט: מיר פלעגן זיך אַראָפּלאָזן אין די קעלערן פון די אויסגעברענטע, אָדער נישט דערברענטע הײַזער און בלויז טאַפּנדיק מיט די הענט האָבן מיר אָנגעקליבן אוצרות פון פּראָדוקטן — פאַרשיידנערליי וורשטן, קאָנפיטורן פון אַלע מעגלעכע פּירות, וואָס וואַקסן אויף דער פּוילישער ערד, סוכאַרעס, גערויכערט חזיר־פעטס וואָס אויף דער פרײַ האָט מען עס געקענט קויפן בלויז אויפן "שוואַרצן מאַרק", און די טײַערסטע קליידער און שיכוואַרג. ס'איז געווען צו באַוווּנדערן פון וואַנען האָבן די פּאָליאַקן באַקומען אַזעלכע זעלטענע פּראָדוקטן אין אַ צײַט פון מלחמה, וואָס האָט שוין געהאַט אָנגעהאַלטן פינף פעליקע יאָר.

ס'איז קלאָר, אַז מיר האָבן נישט געטראַכט פון וואַנען און וואָס, נאָר מיר האָבן "געשאַברעוועט", גערויבט די פּראָדוקטן ווי נאָר מיר האָבן געקענט. האָבן מיר געקאָכט אויף דעם געפונענעם ספּירט און געפּרעגלט וואָס מען האָט געדאַרפט קאָכן און פּרעגלען, און געגעסן רוי, וואָס עס האָט געשמעקט צו עסן רוי. בראָנפן האָט נישט געפעלט און אויך נישט פון די טײַערסטע ווײַנען, וואָס מיר האָבן געפונען אין די קעלערן.

זיבעצן טעג האָבן מיר זיך אויפגעהאַלטן אין דער "קלאַוואַ"־געבײַדע; זיבעצן טעג פון שפע און שווילטאָג, הגם די וווינונגס־באַדינגונגען זענען געווען זייער ווײַט אָפּגעשטאַנען פון לוקסוס.

די בעסטע פון זייערע קליידער, וועש און ווערפולע זאַכן אַז טאָמער, אין פאַל פון אַ שריפה אָדער אַן אַנדער אומגליק, זאָלן זיי האָבן נעבן זיך זייער פאַרמעג.

דאָך געשעענישן פאַרלויפן זיך נישט ווי דער מענטש שטעלט זיך זיי פאָר און גרייט זיך צו צו זיי. אָפטמאָל געשעט דאָס קאַפּריערדיקע פון דעם וואָס מ'האָט פאָראויסגעזען.

די פוילישע אונטערערדישע אַרמיי האָט וואָרשײַנלעך זיך גע־גרייט אָנצוהייבן דעם אויפשטאַנד ווען די רויטע אַרמיי וועט פאָר־סירן די ווײַסל פון דער פראַגער זײַט. דעמאָלט וואָלטן די דײַטשן זיך געפונען צווישן צוויי פײַערן און דער מצבֿ אין וואַרשע וואָלט זיך אַנטוויקלט אַנדערש ווי ער האָט זיך אַנטוויקלט. אויב אָבער די סאָוויעטישע אַרמיי האָט זיך פאַרהאַלטן בײַם ברעג פון דער ווײַסל און די פּאָליאַקן האָבן זייער אויפשטאַנד אָנגעהויבן, האָבן די דײַטשן מיט זייערע געווערן געהאַט פרײַע הענט צו טאָן מיט דער פוילישער באַפעלקערונג וואָס זיי האָבן געוואָלט. און געוואָלט האָבן זיי פון איין זײַט אונטערדריקן דעם אויפשטאַנד און פון דער צווייטער זײַט אַרויספירן די נישט־קעמפנדיקע באַפעלקערונג, כּדי צו האָבן וואַרשע ווי אַ "ריין" שלאַכט־פעלד, אָן אַ פינפטער קאָלאָנע מצד די פּאָליאַקן. דעם זעלבן סיסטעם וואָס די דײַטשן האָבן אָנגעוואָנדן בײַם אַרויסטרײַבן די יידן פון די הײַזער אין די געטאָס, האָבן זיי אויך אָנגעוואָנדן כּלפּי די פּאָליאַקן בעת דעם אויפשטאַנד: זיי האָבן אויפגעפאָדערט די מענטשן זאָלן פאַרלאָזן זייערע הײַזער און זיך קאָנצענטרירן אין די הייף, און געדראָעט, אַז די וועלכע וועלן זיך אויסבאַהאַלטן וועלן דערשאָסן ווערן. נישט מער, די וועלכע האָבן פאַרלאָזט די הײַזער זענען אַרויסגעשיקט געוואָרן פון דער הויפּט־שטאָט אָבער, נישט ווי כּלפּי די יידן, וואָס די נאַציס האָבן זיי אויסגעמאָרדעט.

אויב אין אָנהייב פון דעם אויפשטאַנד האָבן די דײַטשן באַהערשט אַ טייל פון וואַרשע, האָבן זיי די פוילישע באַפעלקערונג פון דעם טייל אַרויסגעשיקט, אָדער די אויסבאַהאַלטענע אויסגעהרגעט. די אַרויסגעשיקטע האָבן נישט באַוויזן מיטצונעמען

דעם דוחק אין שפּײַז האָבן מיר שנעל דערפילט. דער בנין פון דער "קלאַוואַ"־פאַבריק האָט זיך געפונען אין דעם טייל פון וואַרשע, פון וועלכן די דײַטשן האָבן אַרויסגעפירט די פּאָליאַקן, אָדער דערשאָסן די וועלכע האָבן זיך אין דעם ראַיאָן אויסבאַהאַלטן בעת דעם גירוש און די נאַציס האָבן זיי אויסגעפונען. מיר, אַנטלויפנדיק פון דעם בנין הרוביעשאָווסקע נומער 8, זענען דאָך אייגנטלעך אַנטלאָפן פון פײַער, במילא האָבן מיר געהאַט זייער ווייניק פּראָדוקטן. אָבער אין אָט דעם ראַיאָן, פון וועלכן די פּאָליאַקן זענען אַרויסגעפירט געוואָרן, איז געבליבן פון כּל טובֿ. און די מעשה איז געווען אַזוי:

דער אויפשטאַנד אין דעם פּוילישן טייל פון וואַרשע איז געקומען נישט צופעליק און נישט ספּאָנטאַן. די אונטערערדישע פּוילישע אַרמיי (אַרמיאַ קראַיאָוואַ — אַ. קאַ.) האָט זיך צו דעם אויפשטאַנד געגרייט פון אַ לענגערע צײַט, זײַט ס'איז קלאָר געוואָרן דער פּאָראויסמאַרש פון דער רויטער אַרמיי. וואָס נעענטער די רויטע אַרמיי איז געקומען צו וואַרשע, אַלץ מער האָבן פּאָליאַקן זיך איבערגעגעבן פון מויל צו מויל, אַז עס גרייט זיך אַן אויפשטאַנד, די באַפעלקערונג, וואָס איז נישט באַשטימט צו נעמען אַן אַק־טיוון אָנטייל אין דעם אויפשטאַנד, דאַרף זיך פּאַסיוו גרייטן צו דעם טאָג. אָנגעלערנט פון דערפאַרונג אין די וואָכן פון דער באַלאַגערונג פון וואַרשע אין סעפּטעמבער 1939, ווען די הויפּשטאָט איז אַ חודש צײַט געווען אָן לעבנסמיטלען, האָבן די פּאָליאַקן דאָס מאָל זיך צוגעגרייט לאַנג צו זיצן אין די קעלערן, ביז וואַרשע וועט באַפרײַט ווערן פון די נאַציס און אויך אויף שפּעטער ווען די סאָוויעטישע אַרמיי וועט פאַרנעמען וואַרשע און קיין שפּע וועט דעמאָלט מסתמא נישט הערשן.

זענען אין די קעלערן פון די הײַזער צוגעגרייט געוואָרן שפּײַזן פון אַלע סאָרטן — רויע און קאָנסערווירטע, געדרויבערטע פליישן און בראָנפן, און ליקערן פון אַלע מעגלעכע סאָרטן. אויסער שפּײַז־אַרטיקלען האָבן די פּאָליאַקן אַראָפּגעטראָגן אין די קעלערן

צווישן די פאַרשיידענע גראַטעס אויפן בוידעם האָב איך געפונען אַ בלעכענע כּלי, האָב איך זי אָנגעפילט מיט ספּירט און געוויקט מײַן פוס. דער ווייטאָג איז געווען גרויס, אָבער ווען איך וואָלט געווען מסוגל וואָלט איך געטאַנצט פון פרייד. אָן דעם נס וואָלט איך אָן שום צווייפל געווען אַ פאַרפאַלענער: אַ ייד צווישן צוויי פײַנטלעכע כּוחות — נאַציס און פּאָליאַקן, כאָטש ביידע, די נאַציס און פּאָליאַקן האָבן זיך פײַנט בתכלית השנאה. דערצו דראָעט מיר אַן אינפעקציע וואָס מיינט איך זאָל נישט קענען זיך באַוועגן אין אַ צײַט ווען די רעטונג איז אָפּהענגיק פון באַוועגלעכקייט. האָב איך דעם ווייטאָג אָנגענומען באהבה: איך בין פאַרזיכערט קעגן אַן אינפעקציע. דאָס האָט מיר געגעבן מוט צו נעמען זיך צו פּראַקטישע ענינים.

דאָרט ווו איך האָב געפונען איין בלעכענע כּלי, האָב איך געפונען נאָך צוויי אַזעלכע באַנקעס און אַ שעפער. האָב איך די בלעכן אָנגעפילט מיט ספּירט און זיי פאַרשטעקט אונטער דעם אָנגעוואָרפענעם געהילץ, ווי איך וואָלט באַהאַלטן אַן אוצר. אַז איך האָב שוין געהאַט מײַנס באַהאַלטן, האָב איך געמאַכט אַ חשבון, אַז אין דעם גאָנשער זענען געבליבן אַ צוויי הונדערט ליטער ספּירט, מיט וועלכן עס איז גענוג איבערצוקויפן אַ וועלט!

כּדי זיך אײַנצוקויפן אין צוטרוי בײַ די פּאָליאַקן וואָס זענען געווען מיט מיר, האָב איך געלאָזט פאַלן אַ וואָרט, אַז איך האָב געפונען אַ פאַרמעגן מיט ספּירט. ווען איך וואָלט זיי אָנגעזאָגט די בשׂורה אַז דער פוילישער משיח איז געקומען, וואָלטן זיי זיך אַזוי נישט געפרייט ווי זיי האָבן זיך געפרייט מיט דער בשורה, אַז איך האָב געפונען ספּירט. ערשטנס האָט מען צום ספּירט צוגעגאָסן וואַסער אוז פון אים געמאַכט בראָנפן, כּדי צו דערפרייען דאָס האַרץ אין אַזאַ שווערער צײַט. צווייטנס האָט דער ספּירט אונדז גוט געדינט ווי ברענשטאָף אויפצוזודן וואַסער אויף טיי, צו קאָכן זופּן פון קאָמפּאַקטע זופּן־פּרעפּאַראַטן און אַנדערע מאכלים, וואָס די פּרויען האָבן צוגעטראַכט, אויב נאָר זיי האָבן געהאַט מיט זיך די געהעריקע פּראָדוקטן.

דאַך, און די מענער זענען אַרײַנגעקראָכן אין די גרױסע קאַנאַלן פֿון דעם קלימאַטיזירונג־סיסטעם פֿון דער פֿאַבריק. מיר זענען געװען עטלעבע און צװאַנציק מענער און פֿאַר אַזאַ גרױסער צאָל מענטשן איז געװען שװער אַרײַנצושטופּן זיך אין די קאַנאַלן, אַפֿילו װען זײ זענען אין דיאַמעטער גענוג גרױסע. אָבער נױט צװינגט צו דערגרײכן כּמעט דאָס אוממעגלעכע.

װען אַנדערע האָבן זיך אַרײַנגעשטופּט אין די בעטאָנענע קאַנאַלן האָב איך אױפֿן בוידעם פֿון דער פֿאַרמאַצעװטישער פֿאַבריק געזוכט אַ מיטל װי אַזױ צו ראַטעװען מײַן פֿוס, װאָס האָט נישט אױפֿגעהערט צו בלוטיקן און מיר פֿאַרשאַפֿט געװאַלדיקע װײטאָגן. עס איז דאָך אוממעגלעך, האָב איך געטראַכט, אַז אין אַ פֿאַבריק פֿון פֿאַרמאַצעװטישע פּרעפּאַראַטן זאָל זיך נישט געפֿינען אַ װעלכס עס איז מיטל, װאָס זאָל דינען װי אַן אַנטיסעפּטיק, אַפֿילו װען די פֿאַבריק האָט אױפֿגעהערט אַרבעטן; אַפֿילו װען דער אונטערשטער טײל איז פֿאַרבו־ענט געװאָרן.

דאָס מזל האָט מיר צוגעשפּילט: צופֿעליק האָב איך אין אַ גע־װיסן פּלאַץ אַנטדעקט אַ ריזיקן גאָנשער אין אַ געפּלאָכטענעם קויש און גרױסע פֿלעשער. טײל פֿון זײ זענען געװען לײַכטע — אַ סימן אַז זײ זענען לײדיקע, און אַ טײל זענען געװען זײער שװערע — אַ סימן אַז זײ זענען פֿולע? פֿולע מיט װאָס? דאָס זענען זיכער פֿליסיקע כעמיקאַליען און צװישן זײ קענען זיך געפֿינען אַזעלכע, װאָס זאָלן מיר דינען װי אַ דיזינפֿעקציע־מיטל.

איך האָב נישט געמאַכט קײן טעות: איך האָב אױפֿגעריסן דעם מיט װאַקס־פֿאַרחתמעטן קאָרעק פֿון אַ גאָנשער און דערפֿילט אַלקאָהאָל. איך האָב אַרײַנגעשטעקט די האַנט אינעם האַלדז פֿונעם גאָנשער און זיך גלײַך איבערצײַגט, אַז נישט נאָר האָב איך אַנטדעקט אַ מטמון מיט אַלקאָהאָל, נאָר אַז דער אַלקאָהאָל איז רײנער ספּירט.

איך האָב געקענט דעם סאָרט גאָנשערס אין געפּלאָכטענע קוישן, װי אַ ריזיק גלעזערן פֿעסל, און באַלד אָפּגעשאַצט, אַז איך האָב פֿאַר זיך אַ כּלי מיט אַ דרײַ הונדערט ליטער ספּירט. צי קען זײַן אַ גרעסערער נס אָפּצוראַטעװען מײַן פֿאַרװונדעטן פֿוס?

איז געווען נישט פון די לײַכטע זאַכן, ווײַל די לענג פונעם טשוואָק איז געווען עטלעכע צענטימעטער און ער איז געזעסן טיף אין מײַן לײַב. איך האָב נישט געהאַט קיין שום מכשיר, ווי אַ צווענגל אָדער אַ פינצעט, איך זאָל דעם קאָפּ פון דעם טשוואָק קענען אָנכאַפּן. איך האָב אָבער געפילט אַז איך מוז דעם טשוואָק אַרויסבאַקומען פון מײַן פוס, איך זאָל נישט באַקומען קיין אינפעקציע. קיין נײַעם טשוואָק האָט דאָך דאָ קיינער פאַר מיר נישט צוגעגרייט און דער וואָס זיצט אין מײַן פוס האָט אַ ברירה צו זײַן אַ פאַרזשאַווערטער טשוואָק, וואָס איז גרייט מיך אַוועקצוהרגענען.

עס איז מיר לסוף געלונגען. איך האָב דעם טשוואָק אַרויסגעצויגן בײַ געוואַלטיקע ווייטאָגן, איך האָב אָבער געפילט אַז נאָך דעם אַרויסגעשלעפּטן טשוואָק שטראָמט בלוט. מײַנע פינגער זענען מיר געוואָרן קלעפּיק, אַ סימן, אַז דער בלוט־אָפּפלוס איז אַן ערנסטער און איך האָב נישט קיין מיטלען מיט וועלכע איך זאָל קענען פאַרהאַלטן דאָס בלוט. איך האָב אויך נישט קיין באַנדאַזש. האָב איך לסוף אַראָפּגעריסן פון מײַן לײַב דאָס העמד און מיט דעם העמד אַרומגעוויקלט דעם פוס. דער שטאַרקער ווייטאָג האָט כסדר אָנגעהאַלטן, קיין אַנטיסעפּטיש מיטל צו דער ווונד האָב איך נישט געהאַט, האָב איך זיך געטרייסט אַז ס'איז מעגלעך, אַז דער בלוט־אָפּפלוס וועט פאַרמײַדן די אינפעקציע.

דער אונטערשטער טייל פון דער "קלאַוואַ"־פאַבריק איז געווען פולשטענדיק פאַרברענט. פון דעם וואָס די צעמענטענע טרעפּ צום העכערן שטאָק האָבן זיך געקרישלט, האָב איך פאַרשטאַנען, אַז דאָ האָט געפלאַקערט אַ שריפה וואָס איז אײַנגעלאָשן געוואָרן פון דער מענגע וואַסער, וואָס האָט געפלייצט פון די געפּלאַצטע, אָדער אויפגעריסענע רערן. האָבן מיר זיך מיט שוועריקייטן אַרויפבאַקומען אויף די העכערע שטאָקן דורך די שינעס לענגאויס די טרעפּ.

מיר האָבן דערגרייכט דעם בוידעם. דאָ האָבן מיר געפונען פלאַץ באַזונדער פאַר די פרויען און באַזונדער פאַר די מענער. די פרויען האָבן געפונען אַ מקום מנוחה אונטער דער שיפּוע פונעם

הינטער דער הרוביעשאָווסקאַ גאַס האָט זיך געפֿונען אַ פֿאַבריק פֿון פֿאַרמאַצעווטישע פּרעפּאַראַטן פֿון דער פֿירמע "קלאַווע". האָב איך באַשלאָסן צוריקגיין און זען וואָס עס איז געשען מיט דער פֿאַבריק־געבײַדע, צי אויך זי איז אונטערגעצונדן געוואָרן, אָדער זי איז געבליבן אַ גאַנצע. דער שטח פֿון דער פֿאַבריק איז געלעגן אין פֿינצטערניש. דער אָפּשײַן פֿון די פֿלאַמען פֿון דער ווײַטנס איז אַהער נישט דערגאַנגען. איך האָב דאָ אויך נישט באַמערקט קיין צייכן, אַז אין דער סבֿיבֿה געפֿינען זיך דײַטשן. וואָס איך האָב יאָ באַמערקט איז דאָס, אַז דער פֿאַבריק־בנין שטייט אין וואַסער אויף אַ וועלכן מעטער טיף. זעט אויס, אַז די וואַסער־רערן אין דער סבֿיבֿה האָבן געפּלאַצט, אָדער זיי זענען אויפֿגעריסן געוואָרן און דאָס וואַסער פֿאַרפֿלייצט די פֿאַבריק. האָב איך גלײַך באַשלאָסן, אַז דער פֿאַרפֿלייצטער בנין קען דינען ווי אַ גוטע באַהעלטעניש. איך האָב צוריקגעקערט צו דער גרופּע מיט פֿרויען און קינדער און געזאָגט:

"איך האָב אויסגעפֿונען אַ גוטן פּלאַץ צו באַהאַלטן זיך פֿון די שוואָבן. קומט מיט מיר".

די מענער זענען נאָך געווען שיכּור ווי לוט און זיי און זייערע ווײַבער און קינדער האָבן אויסגעפֿאָלגט וואָס איך האָב געזאָגט. נעבן דעם טיפֿן וואַסער אַרום דעם בנין האָב איך אויסגעטאָן מײַנע שטיוול און גענומען מײַן פֿרוי אויף די פּלייצעס, ווײַל זי איז געווען פֿון נידעריקן וווקס, און זי דורכגעטראָגן בראָדזשענדיק ביז אין דער העלפֿט פֿון מײַן קערפּער אין דעם וואַסער, אַ מרחק פֿון אַן ערך פֿינף מעטער. אַנדערע האָבן געטאָן דאָס זעלבע.

גייענדיק אין דעם וואַסער באָרוועס האָב איך דערפֿילט, אַז איך האָב אָנגעטרעטן אויף דעם שפּיץ פֿון אַ שאַרפֿן טשוואָק, וואָס איז מיר גלײַך אין גאַנצן אַרײַן אין מײַן פֿוס. דער ווייטאָג איז געווען אין לשער. בלויז מיטן כּוח פֿון דעם אימפּעט האָב איך זיך באַוויזן ווײַטער און נישט געפֿאַלן אין וואַסער.

אַדורכגעגאַנגען דאָס וואַסער, האָב איך פֿון מײַנע פּלייצעס אַראָפּגעלאָזט מײַן פֿרוי און מיט כּוח אַרויסגעצויגן דעם טשוואָק פֿון מײַן פֿוס. עס זאָגט זיך "מיט כּוח אַרויסגעשלעפּט דעם טשוואָק". עס

נאַציס האָבן באַלאַגערט דאָס הויז, קען געשען, אַז די נאַציס זאָלן ווערן אויפמערקזאַם דערויף, אַז איין פליגל פון דעם אונטערגעצונדענעם הויז ברענט נישט און עס קען זיי זיך פאַרגלוסטן צוריקקומען און פאַרענדיקן זייער אַרבעט, און ביַי דער געלעגנהייט פאַרכאַפּן און אויסשיסן אונדז ביז איינעם. פון מײַנע ווערטער האָט טשערוויעץ גליַיך זיך אויסגעניכטערט און אָנגעהויבן זיך צוזאַמענרעדן מיט אַנדערע שכנים, מיר זאָלן פאַרלאָזן דאָס ברענענדיקע הויז און זוכן אַ זיכערן פּלאַץ.

אַזוי ווי עס האָט שוין געהאַט צוגעפאַלן דער אָוונט, איז מײַן עצה געווען, מיר זאָלן אויסגעפינען דעם שטח, וואָס טיילט אָפּ צווישן די נאַציס און די פּוילישע אויפשטענדלער און פּרוּוון זיך אָנשליסן צו די פּאָליאַקן. דער פּלאַן איז געווען אַ גוטער. לויט דעם זייגער איז טאַקע געווען אָוונט, אָבער האַלב וואַרשע איז געשטאַנען אין פלאַמען און דאָס ליכט פון די פלאַמען איז געפאַלן אַ מאָל שטאַרקער און אַ מאָל שוואַכער. זענען מיר, די גאַנצע גרופּע פון עטלעכע פערציק פּערזאָן, געגאַנגען פאָרויס זיך ריכטנדיק מיטן אינסטינקט. דאָס מאָל האָט אונדזער אינסטינקט פולשטענדיק אַנטוישט, וואָרום אין אַ געוויסן מאָמענט האָבן די נאַציס געעפנט אַנטקעגן אונדז אַ שיסעריי און צוויי מענער פון די, וועלכע זענען געגאַנגען פאָרויס זענען געפאַלן טויט. אין בהלה האָבן מיר אָנגעהויבן לויפן צוריק, און מיר זענען דאָך געלאָפן אין דעם שטח, וואָס איז געווען באַהערשט פון די נאַציס, און פאַר וועלן זיך אַרויסבאַקומען פון זייער קלעם זענען געפאַלן די צוויי מענער.

דער מצבֿ איז מיר געווען זייער נישט סימפּאַטיש. האַלטן זיך מיט פרויען און קינדער, בעת מיר דריַי, מײַן פרוי, מײַן שוועגערין און איך, זענען יידן אויף פאַלשע אַרישע דאָקומענטן, איז צו ריזיקאַליש. אויב די דיַיטשן האָבן געשאָסן אויף דער גרופּע און טויט געלייגט צוויי, איז עס אַ סימן, אַז זיי וועלן פאַרפאָלגן די איבעריקע, וויַיל די גרופּע געפינט זיך אין דעם שטח וואָס איז באַזעצט דורך זיי. פאַר מיר איז עס געווען אַ וואָרנונג אַז איך מוז גליַיך זוכן אַ באַהעלטעניש ביז דער מצבֿ וועט קלאָר ווערן.

פיר פליגלען, אויף דעם שטייגער ווי עס זענען געווען געבויט די הײַזער אין וואַרשע. די נאַציס האָבן אונטערגעצונדן אַלע פיר פליגלען, אָבער געברענט האָבן בלויז דרײַ. און דאָס איז געווען אונדזער מזל צו בלײַבן לעבן.

אין דעם נישט־ברענענדיקן פליגל פון דעם גרויסן הויז האָבן זיך פאַרזאַמלט די אײַנוווינער, וואָס האָבן בעת דער באַלאַגערונג פון די נאַציס באַוויזן זיך אויסצובאַהאַלטן. צווישן זיי איז אויך געווען אונדזער באַלעבאָס באָלעסלאַוו טשערוויעץ און דער געהיימאַגענט, וואָס האָט זיך פאַרשטעקט צוזאַמען מיט אונדז הינטער דער דאָפּלטער וואַנט. אין אָט דעם נישט ברענענדיקן פליגל פונעם הויז האָבן אַלע מענער שוין באַוויזן אין דער קורצער צײַט צו ווערן טויט־שיכּור און צוזאַמען מיט זיי אויך אונדזער באַלעבאָס.

אין שכנות פון דעם הויז, אין וועלכן מיר האָבן זיך געפונען, איז געווען אַ פאַבריק פון קאָניאַק. דערזעענדיק מיך אין דער טונקלקייט, איז עמעצער געלאָפן און געבראַכט אַ פלאַש קאָניאַק, אָנגעגאָסן פאַר מיר אַ פולע גלאָז און איך האָב אויפן פוילישן שטייגער אויסגערופן: "פאַרן געזונט!" און אַרײַנגעגאָסן אין זיך די גלאָז קאָניאַק.

דאָ דאַרף באַמערקט ווערן, אַז לעבנדיק בײַ דער פאַמיליע טשערוויעץ כּמעט צוויי יאָר, האָב איך, כּדי אויסצובעסערן מײַן פויליש לשון אויסגעלייענט אַ מאַסע פוילישע ביכער, זיך פאַראייגנט אַלע פאָלקסטימלעכע באַזונדערקייטן אינעם פוילישן לשון און אַפילו אויך ניבול־פּה און זידל־ווערטער. צווישן די וואָס זענען געווען פאַרזאַמלט אין דעם נישט ברענענדיקן פליגל פון דעם הויז נומער 8 — עטלעכע פערציק פערזאָן מיט פרויען און קינדער — בין איך, וואָס שײַך דער פוילישער שפּראַך, געווען איינער צווישן אייגענע, אַ פּאָליאַק, וואָס האָט געקענט אַרײַנזאָגן אין טאַטנס טאַטן אַרײַן נישט ערגער פון יעדן פרימיטיוון פּאָליאַק צי גאַסניינג. צוקוקנדיק זיך צום דעם שיכּורן געזינדל, האָב איך זיך דערנעענטערט צו טשערוויעצן און אים אײַנגערוימט אין אויער, אַז אונדזער פּלאַץ איז נישט דאָ ווו מיר געפינען זיך. מיר זענען דאָך אַלע געווען אויסבאַהאַלטן ווען די

אָנגעוואָרפן די באַלאַגערונג פון הויף און דער "וויזיט" פון די נאַציס אַזוי נאָענט צו אונדזער באַהעלטעניש. זענען מיר פּשוט געבליבן ליגן אין דעם שמאָלן חלל צווישן די צוויי ווענט, מיר זאָלן ביסלעכווײַז קומען צו זיך.

דערווײַל איז צוגעפאַלן דער אָוונט. עס איז געווען גוט צו פילן אַז עס ווערט נאַכט און אַז מיר זענען נצול געוואָרן פון די נאַצישע נעגל. פּלוצים האָבן מיר זיך אין אונדזער באַהעלטעניש אָנגעהויבן שטיקן. דורך דעם ברייט־געעפנטן שיבער האָט זיך אין אונדזער באַהעלטעניש אַרײַנגעשפּאַרט אַ ביטערער רויך. מיר האָבן זיך אַרויסגעריטשט פון דער באַהעלטעניש און זיך געפונען אין אַ געדיכטן שטיקנדיקן רויך. דער רויך האָט אויסגעפילט די גאַנצע וווינונג. ער האָט אַרײַנגעשפּאַרט דורך די אָפענע פענצטער. מיר האָבן באַשלאָסן צו פאַרלאָזן די דירה, אָבער באַלד איז פאַר אונדז קלאָר געוואָרן, אַז מיר האָבן באַשלאָסן אָן צו וויסן אין וואָס פאַר אַ מצבֿ מיר האָבן זיך געפונען און דערווירקלעכקייט.

אונדזער דירה האָט זיך געפונען אויפן פערטן שטאָק. באַלד בײַם ערשטן פּרווו אַראָפּצוגיין פון די פיר שטאָק שטיגן האָבן מיר זיך איבערצײַגט, אַז מיר זענען אַרומגענומען דורך אַ שריפה. מיר האָבן געהערט דאָס קנאַקן פון פלאַמען און דורך דעם געדיכטן רויך האָבן זיך דורכגעריסן רויטע שריפה־צינגער.

איידער דאָס אַלץ איז זיך פאַרלאָפן, האָט מסתמא די פרוי טשערוויעץ געבאָדן איר אייניקל אין אַ באַליע וואַסער. נאָך דעם ווי זי האָט פאַרלאָזט די דירה אויף דעם באַפעל פון די נאַציס, איז די באַליע וואַסער געבליבן. אין דער פינצטער האָב איך פון דעסטוועגן זיך שנעל אָריענטירט: איך האָב פון די בעטן געכאַפּט די וואָלענע דעקן, זיי אײַנגעטונקען אין דער באַליע וואַסער און מיט די דעקן אַרומגעוויקלט די קעפּ פון די צוויי פרויען. דאָס זעלבע האָב איך געטאָן מיט זיך גופא. האַלטנדיק זיך בײַ די הענט זענען מיר אויף דעם אופן אַראָפּ פון די טרעפּ צווישן די וואָלקנס רויך און פלאַמען.

דאָס האָבן די נאַציס, נאָך דעם ווי זיי האָבן אַרויסגעפירט די אײַנוווינער, אונטערגעצונדן דאָס הויז. דאָס הויז איז באַשטאַנען פון

האָט גענומען אין אירע אָרעמס איר פּיצל אייניקל און אַראָפּ אין הויף, כּדי אויסצופּאָלגן דעם באַפעל פון די נאַציס.

בעת דאָס הויז איז באַלאַגערט געוואָרן, האָבן זיך אין אונדזער דירה געפונען, אויסער אונדז דרייַ — מייַן פרוי, שוועגערין און איך — דער באַלעבאָס טשערוויעץ און אויך אַ שכן, וואָס איז געווען אַ געהיימאַגענט אין דער פּאָליציי. נישט מיר און נישט זיי האָבן געהאַט בדעה אַראָפּצוגיין אין הויף און אַרייַנפאַלן אין די הענט פון די נאַציס. דעריבער זענען מיר אַלע פינף אַרייַנגעקראָכן אין דער באַהעלטעניש הינטער דער דאָפּלטער וואַנט און אַראָפּגעלאָזט דעם שיבער. איצט האָט דאָס קאַרגע ביסל לופט צווישן די ווענט געמוזט סטייַען פאַר פינף. באַלד האָבן מיר געהערט דאָס קלאַפּן אין דער טיר און דאָס אויפרייַסן זי, און דעם אָפּהילך פון באַשטיוולטע טריט. די שווערע טריט האָבן זיך דאָ דערנעענטערט און דאָ דערווייַטערט און באַלד ווידער זיך איבערגעחזרט נאָענט צו אונדזער וואַנט. אייַנ־האַלטן דעם אָטעם אין אַ רוים אָן לופט, ווי מיר האָבן געמוזט אייַנהאַלטן אונדזערע אָטעמס, איז אַ פּייַן וואָס איז, דאַכט זיך, נאָך נישט באַשריבן געוואָרן. אויפן זייגער האָבן די באַשטיוולטע טריט נישט לאַנג געדויערט; פאַר אונדז, פון יענער זייַט דאָפּלטע וואַנט, איז עס געווען אַן אייביקייט. אין אַ געוויסן מאָמענט האָבן זיך די טריט אָפּגעשטעלט און אַ מענערישע שטים האָט געמאָלדן: ״דאָ איז קיינער נישטאָ״. אונדזער שפּאַנונג האָט נאָכגעלאָזט, אָבער אויסדריקן די דערלייַכטערונג דורך אַ טיפערן אָטעם האָבן מיר נישט געטאַרט.

הגם עס איז געוואָרן פולשטענדיק שטיל, וואָס איז געווען אַ סימן, אַז די נאַציס זענען אַוועק, זענען מיר אין דער באַהעלטעניש נאָך געבליבן מער ווי אַ שעה צייַט, אָבער מיט דעם אָפּגעדעקטן שיבער, מיר זאָלן אין אונדזער באַהעלטעניש אַרייַנבאַקומען אַ ביסל לופט צו עטעמען. שפּעטער זענען טשערוויעץ און דער געהיימאַגענט אַרויס פון דער באַהעלטעניש און אַראָפּגעגאַנגען אין הויף. דערקעגן מיר, מייַן פרוי, שוועגערין און איך, זענען נאָך אַלץ געווען געליימט פון דער שרעק, וואָס עס האָט אויף אונדז

ס'איז זיכער נישט געווען קיין סוד פֿאַר דער סאָוויעטישער אָנפירערשאַפט, אַז די אַרמיאַ קראַיאָוואַ האָט פּײַנט די דײַטשן נישט ווייניקער ווי זי האַסט די רוסן.

אַזוי איז ווירקלעך געשען: דעם 1טן אויגוסט 1944 איז אויסגעבראָכן דער פּוילישער אויפשטאַנד און ער איז באַלד אין זײַן ערשטן טאָג געווען אַ בלוטיקער אין אַזאַ פֿאַרנעם, אַז די פּאָליאַקן זענען דערשיטערט געוואָרן. אַ גרויסן טייל פֿון דעם כּוח וואָס די נאַציס האָבן צוגעגרייט צו פֿאַרטיידיקן וואַרשע, האָבן זיי געוואָרפֿן קעגן די פּוילישע אויפשטענדלער און זיי אויסגעקוילעט מאַסנווײַז.

די באַריכטן, וואָס זענען צו אונדז דערגאַנגען, האָבן דערציילט. אַז די וואַרשעווער גאַסן זענען רויט פֿון דעם בלוט פֿון די פּוילישע קעמפֿער און אויך פֿון די דײַטשן. אין דעם ערשטן טאָג פֿונעם אויפשטאַנד איז אויך געהרגעט געוואָרן האַלינקאַ, די טאָכטער פֿון די טשערוויעצס. זי האָט געאײַלט צו אירע עלטערן אויף הרוביעשאָווסקע גאַס, ווו ס'האָט זיך געפֿונען איר פּיצל קינד. אויפֿן וועג איז זי געפֿאַלן פֿון אַ נאַצישער קויל. די בשורה, אַז די טאָכטער איז דערשאָסן געוואָרן פֿון די דײַטשן האָט געבראַכט אַ שליח פֿון די אויפשטענדלער.

אָט דער טראַגישער פֿאַל, דער טויט פֿון האַלינקאַ, די זאָרגן פֿון זיידע־באָבע פֿאַר דעם עופֿעלע אין די געשאַפֿענע באַדינגונגען, האָט געמאַכט אַן איבערקערעניש אין דעם רוטינעם לעבן פֿון דער פֿאַמיליע טשערוויעץ. נאַטירלעך איז די נײַע לאַגע נישט געבליבן אָן השפּעה אויף אונדז, אויסבאַהאַלטענע.

מיט עטלעכע טעג שפּעטער איז דער הויף פֿון דעם הויז נומער 8, אין וועלכן מיר האָבן געלעבט, באַלאַגערט געוואָרן פֿון נאַציס. מיט געשרייען און ריטשערײַען האָבן זיי אויפגעפֿאָדערט, אַז אַלע אײַנוווינער אין דעם הויז זאָלן מיט קינד און קייט פֿאַרלאָזן זייערע דירות און זיך אײַנזאַמלען אין הויף. ווער עס וועט נישט אויספֿאָלגן דעם באַפֿעל און ער וועט געפֿונען ווערן אין וועלכן עס איז אַ פּלאַץ, וועט דערשאָסן ווערן. אונדזער באַלעבאָסטע, פּרוי טשערוויעץ,

יידן פון סאָקאָלאָוו און פון אַלע שטעט און שטעטלעך אין דעם ראַיאָן, ביז דעם 1טן אויגוסט 1944.

דער אַלגעמיינער פּאָליטישער און מלחמה־מצבֿ איז דעמאָלט געווען אַן אָנגעשטרענגטער: די סאָוויעטישע אַרמיי איז געגאַנגען פֿאָרויס כּמעט אומגעשטערט, און פּאָליאַקן האָבן געהאָפֿט, אַז באַלד וועט זיך אָנהייבן די אָפּענסיווע אויף וואַרשע און די פּוילישע אונטערערדישע לאַנד־אַרמיי — אַ. קאַ. — וועט מאַכן אַן אויפֿשטאַנד קעגן די נאַציס און אַזוי אַרום נאָך מער באַשווערן די לאַגע פֿון די דײַטשע אָפּטרעטנדיקע כּוחות.

דער גענעראַל־שטאַב פֿון דער סאָוויעטישער אַרמיי איז נישט אַנטקעגנגעקומען דעם ווונטש פֿון דעם שטאַב פֿון דער אונטערערדישער פּוילישער לאַנד־אַרמיי. ער האָט געהאַט זײַן אייגענע פּאָליטיק און צילן: די רויטע אַרמיי האָט באַזעצט פּראַגע, אַ פֿאָרשטאָט פֿון וואַרשע, און געבליבן שטיין בײַם ברעג פֿון דער ווײַסל, כּדי די פּאָליאַקן און די נאַציס זאָלן זיך קאָכן אין זייער אייגענעם סאָוס און זיך קעגנזײַטיק אויסבלוטיקן. דאָס איז געשען נישט געקוקט דערויף וואָס צוזאַמען מיט דער רויטער אַרמיי איז פֿון יענער זײַט ווײַסל געשטאַנען אויך די פּוילישע אַרמיי, וואָס איז געשאַפֿן געוואָרן אין סאָוויעט־רוסלאַנד און זי האָט אָנטיילגענומען אין די קאַמפֿן אָפּצורייניקן פּוילן פֿון די נאַציס.

פֿון דעם וואָס איך האָב געהערט אין הויז פֿון די טשערוויעצס, זאָל די פּאָליטיק פֿון דער רויטער אַרמיי צו פֿאַרהאַלטן זיך אויף אַ צײַט אויפֿן ברעג פֿון דער ווײַסל, האָבן געווען אַ פּאָליטישע און סטראַטעגישע: די דײַטשן האָבן אין וואַרשע אײַנגעזאַמלט ריזיקע כּוחות, כּדי אָפּצוהאַלטן דעם סאָוויעטישן אָנגריף אויף דער פּוילישער הויפּט־שטאָט. פֿילנדיק דעם כּוח פֿון דער סאָוויעטישער אַרמיי פֿון יענער זײַט ווײַסל, וועלן די פּאָליאַקן אויפֿשטיין קעגן די נאַציס. פֿון איין זײַט וועט דער פּוילישער אויפֿשטאַנד אָנגאַזשירן גרויסע נאַצישע כּוחות און פֿון דער צווייטער זײַט וועלן די נאַציס אויסהרגענען וואָס מער יונגע פּאָליאַקן קעמפֿער אין דעם אויפֿשטאַנד, און אַזוי אַרום אָפּשוואַכן די פּוילישע רעאַקציע.

פלעגן געפּראַוועט ווערן אין די זונטאָק־טעג. העניעק, וואָס האָט, ווי געזאָגט, געהערט צו דער פּוילישער אונטערערדישער לאַנד־אַרמיי, האָט צו די פאַרווײַלונגען פאַרבעטן זײַנע פרײַנד און חבֿרים מיט זייערע מיידלעך. בײַ דער מוזיק פון אַ פּאַטעפאָן האָבן די יונגטלעכע געטאַנצט רוישיקע טענץ, און כדי די גאַס — עס הייסט פאַרבייגייענדיקע געסטאַפּאָ־ אָדער זשאַנדאַרן־פּאַטראָלן זאָלן הערן, אַז אויף אַן אויבערשטן שטאָק אין דעם הויז נומער 8 פאַרווײַלט זיך אַ פרײַלעכע פּוילישע יוגנט — זענען צעעפנט געוואָרן די פענצטער. די רוישיקע מוזיק האָט עדות־געזאָגט, אַז דאָרט אויבן טראַכט נישט די פּוילישע יוגנט וועגן סאַבאָטירן די נאַצישע מאַכט; זי טראַכט נישט וועגן בונט קעגן דער אָקופּאַציע, נאָר "זי" מאַכט אַ לעבן" צו דער צופרידנקייט פון דעם דריטן רײַך.

הגם די פאַרווײַלונגען האָבן גוט געדינט אונדזער זיכערקייט, האָבן זיי אונדז קיין געזונט נישט צוגעגעבן. מיר זענען געווען אויף גרויסע צרות. עס איז אַ שווערע פּײַן צו ליגן אין דער פינצטער אָן יעדער באַוועגונג, כדי נישט צו פאַרראַטן זיך, עטעמען אַ לופט אָן זויערשטאָף און דאָך זיך באַהערשן נישט צו הוסטן. דאָס איז אַ פּײַן וואָס איז אוממעגלעך צו באַשרײַבן.

נאָך אַזאַ זונטאָגדיקער פאַרווײַלונג זענען מיר אַרויס פון אונדזער נאָרע פאַרפּײַניקטע און מיט אַ געפיל ווי מיר וואָלטן וועלן אַרײַנעטעמען אין זיך די לופט פון דער גאַנצער וועלט. דערפאַר אָבער איז אונדזער אַלגעמיין געפיל פון זיכערקייט געווען שטאַרקער. אונדזערע באַלעבאַטים, די טשערוויעצס, זענען געווען צופרידן פון זייער זונס געניאַלן אײַנפאַל מיט די טענץ אין די זונטאָגס.

* * *

אין אָט אַזעלכע באַדינגונגען האָבן מיר געלעבט זײַט נישט לאַנג נאָך יום־כּפּור פונעם יאָר 1942, נאָך דער "אויסזידלונג" פון די

ווען אַ שכנותדיק הויז, צי דאָס הויז נומער 8, ווו מיר האָבן געוווינט איז באַפאַלן געוואָרן פון נאַציס. אין אַזעלכע פאַלן האָבן מיר, די דרייַ ״פּאָליאַקן־קאַטאָליקן״ געעפנט דער שיבער, זיך אַרייַנגעריטשט אין דער באַהעלטעניש; דער לעצטער האָט מיט אַן אויסגעשטרעקטער האַנט צוגערוקט דאָס אייַזערנע בעטל און דער שיבער האָט זיך אַליין אַראָפּגעלאָזט. מיר זענען געווען פולשטענדיק זיכער. אַז קיינעם וועט נישט אייַנפאַלן אַז פון יענער זייַט וואַנט ליגן מענטשן.

ס׳איז אָבער געווען אַן אַנדער צרה, וואָס קיינער פון אונדז האָט נישט געקענט פאָראויסזעען, אַפילו נישט דעם בוי־אינזשינער. דער חלל צווישןביידע ווענט איז געווען זייער אַ שמאָלער, מען האָט געקענט אין אים זיצן אָדער ליגן אין זייַן לענג, אָבער מאַכן אַ באַוועגונג איז געווען אוממעגלעך. אויסער דעם איז צווישן ביידע ווענט נישט געווען — נישט קיין פענצטער און נישט קיין לופט־רער אויף אויסן. די מענטשן אויף דעם שמאָלן שטח האָבן שנעל געפּטרט דאָס ביסל זויערשטאָף פון דער אָפּגעשלאָסענער לופט און עס איז נישט געווען מיט וואָס צו עטעמען. ווי דער שטייגער, אַז ס׳איז נישטאָ קיין לופט צו עטעמען הייבט מען אָן זיך צו שטיקן. דאָס שטיקעניש צווינגט צו הוסטן און הוסטן איז אַ גרויס אומגליק. מעג די וואַנט זייַן דאָפּלט דיק, וועט דער אָפּהילך פון הוסטן פון דרייַ מענטשן דערגיין צו דער צווייטער זייַט פון דער וואַנט און דאַן זענען מיר פאַרראַטן. האָבן מיר געמאַכט איבונגען צו עטעמען געלאַסענער, נישט באַוועגן מיט קיין האַנט, צי מיט אַ פוס און אַזוי אַרום אייַנשפּאָרן דעם טייַערן זויערשטאָף. צו אונדזער גליק האָבן מיר נישט געהאַט קיין סך פאַלן מיר זאָלן דאַרפן, ווי די מייַז, זיך אַרייַנריטשן אין אונדזער פינצטערער נאָרע און דאָרט ליגן אַ לענגערע שעה.

כּדי צו פאַרשטאַרקן די זיכערקייט אין דער דירה פון דער פאַמיליע טשערוויעץ, זענען צוגעטראַכט געוואָרן פאַרווייַלונגען: די פאַרווייַלונגען האָט אייַנגעאָרדנט דער זון, העניעק טשערוויעץ. זיי

דיל, און אויב מען וועט בײַ דער וואַנט אַוועקשטעלן אַ בעטל, וועט אפילו קיינעם נישט אײַנפאַלן אַז הינטער דעם בעטל געפינט זיך אַ קלאַפּע.

דאָס בויען די דאָפּלטע וואַנט האָט געדויערט אַן אייביקייט. די אַרבעט האָט געמוזט זײַן אַ ריינע און ציכטיקע, מיר זאָלן מיט אונדזערע שיך נישט אַרויסטראָגן אויף די טרעפּ דעם מינדסטן צייכן, אַז בײַ די טשערוויעצס קומט פאָר אַ בוי־אונטערנעמונג. דעם אָפּפאַל פון די בוי־מאַטעריאַלן האָט מען געמוזט אַרויסטראָגן אויף דעם זעלבן שטייגער ווי די מאַטעריאַלן זענען געבראַכט געוואָרן — אין קוישלעך און אין טעקעס.

איך בין מסופק, צי די יידן אין גושן האָבן געאַרבעט אַזוי שווער בײַם קנעטן ציגל, ווי מיר האָבן געהאָרעוועט בײַם בויען די וואַנט. לייגן די ציגל איז נישט געווען באַזונדער שווער, אָבער די שוועריקייט האָט זיך אָנגעהויבן בײַם אויסטונקעווען אַזאַ דאָפּלטע וואַנט, זי זאָל זײַן גלאַטיק און גלײַך ווי אַלע ווענט אין דער דירה. אַנדערש וועט זי אַרויסרופן פאַרדאַכטן. טונקעווען אַ וואַנט פאָדערט פאַכמענישקייט און אײַנגעאיבטקייט און אפילו דעם בוי־אינזשינער איז אָנגעקומען מיט שוויס אַרויסצובאַקומען אַ שטיקל גלאַטיקע וואַנט. איך בין זיך מודה אַז איך האָב כמעט מיט דער צונג געלעקט דעם טינק, כדי אים אויסצוגלאַטיקן.

אײַנזאַמלען די בוי־מאַטעריאַלן ציגלווײַז און אין טאָרבעס האָט געדויערט אַ גאַנצן חודש. אַזוי לאַנג האָט אויך געדויערט דאָס בויען די וואַנט און זי אויסטינקעווען. די מי האָט געלוינט — ס׳איז פאַרטיק געוואָרן אַ וואַנט נאָר צום באַוווּנדערן. נאָכן אָפּקאַלכן זי און אָפּרייניקן יעדן סימן פון דער האָרעוואַניע, איז קיינער נישט געווען מסוגל צו דערקענען אַז אין דעם צימער איז עפּעס וואָס געענדערט געוואָרן.

בדרך כלל זענען מיר געזעסן אינעם לעצטן צימער און געגאָסן פון ליכט און לופט. די באַהעלטעניש צווישן די צוויי ווענט איז געווען באַשטימט פאַר אויסנאַמפאַלן — ווען דורך די פענצטער האָט זיך באַמערקט וועלכער עס איז אומרו אויף דער גאַס, אָדער

אָנשטעלן בוי־אַרבעטער. צי וועט דער אייגנטימער פון דער הויז דערלויבן בויען אין זיין הויז? צווייטנס, צי קען מען עמעצן פאַרטרויען אַזאַ מין אונטערנעמונג, וואָס וואָלט אונדז אַלעמען ״פאַרשיט״? אַז מען בויט אַ וואַנט אין אַ הויז, וואָס שטייט שוין צענדליקער יאָרן און אפשער מער פון הונדערט יאָר, איז שווער צו פאַרמיידן פלעקן פון דעם צעמענט און טינק זאָלן זיך נישט אַרויסבאַקומען אויף די טרעפּ. אַזעלכע מין פלעקן וואָלטן ביי די שכנים אַרויסגערופן פאַרדאַכטן. שכנים, ווי אַלע שכנים, זענען תמיד נייגעריק צו וויסן וואָס עס הערט זיך און טוט זיך איבער דער וואַנט. וואָס וועלן די טשערוויעצעס ענטפערן אויף פראַגן פון די שכנים צי אַפילו פון דעם הויז־אייגנטימער? און צום סוף: ווי לאָזט מען אַריין אין דער דירה פרעמדע בוי־אַרבעטער צו בויען אַ דאָפּלטע וואַנט?

אַזוי ווי דער איידעם פון דער משפחה, זיגמונט רייכער, איז אַ בוי־אינזשינער, איז מיר איינגעפאַלן פאָרצושלאָגן, אַז מיר וועלן אַליין בויען די וואַנט. און וואָס שייך ציגל, צעמענט, קאַלך און אַנדערע בוי־מאַטעריאַלן האָבן מיר באַשלאָסן צו ברענגען די מאַטעריאַלן ביסלעכווייז, אין קוישלעך און אין טעקעס.

האָבן אַלע פינף: טאַטע, מאַמע, זון, טאָכטער און איידעם אָנגעהויבן ברענגען ציגל און זאַמד און קאַלך ביסלעכווייז. צוויי ציגל, אַ טאָרבע זאַמד, אָדער אַ טאָרבע קאַלך, צי צעמענט. אַז מיר האָבן אין לעצטן צימער אָנגעזאַמלט גענוג בוי־מאַטעריאַל, האָבן מיר, די מענער, פאַרקאַטשעט די אַרבל און זיך געשטעלט צו דער אַרבעט: דער איידעם, דער בוי־אינזשינער, איז געווען אַ פליייסיקער און אַזוי אויך העניעק טשערוויעץ, דער זון. אַזוי ווי דאָס לעצטע צימער איז נישט געווען איבעריק גרויס, האָט דער שטח צווישן די צוויי ווענט געמוזט זיין אַ באַגרענעצטער, מען זאָל קענען ליגן בלויז אין דער לענג, פון דער וואַנט, דערקעגן אין דער טיף זאָל מען קענען זיצן מיט איינגעצויגענע פיס. דער בוי־אינזשינער האָט אויך צוגעטראַכט די דאָפּלטע וואַנט זאָל האָבן אַ קונציקע קלאַפּע, אַ סאָרט שיבער, וואָס זאָל פון זיך אַליין זיך אַראָפּלאָזן נידעריק צום

געווען אַ ליבעראַלער יונגערמאַן און אַ גוט־האַרציקער, ווי זײַנע עלטערן.

איך האָב כּסדר מורא געהאַט פאַר אומגעריכטע געסט פון די טשערוויעצס, וואָס וואָלטן מסתּמא געשטעלט פראַגן בנוגע די נײַע סובלאָקאַטאָרן, און דאָס וואָלט אונדז געשטעלט אין סכּנה. דאָס הויז אויף הרוביעשאָווסקאַ גאַס איז אַ גרויס הויז, מיט אַ סך אײַנוווינער. צי וועט אַ מאָל נישט אײַנפאַלן איינעם פון די שכנים אַרײַנצוקומען צו דער פאַמיליע טשערוויעץ, אונדז באַמערקן און זיך פאַראינטערעסירן ווער מיר זענען און וואָס מיר טוען אין דער דירה?

ווו צו באַהאַלטן זיך אין אַן עת־צרה איז אין די דירה נישט געווען. די דירה איז באַשטאַנען פון צוויי נאָרמאַלע צימערן, ווו אַלץ איז געווען אָפן. מיר, איך מיט די צוויי פרויען, וווינען אין דעם לעצטן צימער. דאָס פאַרמאַכן די טיר צום לעצטן צימער איז אַ קנאַפּע זיכערקייט. איז מיר אײַנגעפאַלן איבערצורעדן מיט מײַנע שכנים וועגן אויפבויען אין דעם לעצטן צימער אַ דאָפּלטע וואַנט.

מיט אונדזערע באַלעבאַטים זענען מיר שוין געווען אין די פרײַנדלעבסטע באַציונגען. טשערוויעץ האָב ליב געהאַט צו טרינקען און ער האָט געקענט טרינקען, און איך האָב געליפערט גענוג בראָנפן און אַנדערע גוטע זאַכן, בפרט איך האָב שוין געהאַט בײַ זיך מײַן פאַרמעגן:

דאָקטער פערלאָווסקי און דער סאַבניער פריץ, מאַניושקאָ, האָבן מיר געבראַכט אַלץ וואָס איך האָב געהאַט ביי זיי אײַ־בערגעלאָזט. אַז אונדזערע באַלעבאַטים האָבן געפילט אין שטוב אַ גרויס פאַרמעגן, איז דער צוטרוי פון דער פאַמיליע טשערוויעץ צו מײַן שׂכל און לאָגיק געווען אין לשער. האָבן זיי צוגעשטימט צו בויען אין דעם לעצטן צימער אַ דאָפּלטע וואַנט, וואָס וועט זײַן גוט פאַר אונדזער און פאַר זייער זיכערקייט. דאָס הויז אויף הרוביעשאָווסקאַ גאַס נומער 8 איז אַן אַלט הויז מיט אַ סך שכנים. בויען אַ נײַע וואַנט מיינט ברענגען ציגל, צעמענט, זאַמד, קאַלך און

האָט זיך די צײַט באמת פֿאַרצויגן מחמת דעם ווײַטערדיקן סכּנהדיקן אינצידענט: מײַן ווײַב מיט דער פֿרוי טשערוויעץ זענען אַרויס פֿונעם הויפּט־וואָגזאַל צו נעמען אַ דראָזשקע וואָס זאָל זיי פֿירן אויף דער הרוביעשאָווסקאַ גאַס. איינער פֿון די פּיאַקערס האָט אָנגעוויזן אויף ביידע פֿרויען, אויך אויף פֿרוי טשערוויעץ, אַז זיי זענען יידישע און צוגערופֿן אַ פּוילישן פּאָליציאַנט. צום גליק האָט מײַן פֿרוי צו איר ״קענקאַרטע״ גערעדט אַ פּערפֿעקטן פּויליש. זי האָט זיך פֿאַר דעם פּאָליציאַנט פֿאַרקלאָגט הלמאי דער כוליגאַנישער פּיאַקער באַלעסטיקט זי מיט דעם געפֿערלעכן פֿאַרדאַכט אַז זי איז אַ יידישע. דער פּאָליציאַנט האָט קאָנטראָלירט מײַן ווײַבס ״קענקאַרטע״ און זי העפֿלעך איבערגעבעטן פֿאַר דער אומאָנגענעמלעכקייט.

ס'איז איבעריק צו זאָגן, אַז דאָס פֿאַרשפּעטיקן זיך פֿון די פֿרויען צו קומען אַהיים האָט אונדז געקאָסט אַ סך בלוט, און אויך דעם מאַן, באָלעסלאַוו טשערוויעץ, האָט די זאַך געקאָסט נערוון, וואָרום אַזאַ פֿאַל פֿון פֿאַרדאַכט צו זײַן אַ ייִד, איז עלול געווען צו שאַפֿן געפֿערלעכע קאָמפּליקאַציעס. ענדלעך האָבן מיר זיך אַלע דרײַ געפֿונען אין דער דירה פֿון דער פֿאַמיליע טשערוויעץ. אָבער צי איז אָט די דירה פֿאַר אונדז ווירקלעך אַ מקום מנוחה און אַ זיכערער פּלאַץ? מיך האָט די פֿראַגע נישט געלאָזט רוען. מײַן פּילבאַרקייט איז דעמאָלט געווען ענלעך צו אַן אָפּגעדעקטן נערוו, וואָס אַפֿילו דער לײַכטסטער באַריר מאַכט אויפֿשפּרונגען פֿון ווייטאָג.

די פֿאַמיליע טשערוויעץ האָט פֿאַר אונדז געשאַפֿן די בעסטע באַדינגונגען — נאַטירלעך, פֿאַר דעם בעסטן לוין וואָס איז אויך זעלבספֿאַרשטענדלעך. אָבער איך האָב נישט גֿעהאַט קיין גײַסטיקע רו. סײַ די טאָכטער פֿון דער פֿאַמיליע טשערוויעץ, האַלינאַ, די פֿרוי פֿון זיגמונט רײַכערט, און סײַ דער זון, העניעק, פֿלעגן אַרויפֿקומען צו זייערע עלטערן און זיי האָבן געוווּסט ווער מיר זענען. אגבֿ, דער זון, העניעק טשערוויעץ, האָט געהערט צו דער אונטערערדישער פּוילישער אַרמיי — אַ. קאַ., אַן אָרגאַניזאַציע וואָס איז געווען דורכגעפּרעסן פֿון ווילדן יידנהאַס אָן גרענעצן. אָבער העניעק איז

האָבן געהאַט "קענקאַרטען" אַלס קריסטן און קיינער אויסער די ייִדן זענען נישט שולדיק וואָס די דאָקומענטן זענען פאַלשע.

מײַנע ווערטער זענען אַרײַנגעדרונגען אין האַרץ פון דער פרוי טשערוויעץ, וואָס איז ווירקלעך געווען אַ פײַן־פּילנדיקע און מענטשלעכע. אַז מיר האָבן געשמועסט אָפנהאַרציק האָב איך איר אויך דערציילט, אַז וואָס שײך דעם געלט וואָס איך וויל בײַ איר אויסבאַהאַלטן, האָב איך ווירקלעך אַ גרויסע סומע, נישט בלויז אין באַרגעלט נאָר אויך אין ווערטזאַכן. דאָס פאַרמעגן געפינט זיך בײַ איינעם אַ דאָקטער פערלאָווסקי אין סאָקאָלאָוו און בײַם סאַבניער פריץ מאָניושקאָ, וואָס איז גלײַכצײַטיק אויך אַ ריכטער אין סאָקאָלאָווער געריכט. ווי נאָר מיר וועלן האָבן אַ פּאַר־העלטענישמעסיק זיכערן פּלאַץ צו וווינען, אַזוי וועלן די צוויי נאָבעלע מענטשן מיר שיקן מײַן פאַרמעגן.

צום סוף פון אונדזער שמועס איז די פרוי טשערוויעץ מסכּים געווען מיר זאָלן וווינען צוזאַמען מיט איר פאַמיליע אין איר דירה אויף הרוביעשאָווסקאַ גאַס נומער 8. מיר האָבן באַלד געמאַכט אַ פּלאַן ווי אַזוי צו פאָרן קיין וואַרשע, מיט אַ וואָס קלענערער סכּנה פאַר יעדן פון אונדז. אַזוי האָבן מיר אָפּגעשמועסט, אַז מיט דער באַן 5 אַזייגער באַגינען וועט יעדער פון אונדז פאָרן באַזונדער, ווי מיר וואָלטן זיך נישט געקענט. פרוי טשערוויעץ וועט זיך האַלטן מיט מײַן פרוי, איך וועל אײַנשטײַגן אין אַן אַנדער וואַגאָן און אַזוי אויך מײַן שוועגערין.

די רײַזע איז אַדורך בשלום. אויף דעם הויפּטוואָגזאַל אין צענטער פון וואַרשע איז אונדז געלונגען אויסצומײַדן די נאַצישע פּאַטרולן. מיר האָבן זיך אויך געהאַט אָפּגערעדט, אַז אַראָפּגייענדיק פון דער באַן וועלן מיר זיך נישט קענען. יעדער פון אונדז וועט באַזונדער אָנקומען אויף הרוביעשאָווסקאַ גאַס נומער 8, אין דער דירה פון דער פרוי טשערוויעץ. מיר, איך און מײַן שוועגערין, זענען אָנגעקומען פריִער און מיט אומגעדולד האָבן מיר געוואַרט אויף די צוויי פרויען, — מײַן ווײַב און פרוי טשערוויעץ. אין אַזאַ פאַל פון וואַרטן איז יעדע מינוט לאַנג ווי דער ייִדישער גלות. אין דעם פאַל

זיך געריכט — אָנגעצונדן איר פֿאַנטאַזיע און זי האָט אויסגעדריקט איר גרייטקייט אונדז גליַיך צו העלפֿן.

מיַין שוועגערין איז צוזאַמען מיט דער באַלעבאָסטע פֿון דעם פּענסיאָנאַט אין ריבענקאָ אַרויסגעפֿאָרן מיט אַ באַן באַגעגענען. שוין פֿאַרנאַכט פֿון דעם זעלבן טאָג האָט זי צוריקגעקערט פֿון וואַרשע אין דער באַגלייטונג פֿון דער פֿרוי טשערוויעץ. לכבוד דעם גאַסט פֿון וואַרשע, אַ ריינע אַריערין, מיט וועלכער איך האָב געקענט שטאַרקן מיַין קריסטלעכן פּרעסטיזש, האָב איך געשטעלט אַן אָוונטברויט כיד־המלך.

מען דאַרף וויסן, אַז נישט געקוקט אויף די מלחמה־באַדינגונגען און די כסדרדיקע נאַצישע רעקוויזיציעס פֿון פּראָוויאַנט, האָט מען אין די שטעטלעך געקענט באַקומען פֿון די בעסטע שפּיַיזן און געטראַנקען. די מיליאָנען יידן אין פּוילן זענען געווען קאָנ־סומענטן, אָבער אַז די יידן זענען אויסגעמאָרדעט געוואָרן, זענען ריזיקע שפּיַיז־עודפֿים געבליבן ביַי די דאָרפֿישע און שטאָטישע פּאָליאַקן. אויב נאָר מען האָט געהאַט גענוג געלט צו קויפֿן אויפֿן "שוואַרצן מאַרק" — האָט מען באַקומען אַלץ וואָס דאָס האַרץ האָט געגלוסט.

בעתן אָוונטברויט האָב איך מיט אונדזער גאַסט, דער פֿרוי טשערוויעץ, נישט גערעדט וועגן דעם מטמון מיט געלט, וועגן וועלכן מיַין שוועגערין האָט איר געהאַט פֿאַרטרויט, אַז איך וויל אים באַהאַלטן ביַי איר. ערשט נאָכן אָוונטברויט, האָב איך דער פֿרוי טשערוויעץ פֿאַרבעטן צו אונדז אין צימער און איך האָב איר דערציילט אונדזער ביטערן מצבֿ: אַזוי ווי זי איז באַפֿריַינדעט מיט מיַין פֿרוי פֿון פֿאַר דער מלחמה, דאַרף איך איר נישט דערציילן, אַז מיר זענען יידן. מיר זענען יידן. אָבער האָבן "קענקאַרטען" ווי פּאָליאַקן־קאַטאָליקן. דאָס איז אַ גרויסע פֿאַרליַיכטערונג פֿאַר דער פּוילישער פֿאַמיליע, וואָס וועט גרייט זיַין פֿאַר אַ געהעריקן לוין אונדז אויסצובאַהאַלטן. וואָרום טאָמער וועט געשען אַ דורכפֿאַל, וועט נישט זיַין עפּעס ליַיכטערס ווי זיך צו פֿאַרטיידיקן, אַז די יידן

באַגעגענען זיך אָפּט די זעלבע מענטשן און מיר זענען פרעמדע. מײַן שוועגערין קלײַבט זיך סײַ ווי צו פאָרן קיין וואַרשע, ווו מיר האָבן אַ ווינ־פּלאַץ בײַ אַ געוויסער פאַמיליע.

אויסגעהערט מײַנע ווערטער, האָט די פּענסיאָנאַט־אייגנטימערין זיך באַרויִקט. זי האָט פאַרשטאַנען אונדזער לאַגע און אויפריכטיק מיטגעפילט מיט אונדז. און אָט איז געקומען אַ פּלוצימע ווענדונג אין דעם געמיט פון דער פרוי. אויב — האָט זי געזאָגט — מײַן שוועגערין, האַנקע, קלייבט זיך קיין וואַרשע, וועט זי פאָרן צוזאַמען מיט איר, וואָרום אויך זי דאַרף זײַן אין וואַרשע. און אַזוי איז געשען.

מײַן שוועגערין האָט געהאַט מיט זיך דעם אַדרעס פון אונדזער באַקאַנטער קריסטלעכער פאַמיליע, וועמעס אַדרעס עס האָט אויסגעפונען און אונדז געבראַכט דער שוין דערמאָנטער באַן־אַרבעטער. די פאַמיליע האָט געהייסן **טשערוויעץ**. די פרוי טשערוויעץ האָט פאַר דער מלחמה געהאַט אַ פּענסיאָנאַט אין אורלע, און מײַן פרוי איז געווען גוט באַפרײַנדעט מיט איר.

כדי אָנצוצינדן די פאַנטאַזיע פון דער פרוי טשערוויעץ, צו העלפן אונדז געפינען אַ פּלאַץ, האָב איך אָנגעזאָגט מײַן שוועגערין, זי זאָל בסוד־סודות פאַרטרויען דער פרוי טשערוויעץ אַז איך, איר שוואָגער, האָב זייער אַ סך געלט און איך האָב בדעה דאָס געלט איר איבערגעבן צו באַהאַלטן, ווײַל איך האָב נישט ווו עס צו באַהאַלטן.

אויף דעם אַדרעס, וואָס מײַן שוועגערין האָט געהאַט מיט זיך, האָט זי געפונען די געזוכטע פאַמיליע. נאַטירלעך האָט די פרוי גוט געדענקט דעם מיידלשן נאָמען פון מײַן פרוי, העניאַ יאַדאָווסקאַ, אָבער קיין גרויס ענטוזיאַזם האָט דער גרוס בײַ איר נישט אַרויסגערופן. וואָרום אַלץ וואָס האָט געהאַט צו טאָן מיט יידן האָט דאָך געשמעקט מיט געפאַר, און וואָס קענען בעטן יידן בײַ אַ קריסטלעכער פאַמיליע אין אַזעלכע ווילדע צײַטן, אויב נישט הילף, אויב נישט זיי אויסצובאַהאַלטן? דאָך אַז מײַן שוועגערין האָט דער פרוי טשערוויעץ אײַנגערוימט דעם סוד, אַז איך האָב אַ סך געלט און אַז איך וויל דאָס געלט בײַ איר באַהאַלטן, האָט זיך — ווי איך האָב

אַהער, אין דעם פענסיאָן, האָט אונדז געבראַכט דער יונגער פערלאָווסקי ווי אין אַ זיכערן פּלאַץ. איך האָב נישט געקענט אין ריביענקאָ נאָך אַ פּענסיאָנאַט, אָדער וועלכן עס איז האָטעל. דער פּלאַץ איז אַ קליינער און יעדער פרעמדער רופט גלייַך אַרויס נייַגעריקייט, אָדער פאַרדאַכט, ווייַל די פּאָליאַקן ווייסן דאָך, אַז די נאַציס זוכן אויסבאַהאַלטענע יידן. און טאַקע דערפאַר ווייַל די פערלאָווסקיס האָבן געהאַלטן דעם פענסיאָן פון דעם אָרגאַניסט אַלס אַ זיכערן פּלאַץ פאַר אונדז, האָב איך נאָך אַ לאַנגן באַראַטן זיך מיט מייַנע צוויי פרויען באַשלאָסן צו רעדן מיט דער באַלעבאָסטע אָפענע דיבורים; דערציילן איר דעם אמת, אַז מיר קענען איר נישט געבן אונדזערע "קענקאַרטען" אייַנצומעלדן, ווייַל צוויי זענען אויסגעשטעלט כלומרשט אין ווישקאָוו און זיי זענען פאַלשע. מיר, אירע דרייַ געסט פון דער רעקאָמענדאַציע פון דאָקטער פערלאָווסקי, זענען יידן.

איך ווייס נישט, צי די באַלעבאָסטע האָט מיט אונדזער אָנקומען צו איר אין פענסיאָנאַט געהאַט אַ פאַרדאַכט, אַז מיר זענען יידן אויף פּוילישע דאָקומענטן. אָבער ווי נאָר זי האָט געהערט פון מיר, אַז מיר זענען יידן, איז איר פּנים געוואָרן ווייַס ווי קרייַד און זי האָט געפאָדערט מיר זאָלן אין דער אותו רגע פאַרלאָזן איר הויז. אַלע דרייַ האָבן מיר אָנגעהויבן בעטן רחמים בייַ דער פרוי, זי זאָל אונדז נישט פאַרטרייַבן. זאָל זי מיך אויסהערן און צוזאַמען וועלן מיר געפינען אַ וועג, אַז נישט מיר זאָלן ווערן אויסגעליפערט צום טויט און נישט זי און איר פאַמיליע זאָלן לייַדן צוליב אונדז.

מייַן טענה איז געווען, אַז זי ריזיקירט מיט גאָרנישט. מיר האָבן דאָקומענטן אַלס קריסטן, און נישט זי און נישט איר מאַן קענען זיך אויס אויף דאָקומענטן, צי זיי זענען געפעלשטע אָדער ריכטיקע. איר תּרוץ קען אויך זייַן אַז מיר זענען נאָר וואָס אָנגעקומען און זי האָט נאָך נישט באַוויזן צו פאָדערן פון אונדז אונדזערע "קענקאַרטען" אונדז אייַנצומעלדן אין ווישקאָווער מאַגיסטראַט. חוץ אַלעמען האָבן מיר סייַ ווי נישט געטראַכט צו בלייַבן אַ לענגערע צייַט אין איר פענסיאָנאַט, וואָרום ריביענקאָ איז אַ קליינער פּלאַץ, וווּ עס

איך האָב מיט גרויס שווערקייט קוים איינגעהאַלטן מיין צעטומלונג. וועגן מיין "קענקאַרטע" בין איך געווען רויק. אין איר איז געווען געשריבן אַז זי איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אין קראָקע צו אַ דאָרט־געבוירענעם דאָקטער ע. לעוואַנדאָווסקי. וועט דער מאַגיסטראַט אין ווישקאָוו נישט פאָרן קיין קראָקע זיך אָנפרעגן, צי די "קענקאַרטע" איז אַ ריכטיקע, אָדער אַ געפעלשטע. ביטער איז געוואָרן בנוגע די "קענקאַרטעס" פון ביידע פרויען, די סטעמירסקאַס. זייערע דאָקומענטן האָבן דערציילט, אַז מיין פרוי און שוועגערין זענען געבוירענע אין ווישקאָוו, זיי וווינען אין ווישקאָוו און די "קענקאַרטן" זענען אַרויסגעגעבן געוואָרן אין ווישקאָוו. אויב דעם איינמעלדונג־באַאַמטן אין ווישקאָווער מאַגיסטראַט זאָל איינפאַלן, אַז די צוויי "קענקאַרטען" זענען געפעלשטע, און ער וועט נאָכקוקן אין דער עווידענץ פון דער ווישקאָווער קריסטלעכער באַפעלקערונג, צי די נעמען פון די צוויי פרויען פיגורין דאָרט, וועט ער האָבן געפאַנגען צוויי יידישע פרויען, וואָס באַהאַלטן זיך אויס אונטער קריסטלעכע נעמען מיט פאַלשע דאָקומענטן. דער באַאַמטער וועט ווערן אַ העלד. ער וועט פון דער געסטאַפּאָ באַלוינט ווערן. לויט די נאַצישע געזעצן האָבן נישט אַזעלכע יידישע פרויען קיין רעכט צו לעבן, און מיר, אַלע דריי אין דעם פּענסיאָנאַט, וועלן ווערן קרבנות. וואָרום דעמאָלט וועט אויך מיין "קענקאַרטע" אַרויסרופן פאַרדאַכט און איר פאַלשקייט וועט לייכט קענען פעסטגעשטעלט ווערן.

וועגן איבערגעבן אונדזערע "קענקאַרטען" צו דער באַלעבאָסטע פון דעם פּענסיאָנאַט האָט שוין נישט געקענט זיין קיין רייד. אָבער ווו איז דער אויסוועג? וואָס זאָלן מיר טאָן ווייטער? אויב מיר זאָלן גלייך פאַרלאָזן דעם פּענסיאָן וועלן מיר זיך אַליין מסרן, אַז מיר האָבן מורא זיך איינצומעלדן, און דאָס איז אַ סימן, אַז מיר זענען יידן. אויב אַפילו אַזאַ בהלהדיק פאַרלאָזן דעם פּענסיאָן זאָל אַדורכגיין אָן יעדן פאַרדאַכט פון דעם מין — ווּהין וועלן מיר גיין? וואָס וועלן מיר טאָן מיט זיך?

האָבן פאַרזאָרגט די ייִדישע וועלט מיט בתּים צו תּפילין, מזוזות און ספרי־תּורה, אַ שטאָט וואָס האָט אין דער ווײַטער פאַרגאַנגענהייט געמאַכט ייִדישע געשיכטע. דאָס מאָל פאָרט פאַרבײַ דער אויטאָמאָביל אַ שטאָט אַ בית־עולם אָן מצבות; בלויז די שילדן אויף די פּוסטע קראָמען דערמאָנען, אַז אין די קראָמען האָבן געהאַנדלט ייִדן. און אַזוי אויך דאָס קליינטשיקע שטעטעלע לאָכוועצ — לײַדיק, אָן ייִדן, אָן לעבן. אויסגערויבטע שטעט און שטעטלעך.

מיר זענען אָנגעקומען אומגעשטערט קיין ריביענקאָ. דער יונגער פּערלאָווסקי האָט אונדז אַרײַנגעפירט אין אַ פּענסיאָנאַט. נאַטירלעך האָט ער אונדז פאָרגעשטעלט ווי פּאָליאַקן — איך, דאָקטאָר עוגעניוש לעוואַנדאָווסקי, און די צוויי פרויען, העניאַ און העלאַ סטעמירסקאַ, זענען מײַנע קרובהס. דער פּענסיאָן האָט געהערט צום אָרגאַניסט פון דער אָרטיקער קירך. מיר האָבן באַקומען אַ זייער באַקוועם צימער, ציכטיק און פײַן, ווי עס וואָלט גאָר קיין מלחמה אויף דער וועלט נישט געווען; ווי אין די שטעט און שטעטלעך אַרום רעביענקאָ וואָלט אין דער צײַט גאָרנישט מאַקאַבריש פאָרגעקומען; ווי עס וואָלטן נישט פאַרגאָסן געוואָרן קיין טײַכן אומשולדיק בלוט; ווי עס וואָלטן נישט חרובֿ געוואָרן הונדערטער ייִדישע קהילות, אײַנגעוואָרצלטע אין פּוילן זײַט הונדערטער יאָרן.

צו מיטאָג זענען מיר אַראָפּ אין עס־צימער, ווו צווישן די געסט זענען אויך געווען צוויי גלחים, און די שטימונג איז געווען אַ געמיטלעכע ווי עס איז געוויינטלעך אין אַ פּענסיאָנאַט, ווו מענטשן קומען אָפּרוען זיך און געניסן פון שלווה.

אונדזער פּענסיאָנאַטישע שלווה האָט לאַנג נישט אָנגעהאַלטן:

אויף צו מאָרגנס האָט די פרוי פון דעם פּענסיאָנאַט־אייגנטימער זיך געוואָנדן צו מיר, איך זאָל איר געבן אונדזערע ״קענקאַרטען״. די געסט אין פּענסיאָנאַט דאַרפן ווערן געמאָלדן אין מאַגיסטראַט, און רעביענקאָ געהערט צום מאַגיסטראַט אין ווישקאָוו. לויט דעם געזעץ דאַרפן די פּענסיאָנאַט־געסט אײַנגעמאָלדן ווערן ביז 24 שעה נאָך זייער אָנקומען.

איז געווען אַ דראָענדיקע, אַ סכנהדיקע. מיט אומגעדולד האָבן מיר דערוואַרט דעם גערויש פון דעם מאָטאָר פון פערלאָווסקיס אויטאָמאָביל, אָבער אין דער זעלבער צײַט מורא געהאַט פֿאַר אַזאַ גערויש, וואָרום ער קען דאָך חלילה אויפוועקן די פינצטערע נאַצישע כוחות אין אָט דעם פֿאַרטאָג.

דער אויטאָמאָביל איז אָנגעקומען. מיט קלאַפּנדיקע הערצער האָבן מיר פֿאַרמאַכט די טירן און דער אויטאָ איז אַוועק. איצט האָט פערלאָווסקיס זון אונדז דערקלערט, אַז ער פירט אונדז אין דער אָרטשאַפט ריביענקאָ. ווי עס האָט געקלאַפּט דער מאָטאָר פון דעם אויטאָמאָביל, אַזוי האָבן געקלאַפּט אונדזערע הערצער. אין די געגעבענע באַדינגונגען איז דער וועג אַ ווײַטלעכער, כאָטש פֿאַר דער מלחמה איז דער וועג געווען אַ קאַצנשפּרונג. צי וועט די געסטאַפּאָ אָדער די זשאַנדאַרמעריע אונדז אָפּהאַלטן? צי האָט דער יונגער פערלאָווסקי אַן ענטפֿער אויף דער עווענטועלער פֿראַגע פון וואַנען ער פֿאָרט און וווהין ער פֿאָרט מיט זײַנע פּאַסאַזשירן? און ווער זענען זײַנע פּאַסאַזשירן?

אויפֿן וועג האָט אונדז קיינער נישט פֿאַרהאַלטן. דער אויטאָ האָט זיך געטראָגן דורך די שטעט סאָקאָלאָוו, ווענגראָוו, לאָכאָוו און אָפּגעלעגענע דערפֿער. די פֿריערדיקע יידישע שטעט האָבן געפּוסטעוועט. קיין איין און איינציקער ייד איז אין זיי נישט געבליבן.

פון דער אויסגעליידיקטקייט האָט געבלאָזן מיט אבֿלות נאָך די פֿאַרשניטענע יידישע קהילות. אָט לויפֿט פֿאַרבײַ פֿאַר דעם פענצטער פון דעם אויטאָמאָביל דעם סאָקאָלאָווער רבינס הויף, ווו אין פֿראָנט האָט זיך געפֿונען דאָס הויז פון מײַנע פֿרומע עלטערן. אַרום דעם מאַרק, אין צענטער פון שטאָט, האָט זיך אָפּגעשפּילט אַ שעפֿעריש יידישע לעבן. אין די געסלעך אַרום דעם מאַרק האָט געקלונגען מיט יידישער קינדערישער פֿרייד. דאָס מאָל לויפֿט דער אויטאָמאָביל דורך אַ טויטער שטאָט מיט אָפֿענע צעהפֿקרטע געוועלבער, וואָס זענען אויסגערויבט געוואָרן ביז צום לעצטן ברעקל. אַזוי אויך ווענגראָוו, די אַלטע שטאָט פון סופֿרי־סת״ם, וואָס

דערפירט ביז ייאוש: ס׳איז געקומען דער סוף. די לויערנדיקע געסטאַפּאָ איז געקומען אויף אונדזערע שפורן און באַלד וועלן מיר זײַן אין זייערע הענט. וואָס פֿאַר אַן אַנדער אויטאָמאָביל קען דאָ אַרומשמײַען אין דער נאַכט, אין אַזאַ אָפּגעלעגענעם פּלאַץ ווי עס איז דאָס דאָרף סאַבניע?

מיר האָבן דעמאָלט זיך געפֿונען אין דעם צווייטן צימער פֿון דער דירה פֿון דעם סאַבניער פּריצס סטאַנגרעט. אונדזער ערשטע מחשבה איז געווען, אַז אויב מיר זענען שוין סײַ ווי פֿאַרפֿאַלענע, האָבן מיר דערמיט נישט קיין רעכט צו ריזיקירן דאָס לעבן פֿון דעם גוטן מענטש, דעם סטאַנגרעט. מיר מוזן זיך אַרויסבאַקומען פֿון זײַן דירה, כּדי ער זאָל נישט ווערן קיין קרבן פֿון די נאַציס צוזאַמען מיט אונדז. אָבער אין דער רגע איז צו אונדז אין צימער אַרײַנגעקומען דער סטאַנגרעט און מיט אַ טאָן פֿון סוד מיר אָנגעזאָגט, אַז אין דער וווינונג פֿון דעם פּריץ וואַרט אויף אונדז אַ גאַסט: דעם זון פֿון דעם ד״ר פּערלאָווסקי.

אָט די בשורה האָט אונדז קודם־כּל אַנטשפּאַנט פֿון דער טויט־שרעק. בײַ דעם דאָקטער פּערלאָווסקי האָב איך מיט אַ צײַט צוריק געהאַט איבערגעלאָזט אַ גרויס פֿאַרמעגן אין גאָלד און אין אַנדערע ווערטפֿולע זאַכן.

ווען איך בין אַרײַנגעקומען אין דער וווינונג פֿון דער סאַבניער פּריץ, איז מיר אַנטקעגנגעקומען דאָקטער פּערלאָווסקיס זון און פֿאַרטרוילעך מיר אָנגעזאָגט די בשורה, אַז זײַן פֿאָטער האָט פֿאַר אונדז אויסגעפֿונען אַ גוטן פּלאַץ, ווו מיר וועלן קענען לעבן אַ פֿרײַ און זיכער לעבן, ווי פֿרײַ און זיכער עס קענען לעבן פּאָליאַקן. ער האָט זיך מיט מיר אָפּגערעדט, אַז ער וועט וואַרטן אויף אונדז מיט זײַן אויטאָמאָביל נעבן דעם וועלדל הינטער סאַבניע, פֿיר אַזייגער באַגינען. פֿון דאָרט וועט ער אונדז דירעקט אַוועקפֿירן אין דעם פּלאַץ, וואָס דערווײַל רופֿט ער נישט אָן זײַן נאָמען.

די נאַכט זענען מיר שוין מער נישט געשלאָפֿן. צום אָפּגערעדטן פּלאַץ זענען מיר אָנגעקומען פֿאַר פֿיר אַזייגער. אַרום איז אַלץ געשלאָפֿן, אויסער די שרעק אין אונדז. אַפֿילו די אַרומיקע שטילקייט

וועלכע דריַי שעה פֿאָרן מיט דעם באַן. אָבער אין יענע באַדינגונגען פֿון סכּנת־נפֿשות איז דער מרחק געווען ווי צווישן צוויי פּלאַנעטן. אויף יעדער סטאַציע פּאַטראָלירן זשאַנדאַרן, געסטאַפּאָ־לײַט, פּוילישע פּאָליציי, וואָס איז דורשטיק נאָך יידיש בלוט נישט ווייניקער פֿון די נאַציס, און אומעטום לויערן "שמאַלצאָווניקעס", וואָס שאַנטאַזשירן יעדן איינעם, וואָס זעט אויס ווי אַ ייד און זיי באַרויבן אים, און אויב זיי האָבן ווירקלעך אָנגעטראָפֿן אויף אַ ייד, גיבן זיי אים איבער אין די הענט פֿון דער געסטאַפּאָ און ווי אַ צוגאָב צום רויב באַקומען זיי נאָך אַ באַלוינונג פֿאַר צושטעלן אַ ייד...

דער ענערגישער פּוילישער באַן־אַרבעטער, וואָס האָט פֿאַר אונדז אויסגעפֿונען דער אַדרעס פֿון דער באַקאַנטער פֿרוי אין וואַרשע, האָט מיר פֿאַרזיכערט, אַז ער וועט אונדז דורכפֿירן קיין וואַרשע אין פֿולער זיכערקייט:

נישט ווײַט פֿון סאַבניע, ווו מיר האָבן זיך אויסבאַהאַלטן, איז פֿאַראַן אַ קליינע באַן־סטאַציע מיט נאָמען "קאָסקי". פֿון אָט דער אָפּגעלעגענער סטאַציע וועלן מיר פֿאָרן קיין וואַרשע אין דעם טאָג און אין דער שעה, וואָס ער וועט אונדז פֿריער מודיע זײַן. אָבער פֿאַר דער אָפּגערעדטער צײַט איז דער באַן־אַרבעטער געקומען צו אונדז אין סאַבניע און דערקלערט, אַז דאָס מאָל איז אוממעגלעך אויסצופֿירן זײַן פּלאַן, אונדז אַרײַנצושטופּן אין דעם אָנקומענדיקן צוג. אַרום סאַבניע לויערן נאַצישע זשאַנדאַרן. ס'איז צו די נאַציס דערגאַנגען, אַז אין דער סבֿיבֿה באַהאַלטן זיך אויס יידן.

ס'איז נישט שווער זיך פֿאָרצושטעלן וואָס מיר האָבן איבערגעלעבט נאָך אַזאַ ידיעה.

צי זאָל ווער פֿון די פּאָליאַקן האָבן אונדז געמסרט, אַז מיר באַהאַלטן זיך אויס אין סאַבניע? צי וועלן די נאַציס דערגיין צו אונדז? פֿון דאַנען איז נישטאָ וווהין צו אַנטלויפֿן. זענען מיר אַרײַנגעטריבן געוואָרן אין אַ שרעק, וואָס האָט אָן איבעררײַס אָנגעהאַלטן יעדע סעקונדע פֿונעם טאָג און פֿון דער נאַכט.

אין איינער אַ נאַכט איז צו אונדז דערגאַנגען דער מאָטאָר־גערויש פֿון אַן אָנפֿאָרנדיקן אויטאָמאָביל. די שרעק האָט אונדז

מיר האָבן נישט געוואָלט געשטעלט ווערן פאַר אַזאַ מצבֿ, וואָס וואָלט געווען אונדזער סוף.

נישט געקוקט אויף מײַן זעלבזיכערקייט און בראַוורע, וואָס האָט זיך נישט איין מאָל געגרענעצט מיט לײַכטזיניקייט, האָב איך דורכגעלעבט מינוטן פון פאַרצווייפלונג. אין אַזעלכע מינוטן האָב איך געטראַכט, אַז מיר זענען דערגאַנגען צום סוף פון אונדזער וועג: אונדזערע משפחות זענען אויסגעמאָרדעט געוואָרן; אונדזער האַב און גוטס איז צעריבט געוואָרן סײַ פון די נאַציס און סײַ פון די פּאָליאַקן; קיין היים האָבן מיר נישט מער און קיין פרײַנט האָבן מיר אויך נישט, איז צו וואָס דאָס קלאַמערן זיך בײַם פאַרפּײַניקטן לעבן?

דאָס זענען געווען מינוטן פון שוואַכקייט, וואָרום אין דערווירקלעכקייט האָט אין מיר דאָמינירט דער צוואה־אָנזאָג פון מײַן טאַטן: "זאָלסט זיך שטאַרקן! באַמי זיך מיט אַלע דײַנע כּוחות צו דערלעבן היטלערס מפּלה!", און דער ווירקלעכער דראַנג אין מיר איז געווען — דער מעכטיקער דראַנג צו לעבן, טאַקע דערפאַר ווײַל איך האָב געזען אַזוי פיל טויטן.

ווי איך האָב שוין אויבן דערמאָנט האָבן מיר אין וואַרשע געהאַט אַ באַקאַנטע קריסטין, וואָס האָט פאַר דער מלחמה געהאַט אַ פּענסיאָנאַט אין דעם קוראָרט אורלע. מײַן פרוי איז געווען מיט איר גוט אויפגעטראָגן. איר אַדרעס האָב איך נישט געקענט. האָב איך, ווי שוין דערמאָנט, אַוועקגעשיקט קיין וואַרשע אַ פּאָליאַק, אַ באַן־אַרבעטער, ער זאָל אויסגעפינען דעם אַדרעס פון דער פרויס פאַמיליע. ער האָט דעם אַדרעס געפונען און מיר אים געבראַכט. אָט די פרוי וועט זיכער טון פאַר מײַן פרוי אַלץ וואָס מעגלעך אין אירע כּוחות. אָבער די ערשטע פראַגע איז נישט, צי די פרוי וועט אונדז העלפן, צי נישט, נאָר די פראַגע איז: ווי אַזוי קומען מיר אָן קיין וואַרשע, נאַציס זאָלן אונדז אויפן וועג נישט פאַנגען, און אָנשטאָט קיין וואַרשע זאָלן מיר אָנקומען קיין טרעבלינקע, אָדער דערשאָסן ווערן אויף דעם פּלאַץ?

אין נאָרמאַלע צײַטן איז דער מרחק קיין וואַרשע אַ נישטיקער, אַ

* * *

הגם מיר, איך, מײַן פרוי און מײַן שוועגערין, האָבן געהאַט דאָקומענטן ווי פּאָליאַקן־קאַטאָליקן, האָבן מיר זיך געפילט ווי פאַרפאָלגטע חיות: ווי יידן, האָבן מיר נישט געהאַט קיין רעכט צו לעבן, און אויף אונדז האָבן געלויערט נישט בלויז די דײַטשן, נאָר אויך זייערע פוילישע קאָלאַבאָראַטאָרן מתוך אַנטיסעמיטיזם, אָדער מתוך דער מורא זיי זאָלן נישט באַשולדיקט ווערן אין אויסבאַהאַלטן, אָדער העלפן יידן. פון דער צווייטער זײַט האָב איך געקענט שפּילן די ראָל פון אַ פּאָליאַק־קאַטאָליק בלויז כלפּי די נאַציס וואָס האָבן נישט געקענט קיין פויליש, אָבער נישט כלפּי אַ פּאָליאַק, אַפילו מיט מיטעלער אינטעליגענץ.

אין דער צײַט ווען מײַן פרוי האָט גערעדט אַ פערפעקטן פויליש און לויט איר שפּראַך וואָלט קיין שום פּאָליאַק זי נישט פאַרדעכטיקט אַז זי איז אַ ייִדישע, האָט מײַן פויליש מיך געמסרט, אַז איך בין נישט קיין געבוירענער פּאָליאַק. נישט איך האָב גערעדט אַן אינטעליגענטן פויליש און נישט קיין פּאָלקסטימלעכן פויליש, וואָס אַפילו ווען ער איז פול מיט גרײַזן, זענען די גרײַזן אויטענטיש פוילישע, בעת מײַנע גרײַזן אין פויליש זענען געווען אויטענטיש יידישע. צו האָט דעם פעלערהאַפטן פויליש האָב איך געהאַט אַ "קענקאַרטע" אַלס פּאָליאַק־קאַטאָליק, געבוירן אין דער פויליש־אַריסטאָקראַטישער שטאָט קראָקע און דערצו אַ דאָקטער. כ'האָב דאָך אַפילן קיין טויב־שטומען נישט געקענט שפּילן, וואָרום ווי קען אַ טויב־שטומער מאַכן אַ דאָקטאָראַט? האָבן מיר זיך פאַרשטעקט ווי פּאָליאַקן, כּדי אונדזערע פוילישע אויסבאַהאַלטער זאָלן אין פאַל פון אַן אַדורכפאַל האָבן אַ תירוץ, אַז זיי האָבן נישט געוווּסט אַז מיר זענען יידן. אָבער אַליין זענען מיר געווען אויף גרויסע צרות. זענען דאָך געווען פאַלן ווען פּאָליאַקן, וואָס האָבן אויסבאַהאַלטן יידן, זענען פלוצים אַרײַנגעפאַלן אין בהלה און פאַרטריבן די אויסבאַהאַלטענע, ווײַל זיי האָט זיך בײַנאַכט געחלומט, אַז אַ שכן האָט זיי געמסרט פאַר דער געסטאַפּאָ, אָדער אַז געסטאַפּאָ־הינט האָבן דערשנאַפּט יידן אין דער באַהעלטעניש.

אויסגעזויגן פון אים די לעצטע לעבנס־זאַפטן און ער איז איַינ־געשלאָפן אין דעם סטויִג שטרוי הינטער אַ פויערישן שײַער הינטער גראָדזשיסק.

און מערקווירדיק פאַר דער צוגעבונדנקייט פון מײַנע עלטערן צו אײנאַנדער און פאַר זייער געמיינזאַמען גורל איז דאָס, וואָס איז געשען מיט אַנדערט האַלבן שעה שפּעטער: מײַן פאָטער איז אויסגעגאַנגען 12.30 אַזייגער; באַלד דערנאָך — 2 אַזייגער — איז מײַן מאַמע אים נאָכגעגאַנגען אין דער אייביקייט אַרײַן. ווי ער, איז אויך זי געשטאָרבן אין דעם סטויִג שטרוי מיט אַ נאַטירלעכן טויט. זיי זענען געקומען צו קבֿורה אויף דעם זעלבן פּלאַץ אין גראָדזשיסקער הויף, ווו פֿריִער זענען באַערדיקט געוואָרן מײַן דערשאָסענע שוועסטער מיט אירע קינדער און אַנדערע מיטגלידער פון מײַן גרויסער משפּחה — אַ משפּחה־בית־עלמין.

אַן איינציקער עדות פון דעם וואָס עס איז געשען איז אַן אייניקל פון מײַנעם אַ פעטער פון וואַרשע — אַן איינציק אייניקל וואָס איז געבליבן לעבן און געפינט זיך הײַנט אין ישראל.

אויך זי, מיין פעטערס אייניקל, איז געווען אין גראָדזשיסק. זײַענדיק אַן עדות פון דער אויסזיכטלאָזיקייט, וואָס האָט באַהערשט די אומבאַהאָלפענע יידן, האָט זי באַשלאָסן צו פאָרן קיין וואַרשע. זי האָט געהאַט אַ "גוט פנים" און געהאָפט אַז דאָרט, אין וואַרשע, וועט זי איבערלעבן. זי איז לסוף געפאַנגען געוואָרן דורך די נאַציס און פאַרשיקט געוואָרן צום ערשטן אין דעם קאָנצענטראַציע־ און פאַרניכטונג־לאַגער מײַדאַנעק און שפּעטער קיין אוישוויץ. אָבער איר האָפענונג איבערצולעבן און דערלעבן דעם סוף פון די נאַציס איז מקוים געוואָרן.

זי איז געבליבן אַן איין איינציקע פון איר ברייט־פאַרצווײַגטער משפּחה, וואָס האָט געציילט הונדערטער מיטגלידער.

איז געווען אַזוי אָפּגעשוואַכט און אַזוי צעבראָכן, אַז ווען איך פלעג קומען באַגינען און ברענגען פאַר זיי טיי מיט קיכלעך, כדי זיי צו דערהאַלטן בײַם לעבן, פלעגט מײַן פאָטער מיר בעטן איך זאָל אים העלפן אָנטון די תפילין, ער זאָל דאַווענען פאַרן טויט זײַן דעם ערשטן ביסן...

אין איינעם אַ טאָג, ווען איך בין געקומען צו דעם סטויג שטרוי, אין וועלכן מײַנע עלטערן זענען געווען אויסבאַהאַלטן, האָט דער פאָטער געבעטן העלפן אים אָנטאָן די תפילין און דערנאָך האָט ער געזאָגט שוין מיט אַ גאָר שוואַכער שטים:

„הער זיך צו, מײַן זון, יעדן טאָג זענען מיר אויסגעשטעלט צו דער סכּנה געפינען צו ווערן און צו ווערן דערשאָסן. און מיר באַגערן אַזוי שטאַרק צו שטאַרבן מיט אַ נאַטירלעכן טויט, און נישט פון די טמאימדיקע נאַצישע רוצחים. איז כּל זמן איך לעב, זאָג איך דיר אָן און דו זאָלסט געדענקען: זאָלסט זײַן שטאַרק! מיט אַלע דײַנע כּוחות באַמי זיך צו דערלעבן היטלערס מפּלה. טו וואָס דו קענסט, כּדי דו זאָלסט איבערלעבן. געדענק, יצחק!“.

כאָטש די ווערטער זענען געזאָגט געוואָרן מיט אַ שוואַכער שטים, זענעו זיי אין מיר אַרײַנגעדרונגען אַזוי טיף, אַז ביזן הײַנטיקן טאָג געדענק איך זייער שאַרפקייט. איך בין זיכער אַז אָט די ווערטער פון מײַן פאָטער האָבן מיר געגעבן דעם מעכטיקן כּוח, וואָס איך האָב געדאַרפט האָבן, כּדי צו בלײַבן לעבן אין דעם אומאיבער־רײַסלעכן פאַרמעסט מיטן טויט. דער טויט האָט געלויערט פון אַלע ווינקלען, אַפילו ווען איך, מײַן פרוי און מײַן שוועגערין האָבן געלעבט אויף דאָקומענטן פון פּאָליאַקן־קאַטאָליקן.

מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער, נאָך דעם ווי מײַן פאָטער האָט מיר אָנגעזאָגט וואָס ער האָט מיר אָנגעזאָגט, איז מײַן טאַטע אַוועק אין דער אייביקייט מיט אַ נאַטירלעכן טויט. ער איז אויסגעגאַנגען ווי אַ ליכט, וואָס ברענט אויס ביז צום סוף, ווײַל די קנויט האָט נישט מער פון וואַנען צו שעפּן זאַפטן. די שווערע איבערלעבונגען במשך יאָרן, דער טויט פון זײַנע קינדער און אייניקלעך, און דאָס לעבן אין באַהעלטעניש מיט טויט־שרעק פאַר יעדן שאָרך — האָבן

ענלעכע באַדינגונגען הערשן אין די אַרומיקע דערפער: די פויערים זענען צעווילדעוועט. אַפילו ווען איך האָב געדונגען דעם געשפּאַן צו ברענגען די מיַניקע פון דעם בונקער אין סאָקאָלאָוו קיין גראָדזשיסק, האָט דער אייגנטימער פון דעם געשפּאַן געמיינט, אַז איך בין אַ פּאָליאַק — ד״ר לעוואַנדאָווסקי, און דאָס וואָס איך קלײַב זיך צו טאָן פאַר די אויסבאַהאַלטענע יידן איז מסתמא פאַר אַ גרויסער געלט־באַלוינונג.

אָבער אין סאָקאָלאָוו, צי אין גראָדזשיסק, זענען אומעטום די זעלבע פּאָליאַקן, די זעלבע אַנטיסעמיטן און בײַ אַלע הערשט אויך די זעלבע שרעק צו באַצאָלן מיטן לעבן און מיטן פאַרמעגן אַפילו פאַר דערלאַנגען צו אַ ייִד אַ שטיקל ברויט, אָדער אַ שעפּ וואַסער. און באָטש מיַין שוועסטער, די אַלמנה נאָך נחום לעווין — וואָס אויך זי מיט אירע קינדער זענען געוועזן אין גראָדזשיסק — האָט געהאַט אין אַ רימען אײַנגענייט אַ ברילאַנט פון גרויסן ווערט, איז נישט געווען קיין שום האָפענונג וועלכער עס איז פּאָליאַק זאָל אין די געגעבענע באַדינגונגען וועלן בײַ זיך אויסבאַהאַלטן אַ ייִדישע פרוי מיט קינדער.

ווי וועלף האָבן די נאַציס געלויערט אויף די רעשטלעך ייִדן אין גראָדזשיסק. די מערדער האָבן אויך געוווּסט וועגן מיַין שוועסטער, אַז זי איז די פרוי פון דער אומגעבראַכטן נחום לעווין און מסתמא האָט זי בײַ זיך אַ גרויס פאַרמעגן אין צירונג און אין באַרגעלט. ווי עס זאָל נישט זײַן — זיי האָבן מיַין שוועסטער מיט די קינדער אַרויסגעפירט, זיי אויסגעשטעלט בײַ אַ וואַנט און זיי אויסגעשאָסן ביזן לעצטן. זייערע גופים זענען באַערדיקט געוואָרן אויף אַ וויסטן פּלאַץ אין גראָדזשיסק, וואָס איז באַלד געוואָרן אַ יידישער בית־הקבֿרות.

פאַר מיַינע עלטערן האָב איך נישט געפונען קיין אַנדער פּלאַץ ווו זיי אויסצובאַהאַלטן ווי נאָר אין אַ סטויג שטרוי נישט ווײַט פון אַ שײַער. אין דעם דאָזיקן סטויג האָבן זיך אויך אויסבאַהאַלטן מיַין פעטער, מיַין טאַטנס ברודער, מיט דער פרוי. סײַ מיַין מאַמע און סײַ מיַין פאָטער זענען געווען אין אַ ביטערן פיזישן מצבֿ. דער פאָטער

אויסגעצערט און אויסגעבלייכט, ווי זיי וואָלטן לאַנג קיין ברעקל זון נישט געזען. סיי פּיזיש און סיי גײַסטיק זענען זיי געווען אויסגע־פּײַניקט. גאַנץ באַזונדער זענען מײַנע עלטערן געווען אָפּגעשוואַכט, אויך פון לעבן אָן דער מינדסטער פּיזישער באַוועגונג. אויך מײַן שוועסטער, דאָס ווײַב פון נחום לעווין, איז צוזאַמען מיט די קינדער געווען אין גראָדזשיסק. אויך זי, ווי איר מאַן נחום לעווין, האָט געהאַט זיך געשפּײַזט מיט די אילוזיעס פון דעם מערדער, דעם קאָמענדאַנט פון טרעבלינקע, וואָס האָט געפּרעסן און געזויפט בײַ איר טיש, און צום סוף ״געהאַלטן זײַן וואָרט״, אַז אים, נחום לעווין און זײַן פאַמיליע וועט גאָרנישט געשען, און ער ״וועט בלײַבן אויפן אָרט״. אין דעם פּרט, ווי אויבן געזאָגט, האָט דער נאַצי געהאַלטן וואָרט — ער האָט נחום לעווינען נישט אַרויסגעפירט, נאָר דערשאָסן אים אין סאָקאָלאָוו, אויפן אָרט... אויך מײַן פעטער מיט זײַן פרוי און קינדער זענען פון וואַרשע געקומען קיין סאָקאָלאָוו, ווו זיי האָבן געהאָפט צו געפינען אַ זיכערן פּלאַץ, וואָרום נחום לעווין איז דער פּרעזעס פון דעם ״יודענראַט״ און ער איז אויסגעקאָכט מיט דער נאַצישער מאַכט, און דערצו האָט ער די פאַרזיכערונג פון דעם קאָמענדאַנט פון טרעבלינקע; ער, נחום לעווין, שרײַט אָפּ גזירות וואָס אין אַנדערע שטעט און שטעטלעך זענען די זעלבע גזירות גורם גירושים און צעשיסונגען! קען דען זײַן אַ מער זיכערער פּלאַץ ווי אין סאָקאָלאָוו?

מיטן ברענגען מײַנע נאָענטסטע אין גראָדזשיסקער הויף, ווו יידן האָבן געאַרבעט, האָב איך זיי אָפּגעראַטעוועט אויב נישט פון אַ הונגער־טויט, איז לכל הפּחות פון דעם אומענדלעכן ייאוש, וואָס האָט זיי געהאַט באַהערשט. אָבער די פראַגע וואָס האָט זיך געשטעלט איז געווען: וואָס טוט מען ווײַטער? און בײַ וועמען באַהאַלט מען זיי? אַ פּאָליאַק וועט פאַר קיין שום אוצר נישט ריזיקירן מיט זײַן לעבן פאַר אויסבאַהאַלטן יידן. און אַפילו עס זאָל זיך געפינען אַן איינציקער צדיק אין סדום — וועלן די שכנים אים מסרן און דערפאַר וועלן זיי פון די נאַציס באַקומען אַ באַלוינונג פאַר העלפן זיי מאַכן פוילן ״יודענריין״.

אָדער די אָרטיקע קריסטלעבע באַפעלקערונג האָט באַהערשט דאָס געטאָ און רויבט אויס דאָס פאַרמעגן וואָס די יידן האָבן איבערגעלאָזט?

הגם די פּאָליאַקן זענען בדרך כּלל געווען גלײַכגילטיק צו דעם וואָס די נאַציס טוען צו די יידן, האָט דאָך אין דער סבֿיבֿה געהערשט אַ געוויסע שפּאַנונג — מעגלעך אַז די שפּאַנונג האָט זיך געשאַפן מחמת דעם וואָס עס איז פאַראַן אַ געלעגנהייט צו רויבן יידיש גוטס, און דער רויב ווערט צוגענומען דורך די דײַטשן, אָנשטאָט ער זאָל אַרײַנפאַלן אין דער הענט פון זיי, פון די פּאָליאַקן.

עטלעכע טעג נאָך דעם ווי דאָס געטאָ איז ליקווידירט געוואָרן איז צו מיר קיין סאַבניע געקומען אַ קריסט און מיר פאַרטרויט, אַז מײַנע עלטערן צוזאַמען מיט נאָך משפּחה־מיטגלידער זענען באַהאַלטן אין אַ בונקער אונטער אונדזער אייגן הויז אין סאָקאָלאָוו. מײַנע עלטערן האָבן אים געשיקט מיר איבערצוגעבן, אַז זיי האָבן נישט קיין שפּײַז און נישט קיין וואַסער און אַז אויב זיי וועלן נישט אַרויס פון דעם בונקער, וועלן זיי דאָרט אומקומען.

אויסער מײַנע עלטערן זענען אין דעם בונקער געווען באַהאַלטן אַ זיבעצן־אַכצן נפשות, צווישן זיי: מײַן ברודער מיט זײַן פרוי און קינדער און מײַן פעטער פון וואַרשע מיט זײַן פרוי און קינדער. געהערט די בשורה, האָב איך געדונגען אַ וואָגן געשפּאַנט מיט צוויי פערד און דעם אייגנטימער פון דעם געשפּאַן האָב איך אַוועקגעשיקט קיין סאָקאָלאָוו צו דעם קריסט, וואָס האָט מיר געבראַכט די בשורה, דערמיט אַז ביידע זאָלן בײַנאַכט אַרויסנעמען אַלע וועלכע געפינען אינעם בונקער און זיי אַוועקפירן קיין גראָדזשיסק. אַזוי האָבן זיי געטאָן: בײַנאַכט זענען זיי צוגעפאָרן צו אונדזער הויז און אַרויסגענומען פונעם בונקער די פאַרהונגערטע, און דורך אונטערוועגן זיי אַוועקגעפירט קיין גראָדזשיסק. קלאָר, אַז איידער דער וואָגן איז אָנגעקומען קיין גראָדזשיסק בין איך שוין דאָרט געווען און אָפּגעוואַרט די מײַניקע.

איך בין דערשיטערט געוואָרן פון צוזעען אין וואָס פאַר אַ שרעקלעכן מצבֿ די געבראַכטע זענען געווען. זיי זענען געווען

עקזיסטענץ פון דער סאָקאָלאָווער קהילה.

אויפן זאַמל־פּלאַץ האָט זיך אַרומגעדרייט דער הויפּט־מחותן פון טויט, דער קאָמענדאַנט פון דעם לאַגער טרעבלינקע, און נאַטירלעך אַז ער האָט זיך צוזאַמענגעטראָפן מיט מײַן שוואָגער נחום לעווין, אָדער מסתמא האָט מײַן שוואָגער זיך צו אים געוואָנדן, ער זאָל האַלטן זײַן צוזאָג.

דער נאַצישער געמיינער ייִנג האָט באַהאַלטן זײַנע מערדערישע כוונות און געזאָגט צו מײַן שוואָגער:

"דיך וועט מען פון דאַנען נישט אַרויספירן. דו וועסט דאָ בלײַבן". און כדי מײַן שוואָגער זאָל זײַן איבערצײַגט, אַז ער בלײַבט, האָט אים דער הויפּשטורעמפירער אַרויסגעפירט פונעם אײַנזאַמלונג־פּלאַץ און מיט אים אַוועק אויף דער פּיענקנאַ גאַס. אין אַ געוויסן מאָמענט האָט דער נאַצי אַרויסגעכאַפּט זײַן רעוואָלווער און אַרײַנגעהאַקט אין מײַן שוואָגער דרײַ קוילן.

ער איז ווירקלעך נישט אַרויסגעפירט געוואָרן פון סאָקאָלאָוו; ער איז געבליבן אויפן פּלאַץ — אַ טויטער.

נאָך אַ "סעלעקציע" — ווער קיין טרעבלינקע צום טויט און ווער פאַרשיקט צו ווערן אין אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער, כדי דאָרט אומצוקומען — איז די סאָקאָלאָווער יידישע עדה אַרויסגעפירט געוואָרן אין לאַסט־וואַגאָנען אויף תמיד. די אַלטע סאָקאָלאָווער קהילה איז פאַרשניטן געוואָרן מיט די וואָרצלען.

מײַנע עלטערן און מײַן גאַנצע משפחה האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין אַ קעלער אין אונדזער אייגן הויז. וועגן דעם אַז אין פאַל פון סכנה וועלן זיי זיך אויסבאַהאַלטן, האָב איך געוווסט, איך האָב אָבער אויך געוווסט, אַז אין דער באַהעלטעניש האָבן זיי נישט קיין לעבנסמיטלען. זייער גאַנצער שפּײַז־מאַגאַזין אין דעם קעלער איז געווען אַ פאַס מיט אײַנגעזײַערטע אוגערקעס. זייער מצב האָט מיר נישט געגעבן קיין רו. איך האָב אויך נישט געוווסט ווי עס זעען אויס די באַדינגונגען אויף דעם שטח פון דעם געוועזענעם געטאָ, נאָך דעם ווי די יידן זענען אַרויסגעפירט געוואָרן. ווער באַלעבאַטעוועט דאָרט? צי ווערט דאָס אויסגעליידיקטע געטאָ געהיט פון נאַציס,

פֿאַמיליע, צווישן איר אויך מײַנע עלטערן. אַזוי בין איך אויך געקומען קיין סאָקאָלאָוו ערב יום־כּפּור.

כ'האָב דעמאָלט געהאַט אַ זייער שלעכט פֿאָרגעפֿיל. מסתמא האָבן אַן ענלעך פֿאָרגעפֿיל חיות אין פֿעלד ווען עס רוקן זיך אָן שווערע וואָלקנס פֿאַר אַ שטורעם, און זיי הייבן אָן לויפֿן, כּדי זיך צו שיצן קעגן דעם שטורעם. מײַנע עלטערן האָבן מיר איבערגעגעבן אַז יום־כּפּור מאַכן זיי אַ מנין אין זייער הויז, און זיי האָבן מיך געבעטן, איך זאָל קומען צו די תּפֿילות. אַלץ אין מיר האָט זיך קעגנגעשטעלט קעגן דעם וואָס זיי האָבן געבעטן בײַ מיר. איך האָב זיי אויפֿריכטיק געזאָגט, אַז איך וואָלט גערן געקומען צו די תּפֿילות, נאָר פֿאַר אָט דעם יום־כּפּור האָב איך זייער שטאַרק מורא. דער יום־כּפּור שרעקט מיך. איך האָב דאָס געמוזט זאָגן, הגם מײַנע ווערטער האָבן מײַנע עלטערן פֿאַרשאַפֿט צער.

צו מײַן אומגליק איז מײַן פֿאָרגעפֿיל פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין ביטערער ווירקלעכקייט:

מוצאי יום־כּפּור איז דאָס געטאָ אין סאָקאָלאָוו אַרומגעשטעלט געוואָרן דורך דער זאָנדערקאָמאַנדאָ פֿון נאַציס און אוקראַינער, פֿון פּוילישער פּאָליציי און פּרײַוויליקע פּוילישע אַנטיסעמיטן. די ייִדן זענען אַרויסגעטריבן געוואָרן פֿון זייערע הײַזער צו אַן אײַנזאַמלונג־פּלאַץ. ווער עס האָט זיך נישט צוגעשטעלט ווי עס איז געווען דער באַפֿעל, איז דערשאָסן געוואָרן ווי נאָר אַזעלכער איז געפֿונען געוואָרן אין אַ באַהעלטעניש.

צו אָט דעם טראַגישן ספּעקטאַקל איז פֿון טרעבלינקע געקומען דער קאָמענדאַנט, דער הויפּטשטורעמפֿירער, וואָס האָט זיך גע־פֿרײַנדלט מיט מײַן שוואָגער נ. לעווין, דעם פֿאָרזיצער פֿון דעם יו־דענראַט", געפֿרעסן און געזויפֿט בײַ אים און אים פֿאַרוועבט מיט אילוזיעס. מײַן שוואָגער איז נאַטירלעך אַרויס צום זאַמל־פּלאַץ צוגלײַך מיט אַלע ייִדן, ווײַל אין דעם פֿאַל האָט דער "יודענראַט" פּאַקטיש אויפֿגעהערט עקזיסטירן.

ס'איז געווען דער סוף פֿון אַלע אײַנרעדענישן און גוטע ווינטשן. ס'איז געווען דער פֿינאַל פֿון דער צוויי־און־דרײַ הונדערטיעריקער

אַז די קריסטן, וואָס ווינען בײַ אים זענען פּאַקטיש יידן; זיי האָבן אָפּגענאַרט אַז זיי זענען פּאָליאַקן־קאַטאָליקן...

זײַענדיק אין סאַבניער הויף האָב איך צוגעגרייט פאַר מיר, פאַר מײַן פרוי און מײַן שוועגערין פּאַלשע דאָקומענטן אַז מיר זענען קריסטן. צו די דאָקומענטן האָב איך געדאַרפט האָבן פּאַספּאָרטן־פּאָטאָס. אַזעלכע האָב איך נישט געהאַט. כדי צו מאַכן פּאָטאָס האָב איך פון גראָדזשיסק אַרויסגערופן אַ זון פון מײַן שוואָגער, וואָס האָט געהאַט אַ קליינעם פּאָטאָ־אַפּאַראַט. האָט ער געמאַכט קליינע בילדער אַזעלכע ווי נאָר ער האָט געקענט. פון סאָקאָלאָוו איז קיין סאַבניע געקומען אַ יונגער פּאָליאַק, וואָס האָט זיך אונטערגענומען אויסצופאַרטיקן פאַר מיר, פאַר מײַן פרוי און שוועגערין "קענקאַרטן", אַז מיר זענען געבוירענע פּאָליאַקן־קאַטאָליקן. אַזוי אַרום בין איך אין איינעם אַ טאָג געוואָרן אויס ייד און פאַרוואַנדלט געוואָרן נישט בלויז אין אַ פּאָליאַק־קאַטאָליק, נאָך אויך אין אַ דאָקטער. מײַן נאָמען איז געווען: **דאָקטער עוגעניוש לעוואַנדאָווסקי**, אַ געבוירענער און סטאַבילער אײַנוווינער איז קראָקע, און די "קענקאַרטע" איז אַרויסגעגעבן דורך דער נאַצישער מאַכט אין קראָקע. מײַן פרוי און שוועגערין זענען אויך געוואָרן פּאָליאַקן־קאַטאָליקן, נאָר זייער פאַמיליע־נאָמען איז געווען **סטעמירסקאַ**, געבוירענע אין ווישקאָוו בײַם טײַך בוג.

דער פּאָליאַק, וואָס האָט פאַר אונדז **צוגעגרייט** די "קענקאַרטען", איז צופעליק, אָדער נישט צופעליק געקומען אין סאַבניער הויף. עס איז מעגלעך, אַז ער האָט דערשנאַפּט אַז דאָרט באַהאַלטן זיך אויס יידן און ער וועט קענען בײַ זיי פאַרדינען געלט. ער איז געווען דער דאָקומענטן־פעלשער פאַר דער אַ. קאַ. (אַרמיאַ קראַיאָוואַ), וואָס האָט געדאַרפט האָבן פּאַלשע דאָקומענטן פאַר אירע צוועקן.

מיט מײַן "קענקאַרטע" אַלס ד"ר עוגעניוש לעוואַנדאָווסקי פלעג איך קומען קיין סאָקאָלאָוו זעען מײַן איבערגעבליבענע

דאָקומענט, אַז איך וועל צוגעטיילט צו אַרבעט אין דערווירטשאַפט פון דעם סאַבניער הויף. האָבנדיק די הילף פון דעם פוילישן באַאַמטן האָב איך אייגנטלעך געקענט האַנדלען מיט עטלעכע דרײַסיק אַרבעט־פּלעצער פאַר יידן פון געטאָ און אַזוי אַרום זיי ראַטעווען. נישט בלויז האָב איך חלילה פון דעם מצבֿ נישט געמאַכט קיין געשעפט, נאָר — אומגעקערט — איך האָב געדאַרפט אָנווענדן כּל מיני תּחבולות, יידן זאָלן מיט מיר גיין. וואָרום יידן אין געטאָ האָבן זיך געפונען אין אַזאַ מצבֿ פון ייאוש און בהלה, אַז ס'איז זיי געווען שווער משיג צו זײַן וואָס איך לייג זיי פאָר.

די יידן האָבן גאַנץ פּשוט פאַרלוירן יעדן צוטרוי און אמונה צו מענטש און גאָט. דעם זעלבן שבתדיקן טאָג האָב איך ענדלעך אָרגאַניזירט צו זיך נאָך פיר און דרײַסיק יידן. שבת־צו־נאַכט האָב איך געדונגען אַ לאַסט־אויטאָ און אַוועק פון סאָקאָלאָווער געטאָ אין סאַבניער הויף.

מײַן גאַנצע משפּחה איז אַוועק קיין גראָדזשיסק. מײַן שוואָגער האָט מיט דעם גראָדזשיסקער פּריץ אָפּגעמאַכט דאָס זעלבע וואָס איך האָב אָפּגעמאַכט מיט דעם סאַבניער פּריץ — זיי וועלן פאַר אים אַרבעטן פולשטענדיק אומזיסט, גרייטע צו טאָן יעדע אַרבעט.

אין אַרבעטן אין פּריצישע פאָלוואַרקן האָב איך נישט געזען קיין זיכערקייט איבערצולעבן. איך האָב בסדר געדענקט די וואָרנונג פון קיסטנערן, אַז אַלע יידן וועלן לסוף פאַרניכטעט ווערן, ווײַל פּוילן דאַרף זײַן "יודענריין".

אַרבעטן אין פּריצישע הייף האָט געהייסן זײַן קאָנצענטרירט אויף אַ פּלאַץ, וואָס איז רעגיסטרירט אין דעם נאַצישן אַרבעט־אַמט. ווי די נאַציס ליקווידירן די געטאָס און פירן אַרויס די יידן, אַזוי וועלן זיי אויך ליקווידירן די אַרבעט־פּלעצער, ווו עס אַרבעטן ייִדן, און די יידן אומברענגען. איך בין דעריבער געקומען צו דער דעה, אַז כּדי איבערצולעבן מוזן מיר באַקומען אידענטיטעט־קאַרטן ווי קריסטן. ווי קריסטן וועלן מיר עווענטועל קענען וווינען בײַ קריסטן אָן צו ריזיקירן זייער לעבן, אַז זיי באַהאַלטן יידן. וואָרום אין פאַל פון אַ מסירה, וועט אַזאַ קריסט קענען טענהן, אַז ער האָט נישט געוווּסט,

מיר איז געבליבן נישט עפּעס אַנדערש ווי אַרויסבאַקומען זיך פון סאָקאָלאָוו בכלל.

אין וואַרשע האָבן מיר געהאַט אַ באַקאַנטע קריסטין, זי האָט אַ מאָל געהאַט אַ פּענסיאָנאַט אין אורלע, אַ וואַלדיקער דאַטשע־אָרט הינטער וואַרשע. זי איז געווען גוט באַפריַינדעט מיט מיַין פרוי. איר אַדרעס האָב איך נישט געקענט. האָב איך פאַר אַ גוטער באַלוינונג אַוועקגעשיקט קיין וואַרשע אַ פּאָליאַק, אַ באַן־אַרבעטער, ער זאָל אויסגעפינען די פאַמיליע פון דער פרוי — טשערוויעץ איז געווען איר נאָמען — און מיר ברענגען קיין סאָקאָלאָוו איר אַדרעס.

עס זענען געווען הייסע, סכנהדיקע טעג. קיין סאָקאָלאָוו איז אָנגעקומען די זאָנדערקאָמאַנדאָ פון דיַיטשן און אוקראַינער אין שוואַרצע מונדירן. די קאָמאַנדאָ איז געווען אויפן וועג קיין שעדלעץ, דערוויַיטערט פון סאָקאָלאָוו בלויז עטלעכע צוואַנציק קילאָמעטער, אָבער ביַי דער געלעגנהייט פון אַדורכפאָרן די שטאָט האָבן די דיַיטשן און אוקראַינער געמאָרדעט קינד און קייט, יעדן אָנגעטראָפענעם ייִד אין געטאָ. זיי זענען וויַיטער געפאָרן כּדי צו ליקווידירן דאָס געטאָ אין שעדלעץ און די ייִדן אַוועקפירן קיין טרעבלינקע. די לעבנגעבליבענע ייִדן אין סאָקאָלאָוו זענען אַ־ריַינגעפאַלן אין טויט־בהלה.

דאָס אַלץ איז געשען אין איינעם אַ שבתדיקן טאָג.

ווי אַ רעגיסטרירטער צו אַרבעט אויסער דעם געטאָ, בין איך דעם טאָג אַרויס אויף דער פּוילישער זיַיט. גאַנץ צופעליק האָב איך באַגעגנט דעם פריץ פון דעם סאַבניער הויף. מאַניושקאָ האָט ער געהייסן. דאָס לעבן פון די פּאָליאַקן איז דאָך געפלאָסן נאָרמאַל. האָט מיר דער סאַבניער פריץ דערקלערט, אַז ער נויטיקט זיך אין פינף און דריַיסיק מענטשן צו לאַנדווירטשאַפטלעכער אַרבעט אין זיַין הויף. ער האָט אויסגעדריקט זיַין גרייטקייט צו גיין מיט מיר אין אַרבעט־אַמט, כּדי אַרויסבאַקומען אַ באַשטעטיקונג אַרויסצונעמען פונעם געטאָ 35 ייִדן צו דער אַרבעט, און צווישן זיי וועל אויך איך זיַין. אין אַרבעט־אַמט האָב איך געפונען אַ פּוילישן באַאַמטן, וואָס האָט פאַר אַ באַלוינונג מיר אַרויסגעגעבן אַ

ווער איך שוין זאָרגן דערפֿאַר, זי זאָל זיך אַרײַנבאַקומען אין געטאָ.

צופֿעליק און על־פּי־נס איז אָט די אַראַנזשירונג, צו ברענגען מײַן שווּעגערין קיין סאָקאָלאָוו, פֿאָרגעקומען בלויז עטלעכע טעג פֿאַר דער פֿולשטענדיקער ליקווידאַציע פֿון דעם געטאָ אין יאַדעווע. אַזוי אַרום איז ווייניקסטנס מײַן שווּעגערין אָפּגעראַטעוועט געוואָרן פֿון אַ זיכערן טויט. אָבער דאָס אַלץ איז געווען אַ לייזונג בלויז אין דער הייסער שעה. קינד און קייט האָבן געפֿילט, אַז די שעה פֿון טויט־סכנה דערנעענטערט זיך.

וואָס ווײַטער? וואָס טוט מען כּדי ראַטעווען דאָס לעבן?

בלויז צוויי צווייפֿלהאַפֿטע ברירות זענען געבליבן: אַנטלויפֿן אין די אַרומיקע וועלדער, אָדער זיך אויסבאַהאַלטן בײַ פּאָליאַקן. די ברירות האָבן נישט אויסגעהאַלטן דעם מינדסטן פּרוּוו: אַפֿילו ווען די וועלדער זענען גרויסע און געדיכטע, איז אוממעגלעך זיך אויסצובאַהאַלטן אין זיי מיט פֿרויען און קינדער, אָן צו זײַן פֿאַרזאָרגט מיט לעבנסמיטלען און געווער. וויפֿל לעבנסמיטלען קען מען מיטנעמען, ווען מען אַנטלויפֿט בלויז מיטן נאַקעטן לעבן? און ווו קען מען קויפֿן געווער און וויפֿל? בפֿרט אַז די סבֿיבֿה פֿון די פּאָדליאַשער פּאָליאַקן איז פֿון דור־דורות אַ פֿאַרגיפֿטעטע פֿון אַנטיסעמיטיזם, און די פּאָליאַקן זענען צעיושעט פֿון דער מעגלעכקייט אויסצורויבן די ייִדישע הײַזער.

די צווייטע צווייפֿלהאַפֿטע ברירה איז אויסצובאַהאַלטן זיך בײַ פּאָליאַקן. אומעטום ווו די נאַציס האָבן אַרויסגעפֿירט די ייִדן, סײַ אין די אַרבעט־לאַגערן און סײַ זיי צו פֿאַרניכטן, האָבן זיי דורך באַקאַנטמאַכונגען געלאָזט וויסן, אַז פּאָליאַקן, וואָס וועלן אויסבאַהאַלטן ייִדן, אָדער זיי צוטיילן אַ נאַכטלעגער, אָדער געבן אַ שטיקל ברויט — וועלן דערשאָסן ווערן צוזאַמען מיט די ייִדן, און זייערע הײַזער וועלן פֿאַרברענט ווערן.

ווי לאַנג וועט אַפֿילו אַ הומאַנער פּאָליאַק מיט די מענטשלעכסטע געפֿילן אויסהאַלטן נערוועז דאָס אויסבאַהאַלטן אַ ייִדישע פֿאַמיליע ווען איין קריסטלעכער שכן קוקט נאָך דעם צווייטן מיט פֿאַרדאַכט?

יידישער באַפעלקערונג און זי אַריינגעטריבן אין ייאוש. די שטעטישע יידן האָבן דערפילט, אַז צו זיי דערנעענטערט זיך דער סוף. זיי זענען אַזוי נאָענט צו טרעבלינקע!

אין אָט די טעג פון ייאוש און אויסזיכטלאָזיקייט, ווען ווו צו אַנטלויפן איז נישטאָ און וועמען עס זאָל העלפן איז אויך נישטאָ, איז מיין פרוי קראַנק געוואָרן. כדי איר צו העלפן מיט דאָקטאָרישער און מעדיצינישער הילף, האָב איך זיך פאַרשריבן צו אַרבעטן. אַזוי אַרום האָב איך געקענט אַרויסגיין פונעם געטאָ און אויך זיך פאַרשטענדיקן מיט מיין שוועגערין, מיין פרויס שוועסטער, אין יאַדעווע. זייענדיק אויסער דעם געטאָ האָב איך טעלעפאָנירט צו אַ באַקאַנטן קריסטלעכן דאָקטער אין יאַדעווע. דער דאָקטאָר האָט גערופן צו זיך מיין שוועגערין, איך האָב טעלעפאָניש גערעדט מיט איר און איר צוגערעדט זי זאָל קומען קיין סאָקאָלאָוו צו העלפן מיר מטפל זיין זיך מיט מיין פרוי.

ווי אַזוי האָט מיין שוועגערין געקענט קומען קיין סאָקאָלאָוו, אויב פאַר אַ יידישן מענטש איז געווען פאַרבאָטן צו פאָרן סיי מיט דער באַן און סיי מיט וועלכע עס איז אַנדערע קאָמוניקאַציע־מיטלען, בפרט אַז מיין שוועגערין האָט נישט געהאַט אַזאַ "גוט פנים" ווי מיין פרוי? נאָר אין געפאַר, ווען דאָס לעבן הענגט אויף אַ האָר, האָט מיר געקענט איינפאַלן וואָס עס איז מיר געקומען אויף דער מחשבה, כדי צו ברענגען מיין שוועגערין קיין סאָקאָלאָוו:

איך האָב זיך מיט איר אָפגעשמועסט, אַז איך וועל פון סאָקאָלאָוו אַרויסשיקן אַן אַמבולאַנס פון דער גיכער הילף, כדי זי צו ברענגען אַ "פאַרוווּנדעטע" קיין סאָקאָלאָוו. דער אַמבולאַנס וועט נאַטירלעך זיך געפינען אויף דער קריסטלעכער זייט, ווייל יידן טאָרן דאָך נישט געניסן פון דער אַלגעמיינער מעדיצינישער הילף. די אויפגאַבע פון מיין שוועגערין איז: אַרויסבאַקומען זיך פון דעם געטאָ אין יאַדעווע און גיין צום פוילישן דאָקטער, מיין באַקאַנטן. ער וועט זי איינוויקלען אין באַנדאַזשן אַזוי, אַז עס זאָל נישט בלייבן דער מינדסטער סימן ,אַז די "פאַרוווּנדעטע" איז אַ יידישע. אַזוי אַרום וועט דער אַמבולאַנס זי ברענגען קיין סאָקאָלאָוו. דאָ, אין סאָקאָלאָוו,

אַזוי נאָענט צו סאָקאָלאָוו, און ביז דעם טאָג איז פון דאָרט נישט דערגאַנגען קיין שום ידיעה. דער קאָמענדאַנט פון דעם לאַגער קומט קיין סאָקאָלאָוו צו זויפן און פרעסן בײַ זײַן ״פרײַנד״ דעם עלטסטן פון די ייִדן, ער פירט זיך אויף נאָרמאַל — איז ווי קענען זײַן מעגלעך די פינצטערע בשורות?

אין איינעם אַ טאָג, האָבן זיך אין סאָקאָלאָוו באַוויזן איינצלנע וואַרשעווער יידן, וואָס זיי איז געלונגען צו אַנטלויפן פון טרעבלינקע, און זיי האָבן דערציילט:

פון וואַרשע ווערן קיין טרעבלינקע געבראַכט ריזיקע טראַנספּאָרטן יידן. די ייִדן ווערן פריִער באַרויבט פון זייער לעצט פאַרמעגן און דערנאָך ווערן זיי אַרײַנגעטריבן אין גאַז־קאַמערן און אומגעבראַכט. זייערע קערפּערס ווערן שפּעטער פאַרברענט. זייערע קליידער ווערן פאַרפּאַקט אין באַלן און אַזוי אויך זייערע שיך. אַפילו די האָר פון פרויען, וואָס זייערע קעפּ ווערן אָפּגעשוירן איידער זיי ווערן געטריבן אין די גאַז־קאַמערן, ווערן פאַרפּאַקט אין גרויסע פּעק און דאָס אַלץ ווערט אַוועקגעשיקט מיט לאַסט־וואַגאָנען קיין דײַטשלאַנד.

ווי אַזוי איז די איינצלנע יידן געלונגען צו אַנטלויפן פון טרעבלינקע?

אין טרעבלינקע זענען יידישע קרבנות געצוווּנגען געוואָרן אויך צו באַטייליקן זיך אין צוגרייטן זייערע ברידער זיי אומצוברענגען: אָפּצושערן די האָר פון די פרויען, סאָרטירן די קליידער און ווערטזאַכן, די זאַכן פאַרפּאַקן און זיי אָנלאָדן אין וואַגאָנען. אייניקע פון די יידן, וואָס זענען באַשעפטיקט געוואָרן בײַם אַרײַנטראָגן די פּעק אין וואַגאָנען זיי אַוועקצושיקן קיין דײַטשלאַנד, האָבן זיך באַהאַלטן אונטער די פּעק. שפּעטער, ווען די באַן האָט גערירט, זענען די יידן אַרויסגעשפּרונגען פון דער לויפנדיקער באַן און מיט וועגן און אומוועגן דערגרייכט צו דער נאָענטסטער שטאָט — סאָקאָלאָוו.

דאָס שילדערן די שרעקלעכקייטן וואָס די נאַציס טוען אָפּ צו ייִדן אין טרעבלינקע האָט זיך בליץ־שנעל פאַרשפּרייט צווישן דער

מחמת דער ״פריַינדשאַפט״ פון דעם הויפטשטורעמפירער און דער מעגלעכקייט איבערצוקויפן די סאָקאָלאָווער נאַצישע מאַכט־האָבער, האָט מײַן שוואָגער געלעבט מיט ביטערע אילוזיעס. אָט די גוטע באַציִונגען צווישן אים און די נאַצישע הערשער האָבן דאָך געווירקט, אַז אויך איך זאָל אָנהייבן גלייבן, אַז אין סאָקאָלאָוו וועט דאָס לעבן פון יידן זײַן לײַכטער, און דעריבער האָב איך דאָך איבערגעקויפט דעם יאַדעוווער בירגערמײַסטער, שרעדער, מיט אַ ברילאַנט פון דרײַ און אַ האַלבן קאַראַט, ער זאָל פאַר מיר אַרויסבאַקומען פון דעם לאַנדראַט אין וואַרשע אַן ״אײַזערנעם בריוו״, איך זאָל קענען פרײַ איבערפאָרן פון יאַדעווע קיין סאָקאָלאָוו. אָבער פון די גרוסן וואָס זענען אָנגעקומען פון אַנדערע שטעט און שטעטלעך, האָב איך געמאַכט דעם אויספיר, אַז מײַן שוואָגערס ״פרײַנד״ וויגן אים אײַן מיט אילוזיעס. זיי וועלן דורך אים אויסצאַפּן דאָס לעצטע וואָס די סאָקאָלאָווער יִידן האָבן פאַרהאָרעוועט במשך פון דורות און שפּעטער וועלן זיי אויך צורויבן זייער לעבן.

מיר האָט דאָך קיסטנער נאָך מיר אַ צײַט צוריק פאָרויסגעזאָגט, אַז די נאַציס וועלן מאַכן פוילן ״יודענריין״. איך געדענקט זײַנע ווערטער:

״דו, פיעקאַרסקי, — האָט ער געזאָגט — ביסט נישט קיין ייד, דו מוזט בלײַבן לעבן, אָבער אַלע אַנדערע יִידן וועלן אומגעבראַכט ווערן ביז צום לעצטן״.

מײַן שוואָגער, וואָס עס איז אים גוט געווען מיט דער אילוזיע, האָט געהאַט אַ קעגן־אַרגומענט:

דער הויפטשטורעמפירער, דער קאָמענדאַנט פון טרעבלינקע האָט אים פײַערלעך פאַרזיכערט, אַז אים און זײַן פאַמיליע וועט גאָרנישט געשען...

באַלד האָט די ביטערעווירקלעכקייט אָנגעהויבן פונאַנדערוויייען אַלע אילוזיעס: די נאַציס זאַמלען צונויף טראַנספּאָרטן יידן און שיקן זיי אַוועק קיין טרעבלינקע אומצוברענגען זיי מאַסנווײַז. צי איז עס מעגלעך? טרעבלינקע ליגט

דײַטש, האָט שרעדער געהאַט גוטע באַציִונגען מיט די באַאַמטע פֿון דעם לאַנדראַט. ער איז צוריקגעקומען קיין יאַדעווע מיט אַזאַ דאָקומענט, וואָס איך האָב געדאַרפֿט האָבן. דער דאָקומענט, וואָס האָט מיר געגעבן די דערלויבעניש פֿרײַ צו פֿאַרלאָזן יאַדעווע און פֿאָרן וווּהין איך וויל, איז געווען באַזיגלט מיט אַ זיגל מיט דעם האַקנקרײַץ, וואָס איז פֿאַר יעדן נאַצי געווען ווי אַ באַפֿעל פֿון גאָט אַליין.

דאָס איז געווען אין איינעם אַ טאָג פֿון דעם חודש מײַ 1942. האָב איך גענומען מײַן פֿרוי, העניאַ, וואָס האָט געהאַט אַ ״גוט פּנים״ — בלאָנדע האָר מיט אַ העלער הויט, און פּויליש האָט זי גערעדט בעסער פֿון יעדן פּוילישן אינטעליגענט — און מיר זענען אַוועק אין מײַן געבוירן־שטאָט סאָקאָלאָוו פּאָדליאַסקי.

דער פֿאָרזיצער פֿון דעם ״יודענראַט״ אין סאָקאָלאָוו איז געווען מײַן שוואָגער, נחום לעווין. פֿאַר טײַערע מתּנות צו די נאַצישע הערשער אין שטאָט, האָט ער בײַ זיי אויסגעפּועלט פֿאַרלײַכטערונגען און אָפּגעשריגן אַקטן פֿון ווילקיר און הפקרות. איינער פֿון זײַנע ״פֿרײַנד״ איז געווען דער קאָמענדאַנט פֿון דעם לאַגער אין טרעבלינקע, אַ הויפּטשטורעמפֿירער. ער פֿלעגט אַרויפֿקומען צו מײַן שוואָגער אין הויז, דאָרט געגעסן און געטרונקען און זיך דערקלערט אין פֿרײַנדשאַפֿט.

די ייִדן אין סאָקאָלאָוו האָבן דעמאָלט נישט געוווּסט וואָס פֿאַר אַ סאָרט לאַגער עס איז טרעבלינקע, הגם ער געפֿינט זיך סך־הכּל אַרום פֿערציק קילאָמעטער פֿון סאָקאָלאָוו. ייִדן האָבן געהערט אַז עס עקזיסטירן לאַגערן, נאָר דאָס זענען מסתּמא לאַגערן וווּ ייִדן ווערן געהאַלטן צו צוואַנג־אַרבעטן. עס איז זיי גאָר נישט אײַנגעפֿאַלן, אַז דער לאַגער אין טרעבלינקע איז אַ נאַצישע מאָרד־פֿאַבריק. אַזוי ווײַט האָט דער נאַצי, דער הויפּטשטורמפֿירער און קאָמענדאַנט פֿון טרעבלינקע, אויסבאַהאַלטן פֿון זײַן ״פֿריינד״, נחום לעווין, דעם כאַראַקטער פֿון טרעבלינקע, אַז יידע פֿלעגן קומען צו מיר קיין יאַדעווע אויסקלײַבן שטאָפֿן אויף קליידער און דער נאַצי האָט מאַניפֿעסטירט זײַן גוטפֿרײַנדשאַפֿט ווי נאָר ער האָט געקענט.

האָט געזאָגט, האָט דער נאַצי באַפוילן ער זאָל גיין מיט אים. דער מערדער האָט דעם רבֿ אַרויסגעפירט אין הויף פונעם "יודענראַט" און אַרויסגעצויגן זײַן רעוואָלווער. ווי דער רבֿ האָט געזען וואָס עס גייט געשען מיט אים, האָט ער אָנגעשפּיגן אין פּרצוף פונעם זשאַנדאַר־אָפיציר. צוויי־דרײַ שאָסן און דער רבֿ איז געפאַלן אויף קדוש־השם. דער רוצח האָט צוריקגעקערט אין "יודענראַט" און באַפוילן, אַז אויף דעם זעלבן הויף וווּ דער רבֿ איז דערשאָסן געוואָרן זאָל אויסגעגראָבן ווערן אַ גרוב און אין אים זאָל באַערדיקט ווערן דער דערשאָסענער. און אַזוי איז געטאָן געוואָרן.

מיט אַ חודש שפּעטער האָט מען געפונען ניעראַדקען אַ געהרגעטן נעבן אורלע. ווער עס האָט אים געהרגעט איז געבליבן אַ סוד.

דער פאַל מיט דעם טלושטשער רבֿ האָט מיך באַוויגן איך זאָל זיך באַפרײַען פון אַלע מעגלעכע אילוזיעס און אָננעמען פאַר אַ פאַקט, אַז נישט געקוקט אויף אַלע מײַנע מעגלעכקייטן און בראַוורע איבערצוקויפן נאַציס — איז דאָס לעבן פון מײַן משפחה און פון מיר גופא אין גרויסער סכנה. אויב דאָס לעבן פון ייִדן איז געוואָרן אַזוי הפקר, ווי עס איז געוואָרן, און קיין שום טויט־גזירה קען מען נישט אָפּשרײַען — איז אויך מײַן לעבן אין געפאַר.

דער בירגערמײַסטער פון יאַדעווע, שרעדער האָט ער געהייסן, איז געווען מײַנער אַ גוטער פרײַנד, בין איך אַוועק צו אים און אים פאָרגעלייגט אַ "געשעפט":

אַזוי ווי די ערד הייבט אָן ברענען אונטער אונדזערע פיס און איך ווייס נישט ווען דאָס אומגליק וועט זיך דערנעענטערן צו יאַדעווע, בעט איך אים, ער זאָל פאַר מײַנעטוועגן אַרויסבאַקומען פון דעם לאַנדראַט אין וואַרשע אַן "אײַזערנעם" דאָקומענט, איך זאָל קענען פרײַ פאַרלאָזן די שטאָט. פאַר אַזאַ דאָקומענט וועל איך אים געבן אַ ברילאַנט פון דרײַ און אַ האַלבן קאַראַט. שרעדער האָט געהאַט אַ פוילישע געליבטע, האָט אים מײַן פאָרשלאָג זייער שטאַרק אַ נעם געטאָן. אָן וועלכע עס איז שהיות האָט ער זיך אַרײַנגעזעצט אין זײַן אויטאָ און געפאָרן קיין וואַרשע אין לאַנדראַט. אַליין אַ פאָלקס־

די נאַצישע אַקציע אויסצולייִדיקן די קליינע שטעטלעך, וואָס זיי האָבן פֿריער נישט אויסגעלייִדיקט, ווי זיי האָבן עס געטאָן אין ווישקאָוו און די שטאָט פֿאַרברענט, און די אַרויסגעטריבענע ייִדן אײַנגעזאַמלט אין וואַרשעווער געטאָ.

מיט אָט די גירושים קיין וואַרשע האָבן זיי ענדגילטיק חרובֿ געמאַכט יעדן עקאָנאָמישן אָנשפּאַר פֿאַר ייִדן. אין די אויסגעלייִדיקטע ייִדישע שטעטלעך איז געבליבן די פּראַצע פֿון דורות, געבליבן צום רויב פֿון די נאַציס און פֿון די אָרטיקע פּאָליאַקן.

צווישן וואַרשע און יאַדעווע האָט זיך געפֿונען אַ קליינטשיק שטעטעלע טלושטש. אין איינעם אַ טאָג האָבן די נאַציס צונויפֿגעזאַמלט אַלע ייִדן, וואָס האָבן זיך דעמאָלט געפֿונען אין טלושטש און זיי אַרויסגעפֿירט קיין וואַרשע. בלויז דעם רבֿ איז געלונגען זיך אַרויסצובאַקומען פֿון טלושטש. ער איז אָנגעקומען קיין יאַדעווע און זיך אויסבאַהאַלטן בײַם אָרטיקן ראש־ישיבה.

איז געשען אַן אומגליקלעכער צופֿאַל: פֿון וואַרשע איז געקומען אַ נאַצישער זשאַנדאַר־אָפֿיציר צו דער יאַדעווער פּאָליציי. איינער פֿון די פּאָליציי־לײַט, וואָרשײַנלעך איז ער געווען אַ פֿאָלקסדײַטש און געהייסן האָט ער ניעראַדקע, האָט דעם זשאַנדאַר־אָפֿיציר דערציילט, אַז אין יאַדעווע באַהאַלט זיך אויס דער רבֿ פֿון טלושטש, וואָס האָט זיך אַרויסבאַקומען פֿונעם שטעטל, ווען אַלע אָרטיקע ייִדן זענען טראַנספּאָרטירט געוואָרן אין וואַרשעווער געטאָ. איז דער זשאַנדאַר־אָפֿיציר אַוועק אין "יודענראַט" און באַפֿוילן, במשך פֿון אַן ערך צוויי שעה זאָל מען אים צושטעלן דעם טלושטשער רבֿ. אויב דער אולטימאַטום וועט נישט אויסגעפֿירט ווערן, ווי ער באַפֿעלט, וועט דערשאָסן ווערן דעם גאַנצער "יודענראַט". וועגן דעם אולטימאַטום איז גלײַך איבערגעגעבן געוואָרן דעם טלושטשער רבֿ. דער רבֿ איז געקומען אין "יודענראַט", ווו עס האָט געוואַרט דער זשאַנדאַר־אָפֿיציר, און אָן שום שהיות דערקלערט, אַז בשום אופֿן וועט ער נישט מסכּים זײַן אַ מנין ייִדן זאָלן חלילה געטויט ווערן אָנשטאָט אים. אָט האָט ער זיך צוגעשטעלט און ער איז גרייט אַנטקעגנצוגיין זײַן גורל. גלײַך ווי דער רבֿ האָט געזאָגט וואָס ער

* * *

פון צײַט צו צײַט פלעגט קיסטנער קומען קיין יאַדעווע.

ער האָט גאָר שטאַרק ליב געהאַט דעם ביטערן טראָפּן און איך האָב געזאָרגט דערפאַר, ער זאָל קיין מאָל נישט זײַן שנאַפּס־דורשטיק. אַן ערך אַ יאָר פאַר דעם אָנהייב פון דעם טאָטאַלן חורבן, אין 1942, איז קיסטנער געקומען קיין יאַדעווע און מיר פאַרטרויט אַ "רײַכסגעהיימניס", אַז דער דריטער רײַך גרייט זיך מאַכן פוילן פולשטענדיק "יודענריין". דאָס פאַרטרויטע האָב איך אי־בערגעגעבן אין "יודענראַט" און צו מײַנע פרײַנד און באַקאַנטע. קיינער האָט דערין נישט געוואָלט גלויבן. אויך איך אַליין, כאָטש קיסטנער איז געווען כלפּי מיר פולשטענדיק אויפריכטיק, האָב נישט געוואָלט גלויבן, אַז קיסטנער זאָגט מיר דעם אמת. מסתמא, האָב איך געטראַכט, וויל ער דורך אַזאַ ביטערע בשורה, אַרויסבאַקומען פון מיר וואָס מער. וואָרום אויב די ייִדן וועלן גלויבן אין דער שרעקלעכער בשורה — וואָס פאַר אַ ווערט האָט זייער פאַרמעגן? אַוודאי וועלן די נאַציס וואָס אַמאָל מער רודפן און באַרויבן די ייִדן פון אַלע זייער מענטשלעכע רעכט; פון איין זײַט די נויט, דער הונגער, און פון דער צווייטער זייט דער טיפוס, וועלן רײַסן שטיקער פון די מיליאָנען ייִדן אין די געטאָס און לאגערן, אָבער פון דאַנען ביז טאָטאַלער פאַרניכטונג פון אַלע ייִדן אין פוילן — דאָס לייגט זיך נישט אויפן מענטשלעכן שכל.

אין אָנהייב 1942, ווען עס האָבן אָנגעהויבן זיך דורכרײַסן קלאַנגען, אַז די נאַציס האָבן געשאַפן קאָנצענטראַציע־ און פאַרניכטונג־לאַגערן, ווי טרעבלינקע, מײַדאַנעק, בעלזשעץ, סאָביבאָר און זיי ענלעכע, האָבן ייִדן מער מיט דעם אינסטינקט ווי מיט דער קלאָרן שׂכל און לאָגיק פאָראויסגעפילט, אַז עס דער־נעענטערט זיך אַ גרויס אומגליק. ביז גאָר חשדימדיק איז געווען

האָבן זיך אָפּגעטראָגן. צו דער וואַך זענען מיר צוגעקומען צוויי פון די זיבן. אַ געסטאַפּאָ־אונטעראָפּיציר האָט זיך דערנענטערט צו מיר און פרעך אויסגעשריגן: ״וויר האַבען נאָך יודען!״ איך האָב זיך געמאַכט אַ האַרץ און געזאָגט מיט שטאָלץ:

״מיר זענען נישט געקומען דאָ צו אַרבעטן. איך האָב אַ דאָקומענט פון דעם קאָמענדאַנט פון דעם אַרבעט־אַמט צו באַפרייַען אַרבעטנדיקע״. און מיט אַ פאַרטרוילעכן טאָן האָב איך צוגעגעבן: ״ווען דו ווילסט האָבן אַ פּאָר שיינע שטיוול, קום צו מיר אין ״יודענראַט״ אין יאַדעווע און דו באַקומסט אַזעלכע. איצט פיר מיך צום לאַגער־קאָמענדאַנט״.

גייענדיק צו דער לאַגער־קאַנצעלאַריע האָב איך געזען ווי אַ נאַצי שלאָגט די אַרבעטנדיקע אַסירים מכּות רצח מיט אַ נאַגייַקע וואָס ביַים שפּיץ האָט זי אַ בליַי־קיַילעכל, ריטשענדיק אַז די ייִדן זאָלן אין דער בלאָטע טאַנצן שטאַרקער, כּדי די בלאָטע זאָל זיך אויסטרוקענען שנעלער. האָב איך צו דעם מערדער אַ געשריי געטאָן ער זאָל די מענטשן נישט שלאָגן. דער כוליגאַן האָט נישט פאַרשטאַנען מיַין חוצפּה, דאָך האָט ער אַראָפּגעלאָזט זיַין נאַגייַקע.

דאָס איז פאָרגעקומען ווען דער אונטעראָפּיציר איז אַריַין אין דער לאַגער־קאַנצעלאַריע אָנצומעלדן דעם קאָמענדאַנט וועגן אונזער אָנקומען.

דער לאַגער־קאָמענדאַנט האָט אונדז אויפגענומען אַן אָנגעבלאָזענער, אָבער ווי נאָר איך האָב אים דערלאַנגט דעם בריוו, איז ער געוואָרן מילדער. זעט אויס, אַז ער האָט גוט געוווסט ווער קיסטנער איז און וואָס פאַר אַ מאַכט־כּוח ער פאַרמאָגט, וואָרום אָן אויסצורעדן אַ וואָרט האָט ער באַפוילן גליַיך באַפריַיען די יידן.

מיר האָבן די באַפריַיטע — קראַנקע, צעבראָכענע און פאַרוווּנדעטע — אַרויפגעזעצט אויף די דראָזשקעס און מיר זענען אַוועק קיין יאַדעווע.

אַ טאָג שפּעטער איז איינער פון די באַפריַיטע געשטאָרבן פון די קלעפּ, וואָס ער האָט באַקומען פון די נאַציס אינעם לאַגער.

דערנעענטערט זיך דאָס שרעקלעכסטע און וואָס די נאַציס האָבן באַצייכנט מיט "ענדגילטיקע לייזונג פון דער ייִדנפּראַגע". דעריבער האָב איך דאָס באַפרייַען די ייִדן פון דעם אַרבעט־לאַגער און דאָס אָפּראַטעווען אַן איינציקן ייִד פון אַ זיכערן טויט אויפגענומען ווי אַ נס.

וואָס אָנבאַלאַנגט טרוקענע צרות, האָבן זיי זיך ביז דעמאָלט געשאָטן פון אַלע זייַטן און טאָגטעגלעך. קעגן אָט די טרוקענע צרות האָב איך זיך פאַרמאָסטן און זיי בייַגעקומען דורך דעם דערמאָנטן קיסטנער, וואָס אַ דאַנק דער וויכטיקייט פון זייַן אַמט איז ער געווען דער כּל־יכול אין דעם ראַיאָן.

ייִדן פון דעם שטעטעלע לאַכעווע (אויף פּויליש: לאַכווו) האָבן איין מאָל אַלאַרמירט דעם יאַדעווער "יודענראַט", אַז געסטאַפּאָ האָט געכאַפּט ייִדן און קיינער ווייסט נישט צו וואָס פאַר אַ צוועק. אויב נישט אומצוברענגען וועלן די ייִדן פון די נאַצישע לאַפּעס סייַ ווי נישט אַרויס קיין גאַנצע. ווי נאָר די מעשה איז דערגאַנגען צו מיר האָב איך געאײַלט קיין וואָלאָמין צו קיסטנערן און ער האָט באַפוילן די לאַכעווער געסטאַפּאָ גלייַך די ייִדן צו באַפרייַען. איך האָב באַוואונדערט זייַן פרייַנדשאַפט צו מיר. נאַטירלעך איז די פרייַנד־שאַפט געווען אַ געקויפטע. פאַר יעדער טובֿה האָב איך אים באַלוינט מיט אַ ברייטער האַנט, אויף וואָס נישט ער און נישט זייַן פּוילישע געליבטע זאָשע האָבן זיך געקענט באַקלאָגן...

קיסטנער האָט מיר געגעבן אַ בריוו צו דעם קאָמענדאַנט פונעם לאַגער, וואָס האָט געהערט צו דער געסטאַפּאָ אין לאַכעווע. אין איינעם אַ שבת אין דער פרי, איך האָב שוין דעמאָלט געוווּסט געניי ווו די ייִדישע אַסירים געפינען זיך, האָבן מיר געדונגען דרייַ דאָראָזשקעס,און זיבן ייִדן פון דעם "יודענראַט", בתוכם אויך איך, זענען מיר געפאָרן אָפּראַטעווען און אַהיימברענגען די אומגליקלעכע.

אַ פּאָר צענדליק מעטער פאַר דער וואַך פונעם לאַגער האָבן זיך עטלעכע לייַט פונעם "יודענראַט" איבערלייגט, אַז ס׳איז בעסער נישט אַרייַנצוקריכן אין די פּיסקעס פון די נאַצישע וועלף, און זיי

אין דער צײַט לויערן דאָך די נאַציס אויף מענטשן, ווי אויף חיות. וואָס נעענטער די מאַשין איז געקומען צו די דרײַ פאַרשוינען, אַלץ בולטער איז געוואָרן, אַז די צוויי אין שוואַרצע מונדירן פירן דעם מאַן, וואָס איך האָב אים געזען דורך די קראַטן אין דער תּפיסה אין ווערעשין. ער איז געווען אָפּגעריסן און אָפּגעשליסן, און באָרוועס. גראַבינאַ! דער צום טויט־פאַרמשפּטער!

איך האָב באַפוילן צו פאַרהאַלטן די לאַסט־מאַשין, זיך דערנעענטערט צו די דרײַ — צו דעם קאָנווי מיט דעם פאַרמשפּטן, און ווי איך וואָלט זיך פריִער געריכט, אַז איך וועל אים באַגעגענען, האָב איך אויסגעריטשטעט אויפן שטייגער ווי עס ריטשען די נאַציס:

״דו פאַרפלוכטער יודע, ווי לאַנג האָבן איך געדאַרפט וואַרטן אויף דיר, דאָננער וועטער. אַרויף אויף די מאַשין!״

איך האָב אים צוגענומען פון דעם קאָנווי און אים אַ שטופּ געטאָן צום לאַסט־אויטאָ. די צוויי אוקראַאינער זענען פון דער פּלוצימער סצענע געוואָרן אַזוי פריטשמעליעט, אַז איידער זיי האָבן זיך אָריענטירט וואָס דאָ קומט פאָר, האָט שוין די מאַשין געהאַט גערירט. וואָרשײַנלעך האָבן די צוויי אָנגענומען, אַז מײַן באַפעל איז געקומען פון דער העכערער מאַכט. זיי האָבן דאָך דעם פאַרמשפּטן געדאַרפט צושטעלן צום לאַגער־קאָמענדאַנט באַגינען...

איך בין אין דעם פאַל געווען די ״העכערע״ מאַכט. אַזוי איז אַ געוויסע צײַט געווען מיט די נאַציס: געוואַגטקייט, שנעלע אָריענטאַציע אין דעם געשאַפענעם מצב, האָט באַווירקט די טעמפּקייט פון זייער קנעכטישער דיסציפּלין.

אויפן וועג, ביז יאַדעווע, האָט קיינער אונדז נישט פאַרהאַלטן. דאָס איז געווען פאַר מיר אַ סימן, אַז די צוויי שוואַרצע אוקראַאינער האָבן זיכער געמאָלדן דעם אוקראַאינישן לאַגער־קאָמענדאַנט און ער האָט צוגעשטימט צו דעם וואָס עס איז געשען אויפן וועג. איך האָב גראַבינאַן צוזאַמען מיט אַלע געבראַכט קיין יאַדעווע.

אין דער צײַט וועגן וועלכער עס רעדט זיך דאָ, האָט קיינער נישט געקענט וויסן, אויסער דעם נאַצישן מערדער־אַפּאַראַט, אַז עס

צוגענומען, דאָס פּעקל געלט — אויך, אָבער עס קען אים גראָד איַינפּאַלן חרטה צו האָבן אויף דער גאַנצער מעשה און צוריקנעמען די גרופּע באַפּריַיטע ייִדן אין לאַגער אַריַין. ייִדן זענען דאָך הפקר — איז יעדער ווילדער קאַפּריז קעגן זיי מעגלעך.

יעדע מינוט וואַרטן האָט זיך געצויגן אומענדלעך. אויך די באַפּריַיטע וואַרטנדיקע ייִדן זענען געוואָרן אומגעדולדיק. אויף וואָס וואַרט מען? אפשר איז דאָס גאַנצע וואַרטן בחינם? עס קען דאָך געמאָלט זיַין, אַז פון נעכטן ביז היַינט האָט די געסטאַפּאָ דערשאָסן דעם אומגליקלעכן גראַבינאַ.

"מען דאַרף נישט וואַרטן", האָבן אייניקע פון די באַפּריַיטע געמורמלט.

איך בין באַוווירקט געוואָרן פון דער קאָלעקטיווער נערוועזיטעט און באַשלאָסן: מיר פאָרן!

צווישן די באַפּריַיטע איז געווען אַ צאָל קראַנקע און צעבראָכענע. האָט מען זיי די ערשטע אויפגעלאָדן אויף דער לאַסט־מאַשין און דערנאָך זענעו אַרויף די געזונטע, וואָס אויך זיי האָט געפעלט אַ סך צו זיַין געזונט. איך בין איַינגעשטיגן אין דער שאָפערן־קאַבינע.

דאָ, אין דער שאָפערן־קאַבינע, איז מיר איַינגעפאַלן, אַז עס וועט זיַין זיכערער ווען איך וועל פון מיַין אַרבל אַראָפּנעמען די ייִדן־לענטע. עס איז געזונטער אַז אַ טראַנספּאָרט ייִדן זאָל געפירט ווערן פון אַ נישט־ייִד, וואָרום אויב דער פירער זייערער איז אויך אַ ייִד — און ייִדן זענען הפקר — איז אויך דער ייִדישער טראַנספּאָרט־פירער הפקר. און ווי מיַין אינטויִציע האָט מיר אונטערגעזאָגט אַזוי איז אויך געשען אין דער ווירקלעכקייט.

פאָרנדיק מיטן גליַיכן שאָסיי האָב איך דורך דעם ווינט־פענצטער פון דער לאַסט־מאַשין דערזען פון דער וויַיטנס צוויי אין שוואַרצע מונדירן געקליידטע פאַרשוינען און נעבן זיי אַ דריטן, וואָס עס איז מיר שווער געווען זיך פאָרצושטעלן ווער דאָס קען זיַין. אַז די שוואַרצע מונדירן זענען פון נאַציס, איז געווען נישט שווער צו טרעפן, אָבער דער דריטער? אוודאי, עס קען זיַין אַ געפאַנגענער.

פאַרמשפּטן צו דיר אין דער לאַגער־תּפיסה. מסתּמא האָסטו אַזאַ תּפיסה. דאָס קענסטו מאַכן. אַז דו וועסט אים האָבן בײַ דיר אין דער תּפיסה וועסטו קענען טאָן מיט אים וואָס דו ווילסט — באַפרײַען אים אָדער... פאַר באַפרײַען אים באַקומסטו דעם שענסטן מאַנטל וואָס דו האָסט ווען עס איז געהאַט און אַ פּאָר אָפיצירישע שטיוול, וואָס מען קען זיך אין זיי שפּיגלען. אָט דאָ, זעסט, האָב איך אויף דער האַנט אַ גוטן און טײַערן זייגער".

איך האָב אַראָפּגענומען דעם זייגער פון מײַן האַנט און אים אַוועקגעלייגט פאַר דעם אוקראַינער ווי אַ שטיק יצר־הרע:

"דאָס איז אַ קאָנטאָ פאַר דער באַלוינונג צו באַפרײַען דעם אָרעמען גראַבינאַ".

ווי פאַר אַזאַ ווילדער חיה, ווי עס איז געווען דער אוקראַינישער לאַגער־קאָמענדאַנט, איז דער זייגער געווען אַן אויסגעצייכנטער יצר־הרע. אויפן פּלאַץ האָט ער מיר צוגעזאָגט, אַז ער וועט אַרויסשיקן צוויי פון זײַנע אוקראַינער, מען זאָל דעם פאַרמשפּטן גראַבינאַ איבערפירן פון דער שטאָטישער תּפיסה אין ווערעשין צו אים אין לאַגער — אין דער לאַגער־תּפיסה. וואָרום דער פאַראורטיילטער געהער דאָך צו זײַן לאַגער. פון דעם לאַגער האָט ער געפּרוווט אַנטלויפן — געהער ער צו דער לאַגער־עווידענץ און ער, דער לאַגער־קאָמענדאַנט, וועט מיט דעם ייד מאַכן וועדליק זײַנע קאָמפּעטענצן.

ווען איך בין אויף צומאָרגנס אין דער פרי געקומען צו דער לאַגער־קאַנצעלאַריע זענען שוין דאָרט געווען אויסגעשטעלט די יידן צו באַפרײַונג און אויך אַ גרויסער לאַסט־אויטאָ. די אַלע, וואָס איך האָב געהאַט אין מײַן רשימה, זענען געווען גרייט אַוועקצופאָרן, אָבער איינער האָט מיר געפעלט — דער פאַרמשפּטער צום טויט, גראַבינאַ, וואָס דער אוקראַינער האָט מיר צוגעזאָגט צו ברענגען אים אין לאַגער און אים באַפרײַען צוזאַמען מיט אַלע.

נאָך אַ לענגערער רגע וואַרטן, בין איך געוואָרן אומרויק. איך געפין זיך אין גאַנצן אין די הענט פון דעם ווילדן מענטש, דעם אוקראַינישן לאַגער־קאָמענדאַנט. מײַן זייגער האָט ער טאַקע

אָפּגעשוואַכט ווערן מײַן אויפמערקזאַמקייט. אַז דער אוקראַינער רוצח האָט געפֿאָדערט איך זאָל טרינקען מיט אים, האָב איך אים נישט געקענט אָפּזאָגן. האָב איך יעדעס מאָל דאָס גלאָז צוגעלייגט צו מײַנע ליפּן און מער קיין טראָפּן נישט געטרונקען. און ווײַל ער איז געוואָרן שיכּור ווי לוט, האָב איך מײַן בראָנפֿן אויסגעגאָסן אונטערן טיש אויף דער שטיינערנער פּאָדלאָגע. און מערקווירדיק: כאָטש ער איז שוין געווען שיכּור האָט ער דאָך נישט פֿאַרלוירן דעם קאָפּ און געהאַלטן רעכענונג נאָך וואָס איך בין געקומען און וואָס ער דאַרף טאָן. ער האָט אַרײַנגערופֿן זײַן סעקרעטאַר, דאָס וואַרשעווער ייִנגל, און אים באַפֿוילן אָנשרײַבן אַ דאָקומענט, אַז עס ווערן פֿונעם לאַגער באַפֿרײַט די אַלע ייִדן, וואָס זייערע נעמען געפֿינען זיך אויף דער בײַגעלייגטער רשימה.

און דער אוקראַינער האָט באַפֿוילן:

״מאָרגן אין דער פֿרי זאָלן דאָ, פֿאַר מײַן קאַנצעלאַריע, שטיין אַלע באַפֿרײַטע ייִדן און אויך אַ לאַסט־מאַשין, וואָס וועט די באַפֿרײַטע אָפּפֿירן צו דער באַן אין הרוביעשאָוו״.

צוזאַמען מיט דעם באַפֿרײַונג־דאָקומענט האָט מיר דער אוקראַינער אויך געגעבן אַ באַשטעטיקונג, אַז איך, צוזאַמען מיט די באַפֿרײַטע, מעגן פֿאָרן מיט דער באַן פֿון הרוביעשאָוו ביז דער סטאַציע אורלע נעבן יאַדעווע.

אַז איך האָב שוין געהאַט די דאָקומענטן אין מײַנע הענט, האָב איך געזאָגט צו דעם אוקראַינער:

״איך האָב צו דיר נאָך איין בקשה, וואָס דו טאָרסט מיר נישט אָפּזאָגן. באַפֿרײַ דעם צום טויט־פֿאַרמשפּטן גראַבינאַ. ער געפֿינט זיך אויף דער ליסטע פֿון די וואָס דו באַפֿרײַסט. ער געפֿינט זיך אין אַרעסט אין ווערעשין. אָן אים קען איך נישט אַהיימקומען״.

דער ווילדער אוקראַינער האָט געפּרוּווט זיך בייזערן:

״וואָס ווילסטו, מען זאָל מיך דערשיסן?״

״חס וחלילה,״ האָב איך געטענהט צו אים, ״פֿאַרוואָס זאָל מען דיך דערשיסן? איך האָב אַן עצה: פֿאַראָרדן צו ברענגען דעם

ברענגען. נאָך איידער איך האָב אָנגעדײַט זענען די גלעזער געשטאַנען אויפֿן טיש פּולע.

מיר האָבן צוזאַמען אויסגעטרונקען דעם גאַנצן ליטער בראָנפֿן און פֿאַרביסן מיט שטיקער ווורשט. צו מײַן גליק האָב איך געקענט טרינקען נישט ערגער פֿון וועלכן עס איז גוישן שיכּור. איך בין נישט געוואָרן שיכּור, אָבער די אויגן פֿון "מײַן" אוקראַיִנער האָבן זיך נאָכן אויסטרינקען אַ האַלבן ליטער בראָנפֿן פֿאַרנעפּלט און פֿון זײַן אויסטערליש באַלעקן זײַנע ליפּן האָב איך באַמערקט, אַז ער איז צו ביסלעך בגלופֿין, אָבער לגמרי נישט שיכּור. האָב איך פֿון מײַן בוזעם-קעשענע אַרויסגענומען אַ פּעקל באַנקנאָטן פֿון צען טויזנט זלאָטעס און עס אַוועקגעלייגט פֿאַר זײַנע פֿאַרנעפּלטע אויגן.

"הער קאָמענדאַנט, דאָ האָסטו צען טויזנט זלאָטעס ווי אַ מתּנה פֿון מיר".

איך האָב אײַגנטלעך די ווערטער נישט געדאַרפֿט זאָגן. דער אוקראַיִנער האָט דאָס פּעקל באַמערקט און דערויף אַרויפֿגעלייגט זײַן גאָרילישע לאַפּע.

אין אָט דער רגע איז אין דעם באַשעפֿעניש פֿאָרגעקומען אַ פֿולשטענדיקע מעטאַמאָרפֿאָזע: ס'איז, אמת, געווען דער זעלבער באַרג פֿלייש מיט טאַטווירטע הענט ווי לאָפּאַטעס, אָבער זײַן פּרצוף איז געוואָרן ווי פֿון אַ זאַטן בולדאָג, און ער האָט געזאָגט צו מיר אומגעריכט:

"איצט וועל איך באַשטעלן נאָך אַ ליטער".

ער האָט אַרײַנגערופֿן זײַן סעקרעטאַר, דאָס יידישע יִנגל פֿון וואַרשע, און אים אַוועקגעשיקט ברענגען אַ ליטער בראָנפֿן.

אויב פֿריִער האָב איך אָנגעגאָסן דעם בראָנפֿן אין די גלעזער, האָט דאָס מאָל מיר אָפּגעדינט דער אוקראַיִנער. ער האָט אָנגעגאָסן די גלעזער און אַרײַנגעגאָסן אין זיך דעם שאַרפֿן געטראַנק, ווי ער וואָלט געווען וואַסער. ער האָט פֿון מיר געמאָנט איך זאָל טאָן דאָס זעלבע. איך האָב געקענט מײַנע טרינק-מעגלעכקייטן. איך בין וואָס אַן אמת קיין מאָל נישט געוואָרן שיכּור ממש, אָבער נאָך אַ גרעסערער פּאָרציע אַלקאָהאָל פֿלעגט אין אַ געוויסער מאָס

קדוש־השם, און דאָס געפיל האָט מיך אָנגעפילט מיט אַן אויסטערלישער זיכערקייט. דער ווערעשינער וויצע־פּרעזעס האָט זיך פּשוט געזעגנט מיט מיר און איז אַוועק צו זיך אַהיים.

איך האָב צוגעזאָגט, סײַ דעם יאַדעוווער און סײַ דעם מאַן פֿון ווערעשינער "יודענראַט" צו טאָן אַלץ וואָס מעגלעך, איך זאָל מיט קיסטנערס בריוו באַפֿרײַען די יידן, וואָס געפינען זיך אויף אונדזער ליסטע.

סטימולירט פֿון דעם אָנזאָג פֿון מײַן פֿאָטער, אַז ווען איך וועל שטיין אַנטקעגן אַ שטאַרקן זאָל איך זײַן שטאַרקער, בין איך אַרײַן אין אַ געשעפֿט פֿון אַלקאָהאָל־געטראַנקען, געקויפֿט אַ ליטער בראָנפֿן און אײַנגעהאַנדלט גוטן קאָלבאַס און אַנדערע אַפּעטיטלעכע דעליקאַטעסן און צוגעגאַנגען צו דער קאָמענדאַנטור פֿונעם אַרבעט־לאַגער. מײַן געפיל פֿון סכנה האָט געהאַט אין זיך עפּעס פֿײַערלעכס, וואָס האָט מיך געטריבן פֿאָראויס.

איך האָב אָנגעקלאַפּט אין דער טיר פֿון דעם צימער ווו עס איז געזעסן דער באַנדיטישער אוקראַינער. אין דער האַנט האָב איך געהאַלטן די פֿלאַש בראָנפֿן און אַ וווּרשט, אַזוי אַז ער זאָל די זאַכן זעען, און איך האָב געזאָגט מיט אַן ענערגישער שטים:

"הער קאָמענדאַנט, איך האָב באַשלאָסן צוריקצופֿאָרן אַהיים, אָבער אויף געזעגענען זיך מוזן מיר אויסטרינקען אַ גלעזל".

פֿון די אויגן פֿון דער אוקראַינער גאָרילע האָב איך געזען, אַז ער האָט באַמערקט סײַ די פֿלאַש בראָנפֿן און סײַ דעם וווּרשט אויף אַ שטריקל. איך האָב דעם וווּרשט בכיוון געהאַלטן נאַקעט, כּדי ער זאָל פֿאַרשפּרייטן דעם ריח פֿון געררויכערט פֿלייש.

ווי אַ פֿיש שלינגט אײַן די לאָקונג אויף אַ הענגל, אַזוי האָט דער אוקראַינער אײַנגעשלונגען די לאָקונג פֿונעם בראָנפֿן און וווּרשט און ער איז געוואָרן גאָר אַן אַנדער באַשעפֿעניש. נישט קיין מענטשלעך באַשעפֿעניש, נאָר אַ סאָרט הינטיש באַשעפֿעניש, וואָס דערפֿילט אַ געשמאַקן ביסן און ווערט קנעכטיש מילד, כּדי צו געניסן פֿון דעם געשמאַקן ביסן. גלעזער האָט דער ווילדער מענטש געהאַט אין זײַן קאַנצעלאַריע, האָב איך אַפֿילו נישט געדאַרפֿט בעטן ער זאָל זיי

איז געווען אַ ייִדיש ייִנגל פון וואַרשע. ער האָט זײַן ווילדן שעף דערציילט צוליב וואָס מיר זענען געקומען און דער אוקראַינער האָט באַוויליקט צו זעען דעם ברייוו פון קיסטנערן. גלײַך ווי איך האָב פאַר אים אַוועקגעלייגט דעם בריוו, און טראַכטנדיק, אַז דער ווילדער אוקראַינער לייענט נישט קיין דײַטש, האָב איך אים דערקלערט וואָס עס שטייט דאָרט געשריבן. שיינט מיר, אַז ער האָט אַפילו נישט אַרײַנגעקוקט אין דעם בריוו, נאָר מער פון דעם וואָס איך האָב אים געזאָגט, האָט ער אַ בריל געטאָן ווי אַ ריזיקער בער, אַז אויב מיר טראָגן זיך גלײַך נישט אָפּ פון זײַן ביוראָ, דערשיסט ער אונדז אויפֿן פלאַץ. זײַן פּרצוף האָט זיך אָנגעפילט מיט בלוט. די אויגן זײַנע זענען געווען ווי פון אַ ווילדיקייט. מײַן באַגלייטער, דער וויצע־פּרעזעס פון דעם יאַדעוווער "יודענראַט", איז פון פּחד געוואָרן בלייך, זײַנע אויגן פולע מיט אומבאַשרײַבלעכער שרעק. איך וועל נישט לייקענען, אַז אויך מײַן האַרץ האָט געפלאַטערט פון שרעק. כ'האָב, וואָס אַן אמת, נישט געזעען דער לאַגער־קאָמענדאַנט זאָל טראָגן אַ רעוואָלווער, אָבער ווען אַזאַ באַרג פלייש לאָזט אַראָפּ איינע פון זײַנע ריזיקע לאָפּאַטע־הענט איבער איינעם פון אונדז, וואָלט ער אים געטויט אויפֿן פלאַץ.

מיט אָט דער שרעק האָבן מיר פאַרלאָזט די קאַנצעלאַריע פון דעם אוקראַינישן לאַגער־קאָמענדאַנט. דער וויצע־פּרעזעס פונעם יאַדעוווער "יודענראַט" האָט זיך אויפגעהויבן און אַוועק מיט דער דראָזשקע צוריק קיין הרוביעשאָוו, זאָגנדיק: "ס'איז נאָך גוט וואָס מיר האָבן אָפּגעשניטן, ווי מיר האָבן אָפּגעשניטן, און דער אוקראַינער האָט אונדז נישט דערשאָסן".

די ווערטער פון רעזיגנאַציע האָבן אין מיר דערוועקט דערווידער. צי הייסט עס אַז מײַן אײַנשטעלונג, אַז יעדן נאַצי קען מען אין אַ געוויסער סיטואַציע איבערקויפן, איז אַ פאַלשע אײַנשטעלונג?

סײַ ווי איז דער וועג צוריק קיין יאַדעווע פול מיט סכנות — וועל איך מחמת דער לעצטער סכנה נישט רעזיגנירן. איך האָב געהאַט דאָס געפיל, אַז אַן איבערנאַטירלעכער כּוח שטויסט מיך צו

ענערגיש: קודם כל אָפּראַטעווען דעם יונגנמאַן פון אַ זיכערן טויט. איך האָב געדונגען אַ דאָראָזשקע און מיר, דער וויצע־פּרעזעס מייעראָוויטש, דער מאַן פון דעם ווערעשינער "יודענראַט" און איך, זענען געפאָרן צום לאַגער, וואָס האָט זיך געפונען אויסער ווערעשין. אויפן וועג האָט דער מאַן פונעם ווערעשינער "יודענראַט" חרטה באַקומען און נישט געוואָלט מיטפאָרן צום לאַגער.

דער לאַגער איז געווען אַ נישט־געשלאָסענער און ער איז אויך נישט שטרענג געהיטן געוואָרן, דאָך דאָס וואָס דאָרט האָבן געאַרבעט ייִדן צוואַנג־אַרבעט האָט אָפּגעשראָקן. אויף אַ מרחק פון אַ זעקס קילאָמעטער פונעם לאַגער האָט אויך מייעראָוויטש חרטה באַקומען און ער האָט נישט געוואָלט זיך דערנעענטערן צום לאַגער. האָב איך זיך אָנגעגורט מיט מוט און זיך דערנעענטערט צו די אַרבעטנדיקע. האָב איך אָנגעטראָפן אויפן ייִדישן אַרבעט־אויפזעער און געפרעגט אויפן קאָמענדאַנט פונעם לאַגער. דער ייִד האָט מיר אָנגעוויזן אויף אַ הויז, אין וועלכן עס האָט זיך געפונען די לאַגער־קאָמענדאַנטור.

זענען מיר אַוועק צו דעם אָנגעוויזענעם הויז און נישט אָן דערשיטערונג האָב איך דערזען פאַר זיך דעם לאַגער־קאָמענדאַנט. ער איז געווען אַן אוקראַאינער פון אַ ריזיקער הייך און דיקקייט, מיט געוואַלדיק גרויסע הענט, ווי לאָפּאַטעס, אויסטאַטוירטע אַזוי, אַז קיין צייכן פון דער נאַטירלעכער הויט איז נישט געווען צו זען. אין מײַנע אויגן האָט ער אויסגעזען ווי אַ מאָנסטער וואָס איז נאָר וואָס אַרויס פון אַן אורוואַלד. איך האָב געזען אין אים אַן אומברחמנותדיקן מערדער, און עס איז מיר געוואָרן קלאָר פאַרוואָס דער אָרעמער און פאַרפּײַניקטער גראַבינאַ איז דורך אים פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט.

אָן ספק דערוואַרט דער זעלבער גורל אַלע ייִדן, וואָס געפינען זיך אינעם לאַגער אונטער דער ווילדער מאַכט פון אָט דעם אוקראַאינער.

דער סעקרעטאַר פון דער אוקראַאינישן לאַגער־קאָמענדאַנט

וועגן, מיר זאָלן איבערהויפּט מוותר זײַן אויף אונדזער פּלאַן צו ראַטעווען די אַסירים פונעם לאַגער, ווײַל אַזאַ זאַך איז אוממעגלעך. ווי אַ צוגאָב צו די אַסירים אין לאַגער קענען אויך מיר אַליין ווערן קרבנות פון דעם נאַצישן ווילקיר. האָב איך געטענהט, אַז בשום אופן טאָרן מיר נישט רעזיגנירן פון אונזער פּלאַן. מיר האָבן אַ בריוו פון דעם שעף פון דעם אַרבעט־אַמט פונעם גאַנצן וואַרשעווער דיסטריקט, קיסטנער. קיין הרוביעשאָוו האָבן מיר דורכגעמאַכט אַ וועג וואָס איז שווערער פון קריעת ים־סוף. דער וועג, 400 קילאָמעטער לאַנג, איז געווען פול מיט סכּנת נפשות. אויף יעדער סטאַציע — נאַצישע זשאַנדאַרן, געסטאַפּאָ־פּאַטרולן. צוויי יידן מיט יידן-לענטעס אויף די אַרבל זאָלן דורכמאַכן אַזאַ סכּנהדיק וועג און צום סוף רעזיגנירן פון אַלץ, פון די ייִדישע אַסירים און אפשר פון זיך אַליין — ניין, מיר וועלן בשום אופן נישט הערן די עצה פון דעם פאָרזיצער פון דעם הרוביעשאָווער ״יודענראַט״!

אויב מיר האָבן אײַנגעביסן דעם נאַצי קיסטנער, דעם 33טן מיטגליד פון דעם נאַצי־פּאַרטיי, וועלן מיר פּרוּוון קאָרומפּירן אויך אַנדערע, פון דעם לאַגער אין ווערעשין.

אינעם ״יודענראַט״ אין הרוביעשאָוו האָב איך באַגעגנט אַ מיטגליד פון דעם ווערעשינער ״יודענראַט״. אויפן אַרבל פון זײַן מלבוש האָט ער געהאַט אַ גרינע לענטע. ער האָט מיר דערציילט, אַז אינעם ווערעשינער אַרעסט איז פאַרשפּאַרט אַ יידשער יונגער־מאָן אַן אָפּשטאַמיקער פון קאַליש, וואָס פאַר פּרוּוון צו אַנטלויפן פונעם לאַגער איז ער פאַראורטיילט געוואָרן צום טויט. זײַן נאָמען איז גראַבינאַ. מעגלעך אַז דער נאָמען גראַבינאַ האָט זיך מיר אײַנגעקריצט אין זכרון ווײַל מתוך נײַגעריקייט האָב איך נאָכגעקוקט די רשימה פון די וואָס איך האָב געזאָלט באַפרײַען, און דער דאָזיקער נאָמען איז געווען צווישן אַלע אַנדערע. איך האָב דעם אומגליקלעכן געזען ווען איך בין פאַרבײַגעפאָרן דעם אַרעסט. ער איז געהיטן געוואָרן פון עס.אַ. דאָס וואָס גראַבינאַ איז געווען אויף דער רשימה און דאָס בילד ווי דער פאַרמשפּטער צום טויט ווערט באַוואַכט פון עס.אַ. האָט מיך אַ שטויס געטאָן צו האַנדלען

באַשטעטיקונג פונעם לאַנדראַט, וואָס געפינט זיך דאָ נישט ווײַט, אויף דעם היטלער־פּלאַץ. די נאַציס האָבן איבערגעלייענט דעם בריוו און זיי האָבן זיך צו אים באַצויגן אַזוי ווי קיסטנער האָט זיך באַצויגן צום שעף פון דער געסטאַפּאָ אין זײַן רעזידענץ — מיט גרינגשעצונג. די געסטאַפּאָ־לײַט האָבן אונז צוריקגעגעבן דעם בריוו און אונדז באַפוילן מיר זאָלן אין דער אותו רגע נעלם ווערן, אויב נישט, וועלן מיר דערשאָסן ווערן אויף דעם פּלאַץ ווו מיר שטייען. דער באַפעל איז אונדז געגעבן געוואָרן מיט אַזאַ רוגזה, אַז מיר האָבן בפועל ממש דערפילט, אז מיר לעבן די לעצטע רגעס פון אונדזער לעבן. מיר האָבן אַוועקגעאײַלט, ווי מיר וואָלטן זיך געראַטעוועט פון די הענט פונעם מלאך המוות.

בלית ברירה האָבן מיר מוותר געווען אויף דעם האַקנקרײַץ־סטעמפּל פון דעם לאַנדראַט און געפאָרן פּרווון אונדזערע מזל, צי דער בריוו פון קיסטנערן וועט ווירקן אינעם אַרבעט־לאַגער. לויט ווי עס ווערט באַשריבן די מעשה פון קריעת ים־סוף, איז אָט די מעשה געווען אַ גאָרנישט מיט נישט אַנטקעגן די שוועריקייטן אָנצוקומען קיין הרוביעשאָוו. בײַ דער מעשה קריעת ים־סוף האָט דער רבונו של עולם צוגעהאָלפן די יידן — געשפּאָלטן דעם ים, די יידן זאָלן קענען אַדורכגיין און בלײַבן טרוקן און דערנאָך דעם ים צוריק פאַרגאָסן, אַז די מצרים זאָלן דערטרונקען ווערן. אויף דעם וועג קיין הרוביעשאָוו האָט גאָט נישט פאַרטיליקט די נאַציש זשאַנדאַרן, די געסטאַפּאָ, די עס־עס און אַנדערע משחיתים. מיר, איך און מייראָוויטש, האָבן געמוזט די נאַציס איבערכיטרעווען און זיי אויסמײַדן.

אין אַ מזלדיקער שעה זענען מיר ענדלעך אָנגעקומען קיין הרוביעשאָוו. כּדי זיך אויסצוגעפינען אין דער לאַגע האָבן מיר זיך קודם־כּל געוואָנדן צום דאָרטיקן "יודענראַט". אויב דער אַרבעט־לאַגער איז נאָענט צו הרוביעשאָוו, קען מסתּמא דער "יודענראַט" וועלן אונדז העלפן אַרויסראַטעווען די ייִדן פון אַרבעט־לאַגער.

מיר האָבן געמאַכט אַ טעות. אָנשטאָט אונדז העלפן האָט דער פאָרזיצער פונעם "יודענראַט" אונדז געעצהט, פאַר אונדזער טובֿה

האָט מען אים געמוזט שפּײַזן און היטן זײַן געזונט ער זאָל זײַן אַרבעט־פֿעיִק. נישט אַזוי די נאַציס לגבי ייִדן: זיי האָבן די ייִדן געכאַפּט, ווי מען פֿאַנגט חיות, זיי אויסגענוצט בײַ עבֿודת פּרך פֿון פֿרימאָרגן ביזן אָוונט און אין באַדינגונגען פֿון הונגער. אויב אַ ייִד איז געפֿאַלן, איז ער פֿאַרטרעטן געוואָרן פֿון אַן אַנדער ייִד. מיר האָבן דעמאָלט וועגן דעם נישט געהאַט דעם מינדסטן באַגריף.

האָבנדיק אין דער האַנט קיסטנערס בריוו צו באַפֿרײַען די ייִדן האָבן זיך אָנגעהויבן אַנדערע שוועריקייטן: ווי אַזוי פֿאָרט מען קיין הרוביעשאָוו, ווען ייִדן איז פֿאַרבאָטן צו פֿאָרן מיט דער באַן, אָדער בכלל אַרויסצוגיין פֿונעם געטאָ?

האָב איך זיך פֿאַרשטענדיקט מיט דעם וויצע־פּאָרזיצער פֿון דעם "יודענראַט" אין יאַדעווע, און אים פֿאָרגעלייגט אַז אויב איך האָב אַרויסבאַקומען פֿון קיסטנערן דעם בריוו, זאָל ער, מייעראָוויטש, פֿאָרן מיט אונדז צו דער בוי־אַדמיניסטראַציע אין ווערעשין צו באַפֿרײַען די ייִדישע אַסירים. מייעראָוויטש איז מסכּים געווען צו פֿאָרן, אָבער בתנאי מיר זאָלן אים דערפֿאַר באַצאָלן.

ווי מיר האָבן זיך איבערצײַגט פֿון קיסטנערס האַנדלונג מיט דעם שעף פֿון דער געסטאַפּאָ אין וואָלאָמין, איז ער געווען מעכטיק אין וואָלאָמין, יאַדאָוו און אין אַנדערע פּלעצער אין דעם דיסטריקט, אָבער ווי ווײַט גרייכט זײַן מאַכט ווען אַ ייִד פֿאָרט מיט דער באַן, אָדער מיט אַנדערע קאָמוניקאַציע־מיטלען בלויז אויפֿן סמך פֿון זײַנעם אַ בריוו? האָבן מיר באַשלאָסן, אַז מיר וועלן פֿריִער צופֿאָרן קיין וואַרשע און קיסטנערס בריוו באַשטעטיקן מיטן האַקנקרײַץ־סטעמפּל פֿון דעם נאַצישן לאַנדראַט. דער לאַנדראַט האָט זיך געפֿונען אינעם זאַקסישן פּאַלאַץ אויף דעם היטלער־פּלאַץ, וואָס פֿאַר דער מלחמה האָט ער געהייסן יוזעף פּילסודסקי־פּלאַץ.

אויפֿן וועג צום לאַנדראַט זענען מיר פֿאַרהאַלטן געוואָרן פֿון פּאַטרולירנדיקע ציווילע געסטאַפּאָ־לײַט. מיט דער איבערצײַגונג פֿון קיסטנערס מעכטיקייט, האָבן מיר די געסטאַפּאָ־לײַט געוויזן דעם בריוו און זיי דערקלערט, אַז מיר נויטיקן זיך אין דער

ס׳האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז עס גרייט זיך אויף אַ גרויסער אַוואַנטורע צווישן צוויי נאַציס, בעת מיר, די יידן, קענען חלילה ווערן די קרבנות, אויב די אַוואַנטורע זאָל זיך אַרויסבאַקומען פון דער ווילע.

צום גליק זענען מיר, יידן, אָפּגעקומען בלויז מיט שרעק. זעט אויס, אַז קיסטנער האָט זיך געקענט דערלויבן צו דערנידעריקן דעם שעף פון דער אַלמעכטיקער געסטאַפּאָ אין די אויגן פון יידן, וואָרום דער מיט דעם ״שווייַנעהונדע שנאַוצע״, ווי קיסטנער האָט אים באַצייכנט, האָט די באַליידיקונג אַראָפּגעשלונגען אָן צו רעאַגירן מיט איין איינציק וואָרט. זאָשע האָט דעם געסטאַפּאָ-שעף באַגלייט צו דער טיר, און ער איז אַוועק.

אין אָט דער אויסטערלישער סיטואַציע האָבן אויך מיר נישט געטאָרט צופיל רעדן. קיסטנער האָט שיכּורלעך געשמייכלט, ווי ער וואָלט געוואָלט וויַזן דער יאַדעוועך יידישער דעלעגאַציע ווי שטאַרק עס איז זייַן מאַכט אַז ער קען אַוועקשטעלן אין אַ ווינקל דעם שעף פון דער געסטאַפּאָ.

איך האָב געזאָגט דעם ״הערר דירעקטאָר קיסטנער״, אַז מיר וועלן זיך אין קורצן זען און מיר זענען אַוועק.

מיט איינציקע טעג שפּעטער בין איך אין דער באַגלייטונג פון דעם וויצע-פּרעזעס משה מייעראָוויטש פונעם ״יודענראַט״ נאָך אַמאָל געפאָרן קייַן וואָלאָמין און קיסטנער האָט מיר געגעבן אַ בריוו צו דער בוי־אַדמיניסטראַציע אין ווערעשין, נעבן הרוביעשאָוו, מיט דעם באַפעל צו באַפרייַען די יידן, וואָס אַרבעטן בייַם בויען דעם שאָסיי נעבן ווערעשין.

אין דער צייַט וועגן וועלכער עס רעדט זיך, האָבן מיר נישט געהאַט די מינדסטע אַנונג וואָס עס מיינט אַזעלכס אַ נאַצישער אַרבעט־לאַגער, וואָס באַשעפטיקט יידן בייַ עבודת־פּרך אין די שרעקלעכסטע באַדינגונגען וואָס מען קען קוים שילדערן. מען קען אַפילו נישט זאָגן, אַז די יידישע צוואַנג־אַרבעטער האָבן געאַרבעט ווי שקלאַפן. ניין, די אייגנטימער פון שקלאַפן האָבן אָפּגעהיט דעם כּוח און דאָס געזונט פון דעם שקלאַף, ווייַל אַ שקלאַף האָט געקאָסט,

פרײַנדלעך־סענטימענטאַל, נאָר ווי אַ שכור קען ווערן. ער האָט געפּלאַפּלט צו אונדז ווי מיר וואָלטן זיך געקענט לאַנגע יאָרן...

אין דער מיט פון דער סעודה, ווען קיסטנערס צונג האָט פרײַנדלעך געפּלאַפּלט צו מיר, האָט זיך דערהערט אַ קלאַפּ אין דער טיר. זאָשע, זי האָט ווייניק געטרונקען און געווען בײַם פולן זינען, איז אַוועק עפענען דער טיר, און ווי דערשיטערט זענען מיר אַלע געוואָרן, איבעריקנס מיר, די יידן, ווען אין צימער האָט זיך אַרײַנגעשטעלט דער שעף פון דער... געסטאַפּאָ.

אין דעם מאָמענט איז פאָרגעקומען אַן אויסטערלישע סצענע: דער שעף פון געסטאַפּאָ האָט אויפגעהויבן דעם אָרעם און אויסגערופן מיט אַ העכערער דעמאָנסטראַטיווער שטים: "הײַל־היטלער". האָט אויך קיסטנער אויפגעהויבן זײַן אָרעם און געענטפערט מיט אַ "הײַל היטלער", אָבער זײַן אָרעם איז געווען שיכּורלעך, במילא איז אויך זײַן אויסרוף געווען אַ בגלופנדיקער. דער שעף פון געסטאַפּאָ האָט זיך אַרומגעקוקט איבערן צימער, געקוקט אויף יעדן פון אונדז, אויפן טיש כיד המלך, אויף קיסטנערן מיט די פאַרלאָפענע אויגן און אויף זאָשע, וואָס האָט נישט געוווסט ווי זי דאַרף זיך האַלטן. פּלוצים האָט דער אומגעריכטער גאַסט געפרעגט מיט אַ חוצפּהדיקן טאָן:

"ווער זענען אָט די לײַט?" און געטײַלט מיט אַ פינגער אויף אונדז, יידן, און אויף די יידן־לענטעם אויף די אַרבל.

נישט רירנדיק זיך פון פּלאַץ, מחמת די פיס זענען אים שוין געווען שווערלעך, האָט קיסטנער געענטפערט ספּאָנטאַן:

"אָט די לײַט זענען מײַנע קאַמעראַדן".

זעט אויס אַז דער ענטפער האָט דעם שעף פון דער געסטאַפּאָ אויסגעזען אויסטערליש, וואָרום ער האָט געפרעגט זיך וווּנדערנדיק:

"האָסטו יידן קאַמעראַדן?"

קיסטנער איז אויפגעבראַכט געוואָרן הלמאי אים ווערט גע־פרעגט אַזאַ שאלה און ער האָט אויסגערופן:

"האַלט מאַל דײַן שווײַנעהונד שנאַוצע!"

אָנגעטאָן דעם רעגנמאַנטל מיט דער ייִדן־לענטע אויפן אַרבל, האָט זיך אין מיר דערוועקט חוצפּה און איך האָב דעם נאַצי אַ קלאַפּ געטאָן אין פּלייצע אויסרופנדיק:

״זי זינד יעצט יודע!״

ער האָט זיך צעלאַכט און געוואָרן גוט צו מיר, כאָטש לייג אים צו צו אַ מכּה.

אַז מיר זענען געוואָרן היימיש, האָב איך אים פֿאַרבעטן, מיר זאָלן צוזאַמען עסן מיטאָג און אין דער געזעלשאַפֿט זאָל אויך זײַן זאָשע, זײַן פּוילישע געליבטע. טאַקע בײַ דעם מיטאָג האָב איך זיך דערוווּסט, אַז זאָשע האָט אים געהאַט דערציילט, אַז איך האָב איר געקויפֿט אַ מתּנה אַ טײַערן מאַנטל. קיסטנער האָט באַוויליקט מיר זאָלן צוזאַמען עסן מיטאָג, נאָר מיטן באַדינג, איך זאָל זיך פֿאַרשטענדיקן מיט זײַן זאָשען, און ווי זי וועט באַשטימען אַזוי וועט עס זײַן. איך האָב זיך מיט איר פֿאַרשטענדיקט און זי האָט מסכּים געווען דער מיטאָג זאָל זײַן כּיד המלך. און ער איז געווען כּיד המלך: מיר זענען אַוועקגעפֿאָרן אין שטאָט אַרײַן, אײַנגעקויפֿט אַלע מעגלעכע מאכלים, וואָס זענען געווען בנמצא אין אַזאַ ״כּרך״ ווי וואָלאָמין. פֿאַרשטייט זיך, אַז איך האָב אײַנגעקויפֿט אויך בראָנפֿן, עס זאָל זיך גיסן כּיד המלך, און מיט דעם אַלעם גוטן איז אונדזער דעלעגאַציע געפֿאָרן צו דער ווילע פֿון קיסטנערן און זײַן געליבטער.

זאָשע האָט דווקא געוווּסט וואָס צו מאַכן פֿון דעם אײַנגעקויפֿטן. כאָטש גוטע מאכלים דערפֿרייען דעם מאָגן, וועל איך נישט זאָגן, אַז די רײַכע סעודה האָט פֿריילעך געמאַכט די לײַט פֿון אונזער דעלעגאַציע. דאָס עסן איז זיי נישט באַקומען, זייערע מחשבֿות זענען געווען בײַ זייערע משפּחות אין יאַדעווע, וואָס גאָט דער אײנציקער ווייסט וואָס דאָרט, אינעם געטאָ, געשעט.

איך האָב דעמאָלט געקענט טרינקען אַ סך און דאָך נישט ווערן שיכּור, האָב איך אַרײַנגעגאָסן אין זיך וואָס מער בראָנפֿן און אויך צוגערעדט קיסטנערן ער זאָל מיר נאָכהאַלטן. ער האָט געטאָן ווי איך האָב געוואָלט און ער איז שנעל געוואָרן שיכּור. אין צושטאַנד פֿון שיכּרות איז אַרויס פֿון אים די חיה און ער איז געוואָרן

וועלכער פאַרב איַיער האַרץ גלוסט, שוואַרצע, ברוינע, צי אַן אַנדער קאָליר, קענט איר זיי האָבן אַזוי שנעל ווי מעגלעך״.

דאָס בלוט פונעם פּרצוף פון דעם נאַצי איז אָפּגעפלאָסן און אין זיַינע אויגן האָט זיך באַוויזן אַ פונק פון מענטשלעכקייט. יאָ, אוודאי, דאַרף ער אויך האָבן אַ פּאָר שטיוול אַזוינע און אַזעלכע.

איידער איך האָב נאָך געהערט זיַין דיַיטלעכע הסכּמה, האָב איך שנעל אַריַינגערופן דעם שוסטער־דעם־מיַיסטער. ער האָט שנעל אַראָפּגעצויגן די שטיוול, וואָס קיסטנער האָט געטראָגן, און גענומען זיך צו מעסטן. ער האָט אַרומגעטאַנצט אַרום דעם נאַציס פיס, ווי זיי וואָלטן געווען די גרעסטע מציאה אין דער וועלט, און פון וויכטיקייט אונטערגעסאָפּעט. קיסטנער איז געווען אויסער זיך פון צופרידנקייט. אַז איך האָב געזען: דער נאַצי האָט זיך איַינגעבראָכן, ער איז געוואָרן רויִק ווי אַ זאַטער הונט, האָב איך זיך אָנגעבויגן צו אים און געזאָגט:

״הער דירעקטאָר, איך פאָר קיין וואַרשע. אפשר דאַרף זיַין וויל־געבוירנקייט אַ שיינעם לעדערנעם מאַנטל צו די עלעגאַנטע שטיוול, וואָס אָט דער מיַיסטער וועט אויספאַרטיקן?״ האָב איך אָנגעוויזן אויפן שוסטער.

קיסטנער איז אויפגערודערט געוואָרן פון מיַין פאָרשלאָג.

נאָך זיַיענדיק אין יאַדעווע האָב איך צוגעטראַכט דעם פּלאַן ווי אַזוי צו קאָרומפּירן דעם נאַצי מיט שטיוול און מאַנטלען און דערצו אַ לעדערנעם מאַנטל, זאַכן וואָס אין מלחמה־צייַט איז נישט געווען לייַכט זיי צו באַקומען. האָב איך מיטגענומען אין קעשענע אַ צעראַטענעם מעטער. ווי נאָר קיסטנער איז מסכּים געווען, האָב איך אַרויסגענומען מיַין מאָס און זיך גענומען מעסטן דעם נאַצי אין דער הייך און. אין דער ברייט. אַזוי ווי איך בין נישט געווען קיין שניַידער און קיין מאָל נישט געמאָסטן אויף עמעצן, און אויך די הענט האָבן מיר געציטערט פון אויפרעגונג אַזוי אַז די מאָס־ציפערן האָבן מיר זיך נישט געשריבן, האָב איך אויסגעטאָן דעם רעגנמאַנטל, וואָס איך האָב דעמאָלט געטראָגן, און געהייסן, קיסטנער זאָל אים אָנטאָן, כּדי איך זאָל קענען גענוי מעסטן די ריכטיקע מאָס. אַז קיסטנער האָט

אמת אַ פינצטערער נאַצי, אַן אכזר, אויב אָבער איך האָב דעם צוזאָג פון דעם פאָלקסדייַטש, וואָס אַרבעט אין דעם צוררס שטאַב, אַז ער וועט אונדז אויפנעמען, איז אַ סימן אַז ער איז גרייט צו לאָזן זיך איבערקויפן. מיט זייַן פוילישער געליבטער האָט קיסטנער געוווינט אין אַ ווילע הינטער דעם שטעטל, אָבער דעם אַמט זייַנעם האָט ער געהאַט אין שטעטל גופא. צוזאַמען מיט דער דעלעגאַציע האָב איך מיטגענומען אַן ערשטקלאַסיקן שוסטער, וואָס איז געווען באַקאַנט דערפון, אַז ער מאַכט עלעגאַנטע שטיוול. לויט דער אויספּלאַנירטער טאַקטיק בין איך אַליין אַרייַן אין קיסטנערס קאַנצעלאַריע; די אַנדערע מיטגלידער פון דער דעלעגאַציע זענען דערווייַל געבליבן אין דרויסן. דער פאָלקסדייַטש האָט מיר געהייסן צווואַרטן און אַליין אָנגעקלאַפּט אין דער טיר פונעם קאַבינעט פון דעם נאַצי. ווען קיסטנער איז אַרויסגעקומען און דערזען צוויי יידן, מיך מיט דעם שוסטער, האָט זיך זייַן פּרצוף אָנגעפילט מיט בלוט און ער האָט אויסגערופן מיט רוגזה:

״וואָס טוען דאָ די ייִדן?״

אויף אַ רגע האָב איך זיך פאַרלוירן, כ׳האָב זיך דערמאָנט די וואָרנונג פון דעם פאָרזיצער פון וואָלאָמינער ״יודענראַט״ און געווען זיכער, אַז באַלד וועט זייַן מייַן סוף. שנעל אָבער בין איך געקומען צו זיך און געזאָגט פאַרטרווילער:

״הער דירעקטאָר, כ׳האָב וויכטיקע נייַס אייַך צו דערציילן״.

דערהערט ״וויכטיקע נייַס״, האָט זיך דער נאַצי באַרויקט. מסתמא געטראַכט, אַז דער ייד ברענגט אים קאָנפידענציעלע ידיעות, און מיט אַ טאָן פון נייַגער האָט ער מיך פאַרבעטן איך זאָל אַרייַנגיין מיט אים אין זייַן קאַבינעט. איך בין אַרייַן אַליין. דעם שוסטער האָב איך געלאָזט שטיין אין קאָרידאָר. באַלד ווי איך האָב זיך אַוועקגעזעצט, האָב איך געזאָגט טאַקע מיט אַ קאָנפידענציעלן טאָן, ווי עס וואָלט געווען אַ געהיימע ידיעה:

״הער דירעקטאָר, דער מאַן וואָס איז געקומען מיט מיר, איז אַ מייַסטער צו מאַכן עלעגאַנטע שטיוול, וואָס אַזעלכע זעט מען נאָר אין פּאַריז. אויב איר דאַרפט האָבן אַזעלכע עלעגאַנטע שטיוול, פון

געבעטן ער זאָל מיך באַקענען מיט זײַן שעף — קיסטנערן.

מײַן ציל איז געווען איבערצוקויפן אויך דעם 33טן מיטגליד פון דער נאַצי־פּאַרטיי, דעם שעף פון דעם אַרבעט־אַמט פאַר דעם וואַרשעווער דיסטריקט, צו באַפרײַען די גרופּע ייִדן וואָס זענען פאַר'כאַפּט געוואָרן אין יאַדעווע.

קיסטנער האָט געוווינט און געהאַט זײַן אַמט נישט אין יאַדעווע, נאָר אינעם שטעטל וואָלאָמין, נישט ווײַט פון יאַדעווע און אויך נאָענט צו וואַרשע. נאָך פון פריער האָב איך געוווּסט, אַז קיסטנער האָט אַ פּוילישע געליבטע. דער אינסטינקט האָט מיר אונטערגעזאָגט, אַז אויב איך וויל קאָרומפּירן קיסטנערן איז נייטיק אויך צו געווינען אויף מײַן זײַט זײַן געליבטע. און ווי עס זאָגט זיך אין ״קהלת״ — ״שלח לחמך על פני המים״ — האָב איך איר געקויפט ווי אַ מתנה אַ טײַערן מאַנטל, כדי אין אַן עת צרה זאָל איך זיך קענען ווענדן צו איר.

אויסגעפּלאַסטערט מיט שוחד דעם וועג, האָב איך זיך אָפּגעשמועסט מיט דעם פאָלקסדײַטש פון קיסטנערס שטאַב, אַז אין איינעם אַ זונטיק וועל איך אַראָפּקומען קיין וואָלאָמין מיט אַ דעלעגאַציע פונעם ״יודענראַט״, און ער זאָל צוגרייטן זײַן שעף, ער זאָל אונדז אויפנעמען.

די דעלעגאַציע איז באַשטאַנען פון זעקס מענטשן, צווישן זיי אויך דער פאָרזיצער פונעם ״יודענראַט״, זײַן פאַרטרעטער און איך. מיר זענען אָנגעקומען קיין וואָלאָמין גאַנץ פרי און צום ערשט האָבן מיר זיך פאַרבונדן מיט דעם ״יודענראַט״ אין וואָלאָמין. ווען זײַן פאָרזיצער האָט געהערט צו וואָס מיר זענען געקומען און צו וועמען, איז ער אַרײַנגעפאַלן אין בהלה. לויט אים זענען מיר געקומען גלײַך אינעם פּיסק פון אַ לייב, און די דעלעגאַציע שטעלט זיך אַליין אין גרויס סכנה. צי ווייסן מיר גאָרנישט וועגן דער אכזריות פון דעם נאַצי קיסטנער? ניין, מיר טאָרן נישט ריזיקירן מיט אונדזערע לעבנס. דער אכזר וועט אונז אַלע אויסשיסן.

איך האָב געראַטן אונדזער דעלעגאַציע נישט צו הערן די עצה פון דעם פאָרזיצער פונעם וואָלאָמינער ״יודענראַט״. קיסטנער איז

געוואָרן אין אַ טראַנספּאָרט מיט וואַרשעווער ייִדן, און צוזאַמען אין אַ גרויסן טראַנספּאָרט אַוועקגעפּיו"ט געוואָרן אויף אַ פּלאַץ נעבן הרוביעשאָוו. די פֿאַרכאַפּטע ייִדן האָבן געאַרבעט עבודת־פּרך בײַם בויען וועגן קיין רוסלאַנד. דאָס בויען די וועגן אויף מזרח איז געווען די צוגרייטונג צו דער נאַצישער אָפּענסיווע אויף סאָוועט־רוסלאַנד דעם 21טן יוני 1941.

פֿון די פֿאַרכאַפּטע יאַדעוווער ייִדן זענען אָנגעקומען האַרצרײַסנדיקע בריוו, וואָס האָבן דערציילט וועגן די שרעקלעכע לײַדן וואָס די צוואַנג־אַרבעטער האָבן אויסצושטיין נישט נאָר מחמת דער שווערער פּראַצע פֿון באַגינען ביזן אָוונט, נאָר אויך מחמת די פֿיזישע פּײַניקונגען פֿון די נאַצישע באַדריקער, מחמת הונגער, קעלט און ייאוש. די אומגליקלעכע האָבן געבעטן מען זאָל זיי ראַטעווען. איז זיך צוזאַמענגעקומען דער יאַדעווער "יודענראַט", כּדי אויסצוגעפֿינען אַ מעגלעכקייט ווי אַזוי צו ראַטעווען די געפּײַניקטע. אָבער ווי האָט דער "יודענראַט" געקענט העלפֿן די פֿאַרשיקטע, אויב די גאַנצע ייִדישע באַפֿעלקערונג אין יאַדעווע גופֿא האָט זיך געפֿונען אינעם נאַצישן קלעם פֿון שווערע גזירות. און דערצו פֿאַרשלאָסענע אין אַ געטאָ?

דער "יודענראַט", וואָס איז געווען געצוווּנגען אויסצופֿירן יעדע גזירה, איז געווען אומבאַהאָלפֿן און האָט גאָרנישט געקענט טאָן פֿאַר די פֿאַרשיקטע ייִדן.

בײַ אַזאַ מצב האָבֿ איך איבערגענומען די איניציאַטיוו.

צווישן די פֿאַרשיקטע קיין הרוביעשאָוו זענען אויך געווען ייִדן פֿון קאַליש און פּליטים פֿון אַנדערע שטעט, און אַ גרויסער טייל פֿון מײַן משפּחה. האָב איך אויסגעפֿונען אַ מאַן, אַ פֿאָלקסדײַטש, וואָס האָט געאַרבעט אין שטאַב פֿון קיסטנערן, און איך האָב זיך מיט אים באַפֿרײַנדעט. פֿון מײַן פֿריערדיקער דערפֿאַרונג האָב איך שוין געוווּסט, אַז די נאַציס זענען קאָרופּט און אַז פֿאַר שוחד קען מען אַרויסבאַקומען אַ געוויסע פֿאַרלײַכטערונג, אַפֿילו ווען בלויז אויף אַ קורצער צײַט. האָב איך פֿאַר אַלעם איבערגעקויפֿט דעם פֿאָלקסדײַטש, וואָס האָט געאַרבעט בײַ קיסטנערן אין שטאַב, און אים

די נאַציס געהאַט אַן אינטערעס די שטערבלעכקייט צווישן ייִדן זאָל זײַן אַ וואָס גרעסערע. די לאַסט צו היטן דאָס געזונט פון די ייִדן אין יאַדעווע, סײַ פון די אײַנגעזעסענע און סײַ פון די פּליטים, איז געפאַלן אויף די ייִדן גופא. ייִדן האָבן דער מצבֿ אָנגענומען מיט אַ ״גם זו לטובה״, וואָרום קײַן צוואַנג־אַרבעט, ווי אין אַנדערע ייִדישע שטעט און שטעטלעך, האָבן די נאַציס דערווײַל נישט אײַנגעפירט, און די ייִדישע באַפעלקערונג, האָט זיך צוגעפּאַסט צו די נײַע באַדינגונגען, געאַרבעט און געהאַנדלט און געפירט אַ פאַרהעלטנישמעסיק נאָרמאַל לעבן.

אין איינעם אַ טאָג האָט דער ״יודענראַט״ באַקומען אַ באַפעל צו שאַפן אַ געטאָ. מיט אָט דעם באַפעל האָבן זיך אָנגעהויבן שיטן גזירות איינע שאַרפער פון דער צווייטער. די ייִדישע באַפעלקערונג איז אײַנגעקלעמט געוואָרן אין אַ צוואַנג, וואָס מיט יעדן טאָג איז זי געוואָרן קלעמענדיקער און קלעמענדיקער. די רעלאַטיוו רויִקע צײַט האָט זיך לחלוטין פאַרענדיקט.

אין אָט דער תקופה איז פון דעם ״רײַכסאַרבײַטסאַמט״ אַראָפּגעקומען אַ מאַן, וואָס אויסערלעך איז ער געווען זייער ענלעך צו הימלערן. ער איז געווען דער שעף פון דעם אַרבעט־אַמט פאַר דעם גאַנצן וואַרשעווער דיסטריקט. זײַן נאָמען איז געווען קיסטנער.

כאַראַקטעריסטיש פאַר אָט דעם נאַצי איז דאָס וואָס אין דער נאַצישער פאַרטיי איז ער געווען דער 33טער מיטגליד. זײַן מערדערישער פרעסטיזש איז לכן געווען אין לשער. ער איז אַראָפּגעקומען קיין יאַדעווע מיט אַ גרויסער סוויטע אָפיצירן פון די פאַרשיידנערליי נאַצישע פאָרמאַציעס, ווי געסטאַפּאָ, עס־עס, זשאַנדאַרמעריע און געסטאַפּאָ אין שוואַרצע מונדירן מיט טויטנקעפּ אויף די היטלען.

ווי שוואַרצע וואָלקנס זאָגן אָן אַ שטורעם און וואַרפן אָן אַ שרעק, אַזוי האָט דאָס אָנקומען פון דער מענגע נאַצישע אָפיצירן אָנגעוואָרפן אַ שרעק אויף די יאַדעווער ייִדן. באַלד איז געקומען דער ערשטער שטורעם: די נאַציס האָבן געפאַנגען עטלעכע זיבעציק ייִדן און זיי פאַרשלעפט קודם־כל קיין וואַרשע, ווו זיי זענען אָנגעשלאָסן

מאַטעריעלע מעגלעכקייטן געזאָרגט פאַר די שטעטלשע יידן. איך פון מײַן זײַט און פון מײַן אייגענער איניציאַטיוו — און אויך פון מײַן אייגענער קעשענע — האָב אָרגאַניזירט אַן עפנטלעכע קוך. איך האָב אײַנגעקויפט פּראָדוקטן און אָנגעשטעלט, פּרויען, זיי זאָלן קאָכן וואַרעמע שפּײַז פאַר די פּליטים פון די אַרומיקע און אַפילו ווײַטערע שטעט און שטעטלעך — זאָלן זיי כאָטש איין מאָל אין טאָג עסן וואַרעם געקעכץ.

באַלד האָבן די נאַציס באַפוילן דעם ״יודענראַט״ ער זאָל אויפשטעלן אַ יידישן שפּיטאָל. עס זענען געשאַפן געוואָרן מיטלען און דער שפּיטאָל איז אָרגאַניזירט געוואָרן, אָבער קיין יידישער דאָקטער איז אין יאַדעווע נישט געווען. בין איך אַראָפּגעפאָרן קיין וואַרשע זוכן אַ יידישן דאָקטער, וואָס זאָל זײַן גרייט זיך צו באַזעצן אין דעם קליינעם שטעטל. איך האָב אַזאַ דאָקטער געפונען. ער האָט געהייסן גאָלדבערג. אין זיין יוגנט איז ער געווען אַ ישיבה־בחור מיט אַ שטאַרקן דראַנג צו לערענען זיך. האָט ער פאַרלאָזט די ישיבה און זײַן היים און אַוועק קײַן בערלין, ווו ער האָט געלערנט און פאַרענדיקט מעדיצין.

באַלד ווי ד״ר גאָלדבערג האָט זיך איבערגעקליבן קיין יאַדעווע, איז דער שפּיטאָל געעפנט געוואָרן. פּאַציענטן פאַר דעם שפּיטאָל זענען געווען אַ סך מער ווי דער שפּיטאָל האָט געקענט אויפנעמען. דער באַגלייטער פון ענגשאַפט, מאַנגל אין סאַניטאַרע באַדינונגען און נויט, איז אַלע מאָל אין מלחמה־צײַט — דער טיפוס. צווישן די פּליטים פון די אַרומיקע שטעטלעך און במילא אויך צווישן די יידן אין יאַדעווע גופא איז אויסגעבראָכן אַ טיפוס־עפּידעמיע. מיר זענען נישט געווען צוגעגרייט טעכניש און מעדיציניש צו באַהערשן אַן עפּידעמיע אין דעם פאַרנעם ווי זי האָט אויסגעבראָכן, מיר האָבן נישט געהאַט גענוג מעדיקאַמענטן צו ראַטעווען אַלע קראַנקע, אָבער מיר האָבן אָנגענומען אַלע פּראָפילאַקטישע מיטלען די עפּידעמיע זאָל זיך נישט אויסשפּרייטן און די שטערבלעכקייט זאָל זײַן אַ וואָס קלענערע.

אָפּגעזונדערט פון דער נישט־יידישער באַפעלקערונג, האָבן

געשטעלט אַ דײַטשן שאָפער — וואָלגעמוט האָט ער געהייסן — מיט אַ מאַשין. באַוואָרנט מיט אַלע נויטיקע פּאַפּירלעך און שײַנען זענען מיר געפאָרן קיין וואַרשע און געפונען מײַן לאַגער טעקסטיל נאָך נישט אויסגערויבט. איך האָב די גאַנצע סחורה געבראַכט קיין יאַדעווע.

פאַר אָט דער טובֿה האָב איך דעם וואַכמײַסטער דודע באַלוינט מיט ווערטפולע מתּנות און ווי אַ צולאָג אויפגענייט עלעגאַנטע מאַנטלען פאַר אים און זײַן פרוי. דערמיט האָב איך אויך געקויפט דערווײַליקע רויִקייט אין שטעטל.

בײַ אַ געוויסער געלעגנהייט האָט דער שאָפער וואָלגעמוט זיך פאַרטרויט פאַר מיר, אַז אין זײַן איינהייט לײַדט ער צרות דערפאַר וואָס ער איז נישט קיין נאַצי. ער אַליין זעט פאָראויס, אַז די דײַטשן וועלן אין דער מלחמה האָבן אַ גרעסערע מפּלה ווי זיי האָבן געהאַט אין דער ערשטע וועלט־מלחמה, אין 1918. אָבער דערווײַל דערגייען אים די נאַציס די יאָרן. טאָמער וואָלט ער געהאַט אַ העכערן ראַנג, וואָלט עס אין זײַן איינהייט געשטאַרקט זײַן פרעסטיזש אפילו ווען ער איז נישט קיין נאַצי. די זאַך איז מיר אַרײַן אין קאָפּ. אויך פאַר מיר וואָלט בעסער געווען ווען דער מיליטערישער שאָפער וואָס פירט מײַן סחורה פון וואַרשע קיין יאַדעווע וואָלט געווען פון אַן העכערן ראַנג. בין איך אַוועק צו דודען דעם וואַכמײַסטער און אים צוגעזאָגט אַ פוטער־מאַנטל פאַר זײַן פרוי און דערפאַר זאָל ער געבן וואָלגעמוטן אַ העכערן ראַנג. ווי דערשטוינט בין איך געוואָרן ווען באַלד דערנאָך האָט וואָלגעמוט זיך געשטעלט פאַר מיר און מיר געוויזן אויף זײַנע עפּאָלעטן דרײַ בענדלעך; פון אַ געוויינטלעכן זעלנער האָט אים דודע דערהויבן צום ראַנג פון אַן אונטעראָפיציר. ווי אַן אויסדרוק פון דאַנק האָט מיר וואָלגעמוט געבראַכט עטלעכע פלעשער רום, מיר זאָלן טרינקען צוזאַמען. אַזוי ווײַט איז ער מיר דאַנקבאַר געווען, אַז ווען ער איז אַהיימגעפאָרן אויף אורלויב צו די ווײַנאַכטן, האָט ער מיר געבראַכט אַ מתּנה — אַ קוכן, וואָס זײַן פרוי האָט געבאַקן ספּעציעל פאַר מיר...

דער ״יודענראַט״ האָט זיך קאָנסטיטויִרט און ווערדליק זײַנע

דערוווּסט וועגן אָט דער עוולה אין דער צײַט פֿון מײַנעם אַ באַזוך אין ישׂראל, בין איך אַוועק צו די אָנפֿירער פֿון דער יאַדעווער לאַנדסמאַנשאַפֿט און פֿאַר זיי אויפֿגעקלערט דעם אמת: נישט בלויז האָט מאיר זבאַנאָוויטש נישט קאָלאַבאָרירט מיט די נאַציס לרעה די יאַדעוּוער יידן, נאָר ער האָט מיט אַלע זײַנע כּוחות זיך באַמיט נישט אויסצופֿירן די גזירות פֿון די דײַטשן און ער האָט געהאָלפֿן ייִדן ווי ווײַט עס איז געווען מעגלעך אין די שרעקלעכע באַדינגונגען, וואָס האָבן אין יענער צײַט געהערשט.

הײַנט, אין דער פּערספּעקטיוו פֿון די אָפּגעלאָפֿענע צענדליקער יאָרן, איז מיר שווער צו באַנעמען פֿון וואַנען עס האָט זיך דעמאָלט צו מיר גענומען דער גײַסטיקער כּוח אײַנצושטעלן מײַן לעבן און גיין ממש אויף קידוש־השם אין מײַנע באַמיונגען, די יאַדעווער ייִדן זאָל קיין שלעכטס נישט געשען.

ווי איך האָב שוין פֿריִער דערמאָנט זענען די ערשטע דײַטשן אָנגעקומענע קיין יאַדעווע נישט געווען באַזונדער שלעכט צו יידן. אין דער נאַצישער מאַכט־העראַרכיע אין שטעטל האָט זיך געפֿונען איינער אַ וואַכמײַסטער מיט דעם נאָמען דודע. פֿון וואַנען ער האָט געשטאַמט האָב איך נישט געקענט דערגיין. וואָרשײַנלעך איז ער געווען אַן אָלשטינער. איך האָב זיך מיט דעם וואַכמײַסטער באַפֿרײַנדעט ווי ער וואָלט נישט געווען קיין נאַצי, און ס'איז קלאָר אַז די פֿרײַנדשאַפֿט איז נישט געווען קיין פּלאַטאָנישע. ווי אַלע נאַציס איז אויך דודע געווען קאָרופּט ביז אין די ביינער און זײַן קאָרומפּירטקייט האָט מיר צוגעשפּילט.

פֿון פֿאַר דער מלחמה האָב איך אין וואַרשע געהאַט אַ היפּשן לאַגער מאַנופֿאַקטור. אַזוי ווי אין וואַרשע האָבן די נאַציס אויסגערויבט די יידישע געשעפֿטן און מאַגאַזינען, און דער זעלבער רויב־גורל האָט אויך געדראָעט מײַן מאַנופֿאַקטור־לאַגער, האָב איך באַשלאָסן די סחורה צו ברענגען קיין יאַדעווע. אין דעם האָט מיר געהאָלפֿן דער וואַכמײַסטער דודע.

מען דאַרף געדענקען אַז דאָס איז געווען נאָך אין די לעצטע חדשים פֿון דעם יאָר 1939. דודע האָט צו מײַן דיספּאָזיציע

מאיר זבאַנאָוויטש האָט זיך געראַטעוועט בעת דער ליקווידאַציע פון די יאַדעווער ייִדן, וואָס זענען טראַנספּאָרטירט געוואָרן קיין טרעבלינקע. אים, ווי דעם פּרעזעס פון דעם ״יודענראַט״, צוזאַמען מיט דער ייִדישער פּאָליציי, האָבן די נאַציס אָפּטראַנספּאָרטירט אין וואַרשעווער געטאָ.

זבאַנאָוויטש האָט געהאַט אַ זייער שיינע שוועגערין. אויך זי איז געווען אין יאַדעווער געטאָ. האָט זיך אין איר פאַרליבט אַ פּוילישער פּאָליציאַנט — מאָסאַן האָט ער געהייסן. וויַיזט אויס, אַז ער האָט געוווסט פריער וואָס עס גייט געשען מיט די ייִדן, וואָרום פאַר דער ליקווידאַציע האָט ער זי אַרויסגענומען פון געטאָ און זי אויסבאַהאַלטן ביַי זיך. באַלד נאָך דער ליקווידאַציע פונעם געטאָ האָט ער רעזיגנירט פון צו זיַין אַ פּאָליציאַנט און צוזאַמען מיט דער שיינער לאה איז ער אַוועק צו זיַינע עלטערן אין גאַליציע.

סוף חודש דעצעמבער 1942 האָט דער זעלבער מאַסאָן אַרויסגעפירט פון דעם במעט ליקווידירטן וואַרשעווער געטאָ זבאַנאָוויטשן מיט זיַין זון (וואָס לעבט היַינט אין ישראל) און זיי אויסבאַהאַלטן אין אַ קעלער ביַי זיַינע עלטערן.

נאָך דעם ווי די רויטע אַרמיי האָט באַזעצט וואַרשע, דעם 17טן יאַנואַר 1945 (די שטאָט איז געווען פולשטענדיק צעשטערט) איז זבאַנאָוויטש געקומען קיין פּראַגע. ער איז געווען אין גאַנצן געשוואָלן. איך האָב אים גלייַך אַוועקגעפירט אין דעם שפּיטאָל אין יאַדעווע אויף קוראַציע.

דרך אגב, הגם מ. זבאַנאָוויטש איז אַן אָרנטלעכער און סאָלידער מענטש און ער האָט געשטרעקט זיַין לעבן צו פאַרלייַכטערן דעם מצבֿ פון די ייִדן אין יאַדעווער געטאָ, דאָך, ווען ער איז עולה געווען קיַין ישראל צוזאַמען מיט זיַין זון, האָט אַ צוריקגעקומענער פון רוסלאַנד געפירט קעגן אים אַ העץ־קאַמפּאַניע; ער זאָל האָבן קאָלאַבאָרירט מיט די נאַציס לרעה די יאַדעווער ייִדן. אַזוי ווי די אָנפירערשאַפט פון דער יאַדעוווער לאַנדסמאַנשאַפט האָט נישט געהאַט קיין מעגלעכקייט צו פאָרשן וואָס עס איז אמת און וואָס איז שקר, האָט זי זבאַנאָוויטשן אַריַינגעלייגט אין חרם. ווען איך האָב זיך

פּליטים. די פּליטים זענען געקומען בחוסר־כּל און פֿאַרצווייפֿלטע, ווי מען אַנטלויפֿט פֿון אַ פּלוצימער פֿאַרפֿלייצונג אָדער שׂריפֿה.

די קהלה אין יאַדעווע איז פֿון אַלע מאָל געפֿירט געוואָרן פֿון די אָרטאָדאָקסן אויף דעם שטייגער פֿון אַלטע ייִדישע קהילות. קיין איינער פֿון די ראשי־קהל איז נישט געווען פֿעיִק און אויך נישט צוגעגרייט צו רעדן מיט די נײַע הערשער, וואָס האָבן פֿאַר ייִדן געהאַט אַ גאַנץ באַזונדער לשון, פֿון וועלכן הענט און פֿיס זענען אָפּגענומען געוואָרן.

אין איינעם אַ טאָג איז געקומען אַ פֿאַראָרדענונג פֿון דער נאַצישער מאַכט, די ייִדן זאָלן אָרגאַניזירן אַ "יודענראַט". איך בין דעמאָלט אַלט געווען 29 יאָר. דערצויגן אין אַ פֿאַרמעגלעכער משפּחה — און פֿאַרמעגלעכקייט שטאַרקט די זעלבסטזיכערקייט פֿון מענטשן — בין איך דעמאָלט געווען זעלבסטזיכער און ענערגיש. האָבן די פֿאַרזאַמלטע אין דער שול אויסגעוויילט מיך, איך זאָל ווערן דער פּרעזעס פֿונעם "יודענראַט". מײַן שווער זכרונות לברכה, הענעך יאַדאָווסקי, פֿון די אָנגעזעענסטע בעלי־בתּים אין שטעטל, האָט מיך שטאַרק צוגערעדט איך זאָל דעם אַמט אָננעמען. אָבער מײַן אינטויִציע, און אפֿשר אַ זעקסטער חוש האָט מיר געוואָרנט איך זאָל דעם אַמט נישט אָננעמען. איך האָב דעריבער פֿאָרגעשלאָגן, אַז אַ צווייטער ייִד, מאיר זבאַנאָוויטש, זאָל ווערן פּרעזעס פֿונעם "יודענראַט" און ער זאָל זיך צוקלײַבן אַנדערע מיטגלידער צו דער אינסטיטוציע, וואָס וועט פֿאַרטרעטן די ייִדישע באַפֿעלקערונג פֿאַר דער דײַטשער מאַכט.

אין יענער ערשטער צײַט האָט קיינער נישט געהאַט קיין אַנונג וואָס פֿאַר אַן אויפֿגאַבן די נאַציס וועלן אַרויפֿלייגן אויף די "יודענראַטן". מאיר זבאַנאָוויטש (ער האָט איבערגעלעבט די נאַציס און לעבט הײַנט אין רעננה, אין ישׂראל) האָט דעם אַמט אָנגענומען און איך האָב אים צוגעזאָגט אַז ווי מײַנע כּוחות וועלן סטײַען וועל איך אים העלפֿן, און צוזאַמען מיט אַנדערע מיטגלידער פֿון דעם "יודענראַט" וועלן מיר זוכן מיטלען און וועגן צו פֿאַרלײַכטערן דעם גורל פֿון די יאַדעווער ייִדן.

(אויף פויליש: יאַדווו), אַ פופציק קילאָמעטער דערווײַטערט פון דער הויפטשטאָט וואַרשע. יאַדעווע איז אָקופּירט געוואָרן דורך דער 217טער דיוויזיע פון דער ווערמאַכט. די דיוויזיע איז הויפּטזעכלעך באַשטאַנען פון זעלנער, וועלכע האָבן געשטאַמט פון אָלשטין, מזרח־פּרײַסן. די מעסיקע באַציִונג פון די זעלנער האָט פון אָנהייב געשאַפן די אילוזיע, אַז דער טײַוול איז נישט אַזוי שלעכט ווי ער ווערט געשילדערט. אויך די אין שטעטל בולטע דײַטשע אָפיצירן, מאַיאָר פאָן רײַכעל און ריטמײַסטער פאָן באָשווינג, האָבן זיך באַצויגן קאָרעקט צו דער יידישער באַפעלקערונג; זיי זענען איבערהויפט נישט געווען קיין נאַציס. אָבער באַלד דערנאָך איז באַשטימט געוואָרן אַ קאָמענדאַנט פאַר דעם שטעטל, און ער איז געווען אַ ווילדער נאַצי און אַן אכזר. ער האָט אָנגעהויבן אָנטאָן די ייִדן צרות צרורות.

ווען דער מצבֿ פאַר יידן האָט אָנגעהויבן צו ווערן אומדערטרעגלעך, בין איך, דעמאָלט אַ יונגערמאַן, אַוועק צום מאַיאָר פאָן רײַכעל און אים דערציילט וועגן די ווילדקייטן פון סאָקאָלאָסקי, דעם שטאָט־קאָמענדאַנט, קעגן דער פרידלעכער ייִדישער באַפעלקערונג, וועלכער האָט באַפוילן אויף אַרויסצונעמען אַלע ספר־תורהס זיי צו פאַרברענען. פאָן רײַכעל האָט, זעט אויס, זיך איבערגענומען מיט מײַנע שילדערונגען וועגן די צרות וואָס דער שטאָט־קאָמענדאַנט טום אָן די יידן, און ער האָט אים באַזײַטיקט. אויף זײַן פּלאַץ איז געקומען אַ צווייטער, וואָס האָט דערווײַל באַהאַלטן זײַנע נאַצישע נעגל. אַ צײַט איז אין יאַדעווע געווען רויִק — אַ רויִקייט פאַר אַ שטורעם. אין אָט דער רויִקייט האָבן די נאַציס צוגעגרייט אַ ראַפינירטן פּלאַן צו פײַניקן ייִדן, וואָס זײַן מוסטער האָבן מיר דערפילט מיט דעם שטראָם פון פּליטים קיין יאַדעווע פון אַנדערע שטעט און שטעטלעך.

דאָס יידישע שטעטל ווישקאָוו האָבן די נאַציס אונטערגעצונדן און פאַרברענט ביז די פונדאַמענטן. זיי האָבן די אָרטיקע יידישע באַפעלקערונג פאַרטריבן אין מוראדיקע באַדינגונגען. אַפילו פון דעם דערווײַטערן קאַליש זענען קיין יאַדעווע אָנגעקומען ייִדישע

אויף פֿאַר מיר אַליין די פֿראַגע: צי האָב איך טאַקע פּערזענלעך דורכגעמאַכט דאָס אַלץ? צי איז בכלל מעגלעך איין מענטש זאָל דאָס אַלץ האָבן אויסגעהאַלטן און ער איז אַרויס פֿון דעם וועטלויף אַזוי ווי מײַן פֿאָטער האָט מיר באַפֿוילן?

אַ באַוווּסטזײַן דערויף, אַז דאָס אַלץ האָב איך איבערגעלעבט פּערזענלעך און אויף מײַן אייגענעם גוף איז דאָס, וואָס די סיטואַציעס, וועלכע איך האָב איבערגעלעבט, ווערן מיט דער צײַט נישט אָפּגעטעמפּט, זיי בלײַבן אין מיר מיט דער זעלבער שאַרפֿקייט, און זיי קומען מיר אָפּט קאַפּויער מיט דעם כּוח פֿון דערמאָנונג און מאָנונג. זיי לאָזן מיך נישט רוען. און אפֿשר איז דאָס די סיבה וואָס איך ברענג אַרויס מײַנע איבערלעבונגען אויפֿן פּאַפּיר ערשט איצט, נאָך פֿיר צענדליק יאָר?

חדשים פֿאַרן אויסברוך פֿון דער מלחמה האָבן יידן אין די פּוילישע שטעט און שטעטלעך געפֿילט, אַז עס דערנענטערט זיך אַ בלוטיקער שטורעם, וואָרום וועלכער אַנדער פֿאָלק לײַדט אַזוי פֿון מלחמות, ווי עס לײַדן יידן?

געדענקענדיק די דײַטשע אָקופּאַציע אין דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָבן יידן זיך נישט געקענט טרייסטן דערמיט, אַז דעמאָלט איז די באַציִונג פֿון די דײַטשע אָקופּאַנטן צו יידן נישט געווען קיין אַנדערע ווי צו די פּאָליאַקן. דאָס מאָל זענען די דײַטשן געווען דורכגעפּרעסן פֿון דעם נאַצישן גיפֿט, וואָס האָט אויך פֿאַרסמט די פּאָליאַקן, הגם די פּאָליאַקן זענען אַן אָן פֿאַר זיך געווען פֿאַרדאָרבן פֿון זאָאָלאָגישן אַנטיסעמיטיזם. דעריבער האָבן יידן געהאַט אַ גרונט צו שרעקן זיך מער פֿון פּאָליאַקן, כאָטש די פּאָליאַקן האָט געדראָעט די באַלדיקע סכּנה צו פֿאַרלירן די פּאָליטישע אומאָפּהענגיקייט, פֿון וועלכער זיי האָבן גענאָסן קוים אַ צוואַנציק יאָר. איז דער אינוואַזיע־שטורעם פֿון די נאַציס, דעם 1טן סעפּטעמבער 1939, געקומען פֿאַר די יידן אין די פּוילישע שטעט און שטעטלעך ווי אַ מוראדיקע דערשיטערונג.

איך מיט מײַן פֿרוי, העניאַ (פֿון דער היים האָט זי געהייסן יאַדאָווסקאַ), האָבן דעמאָלט געלעבט אין דעם שטעטעלע יאַדעווע

האָב זיך פאַרמאָסטן פיל העכער, ווי מײַן פאָטער, וואָס איז געווען אין דער זעלבער בראַנזשע, אָבער אין קליינעם פאַרנעם.

די מלחמה, וואָס האָט אויסגעבראָכן ערב האַרבסט 1939, האָט צונישט געמאַכט אַלע מײַנע פּלענער און אַלע חלומות. דאָס טראַגישע און גורלדיקע באַשטייט אין דעם וואָס די מלחמה האָט נישט בלויז צונישט געמאַכט חלומות; זי האָט געבראַכט אויף אונדז אַ חורבן, וואָס עס איז נישט אין אונדזערע כּוחות צו באַגרײַפן זײַן פאַרנעם.

אין גאַנג פון דעם חורבן, וואָס האָט אויף טריט און שריט געדראָעט מיט טויט, האָב איך אָנגעהויבן אַ וועטלויף צום לעבן, וואָס קיין שום ילוד אשה האָט, שײַנט מיר, אַזאַ נישט דורכגעמאַכט.

* * *

מער פון פיר צענדליק יאָר זענען אַוועק זינט איך האָב אָנגעהויבן דעם וועטלויף צום לעבן. איך האָב נישט דעם מינדסטן ספק, אַז דער וועטלויף איז מיר סטימולירט געוואָרן דורך דעם פּײַערלעכן אָנזאָג פון מײַן פאָטער זכרונו לבּרכה, וואָס האָט מיר באַפוילן אַזוי:

"זון מײַנער, זײַ שטאַרק כּדי איבערצולעבן און דערלעבן היטלערס מפּלה. און זאָלסט געדענקען וואָס איך זאָג דיר אָן: טאָמער וועסטו האָבן אַ שוואַכן קעגן זיך — לאָז אים געווינען, נאָר טאָמער וועט קעגן דיר שטיין אַ שטאַרקער, זאָלסטו זײַן שטאַרקער פון אים".

אָט דער אָנזאָג האָט מיך באַגלייט אַלע יאָרן זינט איך האָב זיך געזעגנט מיט מײַן פאָטער, און דער מאָראַלישער אויסקלאַנג פון דעם אָנזאָג באַוועגט אַלע מײַנע מעשׂים ביזן הײַנטיקן טאָג. וואָרום ווי דען אַנדערש איז געווען מעגלעך איך זאָל דורכמאַכן דאָס אַלץ וואָס איך האָב דורכגעמאַכט אונטער דער נאַצישער אָקופּאַציע פון פּוילן אין די מלחמה־יאָרן 1939 — 1945?

ווען איך קער זיך אום צו מײַנע איבערלעבונגען און אומצאָליקע לעבנס־געפערלעכע אַוואַנטורעס אין אָט די גורלדיקע יאָרן, קומט־

# דער וועטלויף צום לעבן

נײַן קינדער זענען מיר געווען בײַ אונדזערע עלטערן — פינף זין און פיר טעכטער. מיר זענען דערצויגן געוואָרן אין טיפער פרומקייט, מיט פּאַטריאַרכאַלער דיסציפּלין און מיט דעם באַוווּסטזײַן, אַז סײַ פון דעם טאַטנס צד און סײַ פון דער מאַמעס צד זענען מיר פון רבנישן יחוס, און דאָס איז מחייב צו זײַן אָרנטלעך, זײַן אָפּגעהיט אין דער מאָראַל און עטיק. מײַן פאָטער איז געווען אַ תּלמיד־חכם, וואָס יידן זענען געקומען צו אים פרעגן עצהס סײַ אין ענינים פון משפּחה און סײַ אין ענינים פון פּרנסה. אַן עצה פון ר׳ משה פּיעקאַרסקי איז געווען זייער וויכטיק.

דער פאָטער משה, האָט געשטאַמט פון אַ ברייט־פאַרצווײַגטער פאַמיליע אין שעדלעץ, און די מוטער, אסתר גיטל, איז געווען אַ טאָכטער פון אַ ברייט־פאַרצווײַגטער משפּחה אין סאָקאָלאָוו. פון הונדערטער קרובים — פעטערס, מומעס, קוזינעס, שוועסטערקינדער און גליד־שוועסטערקינדער זענען מיר נאָך דעם חורבן, וואָס די נאַציס האָבן אויף אונדז געבראַכט, געבליבן איינציקע. אין יאָר 1935 האָב איך חתונה געהאַט מיט העניאַ יאַדאָווסקאַ, וואָס אויך זי איז געווען אַ טאָכטער פון רבינישן יחוס.

מיט אַ גוטן נאָמען, מיט יחוס און דערצו פאַרמעגלעך, האָב איך מיט שוווּנג אָנגעהויבן בויען מײַן צוקונפט אין דער מאַנופאַקטור־בראַנזשע, אין וועלכער איך בין שנעל געוואָרן אַ ספּעציאַליסט. איך

עס איז קוים צו גלויבן, אַז דאָס אַלץ וואָס פּיעקאַרסקי דערציילט אינעם בוך, האָט איבערגעלעבט איין מענטש אין קאָשמאַרע פֿינף יאָר אין געטאָ, אין באַהעלטענישן, אין פּריצישע הײַף, און מיט זיך ראַטעוועט ער זײַן פֿרוי און שוועגערין. צו זײַן גויִיש פּנים ווערט ער אַ קריסט אויף פֿאַלשע פּאַפּירן — ווערט אַ דאָקטער לעוואַנדאָווסקי — און זײַן פֿרוי און שוועגערין ווערן גויִהס מיט אַנדערע נעמען. צום סוף, נאָך אומאויפֿהערלעכע סכּנות, ראַטעווען זיך די דרײַ קיין וואַרשע צו אַ קריסטלעכער פֿאַמיליע, ווו דאָס לעבן באַשטייט פֿון בלויז געפֿאַרן.

מיטן אויסברוך פֿון דעם פּוילישן אויפֿשטאַנד אין וואַרשע, ווערט יצחק אָפּגעזונדערט פֿון זײַן ווײַב און שוועגערין — זיי ווערן פֿאַרשיקט, און ער הייבט אָן צו לעבן אַ "נײַ" לעבן פֿון סכּנות נפֿשות און פֿון אַן אַוואַנטוריזם וואָס איבערשטײַגט יעדע פֿאַנטאַזיע. ער ווערט לסוף פֿאַרטראָגן אין דער פּראָווינץ צווישן שיכּורים און גלחים, צווישן נאַצישע אָפֿיצירן און סיטואַציעס וואָס זענען גוטע טעמעס פֿאַר הומאָרעסקעס...

יצחק פּיעקאַרסקי האָט אויסגעפֿאָלגט די צוואה פֿון זײַן טאַטן צו דערלעבן און איבערלעבן די נאַציס. און נאָך דעם ווי די דײַטשן ווערן פֿאַרטריבן פֿון פּוילן און די סאָוויעטן פֿאַרנעמען זייער פּלאַץ — הייבט זיך אָן אַ נײַ קאַפּיטל, אין וועלכן עס איז נויטיק די זעלבע וויטאַליטעט און דערפֿינדערישקייט, כּדי צו לעבן, הגם אָן יענע קאָשמאַרע סכּנות.

דאָס בוך "דער וועטלויף צום לעבן" איז פֿון געוואַלדיקער וויכטיקייט. אומדירעקט גיט דאָס בוך אָן ענטפֿער די יידישע רשעים. וואָס האָבן אויסגעטראַכט דעם בלבול, אַז יידן זענען געגאַנגען צו דער שחיטה ווי שעפּסן. די יצחקס, די אברהמס און די דודס פֿון די שטעט און שטעטלעך אין מזרח־אייראָפּע האָבן געפֿירט אַ העלדישע מלחמה, וואָס געהער צו די דערהויבנסטע קאַפּיטלעך אין אונדזער גאַנצער געשיכטע.

**מ. צאַנין**

דערציילן פאַר יעדן וואָס איז גרייט געווען צו הערן זײַן אָדיסעע. זײַנע איבערלעבונגען האָבן אַרויסגעשפּאַרט פון אים, ווי אַ קוואַל וואָס זוכט אַן אַרויסגאַנג צו דער אויבערפלאַך פון דער ערד. אָן שום ספק האָט זײַן אָפּט איבערחזרן זײַנע איבערלעבונגען בעל־פּה — אויסער זײַן פענאָמענאַלן זכּרון — גורם געווען ער זאָל געדענקען נעמען, דאַטעס און קוריאָזן (צוזאָמען מיט הומאָר, ווי עס איז דער שטייגער אין טראַגישע פאַלן).

יצחק פּיעקאַרסקי, אַ געבוירענער אין סאָקאָלאָוו פּאָדליאַסקי, איז אַ זון פון עקסטרעם־פרומע עלטערן און פון דורות תּלמידי חכמים. ביז 19 יאָר האָט ער געטראָגן אַ לאַנגע קאַפּאָטע און אַ קײַלעכדיק יידיש היטל. ווי די מערהייט סאָקאָלאָווער יידן האָט ער גערעדט אַ פעלערהאַפטן פּויליש, מחמת דאָס יידישע לעבן האָט זיך קולטורעל נישט צוזאַמענגעטראָפן מיט די פּאָליאַקן פון דעם שטעטל. אָבער יצחק פּיעקאַרסקי איז געקומען אויף דער וועלט מיט אַ פּנים, וואָס שפּעטער, אונטער דער אָקופּאַציע פון די נאַציס, איז עס געווען אַ סגולה און אַ ברכה — אַ פּנים פון אַ גוי. אויב ער האָט, דער שד ווייסט פון וועלכע עלטערזיידעס צי עלטערבאָבעס, גענעטיש געירשנט זײַן סלאַוויש פּנים, האָט ער פון זײַנע אַנדערע זיידעס און באָבעס געירשנט שטאַרקע יידישע וויטאַליטעט, לעבנס־חכמה און די אויסערגעוויינטלעכע פעיִקייט זיך אויסצוגעפינען אין דעספּעראַטיווע סיטואַציעס. ער איז אויך געבענטשט מיט דער אינטויִציע, וואָס מיר רופן אָן "זעקסטער חוש".

אָט דאָס חסידישע בחורל, ווי נאָר עס האָט זיך אײַנגעבראָכן דער נאָרמאַלער יידישער שטייגער לעבן אונטער דער נאַצישער אָקופּאַציע, האָט ער זיך גלײַך איבערגעשטעלט אויף די רעלסן פון נײַ־געשאַפענעם מצבֿ און געוואָרן אַ שליח צבור.

דער יונגיטשקער יצחק פּיעקאַרסקי געפינט די מיטלען און דאָס לשון צו רעדן מיט פאַנאַטישע נאַציס, צי מיט ווילדע, פּרימיטיווע אוקראַינער, און מיט דער הילף פון שוחד באַקומט ער פון זיי אַרויס — ווען אַפילו בלויז אויף אַ מינוט — אַ פונק פון מענטשלעכקייט.

דעם ווי די געטאָס זענען ליקווידירט געוואָרן און די ייִדישע מאַסן זענען אומגעבראַכט געוואָרן.

די מערהייַט פון די הונדערטער ביכער אויף דער טעמע פֿור־נעם חורבן באַשרייַבט דאָס געפייַניקטע לעבן און דעם אומקום אין די געטאָס, אין די קאָנצענטראַציע־ און פאַרניכטונג־לאַגערן, ביַי עבודת פרך; זיי באַשרייַבן די אכזריות פון די נאַציס און פון די קריסטלעכע (צו אונדזער חרפה אויך יידישע) עלעמענטן וואָס האָבן קאָלאַבאָרירט מיט די נאַציס — אוקראַאינער, פּאָליאַקן, לעטן, עסטאָנער און ייִדישע מיליציאַנטן. זייער ווייניק פון די הונדערטער ביכער דערציילן וועגן דעם לעבן פון ייִדן אויף דער אַזוי גערופענער אַרישער זייַט. דער אויסשפּאַן פון דער קליינער צאָל ביכער איז אַ באַגרענעצטער אין שטח; זיי דערציילן וועגן יידישע ציגערייַטען־און בלומען־פאַרקויפער, וועגן דער טעטיקייט פון די ייִדישע שליחים פון דער ייִדישער אונטערגרונד־באַוועגונג אין די געטאָס אויף דער פוילישער זייַט, וועגן ייִדישע פרויען מיט ״גוטע פּנימער״, וואָס האָבן זיך איינגעאָרדנט אויף דער פוילישער זייַט אָן, חלילה, צו עקספאָנירן זייער לעבן.

אָן שום גוזמה האָבן טויזנטער ייִדן מיט ״גוטע־ פּנימער״ געפרוּווט זיך ראַטעווען אויף דער אַרישער זייַט און זיי האָבן געפירט אַן אַקטיוו־פאַרצווייפלטן געראַנגל איבערצולעבן. די ווייַט גרעסטע מערהייַט פון אַזעלכע ייִדן איז אומגעקומען, די לעבנגעבליבענע האָבן נישט געהאַט די מעגלעכקייט אַרויסצוברענגען זייער אינדיווידועלע מלחמה אין בוך־פאָרם.

איינער פון אָט די יחידים, וואָס האָט איבערגעלעבט און דערלעבט, איז דער מחבר פון דעם בוך וואָס ליגט פאַר אונדז — ״דער וועטלויף צום לעבן״ — יצחק פּיעקאַרסקי.

ערשט מיט פערציק יאָר שפּעטער ווי ער האָט איבערגעלעבט זייַן וועטלויף צום לעבן האָט ער זיך אָנגעגורט מיט כּוח און אַרויסגעבראַכט אין שריפט זייַן אינדיווידועלע מלחמה, אַ מלחמה וואָס איבערשטייַגט יעדע מענטשלעכע פאַנטאַזיע. במשך די פערציק אָפּגעלאָפענע יאָרן האָט פּיעקאַרסקי נישט אויפגעהערט צו

# אַרײַנפיר

װעגן דער אַפּאָקאַליפּטישער תּקופֿה — סעפּטעמבער 1939 — מײַ 1945 — װאָס האָט גורם געװען דעם ייִדישן פֿאָלק דעם גרעסטן חורבן אין זײַן געשיכטע, זענען ביז איצט געשריבן געװאָרן הונדערטער ביכער: מאָנאָגראַפֿיעס, אינדיװידועלע זכרונות, אין יזכּור־ביכער פֿון לאַנדסמאַנשאַפֿטן פֿון חרובֿ־געװאָרענע קהילות, און אױך קאָלעקטיװע באַריכטן, שילדערונגען און גבֿית־עדות, װי "דאָס שװאַרצע בוך" און דאָס לעצטנס דערשינענע בוך "אַזױ איז עס געשען" פֿון דער פֿאַרבאַנד פֿון די בערגען־בעלזענער אין ישׂראל.

אײַנגעקלעמט אין געטאָס, צװישן אַ פֿײַנטלעכער נישט־ייִדישער באַפֿעלקערונג װאָס איר מערהייט האָט אַקטיװ און פּאַסיװ קאָלאַבאָרירט מיט די נאַציס קעגן די ייִדן; אײַנגעקלעמט אין אַרבעט־ און קאָנצענטראַציע־לאַגערן אױף אומצוברענגען די ייִדן; פֿאַרגעסענע פֿון דער פֿרײַער װעלט און פֿאַרגעסענע אױך פֿון די ייִדן אין די פֿרײַע לענדער, איז די מיליאָנען ייִדן אונטער דער נאַצישער אָקופּאַציע כּמעט נישט געבליבן קײן שאַנסן איבערצולעבן. אױב באַװאָפֿנטע אַרמייען פֿון סוװערענע מדינות זענען געפֿאַלן אונטער דעם נאַצישן כּח װי זאַנגען אונטער דער שאַרף פֿון אַ סערפּ — װי האָבן אומבאַװאָפֿנטע און באַלאַגערטע ייִדישע ישובֿים געקענט זיך קעגנשטעלן דער נאַצישער מאָרד־מאַשין?

אױב ייִדן זענען אױפֿגעשטאַנען קעגן די נאַציס אין טרעבלינקע, אין אױשװיץ, אין בירקענאַו, אין װילנע, אין ביאַליסטאָק, אין װאַרשע, אין בעלזשעץ און אין אַנדערע פּלעצער, האָבן זײ זײער העלדישן קאַמף געפֿירט אָן דער מינדסטער אילוזיע אַרױסצוקומען פֿון דעם קלעם. דער קאַמף און געראַנגל איבערצולעבן איז דערױבער געװען אַן אינדיװידועלער, פֿון קלײנע גרופּן און יחידים איבערגעבליבענע פֿון פֿאַרצװײַגטע משפּחות, נאָך

געהייליקט דעם אָנדענק פון מײַן פרוי העניאַ
און מײַנע עלטערן משה און אסתּר־גיטל ז״ל

## יצחק פיעקאַרסקי

# דער ווערטלויף צום לעבן



ה. לייוויק־פאַרלאַג
בײַם פאַראײן פון יידישע שרײַבער און זשורנאַליסטן אין ישראל
תל־אביב — 1988 — תשמ״ח

